# יזכור-בוך

## צום אנדענק
## פון 14 אומגעקומענע
## פאריזער יידישע שרייבער



רעדאַקטירט פון : י. ספּעראַ, ג. קעניג, מ. שולשטיין און ב. שלעווין

פארלאג אויפסניי - פאריז

1 9 4 6

ארויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון יידישן
פּראָטערנאַלן פאָלקס־אָרדן אין אַמעריקע.

געדרוקט אין 3000 עקזעמפּלאַרן אין דער
דרוקעריי פון דער „נייע פּרעסע", 14 רי דע
פּאַראַדי. דירעקציע — ב. קעסלער. פּאַראַנט־
וואָרטלעכע ליטונג — מ. דרוקער. געזעצט
— ז. העלפּגאָט, צבי לעווינסקי, י. פּעוזנער,
ב. קאַץ. מיזאַנפּאַזש — א. ראָזענצווייג.



Imprimerie S.I.P.N., 14, rue de Paradis, Paris




צייכענונג פון מארק שאגאל

# יזכור

אהרן בעקערמאַן

מאיר דזשאַלאָווסקי

עוזר װאַרשאַװסקי

ברוך װינאָגורא

װ. װיעװיאָרקע

מוניע נאַדלער (גאַליציין)

ט. עלסקי (לייבל טראָיאַנאָװסקי)

דוד פּליסקין

יאָסל צוקער

י. ש. צענדראָף

חנה קאָװאַלסקא

כלאָװנע קאַגאַן

דוד קוטנער (אהרן סקראָבעק)

יאַנקל שפּאַן (שיפּמאַן)



מוניע נאַדלער, אָרגאַניזאַטאָר און סעקרעטאַר פון אומלע־
גאַלן יידישן שרייבער־פאַרבאַנד בעת דער דייטשער אָקו־
פּאַציע, אָנפירער פון דער אַלגעמיינער ווידערשטאַנד־אָר־
גאַניזאַציע פון דער יידישער אינטעליגענץ, רעדאַקטאָר
פון די אומלעגאַלע יידישע אויסגאַבעס. פאַרמשפּט צום
טויט און דערשאָסן דורך די דייטשן אין פּאַריז, דעם 10־טן
אויגוסט, 1942.



וו זענט איר, פריינט, פאַרשווונדענע פון מיינע אויגן ?
קיין קלאַנג, קיין סימן קומט נישט מער פון אייך צוריק.
ס׳האָט נאָך קיין שפּינוועבס אייער אָנדענק נישט פאַרצויגן,
און אין מיין האַרץ פאַרגייט נישט קיינמאָל אייער בליק.

ס׳קומט יעדע נאַכט באַגלייטן מיך צו מיין געלעגער
איך הער, ער פאָרט אַריבער יעדע נאַכט מיין גוף,
וואָס ווידערקולט, אַ לעצטער, ערגעץ אונטערוועגנס ;
דער צוג, וואָס האָט אייך אָפּגעפירט. איך הער זיין רוף,

מיין בעט איז ווייס. זיין ווייסקייט רעגט מיך און באַליידיקט,
און אָפּט, פאַרוואַנדלט זיך אין שוואַרצקייט פון אַ גרוב.
ס׳ווערט פול דאָס אויג און ס׳האַרץ אָן אייך איז ליידיק,
ווי אויסגעליידיקט, פּוסט ס׳איז איצטער אייער שטוב . . .

ס׳איז אָפּט אַ תהום, אַ שוואַרצער תהום מיין ווייסער קישן,
עס קוקט מיין זוכנדיקער בליק אין אים אַראָפּ, —
ער פּרווט דעם שטח צווישן מיר און אייך פאַרווישן.
דורך אָפענער מחיצה זינקט צו אייך מיין קאָפּ.

איך גיי אין שטאָט. עס לייכטן שויפענצטער פילבלענדיק.
און איך — איך זע נאָך אַלץ דעם פלאַם אַרום געביין.
פון פריילעכע קאַפייען הילכט מוזיק, ווי שטענדיק
און איך — איך הער נאָך אַלץ געשרייען פון פאַרגיין.

אין גאַסן גיי איך וו איר זענט אַמאָל געגאַנגען,
ס׳איז יעדע מויער דאָ מיר היימיש, אַלט-באַקאַנט :
ס׳באַהאַלט דער ברוק דעם קלאַנג פון טריט, שוין לאַנג פאַרגאַנגען.
ביי טירן בלייב איך שטיין. ס׳וויל אָנקלאַפּן מיין האַנט . . .

די קליאַמקע גליט אין מיינע פינגער. ס׳גלעקל יאָמערט.
כ׳הער אומבאַקאַנטע שטימען דאָרט, עס קלינגט געשיר.
נאָר איך, וואָס טו איך דאָ ? — איך ווייס, איר זענט נישטאָ מער,
כאָטש ווי געוועזן איז די גאַס, דאָס הויז, די טיר.

כ׳אַנטלויף. ס׳לויפט נאָך די גאַס ביז אין די ווייטסטע גאַסן,
אויך זייער שיין פאַרטונקלט אייער שאָטן גלייך.
כ׳דערמאָן אייך אין מיין צער, מיין ליבשאַפט און מיין האַסן,
און אויך אויף סעודות פריילעכע דערמאָן איך אייך.

כ׳רוף אייך פון פייערן אַרויס, פאַרלאָשענע געשטאַלטן,
און פאַרכטיק־שטיל איר גייט מיט מיר אויף יעדן וועג.
כ׳האָב אין מיין האַרץ פון אייער פלאַם אַ פלעמעלע באַהאַלטן —
ס׳זאָל זיין דאָס יאָרצייט־ליכט און ס׳ליכט פון מיינע טעג.

פאַריז, 1945

**משה שולשטיין**

# הקדמה

מיט דעם דאזיקן יזכור־בוך זענען מיר אויסן צו שטעלן א באשיידענעם דענקמאל פערצן עלטערע און ייגגערע אומגעקומענע יידישע שרייבער, וואס האבן געלעבט און געשאפן אין פאריז. זיי זענען אין די גרויזאמע אקופאציע־יארן, צוזאמען מיט אלע פארפאלגטע יידן, וואס האבן געטראגן די געלע לאטע אויף דער ברוסט, געגאנגען דעם לעצטן מארטירער־וועג פון אומקום. מיט זיי האט דער יידישער ישוב אין פאריז צווישן ביידע וועלט־מלחמות אפגעשלאסן א הערואיש קאפיטל פון גרויסער אנשטרענגונג אויפצוהאלטן און איבערצופלאנצן אביסל יידישקייט פון אונדזערע אלטע היימען אויפן שטיינערדיקן באדן פון דער עמיגראציע. זיי האבן דידאזיקע שליחות זייערע אויך אויסגעפירט אין די סאמע פינצטערע טעג פון נאצישן יאך, אין דער אונטערערדישער ווידערשטאנד־באוועגונג און אין די אינטערנירונג־לאגערן, ווו זיי זענען געווען פארשפארט.

עס האבן צווישן ביידע וועלט־מלחמות א סך יידישע שריפטשטעלער פון עלטערן דור געלעבט און געשאפן אין פאריז. אבער פראנקרייך איז קיינמאל נישט געווען פאר זיי קיין באשטענדיק וווין־ארט, נאר בלויז א דורכוואנדער, א וואקזאל, א צייטווייליקער אזיל. זיי האבן דעריבער נישט געלעבט מיט די טאג־טעגלעכע דאגות פונעם יידישן פאלקס־מענטש, פונעם יידישן ארבעטער, וואס האט זיך דא, אין דער פרעמד, שווער אויסגעקעמפט אן עקזיסטענץ און גענומען זיך איינווארצלען.

צוזאמען מיטן עמיגראציע־שטראם, אין די יארן באלד נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען זיי, די אומגעקומענע שרייבער, איינער נאכן אנדערן מיטגעבראכט געווארן אהער, אויפן פאריזער וועלט־יאריד, און באלד געשטעלט זיך מיט זייער מאנענדיק ווארט אין דינסט פון אונזערע קולטור־אינסטיטוציעס. אליין אין גרעסטן טייל ארבעטער, זענען אט די שרייבער־עמיגראנטן געווען מיט טויזנטער פעדים פארבונדן מיט די יידישע פאלקס־מאסן. דאס האבן זיי דידאזיקע קולטור־אינסטיטוציעס, צוזאמען מיט דער פראגרעסיווער ארבעטער־אינטעליגענץ, געהאלפן בויען און אויסברייטערן. ס׳איז אויסגעוואקסן א ביבליאטעק, א קלוב, א כאר, א דראמאטישע סטודיע, א צייטונג, ס׳איז געשאפן געווארן א לעבעדיקע יידישע אטמאספער ארום דידאזיקע אינסטיטוציעס.

אינעם טאן פון זייער שאפן האט ביסלעכוויז ביי די שרייבער אנגעהויבן דאמינירן די פאריזער מיליע, כאטש זיי זענען קיינמאל נישט געהאט ווייט אוועק פון דער איינגעבאקענער לאנדשאפט אין זייער היימלאנד. אמת, ווי אין אלע אימיגראציע־לענדער, זענען זיי אויך דא געווען נישט מער ווי א טיילעכל פון דער גרויסער יידישער קולטור אין מזרח־אייראפע. זיי זענען נאך אפשר נישט געווען קיין ג א נ צ ע פאריזער שרייבער, נאר יידישע שרייבער, וואס האבן געלעבט אין פאריז.

באהויכט מיט די גרויסע פרייהייטס־טראדיציעס פון פראנצויזישן פאלק און מיטבאטייליקט אין זיין קאמף, זענען זיי געווען שרייבער־קעמפער, שרייבער־בויער.

אין ליד, אין פראזע און אין פובליציסטיק איז דורך אט דער גרופע שרייבער אפגעשפיגלט געווארן סיי די אינערלעכע צעריסנקייט פונעם עמיגראנט און סיי דער פרווו איינצוווארצלען זיך דא; ס׳האט זיך אפגעשפיגלט אין זייער שאפן דער נייער, געמישטער יידישער שטייגער, וואס איז פון דער אלטער היים אפגעריסן געווארן און איז נאך צו דער נייער נישט דערגאנגען. צי איז עס נישט דער כאראקטעריסטישער לייט־מאטיוו פון יידישן שאפן כמעט אומעטום, אין אלע אימיגראציע־לענדער?

אין די ערשטע יארן פלעגט די שרייבער־גרופע האבן אירע צוזאמענטרעפן אין פאפולערן ארבעטער־קלוב „קולטור־ליגע”, אויף לאנקרי 10. דארט האבן זיי געפירט א געשלאסענע ארבעט פון פארלעזונגען, רעפעראטן און ליטעראריש־פאליטישע דיסקוסיעס.

זייערע שאַפונגען האָבן זיי כסדר פאַרעפנטלעכט אין דער אַרבעטער־פּרעסע. אַרום 1932 האָבן זיי געמאַכט פּרוּוון אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם פּעריאָדישן זשורנאַל „רויטער מײַרעוו". עס זענען דערשינען בלויז 2 נומערן. צו דער זעלבער צײַט האָבן די שרײַבער געדרוקט זייערע ווערק אין די פאַרשידענע יידישע צײַטשריפטן אין אייראָפּע און אין אַמעריקע. מיטן אָנהייבן צו דערשיינען פון דער „נייע פּרעסע", אין יאַנואַר 1934, האָבן זיי זיך ענגער גרופּירט אַרום דערדאָזיקער צײַטונג. די „נייע פּרעסע" האָט זיי פאַרגעשטעלט פאַר אַ ברייטערן לייענער־קרײַז, געדרוקט זייערע ווערק און זיי באַטראַכט ווי אַ קאַדער פון בויער און מיטאַרבעטער.

אָבער די ראַמען פון דער טאָג־פּרעסע זענען אַלעמאָל צו ענג געווען פאַר דער אימפּולסיווער גרופּע שרײַבער, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אויף גרעסערע אַרבעטן. אַרום 1935 איז געמאַכט געוואָרן דער צווייטער פּרווו צו שאַפן אַן אייגענעם, באַשטענדיקן אָרגאַן, דעם „פּאַריזער זשורנאַל". דאָס געהער אָן שום ספק צו דער פּרוקטבאַרסטער עפּאָכע פון דערדאָזיקער גרופּע שרײַבער. דער פּעריאָד פאַלט זיך אויך צונויף מיטן צוזאַמענרופן דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז. פון 1935 ביז 1938 זענען דערשינען ביי אַ 15 נומערן „פּאַריזער זשורנאַל". אין משך פון דער צײַט זענען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן ביי אַ צענדליק ביכער און דאָס יידישע קולטור־פּאַריז איז דערמיט פאַרצייכנט געוואָרן ווי אַ פּונקט אויף דער לאַנדקאַרטע פון גרויסן יידישלאַנד.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט די פּאַריזער יידישע שרײַבער־גרופּע געטראָפן אין פולן פּונאַנדערבלי ; אינצווישן איז זי אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט נייע קרעפטן, וואָס זענען אַריבערגעקומען אַהער פון האַלב־פאַשיסטישן פוילן.

מיט דער ערשטער מאָביליזאַציע זענען פיל פון די שרײַבער אַוועק צוזאַמען מיטן פראַנצויזישן פאָלק קעמפן קעגן דייטשן פאַשיזם. די איבעריקע זענען פאַרבליבן אין פראַנקרייך און אונטער דער היטלערישער אָקופּאַציע פאַרגעזעצט דעם קאַמף קעגן שונא, געאַרבעט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און פאַרשפּרייט דאָס אומלעגאַלע קעמפערישע יידישע וואָרט.

אונדזער זאַמלונג איז נישט בלויז אַן אַרבעט פון שרײַבער געווידמעט זייערע אומגעקומענע קאָלעגן, מיר האָבן אײַנגעלאַדן זיך צו באַטייליקן אין דעם בוך מענטשן פון פאָלק, וואָס זענען ביי פאַרשידענע באַדינגונגען מיטגעגאַנגען דעם ליידן־וועג פון די אומגעקומענע און שטיצנדיק זיך אויך אויף זייערע גבית־עדות, זכרונות, האָט אונדזער בוך געקענט אויסוואַקסן. אָבער נישט וועגן אַלע שרײַבער האָבן מיר געקענט אָנזאַמלען דעם פולקאָמען און גענוגנדן מאַטעריאַל, ווייל נאָך פיל פון די שרײַבער איז אַפילו קיין משפּחה־מיטגליד נישט פאַרבליבן.

געוויס איז מיט דאָזיקן יזכור־בוך דער חוב פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט לגבי די 12 שרײַבער פון דער גרופּע און לגבי די שרײַבער עוזר וואַרשאַווסקי און ח. וועוויאָרקע, נאָך ווייט נישט אָפּגעצאָלט. עס בלײַבט אונדזער הייליקע אויפגאַבע צו זאַמלען אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו זייער לעבן און שאַפן, צונויפשטעלן די פולע ביאָגראַפיעס, ביבליאָגראַפישע רשימות און אַרויסגעבן זייערע ווערק.

דער שונא האָט זיך פאַרמאָסטן צו פאַרניכטן אונדזער גאַנצן קולטור־שאַפן און זיינע טרעגער, אָבער זיין חיהשע כונה איז נישט אינגאַנצן דערגרייכט געוואָרן. די לעבן־געבליבענע שרײַבער אַרבעטן ווייטער מיט דער גרעסטער עקשנות להכעיס אַלע טויט־פיינט פון יידישן פאָלק און פון דער יידישער קולטור.

באַערנדיק דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע שרײַבער, לאָמיר ווייטער אויפהאַלטן און פאַרזעצן אונדזער פּראָגרעסיווע יידישע קולטור און דערמיט אויספירן די מיט בלוט געשריבענע צוואה זייערע.

רעדאַקציע

פּאַריז, סעפּטעמבער, 1946.

ג. קעניג

# דער פּאַריזער יידישער שרייבער־פאַרבאַנד ביז צו דער מלחמה

דער בשותּפותדיקער טראַגישער גורל איז ווייט נישט דער איינציקער שטריך, וואָס פאַראייניקט זיי, די שרייבער און דיכטער, וועמען דאָסדאָזיקע בוך איז געהייליקט. זייער וועג אין לעבן איז געווען אַ געמיינזאַמער. לאַנגע יאָרן האָבן זיי געלעבט, געשאַפן און געקעמפט צוזאַמען. יעדער איינער פון זיי האָט זיך אויסגעטיילט לויטן עלטער, לויט זיין שאַפן־געביט, לויט זיינע פעאיקייטן, פאַרנעם און מעגלעכקייטן, לויט זיין אָפּשטאַם און לויט זיין איינגעוואָרצלטקייט אין דער נייער היים; זיי אַלעמען האָט געבונדן די גלייכע ליבע צום יידישן וואָרט, דערזעלבער גלויבן און ווילן אויסצובויען אַ פּראָגרעסיוון, קולטורעלן יידישן ישוב אין פראַנקרייך; זיי אַלעמען האָט באַפליגלט דער זעלבער פלאַמיקער אידעאַל פון סאָציאַלן יושר, פון אַ נייער, גערעכטער וועלט.

זיי זענען געווען פּאַריזער שרייבער. זיי האָבן זיך אַנטוויקלט און אויסגעוואַקסן אויפן שווערן באָדן פון דער פּאַריזער אימיגראַציע. זיי האָבן געלעבט צווישן די יידישע פאָלקס־מאַסן, געשעפּט פון זיי זייער יניקה, צווישן זיי און פאַר זיי גע֫בויט און געשאַפן.

זיי האָבן זיך גרופּירט ארום די פּראָגרעסיווע יידישע אָרגאַניזאַציעס און אויסגאַבעס, ארום דער קולטור־ליגע, ארום דער טאָגצייטונג „נייע פּרעסע”, אַרום זייער אָרגאַן „פּאַריזער זשורנאַל. אין אָט די אַלע אינסטיטוציעס און אויסגאַבעס האָבן זיי זיך צונויפגעטראָפן, האָבן אינאיינעם געקעמפט. און אין אָט דעם קאַמף, באַהויכטע פון דיזעלבע גרויסע אידעאַלן, זענען זיי געפאַלן, האָט די גרויזאַמע האַנט פון שונא זיי פאַרשניטן.

דאָס בילד פון יעדן שרייבער באַזונדער וועט זיך דעריבער נישט באַקומען קלאָר, אויב מיר וועלן אים נישט זען אַלס אַ טייל פון אַ קאָלעקטיוו, אויפן פאָן פון פראַנצויזיש־יידישן ישוב, אויפן פאָן פון אַלגעמיינעם און פון יידיש-אימיגראַנטישן לעבן אין פראַנקרייך צווישןביידע וועלט־מלחמות.

דער שטאַרקער אימיגראַציע־שטראָם קיין פראַנקרייך האָט נאָכן ערשטן וועלט־קריג געבראַכט אַהער צענדליקער טויזנטער יידן פון פוילן, פון רומעניע, פון די באַלטישע לענדער. צווישן אָט די אימיגראַנטן — געטריבענע דורך נויט און אַנטיסעמיטיזם — האָבן אַ חשוב אָרט פאַרנומען באַוווסטזיניקע יידישע אַרבעטער און אַרבעטער־טוער, פון וועלכע אַ גרויסער טייל האָט געמוזט אַוועק צוליב פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען אין זייערע היים־לענדער. דידאָזיקע אימיגראַנטן האָבן צוזאַמען מיט דער בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים, מיטגעבראַכט מיט זיך זייערע רעוואָלוציאָנערע קאַמף־טראַדיציעס, זייער ליבע צו דער יידישער וועלטלעכער קולטור, זייער ווילן צו בויען אַ פּראָגרעסיוון יידישן לעבן אין דער נייער היים. נישט געקוקט אויף טויזנטער מאַטעריעלע זאָרגן, וואָס האָבן באַגלייט די אימיגראַנטן — דאָס באַקומען אַרבעט, אַ וווינונג, אויפהאַלט־פּאַפּירן, שווערקייטן פון שפּראַך — האָט דער באַוווסטזיניקער טייל זייערער זיך גלייך געוואָרפן מיט אימפּעט אויסצובויען דאָ אַ געזעלשאַפטלעך לעבן. זיי ברענגען אַריין אַ רעוואָלוציע אין דער אָפּגעשטאַנענער יידישער סביבה, וואָס איז ביז דעמאָלט הויפּטזאַכלעך געווען אָרגאַניזירט אין לאַנדסמאַנשאַפטן (סאָסיעטעס), וועלכע האָבן זיך פאַרנומען כמעט אויסשליסלעך מיט באַזאָרגן זייערע מיטגלידער מיט אַביסל מאַטעריעלער הילף און מיט אַ קבר נאָכן טויט. זיי הייבן אויף אַ קאַמף קעגן דער שונד־פּרעסע און דעם שונד־טעאַטער, די איינציקע „קולטור”־שפּייזער פון דער יידישער באַפעלקערונג צו יענער צייט.

עס נעמט זיך אַזוי אַרום בויען אַ געזונטער, אַרבעטנדיקער יידישער ישוב. די יידישע אַרבעטער ווערן גיך אַריינגעצויגן אין אַלגעמיינעם פראַנצויזישן פּראָפעסיאָנעלן און פּאָליטישן לעבן. זיי באַקומען ליב פראַנקרייך און דאָס פראַנצויזישע פאָלק, פון וועמענס קולטור און פרייהייט־טראַדיציעס זיי האָבן אַזויפיל צו לערנען. זיי אָרגאַניזירן זיך אין די פראַנצויזישע אַרבעטער־פאַריינען (סינדיקאַטן) און נעמען בויען זייערע אייגענע פּראָגרעסיווע יידישע אינסטיטוציעס. עס אַנטשטייט אין די יאָרן 1922־1923 די קולטור־ליגע, וואָס האָט אין איר שפּעטערדיקער אויסקריסטאַליזירטער פאָרם געשפּילט אַן ערשטראַנגיקע קולטור־דערציערישע ראָל אין אונדזער ישוב. עס וואַקסן אויס ביבליאָטעקן, אַ כאָר, אַן אַרבעטער־טעאַטער, יידישע צוגאָב־שולן. עס דערשיינען אַרבעטער־צייטונגען.

אין אָט דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער אויפבוי־שלאַכט האָבן אַ וויכטיקע ראָל געשפּילט די פּראָגרעסיווע יידישע שרייבער, פון וועלכע אַ טייל איז געקומען קיין פּאַריז שוין מיט אַ שאַפערישן באַגאַזש און די אַנדערע

האָבן גענומען שרייבן און אַנטוויקלען זיך אויפן פּאַריזער באָדן.

דער ערשטער פּרווו פון אַט די שרייבער זיך צו אָרגאַני־זירן איז געווען דאָס אַרויסגעבן אין 1932 די ליטעראַרישע אויסגאַבע „רויטער מיירעוו״, פון וועלכן עס זענען דערשינען 2 נומערן. אָבער שוין פריער פלעגן די שרייבער זיך באַטיי־ליקן אין פאַרשידענע אונטערנעמונגען, זיי האָבן פּאַרגע־לייענט זייערע שאַפונגען און זיך געדרוקט אין די פּעריאָדישע אַרבעטער־אויסגאַבעס.

גרעסערע מעגלעכקייטן האָבן זיך אָבער געשאַפן פאַר זיי מיטן אָנהייבן דערשיינען פון דער טאָג־צייטונג „נייע פּרע־סע״, זינט דעם 1־טן יאַנואַר 1934. דאָס איז געווען אַ צייטונג פון אַ נייעם מין אין פּאַריז. זי האָט, אין קעגנזאַץ צום פאַר־שונדעוועטן „פּאַריזער היינט״, ברייט געעפנט אירע זייטן פאַרן יידישן שרייבער, סיי פאַר דעם מיט אַ נאָמען, סיי פאַרן אָנהייבער. אויף די שפּאַלטן פון אַט דער אַרבעטער־צייטונג האָבן זיך געקענט אויסלעבן און אַנטוויקלען די שוין פריער באַקאַנטע שרייבער, ווי ב. ווינאַגורא, א. בעקערמאַן, א. בערן, חנה קאָוואַלסקאַ; דאָ האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט דער טאַלאַנט פון די דיכטער מ. דזשאַלאָווסקי און דוד פּליסקין. דאָ האָבן גענומען שטעלן זייערע ערשטע טריט די רעפּאָרטאַזשיסטן ק. בענעק און ט. עלסקי. די דערציילער און דיכטער יאָסל צוקער. א. ווייץ, י. ראַלניק, י. מאַר, מ. דעמבעס, ז. דיאַמאַנט, און אַנדערע. דאָ האָבן געדרוקט זייערע ראָמאַנען ב. שלעווין און א. יאַלטי. דאָ האָט דער גרויסער יידישער שרייבער זלמן שניאור געפונען דאָס איינציקע אָרט, דורך וואַנען צו צו קומען מיט זיינע ראָמאַנען צום פראַנצויזיש־יידישן לייענער־עולם. דאָ זענען גלייך נאָך זייער אָנקומען קיין פּאַריז מיט אָפענע אָרעמס אויפגענומען געוואָרן די דיכטער משה שולשטיין און בינעם העלער, די געקומענע מיטן לעצ־פאַרמלחמהדיקן אימיגראַציע־שטראָם.

די שרייבער־משפחה איז זיך צעוואַקסן. דער יידישער לייענער אין פראַנקרייך האָט אַלץ מער באַקומען (אָדער צו־ריקבאַקומען) דעם אינטערעס צום קינסטלערישן וואָרט. די ראַמען פון דער טאָג־צייטונג זענען געוואָרן צו ענג פאַר די שאַפונגען פון דער גרויסער גרופּע שרייבער. עס איז אַנט־שטאַנען דער געדאַנק פון א פּעריאָדישער ליטעראַרישער אויסגאַבע און פון א ליטעראַרישן פאַרלאַג.

דאָס אַרויסגעבן אַ ליטעראַרישע שריפט איז רעאַליזירט געוואָרן סוף 1935. עס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דער „פּאַריזער זשורנאַל״, אַרויסגעגעבן פון דער שרייבער־גרופּע, וועלכע איז שוין זינט פיל פריער געווען אָרגאַניזירט אין אַ „שרייבער־פאַרבאַנד ביים ע. א. ר.״ (פראַנצויזי־שער רעוואָלוציאָנערער שרייבער־ און קינסטלער־פאַרבאַנד). דער „פּאַריזער זשורנאַל״ איז דערשינען אונטער דער רע־דאַקציע פון א. בעקערמאַן, ב. ווינאַגורא, ב. שלעווין און דעם שרייבער פון די שורות. (שפּעטער האָבן זיך איניקע רעדאַקטאָרן געטוישט). עס זענען דערשינען בסך־הכל 15 נומערן פון דאָזיקן זשורנאַל, וואָס האָט געפונען אַ זייער וואַרעמען אָפּקלאַנג אין פראַנקרייך און אין אויסלאַנד. דער „פּאַריזער זשורנאַל״ איז, ווי זיין נאָמען זאָגט עדות, געווען קודם־כל א פּאַריזער: פּאַריזער יידישע שרייבער, פּאַריזער טעמאַטיק האָבן אין אים דאָמינירט. עס איז דאָרט אָפּגע־געבן געוואָרן א גרויס פּלאַץ די פּאַריזער יידישע קינסטלער, דער פראַנצויזישער קולטור און די פאַרשידענע פראַנצויז־יש־יידישע קולטור־פּראָבלעמען. די דאָזיקע אויסגאַבע איז געוואָרן אַן אָנזעעוודיקער קולטור־פאַקטאָר אין יידישן לעבן אין פראַנקרייך. זי האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן צום דער־נענטערן דעם שרייבער־פאַרבאַנד, וואָס האָט צו יענער צייט גרופּירט די מערהייט יידישע שרייבער, וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן אין פּאַריז.

אַרום „פּאַריזער זשורנאַל״ אָרגאַניזירט זיך א ספּעציעלע געזעלשאַפט „פריינט פון פּאַריזער זשורנאַל״, וואָס פאַר־נעמט זיך מיטן פאַרשפּרייטן דעם זשורנאַל און שאַפן די נייטיקע פאָנדן אים ארויסצוגעבן. עס קומען פאַר אָפטע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען, איינגעאָרדנט דורך די שריי־בער, און וועלכע גייען אדורך מיט גרויס דערפאָלג ביי איי־בערגעפּולטע זאַלן. עס דערשיינען ביכער פון: דזשאַלאָוו־סקי, ד. פּליסקין, ק. בענעק, י. שפּאַן, ד. קוטנער, ט. עלסקי און אַנדערע. יעדעס ארויסגעגעבענע בוך ווערט געפייערט אויף א גרעסערער אינטערנעמונג און ווערט גוט פאַר־שפּרייט. דאָס ווערק פון יידישן שרייבער איז מער נישט קיין זאַך בלויז פון א שרייבער און פאַרלעגער (אָפּטמאָל אין און דיזעלבע פּערזאָן), נאָר א געזעלשאַפטלעכער ענין, א יום־טוב פאַר די שרייבער און לייענער.

פּאָפּולער זענען אויך געווען די „ליטעראַרישע דינס־טיקן״ פון „שרייבער־פאַרבאַנד״, אויף וועלכע עס פלעגן געלייענט און דיסקוטירט ווערן די נאָכנישט פאַרעפנטלעכטע שאַפונגען און ווו עס פלעגן באהאַנדלט ווערן פאַרשידענע קולטור־פּראָבלעמען.

די שרייבער האָבן גענומען אן אקטיוון אנטייל אין אַל־געמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. מען פלעגט זיי טרעפן אַלס מיטבאַטייליקטע און אָרגאַניזאַטאָרן פון קולטור־אונ־טערנעמונגען, צווישן די פּירער פון קולטור־הויז, פון „גע־זערד״, פון קינסטלער־פאַרבאַנד, צווישן די פּרעלעגענטן פון פאָלקס־אוניווערזיטעט. זיי האָבן מיטגעהאָלפן ביים שאַפן דעם קולטור־פראָנט און ביים צוגרייטן דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, אויף וועלכן עס זענען אין נאָמען פון שרייבער־פאַרבאַנד ארויסגעטרעטן אהרן בעקערמאַן און משה שולשטיין. דער פאַרבאַנד האָט געמאַכט גרויסע באַ־מיונגען צו גרינדן אין פּאַריז אַ געאייניקטן יידישן ליטעראַ־

טן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין. דערדאָזיקער פאַריין איז געשאַפן געוואָרן בערך א יאָר פאַרן קריג. די פּראָגרעסיווע ייִדישע שרייבער האָבן פאַרגעזעצט זייער טעטיקייט אין די ראַמען פון אַלגעמיינעם ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין אַלס „שרייבער־גרופּע ביים פּאַריזער זשורנאַל".

צו דער אידעאָלאָגישער בשותפותדיקייט און צו דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרבונדנקייט איז אויך צוגעקומען ביי אַט די שרייבער די האַרציקע קעגנזייטיקע פריינטשאַפט, וואָס האָט זיי אַזוי נאָענט געמאַכט איינער צום צווייטן. די רעדאַקציע, די געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן, די פּריוואַטע וווינונגען זענען געווען די אָפּטע טרעף־ערטער פאַר די שרייבער. מען פלעגט זיך קעגנזייטיק באַראָטן, עצהן, העלפן, זאָרגן איינער פאַרן אַנדערן.

אַט אַזוי האָבן זיי געלעבט, געשאַפן, געקעמפט און זיך אַרומגעטראָגן מיט נאָך דרייסטערע, שאַפערישע פּלענער. פון מיטעלן עלטער, יונגערע און גאָר יונגע, האָבן זיי געהאַט פאַר זיך א גרויסן באַרג־אַרויף־וועג. האָבן זיי אַלע זיך ערשט געפונען אין סאַמע פאַרמעסט פון אַרויפשטייגן אויף אַלץ נייע און העכערע שטאַפּלען פון ליטעראַרישן, קינסטלערישן און געזעלשאַפטלעכן לייטער.

די מלחמה, די אָקופּאַציע, וואָס האָבן געגעבן א מוראדיקן קלאַפּ דעם ייִדישן ישוב אין פראַנקרייך, האָבן באַזונדערס ווייטיקלעך געטראָפן דער פּאַריזער ייִדישער שרייבער־גרופּע. פאַרשניטן איז געוואָרן א באַדייטנדיקער טייל אירער, פון די בעסטע, פון די פאַרדינסטפולסטע, פון די סאַמע צוזאָגנדיקסטע.

די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון אַט די שרייבער, זייער געמיינזאַמער אידעאַל, זייער געמיינזאַמער קאַמף אין משך פון יאָרן, האָבן באַקומען זייער גרעסטע אויסווירקונגען אין דעם שוואַרצן פּעריאָד פון דער נאַצי־הערשאַפט אין פראַנקרייך. די געשעענישן האָבן זיי נישט געבראָכן. ווי א קאָלעקטיוו האָבן זיי פאַרגעזעצט זייער גרויס ווערק. און ווען דער טראַגישער גורל האָט פון דאָזיקן קאָלעקטיוו אַרויסגעריסן איינעם נאָכן אַנדערן, האָט יעדער איינער פון זיי ביזן לעצטן אָטעם זיינעם טריי און שטאָלץ געצאָלט זיין חוב אַלס שרייבער, אַלס קעמפער, אַלס ייִד.

משה שולשטיין

# יידישע שרייבער אין פאריז בעתן קריג

די יידישע שרייבער, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דער פּראָגרעסיוו ־ ליטעראַרישער חודש ־ אויסגאַבע „פּאַריזער זשורנאַל", האָבן מיטן אויסברוך פון קריג זייער שאַפערישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט נישט איבערגעריסן. די דאָזיקע טעטיקייט האָט נישט אויפגעהערט, נישט אינעם פּעריאָד פון דער אַזוי אָנגערופענער „אויסטערלישער מלחמה" צווישן פראַנקרייך און דייטשלאַנד און אויך נישט נאָכן פאַרנעמען פראַנקרייך מצד די נאַצי־חיילות.

געקומען צו זיך נאָך די ערשטע אויפטרייסלונגען, וואָס דער קריגס-אויסברוך האָט מיט זיך געברענגט, האָבן יידישע שרייבער אָנגעהויבן איבעראָרגאַניזירן זיך אויף די נייע באַדינגונגען; באַדינגונגען פון אונטערערד, וווהין ס'זענען אַראָפּ די יידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער ־ אָרגאַניזאַציעס, וווהין ס'איז אַראָפּ די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג בכלל. נאָרוואָס איז פוילן, אַ דערוואָרגענע אין פייער און אין רויך, געבליבן ליגן אונטער דער נאַצישער זויל און ס'האָט אונדז אלעמען באַהערשט אַן אַנגסטיקע זאָרג פאַרן גורל פון אונזערע אַמאָליקע היימען, משפחות און נאָענטע. צו אָט דער דאָזיקער זאָרג איז נאָך גלייכצייטיק צוגעקומען דער אומעט פון צעשיידונג פון טויזנטער יידישע פרויען און מוטערס מיט זייערע מענער און זין, וואָס האָבן געצויגן צו די רעקרוטיר־צענטערס און קאַזאַרמעס. דער יידישער שרייבער האָט געלעבט מיט יענער זאָרג און יענע פיינלעכע שטימונגען, אָבער זיי האָבן אים נישט פאַרשלעפּט צו זייטיקער אָפּגעזונדערטקייט און קרענקלעכער יחידישער ווינקלדיקייט, נאָר פאַרקערט: נאָך מערער אים פאַרבונדן מיטן יידישן אַרבעטער און פאָלקס־מענטש. עס האָט אים אויך נישט „גענומען" די צו יענער צייט צעלאָזטע און בלינד־אָפּגעריסענע אַנטי־סאָוויעטישע העצע, וואָס האָט דעמאָלט באַהערשט געוויסע יידישע אינטעלעקטועלע אין אויסלאַנד, און אויך ביי אונדז אין פראַנקרייך, און וואָס צוליב דעם כלומרשטן „פאַראַט פון סטאַלינען", האָבן זיי פּאַקטיש פאַראַטן זייער אייגענעם מהות, זייער ווערק און זייער פאַרגאַנגענהייט. די זעלבע, וואָס האָבן דעמאָלט געוואַגט צו אידענטיפיצירן סטאַלינען מיט היטלערן, זענען שפּעטער־צו, אין אוישוויץ, געווען די קרבנות פון זעלבן היטלער, וועמען דעם „פאַרעטער" סטאַלינס אַרמייען האָבן אָפּגעווישט פון דער ערד.

דערדאָזיקער, צו יענער צייט מוטנער שטראָם פון אַנטי־סאָוויעטיזם, דער שטראָם, וואָס קען מיטשלעפּן נישט נאָר אַ כאַדאַק, אַ שמאַטע און קויט, נאָר אַמאָל, צום באַדויערן אַ זייער ווערטפולע זאַך אויך, איז נישט געווען ביכולת מיטצושלעפּן קיינעם פון אונזערע שרייבער. מיט לאָגיק און אינטואיציע האָבן זיי זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צום אמת, וואָס האָט ביי זיי געשטאַרקט דעם צוטרוי און גלויבן אין דעם לאַנד, וואָס האָט געטראָגן אין זיך די שפּעטערדיקע שליחות פון דערלייזונג. אויב עס זענען געווען אינ־עפערענטע און אין אַ זייט־שטייענדיקע פון אונזער גרופּע, האָבן זיי זיך גראָד אין קריג מיט אונדז ברידערלעך פאַראייניקט און אינטים דערנעענטערט, מיטאַרבעטנדיק מיט אונדזער פאַרבאַנד, וואָס האָט אָן איבעררייס פאָרגעזעצט זיין טעטיקייט זינט דעם אויסברוך פון קריג ביזן אַריינקום פון די דייטשן.

נאָכן פאַרנעמען פראַנקרייך פון דער דייטשער אַרמיי, האָט יעדער געפילט אַז ס'איז אויף דערווייל (כאָטש דער „דערווייל" וועט זיין אַ לאַנגער), אַז די דייטשן וועלן סוף כל סוף מוזן אַוועק. מען האָט אָבער אויך געוווסט, אַז מען וועט מוזן „הויזן" מיט זיי צוזאַמען אויף איין באָדן און אונטער איין הימל, און ס'איז נויטיק געווען איבערצואַנדערשן זיך, זיך צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען און לעבנס־פאַרמען. די רעפּרעסיעס זענען נאָך, רעלאַטיוו גענומען, דערווייל נישט געווען קיין גרויסע. אויף יידישע געשעפטן האָבן זיך באַוויזן ספּעציעלע צייכנס און אויף די „קאַרט־ד'אידאַנטיטעס" (פּערזענלעכע דאָקומענטן) — דער רויט־אָפּגעדרוקטער „זשוויף" (ייד). ס'איז געווען ווי די ערשטע בלוטיקע שפּור, וואָס די חיה האָט געלאָזט אויף איר קרבן נאָכן געבן איבער דעם ערשטן איינביס. דערנאָך האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַ רואיקע, אַ צופרידענע, אַן אָנגעפרעסענע און זאַטע פון איר אָנגעזאַמלטן רויב, גרייטנדיק זיך צו דער פאַרציקונג פון איר קרבן.

אין אָט־די באַדינגונגען האָט זיך אויפסניי, נאָך אַן איבעררייס אין די ערשטע טעג אָקופּאַציע, צעדרודערונג און בהלה, איינגעשטעלט די טעטיקייט פון אומלעגאַלן שרייבער־פאַרבאַנד, וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אין אַלגעמיינעם פאַרבאַנד פון אינטעלעקטועלע, וועלכער איז באַשטאַנען פון שרייבער, מאָלער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנדערע, און וועמענס אַקטיווע טוער זענען געווען: מוניע נאַדלער, דוד קוטנער (אהרן מענדל סקראַבעק), דר. יוסף בורשטיין און וואָווע שירזשיק. לאָמיר ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען, אַז וואָווע שירזשיק, געשטאַמט פון לוצק, איז געווען אַ פּעיקער זשורנאַליסט, מיטגעאַרבעט מיט דער לינקער, יידי־

שער שרייבער־גרופּע אין וואַרשע, זיך באַטייליקט אין די ליטעראַרישע און אַלגעמיינע האַלב־לעגאַלע יידישע צייטונגען אין פּוילן. אין דער צייט פון קריג איז ער געווען פּיז די אַקטיווסטע טוער אין אונדזער שרייבער־גרופּע. ער איז פון פּאַריז דעפּאָרטירט געוואָרן מיט זיין פרוי און קינד און ער האָט זיך מער נישט אומגעקערט.

צוליב קאָנספּיראַציע, פלעגט זיך אונדזער שרייבער־גרופּע פאַרזאַמלען אַ העלפט ביים דיכטער דוד פליסקין און אַ העלפט ביים שריפטשטעלער אהרן בעקערמאַן. זי איז געווען דירעקט פאַרבונדן מיטן אונטערערדישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, זיך אינספּירירט פון זיינע נאָבעלע אידעאַלן פון אויסלייזונג און פרייהייט.

דידאָזיקע אידעאַלן האָבן אונדז צונויפגעברענגט אין די זונטיקדיקע פרימאָרגנס איינציקווייז, באַזונדער, כדי נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן; אין די אויגן, אין וועלכע מיר זענען געווען איבעריק און וואָס האָבן אונדז געבריט די טריט און ספּעציעל אין די ווינטערדיקע זונטיקס פון 1942, דאָס יאָר, ווען דער דייטשער טעראָר האָט זיך כסדר פאַרשטאַרקט אין אַלגעמיין און די פּלענער פון דער גרויסער יידישער פאַרניכטונג זענען געוואָרן פיבערהאַפט צוגעגרייט. די טיר פון אהרן בעקערמאַנס וווינונג האָט זיך נישט אַזוי לייכט אויפגעמאַכט פאַר יעדן געקומענעם, זי האָט געדאַרפט דערקענען אַן אייגענעם לויט די ספּעציעל־באַשטימטע צייכנס און אָפּגעשמועסטע צאָל קלעפּ. אַנדערש האָט זי זיך נישט געמאַכט וויסן און נישט גערירט זיך.

אינעם זייטיקן צימערל, וואָס בעקערמאַן האָט רעזערווירט פאַר אונדזערע זיצונגען, אָט־דאָס צימערל, וואָס קיינער חוץ מיר איז נישטאָ מער וואָס זאָל עס געדענקען, האָט געפלאַקערט דער אויוון, נישט בלויז כדי אונדז צו דערוואַרעמען, נאָר אויך כדי צו זיין גרייט יעדע מינוט אויפצונעמען שנעל יעדע פאַרצייכנטע נאָטיץ און יעדעס מינדסטע בלעטעלע פון דער טאָג־אָרדענונג, וואָס עס האָט געברענגט מיט זיך מוניע נאַדלער, תמיד אַ פאַרשפּעטיקטער, ווייל תמיד אַ פאַרנומענער, זייענדיק דער אָרגאַניזאַטאָר און פאַרבינדער צווישן אַלע אונטערערדישע קרייזן פון יידישע אינטעלעקטועלע.

די טעטיקייט פון דער שרייבער־גרופּע איז נישט בלויז געווען אַ קאָלעקטיוו־געזעלשאַפטלעכע, נאָר ביי אַ טייל אויך אַן אינדיווידועל־שאַפערישע און ביי געוויסע — ווי אהרן בעקערמאַן, מוניע נאַדלער און אַנדערע — איז זי אויך געווען אַ קולטור־היסטאָרישע.

פון גרויסער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־היסטאָרישער באַדייטונג איז געווען די טעטיקייט פון מוניע נאַדלער אין די יאָרן פון קריג. יעדעס אומלעגאַלע בלעטל האָט געפיבערט מיט זיינע טעג און נעכט, מיט אָפּפערווויליקייט און זעלטענעם מוט. דורך אַלע געפאַרן און אומגליקן האָט געלעבט און טריאומפירט דאָס יידישע וואָרט, געטרייסט אין צער און געלינדערט דעם ווייטיק. און ער, מוניע נאַדלער, געטריי און איבערגעגעבן, האָט זיך באַמיט און געזאָרגט, אַז דאָס יידישע וואָרט וואָס דער נאַצישער שונא האָט עס געוואָלט פאַרניכטן מיטן יידישן לעבן צוזאַמען; דאָס יידישע וואָרט, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער טיף, פון אַ נייעם „ממעמקים קראתיך”, אָט דאָס וואָרט זאָל זיין וואָס ווירקזאַמער, בעסער און שענער. אפילו פאַר אַ ליד אין דער אומלעגאַלער יידישער צייטונג האָט ער געזאָרגט און אַליין געקומען דערנאָך צום מחבר פון די שורות. און איבערייסן זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט צו יענער צייט האָט אים דעמאָלט קיינער, אפילו די פּאָליציי אויך נישט געקענט. און זאָל דאָ טאַקע דערמאָנט ווערן דער פאַל פון זעלטענער איבערגעגעבנקייט ווען מוניע נאַדלער, שרייבנדיק אין אַ געהיימער דירה אַן אַרטיקל פאַר אַן אומלעגאַלער צייטונג, איז געוואָר געוואָרן אַז פּאָליציי מאַכט אַ „ראָפל” (זאַבלאַווע) און גייט פון טיר צו טיר אין דער „קאַרטיע” (קוואַרטאַל). ער האָט דאַן געזאָגט צו זיינע פריינט, אַז ער וועט נישט פאַרלאָזן די דירה, ער פאַרמאַכט זיך און וועט ענדיקן דאָס אַרטיקל, און וואָס עס וועט זיין — וועט זיין. און ער האָט דאָס אַרטיקל פאַרענדיקט.

מוניע נאַדלער האָט געקענט זיין אַ באַדייטנדיקער פּאָעט. אין יאָר 1933, אין זיין 25־טן לעבנס־יאָר, איז אין פּוילן דערשינען זיין בוך לידער, מערסטנס אויף רעליגיעזע טעמעס מיטן נאָמען „בעש”ט־סימפאָניע”. אָבער ער האָט די פּאָעזיע אָוועקגעלייגט אין אַ זייט. זיין טעמפּעראַמענט און וויסן האָבן אים געשטויסן צו פאַרשידענע זשאַנערן. אין צייט פון קריג האָט ער זיין „בעש”ט־סימפאָניע” פאַרביטן אויף דער סימפאָניע פון אומלעגאַלע שרייב־מאַשינקעס און אויף דער סימפאָניע פון כלי־זין, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט איבער די קעפּ פון די נאַצישע הענקער. אַזוי האָט געלויכטן זיין ליכטיק געשטאַלט, און ליכטיק — ווייל זי האָט געלויכטן אין דער פינצטער, גראָד דעמאָלט, ווען ליכט איז אַזוי נויטיק געווען. עס איז נישט קיין אויפטו אַרויסצוגיין אין מיטן העלן טאָג, ווען די זון שיינט, מיט אַן אָנגעצונדן שוועבעלע אין האַנט און זאָגן: „איך באַלייכט!” עס איז שווערער צו טראָגן ליכט קעגן שטאָקפינצטערער נאַכט און קעגן שטורעם. און מוניע נאַדלער האָט דאָס ליכט געטראָגן גראָד דעמאָלט, און מיט דער גרעסטער מסירת־נפש און געטריישאַפט האָט ער דורכגעמאַכט דעם וווּנדערלעכן וועג פון תורה ביז צו אומלעגאַלע יידישע צייטונגען, דעם וווּנדערלעכן וועג פון דער ישיבה ביז צום באַרג וואַלעריאַן, אָט דער פאַרהויבענער מזבח פראַנקרייכס, ווו עס שוועבט דער אָנדענק פון הונדערטער אירע העלדן אומגעברענגט פון נאַצישן אָקופּאַנט. ביז דעם מאָמענט האָט מוניע נאַדלער נישט אַרויסגעלאָזט זיין קעמפערישע פען, און זיין נאָבעלע טעטיקייט אין דער צייט פון קריג איז נישט בלויז געווען אַ קעמפערישע, אַ רעוואָלוציאָנערע, נאָר אויך אַ קולטור־היסטאָרישע, ווייל אין זיינע אויסגאַבעס ווע̇לן



פון לינקס אויף רעכטס: זיצן — יאָסל צוקער, אַהרן בעקערמאַן, ב. שלעווין, מ. שולשטיין; שטייען — ט. עלסקי, מ. דזשאַלאָווסקי, י. שפּאַן, י. ש. צענדאָרף, ק. בענעק.
(די פאָטאָגראַפיע איז געמאַכט געוואָרן אין 1940).

מיר שטענדיק הערן דעם אָטעם־פלאַטער פון דער צייט, ווען דאָס יידישע לעבן האָט זיך געראַנגלט מיט זיין גרעסטן שונא.

פון גרויסער קולטור־היסטאָרישער וויכטיקייט זענען אויך געווען אהרן בעקערמאַנס טאָג־ביכער, וועלכע דער מחבר האָט אָנגעהויבן שרייבן פון סאַמע קריגס־אויסברוך אָן ביזן טאָג פון זיין אַרעסטירט ווערן, און זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אין קריג בכלל. אין אָנהויב קריג איז נאָך דערשינען אין אַנטווערפּן זיין בוך וועגן אַנאַטאָל פראַנס און אין קריג האָט ער אויך געאַרבעט איבער אַ מאָנאָגראַפיע וועגן לענינען. ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין צייט און מי פאַר זיינע וויכטיקע אַרבעטן, פלעגט אַרומלויפן אין די גאַסן אויסצוהערן יידן וועגן ספּעציעלע געשעענישן, כדי אַלץ זאָל זיין פאַרגאַנצט און פינקטלעך. די טאָג־ביכער פון אהרן בעקערמאַן זענען נישט בלויז אַלבומען פון פערזענלעכע פאַרצייכענונגען, פון איבערלעבונגען און איינדרוקן, זיי זענען אויך אַ באַרייכערנדיקער צושטייער צום אַרכיוו פון יידישן לעבן בעתן קריג און נאַצישער אָקופּאַציע. רייך און פאַרשידנקאָליריק זענען די דאָזיקע טאָג־ביכער. יעדעס געשעעניש אין יידישן און אין אַלגעמיינעם לעבן האָט געפונען אַ תיקון אין זיי, נישט געווען קיין טאָג וואָס זאָל נישט אַריין אין זיי. אויב האָט אין דעם טאָג קיין ספּעציעל וויכטיקס זיך נישט פאַרלאָפן, איז אַ פּאָלעמיק מיט קעגנער פון ראַטנפאַרבאַנד, אָדער אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַ נאָר וואָס איבערגעלייענט בוך אויך חשוב צו פאַרנעמען אַן אָרט אין זיינע העפטן.

בייטאָג פלעגט אהרן בעקערמאַן מיט זיין פרוי און זון אַרבעטן ביי זיך אין דער הייב מאַראָקינערי (דאַמען־טאַשן) און אין די אָוונטן און נעכט זיך פאַרנעמען מיט זיין שריפט־שטעלערישער טעטיקייט. איך פלעג באַוווּנדערן זיין פלייס, זיין שאַפערישקייט און מוט. ער פלעגט שרייבן וועגן אַלעם אָפן און קלאָר, אָן רמזים און אָנדייטונגען, אָנרופן מענטשן ביי די אמתע נעמען. אז איך האָב אים איינמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זיין אומפאָרזיכטיקייט, האָט ער מיר געגעבן דעם ריכטיקן ענטפער, אַז ער שרייבט פאַר דער צוקונפט: מענטשן וועלן זיך דאַרפן אָריענטירן אין וואָס עס גייט, און אויב ער וועט שרייבן מיט איניציאַלן און רמזים, וועט עס שפּעטער נישט האָבן קיין שום ווערט ער וועט נישט שרייבן אַנדער ווי אַזוי, און וואָס עס וועט זיין — וועט זיין, האָט ער צוגעגעבן. בעקערמאַן האָט פאַרמאָגט אַ געוואַלדיקע אחריות פאַר אונדזער קיום, פאַר אונדזער זיין. דורך אַלע געפאַרן האָט ער געזען די צוקונפט, וועלכער ער האָט געדינט מיט זיין פען און מיט זיין לייב־און־לעבן, און זיין שאַפן אין קריג איז דעריבער געווען און פאַרבלייבט אַ גרויסע קולטור־היסטאָרישע שליחות.

ווי עס האָט זיך געראַנגלט דאָס יידישע לעבן, האָט זיך געראַנגלט דאָס יידישע וואָרט. אָבער עס איז קיינמאָל נישט אונטערגעגאַנגען, אפילו ביי די ערגסטע באַדינגונגען. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איניקע פון אונדזערע שרייבער האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז נישט איצט די צייט פון שרייבן, האָט דאָך דער גרעסטער טייל קיינמאָל נישט אויפגעגעבן די שאַפערישע טעטיקייט.

אין מאַי 1941 זענען שוין געווען הינטער פאַריז די ערשטע צוויי יידישע לאַגערן פּיטיוויע און באָן לאַ ראָלאַנד און אין

איינעם פון זיי, אין פּיטיוויע, האָבן זיך געפונען דער דיכ־
טער י. ש. צענדאָרף, דער שרייבער כלאַוונע קאַגאַן און
שפּעטער אויך — דער יונגער פּראָזאַאיקער יאָסל צוקער.
און אַלע דריי זענען דאָרט געווען שטאַרק שאַפעריש ביז
צו זייער דעפּאָרטאַציע קיין אוישוויץ. און מערקווירדיק,
אין י. ש. צענדאָרף, וואָס פלעגט פריער קיין סך נישט
שרייבן, האָט זיך דערוועקט אַ גרויסער שאַפונגס־כוח גראָד
אין פּיטיוויע. עס איז מיר אויסגעקומען צו זען גאַנצע
העפטן מיט לידער, וואָס ער פלעגט אַרויסשיקן פון לאַגער
צו זיין פרוי, און פון וועלכע, אַגב, אַ סך זענען פאַרלוירן
געגאַנגען. זיינע לידער פלעגט צענדאָרף לייענען אין
לאַגער, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן: פייערונגען, קאָנ־
צערטן, ליטעראַרישע אַרויסטריטן, וואָס זענען דאָרט גע־
וואָרן איינגעאָרדנט זייער אָפט. זיי זענען געגאַנגען פון
האַנט צו האַנט און פון מויל צו מויל. צו אייניקע זענען
געוואָרן געשאַפן מוזיק פון די לאַגער־קאָמפּאָזיטאָרן און
זיי זענען געוואָרן דאָס אייגנס פון אַלע אינטערנירטע.

ס'איז אויך באַוווסט, אַז כלאַוונע קאַגאַן, פון וועמען מיר
האָבן נישט קיין כתבים פון לאַגער, האָט זיך שטאַרק אַק־
טיוו באַטייליקט אין יידישן קולטור־לעבן פון פּיטיוויע,
געהאַלטן רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס פאַר די
אינטערנירטע און אָנטיילגענומען אין די לאַגער־אויסגאַבעס
— וואַנט־צייטונגען געשריבן מיט דער האַנט.

אויך יאָסל צוקער האָט געשאַפן אין זעלבן לאַגער. ער האָט
אַרויסגעשיקט זיינע נאָוועלן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהיטן
און וואָס אייניקע פון זיי ווערן פאַרעפנטלעכט איז דאָזיקן
אָנדענק־בוך.

דער דיכטער מ. דזשאַלאָווסקי האָט כסדר געשאַפן ביז
צו זיין אַרעסטירט ווערן אין אָנהייב 1943. ער האָט גע־
שריבן אין אַלע זיינע באַהעלטענישן, אין אַ דאָרף און
ערגעץ אויף אַ בוידעם, אין פּאַריז און אויך אין אַ געוועלב,
ווו דער אייגנטימער האָט אים געלאָזט ביינאַכט שלאָפן און
אים פאַרשלאָסן. ער האָט דאָרט אַזוי לאַנג געשאַפן ביז,
ווערנדיק קראַנק און הוסטנדיק שטאַרק, פלעגט זיין הוסט
ביינאַכט אַרויס אויף דער גאַס אַרויס און ער האָט געמוזט
צוליב דעם אַוועק פון דער באַהעלטעניש, מחמת דער
באַלעבאָס האָט מורא געקריגן, אַז דאָס הערן הוסטן ביינאַכט
פון אַ געוועלב אַרויס קען פאַראַטן. יעדנפאַלס. דאָס לי־
רישע שאַפן זיינס, וואָס דזשאַלאָווסקי האָט געמוזט אויף
אַ מאָמענט איבעררייסן צוליבן פאַרלירן זיין באַהעלטעניש,
האָט אים ווייניקער געשטערט ווי זיין הוסט, ווייל דאָס
שרייבן האָט קיינער פונדרויסן נישט געקענט דערהערן.

זאָל מיר דאָ דערלויבט זיין צו דערמאָנען אַ כאַראַקטע־
ריסטישן עפּיזאָד פון יאָר 1941, ווען מיין „ליטעראַרישער
קאַבינעט" איז געווען אַן איינצל־קאַמער פון דער פּאַריזער
תפיסה „לאַ סאַנטע". נישט האָבנדיק מיט וואָס און אויף
וואָס צו שרייבן, האָב איך מיינע לידער אויסגעשטאָכן מיט
אַ שפּילקע אויף די ראַנדן פון אַלטע צייטונגען אין מיין די
פּאָליציייאישע ראָמאַנען (אַגב, איז עס געווען דער איינציקער
מאָמענט, ווען איך האָב געזען, אַז שונד קען אויך אַמאָל
זיין נוצלעך...). אַזוי האָב איך, מאַכנדיק שפּילקע־לעכעלעך,
אויסגעשטאָכן אונדזער יידישן אלף־בית, געשטאָכן אַזוי
לאַנג, ביז דער נאַצי־וועכטער האָט מיך געכאַפּט ביי דער
האַנט, צוגענומען די שפּילקע מיטן „מאַנוסקריפּט" און אַז
ער איז אַוועק האָב איך געפונען ערגעץ פאַרשטעקט אַ
צווייטע שפּילקע און ווידער „געשריבן", צעשטעכנדיק יע־
דעס פּיצל לייידיק פּאַפּיר, וואָס איז מיר נאָר געקומען אונ־
טער דער האַנט.

אויפן געביט פון קאָלעקטיווער שאַפונג קען איך נישט
פאַרגעסן די ליטעראַרישע צייטונג פון אונדזער גרופּע א. ב.
„די געלע לאַטע", געגרייט צום דרוק פון א. בעקעריאַן, מ.
דזשאַלאָווסקי און פון מיר, אין פּאַריז, יוני 1942, צום צענטן
די געלע לאַטע. דעם נאָמען פון דער צייטונג האָבן מיר
אויסגעקליבן בכיוון און דער גאַנצער מאַטעריאַל אירער
איז געווען מער־ווייניק געווידמעט דעם געשעעניש פון
אָנטון די געלע לאַטע. איר אינהאַלט איז באַשטאַנען פון
אַרטיקלען, רעפּאָרטאַזשן, לידער, בילדער, בריוו פון פראַנ־
צויזישע שרייבער צו אונדז וועגן דער געלער לאַטע, פול מיט
מיטגעפיל און טרייסט.

די געלע לאַטע, האָט זיך נישט בלויז אָנגעזען, נאָר אויך
געלאָזט הערן פון זיך. מ'האָט געהערט פון איר
אומעטום. דער דייטש האָט געהאָפט, אַז זי וועט זיין אַן
אָביעקט פון חוזק און פאַראַכטונג מצד די פראַנצויזן לגבי
די יידן. דערגרייכט אָבער האָט ער דאָס פאַרקערטע. דער
פראַנצויז האָט געזען ווי לעכערלעך עס איז דער אויפטו
פון די ראַסן־פרידיקער, וועלכע מוזן אָנטון אַ ספּעציעלן
צייכן דער ראַסע, כדי מען זאָל דערקענען, אַז זי איז אַ ראַסע.
די פאַראַכטונג מצד דעם פראַנצויז איז געגאַנגען צום דייטש,
און צום ייד האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט פול מיט
מיטגעפיל און סאָלידאַריטעט.

אין טאָג פון אָנטון די געלע לאַטע, האָבן פראַנצויזישע
פרויען זיך געקושט מיט יידישע פרויען. אין מעטראָ גרעט
מען אָפּ דעם ייד דאָס פּלאַץ, אין גאַס דריקט מען אים די
האַנט, אין גייסטלעכע ציען פאַר אים דעם הוט. אַרויס־
פירנדיק אירע שילער אויף שפּאַציר, שטעלט די לערערין
אַזוי אויס די קינדער, אַז אַ פראַנצויזיש קינד און אַ יידיש
קינד (מיט אַ לאַטע) זאָלן גיין געאָרעמט. אַט דעם דאָזיקן
אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל פון רירנדיקער פאַרברידערונג איז
געווען נייטיק צו פאַרפיקסירן און דאָס איז טאַקע געטון
געוואָרן אין דער „געלער לאַטע". צו יענער צייט פלעגן
אין די פּעריאָדישע צייטונגלעך פון די „ברוינע יידעלעך"
(„ענפאָרמאַסיאָן זשוויוו") זיך באַוויזן איבערזעצונגען
פון פּרצן און שלום־עליכמען. מיטן געבן די דאָזיקע איבער־
זעצונגען, האָבן די „ברוינע יידעלעך" דאָסמאָל געוואָלט

נישט אַנדערש ווי, אַז שלום עליכם און פרץ האָבן זיי אַרויס־העלפן אין געווינען אַביסל צוטרוי ביי דער יידישער באַפעלקערונג.

דאָסדאָזיקע אויסנוצן און שענדן אונדזערע קלאַסיקער, וואָס האָבן געדאַרפט דורך די „ברויגע יידעלעך" ווינען די דייטשן, האָבן מיר געווידמעט אַ וויכטיק אָרט אין אונדזער ליטעראַרישער צייטונג.

עס זענען אונטערגעקומען ביטערע טעג, וואָס האָבן באַשווערט דאָס דערשיינען פון דער „געלער לאַטע". די דורכפאַלן האָבן זיך געמערט און אויך אונדזער צייטונג, וואָס איז געווען אינגאַנצן פאַרטיק צום דרוק, איז דורכגעפאַלן און ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, און צום גרויסן באַדויערן האָט זיך איר מאַטעריאַל נישט אָפּגעזוכט.

דער זומער 1942 איז געווען דער אָנהייב פון דער אַלגעמיינער פאַרניכטונגס־אַקציע קעגן יידן אין פראַנקרייך. נאָך דער געלער לאַטע אין 7־טן יוני איז געקומען דער טראַגישער 16־טער יולי, וואָס האָט געברענגט אַזוי פיל חורבן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אונדזער אָרגאַניזירטער קרייז פון שרייבער איז צעשטערט צוליב דעם פעלן פון דער גרעסטער מערהייט זיינע מיטגלידער. שוין פונלאַנג האָט געפעלט די אַקטיווע טוערין פון אונדזער גרופע, די באַקאַנטע מאָלערין און זשורנאַליסטין, חנה קאָוואַלסקא, זיך געפינענדיק אין פרויען־לאַגער פון לילא, פונוואַנען זי איז נאָך פאַרן 16־טן יולי דעפּאָרטירט געוואָרן, פאַרשוווּנדן אָן אַ שפּור. עס איז אויך געווען אַרעסטירט דער באַקאַנטער יידישער קריטיקער ברוך ווינאָגוראַ. עס האָבן געפעלט ג. קעניג און ב. שלעווין, געפינענדיק זיך אין קריגס־געפאַנגענשאַפט, אין דייטשלאַנד. אַברהם ווייץ, וואָס איז צוריקגעקומען פון קריגס־געפאַנגענשאַפט, איז ביים אַריבערגיין די דעמאַרקאַציע־ליניע אַרעסטירט און באַלד נאָך דעם פאַרשיקט געוואָרן מיט פיל אַנדערע קיין אוישוויץ. עס זענען דעמאָלט דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דראַנסי און פּיטיוויע יאָסל צוקער, י. ש. צענדאָרף און כלאַזנע לאַגאַן. מוניע נאַדלער איז געזעסן אין דער שווערער תפיסה שערש־מידי, ווו עס האָט אים דערוואַרט דער אומקום. צווישן יידישע שרייבער, וואָס האָבן געפונען אַ צייטווייליקן מקום־מקלט אין דער „פרייער זאָנע", האָבן זיך דעראַלט געפונען : דער קונסט־קריטיקער יחיאל אַראָנסאָן, דר. ח. סלאָוועס, עוזר וואַרשאַווסקי, וו. ווייאָרקע און ז. דיאַמאַנט.

דעם 16־טן יולי פאַרטאָג, ווען עס זענען פאָרגעקומען די מאָנסטער־אַבלאַוועס אין די יידישע געגנטן, איז די פאָליציי געקומען אַרעסטירן דעם באַליבטן קינדער־דיכטער דוד פליסקין און זיין פרוי, וועמען פשוטע מענטשן פלעגן רופן „די צוויי שטילע טויבן". עס זענען אָבער געווען נישט צוויי, נאָר דריי „שטילע טויבן", וואָס האָבן געווינט אין דער זעלבער נעסט. דער דריטער איז געווען דער שוואָגער פונעם דיכטער, דער אַלטער משה לייב בערנשטיין, וועלכער פלעגט זיך פאַרנעמען מיט קונסט־קריטיק און מיט קולטור־ענינים בכלל. דוד פליסקין און משה־לייב זענען געווען אומצעשיידבאַר. עס האָט זיי געבונדן אַ זעלטענע געטריישאַפט און ליבשאַפט פון אַ ווייטער, שטורמישער פאַרגאַנגענהייט. דער דיכטער פון קינדער־לידער איז אַליין געווען ווי אַ קינד : צאַרט, קאַפּריזנע און ברוגזדיק. ער פלעגט אפילו ערנסטע געשעענישן אויפנעמען התמימותדיק־קינדעריש : פון דער צייט פון זיין אַנטיילנעמען צוזאַמען מיט משה־לייבן אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער געהאַט אַ ריי נישט־פאַרעפנטלעכטע לידער, וואָס זענען, אַגב, פאַרפאַלן געוואָרן צווישן אַנדערע. בלויז איין פערז פון אַ ליד „אויף דער וואַך"" וועגן די רעוואָלוציע־איבערלעבונגען, וואָס באַווייזט פליסקינס טאַלאַנט, זיין געוואַלטיקע פשטות און שטענדיקע קינדערישע תמימות, האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי מיר און ביי ב. שלעווין אין זכרון, און מיר הזרן אים איבער אין צער און אין טרויער :

וואָס מיר היטן ווייס איך נישט,
מיר פירן אויס באַפעלן,
מיר היטן אָפּ אין פרייען פעלד
אַ זומער־טאָג אַ העלן.

פליסקינען און משה־לייבן פלעגט מען שטענדיק זען צוזאַמען און פון איינעם צום אַנדערן האָט מען נאָר געהערט „דודקע" און „משה לייבעלע". זייער ליבשאַפט האָט געקענט צעשטערן נאָר די פאָליציי, וועלכע האָט זיך אַריינגעריסן ווי אַ רויב־פויגל אין דער וואַרעמער נעסט פון די שטילע טויבן און פון אַלץ אַ תל געמאַכט. אין יענעם פאַרטאָג פון 16־טן יולי איז אַוועק אויף שטענדיק דער גראָער, קראַנקער פאָעט דוד פליסקין און זיין פרוי רעגינע. משה־לייבן האָבן די פאָליציי־לייט נישט געוואָלט נעמען, נאָך אים זענען זיי נישט געקומען. ווייל לויטן דעמאָלטיקן „געזעץ" איז ער געווען צו־אַלט. (די יידן פון זיין עלטער האָט מען סיי־ווי שפּעטער גענומען). שווער, זייער שווער און טראַגיש איז געווען די צעשיידונג פון די דריי. משה־לייב האָט זיך געבעטן, אַז ער וויל מיטגיין. ער איז אַריין אין שגעון און אויסגערופן : „נידער מיט די דייטשן! " „זאָל לעבן סטאַלין ! " ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. ערשט אין אַנדערטהאַלבן יאָר אַרום האָט מען אים צוגענומען אַן עלנטן פון זיין איינזאַמען האָטעל־צימער.

ווער עס האָט אויסגעמיטן דעם גרויסן חורבן פון 16־טן יולי, האָט זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער פאָליציי, און גרויסע טיילן פון פאַריזער יידן האָבן גענומען אַנטלויפן אין דער צווייטער זאָנע, וועלנדיק געפינען דאָרט אַ מקום־מקלט, אַ שוץ און אַ באַהעלטעניש. עס איז דעמאָלט אַוועק אַהין אהרן בעקערמאַן און יאַנקל שפּאַן, מיט וועלכע איך בין געווען דורך פאַר־

שידענע אופנים פאַרבונדן ביז זייער אַרעסט און דעפּאָר־טאַציע.

אונדזער פּאַריזער שרייבער־גרופּע האָט אין יענע טעג אויפגעהערט צו עקזיסטירן ווי אַן אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט, ווייל פּראָסט־פּשוט, עס זענען מער נישט געווען קיין שרייבער.

ערגעץ אין אַ פּאַסאַזש פון 11־טן אַראָנדיסמאַן האָט אין אַן אומלעגאַל בוידעם־שטיבל זיך אויפגעהאַלטן דער דיכטער מ. דזשאַלאָווסקי און זיך דערהאַלטן דאָרט ביז אָנהייב 1943.

ק. בענעק און איך פלעגן אים אָפט באַזוכן. אונדזער באַזוך האָט אים שטענדיק פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן, טרייסט און מוּנטערקייט. מיר האָבן דאָס געוווּסט און דערפאַר האָבן מיר איינגעשטעלט מיטן גיין אין גאַס און זענען געקומען צו אים. אויסמיידנדיק די מעטראָ, ווו לויערנדיקע פּאָליציי־לייט האָבן זיך זייער אָפט געפונען, אויסנוצנדיק זי פּאַר אַ לייכטער פּולאַפקע אויף „כאַפּן“ יידן, פלעגן מיר, צוויי פּאַלשע אַריער, אַן געלע לאַטעס, אויסזוכן די זייטיקסטע געסלעך, כדי אָנצוקומען בשלום צו אונדזער פריינט.

דזשאַלאָווסקי פלעגט זיך זייער אָפט באַקלאָגן וואָס ער האָט נישט קיין בעסערע דירה, אַז ער האָט מורא דאָס ער וועט דאָ אַריינפאַלן, מחמת אינעם פּאַסאַזש געפינען זיך אַ סך געזונטע יידן. דזשאַלאָווסקין פלעגן מיר אָפט טרעפן ביי אַ שניידער, אַן אומלעגאַלן באַהאַלטענעם ייד, אין זעלבן הויז, ווו עס פלעגן זיך צונויפקומען אומלעגאַלע יידן. עס איז דאָרט געווען פאַרהעלטנישמעסיק פריילעך, טראָץ אַלעמען. מען פלעגט דאָרט הערן געהיים דעם ראַדיאָ, זיך וויצלען אויפן חשבון פון „פּירער“, זיך פרייען מיט יעדן פאַרויסגאַנג פון דער רויטער אַרמיי — קאָכן טיי און בראָטן עפּל אויף מכבד זיין אונדז, די חשובע געסט. אַ גאַנצן טאָג איז געשטאַנען אַ וואַך ביים פענצטער, וואָס פלעגט זיך טוישן, און אַראָפּקוקן אין פּאַסאַזש צי עס קומען נישט אָן קיין פאַרדעכטיקטע. איינמאָל, אַז פּאָליציי איז געווען אויף די טרעפּ און מען האָט נישט באַוויזן צו פאַרשליסן די טיר, וואָס איז גראָד געווען אָפן, האָבן אַלע 13 יידן, וואָס האָבן זיך געפינען אין צימער, זיך צוגעוואָרפן צו דער טיר, זיך צודריקנדיק איינער צום אַנדערן און — די פּאָליציי האָט נישט געקענט אַריינקומען, און די יידן האָבן זיך אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט דורך זייער בשותפותדיקן כוח.

נאָכן ווערן אויפגענומען פון דאָזיקן קאָלעקטיוו, פלעגט אונדז דזשאַלאָווסקי אַרויספירן אין זיין געהיימען בוידעם־שטיבל, כדי צו פאַרברענגען אַביסל אין רואיקייט און אינטימקייט. ער פלעגט אונדז לייענען זיינע לעצטע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין יידיש און אין פראַנצויזיש. דער פאַל גופא, וואָס ער שרייבט אין דידאָזיקע באַדינגונגען און אין דידאָזיקע טעג, האָט מיך אָנגעפילט מיט באַהאַלטענער סאַטיספאַקציע.

אָבער לאַנג האָט נישט געדויערט און ס'איז איבערגעריסן געוואָרן דאָס ליד פון דיכטער און מיין סאַטיספאַקציע האָט פאַרביטן אַ גרויסער ווייטיק און באַדויער: דזשאַלאָווסקי איז געוואָרן צוגענומען. דער פאַל פון זיין אַרעסט איז געווען אַ פאַרדריסלעכער, אַ צופעליקער. ער איז אַדורכגעגאַנגען אין איינגאַנג, ווען פּאָליציי־אַגענטן האָבן געוואַרט אויף עמעצן און אַזוי וואַרטנדיק, האָבן זיי דערווייל דזשאַלאָווסקין געפרעגט אויף פּאַפּירן (דאָקומענטן) און אים מיטגענומען. אין עטלעכע טעג אַרום איז זיין פרוי געוואָרן אַרויסגענומען פון ראָטשילד־שפּיטאָל, ווו זי האָט זיך געפונען, זייענדיק קראַנק.

וועגן דזשאַלאָווסקין איז מיר נאָך באַוווּסט, אַז ער האָט זיך געפילט מונטער און אַז ער האָט געזאָגט צו עמעצן פון זיינע נאָענטע, וואָס האָט אים געזען פאַרן דעפּאָרטירט ווערן: „איך טייל דעם גורל פון יידישן פאָלק“.

אין דערזעלבער צייט, וואָס איך פלעג באַזוכן דזשאַלאָווסקין, האָב איך אָנגעהאַלטן אַ כסדרדיקן שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט אהרן בעקערמאַן, וואָס האָט זיך געפונען אין דער „פרייער זאָנע“, אינעם שטעטעלע עקאַיע, אין דעפּאַרטעמענט ענדר, ווו ער האָט אָן אויפהער געשריבן זיינע טאָג־ביכער.

דער פּאָסט־פּאַרקער, וואָס איז געווען דערלויבט צווישן ביידע זאָנעס, איז באַשטאַנען בלויז אין אַ פּאָסט־קאַרטל. האָבן מיר טאַקע אויסגענוצט דאָסדאָזיקע פּאָסט־קאַרטל אויף צו פאַרשטענדיקן זיך, אָבער מיר האָבן זיך אויך אַדורכגעשמועסט וועגן אַלעם באַריכות אין גרויסע, ברייטהדיקע בריוו. היות, ווי שיקן פעקלעך פון איין זאָנע אין דער אַנדערער איז געווען דערלויבט, פלעג איך אָפט דערהאַלטן פון בעקערמאַנען וועלכער האָט געאַרבעט ביי אַ פּויער פעקלעך, ווו צווישן עטלעכע אייער, פּוטער, קעז און אַנדערע גוטע זאַכן, פלעג איך געפינען ערגעץ פאַרשטעקט נאָך אַ גוטע זאַך, און טאַקע די בעסטע — בעקערמאַנס בריוו.

אַזוי ווי איך האָב בעקערמאַנען נישט געהאַט וואָס צו שיקן אין ענטפערן אים אויפן זעלבן אופן, און אין שפּייז־זאַכן האָט ער זיך נישט געניטיקט און אפילו ווען יאָ, איז פון פּאַריז נישט געווען וואָס צו שיקן, האָב איך אים אָנשטאָט אַ שפּייז־פעקל, געשיקט אַ „קליידער“־פעקל. איך האָב אויסגעפונען אַן אַלט מלבוש, אַ שמאַטע, וואָס אפילו אַז זי וואָלט פאַרלוירן אין וועג איז אויך נישט קיין אומגליק, און אין איר האָב איך גוט פאַרשטעקט אַ בריוו צו בעקערמאַנען. אין יעדן פעקל בעקערמאַנס פלעג איך צוריק דערהאַלטן דאָס אַלטע מלבוש, כדי איך זאָל ווידער האָבן פון וואָס צו מאַכן אַ „פעקל“ פאַר אים. אַזוי האָט די שמאַטע כסדר צירקולירט פון איין זאָנע אין דער אַנדערער און אונדז זייער פיין געדינט ביז דעם טרויעריקן טאָג פון בעקערמאַנס אַרעסט.

אויפן זעלבן אופן האָב איך אויך אָנגעהאַלטן פאַרבינדונג מיט יאַנקל שפּאַן.

אין דער צייט פון בעקערמאַנס זיין אין שטעטעלע עקאָיע איז געוואָרן צוגענומען זיין פרוי, ביים אַריבערגיין די דעמאַרקאַציע־ליניע, וועלנדיק קומען צו איר מאַן און אויך זיין 19־יעריקער זון פרץ, וואָס איז אַריינגעפאַלן אַרבעטנדיק אין דער קאָמוניסטישער יוגנט. ביידע זענען שפּעטער אומגעקומען אין אוישוויץ.

דער אַרעסט פון זיין פרוי און זון האָבן אויף בעקערמאַנען געוואַלטיק געווירקט. זיינע געהיימע בריוו צו מיר זענען געווען פול מיט צער און דערשלאָגנקייט. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און אין זיין פאַרוואָרפן העק־שטעטעלע ווידער פאָרגעזעצט זיין שריפטשטעלערישע טעטיקייט. טאָג און נאַכט האָט ער געאַרבעט איבער זיינע טאָג־ביכער, וואָס זענען אים געוואָרן לייבלעך נאָענט.

ס'איז געווען אין פעברואַר 1943. אין פּאַריז האָט מען גערעדט וועגן פאָרגעקומענע אַרעסטן צווישן יידן אין דער „פרייער זאָנע". איך האָב מיט אומרו געוואַרט אויף אַ ידיעה פון בעקערמאַנען, אָבער איך האָב גאָר באַקומען אַ פּאָסטקאַרטל פון זיין פריינדין חנטשע גאַנדווערג איז זעלבן שטעטעלע, וועלכע שרייבט מיר, אַז בעקערמאַן איז אַרעסטירט געוואָרן און געפינט זיך אין לאַגער גירס צוזאַמען מיט איר מאַן. צומאָרגנס האָב איך באַקומען אַ פּאָסטקאַרטל פון בעקערמאַנען גופא. ס'איז געווען ווי זיין לעצטער צייכן צו מיר, ווי אַ געזעגענונג, געשריבן אין וואַגאָן, אויפן וועג פון זיין דעפּאָרטאַציע. ער שרייבט אין פראַנצויזיש עטלעכע שורות:

דעם 3־6 1943.

מיין טייערער פריינט !

און אָט בין איך אין וועג צו אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. איך בין געוואָרן גענומען דעם 23־טן פעברואַר. היינט אינדערפרי אָפּגעשיקט פון דראַנסי. ס"איז געענדיקט ! איך נעם דיר שטאַרק אַרום.

דיין פריינט אהרן

דאָס קאַרטל, וואָס בעקערמאַן האָט ערגעצווו אַרויסגעוואָרפן פון לויפנדיקן צוג, דעם פאַרפּאַקטן מיט קרבנות, און וואָס פרעמדע, אומבאַקאַנטע מיר און דאָך אַזוי היימישע און נאָענטע הענט פון פראַנצויזן האָבן עס אויפגעהויבן פון דר'ערד און מיר עס איבערגעשיקט. איך האַלט עס אין דער האַנט און קען זיך נישט צעשיידן דערמיט. אָט דאַכט זיך מיר וועט עס ווערן אַ חלף און ס'וועט שניידן מויערן, קראַטן און דראָטן, עס וועט שניידן יעדן דייטשן גאָרגל, וואָס איך וועל נאָר דערזען.

בעקערמאַן שרייבט אין זיין קאַרטל, אַז ס'איז געענדיקט. איז דאָס טאַקע זיין לעצטער צייכן ? וועל איך אים טאַקע מער נישט זען ? נאָכן אַוועקפירן מיט די שווערע, פאַרשטאָפּטע ציגן, אַלטע לייט, קראַנקע, שוואַנגערע פרויען און פרויען מיט זייג־קינדער, האָב איך זיך מער נישט געמאַכט קיין אילוזיעס וועגן די טייוולאָנישע צילן פון די כסדרדיקע דעפּאָרטאַציעס. איך האָב באַוויינט דעם גורל פון מיינע טייערע פריינט, וועלכע זענען איינער נאָכן אַנדערן פאַרפאַלן געוואָרן, און אָנגעהויבן פאַרטראַכטן זיך וועגן אָננעמען בעסערע פאָרזיכטיקייט־מיטלען. די פּאָליציי־זוכונגען האָבן זיך כסדר געמערט. מיין צימער אין פאַרוואָרפענעם, קויטיקן פּאַסאַזש אויף מענילמאָנטאַן האָט אָנגעהויבן ווערן נישט זיכער. איך האָב זיך איבערגעטראָגן אין אַ צווייטער געגנט. איך האָב דערפילט, אַז יעדן טאָג קען מיר אויסקומען זיך צו געזעגענען מיט אַלץ, האָב איך זיך קודם־כל געזעגנט מיט אַלע מיינע מאַנוסקריפּטן, וואָס אַן אוקראַינער, אַ שכן מיינער און פריינט, האָט מיר געהאָלפן באַגראָבן אין אַ קעלער פון אונדזער הויז. איך האָב אויסגערעכנט, אַז ער, נישט זייענדיק קיין ייד, וועט האָבן גיכער מזל צו דערלעבן די צייט, ווען מען וועט צוריק קענען אויסגראָבן מיינע מאַנוסקריפּטן. נאָכן האָבן אויסגעגלייכט דאָס אָרט פון דער באַגרעבעניש, ווי קיינמאָל גאָרנישט, האָט ער געמאַכט מיטן רידל אַ צלם אויף דער וואַנט, אַ סימן, ווו די כתבים געפינען זיך. אַ ווילע בין איך דאָ געשטאַנען ווי אויף מיין אייגן קבר, נישט קענענדיק זיך אָפּרייסן פון אָרט, און איך בין אַוועק. וועל איך נאָך אַמאָל דאָ צוריקקומען און אויפגראָבן דאָס אָרט ?

אין דער נייער דירה האָט מיך באַהערשט אַ ווילן פאָרצוזעצן דאָס טאָג־בוך פון אהרן בעקערמאַן. און איך האָב אָנגעהויבן, און קודם־כל מיט אַ הקדמה וועגן דעמדאָזיקן אָנהייב, אין וועלכער איך שרייב, אַז איך הייב אָן, אָבער איך ווייס נישט ביי וואָסערע באַדינגונגען איך וועל ענדיקן און צי איך וועל נאָך זען מיינע העפטן אין אַ באַפרייט פראַנקרייך (איך האָב זיי טאַקע נישט געזען, ווייל אַ ייד, ביי וועמען זיי זענען געווען, האָט זיי, זייענדיק אין אַ געפאַר, פאַרברענט.)

איך האָב אָנגעהויבן שרייבן מיט געמישטע געפילן פון ווייטיק און רעזיגנאַציע. פון ווייטיק — וואָס בעקערמאַן איז נישטאָ און וואָס איך דאַרף אים פאַרטרעטן און פון רעזיגנאַציע — וואָס עס איז נאָך פאַרבליבן ווער, וואָס זאָל פאָרזעצן זיין ווערק.

פאָרזעצן ! האָב איך געפילט ווי מיינע הענט רייסן זיך פון מיין גוף און ווי מיין פען רייסט זיך פון מיינע פינגער. פאָרזעצן ! — האָב איך געהערט דאָס ווייטע ווידער־קול פון מיינע ליידנדיקע ברידער, וואָס האָט געקלונגען ווי זייער לעצטער באַגער.

פאָרזעצן ! — כדי זייער ליכטיקער אָנדענק זאָל לייכטן אין אונדזער פאַרפייניקט יידיש וואָרט.

ד״ר ח. סלאָוועס

# זייער ירושה

אַ מצבה איז נישט קיין סימן פון טויט. אַ מצבה איז אַ סימן פון לעבן.

דאָס לעבן, וואָס גייט אויף, פאַראייביקט דעם זכרון פון לעבן, וואָס איז פאַרגאַנגען. פאַראייביקט — אַריינגלידערנדיק עס אין זיך, שאַפנדיק אַ פרוכפּערדיקן המשך.

איז זיכער נישט קיין צופאַל, וואָס די ערשטע מצבה נאָך אומגעקומענע יידישע שרייבער שטעלט, אין דער חרובער יידישער אייראָפּע, דער יידישער ישוב פון פראַנקרייך. נאָך דער גרויליקער היטלער־קאַטאַסטראָפע, האָט דער פראַנצויזישער יידישער ישוב דער ערשטער זיך געשטעלט אויף די פיס, דער ערשטער גענומען היילן זיינע ווונדן, אויפשטעלן זיינע פאַרוויסטע היימען, אויפסניי בויען, מיט אימפּעט און עקשנות, אַ פאַרצווייגט יידיש לעבן. דיזעלבע יידישע פאָלקס־כוחות, וועלכע האָבן, אונטערן בלוטיקן נאַצי־יאָך, זיך גע־וואָרפן מיט געווער אויפן גרויזאַמען, מעכטיקן שונא, האַנט ביי האַנט מיטן פראַנצויזישן פאָלק, דיזעלבע פאָלקס־כוחות האָבן זיך נאָך דער באַפרייאונג געוואָרפן מיט ברען צוריק אויפבויען אַ יידישן ישוב אין פראַנקרייך, געדענקענ־דיק גוט, אַז די גרעסטע העלפט פון פראַנצויזישן יידנטום האָט צו פאַרדאַנקען דאָס לעבן דעם פראַנצויזישן פאָלק.

פּערצן נעמען זענען אויסגעקריצט אויף דער מצבה פאַר די אומגעקומענע יידישע שרייבער פון פראַנקרייך. און בלויז אַנטקעגן איינעם, אַנטקעגן נאָמען פון מוניע נאַדלער, שטייט: „פּה נקבר״. מוניע נאַדלערס אַש רוט אויף פראַנצויזישער ערד. ווו איז אַהינגעקומען דער געביין פון זיינע פאַרפּייניקטע פּען־חברים? די האַנט פון רוצח האָט זיי צוריקגעשליידערט אינעם לאַנד פון זייער געבוירן, אָבער בלויז כדי זיי אומצו־ברענגען דאָרט, אין די קאַלך־אויוונס פון אוישוויץ און מאַידאַנעק.

כמעט אַלע אַוועקגעריסענע פון אונז דיכטער, דערציילער, קריטיקער זענען אומגעקומען נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צו דערגרייכן זייער קינסטלערישע רייפקייט. אַן אויסנאַם איז בלויז עוזר וואַרשאַווסקי, וועמענס הויפּט-שאַפערישער פּער־יאָד איז געווען נאָך אַ פאַר־פראַנקרייכדיקער. די איבעריקע האָבן כמעט אַלע נאָך געפירט מלחמה — מיט זיך גופא, מיטן וואָרט — גרונטעוועדיק זיך צו אייגענער קינסטלערישער פּערזענלעכקייט און צו אייגענעם נוסח. אויב אפילו דערגריי־כונגען האָבן נישט שטענדיק ביי אַלעמען אַנטשפּראָכן די קינסטלערישע פאַרמעסטן, האָבן זיי אָבער שטענדיק עדות געזאָגט אויף פעאיקייטן, אויף טאַלאַנט.

דאָס יידישע פראַנקרייך איז געווען און איז — כאָטש ווייניקער — פאַרבליבן אַ פאַרוואָרפענער העק פון דער גרויסער יידישער וועלט, אַ מין האַלב־עקזאָטישע קאָלאָניע פון דער גרויסער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער מעטראָפּאָליע. דאָס ביסל, וואָס איז אין יידישן פראַנקרייך געשאַפן געוואָרן (אפילו ביי אַ פולער גלייכוווערטיקייט), פלעגט בלייבן שטעקן אין אַ זייט, זעלטן זיך דורכשלאָגן צום גרויסן שליאַך פון דער אַל־וועלטלעך־יידישער ליטעראַטור. דאָס איז, אגב, חל געווען אויך אויף אַלע אַנדערע יידישע „קאָלאָניעס״, וואָס זענען זיך אַזוי צאָלרייך צעוואַקסן אין אַלע עקן פון דער ערד, באַזונ־דערס במשך פון לעצטן פערטל יאָרהונדערט.

און טאַקע דערפאַר, וואָס די יידישע שרייבער פון פראַנ־קרייך האָבן אַזוי ווייטיקדיק אָפּגעפילט אויף זיך דעם גאַנצן אומזין און די געפאַר פון „יידיש־לאַנדישן קאָלאָניאַליזם״, האָבן זיי אַזוי עקשנותדיק געחזרט די ווערטער פון פּרצן:

„מיר ווילן, עס זאָל אויפהערן צו זיין לאָקאַלע קולטורן — מיר ווילן באַשאַפן אַן אַלגעמיינע ליטעראַטור, אַן אַלגעמיינע קולטור״.

די ירושה פון די אומגעקומענע איז בכן ווייניקער אַ ליטעראַרישע, אין ענגן זין פון וואָרט, ווי אַ שרייבעריש־געזעלשאַפטלעכע.

די הויפּט־מאָטיוון פון דערדאָזיקער ירושה קענען ווערן רעזומירט אויפן פאָלגנדיקן אופן:

א) ליבע און טרייקייט צו אונזער פאָלק. — דאָס איז געווען דער ערשטער און הייליקסטער געבאָט פאַר יעדן פון די אומגעקומענע. פאַרשידענע לויט זייער אָפּ־שטאַמונג, זייער עלטער און דערציאונג, פאַרשידענע לויט זייערע אויפפאַסונגען, האָבן זיי דאָסדאָזיקע געבאָט אָפּט אויפגענומען און פאַרטייטשט אויף פאַרשידענע אופנים. מחמת דערזעלבער ליבע צום פאָלק, האָבן איינע געהאַט צו־געשמידט זייערע בליקן מער צום עבר, די צווייטע — דער עיקר צום עתיד. מחמת דערזעלבער טרייקייט צום פאָלק, האָבן איינע געזוכט צו איינפונדעווען געוויסע טראַדיציעס, די צווייטע — דיזעלבע טראַדיציעס צו ברעכן. סיי איינע און סיי די צווייטע האָבן אָבער געוווּסט, אַז ליבע און טרייקייט צום פאָלק, הייסט ליבע און טרייקייט צו די יידישע פאָלקס־מאַסן, צו זייער לעבן, צו זייער קאַמף פאַר אַ וועלט פון יושר און גערעכטיקייט.

ב) ליבע און טרייקייט צום יידישן וואָרט. —יעדער פון די אומגעקומענע איז געווען, אויף זיין אופן,

אָדער האָט לכל הפחות געשטרעבט צו זיין אַ „ריטער, אַן אומדערשראָקענער און אומבויגזאַמער" פון יידישן וואָרט. אומבאַגרענעצטע ליבע צום געפלאָגטן יידישן וואָרט, אפילו דאַן (און דווקא דאַן — נאָך מערער!) ווען מען האָלט עס פאַר סכנהדיק באַדראָט. אומבאַגרענעצטע טרייקייט צום יידישן וואָרט אומעטום און שטענדיק, אויב נויטיק — קעגן אַלץ און קעגן אַלעמען. טיפער דרך־ארץ פאַרן יידישן וואָרט, נישט בלויז ווי פאַרן אינסטרומענט פונעם אייגענעם שאַפן, פון דער אייגענער גייסטיקער וועלט, נאָר נאָך מער, ווייל עס איז דאָס וואָרט פון לייד און פרייד פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין גאָר דער וועלט, דער היינטיקער לשון־קודש, דער איינציקער שאַפונג-אינסטרומענט פון אַלוועלטלעך־יידישן קולטור-אוצר.

ג) טרייקייט דער מיסיע פון יידישן שרייבער. — יעדער פון די אומגעקומענע האָט אויף זיין שרייבערישן באַרוף געקוקט, ווי אויף אַ געזעלשאַפטלעכער מיסיע. יעדער פון זיי האָט, אויף זיין אופן, זיך באַטראַכט ווי אַ שליח־צבור. כמעט אַלע האָבן דידאָזיקע מיסיע אויפגענומען אויפן פרצישן שטייגער: געשטרעבט צו זיין נאָענט צום קולטור־לעבן פון די פאָלקס־מאַסן, זיך געפונען צווישן די, וואָס וועקן נייע איניציאַטיוון, וואָס מונטערן, וואָס אָרגאַניזירן. אַלע האָבן זיי געטראָגן זייער וואָרט צווישן פאָלק, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום שוועריקייטן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף אומפאַרשטענדעניש, ביטול און אפילו חוזק. זייער הייליקע מיסיע פון יידישן שרייבער האָבן זיי דערפילט, ווי אַן עבודה, מיט טיפער אחריות, אומעטום און שטענדיק, אפילו אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און בעת דער בלוטיקער דייטשער אָקופּאַציע, ווען פאַר יעדן יידישן וואָרט האָט געדראָט טויט. דער דיכטער י. ש. צענדאָרף האָט מיט זיין „ליד פון פּיטיוויע" געשטאַרקט דעם מוט פון זיינע לאַגער־חברים און אפשר טאַקע האָט זיין וואָרט אַ געוויסן חלק אין דעם, וואָס אייניקע אינטערנירטע זענען, אַדאַנק זייער אויסדויער, געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום. דער שריפטשטעלער אהרן בעקערמאַן האָט טאָג נאָך טאָג, אין דער תקופה פון גרויליקסטן היטלער־טעראָר, אַריינגעטראָגן אין זיין טאָגבוך אַלע נאַצי־אכזריות. אין דערזעלבער צייט האָט דער דיכטער און זשורנאַליסט מוניע נאַדלער רעדאַקטירט יידישע אויסגאַבן, געגרייט אפילו אַ יידישן זאַמל־בוך און איז געפאַלן ביים אויספירן זיין שרייבער־מיסיע.

ד) טרייקייט דער אידייע פון אַלגעמיינער, אַלוועלטלעכער יידישער קולטור. — די אומגעקומענע זענען געשטאַנען אין דער ערשטער ריי פון די אָרגאַניזאַטאָרן און פּראָפּאַגאַנדיסטן פונעם אַלוועלטלעכן קולטור־קאָנגרעס אין 1937. זיי האָבן אַלע עקשנותדיק געקעמפט פאַר דער אידייע פון פאַרוואַנדלען די יידישע „לאָקאַלע קולטורן" אין איין אַלגעמיינער קולטור. אין אונזערע טעג, ווען די גרויסע „מעטראָפּאָליע" פון מזרח-אייראָפּעאישן יידנטום איז חרוב געוואָרן, ווען מיר האָבן אין יידיש-לאַנד בלויז „פּראָווינצן", בלויז „קאָלאָניעס" (ווייל אויך די יידישע פאַראייניקטע שטאַטן זענען נישט מער ווי אַ פּראָווינץ, אויב מען מעסט די אמתע קולטור-גרויסקייט פון אַ ישוב נישט לויט דער צאָל און אפילו נישט לויט דער באַדייטונג פון זיינע קולטור־שאַפער, נאָר לויט דער ברייט און טיף פונעם קולטור־פאַרקער, וואָס גייט אָן צווישן שאַפער און אָפּנעמער), איצט, נאָכן גרעסטן חורבן אין אונדזער געשיכטע, וואָלטן די אומגעקומענע געקעמפט, מיט מער נאָך עקשנות ווי אַמאָל, פאַר דער פרצישער אידייע פון איין גרויסער, פאַראייניקטער יידישער ליטעראַטור, פון איין גרויסער פאַראייניקטער יידישער פּראָגרעסיווער קולטור.



זאָל מיטן גייסט פון דערדאָזיקער ירושה פון די אומגעקומענע יידישע שרייבער זיך דורכדרינגען דער גאַנצער יידישער ישוב פון פראַנקרייך. די מצבה פון די קדושים וועט אַזוי אַרום ווערן אַ שאַפערישער טייל פון אונדזער לעבן.

# אַהרן בעקערמאַן



געבוירן אין ביאלא־פּאָדלאַסקע, 1897. אין די יאָרן 1914־18 פאַרשלעפּט אויף צוואַנג־אַרבעט אין פראַנקפורט א. מיין. אין 1918 מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי, אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו פּעטליורען. אין 1922 אומגעקערט זיך פון מיליטער, געלעבט אין וואַרשע ביז 1926. זינט 1926 אין פּאַריז. מיטגעאַרבעט אין דער אַרגענטינער „פּרעסע“, „נייע פּרעסע“ (פּאַריז), „פּאַריזער זשורנאַל“ און פיל אַנדערע אויסגאַבעס. פאַרעפנטלעכט ביכער וועגן דאָסטאָיעווסקי, אַנאַטאָל פראַנס, ב. גלאַזמאַן און פּ. בימקאָ. אין מאַנוסקריפּט: מאָנאָגראַפיעס איבער לענינען, אַנרי באַרבוס, זאָלאַ, אַן אויטאָביאָגראַפיע, טאָגבוך פון דער צייט פון צווייטן וועלט־קריג און אַנדערע. דעפּאָרטירט דעם 6־טן מערץ 1943.

ב. שלעווין

# דאָס לעבן און שאַפן פון אַהרן בעקערמאַן

די האַנט ציטערט ביים אָנוואַרפן די קאָנטורן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער ליכטיקער געשטאַלט פונעם שריפטשטעלער און מאַרטירער אַהרן בעקערמאַן, וואָס איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז אין זיין סאַמע שעפערישן בלי־פּעריאָד. ער וואַקסט פון אַ סביבה און אַן עפּאָכע, וואָס דעם אומרו און דעם פיבער זייערן טראָגן מיר נאָך עד־היום איז אונזערע אָדערן. דאָס בלוט וועט אין אונדז נישט פריער געשטילט ווערן, ביז מיר וועלן נישט דערזען אויפסניי אָנצייכענען זיך דעם וועג, וואָס פירט צו דער פאַרווירקלעכונג פון זייערע שיינע טרוימען, פאַר וועלכע זיי האָבן אַזוי עקשנותדיק געלעבט און געקעמפט.

דאָס איז די עפּאָכע פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות. דער זיגזאַגן־מאַרש פון אונדזער באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ אינעם יידישן לעבן, ווי אין דער יידישער קולטור. די יידישע יוגנט אין מזרח־אייראָפּע איז נאָכן קאָשמאַר פון דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער בלוט־באָד אַרויס אַ געשטאַרקטע און מיט פולע לונגען איינגעאָטעמט די לינדע פריילינגסווינטן, וואָס האָבן אין יענע טעג אַ בלאָז געטון פונעם יונגן, צום לעבן־געקומענעם ראַטנפאַרבאַנד. מיטן אימפּעט פון אַן אויפגעבראָכענעם וואַסערפאַל, האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם איינגעפּרעסענעם שימל פון איבעריקע טראַדיציעס, קליינלעכע פאָרורטיילן, וואָס האָבן ביז דעמאָלט געפּייניקט און אַוועקגעשטעלט צוימען אינעם יידישן לעבן — זיי האָבן זיך דערפילט מיטאַמאָל פרייער און באַפרייטער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די וועלט איז יונגער געוואָרן און אַז אויך אינעם פינצטערן יידישן לעבן האָט די זון ענדלעך אַריינגעשיינט.

אָט די אָקומולירטע ענערגיע ביי יענעם יונגן יידישן דור צוזאַמען־ברעכער האָט אוממיטלבאַר געזוכט אויסצושטורעמען זיך. פונדאַנען דער גרויסער יידישער קולטור־רענעסאַנס, דער אויפבלי פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, דער אויפשוווּנג פון די גרויסע יידישע פּאַרטייען, דער אויפקום פון אַ גרויסער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פון יידישע אינסטיטוציעס און דער אויפמאַרש פון נייע און מעכטיקע שאַפערישע כוחות אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָבן אָנגעלייגט זייער חותם אויף אַ גאַנצן יאָרהונדערט. ס׳איז געווען די צייט פון זוכענישן איבערצוגיסן אַלץ אין נייע פאָרמען — די געשטאַלטיקונג פון אַ ניי לעבן. דאָס שטיינענדיקע וואַסער פון אָנגעזאַמלטן דורותדיקן שטייגער־לעבן ביי יידן איז שוין געווען ווייט אַהינטער זיי. דער אויסגאַנג פון דער מלחמה האָט געעפנט מיטאַמאָל נייע האָריזאָנטן, האָט אָפּגעווישט די גרע־

נעצן פונעם טראַדיציאָנעלן יידישן שטעטל. די נייע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע סטרוקטור ביי יידן האָט געפאָדערט אַ נייעם אויסדרוק, אַ נייעם טעמפּ.

צום דאָזיקן ענטוזיאַסטישן דור צוימען־ברעכער האָט אויך געהערט אַהרן בעקערמאַן, דער שריפטשטעלער, דער ליטעראַטור־קריטיקער, דער פיבערדיקער פּובליציסט, דער אייפעריקער זוכער. אָבער אין די יאָרן 22־1921, ווען דער יונגער אַהרן בעקערמאַן האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט פון די פראָנטן, פון די געפאַנגענען־לאַגערן, איז ער דער עיקר געווען — זוכער. ער האָט געזוכט קודם־כל דעם וועג צו זיך אַליין, צו זיינע אייגענע גייסטיקע קוואַלן, וואָס האָבן געשטורעמט אין אים און געזוכט אַן אויסדרוק. דער פּשוטער פאָלקסמענטש אהרן בעקערמאַן, דער יגיע־כפּימניק כל־ימיו, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון די געדיכטעניש פון דער יידישער אָרעמער, אַרבעטנדיקער מאַסע, האָט ביי זיין טאַטן אין שטוב קיין שום בילדונג נישט באַקומען, אויסער, נאַטירלעך, דעם טראַדיציאָנעלן חדר. אָבער פון קליינוויז אויף איז געווען ביי אים אַ געוואַלטיקער דורשט נאָך וויסן און אַ באַזונדערער חוש צו פאַרטיפן זיך אין זאַכן און געשעענישן, וואָס האָבן אים נאָכאַנאַנד געמאַטערט. אהרן בעקערמאַן איז געווען אַן אויטאָדידאַקט. דאָס אַלץ כמעט, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אין משך פון זיין פרוכטבאַרער שריפטשטעלערישער טעטיקייט, איז געקומען דורכויס פון אייגענער אָנגעשטרענגטער מי, פון די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס און שעהן, נאָך דער אַרבעט, צו וועלכער ער איז זייער פרי, נאָך אַ קינד כמעט, גערופן געוואָרן כדי צו לינדערן אַביסל די נויט ביי זיינע אָרעמע עלטערן אין הויז. נישט ווייניק האָט ער אויך גענאָסן פון די פּראָגרעסיווע אַרבעטער־קרייזלעך, צו וועלכע ער האָט אָנגעהערט און ווו דער דורשט נאָך וויסן איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ הייליקע עבודה.

ערשט אַרום 1922 האָט זיך בעקערמאַן, נאָך זיינע שווערע סאָלדאַטישע וואָגלענישן, ענדגילטיק צוריק אומגעקערט אין זיין געבוירן-שטעטל ביאַלע־פּאָדלאַסקי, צו דער מאַמען, דער אַלמנה און צום חרובן הויז, פונוואַנען אַלע אונטערגעוואַקסענע ברידער און שוועסטער זענען זיך געהאַט פונאַנדערגעפאָרן אין דער וועלט אַריין. אָבער די ענטוזיאַסטישע יוגנט, וואָס רינגלט אים אַרום, העלפט אים שנעל זיך אַרויסצורייסן פון דער אָפּהענטיקייט, זי גיט אים מוט, באַגייסטערונג און האַלט אונטער אין אים דאָס פייער פון קינסטלערישן יידישן וואָרט, צו וועלכן ער האָט זיך מיטן גאַנצן יוגנט־ברען געריסן נאָך פון קינדוויז אָן. ווער עס האָט אין יענע יאָרן געלעבט אין די קליינע יידישע שטעטלעך פון פוילן. ווייסט און דערמאָנט זיך מיט וואָס פאַראַ ענטוזיאַזם און הייליקן פלאַם מען האָט, טראָץ די שטערונגען פונעם עלטערן דור, אויפגעבויט אַ יידישע ביבליאָטעק, אַ יידישע שול, אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. מיט וואָס פאַראַ טיפן דרך־ארץ מען איז געקומען אויסהערן שבת נאָכמיטאָג אין דער פייערלעשער־שאָפּע אַ רעדנער, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון וואַרשע, אָדער זען אַ פאָרשטעלונג פון אַ יידישער וואַנדער־טרופּע.

אין דער רייכער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז צופעליק און עפּי נס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון פאַרניכטונג און איז אין באַזיץ — געאָרדנט און קלאַסיפיצירט — פון די אַרכיוון פון דאָקומענטאַציע־צענטער ביים פּאַריזער „אוניאָן", געפינען מיר אָן אַ שיעור ווערטפולע דאָקומענטן פון יענער יוגנט־עפּאָכע אינעם לעבן און שאַפן פון אַהרן בעקערמאַן. דאָס זענען אויך אינטערעסאַנטע דאָקומענטן פון אַ זעלטענעם אַלגעמיינעם ווערט דערפאַר, ווייל אין אָט דעם אויסטויש פון מיינונגען און געדאַנקען פון אַהרן בעקערמאַן מיט זיינע יוגנט־חברים פון א פאַרוואָרפן קליין פּויליש שטעטל, געפינען מיר די שטימונגען און דעם נשמה־פלאַטער, וואָס האָבן באַאומרואיקט אָט דעם גאַנצן טראַגישן יונגן דור אין „נייעם" פוילן, צווישן ביידע וועלט־מלחמות. מיט וויפל פּיעטעט און ערנסט עס ווערט אין דידאָזיקע בריוו באַהאַנדלט יעדעס ניי־דערשינען בוך, יעדער אַלגעמיינער קולטור־פּראָבלעם, יעדעס פּאָליטיש געשעעניש אין לאַנד און אין דער וועלט. עס ווייעט מיט אַ טיפן אומעט פון די דידאָזיקע פאַרגעלטע בלעטלעך, זיי דערציילן אינטים פון שלאָפלאָזע נעכט, פון נשמה־ראַנגלענישן, פון פּאָליציייִשן טעראָר, פון גראָע, אַרבעטלאָזע טעג ביי אַ יוגנט, וואָס וועגעטירט אין די פינצטערע, בלאָטיקע שטעטלעך פון פוילן און טרוימט ביים שטערן־שיין פון אַ בעסערער וועלט.

אַהרן בעקערמאַן לעבט שוין דעמאָלט אין וואַרשע, אין דעם געדיכטן יידישן צענטער, ווו עס נעסטיקט די טיפסטע אָרעמקייט בייזאַמען מיט אַ מעכטיקן קולטור־הונגער. ער אַרבעט ביי דאַמען־טאַשן און די אָוונטן זיינע גיט ער אָפּ די ביכער און די לאַנגע בריוו צו זיינע שטעטלדיקע חברים, מיט וועלכע ער טיילט זיך זיינע אינטימע איבערלעבענישן און מיט איינדרוקן איבער דעם וואָס ער לייענט. עס פאַלט אים גאָרנישט איין, אַז דידאָזיקע בריוו וועגן דורכגעלייענטע ביכער זענען אויסגעצייכנטע קריטישע אַנאַליזן, וועלכע דאַרפן קומען פאַר אַ ברייטערן קרייז לייענער, וועלכע דאַרפן פאַרעפנטלעכט ווערן. אַ חבר זיינער שיקט צופעליק איבער איינעם פון זיינע בריוו אין אַ רעדאַקציע און אינגאַנצן אומגעריכט פאַלט בעקערמאַנען אין דער האַנט אַריין די צייטונג, ווו ער דערזעט צום ערשטן מאָל זיינע געדאַנקען וועגן שרייבער און ווערק אָפּגעדרוקט.

דאָס איז אָן שום ספק געווען אַ גרויסער איבערברוך אינעם לעבן פון אַהרן בעקערמאַן. נאָך די אַרבעט־שעהן שליסט ער זיך אָפּ אין זיין צימערל. אויף זיין טישל הויפן זיך ביכער און זשורנאַלן, פּאַפּיר־בויגנס. זיין פיבער טראָגט זיך צווישן דער פינצטערער רוסישער מיסטיק ביי די העלדן פון דאָסטאָיעווסקין ביז דער שטומער, בונטאַרישער געשטאַלט פון לייוויקס „גולם". ער וויל זיי קלאָרער מאַכן, ער וויל אַרויסקריגן דאָס נישט־דערזאָגטע. ער וואַרפט אָן אויפן פּאַפּיר אָפּגעהאַקטע שורות און ער טראָגט זיך מיטאַמאָל אַריבער צוריק אין זיי,

שטעטל, צו דער אויסגעבענקטער, אַרבעטלאָזער יוגנט, צו די הייסע דיסקוסיעס וועגן אָט די אַלע פּראָבלעמען. פאַר זיי, דאַכט זיך אים, רעדט ער עס, פאַר זיי טאַקע הילט ער די באַדערפעניש צו רעדן. זיי טראָגן די לאַסט פון דער וועלט אויף זייערע מאָגערע יידישע פּלייצעס, זיי זוכן זי אויסצולייזן, ווי פּרצס שבת־יום־טובדיקע יידן, וואָס ראַנגלען זיך צווישן חלום און וואָר, צווישן שבת און דער גראָער וואָכעדיקייט. דאָס שרייבן באַקומט פאַר בעקערמאַנען אַ נייעם זין, אַ ציל.

אין יענע יאָרן האָבן זיך געדרייט אין וואַרשע נאָך אַזעלכע יונגעלייט, אָנהייבער, וואָס אויך זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די קליינע שטעטלעך און געקומען אַהער אָנוואַרעמען זיך אין דעם צענטער פון קולטור — ז״אָ, ווו עס דערשיינען אַזויפיל צייטונגען, זשורנאַלן, עס זענען טעטיק פאַרלאַגן און ווו עס גרופּירט זיך די גרויסע שרייבער־משפחה אינעם פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13. זיי האָבן גענעכטיקט אויף פרעמדע בעטלעך, געשמאַק אונטערגעהונגערט, געגאַנגען אין צעריסענע שיך און געשריבן לידער. פון דערדאָזיקער באָהעמען־גרופּע, וואָס פלעגט זיך אָפט צונויפקומען אויף שמחהלעך ביי אַ ברויט מיט אַ הערינג ביים יונגן מאָלער אַברהם גוטערמאַן אויף דער דזשעלנע גאַס, ווו ער האָט געוווינט אין אַ קעלערל, האָבן זיך נאָכדעם אויסגעטיילט און פאַרנומען אַן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור די דיכטער און דערציילער ביניש זילבערשטיין, דוד מיצמאַכער, מ. דזשאַלאָווסקי, א. ד. ספאַרד.

ביניש זילבערשטיין איז געווען אַ בלייכער, אַ קרענקלעכער; ס׳האָט געשמעקט פון אים מיט שפּיטאָל, מיט באַנדאַזשן און דאָסזעלבע איז אויך געווען מיט זיינע לידער און דערציילונגען. דוד מיצמאַכער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַן אייזן־געשעפט אויפן גזשיבאָוו, האָט דעם גאַנצן טאָג געהאַט צו טון מיט פּראָסטע יידן, טרעגערס און אויך זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען זענען נישט אומזיסט געווען עפּעס פון דעם מין. ער האָט געהאַט דעם האַמעטנעם, רעאַליסטישן טאָן פון י. מ. ווייסענבערג. מ. דזשאַלאָווסקי, אַ בלאַסער ראָמאַנטיקער האָט צו יענער צייט געשריבן לבנה־לידער און אויסגעזוכט אין די ווערטער־ביכער אומפאַרשטענדלעכע, לאַטיינישע שפּרוכן צו באַטיטלען זיי, אָבער די אַרבעטלאָזיקייט און די אויסזיכטלאָזיקייט האָבן אינגיכן פּראָלעטאַריזירט אים און זיינע לידער. ספאַרד איז געווען אַ קורצער, געפּאַקטער בחור פון וואָלין, אַ סטודענט, וואָס האָט זיך געגריבלט אין מאַרקסיזם, דיסקוטירט איבער דער נייער אָריענטירונג קעגן די אַלטע, אָפּגעלעבטע פאָרמען אין דער יידישער ליטעראַטור; ער האָט, ווי נחס טויב, מיטגעברענגט מיט זיך דעם אָטעם און דעם גרוס פון די נייע שטרעמונגען אין דער יונגער סאָוויעטישער ליטעראַטור, כאָטש אַליין האָט ער אינדערשטיל אונטערגעזינדיקט מיט לירישע לידער, וואָס אין יענער שטורמישער עפּאָכע איז עס געווען אַביסל נישט אין איינקלאַנג מיט דעם אידעאַלן מענטש פון שטאָל און אייזן.

דער ענטוזיאַסט צווישן אָט דער יונגער באָהעמיע איז געווען אַהרן בעקערמאַן. אַ בלאָנדער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט גוטע, בלאָע, לאַכנדיקע אויגן, גאָרנישט ווי קיין ייד, איז ער אַלעמאָל געווען דער אָפּטימיסט, פול מיט ענערגיע. ער האָט אונטערגעשטיצט אַלע פּלענער. ער האָט זיך געוואָרפן מיט באַגייסטערונג אויף יעדער געמיינזאַמער אונטערנעמונג. „שפּראָצונגען", די גרופּע און דער זשורנאַל, איז געווען זייער גרויסער, געמיינזאַמער ציל. אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס ווערן צוזאַמענגעברענגט. אַרום דער גרופּע „שפּראָצונגען" וואַקסט אויס אַן אַטמאָספער פון יונגע שעפערישע רוחות. די פּאָסט ברענגט יעדן טאָג פון דער פּראָווינץ אומבאַהאָלפענע, דיכטערישע אויסברוכן, אויפריכטיקע, אָבער אומבאַהאָלפענע. דאָס אַלץ מוז געלייענט ווערן מיט געדולד. מען נישטערט יעדע שפּור פון עכטקייט. נישט ווייניק נעמען פון יידישע שרייבער, וואָס זענען דערנאָך באַקאַנט געוואָרן, האָט דעמאָלט די פּאָסט געברענגט אין די בריוועלעך צו דער רעדאַקציע פון די „שפּראָצונגען".

אַהרן בעקערמאַן באַטייליקט זיך כמעט אין יעדן העפט מיט קריטישע אַרבעטן, העלפט מיט רעדאַקטירן און גאַנץ באַזונדערס פאַרטיפט ער זיך דעמאָלט איבער זיין דאָסטאָיעווסקי־שטודיע, איבער דער עפּאָכע פון דעם מעכטיקן רוסישן ריז, איבער דער אידייען־וועלט פון זיינע העלדן. אַליאָשאַ פון די „ברידער קאַראַמאַזאָוו" און דער עיקר דער צעשטרייטער, אָרעמער סטודענט ראַסקאָלניקאָוו פון „פאַרברעכן און שטראָף" צערודערן אים. צוגלייך מיט ראַסקאָלניקאָוון מאַטערט אים די פראַגע: צי האָט ער באמת רעכט געהאַט אומצוברענגען די אַלטע פּראָצענטניצע, כדי פאַרצוזעצן זיין בילדונג, אָדער — נישט? דאָס איז די פראַגע, וואָס האָט אויפגערודערט די יוגנט פון זיין היים־שטעטל און ווו מען האָט זי לאַנגע אָוונטן נאָכאַנאַנד דורכדיסקוטירט מיט ברען און מיט פייער אויף די ליטעראַרישע משפּטים. די פּראָצענטניצע איז אויסגעוואַקסן צום סימבאָל פון קלאַס עקספּלואַטאַטאָרן און ראַסקאָלניקאָוו — דער קלאַס, וואָס וויל זיך באַפרייען פון זיי.

ער ווייסט גאָרנישט ווו די אָוונטן אַנטלויפן אים. דאָס בוך צעוואַקסט זיך. דאָס קינסטלערישע געשטאַלט פון דאָסטאָיעווסקין אין די ראַמען פון זיינע ווערק, פון זיין עפּאָכע, קלאָרט זיך אויס, באַקומט בלוט און פלייש.

דאָס בוך וועגן דאָסטאָיעווסקי און אין צווישן־צייט — די אַרבעט איבערן „גולם" פון ה. לייוויק, האָט בעקערמאַן פאַרענדיקט קורץ פאַר זיין פאַרלאָזן וואַרשע, אויפן וועג צו דער נייער היים אין פּאַריז. דאָס זענען געווען די יאָרן נאָך דער שנעל־אָפּגעבליטער פּראָספּעריטי, ווען דער עקאָנאָמישער קריזיס אין פּוילן האָט דערשטיקט און געצוווּנגען צום אויסוואַנדערן די בעסטע שאַפערישע כוחות צווישן דער יידישער אינטעליגענץ. אויך בעקערמאַן האָט שוין מער נישט געקענט פאַרבלייבן אין דער סביבה, ווו מען האָט וועגעטירט, ווו מען האָט בלויז געקענט חלומען וועגן אַ רעאַל, געזונט און אַרבעטזאַם לעבן. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ פרוי און אַ קינ־

צו שפּייזן. וואַרשע האָט ער אָבער נישט פֿאַרלאָזן גערן, ער איז אַוועק מיט אַ ווילדער בענקשאַפֿט אין האַרץ, און די האָפֿענונג זיך נאָך אַ מאָל צוריקצוקערן האָט אים קיינמאָל נישט פֿאַרלאָזן.

ער איז אַוועק פֿון פּוילן מיט אַ קורצן, אָבער וואָגיקן ליטעראַרישן סטאַזש: צענדליקער קריטישער אַרטיקלען איבער שרייבער און זייערע ווערק, אַן אַרבעט איבערן „גולם" פֿון ה. לייוויק און דאָס אויסגעטראָגענע ווערק וועגן דאָסטאָיעווסקי. דאָסדאָזיקע בוך איז דערשינען אין וואַרשע נאָכדעם ווי ער האָט שוין אַ לענגערע צייט געלעבט אין פּאַריז. ווי יעדעס יידישע בוך אין אונזערע באַדינגונגען, האָט אויך דאָסדאָזיקע ווערק בעקערמאַנס דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום, ביז ס'האָט דערזען די ליכטיקע שיין. אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן אַהרן בעקערמאַן און דעם דיכטער מ. דזשאַלאָווסקי, וואָס האָט נאָך דעמאָלט געלעבט אין וואַרשע, געפֿינען מיר פֿיל בריוו, וועלכע דערציילן וועגן די שוועריקייט; אין שייכות מיטן דערשיינען פֿונעם בוך. אַרום 1931 איז דאָס בוך ענדלעך אַרויס אין פֿאַרלאַג גאָלדפֿאַרב. די יידישע קריטיק אין וואַרשע, וואָס איז נישט אַלעמאָל געשטאַנען אויפֿן געהעריקן ניוואָ, האָט זיך צוערשט באַצויגן מיט ווייניק צוטרוי צו אַ יונגן מחבר, וואָס האָט זיך גענומען צו שרייבן מיט אַזאַ געוואַגטקייט איבער דאָסטאָיעווסקי. אַ שטיקל צייט איז די וואַרשעווער און פּראָווינצער פּרעסע אין פּוילן געשטאַנען אונטערן צייכן פֿון אַ גרויסער דיסקוסיע אַרום דעם בוך. צווישן די צייטונג־אויסשניטן געפֿינען מיר אָבער אויך אַ רעצענזיע וועגן בעקערמאַנס דאָסטאָיעווסקי־בוך פֿונעם באַקאַנטן דראַמאַטורג י. ב. צפּור, וועלכער שרייבט צווישן אַנדערן:

„. . . און אַזוי פֿילט זיך כמעט אומעטום אין דעמדאָזיקן ווערק בעקערמאַנס אַ וועלט מיט זאָרגפֿעליקייט, מיט ערנסטער פֿאַרטיפֿונג, מיט דויערנדיקער און אָנגעשטרענגטער אַרבעט. אַוודאי פֿילט זיך דאָ און דאָרט די השפּעה פֿון אַ בעלינסקין, פֿון אַ לונאַטשאַרסקין, פֿון טען און געאָרג בראַנדעס. דאָס זענען אָבער בלויז עכאָס, רעמיניסצענצן פֿון אייניקע גוטפֿאַרדייטע גרונט־געדאַנקען, וועלכע דינען אים אַלס אומבאַדינגטער וועגווייזער. אָבער דאָס פּראָבלעם גופֿא און אויך די לייזונג זענען אויסשליסלעך בעקערמאַנס. איר טרעפֿט אין דעם דאָזיקן בוך פּרעכטיקע זייטלעך, אָריגינעלע אויפֿבליצן, וואָס וואַרפֿן אַ ליכט און בינדן צוזאַמען אַ סך נעפּלדיקע שטעלן אין די ווערק פֿון געניאַלן דאָסטאָיעווסקי."

אַהרן בעקערמאַן האָט זיך ביי יעדער געלעגנהייט נאָך פֿילמאָל אומגעקערט צו דאָסטאָיעווסקין, וואָס האָט כסדר געריצט אין אים דעם אינטערעס צו פֿאַרטיפֿן זיך אין דער וועלט פֿון די אויסטערלישע כאַראַקטערן. צו די 50 יאָר נאָכן טויט פֿון דאָסטאָיעווסקין שרייבט בעקערמאַן נאָכאַמאָל:

„אַ האַלבער יאָרהונדערט איז אויסגערונען זינט דאָס האַרץ פֿון גרויסן טראַגישן מייסטער איז שטיינגעבליבן, זינט זיין גייסט האָט אויפֿגעהערט שוועבן איבער דער אומענדלעכקייט, זוכנדיק דעם סוד פֿון לעבן אין די אייביקע געזעצן פֿון דער מענטשלעכער נשמה, וואָס באַוועגן אַלע מענטשלעכע האַנדלונגען און שטרויכלונגען, אויפֿן וועג צו אַ באַשטימטן ציל — די פֿאַרפֿולקומונג פֿון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט."

די וועלט־שטאָט פּאַריז שלינגט בעקערמאַנען איין, אים שלינגט איין דער יידישער בעלוויל, די יידישע מאַראָקינערי־אַטעליעס, וווּ ער גיט אַוועק זיינע טעג, נישט כדי אַרויפֿצואַרבעטן זיך, נישט כדי אָנצוזאַמלען אַ פֿאַרמעגן. ער אָרדנט זיך איין אַ באַשיידענע וווינונג, וווּ עס זענען אָנגעהויפֿט אין אַלע ווינקעלעך ביכער און וווּהין ער ברענגט אינגיכן אויך אַריבער פֿון וואַרשע זיין קליינע משפּחה. די אָוונטן זענען פֿאַרן שרייבטיש און די פֿרייע טעג — צו באַזוכן די מוזייען, די ביבליאָטעקן, די אויסשטעלונגען, דאָס גאַנצע פּיטאָרעסקע און היסטאָרישע, וואָס דאָס אַלטע פֿראַנקרייך פֿאַרמאָגט אין אַזאַ שפֿע. ער קען זיך נישט זאַט אָנטרינקען מיט דער מאָנומענטאַלער אָנזאַמלונג פֿון קולטור־ און קונסט־אוצרות.

ער איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין אַ ריי צייטשריפֿטן אין ענגלאַנד, אַמעריקע, פּוילן, רומעניע און קאָרעספּאָנדענט פֿון דער גרויסער יידישער טאָג־צייטונג אין אַרגענטינע, „די פּרעסע". דאָרט טאַקע פֿאַרעפֿנטלעכט ער די מערסטע פֿון זיינע באַשרייבונגען און פּאָליטישע קאָרעספּאָנדענצן פֿון דער פֿראַנצויזישער הויפּט־שטאָט. ס'איז די פּאַזע פֿון בעקערמאַן, דעם ערנסטן, פּראָגרעסיוון פּובליציסט, וואָס רופֿט זיך אָפּ מיט פֿאַרביסענער ליידנשאַפֿט אויף יעדן וויכטיקן פּאָליטישן געשעעניש; צי איז עס די סאַקאָ־וואַנצעטי־טראַגעדיע, צי איז עס דער שוואַרצבאַרד־פּראָצעס, אָדער דער יאָרטאָג פֿון די פּאַריזער קאָמונאַרן.

דאָס דעמאָלטיקע יידישע פּאַריז איז נאָך אַ רוי, נישט צעאַקערט פֿעלד. די סטיכישע עמיגראַציע־שטראָמען פֿון פּוילן, פֿון רומעניע, פֿון די באַלטישע לענדער האַלטן איצט אין אָפּזעצן זיך. עס קומען אויף אָרגאַניזאַציעס, קרייזלעך, עס קומט אויף אַן אַרבעטער־פּרעסע. אַהרן בעקערמאַן שטייט נישט אין דער זייט, ער פֿילט אויף זיינע פּלייצעס די מיטפֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון דער צייט און קומט אַלעמאָל העלפֿן צולייגן אַ האַנט.

דער אָנוואַקסנדיקער ישוב קריסטאַליזירט ביסלעכווייז אויס אַ קליינעם יידישן קולטור־צענטער פֿון שרייבער, קינסטלער און קולטור־טוער. אין קעגנזאַץ צו די עלטערע יידישע שרייבער און קינסטלער, וואָס לעבן דאָ שוין פֿונלאַנג און קומען קיינמאָל נישט אין קאָנטאַקט מיטן יידישן פֿאָלקס־מענטש. קומען דאָרט ערגעץ אָפּ אין די קאַפֿעען פֿון מאָנפּאַרנאַס אין פּרוכטלאָזן באַהעמעווען, גרופּירן זיך אַרום דער דעמאָלטיקער „קולטור ליגע" די יונגע שאַפֿערישע כוחות, מיטגעקומענע מיטן עמיגראַציע־שטראָם. אויך דאָ, פּונקט ווי אין וואַרשע, איז אַהרן בעקערמאַן דער לעבעדיקסטער נערוו צווישן זיי.

צוזאַמען מיטן רעפּאָרטאַזשן־שרייבער ש. ל. שניידערמאַן, מיטן ליטעראַטור־קריטיקער ב. ווינאַגוראַ און מיט דער מאַ־

לערין חנה קאָוואַלסקאַ. רעדאַקטירט ער אין 1930 דעם ליטע־ראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל „בלעטער", ווו ער פֿאַרעפֿנט־לעכט שוין דאָ קאַפּיטלען פֿון זיין שפּעטערדיקער מאָנאָגראַ־פֿיע וועגן גרויסן פֿראַנצויזישן שריפֿטשטעלער אַנאַטאָל פֿראַנס. דידאָזיקע גרופּע אָרדנט אָפּט איין ליטעראַרישע אַרויסטריטן, דיסקוסיע־אָוונטן. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אין 1936, איז ער צוזאַמען מיט ג. קעניג, ב. ווינאַגורא און ב. שלעווין מיטרעדאַקטאָר פֿונעם „פּאַריזער זשורנאַל".

אויף זיין שרייב־טיש ליגן שוין צו דער צייט ביז אַ צענד־ליק ביכער אין כתב־יד, וואָס האָבן זיך אַ חוץ די אַנאַטאָל־פֿראַנס־מאָנאָגראַפֿיע — ביי זיין לעבן נישט דערוואַרט צו דער־זען די ליכטיקע שיין. זכרונות פֿון דער פּעטלוראַווּשטשיזנע אין אוקראַינע, ווו אהרן בעקערמאַן איז געווען אין געפֿאַנגענ־שאַפֿט אַלס פּוילישער סאָלדאַט — ס'איז אַ לענגערע שילדע־רונג פֿון יידישע צרות און פֿון יידן, וועלכע מען האָט געצוווּנ־גען צו גיין שלאָגן זיך און אומקומען פֿאַר פֿרעמדע צילן. „פֿאַר פֿרעמדע צילן" — אַזוי איז טאַקע דאָסדאָזיקע בוך באַטיטלט. פֿון זיינע באַזוכן אין די מוזייען איז ביי בעקערמאַנען געבויר־געוואָרן נאָך אַן אָריגינעל בוך וועגן אַלט־פּאַריז. וועגן אַלט־פּאַריז זענען אָנגעשריבן געוואָרן אָן אַ שיעור ביכער, אָבער בעקערמאַן האָט עס אויפֿגענומען מיט זיין וואַכזאַם, קינסטלע־ריש אויג און מיטן באַזונדערן מאַניר פֿון דערציילן, וועלכן מיר געפֿינען נישט ערגעץ אַנדערש. דידאָזיקע שילדערונג קען בשום אופֿן נישט פֿאַררעכנט ווערן צו דער קאַטעגאָריע גע־שיכטע־ביכער, ווייל עס פּולסירט אין זיי וואַרעם בלוט פֿון אמתער איבערלעבונג.

זיינע פֿאַרטיפֿטע שטודיעס אין דער פֿראַנצויזישער ליטע־ראַטור, דאָס פֿאַרפֿולקומען זיך אין דער שפּראַך, דאָס נאָכזוכן דאָס נאָכפֿאָרשן, די אָפֿטע באַזוכן זיינע ביי די ביכער־שטעלן אַרום די בריקן פֿון דער סען — און איבערהויפּט די פֿראַנצוי־זישע ליטעראַטור פֿון 19־טן יאָרהונדערט — האָבן בעקערמאַ־נען געבערענגט אויף די שפּורן פֿון איינעם פֿון די גרעסטע מייס־טערס אירע — אַנאַטאָל פֿראַנס. איז עס אַ צופֿאַל דאָס אַלץ, וואָס האָט דעם יידישן קריטיקער אהרן בעקערמאַן געפֿירט דווקא אויף די שפּורן פֿון רוסישן זשעני דאָסטאָיעווסקי און ביז צום גרויסן פֿראַנצויזישן מייסטער אַנאַטאָל פֿראַנס ? ביי ביי־דע האָט ער געזוכט דאָס דערהויבענע און דאָס אַלגעמיי־מענטשלעכע, וואָס שטייגט ווייט אַריבער די ראַמען פֿון נאַציע און ראַסע, וואָס הייבט זיך אויף מיט אַן אַדלער־שווּנג איבערן קליינלעכן, טראָץ דעם וואָס זיי זענען געווען אַזוי טיף נאַציאָ־נאַל און אַזוי טיף־פֿאַרוואָרצלט אין זייער פֿאָלק און אין זיינע טראַדיציעס.

נאָכגייענדיק צוערשט טריטוויז דעם קליינעם אַנאַטאָל פֿראַנס אין דער סביבה פֿון זיינע עלטערן, דערנאָך אין קרייזן פֿון זיינע שול־חברים, פֿריינט, פֿאַמיליע און צייט־קאָלעגן, שילדט ער אויס פֿאַר אונדז אַנאַטאָל פֿראַנס דעם מענטש, דעם אייביקן זוכער, דעם גריבלער אין פֿאַרגעסענע אַרכיוון, דעם



בעקערמאַן (רעכטס) און עגאָן ערווין קיש (לינקס)

דענקער־פֿילאָזאָף און דעם קינסטלער־עסטעט. עס ווערן אויך נישט אויסגעמיטן זיינע וואַקלענישן, די צווייפֿלען, אָבער אין דער לעצטער פֿאַזע דערזעען מיר אַנאַטאָל פֿראַנס דעם קעמ־פֿער פֿאַר פֿרידן, דעם הייסן פֿאַרטיידיקער פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אין דער מאָנאָגראַפֿיע איבער אַנאַטאָל פֿראַנס וואַקסט שוין אויס פֿאַר אונדז בעקערמאַן דער רייפֿער שריפֿטשטעלער, וואָס גייט צו זיין ווערק מיט אַ קלאָרן ציל־באַוווּסטזיין, מיט אַ קרעפֿ־טיקן פֿאַרמעסטן זיך. קיין שום מי נאָכצוזוכן, צו פֿאַרטיפֿן און צו דערפֿאָרשן גענוי זיין אַרבעט־שטאָף שטייען אים נישט אין וועג. ער ווערט אויך שנעל באַאיינפֿלוסט פֿון דעם, וועלכן ער האַלט פֿאַר זיין לערער, פֿאַר זיין וועג־ווייזער. צו באַשרייבן די סען־ברעגן, ווו אַנאַטאָל פֿראַנס איז אויסגעוואַקסן, די „בוקי־ניסטן", ווו אַנאַטאָל פֿראַנס פֿלעגט אַזוי אָפֿט קומען נישטערן צווישן די אַלטע ביכער און זעלטענע אויסגאַבן, לאָזט זיך בע־קערמאַן אַליין אַוועק אויף לאַנגע שפּאַצירן. ער זאַפּט איין אין זיך די גאַנצע לאַנדשאַפֿט אַרום דעם אינזל סיטע, ווו עס הוי־ערן אַרום די זשאַווערנדיקע געביידעס און היסטאָרישע פּלע־צער מאָנומענטן פֿון דער אַלטער קולטור פֿראַנקרייכס. פּונקט ווי זיין מייסטער, האָט ער ליב אַריינצולעבן זיך אין געשיכט־לעכן שטויב, וואָס טראָגט נאָך אין זיך בולט די שפּורן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. ס'איז דאָ לייכט צו פֿאַרשפּינען דעם פֿאָ־דעם פֿון נעכטן מיטן היינט.

די אַקטיוויטעט בעקערמאַנס פֿאַרשטאַרקט זיך באַזונדערס אין די קורצע, צוזאָגנדיקע איבערגאַנג־טעג פֿון פֿאָלקס־פֿראָנט. די וואַל־פֿיבערן פֿון דער הויפּט־שטאָט, אַ פֿונאַנדער־געוויגטע אין פּלאַקאַטן, אין מיטינגען, אין שטרייקן, גיבן זיך לייכט איבער זיין שאַפֿערישער פֿען. דער איינגעבוירענער אָפּ־טימיזם אין אים לעבט אויף מיט נייע האָפֿענונגען. ווייט נישט קיין פּאָליטיקער, גיכער פֿון אַלץ אַ געפֿילס־מענטש, אַ טרוי־מער, וואָלט איך געזאָגט, טראָגט ער זיך אין זיין דמיון אַרי־

בער צום אויפגעברויזטן פאַריז אין די טעג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און בעתן אויפשטאַנד פון די קאָמונאַרן. מען דאַרף לייענען זיינע באַגייסטערטע אַרטיקלען אין היסטאָרישע פּאָרטרעטן וועגן לואיז מישעל, וועגן דאַנטאָן און ראָבעספּיער, וועגן וויקטאָר הוגאָ און עמיל זאָלאַ, כדי צו פילן אויף זיך דעם הויך פון די אומגעריכט־אויפגעוועקטע האָפענונגען אינעם אומפאַרגעסלעכן זומער 1936, דער זומער פונעם פאָלקס־פראָנט־טריומף.

מיטן דאָזיקן אימפּולס לעבט אויך אויף די שרייבער־גרופּע אין די היסטאָרישע טעג. עס ווערט געגרייט דער ערשטער נומער „פאַריזער זשורנאַל”. אַצינד, אין שיין פון די אָפּגעלאָפענע צען יאָר, דערזעען מיר קלאָרער די ראָל פון אָט דער יונגער גרופּע שרייבער און פון דעם אָרגאַן, אַרום וועלכן זיי האָבן זיך געזאַמלט. עס האָט זיך נאָכאַנאַנד עפּעס געטון — פאַרזאַמלונגען, זיצונגען, רעפעראַטן, געווידמעט די שרייבער. גלייכצייטיק מיטן זשורנאַל, דערשיינען אויך ביכער, לידער, דערציילונגען, ראָמאַנען, היסטאָרישע אַרבעטן. עס וואַקסט אויס אַן אַטמאָספער, וואָסביים פייער זיינעם וואַרעמען זיך מיר, די געציילטע לעבן־געבליבענע, נאָך ביז היינט צו טאָג, כאָטש די זעקס מלחמה־יאָרן האָבן אָוועקגעריסן פון אונדז די סאַמע בעסטע; צווישן זיי אויך אונדזער ליבן אהרן בעקערמאַן, וואָס האָט אין דערדאָזיקער גרופּע געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל, וואָס קיין איין אונטערנעמונג איז נישט אַדורך אָן זיין אָנטייל, אָן זיין מיטבאַטייליקונג. זיין באַשיידענע וווינונג אויפן הויכן בעלוויל איז אָפּטמאָל געווען דער אַדרעס, דער צוזאַמענקום פון שרייבער, דאָרט זענען געלייגט געוואָרן די שאַפונגען נאָר־וואָס פון דער פעדער־אַוועק. דאָ־ט איז באַשטימט געוואָרן דאָס פּנים פון יעדן פרישן נומער „פאַריזער זשורנאַל”, וואָס האָט צווישן די יאָרן 1935־39 געשאַפן אַן עפּאָכע אינעם יידישן קולטור־לעבן אין פאַריז. און אויב עס וועט אַמאָל געשריבן ווערן די געשיכטע פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג אין פראַנקרייך, וועט די דאָזיקע עפּאָכע בשום אופן נישט קענען אַדורכגעלאָזן ווערן.

עס קומט דאָ נאָך צו זייער אַ וויכטיקער מאָמענט אין שייכות מיטן „פאַריזער זשורנאַל” און אין שייכות מיט אַהרן בעקערמאַן. „פאַריזער זשורנאַל” האָט איינער פון די ערשטע אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק פון אַן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, וואָס איז טאַקע דערנאָך צושטאַנד־געקומען אין יאָר 1937, בעת דער וועלט־אויסשטעלונג; און בעקערמאַן איז אויפן דאָזיקן קאָנגרעס אַרויסגעטרעטן טאַקע אין נאָמען פון דער גרופּע „פאַריזער זשורנאַל”.

דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס איז אין זומער 1937 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקער קולטור־מאַניפעסטאַציע, וואָס ס׳יידישע פאַריז האָט זעלטן־ווען איבערגעלעבט. צענדליקער פון די אָנגעזעענסטע יידישע שרייבער און קולטור־טוער זענען זיך צונויפגעקומען פון אַלע עקן אייראָפּע און פון ביידע אַמעריקעס. ס׳איז דעריבער אויך געווען אַ גרויסער פערזענלעכער יום־טוב פאַר בעקערמאַנען צו באַגעגענען זיך מיט אַלטע באַקאַנטע און פריינט, מיט וועלכע די באַקאַנטשאַפט איז בלויז געווען פונדערווייטנס, דורך זיינע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן און ביכער. דער קאָנטאַקט ווערט נאָך אַן ענגערער, ער דערפילט זיך ווי אַ מיטגליד פון דער גרויסער שאַפערישער משפחה, וואָס לעבט מיט געמיינזאַמע צילן און קעמפט קעגן געמיינזאַמען שונא.

אונטערגעגעבן האָבן מיר זיך נישט, פאַרקערט, אונזער קאַמפּווילן האָט זיך פאַרפילפאַכט, אָבער די בעסטע פון אונדזער מחנה זענען געפאַלן אין דער שלאַכט און צווישן זיי אויך — אהרן בעקערמאַן.

איך דערמאָן זיך נאָך ווי איצט דעם וואַרעמען אויפדערנאַכט, נאָך דער אָוונט־זיצונג פון קאָנגרעס אין זאַל „מיטיאַליטע”, ווען איך האָב זיך צוזאַמען מיט בעקערמאַנען אַוועקגעלאָזן צופוס אַהיים און מיר האָבן טאַקע אויפן גאַנצן וועג גערעדט וועגן פאַרלאַנג נישט אונטערצוגעבן זיך. מיר האָבן זיך לאַנג געפּלאָנטערט צווישן די פינצטערע, מיטלאַלטערלעכע געסעלעך פון די שיטערע גאַז־לאַנטערן און די נישעס פון די בלינדע ווענט, דורכגעשניטן די עטלעכע בריקן פון דער סען־אינזל, פאַרביי דער מאַסיווער, אויסגעלאָשענער קאַטעדראַל „נאָטרדאַם”. ער האָט אַ שטיק וועגס געשוויגן, בעקערמאַן, ס׳איז אים, זעט אויס, עפּעס שווער געווען אויף דער נשמה, ווי ער וואָלט שוין דעמאָלט פאָרגעפילט, אַז ער וועט איינעם שווערן געראַנגל אומקומען און אַז ער וועט שוין זיין לעבנס־ווערק נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן.

— איך קען די דייטשע בעסטיע — האָט ער מיטאַמאָל זיך אָפּגערופן, ווי ער וואָלט ווייטער געצויגן זיינע שווערע מחשבות — איך האָב יינגלווייז, בעת דער אָקופּאַציע אין פוילן, געאַרבעט אונטער דער בייטש זייערער. ווער, פרעג איך, פון אונזערע צעפוילטע דעמאָקראַטיעס וועט זיך אַנטקעגנשטעלן אָט דער מיליטעריש־ראַפינירטער חיה, ווען אַלע לאָזן זיי פאַר אונדזערע אויגן אָפּגיין אין בלוט דאָס שפּאַנישע פאָלק ? אָבער אונטערגיין וועלן מיר נישט — האָט ער זיך באַלד צוריקגעכאַפּט — ווי אָט דער גרויסער קולטור־דענקמאָל, דער „נאָטרדאַם”, וואָס האָט איבערגעלעבט יאָרהונדערטער, מלחמות און רעוואָלוציעס, וועלן מיר ביישטיין אַלע פייער־פּראָבעס.

די לעצטע צוויי־דריי יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער, גרויסער בלוט־באָד, האָט בעקערמאַן איבערגעלעבט אַ סך מאָמענטן פון פאַרצווייפלונג, אָבער דער שאַפערישער מוט און דער טיפער גלויבן האָבן זיך פון אים קיינמאָל נישט אָפּגעטון.

אין זיינע קאָרעספּאָנדענצן רופט ער זיך כסדר אָפּ מיט גרויס פאַרביטערונג איבער די אַקטועלע, פּאָליטישע געשעענישן, וועגן די מינכען־לייט, וואָס עפענען פריי דעם וועג פאַרן פאַשיזם אין פראַנקרייך. זיין שאַפערישע אַקטיוויטעט איז אין פולן פיבער. ער שרייבט רעצענזיעס איבער ביכער, וועלכע ער באַקומט צוגעשיקט פון יידישע שרייבער פון אַלע עקן וועלט,

ער ענדיקט אויס און גרייט צום דרוק זיין אַרבעט איבער אַנאַטאָל פראַנס, שרייבט אַ גרעסערע אַרבעט איבערן דיכטער ל. מלאך, וואָס איז געשטאָרבן אין פּאַריז; מיט אַ נייעם ברען פאַרמעסט ער זיך אויף 2 מאָנאָגראַפיעס איבערן שריפטשטעלער ברוך גלאַזמאַן און דעם דראַמאַטורג פּ. בימקאָ — צוויי ביכער, וועלכע בעקערמאַן האָט שוין נישט באַוויזן פאַר זיין לעבן צו זען פאַרעפנטלעכט און וואָס זענען מיט אַ קורצער צייט צוריק דערשינען אין אַמעריקע.

ער שטייט, א חוץ דעם, אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט אַ ריי גרויסע און אָנגעזעענע נישט־יידישע שרייבער. ער באַקומט בריוו פון ראָמען ראָלאַן, פון עגאָן ערווין קיש, יאָהאַנעס בעכער, אַראַגאָן. ס'איז גענוג צו ברענגען קליינע אויסצוגן פון בריוו, געשריבענע צו אים, כדי צו דערפילן בעקערמאַנס באַזונדערע באַדערפעניש צו וועקן צווישן די נישט־יידישע אינטעלעקטועלע דעם אינטערעס צו דער יידישער קולטור, צום יידישן שאַפן. אין איינעם פון זיינע בריוו, שרייבט דער גרויסער פראַנצויזישער שריפטשטעלער און רעוואָלוציאָנער אַנרי באַרביס צו בעקערמאַנען:

„. . . איך מיין, אַז די יידישע שרייבער דאַרפן פאַרנעמען אַ וויכטיק אָרט אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, ווייל זיי האָבן אַלע נויטיקע קוואַליטעטן דערצו — שטרענגען רעאַליזם, נייע פאָרם-זוכעניש אין דער קונסט פאַר די מאַסן און, דורכן זשעני פון זייער ראַסע, האָבן זיי אויך די וויכטיקע אייגנשאַפטן צו שאַפן די ליטעראַטור פון רעוואָלוציאָנערן מיסטיציזם".

די מלחמה האָט אָן שום ספק צעשטערט אַ סך גרויסע פּלענער אינעם שאַפן פון אהרן בעקערמאַן, אָבער צום וווּנדערן זיך איז, וואָס זיין אַקטיוויטעט, כאָטש אַ באַשווערטע און אַ פאַרלאַנגזאַמטע, גיט ער נישט אויף אפילו אין די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען.

די נאָך־מינכען־שטימונגען, די אויסניכטערונג, דאָס דערפילן שוין ממש אין דער לופט דעם ריח פון פּולווער, האָט אויפגערודערט די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין פראַנקרייך. ס'איז דעמאָלט געווען אַ נייער זיג פון פאַשיסטישן פליגל, וואָס האָט, אויפן וועג צו דער אויסליפערונג פון פראַנקרייך, באַקומען מוט און איז אַרויס אין דער ערשטער ריי מיט אָפענער אַנטי־יידן־פּראָפּאַגאַנדע. די קאָפּיע פון בעקערמאַנס אָן אויפגעהיטענעם בריוו צום גרויסן פראַנצויזישן דיכטער און דעמאָלטיקן הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער אָוונט־צייטונג „סע סואַר", אַראַגאָן, שטאַמט טאַקע פון יענע טעג פון טיפער דעפּרעסיע. ער האָט געהאַט דעם דראַנג אויסצושרייען זיין ווייטיק. ס'איז כדאי צו ציטירן אַ קליינע שטעלע פון אָט דעם פלאַמיקן פּראָטעסט־בריוו צו אַראַגאָנען:

„טייערער חבר אַראַגאָן!

„איך שרייב צו אייך מיט דער האָפענונג, אַז איר וועט שענקען מיינע ווערטער די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט.

איך שרייב צו אייך אַלס יי ד און אַלס אַזעלכער פילט מען אָפּט אַ באַדערפעניש זיך פאַר וועמען אויסצורעדן אין די דאָזיקע שווערע טעג, וואָס אונזער פאָלק לעבט איבער סיי אין נאַציישן דייטשלאַנד, ווו דער באַגריף: מענטש ווערט זינט יאָרן געשענדעט און מיט די פיס געטרעטן, סיי אין כמעט אַלע לענדער פון אייראָפּע; און אויסרעדן זיך ווילט זיך גראָד פאַר אַ זייטיקן, פאַר אַ ניט־ייד. נאָר דאָ, טייערער חבר, מוז מען שוין אין גאַנצן ים פון דער פראַנצויזישער פרעסע זוכן, שטאַרק זוכן אַ מענטש, וואָס זאָל וועקן צוטרוי, אַ מענטש, וואָס זאָל לכל הפחות האָבן פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעכע ליידן, אפילו ווען זיי קומען פון . . נישט קיין „ריינעם אַריער".

„וועגן וואָס וויל איך אייך שרייבן, טייערער חבר? — כ'מיין, איך וועל מיט אייך אַ שמועס טון, וועגן . . . אונדז יידן. קיין סך דאַרף איך נישט דערציילן. מיר זענען לעצטנס דער אָביעקט נישט בלויז פון אַ גרויסער טראַגעדיע אין אייראָפּע, נאָר אויך פון אַ פילפאַרצווייגטער רעקלאַמע איבער דער פרעסע פון גאָר דער וועלט. אמת, מען ווייזט כמעט אומעטום אַרויס צו אונדז מיטגעפיל. אין אַ סך פאַלן איז דער מיטגעפיל דער, ווי אַ שטייגער צו... אַ פיר־פיסיק באַשעפעניש, וועמען אַלע קלאַפּן מיט די שטעקנס, נאָר זייטיקע קענען עס נישט צוקוקן, ווי איינער זאָגט: „אָט, אַן אומגליקלעך באַשעפעניש נעבעך, מען דאַרף עס נישט פייניקן"... נאָר איך פיל זיך לגמרי נישט ווי קיין באַשעפעניש, נאָר ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטמענטש צו אַלץ, וואָס ווערט אין לעבן געשאַפן, סיי גוטס און סיי שלעכטס. איך קען בשום אופן נישט באַנעמען פאַרוואָס פעלקער און מענטשן הערן אונדז נישט אויף צו באַטראַכטן אַלס אַזעלכע . . ."

ווען דער קריג ברעכט אויס איז בעקערמאַן פון די ערשטע צו אַנגאַזשירן זיך צו גיין שלאָגן די פאַשיסטישע חיה, אָבער צוליב זיין עלטער, ווערט דאָס רופן אים אָפּגעלייגט. מיט טיפן טרויער געזעגנט ער זיך אָפּ מיט אַלע זיינע חברים און נאָענטע, וואָס גייען אַוועק אין די רעגימענטן און אויפן פראָנט. ער באַמיט זיך אָנצוהאַלטן מיט זיי אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט, צו דערוויסן זיך די שטימונגען צווישן די יידישע פרייוויליקע, וואָס זענען אויפריכטיק געגאַנגען שלאָגן דעם פאַשיזם, אָבער וואָס לעבן איבער אַ סך אַנטוישונגען.

דער פיל-בענדיקער טאָג־בוך, וואָס האָט זיך אויפגעהיט צווישן זיינע אָפּגעראַטעוועטע מאַנוסקריפּטן, דאַטירט טאַקע פון דער צייט. ער האָט אים געשריבן טאָג ביי טאָג אין שווערסטע באַדינגונגען, וואַנדערנדיק אויף די וועגן פון פראַנקרייך. נאָכן באַזעצן פּאַריז, קערט ער זיך, ווי פיל יידן, אום צוריק, ער רייסט נישט איבער דעם קאָנטאַקט מיט די איינציק-פאַרבליבענע שרייבער, וואָס זענען איצט טיף פאַרגראָבן אין דער אונטערערד. ער העלפט מיט רעדאַקטירן די אומלעגאַלע יידישע אַרבעטער־פרעסע און איז יעדע מינוט גרייט צו גיין דעם לעצטן וועג פון אומקום. ביז גאָר רירנדיק זענען די שטעלן פון זיין טאָג־בוך, ווו ער באַשרייבט איינעם אַן אַפּרו־טאָג, ווען ער כאַפּט זיך אַביסל אַריבער אויפן בית־עולם



אהרן בעקערמאַן (לינקס) און דער מאָלער מאַנע קאַץ אין 1939

„פער־לאַשעז", צו זיינע „אַלטע באַקאַנטע", וועלכע זענען אים זינט יאָרן אַזוי היימיש און אַזוי נאָענט געוואָרן. ער גייט באַזוכן די קאָמונאַרן־וואַנט, די קברים פון אַנרי באַרביס, פון וואיאַן קוטוריע און ער דערזעט מיטאַמאָל אויף זייערע קברים פרישע און לעבעדיקע רויטע בלומען. פאַראַן — זאָגט ער זיך מיט פרייד — אַן אַנאָנימע האַנט אין פראַנקרייך, וואָס לעבט נאָך און וועט נאָך רעאַגירן אויף אַלעם שלעכטן...

אויף גאַנצע נעכט שליסט ער זיך אָפּ ביי זיך אין שטוב און אַרבעט מיט נאָכמער פלייס איבער זיין לענין־מאָנאָגראַפיע.

דאָס דאָזיקע בוך געפינט זיך איצט אין אַ צושטאַנד פון צעפאַלונג, ווייל עס איז א לאַנגע צייט געלעגן פאַרגראָבן אין דער ערד. חברים האָבן עס אָפּגעפונען און געבראַכט אין דאָקומענטאַציע־צענטער ביי דער „אוניאָן" אין פּאַריז. עס וועט פאָדערן פיל מי און איבערגעגעבענע אָנשטרענגונג צו רעסטאַווירן דעם מאַנוסקריפּט, צו ברענגען אים אין אַ געהעריקן צושטאַנד. פיל בלעטלעך פון זיין טאָג־בוך זענען געווידמעט דער אַרבעט איבערן דאָזיקן ווערק. לאָמיר דעריבער לאָזן רעדן בעקערמאַנען אַליין, כדי צו דערפילן דעם וואַרעמען אָטעם פון שאַפן און דאָס איבערגעלאָדענע, שווערע געמיט זיינס, ווען ער האָט מיט פלאַטער אָנגעוואָרפן די דאָזיקע שורות :

פּאַריז, זונטיק, דעם 3־טן נאָוועמבער, 1940, האַלבע נאַכט.

„ . . . מיר איז שווער אַפילו איצט, אין דער שפּעטער נאַכט־שעה זיך אָפּצורייסן עטוואָס צו פאַרצייכענען אין טאָג־בוך, ווייל היינטיקן גרעסטן טייל פון טאָג און דעם שפּעטן אָוונט בין איך באַשעפטיקט מיט אַן אַרבעט, וואָס מאַכט מיר אויפסניי איבערלעבן דעם גייסטיקן גענוס פון ליטעראַרישן שאַפן . . . דעם אינערלעכן געפיל, וואָס מען האָט תמיד ביים אָנהייבן אַ נייע, גרויסע אַרבעט, וואָס פאַרכאַפּט און אינטערעסירט ; אַן אַרבעט, מיט וועלכער מען טראָגט זיך שוין אַרום יאָרן, וואַרטנדיק אויף אַ געלעגנהייט צו פֿעשטאַלטיקן.

„אין איצטיקן מאָמענט קלינגט אפשר מאָדנע, אויב נישט ווילד, אַזאַ זאַך, אָבער דער פאַקט בלייבט אַזוי ווי ער איז : איך האָב אָנגעהויבן אַ נייַ, גרויס ווערק — אַזוי האָף איך וועט עס זיין — וועגן לענינען".

„שוין יאָרן, אַז איך טראָג זיך אַרום מיטן דאָזיקן פּלאַן. יאָרן געזאַמלט און געגרייט מאַטעריאַלן פאַרן בויען, ליים און ציגל. נאָר ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט מען אַלע מאַטעריאַלן געמוזט באַהאַלטן. אַנדערע האָבן אין פּאַניק אַלץ פאַרניכטעט. איך האָב אַלץ אויפגערוימט, וואַרטנדיק אויף דער גינסטיקער צייט ווידער צו קענען פריי זיך באַנוצן מיט די מאַטעריאַלן. נאָר די צייט קומט נישט אַזוי גיך. פון דער שרעק פאַר דער פראַנצויזישער רעאַקציע, וואָס האָט געבושעוועט אין ערשטן יאָר מלחמה, איז מען איבערגעגאַנגען צום רעזשים פון היטלעריסטישן פּעריאָד, ווען אין יידישע שטובן האָט מען אַלץ אויפגערוימט און פאַרניכטעט.

אָבער אין מיר קען איך נישט רוען צו לאָזן די צייט פאַרגיין אָן מיין אַרבעט, וואָס זאָל מיך ווידער אָנצינדן און באַגייסטערן. ענדלעך האָב איך באַשלאָסן אָנצוהויבן. זאָל זיין וואָס עס וויל ! איך וועל זיך באַשעפטיקן מיט מיין אַרבעט איבער איינעם, נייַן, דעם סאַמע גרעסטן מענטש, וואָס האָט געלעבט אין אונדזער יאָרהונדערט. ריכטיקער : רעאַליזירט אין אונדזער יאָרהונדערט דאָס, וואָס ער האָט צוגעגרייט אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט . . .

„אין אָט, מיט צוויי טעג צוריק, דעם 1־טן נאָוועמבער, האָב איך פאַרזיכטיק אויסגעגראָבלט אַ טייל פון מיינע מאַטעריאַלן און — זיך גענומען צו דער אַרבעט . . . איצט, דעם פרייַען זונטיקדיקן טאָג, האָב איך מיט אימפּעט זיך אַריינגעלאָזט אין דער אַרבעט אינעם צוגרייטן דעם רוי־מאַטעריאַל פאַרן שפּעטערדיקן בנין, דאָס נייע, גרויסע ווערק איבערן לעבן און שאַפן פון וולאַדימיר איליטש לענין.

די באַפרידיקונג פון דער אָנגעהויבענער אַרבעט איז נאָך אַ גרעסערע ווי פון מיינע ערשטע אַרבעטן : „דאָסטאָיעווסקי" און „פראַנס". איך לעב זיך ביסלעכווייז אַריין אין דער עפּאָכע און אין אַ פערזענלעכקייט, וואָס בלייבט אַלץ דער לייכט־טורעם פאַר דער מענטשהייט און אַ גאַראַנטיע, אַז די פינצטערע עפּאָכע, אין וועלכער מיר לעבן, וועט פאַרשווינדן ווי אַ בייזער קאָשמאַר. די מענטשהייט וועט זיך מוזן אויפכאַפּן פון איר טיפן קאָשמאַר און וועט דערזען דעם וועג, דעם איינציק־ריכטיקן, ברייטן וועג צו דער באַפרייאונג פון דער גאַנצער מענטשהייט — לענינס וועג".

דעם 10־טן דעצעמבער, פאַרצייכנט ער :

„ . . . עס וועט אפשר אַמאָל נויטיק זיין אָנצוגעבן אונטער וואָסערע באַדינגונגען די דאָזיקע אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן. דאָ גייט שוין איצט נישט אין דעם פּאַראַדאָקס פון נעמען זיך צו אַן אַרבעט גראָד אין איצטיקן מאָמענט פון היטלעריזם און פאַרשאַרפטע רעפּרעסיעס, שוין אָפּגערעדט פון דער ספּעציפישער יידישער לאַגע אין איצטיקן פּאַריז. איך זיץ יעדן אָוונט און שרייב ביז שפּעט. איך קען נישט

אַוועקלייגן די אַרבעט, וואָס אַבסאָרבירט מיך אינגאַנצן. דאָס גריבלען זיך אין לענינס לעבן, וואָס איז דורכגעפלאָכטן מיט דער ווונדערבאַרער געשיכטע פון דער רוסישער באַוועגונג ביז דער רעוואָלוציע און שפּעטער, פאַרכאַפּט מיך אינגאַנצן. קיין געפאַר שרעקט מיך נישט אָפּ און איך האָב זיך פאַרמאָסטן מיין אַרבעט צו פירן צום סוף אפילו ווען אַלץ זאָל זיך איבערקערן. סיידן . . . ס׳וועט קומען מיין ריי אומגעריכט צו אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

„איך וויל האָפן, אַז איך וועל נאָך די פּרטים דאַרפן אויסנוצן אין דער הקדמה צום לענין־בוך, ווען עס וועט גיין צום דרוק״.

און אין אַ צווייט אָרט.

„. . . היינט בין איך אַ גאַנצן טאָג ווידער נישט אַרויס־געטרעטן פון שטוב. מיט אַ פיבער, וואָס האַלט מיך שוין 6 וואָכן, האָב איך געאַרבעט ביי „לענין״. דער מאַטעריאַל וואַקסט אָן. עס לעבט אויף אַ ווונדערבאַרע עפּאָפּייע.

„יעדער טאָג, וואָס גייט אַוועק און איך האָב די מעגלעכ־קייט נישט „געשטערט״ צו ווערן אין מיין אַרבעט, איז פאַר מיר אַ געווינס, ווייל אין הינטערבאַוווסטזיין טרעט אַלץ נישט אָפּ די שרעק, אַז „זיי״ וועלן מיר סוף כל סוף שטערן איך זאָל מיין אַרבעט, וואָס פאַרנעמט זיך אַזוי גרויס, נישט קע־נען דערפירן ביזן סוף.

„איך חלום שוין פון יענעם טאָג, ווען דער גאַנצער רויער מאַטעריאַל וועט זיין פאַרטיק און איך וועל קענען צוטרעטן צו דער הויפּט־אַרבעט : באַאַרבעטן, געשטאַלטיקן דאָס גרויסע ווערק פון אַ גרויסער ווונדערלעכער עפּאָכע אין דער מענטשלעכער געשיכטע : לענין און זיין ווערק״.

דער גורל פון מיליאָנען יידן, וואָס זענען געגאַנגען דעם לעצטן וועג פון מאַסן-קדוש־השם, איז אויך געווען דער גורל פון אהרן בעקערמאַן. מיר געפינען נאָך אין זיין טאָג־בוך פאַרצייכנט די עטלעכע ווערטער פאַרן לעצטן ניי־יאָר, ווען אַלע האָפענונגען זענען אויפסניי צעבראָכן געוואָרן ; ס׳איז דער ציטער, דער אינסטינקטיווער אומרו, אַז זיין לעבנס־ווערק וועט נישט זיין פאַרענדיקט.

„ווידער מישט זיך אויף אַ בלעטל אין דער געשיכטע. אַ ניי מלחמה־יאָר און די בעסטיע איז נאָך אַזוי שטאַרק און דער סוף זעט זיך נאָך נישט.״

קיין שום זכר איז נישט פאַרבליבן, נישט פון אהרן בעקערמאַן און נישט פון זיין קליינער משפּחה.

פאַרבליבן איז אָבער דער אומבויגזאַמער ווילן ביי די לעבן־געבליבענע יידן ווייטער צו ציען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער פּראָגרעסיווער יידישער טראַדיציע, פון יידישער קולטור און פון יידישן גייסט.

ליבער אהרן בעקערמאַן, דיין אַרבעטזאַם, שאַפעריש לעבן וועט נישט פאַרלוירן גיין. מיט דער גרעסטער און הייליקסטער עקשנות וועלן מיר אויפהיטן און פאַרזעצן דיין ירושה און דיינע אידעען.

ג. קעניג

# אהרן בעקערמאנס טאגבוך בעתן קריג

.1

צווישן די צאָלרייכע כתבים, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון אַהרן בעקערמאַנס רייכן שאַפן בעתן קריג, פאַרנעמט זיין טאָגבוך אַ באַזונדער און גאָר באַדייטנד אָרט. עס איז אַ מערקווירדיקער — מענטשלעכער און צוגלייך געשיכטלעכער — דאָקומענט פון גרויסער וויכטיקייט.

דאָס טאָגבוך, וואָס בעקערמאַן האָט באַצייכנט מיטן נאָמען „אין צייטן פון אומזין" (און מיטן אונטערקאָפּ: „מיין טאָגבוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה") הויבט זיך אָן סוף אָקטאָבער 1939. און שוין די ערשטע שורות זענען שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פאַר בעקערמאַנען דעם שרייבער און מענטש; מיר האָבן דאָ אייגנטלעך דעם שליסל פאַר זיין אויפנעמען און אָפּשאַצן די געשעענישן און פאַר דעם ערנסט און דער אחריותפולקייט, מיט וועלכע ער איז צוגעטרעטן צו דער ארבעט זיינער ווי צו אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער מיסיע, וואָס ער האָט צו דערפילן, און וואָס ער האָט אויך בשלימות דערפילט.

בעקערמאַן פאַרענטפערט זיך אין זיין אריינפיר, פאַרוואָס ער נעמט זיך צו זיין טאָגבוך מיט אַ פאַרשפּעטיקונג:

„דאָסדאָזיקע טאָגבוך — שרייבט ער דעם 26־טן אָקטאָבער 1939—האָב איך געוואָלט אָנהייבן, ריכטיקער: פאָרזעצן גלייך אין די פיבער־טעג פון סוף אויגוסט היינטיקן זומער. פילנדיק, אַז די קאַטאַסטראָפע איז אומפאַרמיידלעך, האָב איך געוואָלט פאָרזעצן די אַרבעט פון שרייבן אַ טאָגבוך, אַן אַרבעט וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן אין 1919, ווען דער שלום איז מיטאַמאָל אויסגעבראָכן און . . . איידאָפּע האָט מיט ריזנשריט גענומען גיין אויפן וועג פון ווערסאַיל, ס'הייסט אויפן וועג צו היטלערן. נישט מער, ביים אויסברוך פון דער איצטיקער מלחמה האָב איך זיך אַ מאָמענט פאַרלוירן. די געשעענישן האָבן גענומען גיין מיט אזא טעמפּ, אַז ס'האָט זיך געדאַכט: ס'איז אַבסאָלוט נישט נייטיק זיך צו פאַרנעמען מיט פאַרנאָטירן די געשעענישן. ווייל סיווויסיי וועט קיינער נישט איבערלעבן אָט דעם נייעם, אפשר גרעסטן אומזין פון דער אייראָפּעאישער געשיכטע".

און דאָ דערציילט אונדז בעקערמאַן, אַז זיין פריינט, דער דיכטער מ. דזשאַלאָווסקי האָט אים אָפּגעבראַכט אַ מאַנוסקריפּט זיינעם, אַ טייל פון זיין טאָגבוך פון 1914־1919. אָט דאָס טאָגבוך — שרייבט בעקערמאַן — „הייבט זיך אָן מיטן קייזערס שלום־דעקלאַראַציע (ענלעך צו דער איצטיקער היטלערס . . .), נאָך זיינע גרויסע נצחונות, אָקופּירנדיק האַלב אייראָפּע. נאָר סיווויסיי בלעטערנדיק אין דידאָזיקע פאַרגעלטע, געשריבענע בלעטער, וואָס זענען שוין אַלט אַ קנאַפּן פערטל יאָר־הונדערט און האָבן שוין אַ היסטאָרישן ווערט מיט דער צאָלרייכקייט פון די פאַרנאָטירטע מאַטעריאַלן פון אַ גרויסער שטורמישער צייט, וואָס האָט געבוירן די רוסישע רעוואָלוציע — האָב איך געמאַכט דעם באַשלוס: איך מוז ווידער באַנייען דאָס טאָגבוך. ווי לאַנג איך אַליין בין נאָכנישט אַריינגעשלעפּט אין בלוטיקן געוועב פון דער שחיטה, לאָמיר אויסנוצן די מעגלעכקייטן דערווייל צו פאַרנאָטירן וואָס עס לאָזט זיך".

אָט אין דער הקדמה דריקט זיך אייגנטלעך אויס דער גאַנצער געמיט־צושטאַנד פון אויטאָר פון טאָגבוך זינט אָנהויב מלחמה ביז זיינע לעצטע טעג: די שרעקלעכע אַנונג פון פאַרנעם פונעם חורבן, אומקום און פאַרניכטונג; אָבער גלייכצייטיק דער אומצעברעכלעכער גלויבן אינעם ענדגילטיקן זיג פון די כוחות פון גערעכטיקייט. עס באַמערקט זיך ביי בעקערמאַנען נאָכאַנאַנד דער אומרו, דאָס פאָרגעפיל פון שוידערלעכסטן, וואָס קומט אָן און וואָס וועט ברענגען מיט זיך טויט און אויסראָט פאַר צענדליקער מיליאָנען, דערונטער פאַר מיליאָנען יידן. אָט דאָס־אָ געפיל האָט בעקערמאַנען — ווי ער איז עס מודה מיט דער פאַר אים אייגנטימלעכער אָפנהאַרציקייט — צעטומלט אַ ווײַלע, אָבער בלויז אַ ווײַלע. ער באַקומט גלייך די זיכערקייט, וואָס פאַרלאָזט אים שוין נישט ביזן לעצטן אָטעמצוג זיינעם, אַז דער היטלעריזם וועט סוף־כל סוף צעשמעטערט ווערן, און אַז ביים דאָזיקן צעשמעטערן אים וועט אַ גרויסע, אויב נישט די גרעסטע, ראָל שפּילן דער ראַטנפאַרבאַנד. אָט די אייזנפעסטע איבערצייגונג, שוין אין יענע טעג האַרבסט 1939, ווען אין דער יידישער, ווי אין דער אַלגעמיינער סביבה, איז אָנגעגאַנגען אין שייכות מיטן סאָוויעטיש־דייטשן אָפּמאַך, די ווילדסטע אַנטיסאָוויעטישע וויאַקכאַנאַליע, איז אַ באַשטעטיקונג פאַר דער קלאָרזעעוודיקייט און פאַרן געזונטן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן חוש פון אהרן בעקערמאַנען, וואָס איז אגב, שטייענדיק נאָענט צו די פּראָגרעסיווע רייען, נישט געווען ביזן קריג קיין קאָמוניסט.

באַנעמענדיק דעם גאַנצן שוידער פון דער בלוטיקער טראַגעדיע, וואָס די מענטשהייט, און באַזונדערס מיר יידן, האָבן איבערצולעבן, און נישט פאַרלירנדיק גלייכצייטיק פון אויג די ווייטע אָבער ליכטיקע פּערספּעקטיוו, האָט בעקערמאַן זיך אריינגעוואָרפן מיט לייב־און־לעבן אין אָט דער הייליקער פאַר אים אויפגאַבע פון פאַרצייכענען יעדן טאָג מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט די וויכטיקסטע פאַקטן, פון פאַר־

נאָטירן די קלענסטע פּרטים, איבּ זיי קענען נאָר האָבּן א וועלכן ס'איז געשיכטלעכן ווערט. ער האָט געשריבן אין די שווערסטע באַדינגונגען, אין די גרעסטע געפאַרן, און אפילו אין סאַמע אַנבּליק פון טויט. אַריינלייענענדיק זיך אין די פאַר־געלטע, קוים־לעזבּאַרע בלעטלעך, פון וועלכע פיל געפינען זיך שוין אין צושטאַנד פון פונאַנדערפאַל, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אין זיין גאַנצער שיינקייט און דערהויבנקייט דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון אהרן בעקערמאַן, דעם מענטש און ייד, דעם שרייבער און קעמפער. און איינצייטיק דערמיט — אַ ביז גאָר ווערטפולע כראָניק פון אַ תקופה מיט איר גאַנצן גרויל, די טאָגטעגלעכע פונאַנדערוויקלונג פון די געשעענישן, זייער גרויזאַם אויסוואַקסן אין דעם פון דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע קוים פאָרשטעלבאַרן קאַטאַקליזם; דער אומגליי־בּער און דערמיט נאָך העראָישערער קאַמף פון דעם העלדישן אַוואַנגאַרד קעגן דער מאַכט פון באַרבאַריי; די ערשטע ליכט־אַנדייטן אין דער חשכות פון דער היטלער־נאַכט. און דאָס אַלץ געגעבן מיט אַ שלל פון פאַקטן און מיט אַ זעלטענער אָביעקטיווקייט און פאַרשטענדעניש.

בעקערמאַן האָט געשריבן יעדן טאָג, פילמאָל אייניקע מאָל אין טאָג. אָפט געפינען מיר אַלס אָנגעגעבענע שעה פון זיינע פאַרנאָטירונגען: 12 באַנאַכט, 2 באַנאַכט און אפילו 4 און 5 פאַרטאָג. ער הערט אויפמערקזאַם דעם ראַדיאָ פון לאָנדאָן, פון מאָסקווע, פון בערלין און רוים. ער פאַרצייכנט זיינע איינ־דרוקן. ער לייענט טאָג־טעגלעך די פראַנצויזישע פּרעסע און נוצט זי אויס פאַר זיין טאָגבוך. ווי לאַנג עס איז נאָר מעגלעך, באַזאָרגט ער זיך מיט דער אויסלענדישער יידישער פּרעסע, פון וואַנען ער פאַרנאָטירט און קאָמענטירט אַ ריי אַרטיקלען, באַווייזנדיק אונדז אַזוי אַרום וויאַזוי די פאַריזער פּראָגרע־סיווע יידישע אינטעליגענץ האָט דעמאָלט רעאַגירט אויף זיי. אַ באַזונדערס געשיכטלעכן ווערט האָבּן זיינע פאַרצייכענונ־גען פון די אומלעגאַלע אויסגאַבּעס, פראַנצויזישע און יידישע, פון וועלכע אַ טייל איז שוין איצט נישט בנמצא. און בעקער־מאַן האָט זיי פאַראייביקט אין זיין טאָגבוך, באַשריבן זייער אויסזען, אינהאַלט און אָפּקלאַנג.

בעקערמאַן טרעפט זיך מיט פאַרשידענע מענטשן. ער גייט אין גאַס, שטודירט די שטימונג פון פאָלק, דיסקוטירט, פאַר־אינטערעסירט זיך מיטן קלענסטן דעטאַיל, און פאַרצייכנט עס דערנאָך טריי אין זיין טאָגבוך. ער נוצט אויס יעדן זיינעם אַרויספאָר אין אַ צווייט אָרט, כדי צו שילדערן דאָס וואָס ער האָט דאָרט געזען און געהערט. ער שרייבט זיך איבער מיט שריפטשטעלער, קולטור־טוער און סתם מענטשן, יידן און פראַנצויזן. מיר געפינען אָפט פאַרפיקסירט אין זיין טאָגבוך די קעגנזייטיקע פאַקטן און געדאַנקען־אויסטוישן. עס גייען דאָ פאַרביי צענדליקער נאָענטע געשטאַלטן פון מענטשן, וואָס זענען אין גרעסטן טייל אומגעקומען שפּעטער אין קאַמף און אויף דעפּאָרטאַציע. בעקערמאַנס פאַרצייכענונגען זענען אָפט

די איינציקע באַקאַנטע פּרטים וועגן זייער לעבן און טראַכטן בעת דער אָקופּאַציע.

בעקערמאַן האָט געפירט זיין טאָגבוך ביזן סאַמע לעצטן מאָמענט, ביזן 22־טן פעברואַר 1943, אייניקע שעה פאַר זיין אַרעסט, פון וואַנען ער האָט זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט. אָבער אויך זייענדיק אַרעסטירט און אינטערנירט, אין די לאַגערן פון גירס און דראַנסי, שטעלט ער זיין שרייבן נישט אָפּ. מיט אַ פעדער, מיט אַ בלייפעדער פאַראייביקט ער דעם פּיין פון זיינע ברידער. ער צעשיקט די בלעטלעך פון זיין טאָגבוך אין דער פאָרם פון בריוו צו זיינע באַקאַנטע, וואָס געפינען זיך נאָך אויף דער פריי. ער וואַרפט די בריוו אַרויס



פון לויפנדיקן צוג, מיט דער האָפענונג, אַז אַ פאַרבייגייענדי־קער פראַנצויז וועט זיי אויפהייבן און איבערשיקן אויפן אָנ־געגעבענעם אַדרעס. ער טענהט שוין־לאַנג אין מיטן וועכ־טער, וואָס היט אים, ער זאָל איבערשיקן איינעם פון אָט די „בריוו". ער מאַכט זיך נישט אין יענע טעג קיין שום אילוזיע, ער ווייסט: די ריכטונג איז אוישוויץ. ער ווייסט אויך, וואָס אוישוויץ באַדייט: גאַז־קאַמערס און קרעמאַטאָריע־אויוונס. ער האַלט אָבער אין זיין מערקווירדיקע רואיקייט. ער מו־טיקט די אַנדערע יידן. און ער זעצט פאָר זיין טאָגבוך, אָט די כראָניק, וואָס וואַקסט אויס אין אַ גרויזאַמען באַשולדי־

קונג־אַקט. און אין די לעצטע שורות זיינע, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן — געשריבענע דעם 6־טן מערץ 1943 אויף די לעצטע מעטער פראַנצויזישע ערד, אין צוג, וואָס האָט אים און טויזנטער אַנדערע יידן געפירט אויף זייער לעצטן, טראַגישן וועג — דריקט בעקערמאַן אויס זיין נישט בויגזאַמען גלויבן אין די גרויסע אידעאַלן, פאַר וועלכע ער האָט געקעמפט און מיט וועלכע ער האָט אויף תמיד פאַרבונדן זיין נאָמען.

2.

ביז איצט איז געלונגען אָפּצוגעפינען בלויז אַ טייל פון בעקערמאַנס טאָגביכער: דעם באַנד 1, 4, 5, און — ערשט אין יוני 1946 — די בענדער 10 און 11. עס האָבן זיך אָפּגעהיטן אייניקע בריוו בעקערמאַנס, געשריבענע נאָך זיין אַרעסט.

דער ערשטער באַנד האָט 371 געשריבענע העפט־זייטן און איז דערפירט ביז סאָף 1939. ער הייבט זיך אָן מיט דער אויבן־ציטירטער הקדמה פון 26־טן אָקטאָבער. דאָן קומט אויף 16 זייטן אַ קורצער איבערבליק „נישט צו פאַרלירן די גאַנצקייט פון די געשעענישן ביז איצט, כדי דער פאָדעם זאָל ווייטער קענען געשפינט ווערן".

„פון וואַנען הייבט מען אָן?" — פרעגט בעקערמאַן. און ער ענטפערט:

„הם... אַ שווער פּראָבלעם. דער געפערלעכער קנויל פון די ערב־מלחמה געשעענישן איז אזוי פאַרפּלאָנטערט און פאַרפלאָכטן מיטן פאַרגעקומענעם פאַר די לעצטע יאָרן, אַז מען וואָלט געדאַרפט דערציילן די געשיכטע פון היטלעריזם, די געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק, פון דער געפערלעכער, זינלאָזער דיפּלאָמאַטיע, וואָס האָט פּאַוואָריזירט דעם היטלעריזם, אים געהאָלפן זיך שטעלן אויף די פיס, ביזן דערמעגלעכן דער בלוטיקער אַגרעסיע איבער קליינע אייראָפּעאישע פעלקער. קורץ: ביז דער איצטיקער קאַטאַסטראָפע".

ער בינדט אָן פון מינכען. עס קומט אַ געפּרעסטער, אָבער טיפער אַנאַליז וועגן פאַרברעכן פון מינכען. „וואָס שטאַרקער די אָנהענגער פון מינכען האָבן געקלונגען אין די גלאָקן פון שלום, וועלכן זיי האָבן געבראַכט דער וועלט, אַלץ שטאַרקער איז געוואַקסן דער אומרו און אַלץ פעסטער דער באַוווסטזיין, אַז די מלחמה איז אומפאַרמיידלעך".

בעקערמאַן גיט דאָן אַ זעלטן קלאָרזעעוודיקע (פאַר יענער צייט) כאַראַקטעריסטיק וועגן דער צביעותדיקער פּאָליטיק פון טשעמבערליין־דאַלאַדיע בנוגע דעם ראטנפאַרבאַנד. ער באַרירט דעם ענין באַלטישע מלוכות און פוילן און פירט אויס:

„אין דער עפנטלעכער מיינונג האָט די זאַך אַרויסגערופן אַ צעמישונג. מען האָט אָנגעקויבן שרייען וועגן „פאַראט" פון ראטנפאַרבאַנד צו דער זאַך פון „שלום און דעמאָקראַטיע". אַ חוץ דער אָפּיציעלער שטעלונג פון דער דיפּלאָמאַטיע, וואָס האָט דערלאָזט, מיטן אָפּשלעפּן דעם פּאַקט, צו דעם געשעעניש, און געוואָלט מיטן געשריי: „כאַפּט דעם גנבֿ" פאַרשרייען דעם אייגענעם דורכפאַל, האָבן אַלע מיטאַמאָל פאַרגעסן אין מינכען און אין דער גאַנצער פּאָליטיק פון לאָזן היטלערן אויסוואַקסן, זיך שטאַרקן און אים מאַכן גלייבן, אַז אויך א י צ ט וועט אַלץ צוגיין לויט זיין ווילן. מען האָט אויך אין דער יידישער סביבה גענומען שרייען „קאַראַאול... פּאַראַט"...

צומאָרגנס נאָטירט בעקערמאַן, ווי ער איז געגאַנגען זיך פאַרשרייבן אַלס פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. „עס זענען דאָרט געווען מאַסן אויסלענדער. דאַכט זיך אַלע יידן, ס'ראָוו פּוילישע בירגער". ער דערציילט ווייטער:

„אין „קעקאָל מיליטער" ווערט מען זייער גיך דערליידיקט. אַ היפּשע צאָל אָפּיצירן פאַרנעמט זיך מיטן שרייבן די „דאָסיעס" פון אַלע אָנגאַזשירטע. הייגט האָט מען געגעבן בלויז אונטערצושרייבן אַ פאַרמולאַר אויפן אַנגאַזשמענט:

„איך פאַרלאַנג צו דינען אין דער פראַנצויזישער אַרמיי אַלס סאָלדאַט אין פרעמדן־לעגיאָן".

„איך האָב אונטערגעשריבן, און הגם עס וועט נאָך פאַרגיין אַ צייט ביז מען וועט מיך רופן און ביז איך וועל אריינגעצויגן ווערן אין „שפּיל", בין איך אַוועק מיטן געפיל פון דערפילן אַ חוב לגבי דעם לאַנד, וואָס האָט מיר די לעצטע צענדליק יאָר געגעבן מער מנוחה, ווי מיין געבוירנלאַנד (פוילן — ג. ק.), וווּ איך האָב פאַרבראַכט קנאַפּע דריי צענדליק יאָרן פון מיין לעבן; דריי צענדליק יאָר פון פיזישע און מאָראַלישע ליידן, אונטער דער הערשאַפט פון די „באָבעלע פּאַנעס", וועמענס פאַרדינטער סוף עס ווערט איצט פון דער וועלט אזוי באַוויינט... אָ, דיזעלבע וועלט, וואָס האָט זעלטן אַ קרעכץ געטון אויף די רדיפות איבער דריי מיליאָן יידן און אַ סך מיליאָנען אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וויינט איצט אויף דער טראַגעדיע פון דער רעגירונג, וואָס האָט נאָך מיט אַ יאָר צוריק געריסן שטיקער פון איר אומגליקלעכן שכן...

„אזוי איז שוין די „וועלט"...

די ווייטערדיקע טעג באַקענט אונדז ב. מיטן לעבן אין פּאַריז, און פון יידן אין פּאַריז, אין די ערשטע צייטן פון דער „אויסטערלישער מלחמה", ווי בעקערמאַן באַצייכנט זי כסדר לויטן נאָמען, וועלכן די דעמאָלטיקע פראַנצויזישע פּרעסע האָט געגעבן דעם קריג קעגן דייטשלאַנד. דער מחבר שילדערט דאָס ווילדע געיעג נאָך אויסלענדער מצד דער דאַלאַדיע־רעגירונג, דאָס זוכן די „פינפטע קאָלאָנע" אויסשליסלעך צווישן אָרעמע יידישע פּליטים, וואָס זענען נאָך מיט יאָרן פריער אַנטלאָפן פון נאַצי־טעראָר; די שיקאַנעס, וועלכע ער, פּונקט ווי טויזנטער ווי ער, האָבן אויסצושטיין פון פּאַשיסטישע פּאָליציי־לייט. ער ציטירט בריוו פון זיינע חברים, אַנגאַזשירטע אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, וואָס שרייבן, אַז אין דער אַרמיי הערשט אַן אומאָרדענונג, אַן אומצופרידנקייט,

און אַז די הויכע אָפּיצערן טראַכטן אַפילו נישט וועגן שלאָגן זיך קעגן די דייטשן.

די וואַקכאַנאַליע אין שיכות מיטן סאָוויעטיש־דייטשן אָפּמאַך, דער טומל אַרום דעם אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי אין מערב־אוקראַינע און מערב־ווייסרוסלאַנד, באַשעפּטיקן בעקערמאַנען זייער שטאַרק אין יענע טעג. ער קערט זיך אָפּ אום צו אָט די פראַגן. אָט לייענען מיר אין טאָגבוך:

„פּאַריז, מאָנטיק דעם 30־טן אָקטאָבער 1939, 4 פאַרטאָג.

„איינער פון די פאַרטאָגן, וואָס טרעפן אויך אין נאָרמאַלע צייטן, ווען מען קען בשום אופן נישט פאַרבינדן דעם איבערגעריסענעם שלאָף. דאַן בלייבט איבער זיך צו מאַטערן די איבעריקע שלאָפלאָזע שעהן ביז איינדערפרי, אָדער — גלייך זיך אויפהייבן און נעמען עפּעס טון.

„איצטיק מאָל האָב איך אויסגעקליבן דאָס צווייטע. אָט ווייס איך דאָך סיזוי נישט ווי לאַנג מיר בלייבט נאָך די פרייהייט צו דיספּאָנירן מיט מ יי ן צייט, לויט מ יי ן ווילן. איז גלייכער זי אויסצונוצן מ יי ן צייט.”

און ער באַשרייבט אויף אַנדערטהאַלבן צענדליק זייטן, וויאַזוי עס ווערט רעאַגירט אין פאַריז אויף די געשעענישן אין פוילן. ער גיט גלייכצייטיק איבער אינטערעסאַנטע זכרונות וועגן זיינע איבערלעבונגען אין 1920 אין טרויעריק־באַרימטן אַנטי־יידישן קאָנצענטראַציע־לאַגער יאַבלאָנע (ביי וואַרשע).

בעקערמאַנען רעגט אויף יעדער אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד. ער פאָלעמיזירט מיט דער בונדישער אויסגאַבע אין פאַריז „אונזער שטימע”, „וואָס איז תמיד אָנגעפילט מיט שמוץ און העצע קעגן קאָמוניסטן און דעם ראַטנפאַרבאַנד”. ער ציטירט אַ ריי אַרטיקלען פון דערדאָזיקער צייטונג און שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אויפן אויפרוף פון דער „אויסלענדישער דעלעגאַציע פון רוסישע סאָציאַליסטן (מענשעוויקעס)”, אָפּגעדרוקט אין „אונזער שטימע” פון 19־טן אָקטאָבער, און וווּ עס ווערט געמאַכט אַ ווענדונג צו די רוסישע אַרבעטער, זיי זאָלן אַדורכפירן „די דעמאָקראַטישע ליקווידאַציע פון סטאַלינס אַליינהערשאַפט”.

בעקערמאַן גיט צו איראָניש:

„דער לעצטער זאַץ: „דעמאָקראַטישע ליקווידאַציע” האָט טויזנט טעם און אפשר נאָכמער ווי טויזנט”.

ער דערציילט אונדז, אין די ווייטערדיקע פאַרנאָטירונגען, וועגן די רדיפות פון דער דאַלאַדיע־רעגירונג קעגן די קאָמוניסטן:

„מען האָט געפונען — שרייבט ער — די לאַנג־געזוכטע געלעגנהייט זיך נוקם צו זיין אין די קאָמוניסטן, וואָס האָבן דער רעגירונג מיט דאַלאַדיע בראש נישט ווייניק בייז בלוט פאַרשאַפט זינט אַלע צייטן און באַזונדערס זינט מינכען. איצט פייפט מען אויף די קאָמוניסטן. מען זעצט זיי אין די תפיסות, אז עס גייט אַ רויך” . . .

נאָכן אָנווייזן, אַז די גרויסע מערהייט קאָמוניסטן „מיט מאַרסעל קאַשען און מאָריס טאָרעז זענען געבליבן טריי זייערע אידעאַלן טראָץ די רעפּרעסיעס” באַמערקט ער:

„ס'האָבן נישט געהאָלפן אַלע „פּאַטריאָטישע” אַפּעלן צו די קאָמוניסטישע אַרבעטער . . . ס'האָבן אויך נישט געהאָלפן לעאָן בלומס אַרויסטריטן, זיינע ווענדונגען צו די קאָמוניסטן, זיי זאָלן זיך עפנטלעך שלאָגן על־חטא, און אפילו זיין שרייבן, אַז „וויבאַלד די קאָמוניסטן ווילן זיך נישט אָפּטרייסלען פון זיך, זאָל מען זיי באַהאַנדלען ווי די גרעסטע פאַרברעכער”.

„. . . דערווייל — פירט ב. אויס — דערווייל רודפט מען קאָמוניסטן. מען אַרעסטירט, מען מאַכט הויז־אינטערזוכונגען, מען זעצט איין. אַבי די דעמאָקראַטיע איז געראַטעוועט”...

עטלעכע טעג שפּעטער — דעם 4־טן נאָוועמבער — לייענען מיר אין טאָגבוך:

„ווי עס זעט אויס אין דער (קאָמוניסטישער) באַוועגונג? קיין סך ווייסט מען נישט. די דיסקרעציע איז גרויס. איין זאַך איז אָבער זיכער: די פּאַרטיי לעבט און די אונטערערדישע אַרבעט גייט ווייטער. עס ווערן כסדר פאַרשפּרייט טראַקטן, פּראָקלאַמאַציעס, און מען זאָגט אַפילו, אַז די „הומאַניטע” דערשיינט צייטנווייז” . . .

דעם 6־טן נאָוועמבער שרייבט בעקערמאַן:

„ווידער אָנגעקומען אַביסל אַרגענטינער צייטונגען, „די פּרעסע”, צו וועלכער איך האָב זיך צוגעכאַפּט מיטן גרעסטן אינטערעס, נישט בלויז צוליב דעם, וואָס איך בין שוין אויסגעהונגערט נאָך אַ יידיש וואָרט, פון וועלכן מען איז אָפּגעריסן זינט מען האָט פאַרמאַכט די היגע „נייע פּרעסע” (די „נייע פּרעסע” איז פאַרבאָטן געוואָרן דעם 1־טן אָקטאָבער 1939 — ג. ק.), נאָר פּשוט מיך אינטערעסירט די פּאָליטישע שטעלונג פון דערדאָזיקער צייטונג, וואָס קען דאַכט זיך גערעכנט ווערן פאַר דער איינציקער בירגערלעכער יידישער צייטונג אין דער וועלט, וועלכע איז נישט אַריינגעפאַלן אין קיין פּאָגראָם־שטימונג לגבי קאָמוניסטן”. ער שילדערט דערביי די שטימונג אין יידישן פּאַריז די ערשטע טעג נאָכדעם ווי די רויטע אַרמיי איז אַריין אין דעמאָלטיקן מזרח־פּוילן. ער איז אויפגעבראַכט אויף די עלעמענטן, וואָס „פאַרפּעסטן די לופט מיט זייער העצע און האַס, מיט זייער פּאָגראָם־העצע קעגן יעדן, וועמען מען איז נאָר חושד, אַז . . . ער האָט זיך נישט געלאָזט „איבערצייגן” דאָס ראַטעווען דרייצן מיליאָן מענטשן איז דער גרעסטער פאַראַט, אַזאַ איינעם — טענהן דידאָזיקע „דעמאָקראַטן” גאַנץ אָפן — דאַרף מען מסרן און רודפן, נישט געבן קיין אַרבעט”.

און ער גיט צו:

„אַ שאָד איז נאָר אַ געוויסע צאָל חברים, וואַקלענדיקע, כאַראַקטערלאָזע מענטשן, פון נאַטור גוטע חברים. נאָר זייער אידעאָלאָגישע שוואַכקייט דערלויבט זיי נישט זיך צו אָריענטירן אין שווערע פּראָבלעמען, וואָס די ביטערע ווירקלעכקייט טראָגט צייטנווייז אונטער אין אונדזער משונהדיקער צייט. אַזעלכע מענטשן וואַקלען זיך צווישן קעגנזאַצלעכע מיי־

נונגען און איינשטעלונגען, אַזעלכע פילן זיך מער אומגליקלעך, ווי די וואָס שטעלן זיך אויף דעם אָדער יענעם צד״.

דעם 12־טן נאָוועמבער פאַרצייכנט בעקערמאַן :

„ביסלעכווייז ווערט שיטער אין די רייען פון מיינע חברים בכלל און שרייבער בפרט. ביסלעכווייז הייבן זיי אָן זיך פונאַנדערצופאָרן, ווערנדיק אריינגעצויגן אין דער ארמיי, אַלס רעזולטאַט פון זייער אַנגאַזשירן זיך אין די ערשטע מלחמה־טעג. קיין סיסטעם איז דאָ נישטאָ. אומגעריכט באַקומט מען אַ צעטל — ס׳רוב אין לעצטן מאָמענט — און מען זאָגט זיי: אויף מאָרגן, אָדער אין דריי טעג אַרום.

„פון די שרייבער זענען שוין אַוועק בנימין שלעווין און דער זשורנאַליסט מ. דלוזשנאָווסקי. דער ערשטער איז טאַקע געווען דער יונגער, טאַלאַנטפולער ב. שלעווין״.

ער ציטירט אַ בריוו פון שלעווינען און באַמערקט : „פאַר אַ יונגן שרייבער זענען שווערע איבערלעבונגען אויך אַ שול פאַר פאַרהאַרטונג, פאַר כאַראַקטער־געשטאַלטונג און קינסטלערישער רייפקייט״.

דעמזעלבן טאָג פאַרנאָטירט ער :

„היינטיקע וואָך האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו בלעטערן אַ היפּש ביסל נומערן פון אמעריקאַנער „פאָרווערטס״, די קלאַסישע קאָמוניסטן־פרעסערישע צייטונג אין דער יידישער פרעסע. מילא היינט איז זייער הויך־סעזאָן. אַלס אָנפירער מיטן שדים־טאַנץ און קרייץ־צוג קעגן קאָמוניסטן, וואָס הערשט לעצטנס באַזונדער שטאַרק אין אמעריקע, פילט זיך איצט דער „פאָרווערטס״ (וואָס דאַרף פאַקטיש הייסן „ריקווערטס״ לויט אַלע זיינע סאָציאַלע און פאָליטישע איינשטעלן), ווי אַ פיש אין וואַסער. די צייטונג איז אָנגעפילט מיט העצע קעגן ראטנפארבאנד און מיט פּאָגראָם־געוואלטן קעגן די אַמעריקאַנער יידישע קאָמוניסטן. דאָס גייט סיי דורך שרייבערישע אַרטיקלען פון די מיטאַרבעטער, וואָס לאָזן זיך גוט באַצאָלן פארן העצן און סיי — אין פאָרם פון בריוו פון „האָכגעשעצטע לעזער״, וואָס שרייבן צו דער צייטונג. מילא, מיר זענען שוין געוווינט צום „בינטל בריוו״ פון אַלע יאָרן, איז איצט צוגעקומען אַ ניי בינטל בריוו, וואָס רופט צו אַנטיקאָמוניסטישע פּאָגראָמען״.

אויב די קאַמפּאַניע פון „פאָרווערטס״ דערשטוינט אים נישט, איז אָבער בעקערמאַן שטאַרק געטראָפן און ליידט פיל צוליב דער שפּאַלטונג אין יידישן קולטור־פארבאנד („איקוף״).

„. . . עס איז מיר פיינלעך געווען — שרייבט ער — צו הערן און דערנאָך צו לייענען . . . וועגן דער דראַמאַטישער זיצונג אין ניו־יאָרקער „איקוף״ דעם 28־טן אויגוסט ביים אויפרייסן די אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין סעפּטעמבער 1937 אויפן פּאַריזער יידישן קולטור־קאָנגרעס. ס׳איז אַ שטאַרקער ווייטיק, אַז צוליב ריין אויסערלעך־פּאָליטישע טעמים זאָל מען חרוב מאַכן אַזאַ וויכטיקע קולטור־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס האָבן צוזאַמענגעאַרבעט אויפן לאָיאַלסטן אופן מיט די קאָמוניסטן אַלע אויפריכטיקע אומפּאַרטייאישע שרייבער און קולטור־טוער אין יידישן אַמעריקע״.

באַזונדערס טוט בעקערמאַנען וויי אויף דער האַלטונג פון ה. לייוויקן, צו וועלכן ער האָט אַ שטאַרקע אכטונג, און וועמענס לידער ער ציטירט אַפילו די שפּעטערדיקע יאָרן אין זיין טאָג־בוך.

און אָט איז בעקערמאַנס באַשרייבונג פון אַ נאַכט־אַלאַרם 5 פאַרטאָג. ער שילדערט אונדז די מאַסע, וואָס לויפט אין די מעטראָ־טונעלן, דערציילט וועגן זייערע דיסקוסיעס. דאַן קומט פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער שמועס פון בעקערמאַנען גופא מיט אַ באַקאַנטער טוערין פון די לינקע פועלי־ציון, טאָפּטשע, וואָס איז שפּעטער אומגעקומען אויף דעפּאָרטאַציע :

„ווען מען באַגעגנט נישט אַלץ אין מעטראָ. אָט זיצט די באַקאַנטע קולטור־טוערין פון די לינקע פועלי־ציון, די חברטע טאָפּטשע, באַקאַנט אויך מיט איר אַקטיווער אַרבעט אינעם „איקוף״ פון פּאַריז. זי לייענט זיך אַ בוך, ווי אַרום איר וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. מיר צעשמועסן זיך.

„פון אַקטועלן, אַלאַרמירנדיקן, קומט מען צו ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן „איקוף״, אין שיכות מיט די ארויסטריטן פון לייוויקן און די איבעריקע שרייבער. חברטע טאָפּטשע איז ביי דער מיינונג, אַז ... די אינטעליגענץ בלייבט שוין אומפאַרענדערט אלס עלעמענט, וואָס איז שטענדיק גרייט צו לויפן, ווו דער ווינט בלאָזט . . . זי איז גאָרנישט מסכים מיט די אָנפאַלן פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן פרייהייט״, אַז לייוויק איז שטענדיק געווען „אַזוי און אַזוי״, פונדעסטוועגן : וויפל איז דער שיעור שטענדיק צו כאַפּן דעם הוט און — אַנטלויפן ? . . .

„איך, פון מיין זייט, גיב צו, אַז די אינטעליגענץ האַנדלט אין דעם פאַל ווי די ארמיי־פירער, וואָס לאָזן איבער זייער סטאַדע און אַנטלויפן . . . דאָס אומגליק איז, וואָס די סטאַדע אַליין איז צעטומלט, ווייסט נישט ווו זיך צו אָריענטירן. די אינטעליגענץ גופא העלפט צו צו דער דעזאָריענטאַציע....

„— אודאי — גיט צו חברטע טאָפּטשע — מענטשן זענען נישט געוווינט צו טראַכטן היסטאָריש, לויט אַ געוויסער פּערספּעקטיוו פון דערשיינונגען. דערצו האָט צוגעשפּילט די אומגעריכטקייט פון דער ענדערונג אינעם גאַנג פון דער געשיכטע. מען איז נישט געווען צוגעגרייט צו דער נייער אָריענטאַציע, כדי דעם עולם ווי עס איז אויפצוקלערן....

„— געוויס — באַמערק איך — מען האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט, וואָס איז זיך צונויפגעפאַלן מיטן פאַרמאַכן דאָס מויל .... מען ....

„נאָר וואָס איז עס ? איז שוין טאַקע דער סוף פון אַליאַרם? אָט שרייט דער הויך־רעדער : „האַלאָ ! האַלאָ ! די געפאַר איז אַריבער ! ״

„מענטשן הייבן זיך פון די ערטער, מען לאָזט זיך צום

אַרויסגאַנג. אונזער שמועס איז איבערגעריסן. מען וועט זיך נאָך מסתמא איבגיכן טרעפן..."

בעקערמאַן אינטערעסירט זיך שטאַרק טימ דער אומלעגאַ־לער אַרבעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָט וואָס ער פאַרנאָטירט דעם 14־טן נאָוועמבער :

„אַ באַקאַנטער טוער פון די יידישע קאָמוניסטן, וועלכער איז אגב, מיט אַ וואָך צוריק שוין אַוועק אלס אנגאַזשירטער אין דער אַרמיי האָט מיר לעצטנס געשריבן :

„די איינציקע טעטיקע פּאַרטיי ביי היינטיקן טאָג אין פראַנקרייך איז . . . די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אַלע אַנדערע פּאַרטייען האָבן צוליב שלום־בית אָפּגעשטעלט זייער פּאָלי־טישע טעטיקייט, בעת די אומלעגאַלע קאָמוניסטן זעצן פאָר זייער אונטערערדישע טעטיקייט דורך פלוג־בלעטלעך."

און אָט זענען אייניקע פּרטים וועגן דער טעטיקייט פון די יידישע קאָמוניסטן :

„ווי זעט אויס דער מצב אין דער יידישער סביבה ? מען מוז זאָגן, אז די געשעענישן, אויף וויפל זיי האָבן אין ערשטן מאָמענט אַרויסגערופן אַ צערודערונג, האָבן אָבער קיין חורבן אין די יידישע ווייען נישט געמאַכט, מיטן אויסנאַם פון גע־ציילטע עלעמענטן, וואָס זענען נאָך פריער געהאַט אַוועקגע־גאַנגען צוליב טראָצקיסטישע טענדענצן — אגב טיפן, נישט פון די געהויבענע. און נאָכדעם ווי די טעגלעכע צייטונג איז דורך אַ מסירה פאַרמאַכט געוואָרן, האָט חברה אָנגעהויבן צו קומען צו זיך און — זיך איבערגרופּירן לויט די נייע באַדינ־גונגען...

„נישט געקוקט אויפן שווערן רעזשים, וואָס שמעקט פאַר אויסלענדער גאָר געפערלעך, האָט זיך גיך איינגעשטעלט אַן אַרבעט. עס זענען אויפגעבויט געוואָרן די קעמערלעך און עס קומען פאָר צונויפקומען פון קלענערע גרופּן, וווּ אַקטועלע פּראָבלעמען ווערן באַהאַנדלט. און נישט בלויז פּראָבלעמען ווערן באַהאַנדלט, נאָר אויך אַ שריפט ווערט אַרויסגעגעבן און פאַרשפּרייט, פאַרשטייט זיך, מיט גרויס פאַרזיכט....

„דערוויל איז דערשינען דער „אינפאָרמאַציע־ביולעטין נומ. 1", וואָס האָט 7 בלעטלעך מאַשין־שריפט־זייטלעך. דער ביולעטין איז אינטערעסאַנט און פילפאַרביק צונויפגעשטעלט. מען קען זאָגן, אינטערעסאַנטער און לעבעדיקער ווי די פראַנצ־ויזישע...." (18 נאָוועמבער 1939).

אַ שטאַרקן איינדרוק מאַכט אויף בעקערמאַנען די ידיעה וועגן טויט פון אָלגינען.

„אַ טרויעריקע ידיעה היינט דערהאַלטן פון אַמעריקע — פאַרנאָטירט ער דעם 27־טן נאָוועמבער — ס'איז אומגעריכט געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג מ. אָלגין, דער רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן פרייהייט", די צענטראַלע פיגור פון דער קאָמו־ניסטישער באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס אין אַמעריקע. נישט באַזיצנדיק קיין פּרטים פון זיין טויט, קען מען דאָך זיך משער זיין, אז א סך האָבן דאָ געווירקט די לעצטע טראַגישע געשעענישן מיטן שאַרפן געזעלשאַפטלעכן קאַמף אויף דער

אַמעריקאַנער יידישער גאַס. נאָכן שפּאַלטן די קולטור־אַר־בעט. אָלגין איז לעצטנס געווען אַ צענטראַלע פיגור אין דער „איקוף"־טעטיקייט. ער האָט זינט דער שאַפונג פון „איקוף" געווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע דערדאָזיקער געאייניקטער קולטור־אַרבעט אויף דער יידישער גאַס. איצט, ווען צוליב אויסערלעכע פּאָליטישע סיבות, איז די אַרבעט צעשטערט געוואָרן, האָט עס אויפן איבער זעכציק־יאָריקן אָלגין געוויס געווירקט צום ערגסטן.

„אָלגין.... אַ גרויסע פּערזענלעכקייט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. אַ מענטש מיט אַ געוואַלטיק־רייכער קולטור און הויכער בילדונג, איז ער זיין גאַנץ לעבן געווען געבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. איבער צאַרישע תפיסות, דורכן „בונד", איז אָלגין נאָך דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע איבערגעגאַנגען אין די קאָמוניסטישע ריי־ען און אזוי פאַרבליבן אויף זיין פּאָסטן ביזן לעצטן אָטעם־צוג.

„ביי מיר איז נאָך פריש אין זכרון אָלגינס ראָל, זיין אַקטי־וויטעט און ערנסטקייט מיט איבער צוויי יאָר צוריק אויפן פּאַריזער קאָנגרעס פון דער יידישער קולטור, בשעת דער גרינדונג פון „איקוף". לעבן די הויפּט־טוער : לייוויק, אָפּאַ־טאשו, מוקדוני און אַנדערע, האָט זיך אָלגין שטאַרק אויס־געצייכנט. מיר איז אויסגעקומען יענעם טאָג, נאָכמיטאָג, צו זיין אין פּרעזידיום, ווען אָלגין איז געווען פּאָרזיצער. איך האָב באַוווּנדערט זיין ענערגיע, ערנסט און זאכלעכקייט, ווי אויך זיין געשיקטקייט אַלס פּאָרזיצער, בשעת עס זענען אויפ־געשוווּמען קליינע פּאָליטישע אינצידענטן.

„איצט, ווען אָלין, וואָס ער האָט אויפריכטיק געבויט, ווערט צעפאַלן צוליב פּאָליטישע און וואָרשיינלעך אויך פּער־זענלעכע מאָטיוון, איז דערדאָזיקער אַלטער, אויסגעפּרוּווטער קעמפער געפאַלן אינמיטן קאַמף. געפאַלן אויף זיין פּאָסטן, ווי אַ סאָלדאַט. זיין אָנדענקען וועט בלייבן צווישן דער רע־וואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט ווי אַ סימבאָל פון אויסגע־האַלטנקייט."

צווישן אַלע טרויעריקע ידיעות, פאַרצייכנט ב. דעם 4־טן דעצעמבער אַ פריידיק געשעעניש פאַר אים : דאָס דערשיי־נען פון זיין בוך „אַנאַטאָל פראַנס". עס פילט זיך דער האַר־ציקער ציטער פון אויטאָר ביים דערזען זיין באַליבט ווערק קומען אויף דער ליכטיקער שיין. די פרייד איז אָבער אויס־געמישט מיט טרויער : ווער וועט עס איצט לייענען ?

„היינט איז אָנגעקומען פון בעלגיע, וווּ דאָס בוך איז גע־דרוקט געוואָרן, דאָס ערשטע טוץ עקזעמפּליאַרן. מען וואָלט באַדאַרפט אָנשרייבן אַ בוך, כדי צו דערציילן די געשיכטע ווי אזוי דאָסדאָזיקע בוך — דער רעזולטאַט פון מיין יאָרן־לאַנ־גער אַרבעט — איז געדרוקט געוואָרן, אַלע שוועריקייטן, וואָס איך האָב געהאַט בייצוקומען, ביז ענדלעך, די מלחמה האָט זיך אַריינגעמישט און געשטערט דאָס אויסלייזן דאָס בוך היינטיקן זומער פון דרוקערס הענט. איצט, אין אָנבליק פון

די געשעענישן און דער ערנסטער לאַגע, וואָס דראָט בעל־גיע, איז מיר געלונגען אויסצופועלן ביים דרוקער געציילטע עקזעמפּליארן, ביז איך וועל האָבן די מעגלעכקייטן אויסצו־לייזן די איבעריקע. דערווייל לעב איך איבער פריידיקע מי־נוטן פאַר אלע עגמת־נפשן און צווייפלען צי איך וועל נאָך איבערהויפּט אַנזען מיין אַרבעט.... דאָס בוך איז שיין אַרויס־געגעבן, אַ צוויי־פאַרביקע הילע מיטן בילד פון פראנסן מיטן רויטן מיצעלע אויפן קאָפּ. ס'איז נאָר טרויעריק, וואָס דער איצטיקער מצב דערלויבט נישט קיין פארקויף פון אזא בוך. דאָס יידישע לעבן איז אין מזרח־איראָפּע חרוב און דאָ — אויך. ווער דאַרף היינט אַ בוך ? . . ."

מיט אַ צוויי וואָכן שפּעטער קערט ער זיך אום צו זיין „אַנאַטאָל פראנס" אין שיכות מיט אַ בריוו פון זיין פאַרלעגער א. ב. צעראטא, וואָס געפינט זיך דעמאָלט אין אַ קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער. סיי דער בריוו, סיי אהרן בעקערמאַנס באַמער־קונגען זענען אזוי רירנד, אַז מיר קענען זיך נישט צוריק־האַלטן פון ברענגען זייער פולן טעקסט :

„מיטוואָך, דעם 20־טן דעצעמבער 1939, 9 אָוונט.

„איך האָב היינט דערהאַלטן אַ בריוו פון מיין פאַרלעגער א. ב. צעראטא, וועלכער געפינט זיך זינט דער מלחמה־אויס־ברוך אין . . . קאָנצענטראַציע־לאַגער אלס עסטרייכישער בירגער, כאָטש פאַקטיש איז ער אַ פּוילישער, ס'הייסט אַ גאַ־ליציאַנער. נאָר ווייל אהער איז ער געקומען פון עסטרייך ערב היטלערס „אַנשלוס" און איז דאָ פאַרבליבן אלס פליכט־לינג, מוז ער איצט צוגלייך מיט אַנדערע עסטרייכער ווי ער, זיך אָפּרוען אין אַ פּראָוויזאָרישן אַרבעט־לאַגער ביז די פראַנצויזן וועלן האָבן באַפרייט די עסטרייכער פון... עסטרייך.

„געלעבט האָט צעראטא ביזן מלחמה־אויסברוך אין גרויס נויט, נאָר באַשיידן און שטיל. אויפגעהאַלטן האָט אים זיין גוטמוטיקער כאַראַקטער, זיין אָפּטימיסטישע לעבנס־פילאָזאָ־פיע, זיין פּינקטלעכקייט און רואיקייט. אַ האַרציקער מענטש, איז ער געווען אַ ליבהאָבער פון יידישער קולטור, פון יידישן בוך, מיט וועלכן ער האָט געהאַט אַ נאָענטע שיכות נאָך אַלס פאַרלעגער פון יידישע ביכער אין וויען. באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים אין 1937 אויפן פּאַריזער אַלוועלטלעכן צוזאַמענ־פאָר פאַר יידישער קולטור. ווען ער האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז און איך בין צוגעטרעטן אַרויסגעבן מיין נייַ בוך „אַנאַטאָל פראַנס", האָט דער גוטמוטיקער צעראטא באַלד אָנ־געבאָטן זיין אַרבעט ביים אַרויסגעבן. ער האָט זיין אַרבעט דורכגעפירט זויבער און פּינקטלעך און אָט . . . ווען דאָס בוך איז ענדלעך דערשינען אין אזא טרויעריקן מאָמענט, האָב איך אים די בשורה מיטגעטיילט אין לאַגער אַריין. און נאָך אַ היפּשן וואַרטן איז געקומען זיין ענטפער, וואָס איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן אלס צייט־דאָקומענט, אלס כראָניק פון אונזערע טעג, פון אונזער לעבן.

דער בריוו איז פון לאַגער מעלע די מען פון 14־טן דעצעמ־בער, געשריבן אויף דייטש, צוליב דער לאַגער־צענזור :

„ . . . דער היינטיקער קאַלטער פאַרמיטאָג האָט מיר גע־בראַכט דיין בריוו מיט דער פריידיקער נייעס, אז דיין בוך „אַנאַטאָל פראנס" איז אינגאַנצן פאַרטיק. אויך איך פריי זיך מיטן פאַרטיק ווערן פון בוך. ווי זעט עס אויס ? איז עס ריין געדרוקט ? איך בין זייער נייגעריק עס צו זען. צוליב דעם, וואָס דו האָסט אַ טוץ ביכער, האָב איך איין ציגאַר — פאַר געבאָרגט געלט — געקויפט. מיט דעם ציגאַר „פייער" איך דאָ, אין לאַגער, איינער אַליין, דאָס דערשיינען פון דיין בוך. ווייַן איז פאַר מיר צו טייער און איך האָב עס נישט, אַנישט וואָלט איך פאַר דיר אַ לחיים געטרונקען. איך רויכער אָבער דעם ציגאַר מיט אַ באַזונדערן טעם ביים שרייבן דעמדאָזיקן בריוו. מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָב איך דיר געשריבן אַ קאַרטל, אָבער עס ליגט נאָך וואַרשיינלעך ביז היינט ערגעץ אויף אַ פּאָסט־אַמט. עס איז מעגלעך, איך וועל דיר אין עט־לעכע טעג אַרום זען. איך פאַר קיין ליאָן זיך צושטעלן אין מיליטער" . . .

„צום סוף פרעגט זיך צעראַטא נאָך איבער באַקאַנטע שריי־בער: ווי איציק מאַנגער, דניאל טשאַרני, דוד פליסקין און ער פאַרגעסט אויך נישט צו פרעגן וואָס עס שרייבט ברוך גלאַזמאַן. ווייל גראָד ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט מען אין פּאַריז געדאַרפט אַנהויבן זעצן מיין פאַרטיק בוך איי־בער ברוך גלאַזמאַן מיט דער הקדמה פון קלמן מרמר. אויך די אַרבעט האָט צעראטא געדאַרפט דורכפירן. ליידער איז דער־פון גאָרנישט געוואָרן. דעם מאַנוסקריפּט האָב איך לעצטנס מיט גרויס שווערקייטן צוריקגעשיקט צו גלאַזמאַנען, וועל־כער וועט עס אַרויסגעבן אין אַמעריקע." (דאָס בוך איז דער־שינען אין 1943 אין אמעריקע — ג. ק.)

בעקערמאַן פאָלגט גלייכצייטיק מיט דער גרעסטער פאַר־אינטערעסירטקייט נאָך די פּאָליטישע געשעענישן. ער שטעלט זיך זייער אָפט אָפּ אויף דעם מאָדנעם פאַרלויף פון קריג. ער פאַרצייכנט אין זעלבן דעצעמבער־חודש :

„ . . . נאָך הונדערט טעג מלחמה, הויבט זיך אָן אין פּאַריז אויסדאַכטן, אַז דער קריג איז עפּעס אַ ווייטע זאַך, — צווישן די סאָוויעטן און פינלאַנד, למשל, און ווייטער גאָרנישט . . . מען לייענט צייטונגען און מען הערט ראַדיאָ־ידיעות, כלערליי בלאָפן, העצעס און אינטערווענצן, פּונקט ווי נאָך מיט אַ יאָר צוריק אין שפּאַניע . . . ביסלעכווייז הייבט זיך אָן אויסצו־דאַכטן, אַז די מלחמה איז טאַקע עפּעס אַ ווייטע, זייטיקע זאַך, וואָס גייט אונדז נישט אָן, אלנפאַלס, נישט מער וויפל ס'איז נייטיק אויף אַ דיסקוסיע לטובת דעם אָדער יענעם צד . . . אַפילו אויף די שאַבלאָנע, לאַקאָנישע באַריכטן פון איינצלנעם פראָנט לייגט שוין קיינער נישט קיין אַכט.

„ווי זאָגן פראַנצויזן :

„ס'עט אין דראָל דע גער" . . .(ס'איז אַן אויסטערלישע מל־חמה).

בעקערמאַן, אַליין אַן אַלטער סאָלדאַט, איז באַזונדערס מיט־פילנד מיט זיינע חברים אין דער אַרמיי. ער שרייבט זיך מיט

זיי אָפּט אַדורך, ציטירט זייערע בריוו און טראַגט זיך אַפילו אַרום מיטן געדאַנק „צו זאַמלען די סאָלדאַטישע בריוו, כדי זיי נאָך דער מלחמה (עס גלייבט זיך דאָך אַלץ, אַז מען וועט זי איבערלעבן . . .) צו באַאַרבעטן און באַזונדער אַרויסגעבן אין אַ זאַמלונג בריוו פון אַ צייט־אָפּשניט״.

ער דערציילט, צו דערזעלבער צייט, וועגן אַ נייעם נומער — 3 — פון אומלעגאַלן יידישן „אינפאָרמאַציע־ביולעטין״. ער גיט איבער כמעט דעם גאַנצן אינהאַלט זיינעם, מיט לענגערע אויסצוגן. באַזונדערס איז ער צופרידן מיט די איבערגעדרוקטע דערקלערונגען פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, מאָריס טאָרעז. ער שרייבט איבער דידאַזיקע דערקלערונגען און פירט אויס:

„אָבער די קאָמפּאַרטיי פאַרבלייבט די גרויסע און איינציקע האָפענונג פאַר די ארבעטנדיקע פון אונזער לאַנד״.

„אַזוי זאָגט מאָריס טאָרעז, דער שטענדיק־באַליבטער און פּאָפּולערער פירער פון דער מעכטיקער קאָמפּאַרטיי, פון וועמענס „דעזערציע״ מיט עטלעכע חדשים צוריק די פּרעסע איז אַזוי געווען אויפגעבראַכט. איצט, מיט דעם אינטערוויו, ווערט קלאָר די נויטיקייט פון דאָזיקן אַקט, מיט וועלכן ס׳זענען פאַרבונדן וויכטיקע געשעענישן אין פּערספּעקטיוו מיטן ווייטערדיקן גאַנג פון דאָזיקן גרויסן אומזין, וואָס קען אַמאָל באַקומען דעם ריכטיקן זינען״.

עס רוקן זיך אָן די לעצטע טעג פון יאָר. אָט איז ווייַנאַכטן. ער שרייבט:

„ . . . ס׳איז יום־טוב אויף דער וועלט: ווייַנאַכטן, דאָס געבורט פון יעזוסן, דער אָנהייב פון אַ גרויסן ליגן, וואָס האָט זיך מיט ניינצן הונדערט ניין און דרייסיק יאָר צוריק פאַרשפּרייט צווישן מענטשן און נאָך ביז היינט האַלט ער אויב נישט אין איבערצייגטן גלויבן, איז אין פאַרגליווערטער טראַדיציע, דעם גרעסטן פּראָצענט פון דער מענטשהייט. היינט, אין טאָג פון יום־טוב, שטייט אונדזער רעפּובליקאַנישער „וועלטלעכער״ ראַדיאָ אין דינסט פון אַלע קלויסטער־געזאַנגען און אומזיניקע, פרומע פלאַפּלערייען פון רעליגיעזע פריידיקער. ווערטער, הוילע, פּוסטע, וואָס האָבן פאַרלוירן יעדן זינען אין אָנבליק פון דער טראַגישער ווירקלעכקייט, אין וועלכער מיר לעבן״.

און אָט איז דער 31־טער דעצעמבער. ער ציט אונטער אַ טרויעריקן סך־הכל:

„עס גוססט דאָס יאָר 1939, דאָס פינצטערע יאָר אין דער מענטשלעכער געשיכטע . . .

„אויפן ראַנד פון אָנקומענדיקן יאָר — 1940, ווייזט זיך ליידער נישט קיין שטראַל האָפענונג אויף אַ גיכן סוף פון דער בלוטיקער טראַגעדיע . . .״

3.

עס פעלן אונדז די בענדער 2 און 3 פון אהרן בעקערמאַנס טאָג־בוך זיי נעמען אַרום דעם צייט-אָפּשניט פון 1טן יאַנואַר ביזן 23טן אויגוסט 1940. דאָס איז דער פּעריאָד פון דער „אויסטערלישער מלחמה״, פון דער גרויסער דייטשער אָפענסיווע, פון שרעקלעכן געלויף פון מיליאָנען מענטשן צוליבן פאָרויסגאַנג פון די דייטשע חיילות. דאַן — דער אַריינקום פון די דייטשן קיין פּאַריז, דער וואָפנשטילשטאַנד. וואָס פאַר אַן אומגעהייער מאַטעריאַל פאַרן געניטן אויג פון אַהרן בעקערמאַן! וויפל אומבאַקאַנטע פּרטים וועגן דער שטימונג אין לאַנד, וועגן דער בהלה צווישן די יידן האָט ער געדאַרפט פאַרצייכענען אין יענע טעג! וועלן אָט די בענדער זיך אַמאָל אָפּגעפינען? יעדנפאַל ווערן זיי נאָך געזוכט ביי פאַרשידענע נישט־יידישע פריינט פון אומגעקומענעם שרייבער, ביי וועמען ער האָט אויסבאַהאַלטן פאַרשידענע כתבים זיינע.

מיר האָבן פאַר זיך דעם באַנד 4. ער געפינט זיך אין אַ זייער שלעכטן צושטאַנד. פיל זייטן זענען קוים מעגלעך צו לייענען. (דער באַנד איז געווען פאַרגראָבן אין אַ פייכטן קעלער). ער נעמט אַרום דעם פּעריאָד פון 24־טן אויגוסט 1940 ביז סוף יאָר און האָט 526 געשריבענע העפט־זייטן.

די ערשטע בלעטלעך זענען די פאָרזעצונג פון אַ באַשרייבונג פון זיינע וואַנדערונגען אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ. עטלעכע טעג שפּעטער געפינט ער זיך צוריק אין פּאַריז. ער פאַרצייכנט אין טאָגבוך:

„ . . . די פיר־טאָגיקע אַוואַנטורע, זיבן הונדערט קילאָמעטער איבער באַרג און טאָל, איבער טייכן און גרענעצן, האָט זיך מיט מזל פאַרענדיקט! מיטן אָנקומען פון דער אָוונט־דעמערונג זענען מיר שוין געווען אין פּאַריז.

„מיר געדענקט זיך נאָך, ווי דורכפאָרנדיק אָרלעאַן, האָבן מיר אָנגעטראָפן דעם מלחמה־חורבן. גאַנצע קוואַרטאַלן פון צענדליקער הייזער ביים ברעג פון לואַר ליגן אין חורבות. איין שטיין־בריק איבערן לואַר איז אויפגעריסן. די צוויי גאַנץ־געבליבענע האָבן באַקומען נייע נעמען: די בריק מיטן טאָוול, וואָס דערציילט די נסים פון זשאַן ד׳אַרק, וואָס האָט באַפרייט אָרלעאַן פון די ענגלענדער; זי, די יונגפרוי פון אָרלעאַן, טראָגט איצט דעם „שיינעם״ נאָמען: „אַדאָלף היטלער־בריקע״ און די צווייטע בריק: „הערמאַן גערינג־בריקע״ . . . אָט פונקט ווי ס׳וואָלט נישט געווען קיין אָקופּירט לאַנד, נאָר — אַנעקסירט . . .

— — — — — — — — — — — —

„שוין אין די פּאַריזער פאָרשטעט וואַרפט זיך אין די אויגן דאָס פעלן פון אויטאָס, אַ חוץ דייטשע. בלויז לאַנגע רייען מענטשן פאַר די שפּייז־ און מילך־געוועלבער זאָגן אָן, אַז עפּעס האָט זיך געביטן אין פראַנקרייך, פראַנקרייך פאַרזוכט אַ מלחמה־רעזשים.

„מיר פאָרן דורך גאַנץ פּאַריז. די רייכע קוואַרטאַלן פון עטואַל, שאַנז־עליזיי, קאָנקאָרד, אָפּעראַ און גרויסע בולוואַרן. אומעטום מחנות דייטשן, סיי צופוס און סיי אין לאַסט־

אויטאָס, אָדער אויטאָקאַרן. זיי באַקוקן די פּאַריזער מערק־ווירדיקייטן, אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן זענען זיי כמעט נישט בנמצא. פּאַריז איז שוין איצט פול מיט מענטשן, ווען נישט דאָס פעלן פון די קאָמוניקאַציע־מיטלען: אויטאָס, טאַקסיס און אויטאָבוסן, וואָלט מען גאָרנישט דערקענט אין פּאַריז. און נאָך עפּעס: די דייטשן... נישט קיין זכר פון פראַנצויזישן מיליטער. דייטשן און דייטשן...

„איך קום אַריין אין שטוב. איך רעד מיט מענטשן. דזשאַלאָווסקי קומט מיך באַזוכן. נאָר איך קען אַלץ נישט שלום מאַכן מיט דער אויסטערלישער רעאַליטעט:

„פּאַריז — אַ דייטשע שטאָט...

„מיך שווידערט"...

בעקערמאַנען טוט ווײ דער גורל פון שטאָלצן, פרייען פּאַריז, וואָס ער האָט אַזוי ליב. ער איז אָבער נאָכמער פאַר־ביטערט צו זען, ווי די פראַנצויזישע פאַשיסטן שענדן די שיינע פרייהייט־טראַדיציעס פון לאַנד. די פאַרקויפטע קנעכט פון דער פראַנצויזישער פּרעסע הייבן אויף אַן אַנטיסעמיט־טישע העצע לויטן נוסח געבעלס־שטרייכער. זיכער איז פאַראַן אַן אַנדער פראַנקרייך — דאָס אמתע פראַנקרייך, וואָס וועט קיינמאָל נישט לאָזן זיך פאַרשקלאַפן. אָבער אָט דאָס פראַנקרייך געפינט זיך אין אונטערערד. בעקערמאַן פאַר־נאָטירט דעם 1־טן סעפּטעמבער:

„אין אַ העקטאָגראַפישן נומער „הומאַניטע", נומער 72 פון 26־טן אויגוסט, איז אפילו פאַראַן אַ נאָטיץ געווענדעט קעגן דער שמוציקער אַנטיסעמיטישער אַרבעט:

„די באַנדע קנעכט, גרופּירט דורכן זשורנאַל „אַ פּילאָרי" מיטן שותפות פון דער מאַכט, האָבן אָרגאַניזירט אַן אַנטי־סעמיטישע מאַניפעסטאַציע אין פּאַריז. דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט נישט פאַרגעסן, אַז אויף אַזאַ אופן האָבן געאַר־בעט די לייט פון 6־טן פעברואַר 1934, מיטן פּלאַן צו פאַ־שיזירן פראַנקרייך. אַזוי אַרבעטן איצט די געוויסנלאָזע שקלאַפן, ווען מען קען פרעגן: „ווער צאָלט זיי?" „פאַר וועמען אַרבעטן זיי?"...

„וואָס קען אָבער אויפטון אַ פאַרשטיקטע, אונטערערדישע שטימע אין אַ וועלט פון שמוץ?"

דער קריג דויערט אָבער ווייטער, און בעקערמאַן פאָלגט נאָך מיט געשפּאַנטקייט די היטלערישע לופט־אָפענסיווע קעגן ענגלאַנד. מיר געפינען ביי אים פאָלגנדיקן קאָמענטאַר:

"... ווען אונדזער שלום עליכם וואָלט היינט געלעבט, וואָלט ער נישט מער געלאַכט, זעענדיק אַז ס'איז מקוים גע־וואָרן זיין ווערטל: „לאָנדאָן, פאַרוואָס ברענסטו נישט?". שוין דעם פינפטן טאָג, טאָג און נאַכט, ווי לאָנדאָן איז אין פלאַמען און אַלץ נייע כוואַליעס לופט־משחיתים קומען וואַרפן זייערע צינד־באָמבעס... ניין, ער וואָלט קיין נחת נישט געהאַט, דער שפּאַסיקער שלום־עליכם. אויף אַזאַ טראַגעדיע האָט זיך קיינער נישט געריכט. ער וואָלט אפשר גלייך מיט מיר געטראַכט, אַז בעסער האָט טשעמבערליין אַליין באַדאַרפט ברענען, ווען ער איז געפלויגן קיין מינכען, ווען ער האָט זיך געהנדלט צו היטלערן, אים געקעכלט, אַלץ נאָכגעגעבן, אַבי... ער זאָל ווערן שטאַרק, צום חרוב מאַכן די וועלט און אויך ענגלאַנד גופא... דער גולם, וואָס האָט מורד געווען אין זיין באַשעפער און העלפער..."

בעקערמאַן איז כסדר פאַרבונדן מיט זיינע חברים שרייבער. ער באַציט זיך צו זיי מיט אַן אַ שיעור זאָרג און צערטלעכקייט... אַזוי דערציילט ער דעם 15־טן סעפּטעמבער 1940 וועגן זיין באַזוך „ביים דיכטער דוד פּליסקין, וואָס געפינט זיך נאָך זיין קראַנקייט אויף זומער־וווינונג אין ברינואַ" (אַ שטעטל לעבן פּאַריז. ג. ק.)

מיט וואָס פאַר אַ וואַרעמקייט בעקערמאַן רעדט וועגן די דריי מענטשן, וואָס האָבן שפּעטער אַזוי טראַגיש פאַרענ־דיקט: „איך געפין זיך ביי פּליסקינען מיט זיין גוטער פרוי און שוואָגער, מענטשן אַזוי טייערע, זעלטענע פאַר אונדזער בליצקריג־עפּאָכע".

ער נוצט אויס זיין באַזוך, כדי זיך אויסצושמועסן מיט פאַרשידענע יידן. ביי איינעם געפינט ער אַ יידישע איבער־זעצונג פון אַ קאָמוניסטישן אויפרוף, וואָס איז פאַרטיילט געוואָרן אין פּאַריזער אַרבעטער־קוואַרטאַל „בעלוויל". דער אויפרוף ווענדעט זיך צו די פראַנצויזישע אַרבעטער, זיי זאָלן שיצן זייערע יידישע חברים. בעקערמאַן שרייבט איבער אין זיין טאָגבוך דעם גאַנצן אויפרוף, וווּ עס זאָגט זיך צווישן אַנדערן:

„אַרבעטער, נישט יידן, האַנטווערקער, הענדלער, דער־לויבט נישט קיין פּאָגראָמען אין אונדזער קוואַרטאַל. די מענער, די זין פון דער יידישער באַפעלקערונג זענען געווען אויפן פראָנט אין דער ערשטער ליניע מיט אונדז. מיט אונדז האָבן זיי געקעמפט. לעבן אונדז וויפיל זענען פון זיי געפאַלן. מיט אונדז האָבן זיי געליטן, מיט אונדז אַרבעטן זיי און קעמפן".

און בעקערמאַן באַמערקט דערביי:

„אַ וויכטיקער צייט־דאָקומענט. ווי גוט וואָלט געווען, ווען ער האָט די מעגלעכקייט צו קומען צו די מאַסן אויף אַ לע־גאַלן אופן".

ער ברענגט דאַן איניקע אויסצוגן פון אַן אומלעגאַלער „הומאַניטע" און גיט צו:

„אַז מען לייענט אַזעלכע ווערטער, ווערט מען אַביסל גע־שטאַרקט ביי זיך. מען הייבט אָן ווייטער גלויבן, אַז נאָך נישט אַלץ איז פאַרלוירן. אין פראַנצויזישן פאָלק זענען נאָך פאַראַן לעבעדיקע כוחות, וואָס וועלן זיין וואַך און ווען אַ פּאַסיקער מאָמענט וועט קומען — און מען האָפט נאָך אַלץ, אַז אַזאַ „פּאַסיקער מאָמענט" מוז לסוף קומען! — אַריינגיסן ביי בלוט אין אַטראָפירטן אָרגאַניזם פון דערשלאָגענעם פאָלק"....

די פאַרצייכענונגען פון די ווייטערדיקע טעג זענען ווערט־פולע דאָקומענטן. בעקערמאַן פאַרנאָטירט מיט גרויס פּינקט־לעכקייט, ווי עס לעבט און טראַכט דאָס פראַנצויזישע פאָלק;

ווי עס לעבן די יידן די ערשטע חדשים פון נאַצי-רעזשים ; ער כאַפּט אויף דיסקוסיעס אין גאַס, אין מעטראָ, אויף דער באַן ; ער גייט אין קינאָ זען די ערשטע נאַצי־פילמען, כדי פעסטצושטעלן ווי די פראַנצויזן רעאַגירן.

עס נעמען זיך אָנרוקן די ערשטע שוואַרצע כמאַרעס : די ערשטע אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען.

אָט ווי בעקערמאַן זאָגט אונדז אָן די בשורה :

„מיטוואָך, דעם 2־טן אָקטאָבער 1940, 8 אָוונט.

„ . . . די נייעס האָט מיר נעכטן שפּעט איבאָוונט געבראַכט פון גאַס מיין זון :

„— געהערט איצט דורכן ראַדיאָ די נייעס וועגן יידן״.

„ — וואָסערע נייעס, מיין זון ?

„ — נישט געהערט ? אַלע יידן וועלן זיך איצט מוזן רעגיסטרירן אין דער פּאָליציי . . . די דייטשן האָבן עס באַפוילן איצט דורכן ראַדיאָ . . .

„איך האָב זיך געוווּנדערט, וואָס אין דער עמיסיע 7 אינאָוונט האָב איך עס נישט געהערט, און די שפּעטערדיקע עמיסיע פון 8 אַזייגער האָב איך שוין נישט גענומען. איך הער בכלל זייער זעלטן דעם פּאַריזער ראַדיאָ. מיר זענען נמאס די שמוציקע, אַנטיסעמיטישע געשיכטעס. נאָר גיי ריכט זיך, אַז כ׳וועל פאַרפעלן אַזאַ וויכטיקע נייעס. נאָר מיין זון טרייסט מיך :

„ — וועסט עס האָבן מאָרגן אין די צייטונגען.

„אַזוי איז טאַקע געווען.

„אַלע צייטונגען האָבן אויפן ערשטן אָרט אָפּגעגעבן גרויס „כבוד״ די אינפאָרמאַציעס :

„מאָסמיטלען קעגן יידן מצד דער דייטשער מאַכט״.

„אין האַרצן האָט עס אַ טיאָבקע געטון :

„עס הייבט זיך אָן.״

צומאָרגנס באַמערקט ער בייסיק :

„די קאַניבאַלן אויף די פייער-אינזלען, וואָס פלעגן אָפּבראָטן זייער קרבן פאַרן פאַרצוקן, האָבן געהאַט די מעלה לגבי די מאָדערנע קאַניבאַלן פון די פּאַריזער רעדאַקציעס : יענע האָבן געזונגען זייער ווילד ליד, געטאַנצט אַ וויילע אַרום זייער קרבן, דערנאָך אים פאַרצוקט, אַז קיין האָן האָט קיין קריי נישט געטון. זיי האָבן אָבער נישט געקענט שרייבן און נישט אַרויסגעבן קיין צייטונגען, די אומגליקלעכע קאַניבאַלן״.

אין זיין פאַרביטערונג דערגייט ער אָבער קיינמאָל נישט צו באַשולדיקן אַלע פראַנצויזן מיט זיין גאַנצער, פאַר אים אַזוי־כאַראַקטעריסטישער, אָביעקטיווקייט און ערלעכקייט פאָלגט ער נאָך דאָס רעאַגירן פון פראַנצויזישן פאָלק אויף די אַנטיסעמיטישע פאַראָרדענונגען. ער פאַרצייכנט דעמזעלבן טאָג :

„ווי אַזוי באַציען זיך פראַנצויזן צו דער נייעס ? דערוויל נאָך שווער צו וויסן. אין גאַס רעדט דער פראַנצויז נישט מער. איך האָב אָבסערווירט מאַסן פראַנצויזן נעכטן פאַרביי די קיאָסקן ביים לייענען די גרויסע קעפּ אין די צייטונגען מיט דער „פרייליכער״ נייעס. קיינער האָט אַ וואָרט נישט געלאָזט פאַלן, נישט פאַר און נישט קעגן. נאָר איצט דערציילט מיר אַ מיידל, אַז אין פאַבריק, וווּ זי אַרבעט, האָבן פראַנצויזישע מיידלעך, אַרבעטער־מיידלעך, היינט צווישן זיך געשמועסט וועגן דעם. זיי האָבן מיט פאַרביטערונג צווישן זיך גערעדט :

„ — וואָס וויל מען פון די יידן האָבן ? וואָס מישן זיך עפּעס די דייטשן אַזוי שטאַרק ביי אונדז ? און וואָס הייסט, מען וועט די יידן אַלץ צונעמען ? זיי האָבן דאָך דערויף געאַרבעט . . .״

אַ וואָך שפּעטער לייענען מיר אין טאָגבוך :

„אַלס פּועל־יוצא פון דער נירנבערגער תורה, הייבט פּאַריז אָן צו זען די בילדער פון בערלין, וווּ די יידישע געשעפטן זענען באַוואַכט געוואָרן פון נאַצי־פּיקעטן, וואָס האָבן נישט אַריינגעלאָזט קויפן ביי יידן. אין פּאַריז זענען די בילדער אָנגעקומען אַביסל פאַרשפּעטיקט, אָבער — זיי זענען פאַראַן . . .

„היינט ביי טאָג האָט מען שוין אַזאַ בילד געקענט זען אויף די בולוואַרן, אין עק רי מאָנמאַרטר. אויף די בולוואַרן האָט זיך שוין אויף אַ יידיש געשעפט פון וועש־אַרטיקלען באַוויזן דאָס פאַרפליכטנדיקע געלע צעטל מיט דער אויפשריפט : „יידישעס געשעפט״, „אַנטרעפּריז זשוויוו״. נייגעריקע ליידיקגייער האָבן זיך גענומען זאַמלען און איין עלטערער פראַנצויז האָט געפונען פאַר נויטיק צו דערפילן זיין „פּאַטריאָטישן״ חוב נישט אַריינצולאָזן קיין קונים אין געשעפט . . . אָבער ס׳האָבן זיך געפונען עטלעכע צענדליק פאַרבייגייער, וואָס האָבן זיך גענומען קריגן מיטן „פּאַטריאָט״ :

„ — ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט עמעצן צו שטערן יאָ אָדער נישט אַריינצוגיין ? . . .

„— איך בין אַ פראַנצויז, איך האָב רעכט ! . . .

„— מיר זענען אויך פראַנצויזן, נאָר קיין רעכט עמעצן צו שטערן האָט קיינער נישט . . .

„דייטשע סאָלדאַטן פאַרזאַמלען זיך, לייענען דאָס צעטל, ווילן פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך, שטויסן זיך אודאי אָן . . . נאָר זיי גייען אַוועק שמייכלענדיק. זיי דאַכט זיך מסתמא, אַז זייערע היטלער־יונגען האָבן עס בעסער געמאַכט . . .״

בעקערמאַן איז פון די אַקטיווסטע אין דער פּראָגרעסיווער שרייבער־גרופּע. זיינע חברים שרייבער זענען אים נאָענט אידייאיש און גלייכצייטיק פאַרבינדט אים אַ האַרציקע, פערזענלעכע פריינטשאַפט מיט יעדן פון זיי. דאַרף מען אַ בעסערע כאַראַקטעריסטיק פון אָט דער שרייבער־גרופּע, ווי די וועלכע בעקערמאַן גופא גיט איר ?

„היינט — שרייבט ער דעם 5־טן אָקטאָבער 1940 — זענען מיר זיך צונויפגעקומען עטלעכע מאַן פון אונדזער שרייבער־גרופּע צו באַטראַכטן לויפנדיקע פראַגן לויט די

איינגעשטעלטע כּללים פון אונדזער אַרבעט. ווייל מיר, די גרופּע לינקע שרייבער אין פּאַריז, האָבן אין דער גרעסטער מערהייט אויסגעהאַלטן דעם שטורעם פון דער צייט, נישט פאַרלוירן די קעפּ און — פאַרגעזעצט אונדזער וועג פון פריער. נישט צאָלרייך איז אונדזער גרופּע, אָבער מענטשן פעסטע. מיט גלויבן, מיט איבערצייגונג, מיט אַ וועג אין לעבן, אַפילו די שווערע שעהן, וואָס עס קומט אויס אַדורכצולעבן, ברעכן נישט אונדזער גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון אונדזער וועג און אין דעם, אַז די צוקונפט געהערט אונדז.

„מיר קומען זיך צונויף אין קליינע גרופּן. מען קען היינט קיין סך זיך נישט צונויפקומען, אָבער דער קאָנטאַקט בלייבט.”

און ער גיט צו:

„היינט נאַטירלעך, האָבן מיר געהאַט צו רעדן איבער די נייע גזרות קעגן יידן”.

צומאָרגנס קערט ער זיך אום צום צוזאַמענקום פון די שרייבער. מיר געפינען דאָ איינ־קע נעמען פון שרייבער (קיינער פון זיי לעבט נישט מער):

„ביי אונדזער צוזאַמענקום נעכטן אָוונט האָט אונדזער גרופּע־מיטגליד, די מאָלערין און געזעלשאַפטלעכע טוערין חנה קאָוואַלסקאַ געלייענט איר באַשטימטן צוגעגרייטן רעפעראַט, אַ דאָקומענטירטער און באַאַרבעטער מאַרקסיסטיש־לעניניסטיש, ווי עס באַדאַרף צו זיין”.

ער דערמאָנט אויך די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פון די שרייבער צענדאָרף און עלסקי און באַמערקט, אַז ער האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט שלאָפן, נאָכטראַכטנדיק איבער די פּראָבלעמען, וואָס זענען דאָרטן באַהאַנדלט געוואָרן. ער ברענגט זיינע מיינונגען צום אויסדרוק אויף אַ ריי זייטלעך אין טאָגבוך.

דעם 18־טן אָקטאָבער דערמאָנט ער אויפסניי וועגן דער שרייבער־גרופּע:

„אַ גאַנצן שווערן אָוונט האָב איך געאַרבעט ביים צונויפשטעלן אַ פּרעסע־איבערזיכט, וואָס דאַרף מאָרגן געלייענט ווערן אויפן צוזאַמענקום פון אונדזער גרופּע שרייבער. דאָס איז אַ טייל פון אונדזער קאָלעקטיווער אַרבעט’.

דעם 20־טן אָקטאָבער געפינען מיר בעקערמאַנען אין שטעטל סען־זשענעוויעוו־די־בואַ, וווהין ער איז געפאָרן צוזאַמען מיט חנה קאָוואַלסקאַ באַזוכן „אונדזער קראַנקן חבר און דיכטער משה שולשטיין”. מיט וואָס פאַר אַ ליבע און צאַרטקייט ער שרייבט׳עס וועגן זיין יונגערן פריינט! ער באַמיט זיך אים אויפהייטערן, צעשטרייען:

„. . . נאָר שולשטיינען בענקט זיך נאָך פרייהייט און ער שווייגט. אין זיינע אויגן באַמערק איך אַ טיפן טרויער”.

און אָט איז דער צוריקפאָר קיין פּאַריז:

„. . . ווי זאָגט חנה קאָוואַלסקאַ, שוין זיצנדיק אין צוג, וואָס לויפט איבער די שיינע שטעטלעך אַרום פּאַריז:

„— ביי אַ מענטשלעכער אָרדענונג וואָלט דאָס לעבן דאָ געווען אַ גן־עדן . . . אַזאַ שיין לאַנד פראַנקרייך . . . אַזויפיל נאַטור־שיינקייט און מענטשלעכע קונסט . . .

„גערעכט, חנה, איצט איז דאָס אַלץ געטראָטן מיט די פיס פון די דייטשע שטיוול, מיט דער הילף פון „פּאַטריאָטישע”, „ריין־אַרישע” פראַנצויזן מיטן מאַרשאַל פּעטען בראש.

„טרויעריק! האַרבסטיק־טרויעריק אויף דער נשמה, גאָרנישט לויטן וועטער אינדרויסן”.

דעם 22טן אָקטאָבער זאָגט ער אונדז אָן די נייעס, אַז:

„. . . אונדזער וואָרט”, די אומלעגאַלע יידישע אויסגאַבע, איז ווידער דערשינען. אַ נייער נומער, 23, דאַטירט פון 20־טן אָקטאָבער 1940. 4 זייטן טעקסט מיט אַ סך אינפאָרמאַציעס איבער אַקטועלע ענינים. פאַרשטייט זיך, אַז די יידישע לאַגע אין איצטיקן פראַנקרייך ווערט אָפּגעשאַצט. אינפאָרמאַציעס איבער דער אַנטיסעמיטישער העצע און איר רעזאָנאַנס צווישן די פראַנצויזישע מאַסן. עס ווערן געבראַכט פאַקטן, אויפגעקליבענע אין גאַס, וועגן דער גוטער באַציונג פון געוויסע פראַנצויזן, זייער קעגנערשאַפט צו די נירנבערגער תּורהס”.

ער גיט אונדז איבער דעם פולן טעקסט פון דאָזיקן נומער „אונזער וואָרט”, די אומלעגאַלע צייטונג, וואָס האָט פאַרטרעטן די „נייע פּרעסע”. ער שטרייכט באַזונדערס אונטער אַ זאַץ פון לעני׳נס אַ ווענדונג צו די רוסישע אַרבעטער נאָכן קישעניעווער פּאָגראָם, וועלכע די צייטונג האָט איבערגעדרוקט. אין דאָזיקן זאַץ זאָגט זיך: „די רוסישע אַרבעטער וועלן זייט ביי זייט מיט די יידישע פאַרטיידיקן די קרבנות פון דער אַנטיסעמיטישער העצע. דאָרט ווו די רעגירונג האָט געזייט ווינט, וועט זי שניידן שטורעם”.

בעקערמאַן באַמערקט דערצו:

„די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק לאָזט זיך זייער גוט צופּאַסן צום איצטיקן שדים־טאַנץ קעגן יידן. און — מיר וואַרטן אויפן שטורעם, וואָס זאָל דאָס גאַנצע רעאַקציאָנערע שמוץ אַראָפּשווענקען אין פראַנקרייך, ווי אין גאַנץ אייראָפּע.”

דעם 6טן נאָוועמבער דערציילט ער אַ טרויעריקע געשיכטע וועגן דוד פּליסקינען:

„. . . דער דיכטער דוד פּליסקין איז ערנסט קראַנק. צוליב זיין לונגען־קראַנקייט האָט אים דער דאָקטאָר פאַרבאָטן צו אַרבעטן, ווייל פּליסקין מוז אַרבעטן ביי שניידעריי צו דערנערן זיין פאַמיליע.

„פּליסקינס געזונט־מצב פאָדערט אומבאַדינגט דאָס אָפּרוען זיך און קורירן אין אַ סאַנאַטאָריע אַ לענגערע צייט. האָבנדיק געצאָלט אַלע יאָרן אין דער קאַסע פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג, איז ער אַוועק צום דאָקטאָר פון דער געזעלשאַפט, מען זאָל אים פון דער קאַסע שיקן אין אַ סאַנאַטאָריע. פון דאָרט האָט מען אים איבערגעשיקט אין אינסטיטוט פון „סאָציאַלער היגיענע” פון זיין ווין־ראַיאָן.

„געקומען איז ער מיט אַ בריוו פונעם דאָקטער, וואָס קורירט אים. איז אָבער דער דאָקטער אַ ייִדע, פּונקט ווי זיין פּאַציענט פּליסקין. איז עס נישט קיין קליינער פּאַרברעך אינעם „נייעם״ פראַנקרייך מיט געשטעמפּלטע קאַרטעס „זשוויף״. נעמט דער דאָקטער דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו אין האַנט אַריין, אַלייען דעם פרעמדן נאָמען, אַ ווייז צום צווייטן דאָקטער :

„ — נאָ זע, אַ ייד . . .

„ — און דו ביסט אויך אַ ייד ? — ווענדעט ער זיך צו פּליסקינען.

„ — געוויס.

„ — טאָ גיי דיר געזונטערהייט. ס׳הייסט : קראַנקערהייט. נישטאָ ביי אונדז קיין אָרט פאַר פרעמדע . . .

„פּליסקין איז נעבעך געבליבן דערשלאָגן, הגם ער האָט זיך אויף קיין בעסערע אויפנאָמע נישט געריכט. נאָר די קראַנקן־שוועסטער, אַ פרוי מיט געפיל, וויל פּליסקינען טרייסטן :

„ — גייט אין שפּיטאָל אַריין, דאָרט וועט מען אייך צונעמען . . .

„ —איך וויל נישט — ענטפערט פּליסקין — מיין אָרט איז אין אַ סאַנאַטאָריע, נישט אין שפּיטאָל, וווּ מען קען גאָר נישט העלפן.

„ — בעסער אַזוי ! — צעשרייט זיך דער „ציוויליזירטער״ היילער פון דער מענטשהייט — גייט טאָקע אַהיים, מען דאַרף אייך נישט אין שפּיטאָל . . .

„פּליסקין איז אַוועק אַ דערשלאָגענער.

איצט זיצט ער אַ פאַרקלעמטער, נישטאָ קיין מיטלען זיך צו היילן. אפילו אין פּריוואַטע סאַנאַטאָריעס וויל מען קיין „פרעמדע״ נישט אָננעמען :

„— נישטאָ גענוג פּלאַץ פאַר פראַנצויזן . . .

„איז — האַלט עס שוין טאָקע אַזוי ווייט אין „נייעם״ פראַנקרייך ?״

אָבער גלייך קומט דאָס אַנדערע, דאָס מענטשלעכע פראַנקרייך ; בעקערמאַן שרייבט וועגן באַרימטן פּראָפעסאָר לאַנזשעווען :

„— .... עס מעלדן די צייטונגען, אַז די טעג איז אַרעסטירט געוואָרן אַזאַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט פון „אַלטן״ פראַנקרייך, ווי פּראָפעסאָר לאַנזשעווען. אַ מענטש, וואָס איז אַ שטאָלץ פאַר אַ פאָלק און לאַנד. נישט מער, דערדאַזיקער מענטש לאָזט זיך נישט אָפּקערן פון זיין „אַלטן״ וועג, פון קאָמוניזם. איז עס נאָך ווייניק „פאַרברעך״ ? האָט נאָך דער מענטש געהאַט דעם מוט איצט אַרויסצוטרעטן אויף אומלעגאַלע גרופּן־פאַרזאַמלונגען. האָט מען זיך דערוווּסט און אים פאַרשפּאַרט.

בעקערמאַן גיט אונדז טאָג נאָך טאָג דעם וווּקס פון אַנטי־יידישע גזרות. ער ווייזט אונדז די מהומה צווישן די יידישע מאַסן, די איינציקע, וואָס זענען טעטיק צווישן די יידן, פאַרטיידיקן זיי, וואָרענען קעגן די געפאַרן, באַקעמפן די יידישע מיטהעלפער פון די נאַציס, טרייסטן די יידישע מאַסן, און צינדן זיי אָן צום קאַמף, זענען די קאָמוניסטן. אָט זענען איניקע אויסצוגן פון בעקערמאַנ׳ס פאַרצייכענונגען וועגן זייער טעטיקייט :

„9־טער נאָוועמבער.

„ . . . אַ נייער נומער „אונדזער וואָרט״ פון 3־טן נאָוועמבער. אַ מאָגער בלעטל פון 2 זייטלעך. קוים לייענבאַר. דאָס באַזאָרגן זיך מיט פּאַפּיר קומט אָן אַלץ שווערער. שווער צו קויפן, שווער צו באַקומען געלט, שווער צו געפינען מיטלען אין די אומלעגאַלע באַדינגונגען. און די באַדינגונגען ווערן אַלץ שווערער. די העצע קעגן קאָמוניסטן ווערט אַלץ אָפענער, וואָס שטאַרקער די אומלעגאַלע פּראָפּאַגאַנדע נעמט אַריינדרינגען אין די מאַסן. די רדיפות ווערן אויך אַלץ פאַרביסענער אין ביידע „זאָנעס״ די אַרעסטן — אָפטער און די באַהאַנדלונג — גרויזאַמער.

„אונדזער וואָרט״ ווענדט זיך צו די יידישע מאַסן מיט אַ טרייסט־וואָרט :

„ . . . מיר דאַרפן זען, אַז מיר זענען נישט אַליין אויסצושטיין די קלעפּ. זעענדיק, אַז טראָץ די איבערפולטע תפיסות, באַוועגט זיך עס אין לאַנד, זעען מיר דעם גרויסן, אויפגייענדיקן כוח.״

אין אַן אַנדער נומער „אונדזער וואָרט״ ווערט פּראָטעסטירט קעגן פּרייוויליקן שיקן יידן אין די לאַגערס אַריין :

„איצט זעצט מען איין יידישע פאַמיליעס אין דער נישט־אָקופּירטער זאָנע. אָנשטאָט צו פּראָטעסטירן קעגן דעם, האָבן די ראַבינערס פון טולוז גערופן יידן צו גיין פּרייוויליק אין לאַגער . . . יידישע מאַסן פרעגן זיך : צי האָט נישט דער „דזשאָינט״ קיין וויכטיקערע צוועקן, ווי צו שטיצן די לאַגערן מיט די שווער פאַרהאַרעוועטע גראַשנס פון אַמעריקאַנער יידן ?״

אַ צווייטן טאָג שרייבט בעקערמאַן :

„ . . . אַזוי איז „אונדזער וואָרט״, דאָס אונטערדריקטע יידישע רעוואָלוציאָנערע וואָרט. דאָס דערגייט דאָך צו געוויסע יידישע קרייזן אין פּאַריז, אין פחד פאַר קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אין אַלע יידישע שטובן שלאָפט מען היינט נישט רואיק. יעדער וואַרט, אַז די פּאָליציי זאָל אַ קלאַפּ טאָן אין זיין טיר. אַ סך יידן אין פּאַריז האָבן שוין גרייט געמאַכט די פּעקלעך מיט די נייטיקע זאכן מיטצונעמען, גרייט אויף יעדן רוף. און „אונדזער וואָרט״ וועקט אויף די בענקשאַפט „אַהין״, וווּ אַ ייד קען שלאָפן רואיק און די לופט איז נישט פאַרסמט פון זאָאָלאָגישן גיפט, וווּ עס עקזיסטירט נישט קיין „פּאַרי סואַר״ מיט קיין מאַרסעל דעאַ, דאָריאָ, לאַוואַל און מאַרשאַל, וואָס קעמפן קעגן די יידן, זאָגנדיק אַז זיי קעמפן קעגן קאַפּיטאַליזם.״

און דעם 24־טן נאָוועמבער 1940, האַלבע נאַכט :

„ . . . די יאָגד אויף קאָמוניסטן איז אַ שטאַרקערע ווי

אויף יידן. ריכטיק זאָגט אַן אומלעגאַל בלעטל : די „קאָלאַ־באָראַציע צווישן דער פּאָליציי און די דייטשן איז אין דעם פּרט אַ פולשטענדיקע . . . בונדעסטוועגן שטערט עס נישט, אַז בלעטלעך און טראַקטן זאָלן כסדר דערשיינען און אפילו אַ ספּעציעלע אויסגאַבע קעגן אַנטיסעמיטיזם זאָל דערשיינען און טאַקע פּיין געדרוקט מיט דראָבנער שריפט אויף צוויי זייטן . . .

„דער אַנטיסעמיטיזם — אַ געווער פון דער רעאַקציע — אַזוי הייסט דאָס בלעטעל, וואָס גיט אַן אַלזייטיקן אַנאַליז איבערן כאַראַקטער פון דער העסלעכער אַנטיסעמיטישער העצע, וואָס ווערט געפירט אין איצטיקן פראַנקרייך.״

דעם 21־טן נאָוועמבער :

„און אין לעצטן נומער „אונדזער וואָרט״ — דאָס איינציקע יידישע וואָרט אין פראַנקרייך און אפשר אין גאַנצן קאַפּיטאַליסטישן אייראָפּע — קומט אַ באַגריסונג פון די יידישע מאַסן אין פראַנקרייך צום לאַנד פון סאָציאַליזם, פרייהייט און פעלקער-גלייכהייט״.

די ידיעות, פאַרצייכנט אין טאָגבוך, ווערן אַלץ טרויעריקער, די רדיפות אויף יידן — אַלץ שטאַרקער. אויך אין דער „פרייער זאָנע״ ווערט דאָס לעבן אַלץ אומדערטרעגלעכער. מיר לייענען דאָרט :

„יידן — דערציילט מיר וועוויאָרקעס פרוי (די פרוי פון שרייבער וו. וועוויאָרקע, ביידע אומגעקומען אויף דעפּאָרטאַציע — ג. ק.) — גייען דאָרט אַרום ווי משוגע . . . זיי זענען פון צרות פאַרווילדעוועט געוואָרן״.

אין יענע טעג האָט בעקערמאַן אַ גרויסע טרייסט : ער אַרבעט איבער אַ ניי בוך — אַ גרויסע מאָנאָגראַפיע איבער לענינען. די אַרבעט פאַרשלינגט אים אינגאַנצן, צינדט אים אָן, מאַכט אים פאַרגעסן אין אַלע אומגליקן. ער שרייבט אָפּט אין זיין טאָגבוך וועגן זיין ליבלינג־ווערק. אָט זענען איניקע ציטאַטן :

„פּאַריז, זונטיק, דעם 10־טן נאָוועמבער, 1940, עלף אָוונט.

„איך לאָז זיך גיין צוריק אַהיים. די גאַסן זענען איצט שוין אויסגעשטאָרבן.

„אין שטוב זעץ איך זיך ווידער צו מיין אַרבעט. אַ שאָד צו פאַרלירן מיין וויניקע צייט צו מיין גרויסער אַרבעט איבער לענין, וואָס פאַרכאַפּט מיך. איך האַלט איצט אין מאָמענט, ווען קרופּסקאַיאַ קומט צו לענינען קיין סיביר.״

„דעם 17־טן נאָוועמבער, 1940, עלף אָוונט.

„היינט בין איך אַ גאַנצן טאָג געווען אין שטוב. אין פרימאָרגן זיך אויסגעשלאָפן פאַר אַ גאַנצער וואָך. ווייל אין די אָוונטן, קומענדיק פון דער אַרבעט, וואַרף איך זיך גלייך צום שרייבן, אַז אפילו דעם לאָנדאָנער ראַדיאָ לאָז איך לעצטנס דורך. די אַרבעט איבער לענינען ציט מיך אַלץ מער אַריין״.

„פּאַריז, דינסטיק, דעם 10־טן דעצעמבער, 1940, האַלבע נאַכט.

„. . . אויב איך וועל דערלעבן פאַרטיק צו מאַכן מיין איצטיקע גרויסע אַרבעט איבער לענינען, וועל איך דאַרפן אין דער הקדמה — איך האָב זיך נאָך ביז איצט נישט באַנוצט מיט קיין הקדמות — אָנגעבן אונטער וואָסערע באַדינגונגען דידאָזיקע אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן . . . דאָ גייט נישט אין דעם פּאַראַדאָקס פון נעמען זיך צו אַן אַרבעט גראָד אין איצטיקן מאָמענט פון היטלעריזם און פאַרשאַרפטע רעפּרעסיעס קעגן קאָמוניסטן, שוין אָפּגערעדט פון דער ספּעציפישער יידישער לאַגע אין איצטיקן פּאַריז . . . דאָ גייט עס אין דעם, וואָס זינט אַ וואָך האָט זיך די שרעק — דאָסמאָל מיט אַ געוויסער באַרעכטיקונג — שוין אַריינגעכאַפּט צו מיר אין שטוב״ . . .

דאָס איז אַן אַגענט זיך געקומען עטלעכע מאָל נאָכפרעגן אויף בעקערמאַנען. אים פּאַלט אָבער נישט איין צוליב דעם אָפּצושטעלן דאָס שרייבן.

וויפל פשטות און צוגלייך העראָיזם זענען אויסגעגאָסן אין די קומענדיקע שורות :

„. . . נאָר איך, רעדוצירנדיק . . . די רוי־מאַטעריאַלן צו מיין אַרבעט, זיץ דאָך יעדן אָוונט און שרייב ביז שפּעט . . . איך קען נישט אַוועקלייגן די אַרבעט, וואָס אַבסאָרבירט מיך אינגאַנצן. דאָס גריבלען זיך אין לענינס לעבן, וואָס איז דורכגעפלאָכטן מיט דער וווּנדערבאַרער געשיכטע פון דער רוסישער באַוועגונג ביז דער רעוואָלוציע און שפּעטער — פאַרכאַפּט מיך אינגאַנצן. קיין געפאַר שרעקט מיך נישט אָפּ און איך האָב זיך פאַרמאָסטן מיין אַרבעט צו דערפירן צום סוף, אפילו ווען אַלץ זאָל זיך איבערקערן . . . סיידן . . . ס׳וועט קומען מיין ריי אומגעריכט צו אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.״

ווי הימל־ווייט איז אהרן בעקערמאַן פון אָט יענע קליינבירגערלעכע שרייבער, וואָס האָבן צוליב אַ שלעכטער רעצענזיע אָדער אַ ברוגז מיט לייענער אַוועקגעוואָרפן זייער שרייבן. בעקערמאַן, דער מיטגליד פון דער רעוואָלוציאָנערער שרייבער־גרופּע, באַטראַכט זיין שאַפן פאַר אַ הייליקער שליחות, וואָס ער פירט אַדורך מיט ליבע, מיט מסירת־נפש און זעצט זי פאָר אפילו אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערס. דער גרעסטער טייל שאַפונגען זיינע האָט איבערגעלעבט די קרעמאַטאָריע־פייערן פון אוישוויץ, ווייל נישט קענענדיק אָפּראַטעווען זיין קערפּער, האָט בעקערמאַן פאַר זיין אומקום אַלץ געטון, כדי אָפּצוראַטעווען פון פאַרניכטונג זיין בוך וועגן לענינען און אַ ריי אַנדערע ווערק זיינע.

און אָט איז נאָך איינער פון די וווּנדערבאַרע ציטאַטן פון טאָגבוך, ציטאַטן, וואָס מען וואָלט זיי געדאַרפט אַלע ברענגען, ווייל זיי אַנטפּלעקן פאַר אונדז די איידלקייט און שיינקייט פון בעקערמאַן דעם שרייבער און מענטש :

„זונטיק, דעם 22־טן דעצעמבער, 1940, עלף אָוונט.

„היינט איז דער פרימאָרגן אויפגעגאַנגען קעלטער ווי נעכטן. דער פראָסט האָט אויף די פענצטער אויסגעהאַפטן

זיינע שענסטע בלומען. לאַנג בין איך געלעגן אין בעט און . . . באַוווּנדערט די עקזאָטישע פלאַנצן אויף די שויבן. ס'איז שווער געווען זיך אויפצוהייבן אין דער קאַלטער שטוב. זיך געשלאָגן מיט דער דעה: פאַרברענגען די לעצטע פעקלעך קאָקס־קוילן? איבערלאָזן אויף עטלעכע אָוונטן? געזיגט האָט דער חשק אויסצונוצן דעם טאָג אויף צו שרייבן. דער אימפעט האָט נאָך נישט אָפּגעלאָזט און די גייסטיקע וועלט, אין וועלכער איך לעב די לעצטע צוויי חדשים, איז אַזוי שטאַרק, אַז זי פאַרטונקלט די רעאַלע וועלט, די מאַטעריעלע, וואָס רינגלט מיך אַרום . . . לויטן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם — מיט וועלכן איך בין גראָד היינט באַשעפטיקט — איז אַפילו די גייסטיקע וועלט נאָר אַ רעפלעקס פון דער מאַטעריעלער; דער געדאַנק, נאָר אַ רעפלעקס פון דער מאַטעריע, וואָס דאָמינירט איבער אַלץ. נאָר די איצטיקע מאַטעריעלע וועלט אין פּאַריז איז שוין אפילו נישט ווערט זי זאָל רעפלעקטירן דעם געדאַנק . . .

„האָב איך טאַקע אַ גאַנצן נאָכמיטאָג ביז אינאָוונט געאַרבעט אָנגעשטרענגט אַלץ ביים זעלבן קאַפּיטאַל פון לעבינס אַנאַליז פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם . . .״

און אָט לייענען מיר דעם 26־טן דעצעמבער:

„. . . פאַרנאַכט האָב איך געמאַכט אַ שפּאַציר איבער די בולוואַרן. די מערהייט שפּאַצירער זענען דייטשן. הימל און ערד און דייטשן. מאַסן סאָלדאַטן און אָפיצירן, אויסגעפּוצטע, זאַטע, גייען אין רעקוויזירטן שיינעם זאַל „רעקס״, וואָס איז אַ „דויטשער סאָלדאַטן קינאָ״. זיי באַלאַגערן די געוועלבער, וואָס זענען שוין לאַנג אויסגעליידיקט, זיי נישטערן, זוכן וואָס צו קויפן און קונים זענען זיי אויף אַלץ: ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, זאָקן, ווייבערישע מאַנטלען א. אַ. וו. אַלץ, וואָס לאָזט זיך אַרויסציען פון לאַנד, איז אַ סחורה . . .

„ אַהיימגעקומען בין איך אַ דורכגעפרוירענער, אַריינגעוואָרפן די לעצטע עטלעכע ברעקלעך „שוואַרצע דיאַמאַנטן״ אין אויוון און — זיך גענומען פאַרזעצן „לענין״.

„איצט איז שוין אין אויוון קאַלט, ווי די ווירקונג פון דער דייטשער „קאָלאַבאָראַציע״ מיט די הונגעריקע פראַנצויזן. ס'איז שפּעט, כ'האָב מיין טעגלעכע אַרבעט פאַרענדיקט. דער ראַדיאָ שפּילט נאָך טענער פון מאָצאַרטס „צויבער־פלייט״, נאָר איך מוז גיין שלאָפן אין דער קאַלטער נאַכט . . .״

צוויי טעג שפּעטער גיט אונדז בעקערמאַן איבער אייניקע אויסצוגן פון אַ בריוו פון תפיסה פון אַ יונגן יידישן רעוואָלוציאָנער, איינער פון די הונדערטער העלדן, וואָס דאָס יידישע פראַנקרייך האָט אַרויסגעגעבן בעתן לעצטן קריג. אָט וואָס בעקערמאַן שרייבט:

„אַזוי למשל, אַ באַקאַנט ייִנגל פון 18 יאָר, איר (וועוויאָרקעס פרוי. — ג. ק.) זונס אַ חבר, וועמען איך קען אויך זייער גוט, אַ באַוווּסטזיניקער און געלערנטער בחור, איז ער דאָ נישט לאַנג אַרעסטירט געוואָרן פאַר . . . פאַרשפּרייטן אין גאַס קאָמוניסטישע בלעטלעך. אַזוי ווי דער בחור איז געווען דער איינציקער פאַמיליע־שפּייזער, לעבט איצט די מוטער אין גרויס נויט. קיינער קוקט זיך אויף זיי נישט אום. נאָר פרוי וועוויאָרקע, וואָס געהערט צום זעלטענעם טיפּ גוטהאַרציקע מענטשן, וועלכע זענען אין אַ טראַגישער צייט באַזונדערס בייטיק, העלפט דער פאַמיליע מער ווי אירע שוואַכע מעגלעכקייטן דערלויבן. איז אָט דער בחור שרייבט צו פרוי וועוויאָרקע אַ בריוו פון תפיסה. אין דעם בריוו דערקלערט דער בחור דעם זינען פון זיין טאַט. איך האָב איבערגעזעצט דעם וויכטיקסטן טייל בריוו און פאַרצייכן אים אַלס צייט־דאָקומענט:

„ . . . איר האָט אַוודאי געמוזט זיין איבעראַשט צוליב די לעצטע נייעס פון מיר. עס קען אייך אפשר וווּנדערן, אָבער זייט זיכער, איך בין געווען פולשטענדיק באַוווּסט דערפון, וואָס איך טו. איך פיל זיך שטאָלץ דערמיט. ס'איז ביי מיר געווען אַ נאַטירלעכע עוואָלוציע. אין גרויסן קאַמף פון דער מענטשהייט צו דעראָבערן דאָס בעסערע, איז דער נאַטירלעכער קאַמף פון באַוווּסטזיניקע מענטשן פאַר אַ שענערער צוקונפט, אַ מענטשלעכע צוקונפט פון פרייד, ליבע און גליק. ווען דאָס וועט געשען, וועלן מיר שוין אפשר נישט זיין אויף דער וועלט, אָבער דער זוימען וועט זיין פאַרזייט און עס וועלן געניסן אונדזערע קינדער״.

און בעקערמאַן גיט צו:

„אַזוי שרייבט פון תפיסה אַ יידישער יוגנטלעכער אין פּאַריז, דעם 9־טן דעצעמבער 1940. איז עס אַ פרייד און אַ טרייסט אין די שווערע טעג, וואָס מיר לעבן.״

דעמזעלבן אָוונט לייענען מיר אין טאָגבוך:

„דערנאָך בין איך אַרויף צו דוד פליסקין. ער אליין איז לעצטנס נישטאָ. ער רוט זיך אָפּ פון זיין קראַנקייט ערגעץ לעבן פּאַריז. געטראָפן האָב איך דעם אַלטן שוואָגער זיינעם, בערנשטיין. אַ זעלטענער מענטש פון געוויסן און טיפן גלויבן אין אונזער זאַך. מיר האָבן גערעדט וועגן דער לאַגע און פונקט ווי אין די קאַטאַסטראָפאַלע מאַי־טעג, ווען אלע זענען געלאָפן פון פּאַריז, איז ער געווען קעגן, ווייל פון אומגליקן קען מען נישט אַנטלויפן, אַזוי אויך איצט, אין די טעג פון יידישן אומגליק, איז ער קעגן לויפן, ווייל ווער ווייסט, וואָס דאָרטן וואַרט אויף אונדז. זיצנדיק אַזוי האָב איך גענומען בלעטערן לייוויקס „גן־עדן״־לידער, וואָס בערנשטיין האַלט אין לייענען. איך האָב אויפגעמישט צופעליק און אָנגעטראָפן אויף „דאַרווין״ און עפּעס האָב איך אין די ווערטער דערפילט אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער צייט, מיט דער ווירקלעכקייט, וואָס רינגלט אונדז אַרום.״

בעקערמאַן ציטירט פיר פערזן און גיט צו, ווי פאַרענטפערנדיק זיך:

„...ס'איז מאָדנע, אין היינטיקע טעג צו ווערן סענטימענטאַל צו פּאָעזיע... נאָר אין איצטיקן מאָמענט זענען לייוויקס ווער־

טער נישט בלויז אַ דערמאָנונג אין אַ וועלט, וואָס עקזיסטירט נאָך ערגעץ מחוץ דעם דריטן רייך, נאָר די ווערטער רעדן גלאַט צום געמיט, ווייל זיי פאַרוואַנדלען זיך פון פּאָעזיע אין אַ בלוטיקער וויזיע פון רעאַליטעט.״

און אַט קומט דער לעצטער טאָג פון יאָר, דער 31־טער דע־צעמבער 1940. בעקערמאַן שליסט אָפּ דעם 4־טן באַנד פון זיין טאָגבוך מיט די ווערטער:

„אין דערדאָזיקער לעצטער נאַכט בין איך אינערגעץ נישט געגאַנגען. נישטאָ קיין זכר פון קיין פריינט . . .

„ווי קען מען זיך פרייען אין היינטיקער נאַכט? פאַראַיאָרן זענען מיר זיך צונויפגעקומען אַ גרופּע חברים פאַרברענגען עטלעכע שעה. געווען מיט אונדז גינאַ מעדעם. מען האָט זיך געטרייסט, געהאָפט, מען האָט אייך אויף אַ דיסקרעטן אופן געפייערט דאָס דערשיינען פון מיין „אַנאַטאָל פראַנס״ און היינט? ....

„אומעטיק, טרויעריק אין יידישע הייזער. אייראָפּע ליגט צעבראָכן און דערשטיקט אונטער „דויטשלאַנד איבער אַלעס״. דאָס ענגלישע פאָלק בלוטיקט שרעקלעך צוליב די זינד פון זיינע רעגירער — די פאַרגאַנגענע און איציקע — נאָר פונ־דעסטוועגן איז אַלץ געבליבן די טרייסט: די בעסטיע איז נאָך ווייט נישט ביי איר ציל צו פאַרשקלאַפן אייראָפּע. נאָך פאַראַן האָפענונג, אַז עס וועט זיך איר נישט איינגעבן, זי וועט גע־בראָכן ווערן, נישט קומענדיק צום ציל . . .

„איז דאָס די איינציקע האָפענונג צום נייעם יאָר....

„באַזונדער איז די האָפענונג גרויס צווישן די איצט שווער געפּלאָגטע יידן. ווייל דאָס יידישע פּאַריז טרעט אריין אין אַ נייעם יאָר מיט אַ גאָר שווערן געמיט. מען גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דער איצטיקער רויב פון יידישע פאַרמעגנס איז נאָר אַ פאַרשפּיל צו גרעסערע אומגליקן, וואָס דאָס נייע יאָר טראָגט אונטער....

„1940־1941 . . .

„ווידער מישט זיך אויף אַ בלעטל אין דער געשיכטע, אַ דריט מלחמה־יאָר און — די בעסטיע איז נאָך אַלץ שטאַרק און דער סוף זעט זיך נאָך נישט...״

### .4

דער 5־טער באַנד פון די טאָגביכער נעמט ארום דעם אָפּ־שניט פון 1־טן יאַנואַר ביזן 19־טן אַפּריל 1941 און פאַרנעמט 392 געשריבענע זייטן. אין אָנהייב גיט בעקערמאַן אַלס מאָטאָ פאָלגנדיקן ציטאַט פון לענינען:

„אויב דער סאָציאַליזם וועט נישט טריומפירן, וועט דער שלום צווישן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות זיין בלויז אַ וואָפן־שטילשטאַנד, אַן אונטערברעכונג . . . וועט ער זיין די צוגרייטונג צו אַ נייער פעלקער־שחיטה״ . . .

דעם 8־טן יאַנואַר פאַרצייכנט ער, אַז „אויפן יידישן פראָנט אין פּאַריז איז די לעצטע טעג אַביסל אַן „אָנטשפּאַנונג״. ער מאַכט זיך אָבער נישט קיין אילוזיעס: „נאָר ווידער די זעלבע מעשה: יידן זוכן היינט אַ חיי־שעה. לאָזט מען זיי אַ פּאָר טעג צורו, אָטעמט מען אַביסל אָפּ. מען נעמט זיך ווידער צו האַנד־לען, וואַנדלען, אַרבעטן צוביסלעך, ביז . . . ביז מען וועט זיך אין זיי ווידער דערמאָנען״....

ער זעט פאָר, אַז די דייטשן וועלן סוף כל סוף פאַרכאַפּן אויך די „פרייע זאָנע״. ער שרייבט:

„דער טיגער וועט אויסטאַן די הענטשקעס, אַראָפּוואַרפן די פּאָליטישע שמינקע און ווייזן, וואָס די נאַציס קענען״....

דעם 11־טן יאַנואַר פאַרצייכנט בעקערמאַן:

„ . . . אַ קורצע געשיכטע, אָבער אַ טרויעריקע:

„ארום פיר נאָכמיטאָג, אין דער מעטראָ־סטאַציע „זשאָ־רעס״, האָבן זיך ווי געוויינלעך, מענטשן געשטופּט אין די שטענדיק־פול געפּאַקטע וואַגאָנען. צוויי פרויען, איינע אַ הויכע, אַ יונגע און די צווייטע אַ נידעריקע, אַביסל אַן עלטערע, האָבן זיך אַריינבאַקומען אין וואַגאָן, זיך געשטעלט נישט ווייט פון מיר און צווישן זיך פאַרגעזעצט אַ שמועס. די הויכע קוקט אַראָפּ אויף דער נידעריקער און דערציילט, אַז זי איז באַנאַכט געגאַנגען שלאָפן, איינגעדעקט איר „בעבע״ (עופּהלע). צו־מאָרגנס, זי גיט אַ קוק — איר קינד איז טויט, פאַרפרוירן.

„איך האָב אויסגעהערט צופעליק די מעשה, איך האָב תיכף פאַרשטאַנען די דראַמע און מיך האָט אויפגעשוידערט....״

דעם 24־טן יאַנואַר לייענען מיר:

„די אומלעגאַלע יידישע פּראָקלאַמאַציעס דערשיינען לעצטנס נישט אַזוי אָפט, אָבער זיי דערמאָנען פון צייט צו צייט, אַז זייער שטימע איז נישט אינגאַנצן פאַרשטומט, אַז דער רעוואָ־לוציאָנערער יידישער אַוואַנגאַרד לעבט און איז אַקטיוו לויט די מעגלעכקייטן.

„דער לעצטער נומער „אונדזער וואָרט״ איז געווען דער נו־מער פון 29־טן דעצ. 1940. אין יאַנואַר איז דערוויל דערשי־נען אַ ספּעציעלע פּראָקלאַמאַציע „צו די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן״, וואָס רעדט ארום די ספּעציעלע יידישע לאַ־גע אין שייכות מיט דער „אַריאַריזאַציע״ פון די יידישע גע־שעפטן, וואָס האָט לעצטנס אַרויסגערופן אַזאַ פּאַניק צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

„ . . . דער אויפרוף רופט די יידישע מאַסן צו אויסדויער אין דער שווערער צייט צוזאַמען מיטן גאַנצן פערציק־מיליאָניקן פאָלק, וואָס ליידט, אָבער פאַרצווייפלט נישט, גלויבנדיק אין נצחון.״

און בעקערמאַן ציטירט דעם אויספיר פון אויפרוף:

„אַלע זאַמלען זיך אונטער די פאָנען פון דער קאָמפּאַרטיי, די איינציקע אין קאַמף קעגן די אונטערדריקער פון פאָלק.

„דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז איינגעשלאָסן אין גרויסן קאַמף, לאָמיר נישט פאַרצווייפלען, נישט שטיין אין אַ זייט. שליסט אייך אָן אין דער פּאַרטיי, וואָס קעמפט קעגן באַרבאַ־רישן, קאַפּיטאַליסטישן רעזשים און וועט רעאַליזירן אַ סאָ־ציאַליסטיש פראַנקרייך, ווו די יידישע מאַסן וועלן זיין גלייכ־באַרעכטיקטע בירגער״.

בעקערמאַן מאַכט זייער אָפּט טרעפלעכע און בייסיקע באַמערקונגען אויפן חשבון פון די פראַנצויזישע ווישי־„אינטעלעקטועלע“. ער גיט אַ גלענצנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון סעלינען, דעם פראַנצויזישן שטרייכער; ער מאַכט חוזק פון דראַמאַטורג און אַרטיסט סאַשאַ גיטרי, וועלכער האָט זיך געאיילט אָפּצולייקענען די ידיעות, אַז ער שטאַמט חלילה פון יידן...

ער האָט אַ זעלטענעם חוש, בעקערמאַן, פאַרן מענטשלעכן. אין די סאַמע טרויעריקסטע מאָמענטן ברענגט ער אריין אין זיינע פאַרצייכענונגען אַ הייטערע נאָטע, אַ פריילעכן קוריאָז. אָט האָט איר אַ בילד, פאַרצייכנט דעם 9־טן פעברואַר:

„די טעג ווערן שוין גרעסער. דער טאָג איז נאָך אַלץ פאָרויסגערוקט מיט 2 שעה און דער אָוונט פאַלט צו אַרום האַלב אכט. נאָר טאָג ווערט נאָך אַלץ ניין אַזייגער, די שעה ווען מען הייבט אָן צו אַרבעטן אין פּאַריז.

„היינט פאַרטאָג, אַרום 9 אַזייגער, ארויסקומענדיק פון מעטראָ „קאַדע“, לאָז איך זיך ווי געווײנלעך צו מיין שטענדיקער קאַפע אויסטרינקען אביסל וואַרעם שוואַרץ וואַסער אָן צוקער, נאָר באַגאָסן מיט אַביסל פליסיקן סאַכאַרין. רופן רופט מען עס אין „נייעם“ פראַנקרייך קאַפע, ווייל ס'איז שוואַרץ.

„נאָר אַריבערקומענדיק אויפן צווייטן טראָטואַר, הער איך אַ שטימע רופן:

„— „אַ יודע?

„איך קוק זיך אום — עס שטייט אַ ייד מיט אַ געדיכטער באָרד, קיין פנים האָט מען אין דער פינצטערניש נישט געקענט אַרויסזען, איינגעהילט אין אַ פוטערנעם פאַלטאָ אויפן פוילישן שטייגער. דער ייד לויפט צו מיר צו און רעדט דייטש:

„ — זינד זי יודע?

„— יאָ!

„ — זאַגן זי מיר, ווו איזט דאַ איין געבעט־האַוז. איך האַבע געסטערן אַוונט קאַדיש געזאַגט היער אין איין געבעט־האַוז. הויטע טרעף איך ניכט אַהין. איך האַבע יארצייט.

„איך דערקלער דעם פאַרצווייפלטן ייד, אַז איך קען לײדער נישט קיין „געבעט־האַוז“ אין דער געגנט. נאָר דער ייד לאָזט מיך נישט אָפּ און זיין פאַרצווייפלונג וואַקסט אַלץ:

„— פראַגן זי מאַל די פראַנצאָזן, זי קענען דאָך פראַנצויזיש שפּרעכן... איך מוז דאך קאַדיש זאַגן, יארצייט...

„מיר איז שווער אָנגעקומען פון דעם יידן זיך צו באַפרייען, אים פאַרשטיין געבן, אז מען קען די פראנצויזן נישט פרעגן וועגן אַ „געבעט־האַוז“.

„אָט אין וואָס עס באַשטייט די הויפּט־זאָרג פון אַ ייד אין פּאַריז, אונטער היטלערן, אין פעברואַר 1941, קאַדיש...“

דעמזעלבן אָוונט פאַרצייכנט ער אינגאַנצן אַן אַנדער פאַקט: דאָסמאָל אַ זייער ערנסטן — אַן אויפרוף פון די יידישע קאָמוניסטן, צו דער יידישער באַפעלקערונג אין פראַנקרייך. דער אויפרוף — גיט ער צו — „איז זייער פיין געדרוקט, פיר זייטן אויף דין פאַפיר, צו צוויי־שפּאַלטיקע זייטן“. דער אויפרוף ווענדט זיך אויך צו די יידישע אינטעלעקטועלע, מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„דאָס איז גענוג, אז איר זאָלט פארשטיין, אַז דער וועג פון דער יידישער אינטעליגענץ פירט צום ארבעטער־קלאַס, צום סאָציאַליזם, צו דער מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשויאונג.

„שליסט אייך אָן אין די רייען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און טראָגט אייערביישטייער צום באַפרייאונגקאַמף.“

און בעקערמאַן קאָמענטירט:

„דער אויפרוף, וואָס איז נאָך גרויס און אַלזייטיק, קומט אין ריכטיקן מאָמענט אויפן ריכטיקן אָרט. אין אַ מאָמענט, ווען די שטימונג פון דער יידישער באַפעלקערונג וואַקלט זיך צווישן פאַרצווייפלונג און האָפענונג, איז גוט אַ יידיש, געדרוקט וואָרט, אַ וואָרט, וואָס ברענגט טרייסט און אויפקלערונג איבער אַ פיינלעכער סיטואַציע אין דער לייד־געשיכטע פון די יידישע מאַסן צוזאַמען מיט אַלע אונטערדריקטע פעלקער אין אייראָפּע.“

דאָס בוך איבער לעגינען פאַרנעמט אים כסדר. דעם 16־טן פעברואַר שרייבט ער:

„איך געפין זיך היינט ווייט פון פאַריז, ביי באַקאַנטע. איך בין געוועזן פאַרמיטאָג אין אזואר, נישט ווייט פון דאַנען (רואַטי־אַן־ברי), כדי צו נעמען מעטאַריאַל פאַר מיין לעניןאַרבעט...“

מיט וויפל ערנסט ב. האָט זיך באַצויגן צו זיין טאָגבוך און אויף וויפל ער האָט זיך באַמיט נאָכצוקאָנטראָלירן יעדן פאקט, וועלכן ער האָט דאָרט פארשריבן, קען אונדז באַווייזן דער ווייטערדיקער פאל:

בעקערמאַן מאַכט אַ ריזיקאַלישן שריט, אַוועקגייענדיק אין דער צענטראַלע פון דער פּאַרטיי פון פאשיסט מאַרסעל דעאַ, כדי מיט די אייגענע אויגן זיך איבערצוצייגן, ווי גרויס עס איז דער איינפלוס פון די פראַנצויזישע היטלעריסטן צווישן פראַנצויזישן פאָלק. און בעקערמאַן איז גליקלעך פעסצושטעלן, ווי ריכטיק עס זענען די אינפאָרמאַציעס, וועלכע ער האָט געגעבן אַזויפילמאָל אין זיין טאָגבוך: אז די דעאַס און דאָריאָס האָבן נישט דאָס פאָלק מיט זיך...

און ער שרייבט מיט אַ נישט פאַרבאַהאַלטענער סאַטיספאַקציע:

„איך האָב געוואָלט מיט מיינע אייגענע אויגן זען די באַוועגונג פון „פאָלק“ זיך צו פאַרשרייבן אין דער נייער פאַרטיי פון דער „נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע“. אומזיסט האָב איך זיך ארומגעדרייט אויף רי אַמסטערדאַם, נישט ווייט פון סען־לאַזאר־וואָקזאַל. קיין זכר פון „פאָלק“ אויפן באַשטימטן אַדרעס... פון גרויס פארצווייפלונג בין איך אריין אין וואָקזאל אריין און סתם באַקוקט דעם רייזע־פּלאַן פון די זעלטענע צוגן, וואָס גייען נאָך אין פראנקרייך.....

„וואָסזשע איז עס פאַרט מיט דער באַוועגונג? ווו איז עס

טאַקע דאָס פאָלק, וועגן וועלכן די פרעסע פויקט אזוי טאָג איין טאָג אויס? — בלייבט אַ קשיה...״

דעם 22-טן פעברואר פאַרצייכנט ער:

„אַ ביי ביסל אומלעגאלע ליטעראטור — יידישע און פראנצויזישע. אַ נייער נומער „אונזער וואָרט״ פון 15־טן פעברואַר און עטלעכע נומערן „הומאַניטע״. די בלעטלעך זענען נאַטירלעך אָרעם אין אינהאַלט, אָבער אין די איצטיקע באַדינגונגען איז „אונזער וואָרט״ נאָך אַלץ דאָס איינציקע וואָרט אויף יידיש, וואָס דערמאָנט, אַז עס עקזיסטירט אויף דער וועלט אַ יידיש וואָרט און די „הומאַניטע״ — דאָס איינציקע נישט פאַרקויפטע וואָרט אויף דער פראנצויזישער גאַס.״

צו יענער צייט באַשעפטיקט בעקערמאַנען און זיינע חברים פון דער גרופע אַ וויכטיקער ענין. פאַראַן ביי זיי אַ פּלאַן אָנצונעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט און אלס אזעלכע זאָל אַ טייל אַריבערפאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד. דער סאָוויעטישער קאָנסול האָט זיך באַצויגן מיט גרויס סימפּאַטיע צו אָט דעם פּלאַן, אויפגענומען די נעמען פון די שרייבער, אַרויסגעגעבן זיי סערטיפיקאַטן, אַז עס ווערט דערוואַרט אַן ענטפער פון מאָסקווע. דער קריג־אויסברוך פון 22־טן יוני האָט צונישט געמאַכט דעם פּלאַן.

מיר דערוויסן זיך ביי בעקערמאַנען זייער אינטערעסאַנטע פּרטים. אזוי שרייבט ער דעם 25־טן פעברואַר וועגן זייער באַזוך אין סאָוויעטישן קאָנסולאַט:

„אויפגענומען האָט מען אונדז זייער חבריש. די באַציאונג אין סאָוויעטישן קאָנסולאַט איז אַ מענטשלעכע, אַ קאָרעקטע, צו אַלעמען אָן אונטערשיד. און בשעת מעשה האָב איך זיך דערמאָנט דעם צופאַל, וואָס גראָד איצט ווערט באַלד 2 יאָר, ווען מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין פּוילישן קאָנסולאַט אין פּאַריז. דעמאָלט האָט מען מיר נאָך לאַנגע פּראָצעדורן און געלט-קאָסטן צוגענומען די פּוילישע בירגערשאַפט . . . נאָכן צונעמען מיין פּוילישן פּאַס מיטן מיליטער־ביכל, וואָס באַשטעטיקט מיין אָנטייל אין דער פּוילישער ארמיי קנאַפּע דריטהאַלבן יאָר צייט, מיין זיין אויפן פראָנט און אין געפאַנגענשאַפט, האָב איך פון קאָנסולאַט אַרויסבאַקומען אַ סערטיפיקאַט אַז... די בירגערשאַפט ווערט מיר צוגענומען צוליבן „פעלן פון באַוויזן פאַר מיין אָנגעהעריקייט צו פּוילן!״

„איך דערמאָן זיך ווי דעמאָלט בין איך אויך דעם גאַנצן טאָג אָפּגעשטאַנען אין וואַרט־זאַל פון פּוילישן קאָנסולאַט, זיך אָנגעהערט אַנטיסעמיטישע מעשיות, געקוקט אין די כוליגאַנישע פּנימער פון די „פּאַנעס״ און נישט איינמאָל האָט זיך דער סטרוזש באַוויזן אויסשרייענדיק:

„טשיכאָ זשידקי״ (שווייגט יידלעך!)....

„היינט האָב איך אויך פאַרבראַכט אין אַ קאָנסולאַט עטלעכע שעה. די מענטשלעכע באַציאונג צו יעדן, דער אינטערעס באַהילפיק צו זיין די, וואָס אָריענטירן זיך נישט. און ווי די ביטעס ווערן אויפמערקזאַם דורכגעקוקט גלייך אויפן אָרט, טאָמער דאַרף עפּעס אויסגעבעסערט ווערן. און איבערהויפּט ווערט אַכט געלייגט אויף די ביאָגראַפיעס, וואָס דאַרפן זיין אין 2 עקזעמפּליאַרן. זיי דאַרפן אין קורצע שטריכן אָפּשפּיגלען דאָס לעבן און טעטיקייט פון יעדן פאַמיליען־מיטגליד. אַלץ דאַרף געשריבן ווערן אויף רוסיש.

„דער זאַל איז פּשוט דעקאָרירט, מיט בילדער פון די סאָוויעטישע פירער: לענין, קאַלינין און מאָלאָטאָוו. בילדער אויף די ווענט און טיפן פונעם סאָוויעטישן לעבן, צייט־בילדער פון דער רויטער אַרמיי, אריינקומענדיק אין פּוילן, סצענעס פון פאַרברידערונג. די באַפעלקערונג פון איין דאָרף וואַרט אָפּ הינטער דער שטאָט דאָס אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי. אַן אַלטער פּויער כאַפּט ארום קושן אַ רויט־אַרמייער...״

מיר געפינען פון צייט צו צייט אין די טאָגביכער שטעלן, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף בעקערמאַנס לעבן און שאַפן אין די פריערדיקע יאָרן. ער שטרייכט אויך ביי יעדער געלעגנהייט אונטער זיין גרויסע ליבשאַפט צו פראנקרייך און דער פראַנצויזישער קולטור.

אָט וואָס ב. דערציילט אונדז וועגן זיך און זיין פאַרצייכענונג פון 28־טן פעברואַר, נאָך אַ צווייט מאָל צוריקקומען פון סאָוויעטישן קאָנסולאַט:

„און היינט איז פונקט 15 יאָר זינט איך האָב צום ערשטן מאָל באַטרעטן דעם פּאַריזער באָדן. דעם 18־טן פעברואַר 1926 בין איך מיט אַן אָרעם פּעקל אין דער האַנט אויסגעשטיגן פון „גאַר די נאָר״ און אַ טאַקסי האָט מיך אָפּגעשטעלט אויפן בעלוויל, אויפן אַדרעס פון מיין שוואָגער.

„אויך אין יענעם פּעריאָד, פונקט ווי אין היינטיקן, איז דאָס וועטער געווען רעגנדיק און אומעטיק. אויפן האַרצן איז נישט געווען אזוי פריילעך. האָבנדיק געבראַכט אַן עקזיסטענץ אין וואַרשע, איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט אַ קינד אין פערטן יאָר אָן שום מיטלען, קומענדיק קיין פּאַריז זוכן ברויט. זינט יענעם פעברואַר־טאָג האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ שווערע צייט ביז צום „אויסגרינען״ זיך. די צייט איז געווען אַ שלעכטע. דער ערשטער גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס אין פּראָספּעריטי-לאַנד. שווער געווען דורכצוברעכן זיך דעם וועג אין דער נייער, פרעמדער וועלט. שווער אריבערצונעמען די פאַמיליע, שווער געווען דאָס אַקלימאַטיזירן זיך. נאָר איך האָב אין משך פון די ערשטע 2 יאָר אַלץ דורכגעבראָכן, די פאַמיליע אַהערגענומען, איינגעגעסטיקט זיך.

„דאָס וויכטיקסטע אָבער פאַר דער פּאַריזער־עפּאָכע איז געווען מיין ליטעראַרישע טעטיקייט. מיין שרייבערישע אַקטיוויטעט, וואָס האָט אירע ערשטע שריט געשטעלט אין וואַרשע, האָט דאָ באַקומען ברייטערע מעגלעכקייטן. דאָס פאַרבינדן זיך מיט דער אַרגענטינער „די פּרעסע״ האָט מיר נישט בלויז געגעבן די ברייטע מעגלעכקייט פון אויסלעבן זיך ליטעראַריש, נאָר האָט אויך, אַלס קאָרעספּאָנדענט, אַקטיוויזירט מיין שרייבן. דאָס באַקענען זיך מיט דער פראַנצויזישער שפּראַך און ליטעראַטור — אַלץ, נאַטירלעך, אין די באַ־

גרענעצטע ראַמען פון מיינע מעגלעכקייטן אַלס ארבעטער — האָט מיר אַ סך געגעבן, אויסגעברייטערט מיינע האָריזאָנטן. דאָס האָט שפּעטער גורם געווען — פאַרטיק ווערנדיק מיט „דאָסטאָיעווסקי״ — איך זאָל זיך ווידמען דעם שטודיום איבער אַנאַטאָל פראַנס, אַחוץ אַ ריי אַנדערע שריפטן פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער, וואָס האָבן זייער מקור אין דער פראַנצויזישער ווירקלעכקייט, וואָס זענען נאָך נישט אין בוך־פאָרם. איך קען זאָגן, אַז גייסטיק האָט מיר פאַריז אַ סך געגעבן. איך האָב באַוויזן זיך איינצולעבן דאָ און ליב קריגן די שטאָט אויף אַן אופן, וואָס איך ווייס נישט צי מען קען אַן אַנדערע שטאָט אַזוי ליב האָבן. נאָר מיטאַמאָל איז זיך דאָס אַלץ — די שיינע חלומות און נישט מיאוסע רעאַליטעט — פונאַנדערגעפאַלן. אונטערן דונער פון דער נייער אימפּעריאַליסטישער מלחמה סוף 1939... און איצט, נאָך 15 יאָר פאַריזער לעבן, נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר מלחמה, איז אונדזער עקזיסטענץ אונטערגעבראָכן. דאָס גאַנצע מאַטעריעלע לעבן איז גאָרנישט ווערט, די אַנגסט פון אומבאַשטימטן גורל הענגט איבער אונדז. און פון גייסטיקן שאַפן... ווער קען טראַכטן דערפון? אָט מאַך איך גרויסע פאָרשריטן אין מיין לעדער־ארבעט. נאָך אַ פאָר חדשים אינטענסיווער אַרבעט בין איך שוין באַלד מיטן גאַנצן רוי־מאַטעריאַל פאַרטיק. וואָסזשע וועט דערפון ווערן, אויב כ׳וועל נאָך דערמיט ערגעץ אַוועקפאָרן ?״

און ער פאַרענדיקט מיט אַן אָפּטימיסטישערער נאָטע :

„דערפאַר איז אפשר סימבאָליש דער פאַקט, וואָס גראָד היינט אינעם יאָרטאָג פון מיין קומען קיין פאַריז, בין איך אַרויס פון סאָוויעטישן קאָנסולאַט מיט אַ שטיקל דאָקומענט, וואָס וועקט האָפענונגען...״

אין זיינע פאַרצייכענונגען פון חודש מערץ 1941 קערט ער זיך אָפּ און מיט שטאַרקער פאַרביטערונג צו אַ פיינלעכן ענין — דאָס האַנדלען מיט די דייטשן : „די נישטיקייט און פאַרברעכערישקייט פון אַ היפּשן טייל יידן, וואָס האַנדלען, שפּעקולירן מיט די דייטשן . . . ווען די דייטשן נייטיקן זיך אין יידן, זיי זאָלן פאַר זיי אַרבעטן אָדער פאַרשאַפן סחורות, וואָס מען באַקומט נישט לעגאַל צו קויפן, פאַרקוקן זיי אויף די אַנטי־יידן־געזעצן, און מען בעט זיך : ברענגט סחורות, אַרבעט פאַר אונדז״....

און ב. מאַכט אַ צעווייטיקטער דעם אויספיר :

„אָפטמאָל טראַכט איך, אַז ס׳איז נייטיק אָפּצוזוכן ערגעץ עוזר וואַרשאַווסקין, דעם מחבר פון די „שמוגלאַרס״, אויב ער דרייט זיך נאָך ארום אין די קאַפעען פון מאָנפאַרנאַס. אפשר שרייבט ער זיין נייעם „שמוגלאַר״־בוך פון פאַריז 1941 ? . . . די איצטיקע צייט איז אַ גלענצנדיקער מאַטעריאַל פאַר אַ שמוגלאַר־ווערק. אַ ניי, שמוציק בלעטל אין דער געשיכטע פון יידן אונטער היטלערן איבער אַלע לענדער פון אייראָפּע, ווו היטלערס האַנט דערגרייכט אין איצטיקן מאָמענט.״

פאַראַן אָבער נישט ווייניק ווירדיקע יידן, וואָס הערן דעם רוף פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי : נישט אַרבעטן פאַר די דייטשן, סאַבאָטירן די סחורות ,וואָס ווערן פאַר זיי אויסגעפאַרטיקט. אָט דערציילט ב. פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן פאַל :

„דינסטיק, דעם 11־טן מערץ, 1941, פאַר האַלבער נאַכט.

„צו מיינעם אַ חבר, אַ שניידער, וואָס וווינט אין דער פאַריזער פאָרשטאָט קלישי, קומען אַריין די טעג עטלעכע דייטשע אָפיצערן :

„— איר ווילט אַרבעטן פאַר דער דייטשער מאַכט ?

„ — ניין. איך בין אַ ייד.

„— מיר פרעגן אייך נישט צו איר זענט אַ ייד, נאָר צי איר ווילט אַרבעטן.

„— איך וויל נישט.

„די דייטשן זענען אַוועק אין כעס.״

ביז גאָר ווערטפול זענען זיינע פאַרצייכענונגען וועגן זיינע טרעפונגען מיט שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער. אָט איז זיינס אַ באַגעגעניש מיטן באַוווסטן ליטעראַטור־קריטיקער ברוך ווינאַגורא (אומגעקומען שפּעטער אויף דעפּאָרטאַציע). ער גיט איבער :

„די טעג האָב איך אין גאַס באַגעגנט ווינאַגורא.... מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער אַלגעמיינער לאַגע. ווינאַגורא איז דערשלאָגן און צעטומלט, אויב נישט זאָגן — פאַרצווייפלט.

„— און אונדזער קולטור־לעבן דאָ ? — טענהט ווינאַגורא — ווילאַנג קאָנען מיר אַזוי לעבן אין אַ קולטורלאָזער סביבה, פאַרמשפּט צו אומאַקטיוויטעט, אָפּגעריסן פון גאָר דער וועלט? אַלץ איז חרוב. געבליבן איז דערווייל די פיזישע גאַנצקייט, וואָס איז אויך — לויט דעם געפיל, וואָס יעדער פון אונדז האָט, — נאָר אַ דערווייליקע. ווייל ווילאַנג היטלער נייטיקט זיך אין יידן, טאָלערירט ער זיי . . . אָבער ווי לאַנג קענען עס מענטשן, וואָס זענען געוווינט צו אַ קולטורעל לעבן, צו אַ פאַרבינדונג מיט דער וועלט, זיין אַזוי טויט ? אָט וואָס ס׳איז שרעקלעך....

„איך האָב נישט געפונען קיין ווערטער פון טרייסט אויף ווינאַגוראַס רייד. יעדער פון אונדז פילט דאָסזעלבע, נאָר אויפן יידישן שטייגער, מוז איך זוכן די טרייסט אין דער האָפענונג...

„— מיר האָפן דאָך, אַז ס׳וועט אַזוי נישט בלייבן. דערווייל דויערט נאָך די מלחמה נישט לאַנג אין פאַרגלייך מיט יענער, וואָס האָט זיך געצויגן איבער פיר יאָר. און דאָס, וואָס מיר זעען נאָך נישט דעם סוף, גיט אונדז צו גלייבן, אַז זי וועט זיך נישט ענדיקן מיט היטלערס זיג.... און וואַרשיינלעך אויך נישט מיט ענגלאַנדס זיג....

„מיר האָבן באַגעגנט נאָך עטלעכע באַקאַנטע און אונדזער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן מיטן צופאַלן פון אָוונט אין איצטיקן ערב־פרילינגדיקן פאַריז.״

בעקערמאַנס גרויסע טרייסט, אין דידאָזיקע שווערע טעג, איז דער וווקס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנצויזישן פאָלק. ער פאַרנאָטירט אָנהייב אַפּריל 1941 :

„פאַריז, מיטוואָך, דעם 2־טן אַפּריל, 1941, האַלבע נאַכט.

פּאַריז איז די לעצטע טעג געווען באַדעקט מיט אויפ־שריפטן: „וו" (וויקטואַר — זיג) אויף אַלע ווענט, אויפן ברוק און אויף די גאַסן, אין די מעטראָס זענען די אַפּישן פאַרשריבן מיט אָט דעם מיסטעריעזן אות, וואָס דאַרף די דייטשן געבן צו פאַרשטיין, ווי ליב מען האָט זיי דאָ... און נאָך אַ סך זאַכן באַווייזן די שטומע אויפשריפטן אויף די ווענט: ווי עס זענען באמת אויס די שטימונגען פון די מאַסן. עס וואַקסט די אונ־טערערדישע קראַפט, וואָס גרייט זיך צום קומענדיקן גרויסן טאָג פון חשבון.... נישט געקוקט אויף די שוידערלעכסטע רעפּ־רעסיעס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווו טויזנטער קאָמוניסטן ווערן קראַנק אויף שווינדזוכט, נישט געקוקט דערויף, וואָס מאַסנווייז ווערן זיי איצט פאַרשיקט אין די אפריקאנער מדבר־יות צו בויען די סאַהאַראַ-באַן־ליניע צום נוצן פון דייטשן אימ־פּעריאַליזם מיטן פראַנצויזישן משרת אין נאָמען פון דער אַזוי־גערופענער „קאָלאַבאָראַציע" — גייט די אונטערערדישע אַר־בעט אַלץ ווייטער און אינטענסיווער: אומלעגאַלע ליטעראַטור דערשיינט אַלץ מערער, אַזוי העקטאָגראַפירטע, ווי געדרוקטע. אַפילו בראָשורן צו עטלעכע בויגן דערשיינען איצט אומלעגאַל. ערשט איז דערשינען מאַרקס און ענגעלסעס „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" מיט דער דאַטע: „געדרוקט אין פראַנקרייך, פעב־רואַר 1941". איך האָב פּשוט נישט קיין צייט גענוג צו נאָ־טירן. איך וועל עס טון ביסלעכווייז."

ב. נוצט אויס יעדע געלעגנהייט אונדז צו געבן דעם מאַקסי־מום ווערטפולע אינפאָרמאַציע. אָט געפינען מיר אין עטלעכע צענדליק שורות אַ שפע מיט די פאַרשידנאַרטיקסטע ידיעות אין שיכות מיט אַ פייערונג פון דער שרייבער־גרופּע:

„פּאַריז, מיטוואָך, דעם 2־טן אַפּריל, 1941, האַלבע נאַכט.

„איך קום איצט פון אַ חברישן געזעגן־אָוונט, וואָס אונדזער גרופּע האָט איינגעאָרדנט לכבוד אַ מיטגליד, וואָס פאָרט שבת פרי אָפּ אין ראַטנפאַרבאַנד. די גליקלעכע, וואָס ווערט אויסגע־לייזט פון דער פּאַריזער קאָמענדאַנטור איז די מאַלערין און סקולפּטאָרין שרה גאָרשטיין. זי איז איצט געהאָלפן געוואָרן אין זכות פון די סאָוויעטן, וואָס האָבן געהאַט דעם גליקלעכן איינ־פאַל צו באַפרייען די באַלטישע לענדער און זי פאָרט איצט אָפּ אין איר היימלאַנד.

„די באַפרייאונג ווערט טאַקע אַ ווירקלעכע, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז די בירגערשאַפט האָט איר געטראָפן אין... קאָנ־צענטראַציע-לאַגער פון „אַלטן" און „נייעם" פראַנקרייך. ביי אַ גלעזל משקה מיט פאַרבייסן, דערציילט די באַפרייטע קינסט־לערין אירע איבערלעבענישן אין לאַגער. יאָרנלאַנג געפינט זיך שרה גאָרשטיין אין פּאַריז, קומענדיק פון קאָוונע, אַ יונגע, פול מיט האָפענונגען, ווי טויזנטער יונגע קינסטלער. פאַר־שטייט זיך, אַז די רעאַליטעט פון דער פּאַריזער קינסטלער־וועלט איז לויט די מעגלעכקייטן שטענדיק אַביסל אין סתירה מיט די האָפענונגען. זי האָט דאָ געלעבט איר באַשיידן לעבן פון אַ קינסטלערין ביז דער איצטיקער מלחמה. ווי נאָר דאַלאַ־דיע האָט דערקלערט קריג דעם היטלעריזם און גענומען קעמפן פאַר „פרייהייט" און דעמאָקראַטיע, איז זיין ערשטע אַרבעט געווען זי אַריינצושליידערן אין אַ לאַגער אַריין.

„שרה גאָרשטיין איז צוזאַמען מיט נאָך 60 פרויען פאַר־שפאַרט געוואָרן אין דער פּאַריזער פרויען־תפיסה „פּעטיט ראָ־קעט". פון דאָרט האָט מען די פרויען אַוועקגעפירט ווייט פון פּאַריז, אין דער געגנט פון לאָזער. אין לאָזער זענען די לאַגערן אָנגעפילט געוואָרן מיט הונדערטער פרויען. צו די מאַסן „אויס־לענדישע" פאַרברעכער זענען מיט דער צייט צוגעקומען נישט ווייניק פראַנצויזישע פרויען, פרויען פון פּאָליטישע אַרעסטיר־טע דעפּוטאַטן, ווי: די פרוי פון אַנדרע מאַרטי, דעם העלד פון שוואַרצן ים; די פרוי פון באַקאַנטן קאָמוניסטישן דעפּוטאַט גאַבריעל פּערי. איצט איז שוין די „דעמאָקראַטיע" געווען גע־זיכערט. דאַלאַדיע און פּאָל רעינאָ האָבן עס געקענט פייערלעך פאַרזיכערן און לעאָן בלום, דער „סאָציאַליסט", האָט שוין גע־קענט רואיק שלאָפן ביים אַפּלאָדיסמענט פון זיינע חברים, וואָס האָבן געפאָדערט טויט-שטראָף פאַר קאָמוניסטן און — מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד.

„דאַלאַדיע מיט רעינאָ זענען אַוועק מיטן בלוטיקן שטראָם אי־בער פראַנקרייך. געקומען איז היטלער מיטן „נייעם" פראַנק־רייך פון עובר-בטלדיקן מאַרשאַל פּעטען, אָבער די לאַגערן זע־נען געבליבן ווי געווען. ווי עס גייט איבער שרה גאָרשטיין, האָט גאַבריעל פּעריס פרוי טובערקולאָז. (גאַבריעל פּערי — באַ־וווסטער קאָמוניסטישער פירער און זשורנאַליסט, באַרימט גע־מאַכט זיך מיט זיין קאַמף קעגן מינכען; דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן. זיין פרוי מאַטילדע פּערי — דעפּוטאַט אין נאָכמלחמהדיקן פאַרלאַמענט.—ג. ק.) און זי איז נישט די איינ־ציקע. דאָס לעבן אין לאַגער האָט זיך איינגעשטעלט מיט אַן אייגנאַרטיקן סדר: אַזויווי עס זענען געווען זייער אַ סך אינ־טעלעקטועלע פרויען, מאַלערינס, שרייבערינס און אַרטיסטן, האָט מען געמאָלן, געשריבן און געשפּילט טעאַטער . . .

„צוויי שעה האָט מען געמיטלעך פאַרבראַכט אין אַ חברישער סביבה. די מערסטע אונדזערע חברים זענען געקומען געזעגע־נען זיך, אַרומגערעדט די אַקטועלע פּאָליטישע סיטואַציע, דער־מאָנט זיך, אַז מיט אַ 15 חדשים צוריק, אין דער ניי־יאָר־נאַכט 1940, האָבן מיר געזעגנט גינא מעדעם, וואָס איז אַוועק קיין אַמעריקע. איצט איז די ריי צו פאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד".

דעם 14־טן אַפּריל שילדערט אונדז בעקערמאַן זיינעם אַ שפּאַציר איבערן מאָנפּאַרנאַס און די גרויסע בולוואַרן. דאָס וואָס ער זעט איז, ווי תמיד, ביז גאָר אינטערעסאַנט. אָט איז אַן אויפגעכאַפּט בילדל, וואָס דערציילט מער וועגן די שטימונגען צווישן די פראַנצויזן אין יענע טעג, ווי אַנצאָליקע אַרטיקלען:

„פון דאָרט בין איך אַוועק אויף די גרויסע בולוואַרן, גע־שטופּט זיך צווישן דער מאַסע, זיך אָפּגעשטעלט ביים בלינדן האַרמאָניע־שפּילער וואָס שפּילט אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס פאַר־שידענע מעלאָדיעס. ער ציקלט אַזוי יעדע מעלאָדיע, נאָר פאַר־ענדיקן פאַרענדיקט ער תמיד מיט דער... „התיקוה". היינט — האָב איך זיך לענגער אָפּגעשטעלט, געקוקט אויפן גרויסן עולם

אַרום. אויף די דייטשן, וואָס שטופּן זיך מיט מי דורך דער מאַסע. אַלע הערן זיך איין צו די מעלאָדיעס, וואָס דער בלינדער ציקלט אַזוי האַרציק אויס. וואָסזשע שפּילט ער איצט, דער בלינדער? איז עס נישט... „אויפן רוף פון פירער לענין איז אַוועק דער פּאַרטיזאַן”... אַ באַקאַנט סאָוויעטיש ליד, וואָס דער פּאַריזער יידישער אַרבעטער־כאָר האָט די לעצטע יאָרן באַוויזן אַזוי פּאָפּולער צו מאַכן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, ווי דער פראַנצויזישער כאָר צווישן די פראַנצויזישע אַרבעטער־מאַסן. שוין לאַנג גישט געהערט די מעלאָדיע און אָט זיצט דער בלינדער, שפּילט און ציקלט אויף כלערליי אופנים. די מאַסע אַרום ווערט גרעסער. מענטשן ווינקען זיך איבער, שמייכלענדיק: „הערסט?” — „מען הערט”!

עס פאַלן פון צופרידנקייט די פראַנקן אין בלעכערנעם טעפּעלע, די האַרמאָניקע בייגט זיך ווי אַ שלאַנג, די טענער שאַלן אין דער לופט: „אויפן רוף פון פירער לענין איז אַוועק דער פּאַרטיזאַן”.

## 5.

דאָ קומט אַן איבערייס פון 14 חדשים: פון 20־טן אַפּריל 1941 ביזן 11־טן יוני 1942. דעם דאָזיקן צייטאָפּשניט, אין וועלכן עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אועלכע געשעענישן ווי דער קריג־אויסברוך קעגן ראַטנפאַרבאַנד, די פאַרשטאַרקונג פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך, דאָס שאַפן די יידן־לאַגערן אין פּיטיוויע און באָן־לאַ־ראָלאַנד, זענען געווידמעט די בענדער 6, 7, 8 און 9 פון בעקערמאַנס טאָגבוך. דידאָזיקע 4 בענדער האָבן זיך לײדער נאָך ביז איצט נישט אָפּגעפונען. מיר האָבן פאַר זיך די צוויי לעצטע בענדער — 10 און 11 — וואָס נעמען אַרום דעם פּעריאָד פון 12-טן יוני 1942 ביזן 22־טן פעברואַר 1943, דאָס איז ביז דער אינטערנירונג פון מחבר.

דערדאָזיקער פּעריאָד איז דער טראַגישסטער אין לעבן פון אהרן בעקערמאַנען ביז זיין אַרעסטירט ווערן. ער געפינט זיך אין פאַרוואָרפענעם דאָרף עקאָיע (דעפּאַרטאַמענט ענדר) אין דער „פרייער זאָנע”, ווו ער איז צוגעטיילט צו אַן אָרטיקן פּויער. ער האָט שוין דאָרט אָבער מער נישט קיין רואיקן טאָג. די איוב־בשורות יאָגן זיך איינע נאָך דער אַנדערער, און איינע שרעקלעכער פון דער צווייטער: עס איז די צייט פון די מאַסן־אַרעסטן און מאַסן־מאָרדן פון די יידן אין פראַנקרייך, ווי אין גאַנץ אייראָפּע. צו בעקערמאַנען דערגייען יעדן טאָג אַלץ נייע פּרטים פון אָט די אויסראָט־אַקציעס. ער דערוויסט זיך, אַז זיינע בעסטע חברים זענען געוואָרן דערשאָסן אָדער דעפּאָרטירט. דאַן קומט די טרויעריקע בשורה וועגן אַרעסט פון זיין פרוי, און גלייך נאָכדעם וועגן דעם אדורכפאַל פון זיין איינציקן זון. בעקערמאַן לעבט אין כסדרדיקן קאָשמאַר. די בלעטלעך פון זיין טאָגבוך זענען ווי דורכגעווייקט פון יידישע טרערן און בלוט. אָבער אַפילו דידאָזיקע נסיונפולע טעג צעברעכן נישט בעקערמאַנס מוט. ער זעצט פאָר מיט אַ באַוואונדערווערטיקער עקשנות זיין ליטעראַרישע אַרבעט און זיין פאַרצייכענען אין טאָגבוך דאָס געזעענע, דאָס געהערטע, דאָס געליטענע. ער באַווייזט צו פאַרוואַנדלען ס׳קליינע דאָרף מיט די פּאָר צענדליק פאַרוואָגלטע יידן אין אַן ערשטראַנגיקן צענטער פון אינפאָרמאַציע. דורך אָפּזוכן פאַרשידענע אַנטלאָפענע יידן פון פּאַריז און אַנדערע שטעט; דורך באַנוצן זיך מיט בריוו, וואָס באַקאַנטע באַקומען פון זייערע אייגענע אין די לאַגערן אָדער באַהעלטענישן, און דער עיקר — דורך דער פאַרצווייגטער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס ער פירט כסדר מיט זיינע פריינט אין פּאַריז און אין פאַרשידענע שטעט אין דער „פרייער זאָנע”, וואַקסט אויס די כראָניק בעקערמאַנס אין דער ווערטפולסטער דאָקומענטאַציע פון אָט די מאוימדיקסטע טעג אין דער געשיכטע פון די יידן אין פראַנקרייך. מערקווירדיק איז אָבער נישט בלויז דער פאַקט פון זיין שרייבן, נאָר נאָכמער, דער *ווי אַזוי* ער שרייבט און רעאַגירט: דער ווייטיק בעקערמאַנס, זיין אומענדלעכער צער און צאָרן פאַרשטעלן אויף קיין איין מאָמענט נישט דאָס שיינע און ליכטיקע: דעם גלויבן אין דער מענטשהייט, די טיפע איבערצייגונג, אַז דאָס שלעכטס וועט סוף־כל־סוף פאַרניכטעט ווערן, און אַז דער נצחון וועט זיין אויף דער זייט פון די, וואָס גייען פאָרויס צו אַ נייעם מאָרגן.

דער באַנד 10 וואָס האָט 690 זייטן און איז דערפירט ביז סוף 1942, האָט זיך, פונקט ווי דער באַנד 11, אויפגעהיטן אין זייער אַ גוטן צושטאַנד.

די ערשטע צייט טרעפן מיר בעקערמאַנען אין שאַטאָרו, דאַן אין דערמאָנטן דאָרף עקאָיע. ער פּרוּווט זיך איינאָרדענען, נעמט אַרבעטן ביי אַ פּויער און וואַרט אָפּ זיין פרוי, וואָס דאַרף צו אים אַריבערקומען פון דער פאַרנומענער זאָנע. ער אָטעמט אָבער נישט לאַנג פריי אָפּ. אין געציילטע טעג שפּעטער נעמען אָנקומען די ערשטע שוואַרצע ידיעות. עס רוקט זיך אָן די שוידערלעכע דאַטע פון 16־טן יולי 1942, ווען אין פּאַריז איז פאָרגעקומען דער חיהשער איבערפאַל אויף דער יידישער באַפעלקערונג. שוין צומאָרגנס, דעם 17־טן יולי, איז בעקערמאַן וועגן דעם אינפאָרמירט. ער פאַרצייכנט אין טאָגבוך (געשריבן אין שאַטאָרו):

„דאָס אָנגעלאָפענע הייפל יידישע נע־ונדניקעס, וואָס לויפן אַרום אַ גאַנצן טאָג צווישן דער פּרעפעקטור און פּלאַס דע לאַ רעפּובליק, לעבט היינט אונטערן איינדרוק פון די נייעס, וואָס קומען פון פּאַריז. היינט האָב איך גערעדט מיט עטלעכע יידישע יינגלעך, אַנטלאָפענע פון בעלגיע צוליב די זעלבע צרות ווי אין פּאַריז. זיי קומען איצט פון פּאַריז, ווו זיי האָבן נאָך פאַרבראַכט דעם זונטיקדיקן טאָג. זיי דערציילן, אַז אין אַ סך קוואַרטאַלן האָט מען קאָנטראָלירט די פּאַפּירן, מען האָט אָפּגעשלאָסן מעטראָס און אַדורכגעפירט אַרעסטן. נאָר די נייעס פון אייערנעכטן ווערט אויפסניי באַשטעטיקט פון געקומענע פראַנצויזן. איין יינגל, וואָס אַרבעט דאָ אויף דער פּאָסט, דערציילט מיר, אַז אים האָט איבערגעגעבן אַ פּאָליציי־אינספּעקטאָר, וואָס איז היינט גע־

קומען פון פאַריז, אַז דער איבערפאַל אויף דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אַ שרעקלעכער. מען זאָל האָבן אַרעסטירט זעכצן טויזנט יידן און דערביי זענען געווען פאַלן, ווען מענטשן זענען געשפרונגען פון די פענצטער. די ווילדקייט פון די כאַפּערס שטייגט איבער יעדער פאַנטאַזיע.

„פון די אַלע נייעסן לויפן יידן אַרום איבער דער שטאָט פאַרזאָרגטע. יעדער האָט עמעצן איבערגעלאָזט און יעדער האָט פון וואָס צו זיין באַאומרואיקט. . . ״

צוויי טעג שפּעטער, דעם 19־טן יולי :

„ . . . איך ווער אַלץ מער באַהערשט פון אַ שרעקלעכן אומרו, וואָס שטאַרקט זיך פון מינוט צו מינוט. די נייעסן פון פאַריז האָבן זיך היינט אויפסניי באַשטעטיקט דורך דריי יידישע קינדער, צוויי יונגע מיידלעך מיט זייערס אַ ברודער. זיי זענען נעכטן פרי אַנטלאָפן פון פאַריז. זיי באַשטעטיקן די שרעקלעכע ידיעה, אַז דער נאַצישער איבערפאַל אויף דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אָרגאַניזירט אין אַלע יידישע קוואַרטאַלן. די שרעקלעכע געפאַר, וועגן וואָס מען האָט זיך אַזוי לאַנג געשראָקן אין פאַריז, איז געקומען. מען האָט פאַרטאָג אַרויסגעשלעפּט פון די ווױנונגען פרויען און קינדער און זיי אַוועקגעפירט צוזאַמען מיט זייערע מענער, אָדער פרויען מיט קינדער אַליין, אויב די מענער זענען שוין נישט געווען. די דריי קינדער האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, מסתמא וועלן אָנקומען נאָך אַנטלאָפענע, נאָר דערווייל איז דאָס גענוג אָנצוזאָגן אַ שוידער אין די ביינער און אַ קאָשמאַר אין קאָפּ. דעם גאַנצן האַלבן טאָג דריי איך זיך אַרום ווי משוגע, קען זיך קיין אָרט נישט געפינען און טראַכט אַלץ איבערן גורל פון מיין פרוי און זון.

„ . . . אינדרויסן איז קאַלט, גאָרנישט זומערדיק אין שאַטאָרו, נאָכמער ווי פאַראַכטאָגן זונטיק, ווען איך האָב זיך נאָך געפונען אויף „יענער זייט״, עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון דער גרענעץ, רעגנט עס היינט און עס בלאָזט אַ בייזער ווינט.

„קיין אויטאָקאַרן זענען היינט נישטאָ. איז שטיל אין שאַטאָרו. די גאַסן זענען אויסגעליידיקט און דאָס ביסל יידן לויפט אַרום מיט אומרו אין די אויגן. טייל ווילן נאָך נישט גלייבן אין די נייעסן. דאָס זענען נישט קיין איבערגעשפּיצטע מענטשן, וואָס מיינען, אַז ס׳איז אַ גרויסע חכמה צו שפּילן דעם העלד און נישט גלייבן זייערע אויערן . . . די רייכע יידן — פאַראַן גענוג יידן מיט גראָבע טייסטערס — זיצן אין קאַפע, טרינקען גלעזלעך און — גענעצן.

„אומעטיק אין שאַטאָרו, אין דאָזיקן פאַסקודנעם, גאָרנישט־זומערדיקן זונטיק. פאַרלאָז איך מיינע וועג־חברים אין קאַפע. גיי אַרויף אין נישט־היימלעכן האָטעל, שרייב אָן אַ בריוו צו אַ פריינט אין מאָנטאַבאַן, נאָר דאָס אַלץ גיט נישט קיין רו צו די אויפגעברויזטע נערוון. דער געדאַנק וועגן פאַריז, וועגן דער פאַמיליע, פריינט און חברים לאָזט נישט צורו.״

דעמזעלבן טאָג 7 אינאָוונט :

„פרישע געסט זענען אָנגעקומען אין שאַטאָרו : נאָכמיטאָג האָט זיך באַוויזן אַ ייד פון פאַריז און אַ צווייטער — פון טור. דער פאַריזער, אַ פראַנצויזישער, נאַטוראַליזירטער, וואָס וווינט אויפן מאָנמאַרטר, איז נעכטן זעקס פרי אַרויס פון פאַריז, פון אים האָב איך די סאַמע לעצטע ידיעות איבער דער גרויסער טראַגעדיע.

„דאָנערשטיק פאַרטאָג האָט זיך דאָס אומגליק אָנגעהויבן און אָנגעהאַלטן אויך פרייטיק. מען איז באַפאַלן אַלע יידישע קוואַרטאַלן און גענומען האָט מען, לויט פריער־צוגעגרייטע ליסטעס. הויפּטזעכלעך האָט מען גענומען די פרויען און קינדער, וועמענס מענער און פאָטערס זענען שוין פון לאַנג געהאַט גענומען געוואָרן אין די לאַגערן. די נאַציס ווילן אַזויערנאָך אויסראָטן גאַנצע יידישע פאַמיליעס.

„ס׳האָבן זיך אָפּגעשפּילט שרעקלעכע סצענעס, פרויען האָבן געוואָרפן זייערע קינדער דורכן פענצטער און דערנאָך — זיך אַליין, אָבער די געשטאַפּאָ־לייט האָבן זייער טיוול־פּלאַן אַדורכגעפירט. מען שמועסט פון צענדליקער טויזנטער אַרעסטירטע פרויען און קינדער. דער ייד דערציילט, אַז ס׳זענען געווען פאַלן, ווען פראַנצויזישע פּאָליציאַנטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנטיילצונעמען אין פאַרברעכערישן שטיקל אַרבעט. יענע זענען תיכף אַרעסטירט און אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער שרעקלעכער תפיסה פון שערש מידי, ווו די טויט־אורטיילן ווערן דורכגעפירט.

„די אויפרעגונג פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג איז גרויס, נאָר דאָס פאַרברעכן איז דאָך אַדורכגעפירט געוואָרן אומבאַשטראָפט.

„דער צווייטער ייד פון טור איז אויך אַנטלאָפן ווי ער שטייט און גייט. פאַר זיינע אויגן האָט מען צוגענומען זיין פרוי, זיינע צוויי טעכטער פון פופצן און זיבעצן יאָר און אַ קינד פון דריי יאָר. אים אַליין איז געלונגען אַריבערצוקריכן אַ פּאַרקן און זיך ראַטעווען. אָבער זיין פאַמיליע איז פאַרלוירן״.

„ליגנדיק אויסבאַהאַלטן הינטערן פּאַרקן ביז די געשטאַפּאָניקעס זענען אַוועק, האָט ער נאָך געהערט ווי זיין טאָכטער טענהט מיט זיי :

„— איר האָט נישט קיין חרפה צו אַטאַקירן פרויען און קינדער. איר טוט וואָס אייך געפעלט״.

„דער חברהמאַן האָט געענטפערט :

„— מיר האָבן נישט קיין חרפה און מיר טוען טאַקע וואָס מיר ווילן״...

„די נייע געסט פון „יענער זייט״ האָבן פאַרגרעסערט דעם אומרו, צעטרייבנדיק יעדן צווייפל איבער דער ריכטיקייט פון דער טראַגעדיע. גרופּקעס יידן דרייען זיך אַרום אויפן היגן „פּלעצל״, לויפן פון איין גאַסט צום צווייטן, פרעגן זיך אויס, זיפצן און קרעכצן יעדער איבער זיין אייגן אומגליק, אַחוץ איבער דער אַלגעמיין־יידישער טראַגעדיע. מען דריקט

זיך צוזאמען, דאס הייפעלע אנטלאפענע, ווי צעשראקענע שעפסן בשעת א שטורעם...
„דער בלוטיקער נאצישער שטורעם איבער אונדזערע קעפ."

פון א באקאנטן, וואס האט זיך געראטעוועט פון פאריז, דערוויסט זיך בעקערמאן עטלעכע טעג שפעטער, אז דער דיכטער דוד פליסקין מיט זיין פרוי זענען צווישן די ארעס־טירטע:

„געבליבן איז בלויז דער טייערער, ליבער משה־לייבעלע, פליסקינס שוואגער. ער איז שוין א מענטש אין די זעכצי־קער און גענומען האט מען בלויז ביז זעכציק יאר. דער אל־טער משה־לייבעלע האט געבעטן מען זאל אים אויך מיט־נעמען מיט פליסקינען, ווייל די ביידע שוואגערס האבן אין זייער לעבן זיך קיינמאל נישט געשיידט. נאר מען האט דעם אלטן נישט געוואלט נעמען: „געזעץ איז געזעץ!"

בעקערמאן ווארט מיט אומרו אויף ידיעות פון זיין פרוי, וואס איז אוועק פון פאריז, כדי צו שווארצן די „דעמארקא־ציע־ליניע" און אריבער צו אים אין דער „פרייער זאנע". ער זעצט פאר זיין קארעספאנדענץ מיט פארשידענע באקאנ־טע, דערונטער מיט די פראנצויזישע שרייבער טריסטאן רע־מי און מאריס לעבלאן. דעם 1־טן אויגוסט באקומט ער א בריוו פון שרייבער וו. וועוויארקע, וואס געפינט זיך אין ני־צע (ניס). דא זענען איניקע אויסצוגן:

„. . . אייער בריוו ליגט ביי מיר שוין 2 טעג און ערשט איצט קען איך זיך אביסל „צוזאמענעמען" אייך צו ענטפערן.
„די סיבה איז דאס, וואס די „פאריזער שריפה" האט מיך דערשיטערט. איך האב מורא, אז איינע פון מיינע טעכטער איז אריינגעפאלן צו די רשעים אין די הענט.
„פארשטייט איר אונדזער געמיט און אונדזער הארץ. איך וועל אייך אבער דאך ענטפערן, הגם נישט אזא בריוו, ווי כ'וואלט אייך געשריבן, ווען כ'בין נישט אזוי צערודערט.

„שרייבט מיר טאקע, ווי עס גייט אייך, ווי עס זעט אויס אייער „רעזידענץ", צי געפינען זיך דארט נאך יידן. וואס שייך מיר: ניצע איז — איר ווייסט מסתמא — א זייער שיין שטעטל. מסתמא איינס פון די שענסטע ווינקלען אויף גאטס ערד. פאראיארן האבן מיר טאקע אביסל געגאסן דער־פון. דאס יאר באקומט עס אונדז נישט. יעדן טאג אנדערע קלאנגען, אנדערע ידיעות. דערצו ווערן דא יידן טעראריזירט פון די לייט פון דער „נאציאנאלער באפרייונג". מען באפאלט יידן אין די גאסן, אין די קאפעס, אויף דער „ענגלישער פראמענאדע" און אין די שולן. אזוי ווי איר ציט אויף א שנור ווי פערל אט די אלע עפיזאדן, וועל איך אייך אמאל שרייבן באריכות וועגן דעם. שרייבט ליבער בעקערמאן, עפעס וועגן באקאנטע, ו'עגן פריינט. שרייבט און איך וועל אייך ענטפערן. איך וועל דאך מוזן באהערשן די צרות און ליידן".

און בעקערמאן באמערקט דערצו:

„איך האב וועוויארקען תיכף געענטפערט און אנגעוויזן אויף די צוויי יאר, וואס טיילן אפ אונדזער איבערשרייבן זיך פון סעטפאן; אויף די בערג מיט צרות, וואס מיינע 6 בענדער טאג־ביכער צווישן סעטפאן און עקזיע האבן אין זיך איינגעזאפט, און ווי דער גורל שפילט מיט אונדז ווי מיט א באלעם אין אונדזער ווילדער צייט. נאך גוט, וואס מיר בלייבן נאך אלץ אויף די פיס, כדי צו קענען פארזעצן אט דאס „אויפציען אויף א שנור", ווי וועוויארקע דריקט זיך אויס...
„הלואי ווייטער..."

אין א צווייטן בריוו, א וואך שפעטער, שרייבט וועוויאר־קע: „מען דארף זיין גרייט, ליבער בעקערמאן, צו שווערע טעג. מען מוז זיך שטארקן זיי אויפצונעמען ווירדיק. מיר טרעטן אריין אין דער טראגישסטער פאזע פון דער עפאכע".

בעקערמאנס אומרו וועגן גורל פון זיין פרוי באשטעטיקט זיך: ער דערוויסט זיך, אז זי איז ארעסטירט געווארן ביי דער גרענעץ צווישן ביידע זאנעס. וואס פאר א קלאפ פאר בעקערמאנען! מיר לייענען אין זיין טאג־בוך פון 14־טן אוי־גוסט:

„. . . . א גאנצן טאג האב איך זיך שוין נעכטן קיין ארט נישט געפונען. אזוי מוז פילן א מענטש, ווען דער נאענטס־טער טייל זיינער ווערט מיטאמאל פון אים אכזריותדיק אפ־געריסן. שעהן־לאנג ליגן אויפן בעט און לאזן די געדאנקען נערוועאיש בלאנדזשען פון סיוזשעט צו סיוזשעט און פון ארט צו ארט און צייט צו צייט, נאר יעדע מינוט דערשיינט דער געדאנק וועגן מיין פרוי און איר אומגליק און שניידט ווי מיט אן אפעראציע־מעסער, אז איך דערפיל ערגעץ ווי אין די אומבאוווסטע קעמערלעך פון נאריש־קלוגן מענטשלעכן וועזן, א פיזישן ווייטיק ביז טרערן. אט זע איך זי א צעבראכענע, א קראנקע; ערגעץ אין א תפיסה אונ־טער א שווערן רעזשים, אן דערנערונג, אן מלבושים און צודעק, אויף א הארטן געלעגער און אן פערספעקטיוון ארויס־צוגיין פריי . . . ביים פולן באוווסטזיין אז איר דערווארט דער גורל, פון וועלכן זי האט מיט אזויפיל שרעק זיך אויסבאהאלטן אין פאריז. מיך שוידערט אזש ביים פאר־שטעלן זיך אירע געדאנקען און איבערלעבונגען".

און צוויי טעג שפעטער:

„. . . . דערנאך גייט שוין אזוי א שלאפלאזע נאכט, איינע פון די שלאפלאזע נעכט, וואס באגלייט מיך דא די גאנצע צייט. ווידער זע איך מיין פרוי ערגעץ אין א תפיסה־צעלע אויף א הארטן געלעגער. איך הער איר קרעכצן פון ווייטיק, נישט קענענדיק אויסרוען אירע קראנקע ביינער. און איך הער איר שטיל־פארצווייפלט שלוכצן, אפשר ספאזמאטישע געוויינען, טראכטנדיק פון איר האפענונג־לאזער לאגע."

און אין דידאזיקע באדינגונגען זעצט בעקערמאן פאר זיין שאפן. אט שרייבט ער דעם 3־טן סעפטעמבער:

„היינט בין איך צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. יעדעס מאָל, ווען איך אַרבעט צוויי-דריי טעג נאָכאַנאַנד, פיל איך זיך אַזוי צעבראָכן, דער כּוס אַזוי אָנגעשטייפּט נישט צום איינבייגן זיך, אַז מיין גאַנג ווערט ווי אַן אויטאָמאַט.

„אַ גאַנצן טאָג בין איך כּמעט נישט אַראָפּ פון מיין בוידעם־שטיבל. אַ היפּש ביסל געלייענט און געשריבן.

„מיין איצטיק שרייבן באַשטייט, אַחוץ דעם טאָג־בוך און דער כּמעט טעגלעכער קאָרעספּאָנדענץ מיט „דער וועלט" מחוץ עקאָיע, פון אַ שטיקל פראַגמענט פון אַ לאַנג־געפּלאַנטער אַרבעט איבער אַנרי באַרביס. מיר קומט איצט אויס צו באַאַרבעטן באַרביסעס זאַמלונג אַרטיקלען געשריבן אין סאַמע ברען פון מלחמה, אין די ערשטע שטורמישע יאָרן ביז 1920. פון זיין שרייבן איבער אַקטועלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַגב זייער אַ באַזונדערן כאַראַקטער אין ליכט פון דער איצטיקער צייט — קומט צום אויסדרוק באַרביס דער דענקער און רעוואָלוציאָנער, ווי ער האָט זיך צו יענער צייט באַזונדערס פאָרמירט. ס'איז אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל, וואָס וועט מיר נוצן, אויב איך וועל דערלעבן, צו מיין פּראָיעקטירטער גרעסערער אַרבעט איבער באַרביסן.

„קיין בריוו זענען היינט נישט געקומען. אַלע מיינע קאָרעספּאָנדענטן: וועוויאָרקע, קאָרנהענדלער, צעראַטאַ, זענען איינגעשלאָפן. ווער ווייסט אויף וויפל די געשעענישן האָבן זיי געטראָפן! ס'איז מיר אָבער פאָרט שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז מען זאָל זיי האָבן אַרעסטירט.

„באַקומען האָב איך בלויז נעכטן אַ בריוו פון דוד דייטשער, וואָס איז פון זיין לאַגער איבערגעשיקט געוואָרן אין שפּיטאָל אַריין קיין לימאָזש."

דערדאָזיקער בריוו, געשריבן מיט אַ געמיש פון ערנסט און הומאָר (יידן האָבן אפילו אין די ערגסטע באַדינגונגען נישט אָפּגעזאָגט זיך פון פאַרגעניגן זיך צו וויצלען איבער זייערע אייגענע צרות!) אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַ פרישׁ קאַפּיטל פון יידישע ליידן. אָט וואָס דייטשער שרייבט צו בעקערמאַנען:

„. . . פאַרוואָס איז פאַר אייך אַ סיורפּריז מיין זיין אין לאַגער? קודם כל האָב איך דאָך שוין אַ שטיקל חזקה דערצו. היינט, וווּ איז יושר? בין איך דען, חלילה, אַ משומד, צי אַ ממזר? זעט איר, אַז דער רבונו של עולם אין זיין גרויס דערבאַרעמדיקייט איז געווען גערעכטער לגבי זיין קנעכט. וואָס שייך אייער סיטואַציע, איז עס גאָר אויסערגעווינלעך, ווייל מיין ברודער, למשל, האָט שוין געהאַט אַ קאָנטראַקט צו אַ פּויער מיט 3 וואָכן צוריק און מען האָט אים נישט אַקצעפּטירט. איצט ווייס איך אַפילו נישט ווו ער איז. הלוואי זאָלט איר בלייבן ווו איר זענט! וואָסער אַרבעט ס'זאָל נישט זיין, איז אַלץ בעסער אויפן אָרט ווי זיך אַרומוואַלגערן. איבערהויפּט איז ביטער דאָס, וואָס מען האָט קיין דעה נישט איבערן אייגענעם לעבן.

מען „פאַרזאָרגט" אונדז מיט אַלעם: מיט עסן, שלאָפן, אַ דאַך און — פאַך!

„איך בין אַרויסגעפאָרן מיט מיין פרוי פון פּאַריז דעם 31־טן יולי. מיר האָבן דעמזעלבן אָוונט געזאָלט אַריבער די ליניע, האָט מען אונדז נאָכגעשאָסן. זענען די „פירערס" אַוועק און מיר זענען געבליבן אין וואַלד, פאַרשטעקט אַ גאַנצע נאַכט. אינדערפרי זענען מיר געלאָפן צוריק, זיך אויסבאַהאַלטן און נאָך פיל וואַנדלונגען זענען מיר דעם 5־טן אויגוסט אַריבער די ליניע מיט דער הילף פון באַקאַנטע פּויערים.

„דעם 20־טן אויגוסט, ווען כ'בין אָנגעקומען אין סאַ־אַ, איז געוואָרן אַ יאָר זינט מען האָט מיך געכאַפּט קיין דראַנסי! ווהין וועל איך פאַרכאַפּט ווערן דעם קומענדיקן 20־טן אויגוסט, אויב כ'וועל נאָך לעבן?

„. . . ליידער, וואָס שייך די „פאַסקודנע פאַקטן" איז עס נישט קיין איינציקע דערשיינונג. הונדערטער פאַמיליעס מיט ווייבער און קינדער ווערן אויסגעליפערט אין די הענט פון תליון. איך האָב זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס פאַר מיין אַהערקומען. זאָל דאָס בלוט פאַלן אויף די קעפּ פון די, וואָס טוען אָפּ אַזאַ נבלה! דאָס צעטל פון פאַרברעכנס פאַרלענגערט זיך אָן אַן עק. מען וועט שפּעטער וויסן וועלכעס פאָדערט פריער נקמה! . . ."

און צום סוף אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט:

„עס איז דאָ אין לימאָזש פאַראַן אַ קאָמיטעט צו העלפן די אַלע, וואָס אַנטלויפן אַהער, באַהאַלטן זיך אויס און סתם נויטבאַדערפטיקע פון גלות 42. מען דערציילט, אַז פראַנצויזן העלפן זייער אַ סך. פאַראַן אַזעלכע, וואָס מעלדן זיך פרייוויליק אין ביוראָ צו אַרבעטן און אַ סך, וואָס טראָגן פּעקלעך „פור לע זשוויף" (פאַר אַ יידן). דאָס איז ווערט פאַרנאָטירט צו ווערן".

אין די־אָ טעג פון פייַן און ליידן געפינט נאָך בעקערמאַן געדולד צו פירן לאַנגע טעאָרעטישע דיסקוסיעס מיטן שרייבער י. ח. קאָרנהענדלער וועגן דער לייזונג פון יידן-פּראָבלעם. דער בריוו־אויסטויש וועגן דער פראַגע פאַרנעמט פיל זייטן אין טאָגבוך. און ווי קלאָר, ווי ריכטיק, ווי שלאַגפאַרטיק און אַקטועל זענען בעקערמאַנס אויספירן:

„איר מעגט ווייטער האַלטן, מיין ליבער קאָרנהענדלער, פאַר „שרעקלעך נאַיוו" מיין גלויבן, אַז די לייזונג פון דער יידן־פראַגע קען נאָר קומען מיט דער לייזונג פון דער היטלער־פראַגע . . .

„איר האָט נישט באַנומען, אַז איך רעד דאָ נישט וועגן היטלעריזם אין אַבסאָלוטן באַגריף, נאָר איז סימבאָלישן, דערפאַר פאַרלירט איר צייט מיט מיר זיך צו לאָזן אין אַן עקסקורסיע אין דער פאַרגאַנגענהייט, צו באַווייזן אַז . . . נישט מיט היטלערן הייבט זיך אָן דאָס יידן־פּראָבלעם! אומזיסטע אַרבעט, קאָרנהענדלער! איך ווייס, אַז פאַר היטלערן איז שוין עפּעס געווען . . . ווען איך זאָג, אַז

מיט היטלערס אונטערגאַנג וועט די יידן־פראַגע געלייזט ווערן, מיין איך אין דעם זין, וואָס איך זע נישט קיין אַנדערע לייזונג פאַרן יידן־פראָבלעם ווי די פון דעם „איינעם לאַנד״ (געמיינט ראַטנפאַרבאַנד — ג. ק.). זייט מיר מוחל: כ׳האָב געוווסט, אַז כ׳וועל אייך דערמיט פאַרטשעפּן. כ׳האָב עס נישט געוואָלט, נאָר איך קען אַנדערש נישט, ווייל איך האָב קיין אַנדער וועג נישט און עס קען קיין אַנדערע לייזונג נישט זיין! איר גלייבט נישט אז „דאָרט״ איז שוין אַנ־טיסעמיטיזם אויסגעוואָרצלט? אַז עס קען צוריק ווערן, א. א. וו. הם . . . נישט אין דעם גייט עס. אָט גלייב איך נישט, אַז דאָרט זאָל זיך ענדערן, ווי איר האָט מורא. עס גייט אָבער אין דעם, וואָס דער דאָרטיקער עקספּערימענט אויף צו לייזן די יידן־פראַגע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַרן איינציק־ריכטיקן און מעגלעכן. דורך אַ דעקרעט! זאָל זיין! די מענטשהייט, ווי איר אַליין שטעלט זי פאָר, קען אַנדערש נישט רעגירט ווערן, איז מיט דעקרעטן צום גוטן וועג קען מען פונקט אַזױפיל אויפטון ווי מיט דעקרעטן צום שלעכטן . . . די פּראַקטיק איןביידע קעגנזאַצלעכע רעזשימען האָבן עס באַשטעטיקט פאַר די אַלע, וואָס ווילן אויפריכטיק, אָן פאָרורטיילן, זען דעם אמת . . . איך קום, אַלזאָ, צום אויספיר, אַז אונדזער לייזונג וועט געפונען ווערן נאָר ווען „יענער״ רעזשים וועט זיך פאַרשפּרייטן איבער דער וועלט, טאָמער נישט איז ביטער, קאָרנ־הענדלער. דעמאָלט וועט נישט העלפן אייער „דורכקריכן אַ שפּאַרע״, ווייל איר וועט אין ערגעץ זיך נישט ראַ־טעווען . . .

„ . . . איר וואַרפט מיר פאָר מיין נישט מוט צו רעדן וועגן יידן אין ענגלאַנד און אַמעריקע. אַי, קאָרנהענדלער, קאָרנהענדלער! ווי „נאַיוו״ איר מאַכט זיך צו וועלן זיך אַליין איינשמועסן, אַז דאָס געזעץ באַשיצט יידן . . . ווער האָט עס אייך איינגערעדט! אין יענע לענדער עקזיסטירן אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס, פונקט ווי זיי האָבן עק־זיסטירט אין „אַלטן״, דעמאָקראַטישן פראַנקרייך ביז היטלערן! די „פרייע״ געזעצן אין יענע אייך באַליבטע לענדער קענען נישט פאַרווערן קיין אַנטיסעמיטישע אָרגאַ־ניזאַציעס און ליטעראַטור, טאַקע אין נאָמען פון . . . פרייהייט. אין אַ לאַנד פון נעגער־לינטשעריי און באַזונדערע אָפּטיילונגען אין די טראַמװייען פאַר די . . . נישט־גע־לינטשטע, ווילט איר אָפּשאַפן אַנטיסעמיטיזם? . . . גייט שוין, גייט! דערפאַר איז אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד נישט מעגלעך, ווייל דאָרטן איז עס אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען ווערט באַשטראָפט! יאָ, יאָ, דעקרעטן זענען אַמאָל נייטיק, אויב זיי זענען געווענדט קעגן פאַרברע־כער!

„אָט דערפאַר האַלט איך זיך ביי מיין „נאַאיוויטעט״ ווייטער צו גלויבן, אַז נאָר אין איין לאַנד איז די יידן־פראַגע געלייזט און נאָר אַזוי קען זי געלייזט ווערן!״

אין עטלעכע טעג קומט בעקערמאַן אומדירעקט צוריק צו זיין פּאָלעמיק מיט קאָרנהענדלערן, און דאָס אין שײַכות מיט אַ בריוו פון דער הײזוועכטערן פון זיין פּאַריזער דירה. אָט וואָס זי שרייבט:

„אַנטשולדיקט פאַרן פאַרשפּעטיקן אייך צו ענטפערן, הגם מיר זענען געווען זייער צופרידן צו האָבן פון אייך נייעס. ליידער! די נייעסן, וואָס איך האָב ביז היינט געקענט געבן, זענען נישט געווען קיין גוטע. אָבער היינט זענען מיר זייער צופרידן. מיין מאַן איז געפאָרן זען מאַדאַם בעקערמאַן און די פאַמיליע וואַקס, וואָס זענען צוזאַמען. זיי זענען ביי אַ זייער גוטן געזונט־צושטאַנד און ביי אַ זייער גוטער מאָראַל, האָפנדיק אינגיכן זיך ווידערצוזען, נעמט אָן אונדזער בעסטע פריינטשאַפט.

דיבואַ״.

בעקערמאַן גיט צו:

„מיין קאָנסיערזש האָט נאָך באַוויזן צו פאָרן קיין פּואַטיע זיך זען מיט זיינע צוויי יידישע לאָקאַטאָרן; איצט ווער ווייסט ווען ס׳װעט ווידער זיין אַ ידיעה פון מיין פרוי. נאָר דעם קאָנסיערזשס זשעסט איז גענוג כאַראַקטעריסטיש, הגם ער איז נישט קיין פאַראיינצלטער פאַל אין דער באַ־ציונג פון פראַנצויזן צו דער יידישער טראַגעדיע. ס׳איז פון די פאַקטן, וואָס דערמוטיקן אַביסל אונדזערע גע־פּלאָגטע מאַסן, ווייניקסטנס אין פּרט פון די פּערספּעקטיװן אויף דער צוקונפט . . . ס׳איז אַן ענטפער אויף קאָרנ־הענדלערס קלאָגן וועגן אַנטיסעמיטיזם, „וואָס האָט צעפרעסן די מענטשהייט״. אויב די „מענטשהייט״ מיינט די היטלער־באַנדע מיט זייערע פראַנצויזישע געדונגענע משרתים — איז אַז אָך און וויי צו דער מענטשהייט. צום גליק מיינט די מענטשהייט גאָר די ברייטע מאַסן.״

ער דערציילט אונדז ווייטער, אַז ער דיסקוטירט אָפט מיט פראַנצויזן, ער אַטאַקירט שטאַרק די שענדלעכע מעשׂים פון פּעטען־לאַוואַל. אָפט האָט ער צו טון מיט אָנהענגער פון „נייעם רעזשים״ און זיינע פריינט וואָרענען אים, ער זאָל „נישט רעדן צו אָפן״ . . . בעקערמאַנס ערלעכער, גראַד־ליניקער כאַראַקטער דערלויבט אים אָבער נישט צו שווייגן, און ער זעצט פאָר.

אין יענע טעג גייט אָן די גראַנדיעזע שלאַכט פאַר סטאַלינגראַד. בעקערמאַן צווייפלט נישט אין איר אויסגאַנג, כאָטש ער מאַכט זיך נישט קיין אילוזיעס וועגן דויער פון קריג. ער פאַרנאָטירט דעם 15־טן סעפּטעמבער:

„ . . . צי די מלחמה וועט זיך ענדיקן, ווי אַלע האָפן, נאָך דאָס יאָר, איז ווייטער שטאַרק צווייפלדיק, אָבער אַז די דייטשן קענען נישט איינבייסן סטאַלינגראַד, איז אַ פאַקט. ביי זייער גאַנצער זיכערקייט מיט אַכט טאָג צוריק, אַז די שטאָט איז שוין „רעגולירט״, קומען היינט ידיעות, אַז . . . די מלחמה ביי סטאַלינגראַד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ באַלאַגערונג אויפן שטייגער פון מאָסקווע און לענינגראַד.

איטאַליענישע צייטונגען ווייסן שוין צו דערציילן, אַז . . . סטאַלינגראַד האָט בלויז אַ נעגאַטיווע באַדייטונג. בלויז פאַר די רוסן האָט עס אַ באַדייטונג פון פּרעסטיזש . . . מילא, דער פאַבל וועגן פוקס און די ווינטרויבן איז אַלץ אַקטועל . . .״

צומאָרגנס דערוויסן מיר זיך אַז:

„אונדזער חיל אַראָנסאָן (דער קונסט־קריטיקער) איז געווען צווישן די גענומענע אין דער גרויסער שרפה. דריי טעג האָט מען אים געהאַלטן, ער איז געראַטעוועט געוואָרן נאָר דורך אַ נס.״

דעם 21-טן סעפּטעמבער לייענען מיר:

„. . . זינט נעכטן ביינאַכט, ווען יידן זענען ערגעצוווּ געגאַנגען צו כל־נדרי, אין היינט אַ גאַנצן טאָג הערן ניט אויף צו ווילדעווען בייזע וואָיענדיקע ווינטן. יום־כיפּורדיקע ווינטן איבער יידישע קעפּ. אין מיין בוידעם־שטיבל שריי־בנדיק שטייענדיקערהייט, ווייל אַ מין קרעדענץ דינט מיר פאַר אַ טיש, רייסן די ווינטן מיט נאָך אַ ווילדערן כוח. די ביימער ווייגען אַזוי שטאַרק, ווי יידישע פּרוּיען אין פּאַריז און איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון ביידע טיילן פראַנקרייך, ווען מען קומט זיי ביינאַכט אַרויסנעמען פון די בעטן . . . אָן אומעטיק וועטער איבער היטלערס וועלטל!״ . . .

און אָט איז אַ גרוס פון פּאַריז:

„עקאַיע, מאָנטיק, דעם 28־טן סעפּט. 1942.

„דער היינטיקער מאָוימער רעגנדיקער פרימאָרגן האָט מיר שוין נישט געלאָזן איינזיצן אין מיין בוידעם־שטיבל. ס׳האָט מיר גענומען שוידערן פון קעלט ביים פּרווון צו שרייבן, כ׳האָב געמוזט אַראָפּגיין זיך טוליען צו דער וואַרעמער קיך און — וואַרטן אויפן בריוונטרעגער. דאָסמאָל האָט ער מיר געבראַכט אַן אומבאַקאַנט קאַרטל פון פּאַריז, אַן אומבאַקאַנטע האַנטשריפט מיט אַ צוריק־אַדרעס אויפן נאָמען פון מעסיע האַצמאַך. האָב איך גענומען לייענען דאָס קאַרטל און גיך אַרויסגעפונען, אַז דער ליב־האַר־ציקער, אַלט־באַקאַנטער האַצמאַך פון קאָמפּאַניעץ־טעאַ־טער איז צונויף געקומען אַלס צוריק־אַדרעס פאַר . . . משה שולשטיין!״

פון קאַרטל ווערן מיר געוואָר, אַז פליסקין איז נאָך אַלץ אין לאַגער, אַז זיין פרוי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און „געפינט זיך אין שפּיטאָל אין אַ שלעכטן צושטאַנד״. ער זאָגט אויך אָן די שרעקלעכע בשורה, אַז מוניע נאַדלער איז דערשאָסן געוואָרן.

בעקערמאַן גיט צו:

„איצט באַשטעטיקט זיך טאַקע די ידיעה, אַז דער טייערער מוניע נאַדלער איז דערשאָסן געוואָרן דורך די תלינים. ער איז אין מאַי אַרעסטירט געוואָרן, צוויי טעג נאָכדעם ווי ער האָט באַשטעלט ביי מיר אַן אַרבעט פאַר אַ צוגעגרייטער אויסגאַבע. דעם טאָג, וואָס ער האָט געזאָלט זיין ביי מיר עס אָפּנעמען, איז ער אַרעסטירט געוואָרן. זינט דעמאָלט האָט מען געוווּסט, אַז זיין לעבן איז אין געפאַר — די תלינים האָבן זיך צוגעאײַלט אים אומצוברענגען צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע קדושים.

„כבוד דיין אַנדענק, מיין טייערער, בראַווער מוניע!

„טרויעריק, אומעטיק דאָס וועטער אין עקאַיע, צוגע־פּאַסט צו די ידיעות, וואָס קומען פון אַלע זייטן.״

זיין זון גיט אים צו פאַרשטיין אין אַ בריוו, אַז ער איז טעטיק אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פּאַריז. בע־קערמאַן, דער פאָטער פילט די גרויסע געפאַרן וואָס דראָען זיין איינציקן זון. ער רעאַגירט אָבער דערויף מיט שטאָלץ. בעקערמאַן דער קעמפּער האָט די אויבערהאַנט:

„. . . אוודאי פאַרשטיי איך זיין פאַרזיכטיקע שפּראַך מיט דער טעטיקייט פון „נאַציאָנאַלער הילף״, ווו ער באַטיי־ליקט זיך אַזוי אַקטיוו. ווי אומרואיק איך זאָל זיין פאַר זיין גורל, איז פאַראַן אָבער אַ באַפרידיקנדיק געפיל: ער איז אַ סאָלדאַט פון אַן אַרמיי פון דער צוקונפט און העלפט מיט דער ריזיקע פון זיין יונגן לעבן צוגרייטן דעם גרויסן טאָג פון חשבון איבער אונדזערע מערדער און פייניקער, דעם טאָג פון פעלקער־חשבון.״

עטלעכע טעג שפּעטער קומט אָן די ידיעה, אַז פליסקינס פרוי איז טויט. בעקערמאַן שרייבט:

„. . . איך האָב ווידער נישט געקענט שלאָפן און איך האָב ווידער געטראַכט וועגן רעגינע פליסקין. איך האָב אין מיין לעבן נישט געזען און נישט באַגעגנט קיין בעסערן מענטש ווי אָט די פרוי. אַ שטילע טובה, וואָס האָט שווער געטראָגן דעם יאָך פון לעבן, פון איר קראַנקן מאַן, וואָס האָט שוין אַלס שווינדזיכטיקער יאָרן נישט געקענט אַרבעטן, פון איר טייערן ברודער משה־לייבעלע. אָט דער דריילינג איז געווען אין אַזאַ שרייענדיקן קאָנטראַסט צו די באַדינגונגען פון אונדזער צייט, אַז ס׳איז צו שטוינען ווי אַזוי דידאָזיקע מענטשן האָבן עס געקענט אויסהאַלטן. דערפאַר איז קיין וווּנדער נישט, וואָס די צאַרטע רעגינע האָט אויף אַזאַ אופן אַ סוף געמאַכט צו איר געמאַטערט לעבן אין אַ וועלט פון רשעות און סאַדיזם!

„אין מיין טיפן טרויער בייג איך מיין קאָפּ פאַר אָט דער מאַרטירער־פרוי, איינע פון די גייסטיק־שענסטע טעכ־טער פון אונדזער פאָלק, וואָס האָט נישט געוואָלט דורכלעבן אונדזער שאַנד. איך בייג מיין קאָפּ פאַר אַ צדיקות אין אַ וועלט פון סדום. איר בלוט וועט נישט רוען צוזאַמען מיטן בלוט פון אַזויפיל קדושים אונדזערע, ביז דער טאָג פון משפט וועט קומען, דער טאָג, ווען דער גאַנצער מאַנס־טרועזער בנין פון בלוט און פאַרברעכן וועט פון דער ערד אָפּגעווישט ווערן.״

דעם 2־טן נאָוועמבער באַקומט בעקערמאַן די נייעס, אַז זיין איינציקער זון, פּרץ (ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן

נאָכן גרויסן קלאַסיקער) איז אַרעסטירט געוואָרן. וואָס פאַר אַ שרעקלעכער קלאַפּ פאַרן אומגליקלעכן פאָטער!

„דאָס, פאַר וועלכן איך האָב אַזוי געציטערט זינט מײַן פאַרלאָזן פאַריז, איז געשען! דאָס, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַזויפיל שלאָפלאָזע נעכט און אומרואיקע טעג, איז געוואָרן אַ טרויעריקע רעאַליטעט: מײַן זון איז אין פאַריז אַרעסטירט געוואָרן. די הײַנטיקע פּאָסט האָט מיר געבראַכט זײַנע צוויי קאַרטלעך מיטאַמאָל, ביידע דאַטירט פון 28־טן אָקטאָבער און געשריבן מיטן צוריק־אַדרעס פון דער תפיסה „לאַ סאַנטעי” . . .

אין זײַנע קאַרטלעך באַמיט זיך דער זון צו באַרואיקן זײַן פאָטער:

„איך בעט דיך, זיך נישט צו מאַכן קיין בייז בלוט צוליב מיר. איך בין ווײַט צו זײַן אומגליקלעך, איך האָב צו עסן און מען וועט מיר שיקן פּעקלעך. איך האָב געשריבן אַ בריוו צו מאָריס לעבלאַן ער זאָל מיר רעקאָמענדירן אַן אַדוואָקאַט פון צווישן זײַנע פרײַנט. יענער זאָל מיך פאַרטיידיקן בײַם פּראָצעס, אין עטלעכע חדשים אַרום...

„פאַר מיר איז בעסער איך זאָל בלײַבן דאָ אין תפיסה, אײדער צו גיין קיין דראַנסי, פון וואַנען איך ריזיקיר דעפּאָרטירט צו ווערן. דער רעזשים איז נישט קיין שטרענגער און מיט אויסגעהאַלטנקייט און מוט וועל איך אַרויסקומען פון מײַן שלעכטער לאַגע. איך ווייס, אַז דאָס דאָזיקע וועט דיר געבן אַ שרעקלעכן קלאַפּ, אָבער דו דאַרפסט זיך שטאַרקן.”

בעקערמאַן שרײַבט ווײַטער:

„....אַ גאַנצן טאָג האָב איך זיך באַמיט צו באַרואיקן, געפּרוווט אפילו מיטשמייכלען מיט אַלעמען. אָבער טיף אין האַרצן נאָגט אַ טיפער ווייטיק בײַם געדאַנק וועגן מײַן טײַער קינדס טרויעריקער לאַגע, אַלס צולאָג צו דער ווער ווייסט וואָסער שרעקלעכער לאַגע פון זײַן מוטער ערגעץ אין אומבאַקאַנטע מקומות פון דעם נאַצי־שוידערלעכן קאָשמאַר איבער גאַנץ אייראָפּע.

„די עפּאָכע פון שלאָפלאָזע קאָשמאַר-נעכט הייבט זיך פאַר מיר אויפסנײַ אָן.”

דעם 16־טן דעצעמבער באַמערקט ער אין אַ קלײנער נאָטיץ אין אַ פראַנצויזישער צײַטונג, אַז די טאָכטער פון עמיל זאָלאַ, מיט וועלכער ער איז געווען שטאַרק באַפרײַנדט, איז געשטאָרבן. פון טאָגבוך דערוויסן מיר זיך די ווײַטערדיקע כאַראַקטעריסטישע פּרטים:

„אונטערן פּסעוודאָנים דעניז אָבער, האָט זי פאַרעפנטלעכט צאָלרײַכע ראָמאַנען פאַר קינדער און אין 1931 האָט זי פאַרעפנטלעכט אַן אינטערעסאַנטע ביאָגראַפיע וועגן איר פאָטער אונטערן טיטל: „עמיל זאָלאַ, דערציילט דורך זײַן טאָכטער”.

„זי איז געווען די פרוי פון מאָריס לעבלאַן, דעם באַקאַנטן שרײַבער, וואָס איז געווען כעקרעטאַר פון „זשורנאַל אָפיסיעל”. זי איז אויך געווען די שוועסטער פון דאָקטאָר זשאַק זאָלאַ.



בעקערמאַן מיט זײַן פרוי און זון, אַלע אומגעקומען אויף דעפּאָרטאַציע.

„די נײַעס האָט מיך אינגאַנצן צעטומלט מיט איר אומגעריכטיקייט. אָט נעמט מיר קלאָר ווערן פאַרוואָס איך באַקום לעצטנס קיין ענטפער פון מאָריס לעבלאַן. אַפּנים זײַן פרויס קראַנקייט האָט אים געשטערט. איך טראַכט ווי באַשווערט עס ווערט איצט די עקזיסטענץ פון דאָזיקן אַלטן מאַן, וואָס איז אַליין אויך נישט בײַם בעסטן געזונט. הײַנט פרי האָב איך צו לעבלאַנען אָפּגעשיקט אַ קאַרטל . . .

„מיר שטייט נאָך פאַר די אויגן מײַן לעצטע באַגעגעניש מיט דעניז לעבלאַן־זאָלאַ, עטלעכע וואָכן פאַר מײַן אַוועקפאָרן פון פאַריז. ס'איז געווען דער צווייטער טאָג פון מײַן אָפיציעלן אָנטון די „געלע לאַטע”. איך בין געווען פאַרנומען אין אַ שמועס מיט לעבלאַן. בײַם אַוועקגיין רופט ער זי אַרײַן:

„ — דעניז, קום דריקן בעקערמאַנען די האַנט.

„זי האָט זיך באַוויזן פון קיך, ס'איז געווען מיטאָג־צײַט, און געשמייכלט.

„ — ווי געפעל איך אײַך, מאַדאַם, אין מײַן דעקאָראַציע?

„ — זייער פײַן. גאָר שטאָלץ צו זײַן דערמיט . . . אָט מײַן זון — ער איז פּונקט אָנגעקומען און מיך באַגריסט — גייט הײַנט אַרום און ווו ער באַגעגנט אַ געלע לאַטע, גייט ער צו און זאָגט: „דערלויבט מיר אײַך צו דריקן די האַנט . . . ”

„איר צאַרט, אָפּגעמאָגערט פּנים פון שלעכטן לעבן האָט נאָך אײַנגעהאַלטן שטאַרקע שפּורן פון איר יוגנט־שײנקייט, אָט ווי זי שטייט אויפן בילד צוזאַמען מיט איר ברודערל, ווען זייער באַליבטער פאָטער נעמט זיי צערטלעך אַרום . . . איצט איז שוין אָט די צאַרטע פרוי אויך נישט צווישן די לעבעדיקע. אַ סך האָט דאָ מסתמא צוגעהאָלפן אונטערגראָבן

איר געזונט, די שווערע צייט, דאָס שלעכטע לעבן. ווי זי האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט אין איר בריוו צו מיר היינ־טיקס יאָר:

„דאָס נאַרישע פּאַסקודנע לעבן פון 1942".

„נאָך איינער פון דער בעסערער מענטשהייט גייט אַוועק, ווען אַזויפיל אומגליק־ברענגער גייען אַרום געזונט. די נאַטור איז אַכזריותדיק אין איר בלינדקייט.

„כבוד איר אָנדענקען!"

אַט אַזוי איז יעדער בריוו, יעדע ידיעה, וואָס בעקערמאַן באַקומט, אַ שוואַרצע בשורה. אַ וואָך שפּעטער ציטירט ער אַ בריוו פון שולשטיינען, וואָס געפינט זיך נאָך אין פּאַריז. דאָרט דערוויסן מיר זיך, אַז די שרייבער יאָסל צוקער, חנה קאָוואַלסקאַ און ברוך ווינאגורא זענען אין לאַגער. בעקער־מאַן איז אינגאַנצן צעבראָכן. ער שרייבט:

„... אַ גאַנצן טאָג בין איך שוין אונטערן איינדרוק פון דאָזיקן בריוו. פון זיין „פּאַרזיכטיקייט" אַנטפּלעקט זיך פאַרט די גאַנצע טראַגיק פון די געציילטע פאַרבליבענע מאַרטירער, די מאראנען פון 1942, ווען יעדער טריט איז פאַרבונדן מיט סכנת נפשות.

„שולשטיינס דערמאָנען די זונטיקן ביי מיר אין שטוב אין פּאַריז מיט אַ יאָר צוריק, רופן ביי מיר אַרויס אַ באַ־זונדער ווייטיק. עס טוט ווי די צעשטערטע נעסט פון וואַרעמקייט פאַר אַלע אונדזערע חברים, מיין פרוי, וואָס פלעגט מיט ליבשאַפט אויפנעמען אַלעמען און באַזונדערס — שולשטיינען. איצט ווער ווייסט וואָס מיט איר איז געשען ?"

און ווי ער וואָלט פאַרגעפילט דאָס אומגליק, וואָס האָט שוין דאַן אויף אים אַליין געלויערט:

„איך שרייב דידאָזיקע שורות אין אומעטיקן ווינאַכט־טאָג, מיט אַ פאַרקלעמטע געמיט און איך וויל גאַרנישט טראַכטן, וואָס די נאָענטסטע צוקונפט גרייט צו פאַר מ י ר."

בעקערמאַן לעבט מיט זיינע קאָשמאַרן, מיט זיין טרויע־ריק, ביטער מזל. ער ליידט שרעקלעך, אָבער ער ברעכט זיך נישט אונטער דער לאַסט פון די אומגליקן. ער טרייסט די אַרומיקע יידן, אָרגאַניזירט זיי, גיסט אין זיי אַריין דעם באַלזאַם פון האָפענונג. אין דעם 11־טן באַנד — דעם לעצטן און נישט־פאַרענדיקטן — פון זיין טאָגבוך, הייבט ער אָן דעם ערשטן יאַנואַר 1943 מיט אַ באַשרייבונג פון אַ ניי־יאָר־פייערונג, וועלכע ער האָט איינגעאָרדנט, מיט אַ רייכן ליטעראַרישן פּראָגראַם. אַט זענען אייניקע שורות וועגן דעם־אָ מערקווירדיקן אָוונט פון פאַרוואָגלטע יידן, וועמענס היימען זענען צעבראָכן, וועמענס משפחות זענען צעשטערטע; געפלאָגטע יידן, אויף וועמען וועלפישע אויגן און וועלפישע ציין לויערן גיריק און וועלכע פילן, אַז יעדן טאָג, יעדע מינוט קען קומען זייער ריי פאַרצוקט צו ווערן... און דאָך —

„... זיך געלייגט אַרום 3 באַנאַכט, נאָכן פאַרענדיקן אונדזער ניי־יאָר־צוזאַמענקום.

„וואָכנלאַנג האָבן מיר זיך געגרייט צום אָוונט. אפילו באַ־קומען צוגעשיקט ליטעראַרישע מאַטעריאַלן פון וועוויאַרקען און דיאַמאַנטן פון ניס. אין די אויסטערלישע באַדינגונגען פון אונדזער „רעזידענץ"־לעבן איז עס דאָך געווען אַ שטיקל דיסטראַקציע פאַר אַ גרופּע יידן אויסצוהערן אַ געשריבן ליטעראַריש יידיש וואָרט. די שמחה איז געווען אַ קליינע ביי זלמנען אין שטוב. קוים אַ צענדליק נפשות האָבן מיר פאַרבראַכט די נאַכט ביי אַ גלעזל משקה און פאַרבייסן".

די טראַגישע רעאַלקייט רייסט זיך אָבער אַדורך אַפילו אין אַט די יום־טוב־מינוטן. בעקערמאַן דערציילט, ווי צו אַ יידישן פּליט אין זעלבן שטעטל, איז געקומען זיין ברו־דער אויף ניי־יאָר. און דער ברודער וויזט בעקערמאַנען דריי יידישע בריוו, וואָס זיין פרוי האָט אים אַרויסגע־שיקט פון לאַגער אין פּיטיוויע, איידער זי איז מיט איר 3־יאָריק קינד דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד:

„די בריוו האָט אַרויסגעבראַכט אַ באַקאַנטער זשאַנדאַר. אין די בריוו קלאָגט זיך די פרוי אויף דער שווערער לאַגע פון די מאַסן פרויען מיט קינדער, וואָס זענען צונויפגעג־קוועטשט אין די באַראַקן. די פרויען ליידן הונגער און די קינדער וויינען ווען מען רייסט זיי אָפּ פון זייערע מוטערס, וועלכע מען שיקט אַוועק פאַרטיעסווייז „אין אַן אומבאַקאַנ־טער ריכטונג". איך הער זיך איין אין די בריוו און עס גייט אויף פאַר מיר דאָס בילד פון די געשעענישן לעצטן זומער, דער קאַלטער נאַצי־פּאָגראָם אויפן יידישן פּאַריז".

און ווי בעקערמאַן וואָלט זיך פאַרענטפערט:

„... איך בין נישט שולדיק וואָס איך האָב אָנגעהויבן שרייבן וועגן דער יום-טובדיקער און בגילופנדיקייט נעכטן ביינאַכט און אַזוי נישט-ווילנדיק פאַרקראָכן צו טרויעריקע יידישע בריוו פון מאַרטירער. די רעאַליטעט איז שטאַרקער ווי איך. איך קען אויך גאַרנישט העלפן, וואָס אין אָוונט, זיצנדיק טאָקע ביים זעלבן בוקי אין אַ טומלדיקער געזעל־שאַפט, רעדנדיק און טומלענדיק אויך אין באַגלייטונג פון אַ גלעזל משקה, האָב איך שוין בשום אופן נישט געפילט די אילוזיע פון פאַרגעסן זיך. פאַר מיר האָט ווידער אויפגע-טויכט דער געדאַנק וועגן מיין זון, וועמענס גורל איז פאַר מיר אויפסניי אומבאַקאַנט און האָב דערוויל פאַרלוירן יעדן קאָנטאַקט. אין האַרצן האָט זיך אויפסניי דערוועקט דער פאַרשטאַרקטער אומעט און דאָס לעבן איז ווידער דערשינען מיט זיין נאַקעטער עקלהאַפטער זינלאָזיקייט".

דער סאָוויעטישער נצחון ביי סטאַלינגראַד רופט אַרויס פיל פרייד און האָפענונגען אין יענע טעג. אין אַ בריוו צו בעקערמאַנען דריקט וו. וועוויאַרקע אויס די איבערצייגונג, אַז די מלחמה וועט זיך גיך ענדיקן. בעקערמאַן ווייזט אָבער אויך דאָ אַרויס זיין קלאָרזעעוודיקייט. ווי נביאיש קלינגען איצט זיינע ווערטער:

„...אוודאי איז נענטער ווי ווייטער, וועגן דעם וועט קיי־
נער נישט צווייפלען. אָבער מיין „פּעסימיזם" דערלאָזט מיר
פאַרט נישט גלייבן, אַז היטלערס אַרמייען האַלטן שוין ביי
יציאת נשמה.

„איך וויל בשום־אופן נישט אויסשליסן כלערליי „סיור־
פּריזן", וואָס זענען מעגלעך, נאָר רעכענען, אויסשטעלן
אויף „סיורפּריזן" — דאָס נישט. דערפאַר, גייענדיק מיטן
„גלייכן וועג", וועט עס נאָך דויערן. ווייל איך שטעל אַב־
סאָלוט נישט אויס אויף די „ים־לייבן", וואָס זענען גרויסע
ספּעציאַליסטן אויף... קאָנפערענצן. איך רעכן בלויז אויף
דעם פאָלק און מיליטער־פירונג, וואָס האָט פיינט פאַראַדן,
נאָר האַלט פון שלאָגן דעם שונא. אַ פאָלק, וואָס שוין באַלד
2 יאָר צייט האָט עס דעם שונא נישט געגעבן קיין איין
שעה פויזע, נישט זומער און נישט ווינטער... אויף דעם
פאָלק איז אויסגעפאַלן דער היסטאָרישער גורל (ס'איז דאָ
אַ גאָט אין דער געשיכטע) צו טון אַליין דאָס שטיקל אַר־
בעט, אָפּצורייניקן די וועלט פון דער שרעקלעכער פּעסט,
וואָס וויל אומברענגען די מענטשהייט און ספּעציעל דאָס
יידישע פאָלק. נאָר מיט דעם פאַקט רעכן איך זיך ביים רע־
גולירן דעם חשבון און דערפאַר מוז עס געדויערן לענגער.
איך ווייס, איר וועט מיר זאָגן: די „שותפים" וועלן נישט
פאַרשפּעטיקן צו קומען... אוודאי וועלן זיי נישט פאַרשפּע־
טיקן! ווען ס'וועט האַלטן ביים עלינו לשבח. דער בריטישער
לייב האָט מזל, וואָס אַנדערע ווערן פאַר אים געהרגעט, ווען
נישט, וואָלט פון לייב געוואָרן אַ קאַץ. נאָר פאַרפאַלן!
„זיי" וועלן אָבער פאַרט קומען אַלס „רעטער" און שריי־
ען: „מי פּאַכאַלי". זיי וועלן קומען „מאַכן אָרדענונג". נאָר
גאָרנישט. לאָמיר שוין האַלטן ביי דעם. דאָס וויכטיקסטע
ביים איצטיקן מאָמענט איז: שלאָגן דעם שונא!"

דער 16־טער פעברואַר 1943 — אַ פרישער קלאַפּ פאַר
בעקערמאַנען: ער דערוווסט זיך וועגן דער דעפּאָרטאַציע
פון זיין זון. מיט וויפל צער זענען געשריבן די ווייטערדיקע
שורות פון אַ פאָטער, וואָס ווייסט, אַז זיין איינציקער זון
ווערט געפירט צו דער שחיטה און אַז ער קען אים מיט גאָר־
נישט העלפן:

„...און אָט איז מיין זונס געזעגענונגס־קאַרטל, וואָס איז
אונדז היינט אָנגעקומען מיט סטעמפּלען פון דער צענזור
אין דראַנסי, געשריבן אין איילעניש און רייזע־פיבער, מיט
בלייפעדער עטלעכע שורות:

„דראַנסי, דעם 3־טן פעברואַר, 1943.

„טייערער טאַטע!

„איך האָב דיר צו מעלדן, אַז איך פאָר אָפּ מאָרגן אין אַן
אומבאַקאַנטער ריכטונג. דו קענסט זיין רואיק, אַז איך האָב
מוט און אַ גוטע מאָראַל. איך בין זיכער, אַז דו אויך און
אַז מיר וועלן זיך איינגיכן זען. איך ענדיק, דיר קושנדיק
שטאַרק.

דיין זון פּרץ".

„לסוף איז דאָ אַ שורה מיט דריי מאָל:

„קוראַזש! קוראַזש! קוראַזש!

„...די דאָזיקע דריי אויסגעשרייען זענען מסתמא כדי צו
פאַרטויבן דעם ווייטיק, וואָס ער האָט געוווסט, אַז ער וועט
מיר פאַרשאַפן... ס'איז אפשר אויך צו פאַרטויבן זיין אייגן
אומגליק, טראָץ זיין איבערגעחזרטן „מוט".

„היינט איז שוין דער ווייטיק אַ מער פאַרשטיקטער אין
זיך. נישטאָ מער קיין טרערן. דאָס אומגליק איז שוין נישט
געקומען אומגעריכט. אַ פאַטאַליזם, אַן אומפאַרמיידלעכ־
קייט, זינט מיין זון איז אַריין אין זייער נעץ. איך האָב זיך
קיינמאָל נישט געגלייבט פאַרוויגן מיט מיין זונס איינרעדענישן
און טרייסט־ווערטער, אַז — „מען וועט נישט מעגן דע־
פאַרטירן". איך ווייס, אַז פון זייערע הענט קען מען זיך
נישט אַרויסדרייען.

„...יידן ציטערן, ווייל עס רוקט אָן דער פרילינג. פאַר
יידן טויג נישט דער פרילינג. אמת, עס טויג אויך נישט
דער ווינטער און נישט דער זומער. פאַר יידן טויג אינגאַנצן
נישט, וואָס זיי לעבן אויף דער וועלט. פרילינג איז גוט
פאַר פאַרליבטע פאָרלעך און — פּאָעטן, אָבער נישט פאַר
קיין יידישע...

„איך לעב היינט איבער איינעם פון די שווערע טעג, ווען
איך באַקום מאָראַלישע קלעפּ. אַ צעמישונג אין געדאַנק,
שווער זיך צו קאָנצענטרירן. איך לייען די בריוו, וואָס זענען
היינט אָנגעקומען און באַנעם, דאַכט זיך, גאָרנישט. מיטאָמאָל,
עפּעס אַזאַ פוסטקייט אויף דער נשמה. עפּעס אַזאַ זינלאָזי־
קייט אַרום זיך"...

עס רוקן זיך אָן די לעצטע טעג בעקערמאַנס, וואָס פילט,
אַז עס ווערט אַלץ ענגער אַרום אים. עס גייען אַרום אַלץ
שוואַרצערע קלאַנגען, אַז מען גייט נעמען דאָס רעשט ביסל
יידן אין די לאַגערן אַריין. שוין נישט פאַראַן ווו צו לויפן
און זיך אויסבאַהאַלטן. בעקערמאַן בלייבט דאָך רואיק. ער
טרייסט די אַרומיקע, כאָטש ער זעט קלאָר, וואָס עס גרייט
זיך.

און אָט איז דער 22־טער פעברואַר 1943. דער לעצטער
טאָג בעקערמאַנס אויף דער פריי. ער פאַרצייכנט, אַז יידן
לויפן אַרום אין שרעק. „די מורא פאַרן לאַגער איז זייער
גרויס. די ישועה וואָלט שוין געמעגט קומען". יידן פרווון
זיך צערן, זוכן סערטיפיקאַטן פון דאָקטוירים. ער שרייבט
וועגן זיין שכן זלמן גאַנדווערג, וואָס איז שפּעטער מיט אים
צוזאַמען אינטערנירט געוואָרן:

„איך האָב געהאָט אַ שווערע אַרבעט מיט זלמנען אים אײַ־
בערצוצייגן, אַז ער טרייבט איבער אין זיין שרעק, אַז דאָס,
וואָס ווערט פאַר אונדז צוגעגרייט איז אומאָפּהענגיק פון דעם
יאָ, אָדער נישט פאַרלייכטערן די ליניע... זלמן בלייבט אַלץ
אַ צעשראָקענער..."

עס קומט דאָן אַ שורה מיט ברייטע שטריכן. די צווייטע
העלפט פון זייט 200 איז ליידיק און די ווייטערדיקע בלעט־

לעך זענען ווייס־לײדיק. מיר בליקן אויף די ווייסע בלעטלעך און עס דאַכט זיך אויס, ווי זיי קוקן אונדז אָן תמימותדיק פאַרוווּנדערט פון זייער לײדיקייט און ווי זיי וואָלטן נאָך אַלץ געוואַרט אויף דער פעדער פון זייער באַלעבאָס, וואָס זאָל איבער זיי לויפן פון רעכטס אויף לינקס און זיי באַדעקן מיט אָט די גרויסע קײלעכדיקע אותיות, וואָס זאָלן שרייען, וואָס זאָלן וועקן, וואָס זאָלן מאָנען...

.6

בעקערמאַנס טאָג־בוך האָט זיך נאָכגעשט אָפּגעשטעלט אויף זייט 200. אין טאָג פון זיין אַרעסט, דעם 23־טן פעברואַר, שיקט ער אַרויס אַ בריוו קיין עקאיע, צו זיינער אַ באַקאַנטער, חנטשע גאַנדווערג די פרוי פון זלמנען.

דער בריוו הייבט זיך אָן מיט די ווערטער :

„דואדיק, דינסטיק דעם 23־טן פעברואַר 1943, 9 אָוונט.

„אַ בלעטל געשיכטע אין מיין בוך האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ מיש־איבער, מ־ט איינמאָל איז געשען דאָס, אויף וועלכן מען ריכט זיך שוין אַזוי לאַנג.

„איך געפין זיך אין לאַגער דואדיק”.. .

און דאָ קומט די באַשרייבונג פון זיין אַרעסט, צוזאַמען מיט דעם פון פיל יידן אין דאָרף און אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער.

דעם 25־טן שרייבט ער פון נעקסאָן :

„איך נוץ אויס יעדע מעגלעכע געלעגנהייט אייך צו שרייבן. איך וויל האָפן, אַז עפּעס פון מיין שרייבן וועט צו אייך אָנקומען.

„איך וועל אייך בלויז זאָגן, אַז דאָסמאָל וועל איך פון זייערע הענט נישט אַרויס. איך וועל זיך איינגיכן זען מיט מיין זון. זעט, טייערע, איר זאָלט אויסמיידן דעם גורל.

„....איך שרייב נישט מער מיין טאָג־בוך, ווייל ס'איז נישט מעגלעך אין די באַדינגונגען”.

פאַקטיש זענען אָבער אויך די ווייטערדיקע בריוו געשריבן אַזוי, אַז זיי זענען מער ווי געוויינלעכע בריוו; זיי זענען מערקווירדיקע דאָקומענטן און בילדן די ווערטפולסטע בלעטלעך אין בעקערמאַנס טאָג־בוך. דעם 26־טן פעברואַר, 2 בייטאָג שרייבט ער פון מאָנטרעזאָ :

„שוין דעם 4-טן טאָג, ווי אונדזער קאַראַוואַן שלעפּט זיך. מיר געפינען זיך איצט אין דער פירענעען-געגנט, פאַר טאַרב. מיר דערנענטערן זיך פאַמעלעך צו אונזער ציל: גירס. די שטימונג איז ביים גרעסטן טייל פון אונדז אַ גאַנץ גוטע, נישט געקוקט אויף די שווערע פּראָבעס, וואָס מיר האָבן שוין דורכגעמאַכט מיט צוויי לאַגערן און בײדע ערשטע נעכט. ס'זענען געווען מוסטערן פון דעם, וואָס עס קומט: שרעקלעכע שמוץ, עסן, וואָס מען קען אין מויל נישט נעמען. פאַרזשאַווערטע בלעכערנע כלים. ברוטאַלע באַהאַנדלונג און באַוואַכונג אין די באַראַקן, ווי אויפן לאַנגן וועג, ווי נאָר מען באַוואַכט די גרעסטע באַנדיטן. דאָס אַלץ גיט דאָס פאַרבילד פון דעם, וואָס עס גרייט זיך פאַר אונדז. אָבער די מאָראַל בלייבט גוט.

„טענהנדיק מיט איינעם פון די שומרים, וואָס זיצט לעבן מיר, זאָג איך אים :

„זיי וועט זיך נישט איינגעבן אונדז צו דעמאָראַליזירן. זיי קענען אונדז בלויז פייניקן”.

„אַזוי איז עס. איך פאַרשטיי איצט אויסגעצייכנט מיין זונס ווערטער פון טרייסטן מיך מיט אַ גוטער מאָראַל. איך זאָג אייך, חנטשע, אַז יידן זענען אַ וווּנדערבאַר פאָלק. איך האָב נחת פון זיי, אַ חוץ פון איייניקע אויסנאַמען”.

ווי רואיק, ווי שטאָלץ בעקערמאַן גייט אַנטקעגן דעם טויט און מ־ט וויפל אידלקייט און ליבע ער רעדט וועגן זיינע ברידער, די מיט אים פאַראורטיילטע !

און ווייטער קומט דער לעצטער פאַרלאַנג פון בעקערמאַנען :

„ . . . איך ווייס נישט, אויב איך וועל נאָך האָבן פון אייך ענטפער. נאָר אין אַלע פאַלן, אויב אונדזערע וועגן צעגייען זיך און איר בלייבט איבער, איז נייטיק צו זאָגן, אַז ס'איז מיין איינציקער באַגער אויב איר וועט הערן, אַז איך בין נישטאָ — צו ראַטעווען מיינע שריפטן... איר וועט זיי איבערגעבן יידישע שרייבער”.

די פרוי גאַנדווערג צו וועלכער דער בריוו איז געשריבן, האָט בעקערמאַנס צוואה הייליק אויסגעפירט. זי האָט געמאַכט די גרעסטע באַמיאונגען אָפּצוגעפינען זיינע כתבים און דער גרעסטער טייל פון די אָפּגעזוכטע שריפטן זענען אַדאַנק איר געראַטעוועט געוואָרן.

איצט ליגט אַ הייליקער חוב אויף די יידישע שרייבער, ווי אויף דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אַרויסצוגעבן בעקערמאַנס ווערק, און קודם־כל זיינע טאָג־ביכער.

אין אַ בריוו פון 1־טן מערץ פון באַוווסטן לאַגער גירס שילדערט בעקערמאַן דאָס לעבן דאָרט. ער דערציילט וועגן אַ מוזיקאַלישן קאָנצערט, וועלכן עס האָבן דאָרט אַדורכגעפירט יידישע אַרטיסטן, צווישן זיי „אַ באַרימטער אַרטיסט פון דעם העברעישן הבימה־טעאַטער”. באַזונדערס האָט אים געריירט איין נומער „וואָס האָט געשילדערט סימבאָליש דעם אייביקן יידישן גלות איבער אַלע פינצטערע עפּאָכעס פון אונדזער מאַרטירער־געשיכטע, דער טראַגישער ליידנס־וועג פון אונדזער פאָלק. אָבער דער אויספיר איז געווען אַן אָפּטימיסטישער. אומנייטיק צו זאָגן, אַז איך בין געווען פול מיט טרערן. מיר האָט שרעקלעך פאַרקלעמט דאָס האַרץ, צוזעענדיק ווי אַ סך פון אונדזערע יידן וויינען”.

„....מיר פעלט אויס ווערטער — שרייבט ער ווייטער — דאָס אַלץ צו שילדערן, ווען איר קענט אַרומנעמען מיטן געדאַנק און געפיל די ליידן פון אַ קאָלעקטיוו, וואָס לייטערט זיך אין אומגליק, נישט ווייסנדיק פאַרוואָס, נישט באַנעמענדיק אפשר די ראָל, וואָס די געשיכטע צווינגט אים צו שפּילן”.

צומאָרגנס ווערט בעקערמאַן אָפּגעשיקט קיין דראַנסי, לעבן פּאַריז. פון דאָרט שיקט ער אָפּ איינציקע בריוו, פון וועלכע איינער איז אָנגעקומען. דאָרט ווערט באַשריבן דאָס טראַגישע לעבן פון די פאַרמשפּטע יידן אין דאָזיקן לאַגער, וואָס איז דאָס פּאָדערצימער צום אוישוויצער גהינום.

און אָט איז דער לעצטער בריוו בעקערמאַנס, געשריבן און אַרויסגעוואָרפן ביי דער פראַנצויזיש־דייטשער גרענעץ:

„אין צוג, שבת דעם 6־טן מערץ 1943, 11 פרי.

„נאָר וואָס האָב איך דורכן פענצטער אַרויסגעוואָרפן מיין נעכטיקן בריוו פון דראַנסי.

„איך האָב געזען ווי אַ יינגעלע הייבט אים אויף און גיט אים זיין מוטער, וואָס גריסט צו מיר מיט דער האַנט. איך האָף דעריבער, אַז דער בריוו וועט אייך אָנקומען. איז מיר געוואָרן אַביסל גרינגער אויפן האַרצן, ווייל וואָס מער מיר דערווייטערן זיך צו די גרענעצן פון אונדזערע פייניקער, אַלץ שווערער איז אויפן האַרצן. ס'איז דער אומעט, וואָס פרעסט, ווען מען זעט אַרום זיך אַזויפיל ווילדקייט און בייז...

„פּאַרטאָג, אַרום 4 אַזייגער האָט מען אונדז אויפגעוועקט אינעם שרעקלעכן שמוץ, אין וועלכן מען איז געלעגן ווי בהמות אין שטאַלן, געטריבן אין אויטאָקאַרן, צו דער באַן. און ווי חיות פאַרפּאַקט צו 50 מענטשן אין אַ וואַגאַן, צו־טיילנדיק יעדן איינעם אנדערטהאַלבן קילאָ ברויט אויף 3 טעג. דאָס באַווייזט, אַז מיר פאָרן טאַקע ווייטער ווי מעץ, מעגלעך קיין פּוילן. קיינער פון אונדז מאַכט זיך נישט קיין אילוזיעס וועגן דעם, וואָס אונדז דערוואַרט. מען קען זיך ריכטן אויפן ערגסטן. אָבער די, וואָס קענען אַרבעטן, וועלן אפשר אויסהאַלטן.

„לעבן מיר אין וואַגאַן זיצט אַ ייד פון 71 יאָר, פון פּאַ־ריז, גענומען מיט אַ חודש צוריק. ער דערציילט מיר שרעק־לעכע זאַכן. ס'איז בכלל איצט שווער זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון פון דער טראַגעדיע אונדזערע, כ'מיין פון אַלע יידן, פון דעם אומבאַשרייבלעכן פאַרברעכן לגבי אונדז.

„ . . . די יידן רעדן אין מיר אַריין און דערציילן שוידער־לעכע זאַכן. דער צוג לויפט, אַז איך קען נישט שרייבן.

„ס'איז קאַלט. אַ כמורנער טאָג מיט אַ בלייערנעם הימל קוקט אַריין אין אונדזער אומגליקס־וואַגאַן, ווו פופציק מענטשן שטיקן זיך אָן לופט און אין עיפוש, אין שמוץ. דאָס ווירקט אויפן געמיט, און איך טראַכט וועגן מיין היינ־טיקן לעצטן טאָג אין פראַנקרייך. 17 יאָר מיט אַ וואָך זינט כ'בין דאָ. מאָרגן וועל איך שוין נישט זיין אין פראַנקרייך.

„איך מאַך איצט מיין לעצטן חשבון הנפש וועגן אַלע עטאַפּן אין מיין לעבן אין פּאַריז, וועגן אַלע מיינע האָפע־נונגען, חלומות און דערגרייכונגען, וועגן דעם ווי גייסטיק גענומען שטיי איך אין פולער אַנטוויקלונג און אין דער־וואַרטונג אויף אַ שיינער צוקונפט. וואָס וועט איצט ווערן פון אַלע מיינע דערגרייכונגען און אַרבעטן? וועל איך אי־בערלעבן?...

„דער צוג רירט ווידער. איך טראַכט וועגן לעצטן פּעריאָד אין מיין לעבן. דער אַלגעמיינער חורבן אונדזערער, מיין עקשנותדיקע אַרבעט פאַר דער צוקונפט, מיין פּערזענלעכער חורבן, וואָס האָט מיך אָבער נישט באַוויזן איינצוברעכן.

„ניין, איך בין דערווייל נישט איינגעבראָכן, און איך האָף עס נישט צו זיין ביזן סוף.

„איך ענדיק, ווייל איך וויל נאָך אַרויסוואַרפן דעם בריוו, איידער עס פאַלט צו די נאַכט.

„...איך ווינטש אייך אַ סך גליק.

„פון צייט צו צייט גיט אַ טראַכט וועגן מיר.

„אַדיע

„א. ב.״

דער „אומגליקס-צוג״ האָט בעקערמאַנען מיט די אַנדערע קדושים אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ. קיינער פון די געצייל־טע צוריקגעקומענע פון דאָרט האָט אים קיינמאָל נישט געזען, נישט אים און נישט קיין איינעם פון דאָזיקן צוג. זיי זאָלן האָבן גלייך ביים אָנקום קיין אוישוויץ אַוועקגעפירט געוואָרן אין גאַז־קאַמער. בעקערמאַן האָט אפילו נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו זען זיין זון — דער ערשטער געדאַנק זיינער בעת ער איז אַרעסטירט געוואָרן...

אהרן בעקערמאַן... איך לייען שוין צום אומצאָליקסטן מאָל דיין לעצטן בריוו, און די אותיות פון בריוו נעמען זיך באַוועגן, באַקומען כלערליי קאָלירן. שוואַרץ, וויאָלעט, רויט... ווי שטיקער פייער נעמען זיי מיך אַרום. קלאַמערן, שטיקן, פילן מיך אינגאַנצן אָן, נעמען ברענען אין מיר, און אַלץ אין מיר זידט:

נקמה!

נקמה פאַר דיר, טייערער אהרן בעקערמאַן!

נקמה פאַר די מיליאָנען קדושים אונדזערע, נקמה פאַר די פרויען און קראַנקע, פאַר די זקנים און קינדער.

נקמה אין די, וואָס האָבן באַשאַפן אוישוויץ און נקמה אין די, וואָס ווילן באַנייען אוישוויץ.

זאָל דאָס דאָזיקע הייליקע פייער פון אונדז זיך נישט אָפּטון, ווילאַנג דער ליכטיקער חלום דיינער, בעקערמאַן — וועלכן האָסט געטראָגן אין קרישטאָל־ריינעם האַרץ דיינעם, ביז דער גאַז פון היטלער־קאַמער האָט עס נישט דערשטיקט — ווילאַנג אָט דער ליכטיקער חלום דיינער וועט דורך אונדז נישט פאַר־ווירקלעכט ווערן.

# פון אהרן בעקערמאנס שריפטן

## פונעם בוך : „ א לעבן גייט אויף ״

### קאַפּיטל איינס

### דער פאָדעם ווערט איינגעפעדעמט

דאָס שטעטל ביאַלע פּאָדלאַסקע, וואָס ליגט אויפן רעכטן ברעג פון טייך בוג, צווישן שעדלעץ און בריסק, האָט ביים אָנהייב פון אונדזער געבענטשטן יאָרהונדערט, ווען די זכרונות הייבן זיך אָן, מיט גאָרנישט זיך אונטערגעשיידט פון אַנדערע פּויליש־יידישע שטעטלעך : אַ סך יידן און ווייניק גוים. ווייל גוים זוינען געוויינלעך אין די אַרומיקע דערפער און קומען בלויז אין שטעטל אַריין אין אַ יאַריד־טאָג צו פאַרקויפן זייער ביסל קאָרן, אַ קערץ קאַרטאָפל, אַ פּאָר הינער און דערפאַר איינקויפן שטעטלדיקע אַרטיקלען.

ווי אַ סך שטעטלעך, פאַרמאָגט ביאַלע בלאָטיקע געסלעך, וואָס טרוקענען אויס נאָר זומער אין די גרויסע היצן. פאַראַן גענוג שטעטלדיקע אָרעמעלייט, וואָס זענען מקנא די עטלעכע שטעטלדיקע גבירים, מיליאָנשטשיקעס, פאַר ווּעמען מען האָט פונדעסטוועגן דרך־ארץ.

פאַראַן אין שטעטל אַ רוסישע צערקווע מיט אַ פּוילישן קאָשטשיאָל, אַ שול מיט אַ בית־מדרש, וואָס שטייען איינס לעבן צווייטן. נישט מער, אין שול דאַווענען די פיינע באַלעבאַטים און אין בית־מדרש — דאָס פּראָסטע פאָלק. און אין ביידע טרעפט מען זיך יעדן שבת און יום־טוב ביים דאַווענען, שמועסט מען פּאָליטיק צווישן מנחה און מעריב.

ווינטער איז דאָס שטעטל פאַרזונקען אין בלאָטע און אין קעלט. זומער שפּאַצירט יונגוואַרג אין מאַרק אויפן ברייטן טראָטואַר, ביים מאַגיסטראַט, אָדער — אין מאַרק־סעדל. שבת נאָכן עסן לאָזט מען זיך שפּאַצירן הינטערן שטעטל, אויפן מעזריטשער שאָסיי, נאָר דאָ געפינען זיך פריצישע פאַרקן מיט פּאַלאַצן. בייזע הינט דערשמעקן אַ פרעמדן פון ווייט, וואַרטן נישט ביז מען וועט זיי אָנרייצן אויפן פאַרבייגייער. מיט רציחה וואַרפן זיי זיך אויפן פרעמדן, שינדן אָפּ די מלבושים, אויב מען באַווייזט זיך נישט אָפּצוטראָגן.

אין דער צווייטער זייט, אויפן בריסקער שאָסיי, איז דער וועג נישט אַזוי געפערלעך. ער איז נאָר אַביסל שרעקעוודיק, ווען עס קומט אויס פאַרבייצוגיין דעם אַלטן יידישן בית־עולם, וואָס איז שוין לאַנג פול ; באַגראָבן באַגראָבט מען שוין לאַנג אויפן נייעם גרויסן בית־עולם.

אין ביאַלע פעלן נישט קיין מערקווירדיקייטן : שטאָט־משוגעים, בעטלער, גנבים, מוסרים און סתם ווילע יונגען, אָן וועלכע אַ שטעטל איז קיין שטעטל נישט. נאָר די באַזונדערע טיפן האָבן זיך ווייניק איינגעקריצט אין מיין זכרון פאַרן ערשטן צענדליק יאָר פון מיין לעבן, וואָס איז פאַרפלאָסן אין שטעטל.

בכלל גענומען זענען די פעדעם, וואָס האָבן מיך פאַרבונדן מיטן שטעטל, גיך איבערגעריסן געוואָרן, פון יענעם מאָמענט הייסט עס, ווען דער גורל האָט מיך צו צען יאָר איבערגעפלאַנצט אין דער גרויסער שטאָט — דער ערשטער עטאַפּ אין דער ברייטער וועלט אַריין — ווו דאָס לעבן פאָרמירט זיך אויף אַ גאָר אַנדערן שטייגער ווי אין שטעטל, ווו אַלץ באַקומט אַן אַנדערע פאַרב און פאָרם.

פונדעסטוועגן, אַביסל זכרונות פון מיינע ערשטע צען יאָר אין שטעטל האָבן זיך דאָך אָפּגעזעצט אין זכרון.

מיינע ערשטע לעבנס־טריט איז מיר גאָך באַשערט געווען צו שטעלן ביים סוף פון גליקלעכן 19־טן יאָרהונדערט אין יאָר 1897. דער ערשטער געדאַנקען־פאָדעם פאַר זכרונות איז שוין פאַרבונדן מיטן אָנהייב פון נייעם יאָרהונדערט.

דער ערשטער אָנשפּאַר פון געדאַנק איז אויף אַ קראַנקן טאַטן, אַ שוסטער, וואָס איז פון „פאָניען״ צוריקגעקומען, נאָך קנאַפּע פיר יאָר דינסט, אַ צעבראָכענער און איז צוגעקאַייַט געוואָרן צום קראַנקן־בעט ; און אַ מאַמע מיט קליינע קינדער, און אַ באָבע מיט אַ זיידן, וואָס האָבן געקלאָגט אויפן מזל פון זייער טאָכטער, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו אַ „זדעכליאַק״, וואָס קען נישט מפרנס זיין ווייב און קינדער.

אין יענע ערשטע לעבנס־יאָרן איז זיך שווער געווען פונאַנדערצוקלייבן אינעם פלאָנטער מיטן טאַטן : דאַכט זיך אַ טאַטע ווי אַלע טאַטעס און — דאָך נישט דאָס. אַלע יינגלעך גייען מיט זייערע טאַטעס אין שול אַריין, זייערע טאַטעס זענען שטענדיק אין שטוב געזונט, פאַרדינען אויף צו עסן און די מאַמעס דאַרפן זיך נישט ברעכן דעם קאָפּ : ווו נעמט מען ברויט פאַר די קינדער. נאָר מיין טאַטע איז עפּעס אַנדערש. אָדער ער ליגט ערגעץ אין אַ פרעמדער שטאָט אין שפּיטאָל, אָדער ער ליגט צו בעט אין שטוב, וואָס איז נאָך ערגער.

ס׳איז טאַקע נישט גוט צו האָבן אַ קראַנקן טאַטן, ווייל אַז דער טאַטע ליגט אין שטוב און שפּייט און מען מוז אים באַדינען, קען ער נישט אַרבעטן ; זענען די דריי קינדער, איך, אַן עלטערער ברודער, שוין אַ חדר־יינגל, און אַ פּיצעלע שוועסטערל — שטענדיק הונגעריק, מאָנען דער מאַמען עסן און די מאַמע, נישט קענענדיק פאַרדינען, איז שטענדיק פאַרזאָרגט און פאַרוויינט. מוז זי אין די צייטן, ווען דער טאַטע ליגט אין

מעזריטשער שפּיטאָל, איבערלאָזן די קינדער ביי דער באַ־
בען און אַליין זיך לאָזן זוכן חיונה פֿאַר די קינדער.

חיונה זוכט די מאַמע אָדער אין דער ווייטער שטאָט בריסק אַלס דינסט ביי פיינע לייט, אָדער — וואָס דאָס איז שוין בעסער — אין שטעטל גופא, אין רבינס הויף.

דאָ, אין רבינס הויף, איז די מאַמע צוערשט אַן אַם ביים רבינס זונדל און דערנאָך העלפט זי צו אין דער גרויסער הויפישער קיך, ווו מען קאָכט און מען באַקט שטענדיק פאַר אַ סך חסידים, וואָס קומען צום רבין אויף שבת און יום־טוב.

די זכרונות פון רבינס הויף זענען נישט אַזעלכע שלעכטע. זיי זענען פאַרבונדן מער־ווייניק מיט זאַטע צייטן. ווייל אין רבינס הויף ווייסט מען שוין גאַרנישט פון קיין הונגער. וואָלט נאָר די מאַמע אָפּטער מיטגענומען אין הויף אַריין, וואָלט שוין רעכט געווען צו כאַפּן אַלעמאָל עפּעס אַ נאַש צווישן די ווייבער, וואָס פאַרען זיך פאַרשוויצטע אין קיך ביי די טעפּ און אויוונס. נישט מער, זעלטן נעמט די מאַמע מיט אין „הויף" אַריין. און די מאַמע — זי האָט ווייניק צייט צו קומען צו די קינדער. דער הויף איז ווייט, אין עק שטעטל, און זי האָרעוועט שווער, די מאַמע. מוז איך זיך שוין צופרידנשטעלן מיט דער באָבען, ווייל די באָבע גיט יעדן פרימאָרגן אַ גראָשן אַלס צולאָג צום שטיקל ברויט, אָדער בייגל מיט פּוטער ,און פירט אין חדר אַריין, אין דער שטעטלדיקער תלמוד־תורה. שלעכט איז נאָר מיט דער קליינער שוועסטער, וואָס איז נאָך קיין צוויי יאָר נישט אַלט. די קליינע בענקט שטאַרק נאָך דער מאַמען. גאַנצע נעכט וויינט זי, שרייט און לאָזט נישט שלאָפן אַפילו די שכנים. עס העלפט נישט קיין וויגן און איינשטילן מיטן צוזאָג, אַז אָט־אָט קומט די מאַמע. ניין, שוין זאָל די מאַמע קומען. חזרט זיך אַזוי איבער יעדע נאַכט דאָס געוויין און קיינער קען דאָס קינד נישט איינשטילן, חוץ דער זיידע מיט זיינע לידעלעך. איז ער אָבער אַ גאַנצע וואָך נישטאָ אין דער היים, דער זיידע. ער איז אַ מוליער, פאַריכט אויוונס און קוימענס ביי די פויערים, וואַנדערט ער אַרום אַ גאַנצע וואָך איבער די דערפער זוכן אַ גילדן צו פאַרדינען. נאָר פרייטיק פאַר ליכט צינדן קומט ער אַהיים, כאַפּט זיך אויפגיך אַריין אין מרחץ, נעמט מיך אַן ביים הענטל און לאָזט זיך אין בית־מדרש אַריין צום פרייטיק־צונאַכטיקן דאַווענען.

דערנאָך זיצט מען ביים שבתדיקן טיש, מיט די ליכט, וואָס די באָבע האָט געבענטשט, מען עסט די שבתדיקע מאכלים, וואָס באַשטייען אויף פון חלה מיט פלייש. אַ גאַנצע וואָך עסן פלייש נאָר די גבירים. דער זיידע באַמקעט אונטער זמירות, וואָס איך פרוו אונטערצוכאַפּן. נאָר דער זיידע איז מיד פון אַ גאַנצער וואָך אַרבעט, ווערט ער אַזוי פאַמעלעך איינגעדרעמלט ביים טיש.

שלאָפן שלאָפט דער זיידע נישט אין קיין בעט ווי אַלע מענטשן, דערפאַר ווייל די שטוב איז לאַנג און שמאָל און האָט נאָר צוויי בעטן, שלאָפט איין אין בעט די באָבע און אין דער צווייטער — דער באָבעס דריטע טאָכטער חנה־גישע, נאָך אַ מיידל, אַ ייִנגערע פון מיין מאַמען. לעבן די בעטן שטייט פון איין זייט אַ האַלב־קיילעכדיקער קופערט, ווו עס ליגן איינגענאַפטאַלירט די שבתדיקע מלבושים. אויף דעם קופערט שלאָף איך אויסגעבעט אויף שמאַטעס. דערלעבן שטייט דער טיש און דאָס וויגל, ווו די קליינע שפרהלע שלאָפט.

האָט אָבער די לאַנגע און שמאָלע שטוב אַ מעלה, וואָס זי איז זייער הויך. איז האַרט אונטערן סופיט פאַראַן אַ מין טאַפּטשאַך, צו וועלכן עס פירט אַ הויכע לייטער. דאָרט איז אַפילו שטענדיק צו הייס און דומפּיק. נאָר דער זיידע שלאָפט דאָרט פונדעסטוועגן געשמאַק. ווי אַזוי זאָל אָבער דער זיידע שלאָפן רואיק, אַז די קליינע שפרה וויינט אַזוי יאָמערלעך, אַז איך אַליין קען אויך נישט שלאָפן פון אירע קולות ; דריי איך זיך אויפן האַרטן געלעגער און וויין אַזוי אין דער שטיל אַריין, אַז קיינער זאָל נישט הערן... ס'איז דאָך נישט שיין, אַז אַ זעקסיאָריקער בחור זאָל וויינען אויפן הויכן קול ווי אַ פּיצל קינד. נאָר וואָס זאָל איך טון, אַז דעם שוועסטערלס געשריי רייסט אַרויס מיין גאַנצע בענקשאַפט נאָך דער מאַמען. נאָר אָט וויגט זיך די הויכע לייטער. דער זיידע גייט פאַמעלעך און פאַרשלאָפן אַראָפּ פון געלעגער. ער שטעלט זיך לעבן וויגל. זיין לאַנגע, דאַרע פיגור שאָקלט זיך מיט צום טאַקט פון וויגל, שאָקלט און זינגט בשעת־מעשה אַ לידעלע, וואָס די קליינע האָט ליב. זי שלאָפט אַ ווײַלע איין, ווערט אַנטשוויגן. נאָר שטעלט זיך אויף אַ רגע אָפּ דאָס וויגן — אהא! דאָס געוויין ברעכט אויס פונדאַסניי.

בייטאָג איז שוין בעסער. דער זיידע טראָגט זיך אַרום מיט דער קליינער אויף די הענט. זי האָט זייער ליב, ווען דער זיידע זינגט זיין לידעלע :

שיין מיידעלע האָדעס,
וואָס־זשע גייסטו באָרוועס ?
שיכעלעך זענען טייער,
זעקעלעך — אַ דרייער.

דאָס איז אָבער נאָר איין טאָג שבת, ווען אין שטוב איז פריילעך און די קליינע וויינט נישט. אַ גאַנצע וואָך איז אומעטיק אַן זיידן און עס בענקט זיך נאָך דער מאַמען.

און דער טאַטע ? — דער טאַטע איז אַלץ קראַנק. פון מעזריטשער שפּיטאָל האָט מען אים שוין אַפילו צוריקגעשיקט, ווייל זיי קענען אים נישט אויסהיילן פון זיין האַרץ־פעלער. ליגט ער איצט, דער טאַטע, אין דער ערשטער שטוב ביי דער מומע מרים, דעם טאַטנס שוועסטער, וואָס וווינט אין זעלבן הויז, ווי די באָבע.

אין דער מומע מרימס שטוב האָב איך ליב געהאַט אַריינצוקומען. דאָרט זענען דאָ אַ סך קינדער, מיידלעך און ייִנגלעך. דער פעטער פּייוול — אויך אַ שוסטער — אַ הויכער, געזונטער ייִד, אַרבעט אין שטוב צוזאַמען מיט זיינע צוויי דערוואַקסענע זין משה און אברהם. אַלע דריי זיצן זיי אויף די דרייפיסיקע בענקלעך און קלאַפּן די פלעקלעך, אַז עס גייט אַ רויך.

זיי שיטן מיט וויצן און זינגען לידלעך, אַז ס'איז אַ מחיה. די מומע מרים מיט די צוויי מיידלעך פריידל און שרה רוימען די שטובן, באַקן אויף שבת חלות מיט געשמאַקע פלעצלעך. אַזאַ שטוב, ווייס איך שוין, איז מקנא צו זיין.

איצט ליגט דער טאַטע ביי דער מומע מרים אין דער ערש־טער שטוב, ווייל ביי דער באָבען איז קיין אָרט נישטאָ.

איך גיי אַריין צום קראַנקן טאַטן. דאַכט זיך, אַז ער איז גאָר־נישט מיין טאַטע, נאָר עפּעס אַ פרעמדער ייד. איך האָב מורא צו קוקן אויף זיין פּנים מיט די אַריינגעפאַלענע אויגן, וואָס גלאַנצן צופיל פון די לעכער אַרויס. זיי קוקן עפּעס אַזוי טרויע־ריק אויף מיר, דעם טאַטנס אויגן, ווי זיי וואָלטן זיך פאַר עפּעס געוואָלט פאַרענטפערן . . . מיר גלוסט זיך שטאַרק צו אַנטלויפן, נאָר איך קען נישט. דער טאַטע רופט מיט אַ דאַרער, ביינערדיקער האַנט איך זאָל צוגיין צום בעט. איך האָב מורא, נאָר די מומע מרים פירט מיך צו. דער טאַטע פרעגט עפּעס מיט אַ זייער שוואַך קול, נאָר איך קלויב זיך נישט פונאַנדער וואָס. לסוף גיט מיר דער טאַטע עפּעס פון דעם, וואָס מען גיט אַ קראַנקן צו דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ. איך וויל נישט נעמען, נאָר די מומע מרים הייסט נעמען און איז מיך גלייך משלח אַרויס פון שטוב . . .

## קאַפּיטל צוויי

## אָן אַ טאַטן

די מאַמע האָט געשטאַמט פון דור־דורות ביאַלער און דער טאַטע — פון מעזריטש.

די מאַמע, זעלדע־רויזע דער מולער־קעס טאָכטער, האָט זיך משדך געווען מיט הערשל שוסטער פון מעזריטש. אין פונקט ווי פון דער מאַמעס צד זענען אַלע אין דער משפחה געווען מולערס, אַזוי האָט דעם טאַטנס צד זיך אויסגע־צייכנט מיט שוסטערס. קיין „בורזשואזיע" איז אין די ביי־דע משפחות נישט געווען.

אין מעזריטש איז געווען דעם טאַטנס גאַנצע משפחה, די צוויי ברידער קלמן און אליהו. דער ערשטער — איז דער חזיר־האָר־בראַנזשע און דער צווייטער — אַ שוסטער, ווי דער טאַטע.

דער טאַטע איז ס'רוב געלעגן אין מעזריטשער שפּיטאָל, ווייל אין ביאַלע איז נאָך אין יענער צייט קיין שפּיטאָל נישט געווען.

אין יאָר 1903 איז דער טאַטע ווידער שטאַרק קראַנק גע־וואָרן און מען האָט אים איבערגעפירט אין מעזריטשער שפּיטאָל.

מיין עלטערער ברודער משה, אַ בחור פון אַ יאָר צוועלף, האָט שוין אַליין פאַרדינט אויף זיין עסן. קיין דריי קינדער האָט די מאַמע נישט געקענט דערנערן פון איר שווערער פּראַצע אַלס דינסט. איז דער ברודער לכתחילה געווען אַ באַהעלפער אין אַ חדר. נאָר זאַט אָפּצועסן האָט ער דערפון נישט געהאַט, האָט מען אים משלח געווען קיין מעזריטש זיך לערנען שוסטעריי ביים פעטער אליהו.

ווען דעם טאַטן איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער אין געזונט, האָט דער ברודער משה געמוזט בלייבן אין שפּי־טאָל, וואַכן ביי זיין בעט און אים עפּעס דערלאַנגען. ביים ברודער זענען פאַרבליבן שווערע זכרונות פון יענער צייט, ווען דער טאַטע האָט געגוססט.

אין יענעם ערב פּסח איז געשען דאָס, וואָס האָט אַרויס־גערופן אַ גאַנצע צערודערונג ביי דער באָבען אין שטוב · עפּעס אַזוינס, וואָס האָט איבערגעאַנדערשט דאָס גאַנצע לעבן.

אין סאַמע ערב פּסח, ווען אין שטוב זענען אַלע ווייבער פאַרנומען מיט רייבן און וואַשן צום גרויסן יום־טוב, ווערט עפּעס אויפפאַלנדיק וואָס אַלע זענען פאַרוויינט. די באָבע מיט דער מומע חנה־גישע קוקן עפּעס אויף מיר מיט פאַר־טרערטע אויגן. עפּעס זענען זיי נישט געוויינלעך צערטלעך צו מיר, גלעטן איבערן קעפּל און שעפּטשען :

— אָרעם יתומל !

— איך — אַ יתומל ? הייסט עס, אַז דער טאַטע . . .

געענוי באַנעם איך נאָך נישט דעם ריכטיקן פּשט פון דאָ־זיקן וואָרט. פון די חדר־קינדער ווייס איך שוין, אַז אַ יתום איז דער, וואָס האָט נישט קיין טאַטן. אָבער, איך . . . מיין טאַטע... ווי אַזוי האָב איך נישט קיין טאַטן, אַז ער ליגט.

גאָר באַזונדערס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זיכרון דער ערב־פּסח פאַרנאַכט :

אין שטוב איז שוין אַלץ יום־טובדיק. די פּאָדלאָגעס און דער טיש — ריין געוואַשן פאַר אַ גאַנץ יאָר. אויפן טיש ברענען שוין די ליכט און דער נאַפט־לאָמפּ, וואָס איז שטאַרקער אַרויפגעדרייט. דער זיידע איז שוין געקומען פון מרחץ, אַ ליכטיקער און אויסגעצוואָגענער, מיט נאָך פייכ־טע פּאות. נאָר ער שווייגט איצט, דער זיידע, ברומט נישט קיין לידלעך, ווי געוויינלעך. די ליולקע האָט ער שוין פאַר־פּאַקט אויף איבער יום־טוב. נאָר די באָבע מיט דער מומע חנה־גישע הערן אַלץ נישט אויף צו ווישן די טרערן. זיי טוען מיר אָן דאָס צעריסענע פּאַלטנדל און גייען מיט מיר אַוועק פון שטוב.

— וווהין, מומע ? — פרעג איך.

— צו דער מאַמען, אין רבינס הויף.

זי איז נישט אַהיימגעקומען, די מאַמע, אויף פּסח. גראָד ערב יום־טוב איז אין הויף פאַראַן אַ סך אַרבעט פאַר אַלע דינסטן. איך וואָלט אין אַן אַנדערן פאַל געווען צופרידן צו גיין אין הויף אַריין, ווו מען באַקומט צו פאַרזוכן גוטע זאַכן. נישט מער . . . דאָסמאָל געפעלט מיר נישט דער ענין . . . אַז בסך־הכל פירט מיר די מומע צו נאָר ביז צום אַריינגאַנג פון הויף. זי לערנט מיך וואָס צו זאָגן, ווען איך

וועל אויפזוכן ד ימאַמען. קיינעם נישט זאָגן, אַחוץ דער מאַ-
מען . . .

אין דער גרויסער קיך איז איצט טומלדיק. יידן און ווייַ-
בער, משרתים און דינסטן האָבן שוין אַלץ פאַרענדיקט. זיי
לויפן פאַרפּאַרעטע איבער די שטובן, לייגן קיין אכט נישט
אויפן קליינעם, וואָס פּלאָנטערט זיך דאָ, זוכנדיק מיט די
אויגן.

— וועמען זוכסטו יינגעלע ?

נאָר איינע פון די ווייבער דערקענט גלייך סימע זעלדעס
קינד. זי פירט מיך באַלד צו דער מאַמען. די מאַמע ווערט
בלאַס דערזעענדיק מיך אין א מצב פון ערב־געוויין . . .
דאָס האַרץ זאָגט איר, אז עפּעס איז דאָ קשה, ווען איך קום
אין אַזאַ מאָמענט.

— וואָס איז אַרעלע ?

— מאַמע, דו ווייסט, חנה־גישע האָט געהייסן זאָגן, אַז דער
טאַטע . . .

איך באַוויז נישט צו ענדיקן, ווי די מאַמע פאַרבערגט
מיט די הענט און גיט אַ פּלאַץ ארויס מיט אַ געוויין . . .

פאַרגעקומען איז עס אין אַ פינצטער, זייטיק צימערל, וווּ
די מאַמע פלעגט שלאָפן. דער מאַמעס געוויין האָט מיך
אויף טויט איבערגעשראָקן. איך בין אין פּחד צוגעפאַלן צו
דער מאַמעס פאַרטעך, איינגעגראָבן דאָס פּנים און זיך יאָ-
מערלעך צעוויינט . . .

באַלד איז דאָס צימערל פול געוואָרן מיט ווייבער. די
רביצין אַליין איז געקומען צולויפן. דאָס געוויין איז איצט
געוואָרן אַן אַלגעמיינס, נאָר איבער אַלע רייסט זיך דורך דער
מאַמעס געיאָמער :

— מיין אָרעם יתומל . . .

דערנאָך טוט די מאַמע אויס די שיך, זעצט זיך אויף אַ
קליין בענקעלע אָפּזיצן שבעה אין שעה צוליב יום־טוב.

(פונעם בוך „אַ לעבן גייט אויף״, אין כתב־יד)

## פונעם בוך : דאָסטאָיעווסקי

„אַן אָרעמער מענטש איז ערגער פון אַ
שמאַטקעלע און קען פון קיינעם קיין שום
דרך־ארץ נישט קריגן. וואָס זיי זאָלן
דאָרט זאָגן אָדער שרייבן יענע שמירער
— יענע שמירער — וועט אַלץ אין דעם
אָרעמען מענטשן בלייבן ווי געווען.
בלייבט אַ קשיא : „פאַרוואָס וועט אַלץ
בלייבן ווי געווען ?״

(„אָרעמע מענטשן״)

צווישן דער פאַרשידנאַרטיקער פּלעיאַדע גרויסע מייסטער
פון דער רוסישער ליטעראַטור, צווישן די ש ט ע ר ן פון
קינסטלערישן שאַפן, לייכט מיט אַ באַזונדער, אייגנאַרטיק,
ליכט דער נאָמען און דאָס שאַפן פון פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש
דאָסטאָיעווסקי. ער איז גלייך מיט די איבעריקע אין טאַלאַנט,
אָבער פאַרשידן פון זיי מיטן כאַראַקטער פון זיין שאַפן.

דאָסטאָיעווסקי איז אַ שרייבער־פּסיכאָלאָג, מיט וועלכן
נאָר דער גרויסער טאָלסטאָי קאָן קאָנקורירן. אָבער אין דער
צייט ווען דער לעצטער שילדערט די מענטשלעכע נשמה
כמעט נאָר אין איר געזונטן נאָרמאַלן מצב — אינטערעסירן
דאָסטאָיעווסקין דווקא פאַרשידענע קרענקלעכע, פּאַטאָלאָגישע
לעבנס־דערשיינונגען, ער שטעלט זיינע העלדן אין די אומ-
נאָרמאַלסטע עקזיסטענץ־באַדינגונגען, כדי שפּעטער צו ווייזן
אונדז, דאָס וואָס פאַר אַ פאַטאַלן איינדרוק די דאָזיקע באַדינ-
גונגען מאַכן אויפן גייסטיקן לעבן פון מענטש.

און אָט דאָס אומאויפהערלעכע אַנאַליזירן די פּאַטאָלאָגישע
אומנאָרמאַלקייט איז געוואָרן דער לייט־מאָטיוו פון זיין שאַפן
און דערמיט אונטערשיידט ער זיך הויפּטזעכלעך פון אַנדערע
רוסישע קינסטלער. ווייל אויב אינעם שאַפן פון דאָסטאָ-
יעווסקיס צייט־חברים קומען מער צום אויסדרוק די מער
אויסערלעכע זייטן פון געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, וועלכע
שטעלן דעם מענטש אין לעכערלעך־קאָמישע אָדער טראַגי-
קאָמישע פאַרהעלטעניש — דאָמינירט ביי דאָסטאָיעווסקין
פאַר אַ ציל אין זיין שאַפונגס־וועג, הויפּטזעכלעך די אינע-
ווייניקסטע נשמהדיקע זייט פון דיזעלבע באַדינגונגען, ווי אַזוי
זיי ווירקן אויפן מענטש, און דאָס וועגט ביי אים ווייט אַריבער
די אויסערלעך־געזעלשאַפטלעכע זייט.

דאָסטאָיעווסקי בלייבט נישט קיין קאַלטער צוקוקער פון
די געשעענישן. צוזאַמען מיט זיינע העלדן ליידט ער אַליין און
צווינגט אויך דעם לייענער מיטצולײַדן די געשילדערטע
געשעענישן, וועלכע אין מערסטע פּרטים, אָטעמען מיט אַ
מין פינצטערקייט, וואָס קען אָפּגעפרישט ווערן נאָר דורכן
טיפן גלויבן אינעם כוח פונעם מענטשלעכן גייסט. און דער
דאָזיקער ג ל ו י ב ן דאָמינירט אין אַלע זיינע שאַפונגען.

מיר האָבן שוין ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, אַנאַליזירנדיק
דעם וועלט־באַנעם און דעם אַנטוויקלונג־גאַנג פון דאָסטאָ-
יעווסקיס אידייען, אָנגעוויזן, אַז ער איז ווייט פון סאָציאַליזם,
ווייט פון אַ פּאָזיטיווער סאָציאַלער וועלט־באַנעמונג. ער אַלס
אידייען־טרעגער, שפּרייט זיך אויס ווייט איבער קלאַס און
שיכט, נאָר אין זייער צענטער שטעלט ער נישט אַוועק קיין
באַשטימטן מענטש, נאָר דעם מענטש אַלס אַזעלכן בכלל ;
אָט דאָ איז ער מיט אַלע זיינע גוטע און שלעכטע אייגנ-
שאַפטן, איינגעוווינקייטן, הויכמוטיקייטן און געמיינקייטן,
דאָס אַלץ, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אַ „זינדיקן״

מענטש. יאָ, אמת, דאָסטאָיעווסקי איז אין די מערסטע פאַלן נישט גאַנץ גלייכגילטיק צו זיינע העלדן. ער באַמיט זיך אָבער זייער צו דעפינירן צווישן די גוטע און שלעכטע מעשים זייערע, הגם אין הויפּט־פּרט קומט ביי אים אויס, אַז ס'איז




זינלאָז צו באַשולדיקן מענטשן פאַר זייערע האַנדלונגען, ווייל זיי זענען נישט פריי פון סיבות, וועלכע דיקטירן זייערע מעשים — דאָך וויזט דאָסטאָיעווסקי אַרויס אַ סך קעג־נערשאַפט צו די שלעכטע מעשים פון זיינע העלדן. ער־טערווייז רעדט ער אפילו מיט כעס וועגן מענטשלעכער געמיינקייט, און — איז פול מיט סימפּאַטיע פאַר אָרעמע, באַליידיקטע פון לעבן. דאָס איז אָבער נישט קיין פּועל־יוצא פון אַ גוטהאַרציקן שפּיל, וואָס וויזט אָן, אַז דער ענין פון מענטשלעכער שלעכטקייט הענגט נישט בלויז אָפּ פון דעם, וואָס דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער סדר איז שלעכט און מוז גורם זיין שלעכטע מעשים. ביי דאָסטאָיעווסקין איז דאָס פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס אַ ריין פּסיכאָלאָגישס: ער גלויבט, אַז דער מענטש גופא איז שלעכט און גלויבט נישט, אַז אַ גערעכטערער געזעלשאַפטלעכער סדר זאָל ראַ־דיקאַל בכוח זיין צו ענדערן דעם מענטש. דאָס איז אַ קאָנ־סעקווענטער פּועל־יוצא פון אַ רעליגיעז־מיסטישן וועלט־באַנעם, וואָס שטערט צו זען דאָס לעבן אין רעאַלן ליכט. דעריבער איז קלאָר, פאַרוואָס דאָסטאָיעווסקי גלויבט, מיטן כוח פון וואָרט און גלויבן, אויסצובעסערן דעם מענטש, אויס־צעוואָרצלען די חיה אין אים; דעריבער איז נאַטירלעך, פאַרוואָס דאָסטאָיעווסקיס געפיל צום אָרעמען און באַליי־דיקטן איז נישט קיין קלאַסן־געפיל נאָר אַ מענטש־געפיל. ער זעט קודם־כל די דערנידעריקטקייט פון מענטשלעכן שטאָלץ, פון דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע ווערט באַ־ליידיקט. ער זעט אָבער אויך, אַז די באַליידיקער זענען תמיד די רייכע און פּריווילעגירטע. ער זעט די פאַראַכטונג פון רייכן צום אָרעמען, וואָס דערגייט ביז צו אַ בכוונהדיקע באַליידיקונג, שוין בלויז צוליב דעם, כדי צו האָבן די מעגלעכקייטן זיך אַרויסצווייזן שטאַרקער ווי דער אָרעמער.

(פונעם בוך: „דאָסטאָיעווסקי, זיין לעבן און שאַפן, פאַרלאַג ש. גאָלדפאַרב, וואַרשע, 291 זייטן).

## פונעם בוך: „אַנאַטאָל פראַנס"

### די דרייפוס־אַפּערע

די צווייטע העלפט ניינציקער יאָרן שטייען אין פראַנק־רייך אונטערן צייכן פון דער דרייפוס־אַפּערע, וואָס האָט צעטיילט די עפנטלעכע מיינונג אין לאַנד אויף צוויי פיינט־לעכע לאַגערן. פאַר דער יונגער דריטער רעפּובליק, וואָס איז אַנטשטאַנען אויף די חורבות פון דער פאַריזער קאָ־מונע און דאָס פאַרשווינדן פון דער מאָנאַרכיע, איז די „אַפּערע" געוואָרן אַ געוויסנס־פּראָבע און אַ קאַמף צווישן צוויי געזעלשאַפטלעכע לאַגערן.

די יאָרן פון קאַמף צווישן אין פּראָצעס און צווייטן, זע־נען פאַקטיש רעדוצירט געוואָרן צו אַ קאַמף צווישן ביידע לאַגערן, אַ קאַמף צווישן אמת־זוכער און פאַרטונקלטע כוחות, פאַר וועמען דער אַנטיסעמיטיזם איז די העכסטע מאָס פון אָפּשאַצן געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען.

דאָס טראַגישע פון דער זאַך ליגט אין דעם, וואָס אויב אין פּראָ־דרייפוסיסטן־לאַגער האָבן זיך געפונען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי: הוגאָ, זשאָרזש זאַנד, בעראַנזשע, מישלע, זשיל וואַלעס, זשאָרעס, רענאַן, אַנאַטאָל פראַנס מיט עמיל זאָלא בראש, האָבן זיך אָבער אין צווייטן לאַגער, צווישן דער מיליטערישער קאַמאַרילע, אויך געפונען אַזעלכע פּער־זענלעכקייטן ווי: שאַטאָבריאַן, סטענדאַל, סענטבעוו, דימאַ, (דער זון) און היפּאָליט טען.

אויב דער קאַפּיטאַן דרייפוס, וואָס איז באַשולדיקט גע־וואָרן אין מלוכה־פאַראַט דורך פאַלשע שפּיאָנאַזש־דאָקו־מענטן, האָט געמוזט אָפּקומען פאַרן פאַרברעכן פון עסטער־האַזי — האָט אָבער דעם שווינדל אויפגעדעקט דער איינ־ציקער ערלעכער מיליטער־מאַן, דער קאָלאָנעל פּיקאַר, וועמען ס'איז דערפאַר אויסגעקומען צו ליידן . . .

וואָס שייך אַנאַטאָל פראַנסן, האָט ער זיך גלייך פון אָנ־הויב, אָן רעזערוון, געוואָרפן אין דער אַפערע אויפן צד פון דרייפוסן, צוהילף עמיל זאָלאַ.

נאָכן ערשטן משפט אין 1894, האָט זיך פראַנס געשטעלט אויפן צד פון די רעוויזיאָניסטן. פראַנס האָט באַנוצט אַ שפּראַך, וואָס האָט דערשטוינט אַפילו זיינע פריינט: ווי אַזוי איז עס דער דאָזיקער קאַבינעט־מענטש אַזוי גיך גע־וואָרן אַ טריבון?

זיין אויפריכטיקייט איז געווען מחוץ יעדן ספק. ער איז געווען איבערצייגט אין דרייפוסעס אומשולד. אָבער... מיטגעהאָלפן דערצו, אַז פראַנס זאָל זיך אַנגאַזשירן לטובת דרייפוסן, האָט אויך מאַדאַם קאַיאַווע.

אין זומער 1898, אין סאַמע קאַמף פון רעוויזיע, האָט אַנאַטאָל פראַנס באַגעגנט אַ פריינט און אים געזאָגט:

— איר זענט נישט פון אונדזערע, איך ווייס עס און עס מאַכט מיך טרויעריק.

ווען יענער האָט געפּרוּווט באַווייזן מיט קעגנערישע אַר־גומענטן, האָט פראַנס דערקלערט:

— זעט איר דען נישט, אַז די דאָזיקע אַנטי־דרייפוסיסטן האַלטן אונדז פאַר צו נאַריש? איך וועל זיי ווייזן, אַז זיי זענען אַליין די נאַרן־קעפּ...

עס זענען אויך געווען טיפערע פּסיכאָלאָגישע סיבות, וואָס האָבן פראַנסן באַוויגן צו ווערן אַקטיוו אין דער דריי־פוס־אַפערע.

אַ פערטל יאָרהונדערט פון זיין ליטעראַריש־געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט האָט שוין פראַנס געהאַט אָפּגעגעבן אויף נעגאַטיווער אַרבעט: אָפּלאַכן, חוזק פון אַלץ און אַלעמען. אין דער נשמה פון אַ קינסטלער דערוועקט זיך סוף כל סוף דער ווילן צו טון עפּעס פּאָזיטיווס און קאָנסטרוקטיווס. און נאָך עפּעס:

אַ לעבן אויסגעלאַכט די פירער און טאָן־געבער, אָבער טיף אין זיך האָט ער זיי באַוווּנדערט... אָפּט האָט זיך אין אים דערוועקט אַ באַהאַלטענער ווונטש אַליין צו שפּילן אַ פירנדיקע ראָלע אין דער געזעלשאַפט...

צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָבן זיינע געצוימטע ליי־דענשאַפטן באַקומען אַ פרייען אויסדרוק. זיינע אַלטע פריינט זענען געווען איבעראַשט:

— מען האָט אונדז איבערגעביטן אַנאַטאָלן!...

און אַנאַטאָל פראַנס איז ווירקלעך געווען אַן איבערגע־ביטענער. ער האָט ברייט און פריי מאַניפעסטירט זיין שטעלונג און מיט פרייד פלעגט ער זיך וואַרפן אויף די מיטינגען:

— בירגער, וואָס ווינציקער רייד — מעשים!...

אין זיין ווערק פון יענעם פּעריאָד: „בערזשערע אין פּאַריז" באַרירט פראַנס דעם פּראָצעס. הער בערזשערע איז פאַרביטערט:

„דער דרייפוס־פּראָצעס האָט אויפגעדעקט די מאָראַלישע חולאתן, וואָס פּלאָגן אונדזער געזעלשאַפט, פּונקט ווי קאָכס באַצילן האָבן קאָנסטאַטירט די טובערקולאָז־פּאַרוויסטונג אין מענטשלעכן אָרגאַניזם. ווען וועט שוין מיין פאָטערלאַנד פון זיך אָפּטרייסלען דעם יאָך פון פאַרבלענדונג און שנאה...?"

מיט ווייטיק זעט פראַנס צו, ווי אַלע געזעלשאַפטלעכע שיכטן זענען פאַרכאַפּט פון דעמדאָזיקן אומגערעכטן אַקט. אַפילו מענטשן, אינטעלעקטועלע, כלומרשט פרייע גייס־טער, וואָס אין זיך גלויבן זיי קנאַפּ אין דרייפוסעס שולד, זענען דאָך קעגן דרייפוסן, אַרויסגייענדיק פון אויסגע־טראַכטע „העכערע פּרינציפּן" פון פאָלק, נאַציע א. אַ. וו. אָט דאָס איז דאָס פיינלעכסטע פאַר אַנאַטאָל פראַנסן.

הער בערזשערע געפינט זיך אין זיין סביבה — די סביבה פון בירגערטום — דער איינציקער פּראָ־דרייפוסיסט. ער




איז דער איינציקער, וואָס האַלט, אַז אַ טעות פון מיליטער־געריכט איז נישט אויסגעשלאָסן, אין קעגנזאַץ צו די אי־בעריקע מיט זייער בלינדן פּאַטריאָטיזם און איינגעגלויבטקייט אין דער הייליקייט פון דער אַרמיי און דער אוממעגלעכקייט, אַז אַ צענדליק אָפיצירן זאָלן מאַכן אַ טעות. און ווען גאַסן־יינגלעך שלאָגן אַ שוסטער און האַקן שויבן שרייענדיק: „נידער מיט זאָלאַן, אַ טויט די יידן!" — שרייען די פיינע בירגער: „בראַוואָ, יונגען"...

אָט אַזוי זעט אַנאַטאָל פראַנס די בירגערלעכע געזעלשאַפט אין דער צייט פון דער דרייפוס־אַפערע.

אין זיין ווערק „פּינגווינען־אינזל", וואָס איז דערשינען אַ צענדליק יאָר שפּעטער, באַהאַנדלט פראַנס ווידעראַמאָל דעם

דרייפוס־פּראָצעס. דאָסמאָל שוין אין אַן אַלעגאָרישער פאָרם און אויך אין אַ מער רואיקער אַטמאָספער, וואָס דערלויבט אים שוין זיך צו האַלטן מער נייטראַל צום ענין, הגם אויך דאָ איז ער אויפן צד פון דרייפוסן.

אין דער גנבה פון די אַכציק טויזנט בינטלעך היי שטעלט זיך פראַנס נייטראַל צווישן די פּיראַטיסטן און אַנטי־פּיראַטיסטן. פראַנס גלויבט נאָך אין דרייפוסעס אומשולד, אָבער ער זוכט שוין דאָ די מענטשלעכע קעגנזעצלעכקייט.

פראַנסן איז אין „פּינגווינען־אינזל" געלונגען קלאָר צו מאַכן דעם פאַרפּלאָנטערטן געזעלשאַפטלעכן מעכאַניזם, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום דעם פּראָצעס און קעגנזייטיק אינטריגירט.

„דער ענין פּיראַט — דערקלערט חבר לאַריווע (אַריסטיד בריאַן, וועלכער איז אַרויסגעטרעטן אין נאָמען פון די סאָציאַליסטן) — באַווייזט, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שטרעבט צו דער עמאַנציפּאַציע פון פּראָלעטאַריאַט, דורך אַנטוואָפענונג, גענעראַל־שטרייק און רעוואָלוציע..."

אַנאַטאָל פראַנס באַמיט זיך איבערצוצייגן דעם קאָנסערוואַטיוון בירגערטום, וואָסערן שאָדן די דרייפוס־אַפערע האָט געבראַכט דער אַרמיי, געזעלשאַפט און לאַנד.

צום אייגנטלעכן אָביעקט פון דער אַפערע, צום קאַפּיטאַן דרייפוס גופא, האָט פראַנס נישט געהאַט קיין גוטע באַציונג. פּערזענלעך איז דער דאַזיקער יידישער קאַפּיטאַן דערשינען פאַר פראַנסן נישט סימפּאַטיש שוין בלויז דערפאַר, ווייל דער דאַזיקער מענטש איז געווען די פאַרקערפּערונג פון מיליטאַריזם גופא. פון זיין פּערזענלעכער קאָנטשאַפט מיט דרייפוסן, האָט פראַנס אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אַז . . . ווען דער דאַזיקער מענטש וואָלט נישט געווען דרייפוס, דאָס הייסט, דער באַשולדיקטער גופא, וואָלט ער אַליין געווען אַן . . . אַנטי־דרייפוסיסט. דער דאַזיקער מענטש האָט דאָס אומגליק, וואָס איז אויף אים פּערזענלעך געקומען, באַטראַכט ווי אַן אמת אומגליק אויף דער אַרמיי . . .

אין אַ צייט שפּעטער, שמועסנדיק מיט זיינע פריינט וועגן דער דרייפוס־אַפערע, האָט פראַנס דערציילט נאָך כאַראַקטעריסטישע פּרטים וועגן דרייפוסן :

— אַמוזאַנט איז געווען די פאַרזאַמלונג פון דרייפוסעס הויפּט־פאַרטיידיקער : קלעמאַנסאָ, זשאָרעס, בריאַן און איך. די שעהן זענען גיך געלאָפן. זשאָרעס האָט געשפּאַנט הין און צוריק, לייענענדיק זיין מאָרגנדיקן אַרטיקל. קלעמאַנסאָ האָט דערציילט מעשיות וועגן גענעראַלן. בריאַן האָט אָבער געפונען שטאַרקע ווערטער, וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן אונדזער באַשלוס.

נאָר ער אַליין, דרייפוס ?

— איך האָב אים געהערט זאָגן — דערציילט פראַנס — „זעט איר, דאָס, וואָס האָט תמיד געראַטעוועט מיין לעבן, איז געווען דאָס, וואָס איך בין שטענדיק אויסגעצייכנט געשלאָפן..." אָט צוליב וועמען — פירט פראַנס אויס — מיר, פאַרטיידיקער, האָבן געדאַרפט פאַרברענגען שלאָפלאָזע נעכט, טראַכטנדיק, וועלכע באַשלוסן צו נעמען . . . ער, דער הויפּט־פאַראינטערעסירטער, שלאָפט רואיק. ער שלאָפט אפילו ביי דער מיליטערישער דעגראַדאַציע, ביים פּראָצעס אין רען, געפינט איר דאָס נישט אומזיניק ? . . .

נאָר נישט אין דרייפוסן האָט זיך עס אין אַלגעמיין געהאַנדלט ביי פראַנסן און זיינע פאַרטיידיקער. ס'איז געגאַנגען אין אַ קאַמף פאַר פּרינציפּן, פאַר געוויסן און גערעכטיקייט. דער זיג פון דער גערעכטיקייט האָט קאָלאָסאַל אָפּגעפרישט די אַטמאָספערע אין דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט. האָט באַרואיקט די געמיטער, פאַרשטאַרקט דעם גלויבן אין הומאַניזם, און ער אַליין, פראַנס, איז פון דעמדאָזיקן קאַמף אַרויסגעגאַנגען אַ געשטאַרקטער אין זיינע איבערצייגונגען, אין זיין גלויבן אין מענטשלעכן פּראָגרעס און ער האָט זיך נאָך מער דערנענטערט צום סאָציאַליזם.

(פונעם בוך : „אַנאַטאָל פראַנס, זיין לעבן און שאַפן". פאַרלאַג א. ב. צעראַטאַ, פּאַריז 1939, 263 זייטן).

## פונעם בוך : „לענין"

ווען לענין האָט זיך אין סוף דעצעמבער 1908 באַזעצט אין פּאַריז, איז דאָ פאָרגעקומען אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט די אַקטועלע פּראָבלעמען. עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון די „ליקווידאַטאָרן" פון מאַרקסיזם. די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט אויף לענינס שטאַנדפּונקט און האָט פאַרמשפּט די ליקווידאַטאָרן. די קאָנפערענץ האָט אָנגעוויזן, אַז די הויפּט־אַרבעט דאַרף איצט געפירט ווערן אין דער ריכטונג פון פאַרפעסטיקן און אויסברייטערן די אומלעגאַלע אַרבעט, אויסנוצנדיק גלייכצייטיק אַלע לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע מיטלען פון טעטיקייט, ווי למשל : די „דומאַ", סינדיקאַטן, פאַרשידענע געזעלשאַפטן, פּרעסע, א. א. וו.

וואָס מער דער צאַריזם האָט געבושעוועט, אַלץ מער האָבן די מענשעוויקעס און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן נאָכגעגעבן און זיך געדוקט אויף רעכטס. זיי האָבן זיך אַלץ מער אַנטפּלעקט אַלס קעמפער אויף דער צווייטער זייט פון דער באַריקאַדע, אויפן צד פון דער בורזשואַזיע. די מענשעוויקעס האָבן זיך נישט אונטערגעוואָרפן די באַשלוסן פון דער פּאַריזער קאָנפערענץ אין סוף 1908. זיי זענען אַלץ מער אַוועק אויפן וועג פון ליקווידאַציע. זיי האָבן געהאָפט צו באַ־

קומען פון דער צארישער רעגירונג די מעגלעכקייט צו שאפן א לעגאלע פארטיי, דערפאר האבן זיי באקומען דעם נאמען: „סטאליפינישע ארבעטער־פארטיי".

לענינס קאמף האט זיך באצויגן סיי אויף די אפענע שונאים פון דער רעוואלוציע, די ליקווידאטארן, אין וועמענס שפּיץ ס'זענען געשטאנען דאן, אקסלראד, פאטרעסאוו, אונטערגע־שטיצט פון מארטאוו, טראצקי און אנדערע מענשעוויקעס — און סיי אויף די פארשטעלטע ליקווידאטארן, וואס זענען געווען דערפאר מען זאל אפרופן די ארבעטער־דעפוטאטן פון דער דומא און בכלל אויפהערן יעדע לעגאלע ארבעט.

אין א שווערער צייט האבן די לייט באוויזן זייער אמתן פרצוף.

כדי קעגנצווירקן די אידעאליסטישע און גאט־זוכערישע שטרעמונגען, וואס האבן פארכאפט א טייל פון דער פארטיי־אינטעליגענץ, האט לענין זיך גענומען שרייבן זיין גרויס ווערק „מאטעריאליזם און עמפיראקריטיציזם". אין 1903 האט ער פיבערדיק געארבעט איבער זיין ווערק צו פארטיידיקן די מארקסיסטישע פילאזאפיע.

אחוץ זייטיקע פאליטישע ארבעטן, שטודירט לענין צו זיין ווערק איבער צוויי הונדערט ביכער פון פארשידענע אויטארן איבער פילאזאפישע פראגן. ער פארט צו דעם צוועק קיין לאנדאן צו שטודירן אין דער בריטישער ביבליאטעק. פינף חדשים ארבעט ער ביים צוגרייטן זיין בוך „מאטעריאליזם און עמפיראקריטיציזם".

דאס איז איינס פון לענינס וויכטיקסטע ווערק. עס שטייט אין איין הויך מיט די פילאזאפישע ווערק פון מארקס און ענגעלס. אין דערזעלבער מאס ווי די פירער פון צווייטן אינ־טערנאציאנאל האבן זיך אפגעקערט פון מארקסיזם, האט לענין ווייטער אנטוויקלט און אויסגעברייטערט די לערע פון דיאלעקטישן מאטעריאליזם.

מיט דעם בוך האט לענין צעשלאגן אלע פרוון צו רעווי־דירן די פילאזאפיע פון מארקס. לענין האט גלייכצייטיק גע־שריבן ארטיקלען איבער רעליגיע. אין א ריי בריוו שרייבט ער וועגן דער געפאר צו פארטויבן דעם ארבעטער־קלאס מיט רעליגיע. אין א בריוו צו גארקין האט ער געשריבן:

„די גאטזוכעניש אונטערשיידט זיך פון געטשנדינעריי אין קיין פאל נישט מער ווי עס אונטערשיידט זיך א געלער טייוול פון א בלויען."

„אין די לענדער, ווו עס הערשט דעמאקראטיע (אמעריקע, שווייץ, א. א. וו.) פארנארישט מען דאס פאלק און די אר־בעטער באזונדערס שטארק, גראד מיט דער אידיי פון א ריינעם, גייסטיקן, ערשט־באשאפענעם גאט, גראד דערפאר ווייל יעדע רעליגיעזע אידיי, יעדעס קאקעטירן מיט גאט איז געמיין — ווערט עס דערפאר געדולדעט מצד דער בורזשו־אזיע און אפטמאל ווערט עס גוטווייליק אויפגענומען. גראד דערפאר איז עס די געפערלעכסטע געמיינקייט, די נידער־טרעכטיקסטע שענדונג. מיליאנען זינד, פארגוואלטיקונגען ווערן פון דער מאסע א סך גרינגער אפגעווארפן, זענען זיי דעריבער ווייניקער געפערלעך, ווי יענער פיינער גייסטיקער אידעאלאגישער קאסטיום, וואס איז צוגעפוצט צו גאט־אידייע. א קאטוילישער גלח, וואס פארגוואלדיקט מיידלעך (וואס איך לייען איצט צופעליק אין א דייטשער צייטונג), איז פאר דער דעמאקראטיע ווייניקער געפערלעך, ווי איינער אן „אידע־אליסט", וואס פריידיקט א נייע רעליגיע, ווייל דעם ערשטן איז גרינג צו פארמשפטן, צו באזייטיקן, אבער דער צווייטער



איז שוין מער געפערלעך און נישט אזוי לייכט צו פאר־טרייבן".

און לענין פירט אויס:

„געגנוג מיט דער אליין־באשפייאונג, וואס הייסט ביי אונדז זעלבסטקריטיק. יעדער מענטש, וואס באשעפטיקט זיך מיט גאטזוכעריי, פארלייקנט זיין איך".

אין א סך ארטיקלען, בריוו און שמועסן האט לענין גע־לערנט די באלשעוויקעס ווי אזוי מען פארטיידיקט מארקס רעוואלוציאנערע טעאריע, ווי מען מוז באפעסטיקן די אום־לעגאלע פארטיי, ווי מען מוז קעמפן קעגן אפארטוניזם פון רעכטס און פון לינקס.

(פונעם בוך: „לענין, דער מענטש און זיין ווערק", אין מא־נוסקריפט, דריי בענדער).

די קלאַסן־דיפערענצירונג אין יידישן לעבן אין לעצטן פערטל פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און דערמיט אויך — די אידייען־דיפערענצירונג פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אָנגעהויבן צו ווערן געזעלשאַפטלעך־טעטיק אויף דער יידישער גאַס — האָט געפונען דעם אָפּקלאַנג אין דער אויסבילדונג פון אַ סאָציאַלער ייד. ליטעראַטור, אָנהייבנדיק מיט דער פּאָעזיע און אַריבערגייענדיק שפּעטער צו דער פּראָזע.

אָנהויבן הויבט זיך אָן די דאָזיקע סאָציאַלע פּאָעזיע און בכלל דער ערשטער קאָנקרעטער סאָציאַלער געדאַנק אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן, אויסגעדריקט דורך מאָריס ווינטשעווסקי.

נישט געקוקט אויף זיין פרומער אָפּשטאַמונג און סביבה, ווערט ער אין די יינגע יאָרן אַריינגעצויגן אין דער סאָציאַלער באַוועגונג אין רוסלאַנד, אין די זיבעציקער יאָרן. אָנגעשטעקט מיט אַסימילאַטאָרישע אידייען, הייבט ער אָן זיין אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אויף העבּרעאיש, איז דער שפּעטער פון דער ערשטער אַגיטאַציע־ליטעראַטור אויף דער שפּראַך, וואָס איז נישט נאָענט צום פאָלק. שפּעטער גייט ער איבער צו יידיש און אַרבעט מיט, אָדער גרינדעט אַליין סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע צייטשריפטן אויף יידיש, ווערט דער ערשטער פּראָלעטאַרישער דיכטער, זיינע לידער פון אַרבעט און קאַמף ווערן געזונגען צווישן די ברייטסטע אַרבעטער־מאַסן.

דורכמאַכנדיק דעם וועג פון השכלה און אַסימילאַציע ביז ליבע פאַר דער שפּראַך פון פאָלק, איז ער אַדורכגעגאַנגען קליינע וואַקלונגען, ביז ער האָט זיך פולשטענדיק אויסגעניכטערט. ביים סוף פון זיין לעבן טרעפן מיר אים אין די רייען פון די, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויפן וועג צו דער באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס. די ערשטע מלוכה פון באַפרייטע אַרבעטער האָט אָפּגעדאַנקט אויף אַ געהעריקן אופן דעם ערשטן יידישן פּראָלעטאַרישן דיכטער און האָט זיין גאַנץ רייך לעבן געגעבן אַ תיקון.

אויב ווינטשעווסקי איז נאָר טיילווייז געווען באַהערשט פון אַנאַרכאָ־סאָציאַליסטישע טענדענצן, וואָס האָבן לעבעדיק געווירקט צווישן די אַרבעטער־מאַסן אין סוף 19־טן י. ה., איז אַ צווייטער יידישער אַרבעטער־דיכטער, דוד עדעלשטאַט, זיין גאַנץ לעבן געווען געבונדן צום אַנאַרכיסטישן געדאַנק, וואָס האָט אָנטשפּראָכן זיין טעמפּעראַמענט און אינדיווידואַליסטישער נאַטור.

ווי דוד עדעלשטאַט, איז זיין צייט־חבר יוסף באָוושאָווער, אויך געווען שטאַרק פאַרבונדן מיטן אַנאַרכיזם. זייערע שאַפונגען, זייערע קינסטלעריש־טענדענציעזע פּאָעזיע האָבן באַגייסטערט מיט זייער אויפריכטיקייט, עקספּרעסיע און איבערלעבונג פון רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און שטאַרקן פּראָטעסט קעגן סאָציאַלן אומרעכט. מיט רעכט האָבן די דאָזיקע דיכטער־רעוואָלוציאָנערן געהאַלטן, אַז דער עיקר ליגט פאַר אַלעם נישט אין דער שיין־שרייבעריי, אין פיין־געבויטן פערז, אין קינסטלעריש־אויסגעדריקטן בילד, נאָר אין דעם אוטיליטאַרן צוועק פון געזאָגטן און געשילדערטן, ווייל — נוצלעך איז נאָר די שאַפונג, וואָס רעדט דירעקט צום האַרץ, צום געפיל פון די מאַסן, ווען זי לערנט אים עפּעס, רעגט אים אָן צו עפּעס און נישט ווען זי שלעפּערט אים איין, פאַרוויגט אים אין די צאַרטע טענער פון איבערגעטריבענער ליריק אָדער ראָמאַנטיק.

אונזערע ערשטע סאָציאַלע דיכטער, ביי דער גאַנצער אומבאַהאָלפנקייט זייערער פון פאָרם און ווייניק־קינסטלערישן אויסדרוק, האָבן געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין יידישן לעבן אין דער איבערגאַנג־תקופה צווישן די אַלטע און נייע לעבנס־פאָרמען, באַגריפן און השגות אין דער ליטעראַטור אין אָנהויב פון אונזער יאָרהונדערט.

די טראַגישסטע פּערזענלעכקייט אין דער סאָציאַל־אידעאישער דיכטונג פון סוף 19־טן יאָרהונדערט איז מאָריס ראָזענפעלד. דער וועג פון זיין לעבן און פון זיין דיכטן איז פול געווען מיט טראַגיזם. זיינע בעסטע כוחות האָט ער געפּטרט אין די אַמעריקאַנער שוויץ־שעפּער, ווו ער איז עקספּלואַטירט געוואָרן אויפן ערגסטן אופן. אים איז זייער שווער אָנגעקומען צו באַפרייען זיך פון שאַפּ, כדי אָפּצוגעבן זיך זיין דיכטערישער מוזע; אַ פּערזענלעכקייט, ביי וועמען די אינערלעכע שאַפערישע פּאָטענצן — ווי ביי אַנדערע, וואָס קומען דירעקט פון פאָלק — האָבן זיך לאַנג געמוזט ראַנגלען מיטן מאַנגל פון האַרמאָנישער איינהייטלעכקייט פון דעם — ווירקט מיט פּאַטאָס פון רעוואָלוציאָנערן פּראָטעסט, אַרויסשרייען אין זיין שאַפן זיין פּערזענלעכן ווייטיק און דערמיט דעם ווייטיק פון אַן עקספּלואַטירטן קאָלעקטיוו, וואָס האָט נישט די מעגלעכקייט צו קומען צום וואָרט און צום אויסדרוק. ער שליסט זיך איין אין דער פּלעיאַדע רעוואָלוציאָנערע דיכטער פון זיין דור און האָט געגעבן זיין ביישטייער דער יידישער פּאָעזיע, דער יידישער ליטעראַטור. אָבער אַפילו זיין העכסטער רום האָבן נישט געקענט ענדערן זיין טראַגיש לעבן און זיין אויסגיין אין העכסטער פאַרגעסנקייט.

(„דאָס יידישע לעבן און די יידישע ליטעראַטור", אין כתב־יד.)

# מ. דזשאַלאָווסקי



געבוירן אַרום 1900 אין דער אומגעגנט פון וואַרשע אין אַן אָרעמער יידישער פאַמיליע.. געלערנט זיך אַליין, פיל געלייענט. נאָך אַלס יונג יינגל פאַרשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד. געאַרבעט אין קוילן־גרובן ביי פראַנקפורט א. מיין. אָנגעהויבן צו שרייבן אין די מלחמה־יאָרן. זייט 1929 — אין פאַריז. מיטגעאַרבעט אין: „אילוסטרירטע וואָך", „ליט. בלעטער", „פרעסע" ב. איירעס, „נייע פרעסע", „פ. זשורנאַל". פאַרעפנטלעכט אַ בוך לידער „אַ ברויט מיט אַ מעסער". דעפּאָרטירט געוואָרן אין 1943. געלאָזן אין כתב־יד אַ ריי לירישע און עפּישע לידער.

מ. ליטווין

# דער דיכטער פון אַלטעגלעכער העלדישקייט

.1

ס"איז שווער צו שרייבן וועגן אַ דיכטער, וועמענס שאַפונגס־וועג איז געוואָרן אכזריותדיק איבערגעריסן אינמיטן דורך דער היטלעריסטישער פאַרניכטונג, אַ טאַלאַנט, וואָס האָט נאָך געזוכט זיך גופא, וועמענס קאָנטורן האָבן זיך נאָך נישט ענדגילטיק איינגעקריצט אין שטאָף פון דער הייסער, פליסנדיקער ווערטער־מאַסע. אָנדייטונגען און אָנוואורפן קוקן אונדז אָן אין די איבערגעלאָזענע, ערשטע בויאונגען. אויסגאַנג־פונקטן, פון וועלכע יעדער איינער האָט געקענט עפענען אַ וועג.

אָט אַזוי ליגט פאַר מיר דזשאַלאָווסקיס בוך — דאָס איינציק־דערשינענע דינע ביכל: „אַ ברויט מיט אַ מעסער" — אַ סלופּ אויף אַ ראָג, פיר איבערגעקרייצטע אָרעמס — ווייזנדיק פאָרויס און אין דער הייך יעדער איינער — די הייכן פון דיכטערישע דערגרייכונגען. מעגלעכקייטן, ווער קען זאָגן ווהין פירנדיקע, און פלוצלינג אָפּגעבראָכן אַלע, אָפּגעשניטן דורך דעם אָפענעם תהום, וואָס האָט פאַרשלונגען דעם דיכטער מיט אַלע זיינע נאָכנישט אַרויסגעזאָגטע ווערטער, אַלע זיינע נאָכנישט געגאַנגענע וועגן.

דער זעקס־מיליאָניקער חורבן פון אונדזער פאָלק אַנטהאַלט נאָך אויך אַזויפיל חורבות פון אונדזער ליטעראַטור, אַזויפיל נאָכנישט זיך אויסגעלעבטע, פריצייטיק־פאַרשניטענע טאַלאַנטן. צענפאַך און הונדערטפאַך קלינגט זייער רוף אין די איבערגעבליבענע: פאָרזעצן זייער ווערק, דערזאָגן זייער וואָרט.

דאָך זענען דאָ שרייבער, דיכטער, וואָס קומען אָן ווי מיט אַ פאָרויס־באַשטימונג. זייער ערשטער ניגון טראָגט שוין אין זיך, זאָל זיין אין אומאַנטוויקלטן, עמבריאָנאַלן צושטאַנד, די גאַנצע גאַמע פון זייער צוקונפטיקער מוזיק. צו זיי געהערט מ. דזשאַלאָווסקי. לייענט מען דורך זיין ביכל און די עטלעכע איבערגעלאָזטע, נאָכנישט אָפּגעדרוקטע לידער, ווערט עס קלאָר: ווי פאַרשידן עס זאָלן נישט זיין די וועגן פון זיינע דיכטערישע מעגלעכקייטן, ווי איבערגעקרייצט די וועג־טאָוולען, זיי ליגן סוף כל סוף אַלע אין איין ריכטונג: אויף דעם, איבער האַרטע פעלדזן און אייזיקע טויט־ברענגענדיקע גליטשערן, פירנדיקן אָפּהאַנג צום באַרג־שפּיץ פון קאָלעקטיוון קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט.

פון זיין גאַנצער דיכטערישער שאַפונג, פאַרטיילט אויף איבער 10 יאָר, שטייגט אויף איין לייט־מאָטיוו: דער קאַמף קעגן אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע, פאַר אַ געזעלשאַפט, וואָס, באַפרייט פון די אייגענע סתירות, באַפרייט אויך צוגלייך די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט.

דאָס איז נישט ביי אים קיין אַבסטראַקטע פילאָזאָפיע, אויך נישט סתם אַ בלינדער סאָציאַלער פּראָטעסט, אַ צאָרן־אויס־געשריי. דזשיאַלאָווסקיס דיכטונג איז דאָס געזאַנג פון אָרגאַניזירטן, צילבאַוווסטן קאַמף פון ארבעטער־קלאַס. צוזאַמען מיט אים שרייט און זינגט זיין פּאָעזיע, קלעטערנדיק מיפול אָבער עקשנותדיק צום זעלבן ציל, צו די זעלבע הייכן.

מ. דזשאַלאָווסקי איז דער דיכטער פון קאַמף. אַ, געוויס, ער איז נישט דער דיכטער פון גרויסן וואָרט, דער נביא פון דער רעוואָלוציאָנערער וועלט־אומגעשטאַלטונג, נישט דער, וואָס זיך ארויסהייבנדיק אויף די שפּיצן, מעסט ער מיטן בליק די גאַנצע מאַרשירנדיקע מחנה און וועמענס דיכטונג ווערט צום סינטעז אָדער צום הימן פון מאַרש. דזשאַלאָווסקי איז בלויז איינער פון די, וואָס מאַרשירן אין דער ריי, האַנט ביי האַנט מיט זיינע חברים, און זיינע לידער זענען אויך לידער פון די, וואָס מאַרשירן אין דער ריי. זיי זעען נישט ווייט, בלויז דעם רוקן פון די וואָס גייען פאָרויס, די אויגן פון רעכטס און לינקס פון זיי, זיי פילן בלויז די הענט פון זייערע ביידע זייטן, מיט וועלכע זיי בילדן די קייט קעגן שונא. אָבער זייער טראָט גיסט זיך צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַסע, און אין יעדן טריט פון זיי דערקלינגט אָפּ דער גאַנצער שטאָלענער פויק פון מאַרשירנדיקן קלאַס, פון דער טראָץ אַלצדינג, און איבער אַלצדינג פאָרויסגייענדיקער מענטשהייט, „וואָס באַוועגט זיך דאָך!"

אין דזשאַלאָווסקיס לידער זינגט דער דאָזיקער טראָט. זיינע איינפאַכע רעאַליסטישע לידער, וואָס באַשרייבן אַ טאָג פון אַן אַרבעטער, אַ קלוב־צוזאַמענקום, אַ סינדיקאַט־זיצונג, אַ שטרייק, אַ דעמאָנסטראַציע, אָדער גאָר אַ פּשוטן זונטיק פון אַ פּאַריזער פּראָלעטאַריער, שעפּן זייער כח אין אָט דעם באַוווסטזיין צו געהערן צו אַ קאָלעקטיוו, צו זיין אַ רינגל, אַ קליין אפשר, אָבער אַן אבסאָלוט נייטיק רינגל אין דער גרויסער קייט פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. אָט דאָס באַוווסטזיין גיט דעם אינערלעכן פּאַטאָס זיינע לידער. אַ פּאַטאָס, וועלכער איז קיינמאָל נישט הילכיק, דונערנדיק, וועלכער איז אָבער אַ שטיל, גלייביק און עקשנותדיק דורכלויכט דורכן גראָען וואָכנטאָג, דחקות, נויט, פאַרפאָלגונג, פאַרוואָגלקייט; אַ פּאַטאָס וואָס גיט זין און תיקון.

אָט ווי דזשאַלאָווסקי באַשרייבט אַ שמוציקן ענגן אַרבעטער־פּערטל אין פּאַריז, ווו אַנשטאָט „רייען ביימער ביי די זייטן. . . שימלען נאָך די גאַסן־לאָמפּן ביי די פּלויטן", ווו „סיטעס — בלאָטעס, הויפן — חושך, הייזער קרומע", ווו די קינדער „מאָגען אייביק עסן מיט געוויין" ווו אָבער, זאָלט איר וויסן, אַז

„אין די סיטעס וווינען פירער און פּאָעטן,
„אַז דאָ ביי אונז
„גרייט מען נייע הימנעס און דעקרעטן"....

(„דאָ ביי אונדז")

אָדער זיין אייגן ענג שטיבל, ווו מען פּראַוועט נישט מער יום־טוב, ווו „נישט קיין לייכטער.... נישט קיין וויין אויף קידוש"

„אויפן אויוון, זעט זי, בלויז קאַרטאָפּל קאָכן, —
„אָט אזוי אַ פּראָסטער גראָער אינדערוואָכן"....

(„אַלע ערב יום־טוב")

ווו אָבער אויך דאָ, אין פּאַריז,

„. . . די ארבעטער פון אַלע בראַנזשן און פאַכן,
„גרייטן דאָ אַ נייעס, אַ גרויסן יום־טוב מאַכן" . . . .

אָט דער דאָזיקער גלויבן, די דאָזיקע פאַרבונדנקייט מיט זיין קלאַס, מאַכט דזשאַלאָווסקין צום ליריקער פון טאָג־טעגלעכן קלאַסן־קאַמף, איך וואָלט געזאָגט צום ליריקער פון איינפאַכן, דערפאַר אָבער נישט ווייניקער העלדישן, אַלטאָג פון מיליטאַנטן פון דער ארבעטער־באַוועגונג.

ווייל, און דאָ קום איך צום גרונט־שטריך פון דזשאַלאָווסקיס דיכטונג, ער איז פאַר אלצדינג און אין אלצדינג קודם־כל אַ ליריקער. ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען — זיינע קאַמף־לידער, זיינע לידער פון טראָץ און ווידערשטאַנד, פון פּאָליטישער ציל־באַוווסטקייט, זיי זענען תמיד צאַרטע ליריק. דזשאַלאָווסקי איז אַ הונדערט־פּראָצענטיקער ליריקער, אפילו דאַן, ווען ער גופא שטרעבט אַרויסצוברענגען יעדע לירישע השתפכות־הנפש פון דעם אָדער יענעם ליד. צי ער זינגט זיינע זכרונות פון דער אַלטער היים, דעם פרומען יידן, וועמענס „פּלייצעס זענען צו שוואַך צו ווערן אַ טרעגער" און „וואָס טוט זיך אויס דאָס לעצטע ביסל האָפן", דעם זיידע־באָבעס שטיבל: „פיר שויבן אין פענצטער, אַנטקעגן — צווי ביימער", די אַלטע היים פון דלות, אונטערדריקונג, „סאַנאַציע", שפּיצלעס, תפיסות, צי די נייע לענדער, דורך וועלכע ער ציט „אָן פּאַס און אָן וויזעס", צי די שטאָט, אין וועלכער ער געפינט ענדלעך נישט בלויז אַ מקום־מקלט נאָר אויך אַ ניי היימלאַנד און אַ נייע ליבע, פּאַריז — אומעטום באַזינגט ער קודם כל דעם איבערברוך פון געשעען אין דער פּריזמע פון זיין אייגענעם געפיל, זיין אייגענעם עכאָ, זיין אייגענער רעאַקציע. נאָר — און דאָס מאַכט זיין ליריק אזוי נאָענט פאַר יעדן — זיינע געפילן זענען נישט קיין באַזונדערע, אויסטערלישע, זיי זענען די געפילן פון אַזויפיל באַשיידענע, מוטיקע, פאַרהאַרטעוועטע טוער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס אָבער בלויז דער דיכטער קען פאָרמולירן און אַרויסזאָגן.

אין אָט דעם ליריקער ליגט באַהאַלטן אַ גוטע פּאָרציע פון ראָמאַנטיזם. דזשאַלאָווסקי איז אָבער אַ ראָמאַנטיקער בסתר, פונקט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט מיטן אייגענעם ראָמאַנטיזם. און ווען ער באַצייכנט מיט דעם דאָזיקן נאָמען אייגנס פון זיינע בעסטע לידער, טוט ער עס בכיוון, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט מיט דעם אונטערשטרייכן, אַז דאָס איז בלויז

סתם אַזוי, אַמאָל אַ שפּילכל אזא, אָפּזייטיק פון גרויסן דיכ־טערישן וועג...

„די אויגן פון יינגל, ווי טייכעלעך טרערן,
„אַ בעט איז דערלעבן, נו, לענט ער זיך אַן —
„אין חלום דעריאָגט ער דעם גוי פון די עופות
„און קויפט פאַר אַ שיבוש דעם גילדערנעם האָן . . .״

אָט דאָסדאָזיקע יינגל אויף דעם זוכעניש נאָכן „גילדער־נעם האָן״ איז דזשאַלאָווסקין געבליבן אין אלע זיינע לידער. נאָר ער זוכט אים נישט אין פאַרפלאָנטערטע וועלט־פרעמדע חלומות, נאָר אין טאָג־געשעען גופא, אין האַרטן ווירקלעכ־קייט־קאַמף. זיין ראָמאַנטיק איז נישט קיין אנטלויפן פון דער רעאַלקייט, נישט קיין אויסווייכן. אומגעקערט: זי איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן טאָג־טעגלעכן בלוטיקן געראַנגל. ס׳איז די ראָמאַנטיק פון אקטיוון גלייביקן קעמפער, ענג פאַר־קניפּט מיט זיין קלאַס, מיט זיינע חברים, מיט וועלכע ער זיצט טעגלעך ביי די ניי־מאַשינען און אויף זיצונגען, דע־מאָנסטרירט אין די גאַסן.

וואָס פאַר אַ וווּנדער, אויב זיין ראָמאַנטיזם דרייט זיך אויס מיט די וואָרצלען נישט צו דער פאַרגאַנגנהייט נאָר צו דער צו־קונפט, זוכט זיין יניקה נישט אין אַלטע אָפּגעבלייכטע מע־שיות פון די זיידעס, נישט אין די חלבדיקע ליכט פון גע־שטאָרבענע שבתים. אַ זון פון פאָלק, וואָס די דאָזיקע אַלטע סימבאָלן באַדייטן פאַר אים מער ווי שרעקלעכער דלות און פאַריאושטע הכנעה. זיין לירישע פאַרבענקטע נשמה זוכט די פליגלען־ווייען פון „גילדערנעם האָן״ אין די שוואַרצע זונלאָזע אָטעליעס פון די בעלווילער קליין־פאַבריקאַנטן, אין די לאַנגע אָנגערויכערטע זיצונג־צימערן פון סינדיקאַטן און אַרבעטער־קלובן, אויפן שטאָקיקן „ביט שאָמאָן״, ווו עס רוען זיך אָפּ קלאָשאַרן, שטרייקער און אָרעמע פרויען, און קודם כל אין דעם העלן פלאַטערן פון די רויטע פענער, וואָס לאָזן זיך פון צייט צו צייט אַראָפּ פון די אַרבעטער־פּערטלען אויף די גרויסע בולוואַרן. אַקטיווער מיטקעמפער, איז זיין גאַנץ דענקען געריכט אויף דער רעאַליטעט, זיין דיכטונג שפּיגלט זי אָפּ, בשעת זיין צאַרטע נשמה זוכט נאָך אַלץ און אַלץ דעם ראָמאַנטישן פליען פון „גילדערנעם האָן״.

אָט אין דער שפּאַנונג צווישן פאַרבענקטער ליריק און אייזנהאַרטער רעאַליטעט וואַקסט אַרויס די דיכטערישע פּער־זענלעכקייט פון דזשאַלאָווסקין. עס איז נישט קיין צופאַל, דער דאָזיקער וועג איז שוין פאַרויסגעצייכנט דורך זיין גאַנץ לעבן פון די ערשטע קינדער־יאָרן ביז צום גרויליקן טויט אין די היטלעריסטישע גאַז־קאַמערן.

2.

דעם וועג פון אַ דיכטער קען מען אויפווייזן אויף צווייער־ליי אופנים: מען קען שטודירן זיין ביאָגראַפיע, די קינדער־און יוגנט־יאָרן, די סביבה, די אויסערלעכע השפעות, לעבנס־דערפאַרונגען. עטאַפּ פאַר עטאַפּ אויספאַרשן ווי יעדע פון זיי ווירקט זיך אויס אין שאַפן, דערקלערט עס, פאַרקייטלט זיך אין איינאַנדער. ס׳איז דער מעטאָד, שטאַרק באַליבט פון דער פראַנצויזישער קריטיק, דער מעטאָד פון היפּאָליט טען.

מען קען אָבער אויך גיין אומגעקערט: גאַרנישט וויסן פון מחבר און זיין לעבן. קענען בלויז דאָס ווערק, און פון אים גופא רעקאָנסטרואירן די דיכטערישע פערזענלעכקייט. פון די אָפּט קוים־באַמערקבאַרע ניואַנסן, פון פאַרמען און געדאַנ־קען אַרויסשאַפן אַ פערזענלעכקייט מיט אירע ליידנשאַפטן, אימפּולסן, ספקות און שטרעבונגען, מיט דעם אַרויף און אַרונ־טער פון לעבעדיקן עמפינדלעכן דיכטער פון פלייש און בלוט.

געוויס איז דאָ אַ גרויסע סכנה אין דאָזיקן מעטאָד. די גע־שאַפענע געשטאַלט קען לחלוטין נישט אַנטשפּרעכן דער ווירקלעכקייט. ווי אָפט אונטערשיידן זיך די שעפער פון די שאַפונגען! ווי אָפט זענען די ערשטע אומענדלעך העכער, קאָמפּליצירטער, רייכער ווי דאָס, וואָס געלינגט זיי צו זאָגן, און ווי אָפט גאָר איינפאַכער, וואַכעדיקער און גראָער ווי דאָס געשאַפענע! און דאָך מיין איך, אַז די אויפן סמך פון ווערק גופא געשאַפענע געשטאַלט איז אַ דורכויס־רעאַלע, אפשר אַ סך רעאַלער נאָך ווי דער ממשותדיקער טרעגער פון געבוירן־סערטיפיקאַט אויפן זעלבן נאָמען ווי דער מחבר, און וועמען מען באַגעגנט אין אַ רעדאַקציע, אין אַ קאַפע, מיט וועמען מען עסט אַמאָל צוזאַמען מיטאָג, אָדער מען פאָרט אין אַ באַן.

נישט דאָ איז דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלן באַריכות אויף דער דאָזיקער פראַגע. איך וועל אָבער זאָגן, אַז ביי דזשאַ־לאָווסקין האָב איך נישט קיין ברירה. איך קען גאָרנישט פון זיין לעבן און דאָך מיין איך, אַז דווקא ביי אים איז נישטאָ קיין שום געפאַר פון אַ טעות. לייענט מען זיינע לידער, ליגט זיין גאַנץ לעבן ווי אַן אָפן בוך. מען קען זיך טועה זיין אין דעם און יענעם פרט, די גרויסע ליניע אָבער פון זיין אַנטוויקלונג־גאַנג איז בולט. ווייל ער זינגט תמיד זיין לעבן, וואָס איז אויך איינצייטיק דאָס לעבן פון זיין קלאַס, דער גורל פון אַ גאַנ־צער שיכט יידישע אַרבעטער און אַרבעטער־טוער.

איך זע אים אַלס קינד, אַ באָרוועס אָפּגעריסן יידיש יינגל, מיט גראָע אייגעלעך און בלאָנדע צעקרייזלטע הערעלעך, ער־געץ ווו אין די ענגע שמוציקע געסלעך פון דער סמאָטשע. אַ קינד פון אַ שמאַכטנדיקער אין דלות משפּחה. אַ זיידע, נאָך אָפּהיטנדיק די לעצטע פאַרקוילטע פונקען פון אַ זיך אויס־לעשנדיקן שטייגער, „אַ ברייטער קאַשקעט און אַ באָרד״. אַ באָבע: „אַ טשיפּיק מיט פליטערלעך־ליכטלעך״, אַ שטוב, צי זיינע, צי אַ שכנס: „זיבן קינדערלעך ביים טיש שלינגען בולבעס״. טאַטע, מאַמע אויסגעדאַרטע, אונטער שטענדיקער דחקות געבויגענע. דער לעצטער שימער פון אַמאָליקער שבת־יום־טובדיקייט פאַרפלויגן. דרויסן: כאַפּטעס באָרוועסע קינ־דער פליעסקען אין ריטשקעלעך וואַסער. שמועסן פון על־טערע: קאַרגע לוינען, שטרייקן, שפּיצלעס, פאַריינען, פאַר־

טייען. און פון צייט צו צייט, ארויסברעכנדיק ווי דער „גילדער־נער האָן" פונעם חלום, קומט אָן פון די פינצטערע געס־לעך פּלוצלונג, ברייט שטראַלנדיק און רויט, די פאָן. „פליִיצן אויף די הויקער־שטיינער מענטשן, מחנות מענטשן... פּלוצים נעמט די גאַס אַ שיכורע זיך וויגן... קאָזאַקן פליען אָן".... און דער קערער אַ פּאָר שעה שפּעטער

„קערט צונויף אַ הוט, אַ לאַטש, אַ פּאַנען־שטעקן,
„און פאַרשיט מיט זאַמדן גלאַנציק־רויטע פלעקן...."
(„זכרונות" 1941)



אין דער מיט און לינקס: מ. דזשאַלאָווסקי און א. בעקערמאַן, פאָטאָגראַפירט אין פראַנקפורט א. מיין.

דאָס בילד קריצט זיך איין אויף תמיד אין גליענדיקן זכרון פון יינגל, „וואָס שטייט אין אַ לאַנג קאַפּאָטל אין אַ טויער־ווינקל, ליפּן טיף פאַרביסן, צאָרן אין זיין מינע"... ווערט צום רויטן פאָדים, וואָס ציט זיך דורך זיין גאַנץ לעבן. שטרעבן און דיכטן. קוים אויפגעוואַקסן — די לאַנגע שווערע אַרבעט אין די שניידער־וואַרשטאַטן. אַרום גייט דאָס לעבן. אַ נייע פּוילישע מלוכה אנטשטייט. די פּאַסאַדע ענדערט זיך: „הייזער פריש געקאַלעכט, ברוק אין גלאַטע שטיינער", אָבער די דחקות בלייבט די זעלבע, די עקספּלואַטאַציע די זעלבע, דער קאַמף דער זעלבער, דער אַלטער פּאָליציי־טעראָר דער זעל־בער. אַ חוץ דעם, וואָס אנשטאָט דעם גאָראָדאָוואָי איז עס איצט דער מיליציאַנט, וואָס היט די סמאַטשע. און ווידער „פון דער געגנט, מילע גייען יאָטן", ווידער פלאַקערט העל און ברויזנדיק די רויטע פאָן דורך די גאַסן. און דאָס יינגל, אויפגעוואַקסן דערוויל צו אַ שמאָלן בלייכן בחור מיט גראָע גרויס־אָפענע אויגן איז ווידער דאָ. זיינע רופן הילכן מיט אין כאָר פון די חברים פאַר די הויכע מויערן פון די תפיסות פון פאַנאָוונעם, יאַסנאָוויעלמאַזשנעם, קאַפּיטאַליס־טישן, זיך גיך פאַשיזירנדיקן פוילן. ער פאַרזוכט דעם טעם פון די האַגלדיקע פּאָליציי־שטעקנס, שפּרינגט איבער די פלאַנ־קענס פאַר זייערע אַטאַקעס. קלעפּט בשתיקה פאַרבאָטענע פּלאַקאַטן אויף די ראָגן. טאָג פאַר טאָג: קוים „אַראָפּגע־שלונגען איילּיק די לעצטע קאַרטאָפל, נעמט מען פון הונגער דאָס רעקל אַרונטער". בייטאָג — דער וואַרשטאַט, אין אָוונט ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין — דער קלוב, דער סינדי־קאַט, די חברים, און אלס איינציקע אָפּוועקסלונג און אונטער־ברעכונג — די תפיסה.

אָבער דורך יעדן גראָען טאָג, דורך די בליי־אַנגעגאָסענע אָוונטן, וועבט זיך דער חלום פון דעם איינמאָל אין דער פאָן דערהאַרכטן פליגל־פאָכען פון „גילדערנעם האָן". אפילו אין שטומפן „איינס, צוויי, דריי" פון מאָרגן־שפּאַצירן אויפן תפי־סה־הויף:

„און אינמיטן אַ הון,
„ אַ זילבערנע טויב,
„און אַ גאָלדענע זון."
(„תפיסה 1.")

אַלץ ענגער, שטיקיקער ווערט די אַטמאָספער פון צעבושע־ווען פאַשיזם, וואָס לאַסטעט איבער דעם לאַנד, און בפרט איבער דער יידישער אַרבעטערשאַפט. דזשאַלאָווסקי עמיג־רירט. זיין וועג איז דער געוויינלעכער פון דער יידישער עמיגראַציע צווישן די צוויי מלחמות: ווין, בערלין, האַמבורג, בעלגיע, פּאַריז.

שווער איז דער אָפּשייד. תמיד וועט דזשאַלאָווסקי טראָגן אַ בענקשאַפט נאָך דער שטאָט, וווּ ער האָט פאַרלעבט זיינע ערשטע יאָרן, געליטן דעם ערשטן הונגער, דערשפּירט דעם ערשטן שטעקן־קלאַפּ, אָבער אויך צום ערשטן מאָל דערזען די לויכטנדיקע פאָן. נאָך אין 1941 אין איינס פון זיינע לעצ־טע לידער, אין שוין אויבן ציטירטן ליד „זכרונות" שרייבט ער:

„איך בענק נאָך דיר, מיין וואַרשע, ווי מען בענקט נאָך פרייהייט,
„כ'וואָלט דיך וועלן זען און מיט דיר זיך פרייען,
„זען אויף דיינע גאַסן יום־טובדיקע רייען,
„זיין אין דיינע תפיסות, אָט ווי אין מוזייען,
„אַזוי ווי כ'זע דיך, היים־שטאָט, אין מיין טרוים דעם בלויען"...

3.

די וואַנדער־יאָרן, וואָס זענען איינצייטיק דיכטערישע לער־יאָרן פאַר דזשאַלאָווסקין ענדערן נישט זיין מהות, די גרונט־טענדענץ פון זיין שאַפן. ער גייט אַוועק פון זיין אַלטער היים שוין אידעאָלאָגיש אַ געפורעמטער. און דאָס, וואָס ער טרעפט אָן אין די נייע לענדער, איז בלויז מסוגל אים נאָכמער אין דעם צו באַפעסטיקן. ס'איז, אין תוך גענומען דאָס זעלבע

בילד: ווידער שווערע אַרבעט, רעכטלאָזיקייט און קאַמף. און דזשיאַלאָווסקי פילט זיך נישט דאָרט אַן אויסגעוואָרצלטער, אַ פאַרוואַגלטער. אומעטום טרעפט ער זיינע ברידער אין קאַמף, געפינט ער די מאַרשירנדיקע רייען, אין וועלכע ער קען זיך איינשליסן.

אָבער די באַגעגעניש מיט נייע לענדער, אַנדערע אָרטן פון פילן, פון אויפנעמען זאַכן און דערשיינונגען, דערוויטערן זיין האַריזאָנט, עפענען אים אויף נייע ניואַנסן אויף דער זעל־בער פאַליטרע. זיינע לידער ווערן פילזייטיקער, טיפער, די לירישע באַטאָנונג באַוווּסט, באַטאָנטער.

„ס'איז נישט בלויז קיין שטעקן אין דער האַנט צו נעמען
„און אַ שפּריז טון דורך דער טיר —
„אין נעם דאָס גאַנצע לעבן מיט מיט זיך
„אויפן שווערן וועג פון מיר — צו מיר."
(„זומער 1936")

מיר דאַכט זיך אָבער אז ערשט אין פּאַריז געפינט זיין פּאָ־עזיע איר רייפקייט און אירע בעסטע וואָרעמסטע קלאַנגען. אַ, געוויס, זיין פּאַריז דאָס איז נישט די שטאָט פון די גרויסע רוישיקע בולוואַרן, די ליכט־שטאָט פון שאַנז־עליזעי, אָדער דאָס פּאַריז פון די קינסטלער און וויסנשאַפטלער. זיין פּאַריז דאָס איז צוערשט מעניל־מאָנטאַן, ביט־שאָמאָן, די סיטע לע־סאַזש און פּיקסערקור, בעלוויל, דער פּראָלעטאַרישער, רוי־טער בעלוויל, וואָס איז אויך דער צענטער פון דער פּאַריזער יידישער אַרבעטערשאַפט. וואָס ער באַגעגנט צוערשט איז דאָס געוויינטע בילד פון נויט און פאַרפאַלגונגען. „די מידקייט איז אַן אייביקע", „עס יאָגט דער פּאַטראָן פונעם הויז", עס יאָגט די „קאַרט ד'אידאַנטיטע" (פּאַפּירן פון אויסלענדער). ווו ער קומט נישט, איז זיין אָרט תמיד ביי די, וואָס אַרבעטן, ליי־דען און קעמפן:

„אַ גרוס דיר אַלטער טאַטע, פון פּאַריז!
„איך שטרייק און איך בין אַ דעמאָנסטראַנט,
„און ווי דער אַרבעטער אין יעדן לאַנד,
„איך ווער באַגאָסן מיט מיין אייגן בלוט . . ."
(„גרוסן")

אָבער דאָ אין פּאַריז לעבט ער זיך איין, ער געפינט אַ נייעם באָדן, ווו זיך איינצוואָרצלען. ער באַקענט זיך מיט אַן אַנ דער שטייגער פון אַרבעטער. וואָס קעמפן אָבער פאַרשטייען אויך צו פילן די פרייד. ער לערנט זיך ביי די פראַנצויזן צו „שלאָגן שמייכלדיק און בלוטיק" דעם שונא. אזוי ביסלעכ־וויז וואַקסט ער אַריין אין נייעם לעבן. ס'איז דער זעלבער גרונט־מאָטיוו ווי פריער אין זיינע לידער: דער אַרבעט־טאָג אין אַטעליע, דער אָוונט אין קלוב, די דעמאָנסטראַציע, דער זונטיק פון קעמפער: אַ פּאָר שעה לענגער שלאָפן, אַ ריין־געדעקטער טיש און אַ נאָכמיטאָג אין קלוב, וואָס גיט נייע אָנלאָדונג פאַר אַ וואָך מי און קאַמף. אָבער ער לערנט ארויס־צו געפינען אַט אַפילו אין דעם אָרעמען זונטיק דאָס ביסל פרייד, וואָס ליגט אין אים:

„מיד, נאָר שמייכלענדיק גיי איך אַנטקעגן דעם טאָג
פון שבת....
„די שעה איז מיינע און מיינע איז די רו,
„קען איך עסן ביי אַ קלאָר־געדעקטן טיש,
„און זעט דאָס גאַנצע לעבן איז פאַרבעטן,
„מיין זופּ איז זיס, מיין זופּ איז היים און פריש!"
(„זונטיק")

דער טאָן פון זיין דיכטונג ווערט מילדער. צום ערשטן מאָל דערפילט ער און באַזינגט די נאַטור, אַ זוניקן זונטיק־נאָכמי־טאָג, אַ לאָנקע מיט אַ בלאָער בין.

אָבער דערביי בלייבט ער שטענדיק דערזעלבער. דער זינ־גער פון דעם טאָגטעגלעכן אָרעמען לעבן, פון דעם טאָגטעג־לעכן קעמפן. ער געפינט די ריכטיקע נאָטע פאַר דער אָנ־שטרענגונג, דער דאגה פון דעם טוער פון דער אַרבעטער־באַ־וועגונג, פאַר זיין גלויבן און מוט. אים פעלט אָבער דאָס וואָרט פאַר די הויך־אויפבראַוזנדיקע מאָמענטן. אַפילו דער אויפשטו־רעם פון „פאָלקס־פראָנט" אין 1936 בלייבט אָן אַן אָפּקלאַנג. לכל הפחות אין ביכל „אַ ברוויט מיט אַ מעסער", וואָס איז דאָך דערשינען אין 1937. אים ציט מער צו דעם שטילן פאַרביסע־נעם צאָרן פון ליידנדיקן, ווי צו דעם פּאַטעטישן אויסברוך פון די גרויסע היסטאָרישע מאָמענטן. אַט דערפאַר געפינט ער אַזעלכע רירנדיקע, דירעקט צום האַרצן גייענדיקע טענער אין זיינע „נעגער־לידער". אין וועמען דערקענט ער נאָך אַזוי זיין ברודער, — דער דריימאָל געשונדענער און אונטערדריקטער יידישער פּראָלעטאַריער פון דער סמאָטשע, ווי אין דעם שוואַרצן אַרבעטער, וואָס ליידט אויך פון „טאָפּלטע פּיין: פון אַ נעגער און פון אַ קנעכט", און וועמענס וויסע נשמה, וואָס „שמעקט ווי מאַראַנצן־צוויט" איז פאַר אים דעם דיכטער, די נשמה פון זיינע פאַרפאָלגטע געפּייניקטע ברידער?

ווייל אויב אין די לעצטע יאָרן אין פּאַריז ווערט אויך די נאַציאָנאַלע יידישע נאָטע ווידער אויפגעלעבט, בלייבט זי ביי דזשאַלאָווסקי תמיד איינגעהילט אין דער סאָציאַלער. ער איז תופס די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג פון יידן אַלס יידן, נאָר אַלס אַ טייל פון דער אַלגעמיינער אונטערדריקונג, זייער קאַמף אַלס אַ טייל פון אַלגעמיינעם קאַמף, זייער באַפרייאונג אַלס אַ נייטווענדיקער רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער באַפרייאונג פון מענטשן פון נויט און אונטערדריקונג.

אויך ריין פאָרמעל אַנטוויקלט זיך דזשאַלאָווסקיס פּאָעזיע אין פּאַריז. זיינע פּאָעטישע פאָרמען ווערן רייכער, זיינע בילדער קונסטפולער, זיינע גראַמען אָריגינעלער. די אַטמאָספער פון דעם גרויסן קולטור־צענטער באַאיינפלוסט אים. זיין אינטע־רעסן־קרייז ווערט ברייטער. זיין ליבע און פאַרשטענדעניש פאַר דער מערקווירדיקער שטאָט, אין וועלכער ער לעבט און לעבט זיך איין, ווירקט זיך אויס אין אַן אַלץ אַנטוויקלטערן

שיינקייט-געפיל, אין אַן אַלץ גרעסערן זין פאַר האַרמאָניע. דאָס קומט בולט צום אויסדרוק אין זיין אַריינפיר צום בוך „ אַ ברויט מיט אַ מעסער", ווו דער דיכטער ווענדט זיך צו פּאַריז:

„דיך פאַרגלייכן מיט אַ ליד ?
„פאַרגלייכן דיך — מיט וועמען ?
„ס'איז די שיינקייט פון דיין יעדן גליד
„שענער פון דער פּרעכטיקסטער פּאָעמע ! "

4.

פון די לעצטע יאָרן האָט דזשאַלאָווסקי איבערגעלאָזט ווייניק דיכטונגען. אפשר זענען אַ סך פאַרלוירן געגאַנגען. די איבערגעבליבענע זענען אָפּגעראַטעוועטע כתבים. פאַרגעלטע פון לאַנגען ליגן ערגעצווו באַגראָבן, צעפרעסענע בלעטלעך. מען דאַרף זיי פאַרזיכטיק בלויז אָנרירן, זיי זאָלן זיך נישט צעשיטן אין שטויב. אַ פּאָר אַרויסגעריסענע העפט-זייטן מיט אָנגעקריצלטע בלייפעדער-שורות — די לעצטע לידער געשריבענע שוין אין לאַגער פון דראַנסי.

די דאָזיקע ווייניקע געראַטעוועטע מאַנוסקריפּטן ווייזן אָבער אַז דזשאַלאָווסקיס טאַלאַנט האָט זיך געפונען אין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. אַ היבש ביסל לידער זענען נאָכדיכטונגען פון כינעזישע געדיכטן. זיי זענען פאָרם-פאַרענדיקטער ווי אַ סך פריערע. נייע ריטמען, אַנדערע גראַמען-קונסט דערקלינגען אויך אין די עטלעכע איבערגעלאָזענע אָריגינאַל-לידער.

אָבער אויך אין די דאָזיקע יאָרן, אין די יאָרן פון דער זיך אָנרוקנדיקער כמאַרע און פון דעם אויסגעבראָכענעם שטורעם, בלייבט זיך דזשאַלאָווסקי טריי. ער מיידט די גרויסע ווערטער. זיין מוזע בלייבט די פון אַלטאָג, פון שווערער, אַלץ פינצטערער ווערנדיקער אַלטאָג, אויף וועמענס גרונט אָבער שפּרודלט אָן אויפהער דער קוואַל פון גלויבן אין זיג איבער דער פינצטערניש.

„ווי אַ פראָווינצער פאַרליבטע דערוואַרט פון געליבטן אַ בריוו,
„אַזוי-אַ דערוואַרט איך אַ יעדן פרימאָרגן די צייטונג,
„אפשר וועט ברענגען מיט מזל דער טאָג די ישועה..."
(„ווי אַ פּראָווינצער" 1939)

אויף דער קריג, די אָקופּאַציע לעשן נישט אויס דעם דאָזיקן גלויבן. פאַרקערט ער ווערט נאָך פעסטער און זיכערער; כאָטש ער געפינט נישט גלייך דאָס גרויסע וואָרט, וואָס דאַרף אַריינגעשליידערט ווערן אין די נייע קאַמף-פאַרמען. גרויסע ווערטער איז בכלל נישט דער כוח פון דזשאַלאָווסקי. ער איז דער זינגער פון אַלטאָג, און עס דאַרף געדויערן אַ ווײַלע ביז די נייע, ווילדע און בלוטיק-קעמפנדיקע צייט וועט זיך שאַפן אויך אַ מין אַלטאָג, אַ דערווײַלע.

„... כ'פאַרשלים מיר דאָס מויל מיט דער אייגענער האַנט,
„און כ'פועל ביי זיך נאָך צו האָבן געדולד ;
„ווייל ווער ס'האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט פון אַ לאַנד
„וועט זיכער און זיכער באַצאָלן זיין שולד ! "
(„אין דער פינצטער" 1940)

אָבער נאָך שטאַרקער רעדט זיין בטחון, זיין האָפן אין דעם גרוס צו בינעם העלערן, אָנגעשריבן אין אַפּריל 1940:

„... דו לעבסט ווי אַ פּאָעט און ווי אַ ייד,
„באַפרייט דורך די סאָוועטן ! "

זיין ליריש, צאַרט געפיל וויברירט באַזונדער שטאַרק אויף די שנויים, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט אין זיין געליבטער שטאָט, אין פּאַריז. ער מערקט ווי צום ערשטן מאָל זייט צענדליקער יאָרן דערשיינט ווידער די לבנה איבער די אויסגעלאָשענע פאַריזער גאַסן. זיין „גרוס פון דער לבנה" — איינס פון זיינע לעצטע לידער איז אויך איינס פון די בעסטע.

ווי וואָלט דזשאַלאָווסקי, ווען ס'וואָלט אים געווען באַשערט, אונדז שפּעטער געשילדערט דעם אַלטאָג פון שווערן אונטערערדישן קאַמף, ווי וואָלט ער איבערגעלעבט און פאָרמולירט די געפילן פון דעם באַשיידענעם, אָבער העלדישן מיליטאַנט פון בלוטיקן שטרייט קעגן אָקופּאַנט: די טרעפּעניש, די געהיימע דרוקערייען, די ליטעראַטור און וואָפן-טראַנספּאָרטן, די מיליטערישע אַקציעס. ס'איז נישט באַשערט געווען! פון פּיטיוויע איז ער אַוועק קיין אוישוויץ, און דאָרט האָט דער היטלערישער רוצח איבערגעריסן דעם אַנטוויקלונג-גאַנג פון אַ נאָך פיל-צוזאָגנדיקן טאַלאַנט.

געוויס קען מען דיסקוטירן איבער די פאָרמעלע ווערטן פון דזשאַלאָווסקיס דיכטונג. מען קען נאָכווייזן די פאַרשידענע איינפלוסן, מען קען אַרויסקלייבן דעם אָדער אַנדער באַנאַלן גראַם, מאָטן ריטם, פּראָזאַאישע שורה. ער איז אָבער אַ זעלטענער פון דער ליטעראַרישער מחנה, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין דער יידישער פּאָעזיע אַ נייע נאָטע, אַ באַזונדערן חן: דעם חן, דעם שטילן, ערלעכן, פאַרביקן גלאַנץ פון דעם פשוטן איבערגעגעבענעם אַקטיוויסט פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. די וואָס האָבן דערפילט זיין אייזערנעם ווילן און זיין פאַרבענקטע טיף-מענטשלעכע נשמה. די נשמה פון וועלכער דער אַקטיוויסט און זיין דיכטער רעדן נישט קיין סך, ווייל ס'איז עפּעס האַמעטנע דעם מענטשן פון דער טאַט, דער אַקציע זיך אַזוי צו אַנטפּלעקן. אָבער דאָס איז דער סינטעז צווישן קלאָרן געדאַנק, האַרטן ווילן, הייסן האַרץ און צאַרטער נשמה, וואָס שאַפט יענעם העכערן טיף פון נייעם מענטשן, פון דעם סאָלדאַט פון דער גרויסער באַפרייאונג-שלאַכט.

אָט אַזוי וועט בלייבן דזשאַלאָווסקיס הייליקער אָנדענק: דער ליריקער פון טאָגטעגלעכן געראַנגל, אַ שטילער מויערער, וועמענס ציגל איז שוין אַריינגעגאַנגען אין דער גרויסער געביידע, וועמענס פונדאַמענטן זענען שוין געלייגט און וועמענס פאַסאַדע הייבט שוין אָן זיך אָנצוצייכענען דורך די נאָך הערשנדיקע נעפּלען...

י. שטאַמפּאַטער

# מ. דזשאַלאָווסקי אין וואַרשע און אין פּאַריז

מ. דזשאַלאָווסקי איז געקומען צו אונדז פון דער יידישער פאָלקס־שול. זיין יוגנט איז געווען אַ קייט פון נויט און ליידן. איך געדענק גוט זיין יוגנט און זיינע ערשטע דיכטערישע טריט. ס'איז געווען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן 1920־21.

מ. דזשאַלאָווסקי האָט געלעבט אין אַ קרייז פון יונגע יידישע שרייבער, וואָס האָבן געבילדעט אַ וואַרעמע סביבה. געווען איז עס אין דער „אַרבעטער־היים", אויף קאַרמעליצקע 23, ווו עס זענען אַרויפגעקומען אַרבעטער, פאָלקס־מענטשן און יידישע אַרבעטער־אינטעליגענטן. יעדעס ניי־אָנגעשריבענע ליד איז קודם־כל אַהין אַרויפגעבראַכט געוואָרן. דאָרט האָט מען געלייענט, דיסקוטירט און אויסגעבעסערט. דאָרט האָבן זיי צוזאַמען געגעסן אין דער פאָלקס־קיך און צוגעהונגערט.

אַהין זענען אויך אַרויפגעקומען אונדזערע טייערע משה לייב בערנשטיין, דוד פליסקין, בייניש זילבערשטיין, א. בערן און מ. דזשאַלאָווסקי. געלעבט האָבן זיי אַלע צוזאַמען. זיי האָבן אַלעמאָל פאַרנומען זייער ווינקל ביי די טישלעך, און ווען איינער האָט עפּעס אָנגעשריבן, איז ער באַלד אויסגע־הערט געוואָרן דורך אַלע. יעדע וואָך האָט זיך באַוויזן אַ ניי ליד, אַ נייע דערציילונג אין די וואַרשעווער יידישע צייטונגען.

דזשאַלאָווסקי איז דעמאָלט געווען אַ האַנדלס־אָנגעשטעל־טער. ער האָט מיט זיינע קליינע פאַרדינסטן געמוזט אויס־האַלטן זיין אָרעמע היים. האָט ער טאַקע געליטן הונגער און דערביי זיך נאָך געטיילט מיטן אָפּגעשפּאָרטן מיט חברים שרייבער.

אין פּוילן איז דעמאָלט געוואָרן וואָס אַ טאָג ערגער. דער עקאָנאָמישער באָיקאָט קעגן יידן איז אַלץ שטאַרקער גע־וואָרן. יידישע אַרבעטער און יידישע אינטעלעקטועלע זענען געצוווּנגען געווען אויסצוואַנדערן. צווישן דעם דאָזיקן ע־מיגראַציע־שטראָם איז אויך געווען דזשאַלאָווסקי.

אין 1929 איז דזשאַלאָווסקי צוזאַמען מיט זיין פרוי געקו־מען קיין פראַנקרייך, ער איז אַריינגעפאַלן אין דער שטאָט פון לוקסוס און פון ביטערן געראַנגל, אַן אַ פאַך, אָן שום מיטלען צום לעבן. אָבער פריינט און באַקאַנטע האָבן אים שנעל געהאָלפן. דער קרייז פון יידישע קולטור־כוחות האָט זיך דאָ געהאַלטן אין אויסברייטערן און אַלע זענען צופרידן געווען, וואָס עס איז געקומען נאָך איינער. צונויפגעקומען איז מען זיך דעמאָלט אויף רי לאַנקרי 10, אין דער „קולטור־ליגע". דאָ איז געווען אַ גרויסע ביבליאָטעק, דאָ זענען אָפּט פאָרגעקומען דיסקוסיע־אָוונטן, רעפעראַטן. ס'איז געווען די צייט, ווען די „קולטור־ליגע" איז געוואָרן דער צענטער פון יידישן קולטורעלן פּאַריז.

דזשאַלאָווסקי האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי גומענע מאַנטלען. דאָס פאַך איז זייער שעדלעך געווען פאַר זיין געזונט און שוין דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו ליידן אויף די לונגען. ער האָט געוווינט אין אַ קליין דירהלע אין סיטע פּאָפּענקור און נאָך דער אַרבעט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיטן שרייבן. עס איז אים די ערשטע צייט נאָך שווערער געווען ווי אין פּוילן. ער איז דאָ אַריינגעפאַלן אין אַ פרעמדער וועלט. מען פילט עס אַרויס פון די שיינע, לירישע לידער און פּאָעמעס, וואָס ער האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט אין דער „נייע פּרעסע" און אַנדערע אַרבעטער־צייטונגען. האַלבע נעכט איז ער אָפּגע־זעסן ביי זיך אין דעם קליינעם שטיבעלע; געשריבן און גע־אַרבעט איבער זיך.

ער אָרדנט זיך דאָ איין אַ קליינע דירה ווו ער האָט ביים איינגאַנג אַ קליין שטיבל. בלויז ער אַליין קען דאָרט אַריין, אַזוי קליין איז עס. ער זיצט דאָרט אַפּ האַלבע נעכט, לייענט און שרייבט. באַגינען שטייט ער שוין אויף די פיס: מען דאַרף ווידער לויפן צו דער אַרבעט, קלעפּן די גומענע מאַנט־לען. ביז ער ווערט קראַנק פון אַט דער אומגעזונטער אַרבעט, און ער פאַלט אַוועק. אַ שטיקל צייט רוט ער זיך אָפּ און באַ־שליסט דערנאָך צו טוישן דעם פאַך. ער ווערט אַ מאַראָקינע־ריסט — שוין אַ לייכטער פאַך.

אין 1937 דערשיינט זיין בוך לידער „אַ ברויט מיט אַ מע־סער", די שרייבער־גרופּע אָרדנט אים איין אַ גרויסן אָוונט, ווו עס ווערן אָפּגעשאַצט זיינע ליטעראַרישע פאַרדינסטן, זיין טאַלאַנט. דאָס זענען די זעלטענע מאָמענטן פון פרייד ביי אַן אַרבעטער־דיכטער.

עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה. ער אַנגאַזשירט זיך אין דער פּוילישער אַרמיי אין פראַנקרייך, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען פּאַריז, קערט ער זיך אום און אַרבעט ווייַ־טער ביי זיין פאַך.

עס הויבט זיך אָן דאָס געיעג אויף יידן, מען כאַפּט קיין פּי־טיוויע, באָן לאַ־ראָלאַן און דערנאָך אין דראַנסי. דאָרט גופא שאַפט ער ווייטער מיט עקשנות און שנאה צום היטלעריס־טישן פאַשיזם. ער איז אַלעמאָל פאַרבליבן פול מיט בטחון, אַז די יידן וועלן אויך היטלערן איבערלעבן.

זיינע פאַראויסזעונגען זענען געווען ריכטיקע, אָבער ער אַליין איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

יהודית קאַלמאַן

# מיט מ. דזשאַלאָווסקי אין דראַנסי

דראַנסי. שטיינערנע קברים, לעבעדיקע מתים. דאָך, די וואָס לעבן דאָ אין די שטיינערנע מויערן, הינטער די שטעכל־דראָטן, טראַכטן אַנדערש. זיי אָטעמען דורשטיק אין די קאַלטע לופט, כאַפּן אַריין די בלייכע שטראַלן פון דער ווינטערדיקער זון. מען אָרגאַניזירט רעפעראַטן, מען גיט אַרויס אַ לעבעדיקע צייטונג, מען וואַרט אויף פּעקלעך, ווייל די פּעקלעך דערהאַלטן ביים לעבן. פאַראַן אַזעלכע, וואָס פאַר־קריכן זיך מיט זייערע פּעקלעך אין אַ ווינקל, ווי אַן אויס־געהונגערטע חיה אין דער נאָרע, פאַרשלינגען די קאַרטאָפל מיט דער שאָלעכץ, דאָס פליש כמעט מיט די ביינער. אַנ־דערע ווידער, נישט אַנדערש אויסגעהונגערט, באַהערשן זיך, לייגן אַרויף אַן אייזערנע דיסציפּלין דעם אויסגעמאָגערטן קערפּער, טיילן זיך מיט די פּעקלעך. זיי האַלטן זיך נישט פאַר בעסער, פאַר אידעלער פון די אַנדערע. זיי ווייסן נאָר, אַז אין דעם אומברחמנותדיקן קאַמף, וואָס קומט דאָ פאָר, דאַרף מען זיך פאַרטיידיקן אויף אַ קאָלעקטיוון אופן.

אין אַ פייכטן יאַנואַר־אָוונט איז צו מיר אַנקע געקומען צולויפן:

— ווייסט וועמען זיי האָבן געברענגט צופירן?

— וועמען?

—דזשאַלאָווסקין.

—אָך.

ס'האָבן זיך אַ שיט־געטין דערמאָנונגען, דיסקוסיעס אין ליטעראַרישן קלוב, ימים־טובים און האָפענונגען, האָפענונגען נישט דערפילטע.

גוט. כ'בין געלאָפן אים אויפזוכן און באַשלאָסן צו זיין פריילעך.

— אַ גוטן אָוונט דיר, דזשאַלאָווסקי! זיי באַגריסט, פאַר־שטייער פון פאַריזער שרייבער־פאַרבאַנד ביי אונדז אין דראַנסי!

— זע נאָר, זע נאָר, ווי דו גרויסט זיך! „ביי אונדז אין דראַנסי!“ איך בין שוין דאָ אויך אַ בירגער, פּונקט אַזוי ווי דו און ווייסטו אפשר פאַרוואָס איך בין אַהערגעקומען?

— פאַרשטענדלעך, כדי זיך צו זען מיט מענטשן און בעיקר, אונדז געבן אַ רעפעראַט וועגן יידישער ליטעראַטור.

— אַט, אַט, טייערינקע, האָסט געטראָפן. אַז מען וויל זיך זען מיט פריינט און נאָענטע, דאַרף מען קומען היינט קיין דראַנסי. קענסט דעם קליינעם פּיעראַ?

— דעם קאָמיוגיסט פּרץ, דעם זון פון אהרן בעקערמאַן?

זיכער קען איך אים. ער איז אַ מיטגליד פון אונדזער קאָ־לעקטיוו.

אהרן בעקערמאַן געפינט זיך אין דער אַזויגערופענער „פרייער זאָנע“. אפשר וועט זיך אים כאָטש איינגעבן אַרויס־צוראַטעווען פון זייערע לאַפּעס . . .

כ'האָב זיך גענומען באַטראַכטן דזשאַלאָווסקין און פעסט־געשטעלט, אַז דער גלאַנץ אין זיינע אויגן איז אַ פּיבערדיקער, אַז אויף זיין פּנים בייט זיך אַ טויטלעכע בלייכקייט מיט אַ פּורפּורנער רויטקייט. ער איז געווען אויסגעשעפּט, זיך מיט כוח געהאַלטן אויף די פיס און געזוכט דאָס צו פאַרבאַהאַלטן הינטער אַ געמאַכטער פריילעכקייט.

— איך זע, אַז די רייזע האָט דיך אַביסל מיד געמאַכט, דזשאַלאָווסקי. גיי שלאָף זיך אויס. מאָרגן וועסטו זיין אַ נייער מענטש.

— ניין, איך בין גאָרנישט מיד. און אפילו ווען איך זאָל אַמאָל אַרויסקומען פון דאַנען, וועט מען אים קענען „באַזינ־גען“, דעם דראַנסי.

אין די ווינטערדיקע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען באַגלייט פון פּיעראַן אין אַלע בלאָקן. זיך אַרומגעקוקט, זיך מיט אַלע־מען פאַראינטערעסירט, געמאַכט נאָטיצן, פאַרצייכענונגען.

— איך ווייס — האָט ער געשמייכלט — אַז די פאַרצייכע־נונגען וועלן פונדאַנען נישט אַרויסקומען. נאָר וואָס זאָל איך טון, שוין איינמאָל אַזאַ שרייבערישע געוווינהייט.

און אין איינעם שיינעם טאָג האָט מען מיך געשיקט רופן אין ביוראָ און געמאָלדן, אַז זייענדיק אַ פּאַלעסטינער בירגערין, שיקט מען מיך אַוועק אין דעם ענגלישן לאַגער קיין וויטעל. וויטעל ! ווו מענטשן וווינען אין דעם „גראַנד האָטעל“ מיט זיינע פּראַכטפולע קאַלאָנען און טעפּיך־באַלייגטע צימערן, ווו מען באַקומט פּעקלעך שאָקאָלאַד, סיגאַרעטן און אַלדאָס גוטס. אין אַלטן פּאַרק רוישן ביימער, עס געפינט זיך אַ טייכל און עס שווימט דאָרט אַרום אַ ווייסער שוואָן. אַ חלום.

פאַרוואָס פאַלט מ י ר אָט דער גורל צו? דאָ, אין דראַנסי ,פאַרגייט די עליטע פון יידישן פאָלק — מעוועק, דער העלד פון שפּאַניע, יצחק, דער ערלעך־איבערגעגעבענער יצחק פון 20־טן און ער, דער בלייכער דיכטער מיט דער צאַפּל־דיקער נשמה. וואָס וועל איך טון דאָרט אין דער פרעמדער סביבה? מיין פּלאַץ איז דאָ, ביי די, וואָס ליידן.

—זאָרג נישט — האָט יצחק געזאָגט — אונדזערע מענטשן טרעפט מען אומעטום .

—נו, גוט — האָט זיך אָנגערופן דזשאַלאָווסקי — מ׳עט פֿייערן דיין אָפּשייד. ווייַן איז נישטאָ, וועט מען מאַכן אַ גלעזל טיי.

— טיי ? זייט ווען ביסטו געוואָרן אַזאַ נגיד ?

— כ׳האָב באַקומען היינט מיין ערשט פּעקל.

איך האָב געוואָרפן אויף אים אַ גיכן בליק. ער איז געווען פריילעך, דאָך אויסגעזען האָט ער נאָך בלייכער ווי אין די ערשטע טעג. מ׳האָט געזען, אַז ער גייט פּאַקטיש אויס ווי אַ ליכט.

— דזשאַלאָווסקי, איך באַשווער דיך, דער צוקער וועט דיך דערהאַלטן ביי די כוחות גוטע אַכט טעג. מ׳עט פייערן מיין אָפּשייד מיט לידער, מיט געזאַנגען, דאָך דעם צוקער — בעט איך אים — באַהאַלט פאַר זיך . . .

— גיי, רעד נישט קיין נאַרישקייטן. איין מאָל בלויז לעבט מען אויף דער וועלט. וואָס ס׳וועט זיין אין אַכט טעג אַרום, קען קיינער פון אונדז נישט וויסן.

ס׳איז געזאָגט געוואָרן אין אַזאַ באַשטימטן טאָן, אַז כ׳האָב גאָרנישט געוואַגט אָפּצווענדן. האָט דער יונגער פּיערא אַרויסגעזוכט אַ פאַרשוואַרצט, פאַרויכערט טעפּל און עס אַוועקגעשטעלט אויף צוויי ציגל. דאַן פאַרזיכטיק אַרויסגענומען תּוך אַ פאַרשלאָסן רענצל אַ שטיקל קאַרטאָן, אַביסל פּאַפּיר און אַנדערטהאַלבן שפּענדלעך. דאָס אַלץ אָנגעצונדן. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט אַ רויך און גענומען בייסן אין די אויגן. דאָך דאָס איז געווען די קלענסטע פון די קליינ־קייטן. אַלע האָבן איצט געלעבט מיט דער דערוואַרטונג אויף טיי. און דאָס וואַסער האָט זיך נישט בלויז אָנגעוואַרעמט, ס׳האָט דאָסמאָל אַפילו אויפגעקאָכט. פּיערא האָט אָפּגעציילט אַ פּאָר קערנדלעך טיי, אַריינגעוואָרפן אין וואַסער, געוואַרט ס׳זאָל אָנציען. אָנגעגאָסן דאַן יעדן טיי און צולעצט אויך פאַר זיך. דאָס געלבלעכע וואַסער, אָנגעזאַפּט מיט רויך און לייכט פאַרצוקערט, איז אַריין אין אַלע טיילן פונעם פאַרמאַטערטן קערפּער. אָנגעפילט מיט אַ וווילטאָג, האָט דער שפּאַנישער מיליציאָנער גענומען דערציילן וועגן זיינע איבערלעבענישן. דער יונגער פאַרטיזאַן — וועגן זיינע קאַמפן. האָט געעפנט דער בלייכער דיכטער זיין צאַפּלדיקע נשמה און גענומען לייענען זיינע לידער. ער איז געוואַקסן פאַר דער לעצטער צייט. פאַר דער מלחמה האָט ער ווייניק באַרירט פּאָליטישע טעמעס. היינט האָט ער פאַרשטאַנען ווו זיין פּלאַץ איז. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער דיכטער איז אַ טריבון, דאַרף רופן צום קאַמף קעגן בעסטיאַלישן שונא, פאַר אַ ליכטיקן קיום. און אויב דער וועג איז א שווערער ,אונדז קומט אויס צו בלוטיקן און אָפּטמאָל אויך צו פאַלן אינמיטן וועג — איז עס נישט אַזוי שרעקלעך. שרעקלעך איז די פאַרשקלאַפונג.

דאַכט זיך, קיינמאָל האָט ער נישט געפֿינען אַזעלכע באַגייסטערטע צוהערער ווי דאָ, אין דראַנסי. ער האָט עס געפילט. זיין בלייכער שטערן האָט זיך אויסגעגלייטערט, אין די אויגן האָט געפינקלט דער שטאָל־האַרטער גלאַנץ. די רויטלעכע האָר האָבן געלויכטן ווי אַ הייליקע שיין אַרום זיין בלייך פּנים.

מיר האָבן פאַרלוירן דעם באַוווּסטזיין פון צייט און רוים. און אַז ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער בלייכער טאָג, האָב איך גענומען מיין רוקזאַק אויף די פּלייצעס און זיך געזעגנט מיט מיינע פריינט, אויף אייביק זיך געזעגנט

אַ סך ידיעות זענען דערגאַנגען צו מיר וועגן פריינט און באַקאַנטע. ווער פאַרברענט און ווער פאַרמוטשעט, ווער אויפגעהאָנגען און ווער — צעריסן פון די הינט. וועגן דזשאַלאָווסקין האָב איך מער קיינמאָל נישט געהערט.

זיין אָנדענק לעבט אין אונדזערע הערצער.



דזשאַלאָווסקי אַלס גרובן־אַרבעטער

# פון מ. דזשאַלאָווסקיס שריפטן

## אַ פאָלקסטימלעך ליבעס-ליד

כ׳האָב מיין האַרץ ביי דיר געלאָזן,
לאָז מיך, דושעניו, אַריין,
כ׳האָב געבראַכט דיר שיינע רויזן,
לאָז מיך, דושעניו, אַריין.

וואַרף אַוועק דעם ברוגז דיינעם,
ס׳איז אַ ברוגז גאָרנישט שיין,
זע, עס קוקן שוין די שכנים,
לאָז מיך, דושעניו, אַריין.

ווּעסטו לאָזן מיך אינדרויסן
און נישט עפענען די טיר,
וועלן וועלקן דיינע רויזן,
און וועלקן וועט מיין האַרץ ביי דיר . . .

1925

## אַן אַלטער ראָמאַנס

קענסט אין מיינע בריוו געפינען פערל,
ווי אין דער טיף פון ים,
קענסט אין מיינע בריוו געפינען שטיינער,
ווי אין דער טיף פון ים.

נעם־זשע דיר די פערל — אַ געשאַנק
פאַר דיין ווייסן האַלדז,
און די שטיינער וועל איך נעמען זיך,
צו טראָגן אויפן האַרץ . . .

1925.

## אַ מערב-אוקראַיניש פויערים-ליד

ס׳האָט געוישט דער ווייץ אין פעלד,
ס׳האָט געוישט דער קאָרן :
— זע, דו נאַריש פויערל,
דיין לעבן גייט פאַרלאָרן.

ס׳האָט געוישט דער קוקורוז,
ס׳האָט געוישט די שענה :
— אין דיין כאַטע לייכט די זון
און די קינדער וויינען.

ס׳האָט געוישט אַ ווינט אין וואַלד,
ס׳האָט געוישט דער שטורעם :
— אין די שייערס ליגט דיין ברויט
און דו הונגערסט יאָרן.

ווי אַ וואָרעם אין דעם קרויט,
זיצט אין דיר דער שונא, —
נעם אַ קאָסע, שנייד אים אויס,
פויער דו, אוקראַינער !

1932

## די באַלאַדע פון שוואַרצן ברודער

פויסטן פאַלן אויף זיין דאַרער ברוסט,
וואָס האָט געגלוסט
צו גערעכטיקייט
און צו אביסל פרייד.

און געזונטע לייט טוען אים א ריס
און קאָפּען אים אין די דינע פיס
און בריקען אים אין געקרויזטן קאָפּ,
ווי אין א שארבן ־ טאָפּ.

בינדט מען אים מיט שטעכעדיקן דראָט
און אין נאָמען פונעם ווייסן גאָט,
מען טראָגט אים אויף א פעסטע שטאנג,
ווי מען טראָגט א הירש פון געפאנג.

און אין געדראנג ארום — די שענסטע לייט פון שטאָט
באַגלייטן אים מיט זידלעריי און שפּאָט,
בלויז די פּאָליציי קוקט זיך רואיק צו,
ווי מען פירט א נעגער פון מאטערניש צו רו.

און נישט ווייט איז די אויסלייזונג פאַר אים,
נאָר ס׳בעט דער נעגער מיט א גוססדיקער שטים :
— פייניקער, הערט מיין לעצטן ווונטש :
איך וויל וואָס גיכער זיין געלינטשט !

נאָר דאָס געבעט, וואָס פליסט פון אים, ווי ס׳בלוט,
ווערט צעטרעטן אונטער זייערע טריט,
און זיי לאכן, נעמען שלאָגן אים אויפסניי,
אַזש ס׳נעמען אָווירן פון שווייס די הענט ביי זיי.

— העי, דו, כלב העי, אין שוואַרצער פעל,
ליידן לייטערן און מאכן העל!...
ווער עס מאָנט זיך יושר — דער באקומט
א לאנגע צונג און ס'רעכט צו שאָקלען זיך אין ווינט.

וואלד, בלאָקייט און בלעטער־בשמים און פייגליש געפייף.
אויף דיוואנעס פון פעדער־גראָז ווערט א געלויף.
עס זידלען זיך די שענסטע לייט ארום א בוים:
— וועם געהערט די זכיה פון א תליון זיין?

דאן זאָגט דער שעריף: צום מיסטער בראון געהערט דאָס גליק.
דער מיסטער בראון באדאנקט און נעמט די שטריק.
און רואיק שטייט דער נעגער — יונג פון אויבן אָן
און צו זיינע פיס פון אייגן בלוט, שפרייט זיך אויס
א רויטע פאָן.

1934

# אַנרי ווילמען

1.

אַ חבר האָט אין הויף אַ פייף־געטון — א רוף,
אַנרי האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ פולן מויל;
ער האָט געגעסן גיך און אין געאייל
זיין נאַכטמאָל — אַ שטיקל ברויט מיט זופּ,
גיך און אין געאייל.

דאַן האָט זיין מאַמע שטיל געזאָגט מיט צאַרטע רייד:
— גיי און טו אַ קוק און קום צוריק.
ס'מאַכט מיך אומרואיק אַזוי דיין איילעניקייט,
ס'מאַכט מיך ציטערן אַזוי דיין הייסער בליק.

אַ שפּריז אהין, אַ שפּריז אהער און ער איז גרייט,
דאָס היטל אויפן קאָפּ, דעם שאַל אַרומען האַלדז פאַרוואָרפן
דרייסט;
דאַן נאָכאַמאָל אַ שפּאַן און צו דער שטוב „אָרעוואַר"!
— און ווייס, ס'איז נישט אַזוי ווי דו פאַרשטייסט,
מיין ליבע מאַ...

2

אַראָפּ פונעם באַרג, פון מעני־למאָנטאַן,
איילט אַ יאָט, ווי אַ מאַן, מיט אַ ריזיקן שפּאַן.
און פאַרויס און נאָך אים — אַ געגיי, אַ געשטיי,
און פאַרויס און נאָך אים — אומעטום פאָליציי
— וואָס איז דאָ געשען? איז אַ שריפה געווען?
— אַ, בירגער, וויש אויס דיין בריל, וועסטו זען!...

און צופוסנס פון באַרג — אַ־אַ חושך געדראַנג,
עס שטייען די אויטאָס פאַרהאַלטן אין גאַנג.
די הענדלער מיט אויבסטן פאַרוימען די זעק,
די קרעמער פאַרקלאַפּן די לאָדן מיט שרעק.
אַ מאַמע מיט ווינטיקן אומרו אין ברוסט,
לויפט אַרויס פון אַ הויז, זוכט איר קינד, נאָר אומזיסט.

און פאָרויס און נאָך איר, אויפן ברוק — אַ געיוי,
אַרבעטער גייען אַ ריי נאָך אַ ריי,
מיט ליד אינעם מויל, מיט געזאַנג אינעם טראָט,
מיט אַ פויסט אין דער האַנט, וואָס פאַרהיט און ראַדראָט...
עס גייט דער פראָלעט פונעם רויטן בעלוויל —
ציטער, פאַשיסט, און אַנטלויף אין דער שטיל:

און ווו איז ווילמען? — ווער זעט אים דען אָן?
אָט איז ער! די האַנט אין דער הויך ווי אַ פאָן,
און הער זיך נאָר צו צום געזאַנג אויף אַ וויל,
יעדע זילב פון זיין מויל פליט אַרויס ווי אַ קויל. —

פאַשיסטן זענען אין גאַס אַרויס,
פאַרטרייבן זיי, ווי האַלע־מייז!
אַראָפּ מיט זיי!

זיי מאַכן טייער אונדזער ברויט,
זיי טראָגן אונדז אַ נייע קייט!
אַראָפּ מיט זיי!

אויף אַ לאָמטער דעם דע־לאַ־ראָק!
מיר קערן אויס די שוואַרצע פלאָג!
אַראָפּ מיט זיי!

ס'איז אונדזער פויסט — אַ גיליאָטין!
דאָ איז פּאַריז און נישט בערלין!
אַראָפּ מיט זיי!

3.

זעט ווי מען קומט, זעט ווי עס שטראָמט,
פון סיטע לעסאַזש און פון פּיקסערעקור!
— עס גייט דאָס פאָלק צו דער רעפּובליק
אויף אַ ראַנדעווו — — ——

.4

ס'איז ווילמען נישט קיין נאָמען, נאָר פון טויזנטער אַ סימן,
אַז ער האָט געוואָלט באַשיצן און געוואָלט געווינען.

זעט ווי ס'האָבן זיינע אַרמייס פירערן גענומען,
ווי עס האָבן זיינע הענט דעם ברוק פון גאַס צענומען.

און ווו אַ רושטאַוואַניע און ווי אַ קרומער פּלויט
האָט מען זיי צעגלידערט און אויפגעבויט . . .

און ווו אַן אַלטע טיר און ווו אַן אַלטע שוועל,
האָט מען זיי גענומען און צום דינסט געשטעלט...

און די ציגל, שטיינער, קומען אַן אַליין,
פליען ווי אויף פליגל, אונדז אַ שוץ צו זיין —

און ווען אַ באַריקאַדע איז שוין פעסט געשטאַנען,
האָט ווילמען באַרג־אַרויף צוריק גענומען שפּאַנען,

און ס'נעמען זיינע ליפּן ברעזען מיט פאַרדראָס
צו די בירגער — גאַפּעס אין די זייטן גאַס :

ווענען, העי, דערוואַרט איר מיט פאַרלייגטע הענט ?
היטלערס קלאָץ און האַק — — — —

אַ שאָס . . . ס'האָט פלוצים זיך דער יאַט גענומען שטיקן,
פונקט ווי עמעץ וואָלט פון אים דעם אָטעם פליקן.

און דער עמעץ לאָזט אים שלאָף און הילפלאָז שטיין
מיט אַ ביטערקייט אין מויל און מיט אַ ווייטיק אין געביין . . .

דאַן טוט ער ראָש אַ שפּרייז, נאָר שווער איז איצט זיין גוף,
איצט טוט ער שטיל אַ רוף, נאָר קיינער הערט זיין רוף.

דאַן פאַלט ער אום און מאַכט פאַרמעלען צו די אויגן
און בלייבט אַזוי אין חושך און אין שטילסטן שווייגן — — —

5.

ציטערן די שטערן אין דער קאַלטער נאַכט.
ס'האָט די מוטער נאָך קיין אויג נישט צוגעטון.
ס'וואַרט די מוטער אויף איר זון.

ס'וואַרט דער שלאָף און ס'וואַרט דאָס קילע בעט,
און ווי אַ זייגער־אומרו טיקעט הויך איר ברוסט —
דער פאָרגעפיל טענהט נישט אומזיסט . . .

גייט די מוטער צו דער טיר און הערט,
גייט זי צו צום פענצטער און זי קוקט און היט,
הערט זי ווי עס לאַכט אַ היטלערס גריזג געמיט.

און טרערן פינצטערן דער מאַמעס בליק.
— ווו איז מיין קינד ? ווו איז מיין זון ?
פון גאַס ענטפערט איר אַ שווער געברום . . .

6.

ס'האָט דער ריח פון בלוט צו דער עלנטער מאַמען די בשורה געבראַכט.
האָט די מאַמע געהערט און געקלערט אין געטראַכט : ס'קען נישט זיין
דאַן האָט זי אַ מאַנטל גענומען אויף זיך און אַרויס אין דער נאַכט
און ס'האָבן באַגלייט זי דאָס בלינדע געוויין און די שטומע אלמנהשע פּיין

צוועלף ביינאַכט, בלויז אַ הימלאָזער גייט דאָ די טונקעלע גאַס פאַרביי
אַזוי שפּעט אין דער שעה, אָט־אָ־דאָ, איז אַ יעדערער מיד און ער רוט —
נאָר היינט זענען הייזער אַרויס אין די גאַסן מיט האַס און געשריי,
ווייל ס'זענען די אָרעמע היימען פאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט.

האָט אַ שכנה די מאַמע דערקענט און פאַרבראָכן די הענט,
האָט אַ צווייטע די טרערן געווישט און דער מאַמען געקושט און געטרייסט.
האָט אַ דריטע, אַ קליינע, אַ בלייכע, מיט אויגן, וואָס האָבן געברענט,
אַנטקעגן דער מאַמען מיט כבוד געהויבן איר פויסט.

האָט א פרעמדע, אַ גרויאינקע אַלטע, גערעדט צו דער מאַמען אַזוי :
— ווי כ'בין דיך מקנא מיין טאָכטער, וואָס דיר האָט דאָס מזל באַשערט
ער זאָל פאַלן, דיין זון, מיט די רייכע אין קאַמף, אין דער ריי
און נישט אין טראַנשיי, ביי ווערדען, ווי מיין זון, מיין אַלבער.

האָט די מאַמע געהערט און פאַרשטאַנען דעם זין פון די רייד,
און כאָטש פון האַרץ האָט געטריפט, נישט געשטילט, ווי אין צוויי אַ צעשניטענער גליד,
כאָטש איר אויג האָט געקוקט, ווי געבלענדט, נישט געזען ווו זי גייט —
האָט געציטערט איר מויל מיט געזאַנג — פון אונדזער ליד.

# א באלאדע פון א פרומען ייד

א.

— ווייב, הער אויף מיט די יללות !
— אַ שלימזלדיקע בריאה,
כ'וואַרט דאָך שוין אַזויפיל יאָרן,
ווען וועט קומען די ישועה ?

— זינדיקע נשמות — ליידן...
— ביסט אַ מין פון גאַלע קלאָג !
כ'קען נישט לענגער מער קיין טאָג,
כ'וועל דעם האַלדז זיך איבערשניידן !

— לעסטערסט אייביק גאָט־ברוך־הוא . . .
— אז ער איז אזוי ווי דו,
פרום און גוט, נאָר טויב און בלינד, —
איז א בראָך צום ווייב און קינד !

ב.

דערמאַן האָט געשוויגן,
געזונקן אראָפּ אויף דער ברוסט איז זיין קאָפּ,
און ס'ווייב איז געשטאַנען ביים קוימען,
דערקאָכט די קאַרטאָפל אין טאָפּ.

דער מאַן האָט געשוויגן,
אַ בייזער מיט פינגער געשטאָכן די באָרד,
און ס'ווייב האָט מיט חוזק געשמייכלט :
— אָט האָסטו מיט וואסער די קוואָרט !...

דער מאַן האָט געשוויגן,
געטראַכט : אַ כזית אפילו נישטאָ . . .
טוט ער אַ זיפץ און אַ קרעכץ : אָ, דער בורא
קען העלפן צו יעדער שעה ! —

ג.

זיבן קינדערלעך ביים טיש
שלינגען בולבעס מיט א פרייד,
האָצקען, קוויטשען — אַלט, סאַפּראַן,
ווער א פידל, ווער א פלייט.

(גוט איז זיי און ווויל איז זיי,
ווייל אַלץ, וואָס קומט, וועט זייערס זיין,
ברויט וועט וואקסן אין קאַמאַד
און פון קראַן וועט רינען וויין...)

קוקן מאַן און ווייב זיך איבער,
אויגן פול מיט צער און זאָרג:
צום פארבייסן גיב זיי — ברויט,
אז מען קריגט שוין נישט געבאָרגט —

ד.

— אפשר וועסטו גיין אין גאַס?
— ס'איז געפלאַצט מיין הויזן־פּאַס.

— איז נעם א שטריק ארום דעם דיך.
כ'האָב קיין זויל נישט אויף די שיך.

— לייג אַריין אין שיך אַ דיקט.
— און פּ.כאלאטל איז צעפליקט.

— אַן אָרעמאַן, איז ווי ער גייט.
— אָבער כ'שעם זיך דאָך פאר לייט...

—ס'וועט דיין פרומקייט דיך באַשיינען,
און דאָס ווייב הויבט אָן צו וויינען.

ה

איז דער מאַן געגאַנגען זוכן ארבעט ביי די טרעגער,
נעמען טרעגער אים פּאַריאַגן:
— דיינע שמאָלע פּלייצעס
קענען נישט קיין משאות טראָגן.

איז דער ייד געגאַנגען צו די בלעכער,
זאָגן אים די בלעכער:
— פיס וואָס ציטערן
קענען דאָך נישט קריכן אויף קיין הויכע דעכער.

איז דער ייד געגאַנגען צו די מולערס.
זאָגן אים די מולערס בייז:
— אזעלכע פרומע אויגן
וועלן נישט דערקענען צווישן רויט און וויס.

איז דער ייד געגאַנגען צו די האָלץ־זעגער,
נעמען זיי אים טרייבן:
— ווען עס וואָלט געווען ארבעט, איז קוראַנטער
אַן אייגענעם, געזונטן יאָט צו געבן.

ו.

מיד איז די נאכט געלעגן און געשלאָפן,
ווען ס'האָט דער ייד זיך אומגעקערט א היים.
ער האָט זיך אויסגעטון פון לעצטן ביסל האָפן
און אריינגעקאפּעט אין דער באָרד א שטיל געוויין.

אָפּגעווינט און — ס'האָט דער ייִד קיין טרייסט געפונען,
און אין דרויסן נעמט א נייער טאָג זיך שפּינען
מיט זון, מיט כּוח, ווי פרישע שטראָמען בלוט, —
ווײַ איז דעם, וואָס זעט עס נישט !

האָט דער ייִד די קינדער זײַנע מיט דער באָרד געקושט
און צום הימל מיט לערע אויגן געקוקט, אומזיסט, אומנישט,
ווי אַ וואַנדערער, וואָס האָט דערגרייכט אַ לערן ברונעם,
באַגינען האָט מען זיין געביין אויפן הויף געפונען.

## צום טויט פון באַרביטן

ס'איז דער הימל נישט געווען פאַרוואָלקנט
און קיין שטורעמס האָבן נישט געבּרויזט.
— דאָס האָבן ראַדיאָ־פונקען אָנגעצונדן
דעם טרויער אין מיין הויז.

דער, וואָס האָט דיך ליב געהאָט צו הערן,
טרויערט אין זיין פינצטערן געמיט,
ווייל דו, וואָס האָסט דאָס לעבן אונדז געהיטן,
האָסט פון פריען טויט זיך נישט פאַרהיט.

יאָרן ביסטו אונדז פאַרויסגעגאַנגען
אין שלאַכט פון „קיינמאָל מער קיין קריג" ;
האָסט אַ בלייכן טרוים פון אַלטע צייטן
צוגעפירט צו דער שוועל פון זיג.

און ביסט אַוועק, אַזוי ווי ס'גייט אַ ליכט אַוועק,
מיט נאַכט פון אומעט אינעם שאָטן־לאַנד,
א דו, וואָס ביסט אַ ברודער מיר געווען,
דו, וואָס האָסט געוווינט אין מיין פאַרשטאַנד.

## פּאַריז

ווער קען אָפּשאַצן די שיינקייט פון אַ פרוי,
וואָס ווערט געליבט ?
ווער קען אָפּשאַצן די ווערט פון דימענט ?
ס'ליגט די שיינקייט אינעם האַרצן פון געליבטן
ס'ליגט די ווערט אין דער גלוסטונג פון דער פרוי.

מיין פּאַריז !
צי דו הייסט „בעלוויל",
„קאָנקאָרד",
צי „רעפּובליק" ;

סיי־ווען דו שלייערסט זיך מיט שפּילצייג פון אַ „פּעט",
סיי־ווען דו טוסט זיך אָן אַ רויטע פאָן
און בויגסט אַ פרומען קאָפּ ביי דער קאָמונע־וואַנט,
צי ווען דו טאַנצסט אין „יום־טוב פון באַסטיל",
צי ווען דו טראָגסט אַ פייערלעכע פויסט אין טאָג
פון ערשטן מאַי,

אָדער ווען דו שלאָגסט מיט מוט,
ביז בלוט דעם ווילדן ברוט —
דעם שונא פון דיין לאַנד,
— ביסט תמיד שיין,
וווּנדערלעך
און פול מיט חן !




דיך פאַרגלייכן מיט אַ ליד ?
פאַרגלייכן דיך — מיט וועמען ?
ס'איז די שיינקייט פון דיין יעדן גליד
שענער פון דער פּרעכטיקסטער פּאָעמע !

דיין מילדער קאָפּ — דער „עטואַל",
דאָס ווייסע לייב — דער „סאַקרע־קער",
— ביסט שיין ! ביסט שיין ! ביסט שיין !
ביז דיין קלענסטן סקווער !

דיין גרינער שלעפּ — „שאַנזעליזעי",
דיין אונטערקלייד — דער „ביט שאָמאָן",

— ביסט שיין ! ביסט שיין,
ביז דער נאַציאָנאַלער פאַן

די וועלט חלומט פון דיין נאָמען,
די וועלט גלוסט דיין נאָענטשאַפט,
די וועלט וויל דיין כאַווערשאַפט,
קוקט אויס דיין וואָרט,
וואָרט אויף דיין טאַט,
דיין טאַט — אַ קרוג גערעכטיקייט,
פאַר די באַוואָלטע, די דורשטיקע נאָך פרייד . . .

אין דיין נאָמען ליגט דיין שכל און דיין חן,
— ווער איז שענער ?
איך ענטפער,ביידע גלייך ווי אַ קראַמיסלע
מיט צוויי פולע עמער . . .

אין דיין נאָמען ליגט דיין ליבע און דיין האַס,
— ווער איז גרעסער ?
איך ענטפער, אָן פאַרגלייך :
איינס איז ברויט, דאָס צווייטע איז דאָס מעסער.

## כראָניק פון אַ ווינטער נאַכט אין 1938

אין מיטן דער נאַכט — אַ קלאַפּ אינעם הויז . . .
געקומען, געטריבן סיי קליין און סיי גרויס.
ווי שאָף צו דער שחיטה, אין חושך אַרויס.

די טאַטעס, זיי וואַרפן אַ פינצטערן בליק,
די מאַמעס, זיי לויפן מיט יעלות צוריק,
צו כאַפּן דאָס יינגסטע, וואָס שלאָפט אין דער וויג.

אַ קינד, איז צעמישט, רייבט די אייגלעך זיך אויס,
עס זעט : ס'טוט אַ קערל דער מאַמען אַ שטויס,
אַ צווייטער צעשרייט זיך : העי, „פאָרווערטס" ! און
„לאָוס !".

דערלעבן, געבויגן, אָן אַלטינקער גייט,
אַ ווייסלעכע באָרד אָן אַ קאַפּל פון זייד
און ער רעדט צו דער נאַכט נישט-פאַרשטענדלעכע רייד.

נאָר ווער האָט געהערט דען וואָס ער האָט געזאָגט ?
און ס'איז גליטשיק דאָס פעלד, און מען טרייבט
אין מען יאָגט
אינעם חושך צווישן געשריי און געקלאָג.

אַזוי אַ שעה נאָך אַ שעה. אַ באַרג רוקט זיך צו.
דעם באַרג שוין דערגרייכט און — נאָך אַלץ נישט קיין רו.
מען טרייבט זיי אַזוי ווי אַ סטאַדע פון קי.

די טרייבער זיי טרייבן מיט „יודע" און פלוך,
אי דעם, וועמען ס'האָט זיך צעבונדן אַ שוך,
אי דער, וועמען ס'האָט זיך צעלאָזן איר טוך.

לויפט מען ; מען שטויסט אין די אַקסלען זיך אָן,
מען פראַלט און מען פאַלט איבער שטיין, איבער שפּאָן,
ביז ס'הערט זיך פון ערגעץ אַ קריי פון אַ האָן.

דאָן האָט פלוצים אין אָרעמס אַ גרינגקייט דערפילט
אָט די, אינעם טוך, מיטן קינד איינגעהילט,
עס האָט אירע ברוסטן דער ווינט בלויז געקילט . . .

נאָר ס'טוט נישט די מאַמע קיין הויך מיט אַ וואָרט,
זי שטייט ווי פאַרכשופט, פאַרגליווערט צום אָרט
און קוקט אויף אַ מאַן מיט אַ טונקעלער באָרד.

פון חושך אַרויס טוט אַ קערל אַ שפּאַן
און שטויסט מיטן ברוינינג דער פרוי מיטן מאַן
און שרייט : דאָנערוועטער ! פאַרשאָלטענער שטאַם !

אין באַרגיקן, האַרטן און גליטשיקן שניי
שלעפּט מען האַלב-נאַקעט דעם גוף פון דער פרוי
ביי די האָר, אָט אַזוי, ווי אַ בינטל מיט שטרוי.

און ס'יאָגן די יעגער אַלץ ווייטער, מיט קלעפּ
און שטויסן אַרונטער פון באַרג, ווי פון טרעפּ
אין פייכטן און אָפענעם, ווינטיקן סטעפּ.

דאָן קערן די זעלנער צוריק אין דער שטאָט
און ס'זעצן די יידן זיך לויבן צו גאָט,
וואָס נעמט זיי, ווי קינדער, צו זיך אויף באַראַט . . .

— — — — — — — — — — — — — —

היינט פאָרן זיי אַלע לאַנד-אויס און לאַנד-איין,
נאָר ס'לאָזט זיי נישט קיינער אין ערגעץ אַריין.
די ערד איז פאַר אַלע, מסתמא, צו קליין.

פאַריז, 1939.

*) דאָסדאָזיקע ליד איז געשריבן געוואָרן נאָך די טרויעריק-באַרימטע געשעענישן פון זבאָנשין.

# אַ ליד צו פּ. ס. ס. ר.

אָ, לאַנד, וווּ ס׳וואַקסן די נצחונות
פון אַרבעט אינעם לויכטנדיקן שוויס —
ווי וואָלט איך גערן דאָרט געשטעלט מיין הויז,
אָ, לאַנד פון אונדזערע חלומות !

כ׳בענטש יעדן טאָג דיין אויפגעשיינטע פרייד,
אָ, לאַנד פון שמייכלענדיקע דאגות,
ווו קראַנקע ערד (מיט אייטערדיקע טייגעס)
האָט אויפגעבליט מיט פרוכטן און מיט ברויט . . .

דיין יעדער טאָט — מיר העלפן צו פון ווייטן,
כאָטש מיר זענען שקלאַפן אין פאַבריק
און ס׳היט דער באַלעבאָס און ס׳היט דער „פליק״ 1)

מיר קענען נישט און וועלן נישט פאַראַטן
דעם וועג צו אונדזער ליכטיקן קאַיאָר,
ווו לעגענדעס ווערן הוילע וואָר ! —

1) פּאָפּולערער צונאָמען פון אַ פּאָליציאַנט.

# אין דער פינצטער

צי איז דאָס דאָס דער בלענדיקער פּלאַץ רעפּובליק ?
ס׳פלעגט שטיין דאָ אַ שטיינערנער סקווער אינדערמיט ;
איצט זוך איך אַרום מיט מיין פינצטערן בליק
דעם ריזיקן לייב, וועלכער האָט אים געהיט.

נאָר דער חושך ליגט שווער, ווי באַנאַכט אין אַ דאָרף,
איך זע נאָר די שטערן הויך איבער מיין קאָפּ,
ביי יעדע פאָר טריט טוט מיין האַרץ זיך אַ וואָרף,
ווי איך וואָלט דורכנאַנאַנד דאָ געוועזן באַדראָט . . .

שוואַך איז מיין בליק, נאָר ס׳איז קלאָר מיין געהער,
מייד איך אויס אין מיין וועג די באַשטיוולטע טריט,
רייס איך דעם חושך אַדורך אין דער קווער,
וואָס ווייטער פון שווערן, סאָלדאַטישן ליד.

איך איל גיך אַוועק אין אַ זייטיקער גאַס,
נאָר ס׳יאָגט און דעריאָגט מיך די שפּראַך ווי אַ בייטש,
דאָן ווילט זיך מיר שרייען פון ווייטיק און האַס
און שעלטן דאָס לשון — דאָס רייכישע דייטש . . .

נאָר כ׳פאַרשליס מיר דאָס מויל מיט דער אייגענער האַנט
און כ׳פועל ביי זיך נאָך צו האָבן געדולד :
— ווייל ווער ס׳האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט פון אַ לאַנד,
וועט זיכער און זיכער באַצאָלן זיין שולד !

1940

# געזעגענונג

הינטער זיך נאָך לייכט ווי גאָלד, מיין קינדהייט
און ווי קופּער־רויט, מיין דערוואַקסנקייט,
עס ליגן אויסגערייזטע לענדער —
און לידער־בענדער.

און כ׳לאָז נאָך הינטער זיך א היים, אַ פרוי,
חברים צוויי, צי דריי —
און פאַריזער, פינצטערע בולוואַרן,
ווי קאַשמאַרן.

כ׳לאָז איבער אינעם טונקל־ווערנדיקן קאָרידאָר
פון מיינע פערציק יאָר,
פרייד פאַרגאַנגענע פון קאַמף און זיגן
און אַ צער וואָס בלייבט פאַרשוויגן.

הינטער זיך, וואָס לאָז איך איבער נאָך ?
גאָרנישט מער. כ׳נעם מיט דעם איבערבראָך
פון אָט דעם לעצטן טאָג
אין אַ פול־געפּאַקטן, זעלנערישן צוג.

וואָס ליגט פאָר מיר פאַרויס ? אַ סוד ?
אָ, ניין. בלויז „פאָלגשאַפט״ און „פאַרבאָט״,
דינסט דעם פרעמדן פאָטערלאַנד,
און אפשר אויך מיין אייגן בערגל זאַמד . . .

קאַטקידאַן, 15 מערץ 1940.

# אָן אַרבעט

דער טאָג איז לאַנג, די היים איז קאַלט,
איך שפּאַן אַרום אַרויף, אַראָפּ,
דער שפּיגל קוקט מיר נאָך — אַ שפּיאָן,
וואָס לאָזט נישט פונעם אויג מיך אָפּ.

איך טראָג אין מוח אַ געדאַנק,
וואָס ציט מיך אין דער פינצטערניש,
נאָר כ׳גיי אַוועק און שטיי אין ריי
און זעץ מיך עסן צו אַ טיש,

דאָס ברויט איז שוואַרץ, די זופּ איז קאַלט
און פרעמדע פּנימער — אַרום;
קוק איך אין אַ זייט אַוועק,
שטעלט זיך דאָרט אַוועק די זון . . .

גיי איך אין דער גאַס אַראָפּ
און זוך מיר אויס אַ שטילן סקוועה.
זיץ איך שווייגנדיק אַ ווייל,
ווערט די שטילקייט מיר צו שווער,

גיי איך צוריק אַהיים אין שטוב
און זעץ מיך אין אַ ווינקל צו,
לאָזט דער שטאָטישער גערויש
מיך אין ווינקל נישט צורו.

נעם איך לייענען אַ בוך,
פאַרשטיי איך נישט דעם זין דערפון.
וואָלט איך שלאָפן זיך געלייגט,
גייט נאָך אַלץ אַרום די זון . . .

איך הויב זיך אויף און שפּאַן אַרום,
זעץ מיך ווידער אויף דער שטול,
און דער שפּיגל ווי אַ שפּיאָן,
קוקט מיך נאָך צי כ׳בין נישט דול.

יוני 1940

## צו בינעם העלערן

איך האָב א טרער געלאָזט, ווען ביסט אוועק
צוריק אין פוילן — ס׳לאַנד פון אונדזער חורבן,
געטראַכט: באַשערט זאָלסט ווילי׳ק גיין דעם וועג,
וווּ דו וועסט פאַלן א קרבן...

איך האָב באַדויערט טיף אין מיין געמיט,
וואָס וועסט שוין מערנישט קומען מיר אקייגן,
איך וועל שוין מערנישט הערן דיינס א ליד
און נישט דיין מאָדנע שווייגן.

איך האָב אַרומגעטראָגן דיך אין מיין געדאַנק,
ווי מען טראָגט אַ ליב־באַהאַרצטן ניגון,
וואָס ציטערט אין זכרון יאָרנלאַנג
און וויל נישט זיין אַנטשוויגן...

און כ׳האָב געהאָפט — וועסט שיקן אונדז א בריוו,
וועסט מיט אותיות פשוטע אונדז איבערגעבן
א בילד פון דיין געמיט און א באַגריף
ווי חברים לעבן.

געוואַרט, געוואַרט אומזיסט און ס׳לויפט די צייט
איבער זון און שטערן — דורך מעת־לעתן, —
נאָר כ׳זאָג מיר אָפט: ווען וואָלסט געוועזן טויט,
וואָלסטו געוועזן פאַרגעסן.

און מיטאַמאָל, ווי ס׳וואָלט א נס געשען:
איך האַלט אין מיינע ביידע הענט א „שטערן״,
א העלקייט, וואָס איך האָב נאָך נישט געזען,
א ליכט פון פרייע ספערן — —

און פון דעם ליכט קלינגט העל אַרויס דיין ליד,
מיט פערזן נייע, צאַרטע, וועלכע גלעטן...
דו לעבסט ווי א פּאָעט און ווי א ייד,
באַפרייט דורך די סאָוועטן!

האָט אויפגעפלאַמט אין מיר א גרויסע פרייד
פאַר אָט די נייע, פריידיקע געזאַנגען
און — קנאה, וואָס ביסט שטילערהייט
פון אונדז אַוועקגעגאַנגען...

אַפּריל 1940

(די לידער: אַ פאָלקסטימלעך ליבעס־ליד, אַן אַלטער! אַ־מאַנס, כראָניק פון אַ ווינטער־נאַכט 1938, אַ ליד צו פּ. ס. ט. ר., אין דער פינצטער, געזעגענונג, אַן אַרבעט, צו בינעם הע־לערן, זענען פון דזשאַלאָווסקיס פאַרבליבענע, נישט־פאַר־עפנטלעכטע שאַפונגען. די אַנדערע לידער זענען פון בוך „אַ ברויט מיט אַ מעסער״, אַרויסגעגעבן דורכן יידישן שרייבער־פאַרבאַנד, פּאַריז 1937).

# עוזר ווארשאווסקי



געבוירן אין סאָכאַטשעוו, לעבן וואַרשע, אין 1898, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אויפגעשווומען אין דער יידישער ליטעראַטור מיט זיין בוך „שמוגלאַרס", וואָס האָט אים מיט איינמאָל באַרימט געמאַכט, אויסגעוואַנדערט פון פוילן, געלעבט אַ קורצע צייט אין בערלין און ביז 1940 — אין פאַריז. בעת דער אָקופּאַציע אַוועק אין דרום־פראַנקרייך און שפּעטער אין רוים, פונוואַנען ער איז אין 1944 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ.

אויסער די ביידע ראָמאַנען „שמוגלאַרס" און „שניט־צייט", איבערגעלאָזן אין מאַנוסקריפּט אַ נישט פאַרענדיקטן ראָמאַן און פיל נאָוועלן.

חיל אַראָנסאָן

# עוזר ווארשאווסקי און זיין סביבה

קומענדיק קיין פאַריז אין יאָר 1927 און וווינענדיק אין דער געגנט פון מאָנפּאַרנאַס, האָב איך אָפט באַזוכט די נאָך ביזן היינטיקן טאָג באַרימטע קאַפע „דאָם", ווו צווישן 5 און 7 פאַרנאַכט פלעגט מען טרעפן די באַרימטע פאַריזער יידישע קינסטלער. איך דערמאָן מיך, אַז די שטענדיקע געסט פון דערדאָזיקער קאַפע זענען געווען די מאָלער משה קיסלינג, פעדער (דעפּאָרטירט), ווייסבערג, קרעמען, קיקאָאין, פיילעס, וואנבוים (דעפּאָרטירט), מענקעס, מאַנע קאַץ, לעאָפּאָלד גאָטליב, מענדעזשיצקי, אַנרי עפּשטיין (דעפּאָרטירט), די סקולפּטאָרן לוטשאַנסקי, חנה אָרלאָף, אינדענבוים, משה קאַגאַן (דעפּאָרטירט), ציטריגאָוויטש (דעפּאָרטירט). ביינאַכט, צווישן עלף און צוועלף, אָדער נאָך שפּעטער — חיים סוטין, זשאַק ליפּשיץ און פיל אַנדערע. מען האָט אין דערדאָזיקער קאַפע אויך געטראָפן באַרימטע קונסט־הענדלער, אַמאַטאָרן און נישט ווייניק שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן. צווישן די לעצטע זענען די פּאָפּולערסטע געשטאַלטן געווען שאַרל ראַפּאָפּאָרט, איליא ערענבורג, וועמענס יונגע פרוי איז געווען אַ מאָלערין, און — עוזר וואַרשאַווסקי. איליא ערענבורג מיט זיין מאַסיוון קערפּער, מיט זיינע פאַמעלעכע טריט, מיט זיין איינגעבויגענעם קאָפּ, האָט תמיד געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ קראַנקן מענטש, וועמענס יאָרן זענען געציילטע. אָבער יעדעס מאָל, ווען איך פלעג פון אים לעזן אַן אַרטיקל, אָדער אַ נאָוועלע, האָב איך באַוווּנדערט זיין יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט, דעם שפּרודלדיקן הומאָר און סאַרקאַזם, וואָס האָט מיר אויסגעזען אין אַזאַ קאָנטראַסט מיט זיין אויסערלעכן אויסזען .

עוזר וואַרשאַווסקי איז געווען דער פריינט כמעט פון אַלע קינסטלער פון מאָנפּאַרנאַס, יידישע און נישט־יידישע, וועלכע פלעגן אים אָפט איינלאַדן צום צינק (ווו מען סערווירט די געטראַנקען) נעמען אַן אַפּעריטיף. איך זע פאַר זיך זיין שלאַנקע, מאָגערע געשטאַלט מיטן אויסזען פון אַ זיידענעם פוילישן יונגערמאַן. ער האָט אויסגעזען פיזיש שוואַך. ער איז געבוירן געוואָרן, שיינט מיר, אין 1898 אין אַ קליין שטעטל לעבן וואַרשע, סאָכאטשעוו. און דאָס האָט מיר פיל געזאָגט — מיר, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט מיינע בעסטע יאָרן אין וואַרשע.

דאָס האַרץ פון וווּנדערבאַרן פוילישן יידנטום איז געווען וואַרשע. ווו נאָך אין דער וועלט האָט מען געזען אַזאַ ענטוזיאַסטישע, אַזאַ התלהבותדיקע, אַזאַ נאָך וויסנשאַפט, נאָך גייסט לעכצנדיקע יידישע יוגנט, ווי אין וואַרשע ? עס איז

מיין אינערלעכע איבערצייגונג, אַז קיין יידישע יוגנט פון דער וועלט איז נישט אַזוי עמפּינדלעך פאַר קונסט, פאַר שיינער פאָרם, ווי עס איז געווען די יידישע יוגנט אין פוילן.

עוזר וואַרשאַווסקי איז געווען אַ טיפּישער פאָרשטייער פון דערדאָזיקער וואַרשעווער יוגנט. ער איז אַ קינסטלערישע נאַטור דורך און דורך, נישט בלויז אין זיין שאַפן, נאָר אויך אין זיין לעבן. עס איז ביי אים געווען אַזוי נאַטירלעך צו פאַרקערן מיט קינסטלער, צו אינטערעסירן זיך מיט זייער שאַפן, פונקט ווי עס איז נאַטירלעך, אַז זינגער זאָלן זינגען און שריפטשטעלער זאָלן שרייבן.

מאַרק שאַגאַל, וואָס איז אין לעבן אַ זעלטענער פסיכאָלאָג און שוין פון דער ערשטער באַגעגעניש דערקענט ער גלייך דעם כאַראַקטער פון מענטשן, האָט זייער ליב געהאַט עוזר וואַרשאַווסקין, אין יועלכן ער האָט געאַנט אַ טיף־אָנגעלייגטע קינסטלערישע נאַטור.

צו יענער צייט האָט פּראָפ. קיוועליאָוויטש געעפנט אַ בוכהאַנדלונג און אַ פאַרלאַג אונטערן נאָמען „טריאַנגל”, אַ סימבאָלישער נאָמען, מען זאָל אפשר גלייך וויסן, אַז מען האָט צו טון מיט אַ מאַטעמאַטיקער. דערדאָזיקער פאַרלאַג און בוכהאַנדלונג האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון מאָנפּאַרנאַס, 6 רי סטאַניסלאַ. קיוועליאָוויטש האָט דעמאָלט אונטערגענומען אַ רויסצוגעבן אַ סעריע קליינע אילוסטרירטע מאָנאָגראַפיעס, געווידמעט די באַרימטע יידישע קינסטלער. עוזר וואַרשאַווסקי האָט אין דערדאָזיקער סעריע אָנגעשריבן אַן עסיי איבער זיין פריינט, דעם טאַלאַנטפולן מאָלער פנחס קרעמען. די קינסטלער פון מאָנפּאַרנאַס און דורכרייזנדע שריפטשטעלער פלעגן באַזוכן דידאָזיקע בוכהאַנדלונג, וועלכע האָט פאַרנומען אַ שמאָל צימער און אָפט נישט געקענט אַריינמעמען אַלע באַזוכער. צו די שטענדיקע באַזוכער פון פאַרלאַג „טריאַנגל” האָט געהערט עוזר וואַרשאַווסקי.

נישט איינמאָל האָבן זיך אַנטוויקלט ליטעראַרישע שטרייטן צווישן די באַזוכער אין מאַגאַזין גופא. וואַרשאַווסקי איז אין זיינע ליטעראַרישע מיינונגען געווען זייער אַרביטראַל, שניידענדיק, קאַטעגאָריש, מיט סאַרקאַזם ענטפערנדיק דעם קעגנער.

איך דערמאָן מיך ווי מען האָט איינמאָל גערעדט וועגן דייטש־יידישע שרייבער, האָט וואַרשאַווסקי וועגן זיי זיך אויסגעדריקט מיט דער גרעסטער גרינגשעצונג, דערקלערנדיק, אַז זיי זענען אַלע ווערטלאָז. ווען איינער האָט דערמאָנט די נעמען פון יאַקוב וואַסערמאַן, ווערפל, אַלפרעד דעבלין, פויכטוואַנגער, סטעפאַן צווייג, — פון פראַנץ קאַפקא, נאַטירלעך, האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געהערט אין דער יידישער וועלט — האָט וואַרשאַווסקי מיט אַ ביטול־שמייכעלע אַלע אָנגערופענע אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. ווען איך באַטראַכט טיפער דעם ענין, הייב איך אָן צו פאַרשטיין דעם אור־ווּוקסיקן שריפטשטעלער פון פוילישן יידנטום. פאַר עוזר וואַרשאַווסקי איז דער ע י ק ר אין דער ליטעראַטור ש ל י מ ו ת. ער האָט געזען אין די יידיש־דייטשע שריפטשטעלער צעבראָכענע נשמות, האַלבע יידן און האַלבע דייטשן און זייערע געשטאַלטן, ווי זיי אַליין, נישט פון דער טיפעניש פון דער יידישער נשמה, נאָר ליטעראַריש אויסגעקינצלטע.

היינט פאַרשטיי איך, אַז ער אַליין האָט דורכגעמאַכט אַ טיף אין דער נשמה־פאַרבאָרגענע, גייסטיקע דראַמע. דאָס איז געווען דער אומדערפאָלג פון זיין ראָמאַן „שניט־צייט”, וועלכער האָט געלאָזן אויף זיך וואַרטן זיבן יאָר נאָך זיין מייסטער־ווערק„ די שמוגלאַרס” און דער סוף — אַן אַנטוישונג ביי די ליטעראַרישע מבינים. דער רעזולטאַט — אַ פאַרבאָרגענער ערגער און פאַרביטערונג אויפן שיקזאַל.

דאָ מוזן מיר מאַכן אַ קליינע באַמערקונג. עס זענען פאַראַן צוויי קאַטעגאָריעס שריפטשטעלער און נאָוועליסטן. די ערשטע מעגן זיין יאָרן דערווייטערט פון דער היים, זענען בכוח אין זכרון אויפצולעבן די פאַרגאַנגענהייט און זי שילדערן מיט רעאַליסטישער פרישקייט און בולטקייט, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען אויפן אָרט. אַלס ביישפּיל קענען מיר נעמען ביי אונדז שלום אַש, אָפּאַטאָשו, זלמן שניאור. צו דער צווייטער קאַטעגאָריע שרייבער געהערן די, וועלכע קענען רעאַליזירן זייענדיק נאָר אויפן אָרט און שילדערנדיק דירעקט דאָס געזעענע. דערווייטערט אַ פאַר יאָר פון דער היים, ווערט זיין שאַפן פאַרבלאַסט, אָדער אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. עוזר וואַרשאַווסקי האָט געדאַרפט געהערן צו דער צווייטער קאַטעגאָריע שרייבער. נאָכדעם ווי ער האָט אויף תמיד פאַרלאָזן פוילן, האָט ער נאָך געשריבן פאַרשידענע נאָוועלן בלויז אַ דאַנק זיין קינסטלערישן טאַלאַנט, אָבער עס איז פאַרשוווּנדן דער גרויסער איבערשפּרינגלעכער רעאַליסט, דער געשטאַלטער פון קאָנקרעטע טיפּן פון ראָמאַן „די שמוגלאַרס”.

איך דערמאָן מיך די פיינע קאָרעספּאָנדענצן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין לאָנדאָנער „די צייט”, געשריבן מיט דינע פעדים, מיט אַ לייכטן הומאָר. ער האָט געהאַט אַלע מעגלעכקייטן צו ווערן אַן אויסגעצייכנטער רייזע-באַשרייבער, אָבער ווי עס זעט אויס, האָט ער געהאַלטן פאַר נישט ווירדיק דערמיט זיך צו באַשעפטיקן. ווען איך האָב אים געטראָפן אין פאַריז, האָט ער פון צייט צו צייט געפלעגט צושיקן נאָוועלן אין ניו־יאָרקער „די צוקונפט”, וועלכע האָט לאַנגע חדשים געלאָזן וואַרטן אונדזער מחבר ביז ער האָט זיי ענדלעך אָפּגעדרוקט. דאָס האָט אויך געמוזט צונעמען ביי אונדזער קינסטלער דעם חשק צו שיקן אָפטער זיינע נאָוועלן קיין ניו־יאָרק.

איך דערמאָן זיך ווי עוזר וואַרשאַווסקי האָט איינמאָל אָפּגעדרוקט אַ לאַנגע נאָוועלע, ווו ער האָט געשילדערט אויסערגעוויינלעך טריי און מיט אַ פיינעם הומאָר סצענעס פון פאַריזער „פּלעצל”. ער האָט נעמלעך געשילדערט די באַרימטע בוכהאַנדלונג פון מאַדאַם שפּייזער אויף רי דע



פון רעכטס אויף לינקס: עוזר װאַרשאַװסקי, י. אַפּאַטאָשו און פּרץ מאַרקיש.

ראָזיע. ער האָט אַביסל צו דראַסטיש געשילדערט די לעצטע, שוין אָן עלטערע, אָבער טעמפּעראַמענטפולע פרוי און אַ יינגן אָנגעשטעלטן, אַ פּײַערדיקער ברונעט. דער לעצטער האָט זיך געפילט באַליידיקט און האָט אייניקע מאָל געזוכט אויפן מאָנפּאַרנאַס אונדזער שריפטשטעלער זיך אָפּצורעכענען מיט אים.

היינט וויל איך אויפלעבן מײַנע דערינערונגען פון װאַרשע, לאַנג פאַר מײַן אָנקומען קיין פּאַריז. איך דערמאָן זיך דעם גרויסן רושם, וואָס דער ראָמאַן „די שמוגלאַרס" האָט געמאַכט בעתן דערשײַנען אין 1920, אין ווייסענבערג־פאַרלאַג. מיט איינמאָל איז דער נאָמען פון אַ יינגן שרײַבער, נאָך נעכטן אינגאַנצן אומבאַקאַנט, אומעטום אָנערקענט און גערימט געוואָרן. אַפילו די שטרענגסטע ליטעראַטור־קריטיקער — און אַזעלכע האָבן נישט געפעלט אין װאַרשע — האָבן זיך אויסגעדריקט מיט התלהבות איבערן יונגן, טאַלאַנטפולן נאָוועליסט און דערקלערט, אַז אַ נײַער שטערן האָט זיך באַוויזן אין דער יידישער ליטעראַטור. מען איז דאָך געווען איבערראַשט און פאַרוואונדערט גאָר באַזונדערס אין די װאַרשעווער ליטעראַרישע קרייזן, אַז אַ יונגער שרײַבער, וואָס האָט נאָך פאַר דעם ראָמאַן גאָרנישט געהאַט געדרוקט, זאָל מיט איינמאָל דערגרייכן אַזאַ פאָלקומקייט. דעם גרעסטן פאַרדינסט, אייגנטלעך, פון אַנטדעקן דעם דאָזיקן גרויסן טאַלאַנט האָט אויסשליסלעך אונדזער גרויסער שרײַבער י. מ. ווייסנבערג, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע מיט זײַן פאַרלאַג, וואָס ער האָט געגרינדעט, צו פּראָטעזשירן, דערמוטיקן און אַנטפּלעקן נײַע, געזונטע יונגע טאַלאַנטן.

י. מ. ווייסענבערג, פונקט אַזוי גוט ווי י. ל. פּרץ, ווי דוד פרישמאַן, האָט געהאַט אַ פלאַמענדיקע ליבע פאַר דער יידישער ליטעראַטור און אַן אויפריכטיקע פרייד צו אַנטדעקן נײַע טאַלאַנטן. עס איז נישט איצט דער פּלאַץ צו רעדן אויספירלעך איבער דער באַרימטער פּאָלעמיק פון י. מ. ווייסענבערג, איבער וועלכער מען האָט אַזויפיל געשריבן און געליאַרעמט, איבערגעטריבן און נישט פאַרשטאַנען דעם עניק, דערבײַ אינגאַנצן פאַרגעסן דעם גרויסן מייסטער פון דער יידישער ליטעראַטור. אַזוי האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן פון יידישן פּאַוויליאָן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג אין 1937 אין פּאַריז, אויף דער וואַנט מיט דער ליסטע פון די גרויסע יידישע שרײַבער נישט אָנגעגעבן דעם נאָמען פון י. מ. ווייסענבערג און דאָס גאַנץ באַוווסטזיניק. אַזוי ווי שמעון האָראָנטשיק, איז עוזר װאַרשאַװסקי נאָכמער אַ גייסטיק קינד פון י. מ. ווייסענבערג, דעם מחבר פון „שטעטל", פון „טאַטע מיט די בנים", איך וויל זאָגן, אַז ווייסנבערג איז מער פּלאַסטיש און װאַרשאַװסקי — מער מאָלעריש אין זײַנע שילדערונגען. אין די „שמוגלאַרס" שילדערט װאַרשאַװסקי די פּראָסטע, רויע פאָלקס־מענטשן, אָדער ווי מען רופט זיי אין פּוילן, די פּראָסטאַקעס, די, וואָס אויב זיי האָבן עפּעס געלערנט אין חדר, האָבן זיי עס שוין לאַנג פאַרגעסן. איינער פון די ליטווישע ליטעראַטור־קריטיקער, שרײַבנדיק איבערן דאָזיקן ראָמאַן, דערקלערט, אַז װאַרשאַװסקי שילדערט די צייט פון דער דײַטשער אָקופּאַציע אין די יאָרן 1915־18, ווען עס האָט זיך אין דער יידישער געזעלשאַפט, אַפילו צווישן די פרומע אָרטאָדאָקסישע יידן, אַרײַנגעכאַפּט די דעמאָראַליזאַציע.

קיין שפּור אמת נישט אין דעם. דער פאַל פון שיינעם ייד, דעם בעל־הבית, וועלכער וויל אויסנוצן זײַנע שיינע טעכטער און זיי שיקן צום דײַטשן קאָמענדאַנט, כדי צו באַקומען אַ קאָנצעסיע אויף זאַלץ־אײַנקויף, האָט געקענט געשען, אָבער אַלס טראַגישער, אויסטערלישער אויסנאַמס־פאַל. עס איז דעמאָלט געווען אַ שוידערלעכע צייט. בכבודיקע יידישע פאַמיליעס האָבן פאַרלוירן די פּרנסה און פּשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער, און ביזן לעצטן אָטעם געטריי געבליבן דעם אַלטן יידישן לעבנס־שטייגער. וויפל שטילע טראַגעדיעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין די באַלעבאַטישע יידישע פאַמיליעס אין פּוילן? מען האָט זיך געוואָרפן צו שמוגלערײַ, צו ראַטעווען דאָס לעבן.

מיט בולטע שטריכן, מיט שטאַרקע, זאַפטיקע פאַרבן שילדערט װאַרשאַװסקי דעם פורמאַן פאַנטל מיט זײַן פאַמיליע. פאַנטל איז געווען אַ פעיקער שמוגלער, ער שמוגלט רעגולער קיין װאַרשע. ער איז אַ פּרימיטיווע פּראָסטע געשטאַלט, אַ בעל־גוף און איז געפערלעך, ווען ער לאָזט זיך מיטרײַסן מיט זײַן טעמפּעראַמענט. נאָר װאַרשאַװסקי ווייסט, אַז ווי נאָר ער באַמערקט, אַז ער איז ווײַט פאַרקראָכן מיט זײַן אומגעצוימטן טעמפּעראַמענט, דורך זײַן כעס, האָט ער געוויסנס־ביסן. דער קינסטלער װאַרשאַװסקי זעט דעם מענטש נישט בלויז אויסערלעך. די נשמה טליעט אין דאָזיקן פּרימיטיוון טעמפּעראַמענט, זי לעשט זיך נישט אויס. באַזונדערס מייס־

טערהאַפט שילדערט אונדז וואַרשאַווסקי פּאַנטלס קינדער, מענדל און דעם קליינעם אורקע. די קינדער באַקומען פון טאַטן אָפטמאָל קלעפּ, דאָך איז מען דעם טאַטן אַלץ מוחל. און זאָל דעם טאַטן דראָען אַ געפאַר, וועט מענדל זיך מוסר־נפש זיין פאַר אים. אַ טאַטע בלייבט אַ טאַטע. נאַטירלעך ליבט מענדל צערטלעך די מוטער, וועלכע ליידט פון מאַנס גראָבקייטן, בייזקייט, שלעגערישן טעמפּעראַמענט און באַשיצט מיט איר קערפּער די קינדער, די איינציקע פרייד אין לעבן. מענדל האָט אַ סך געירשנט פון דער מאַמען, הגם ער איז פיזיש ענלעך צום פאָטער. אין זיין האַרץ און אין זיין נשמה איז פאַרבאָרגן אַ סך צערטלעכקייט. דידאָזיקע צערטלעכקייט וואַכט אויף, ווען די פּראָסטיטוטקע נאַטשאַ וויזט אים אַרויס איר אויפריכטיקע ליבע, האַרציקייט און איבערגעגעבנקייט.

דער ליריקער וואַרשאַווסקי וויזט זיך דאָ פונקט אַזוי שטאַרק, ווי דער רעאַליסט וואַרשאַווסקי. דאָסדאָזיקע פרילינגס-אויפוואַכן פון האַרציקע, אויפריכטיקע ליבעס-געפילן פון מענדלען צו נאַטשאַן איז דורכגעוועבט מיט די פיינסטע פעדים, מיט די סובטעלסטע דעליקאַטסטע טענער. אַזוי גוט ווי ביים שטורמיש־טעמפּעראַמענטפולן מענדל, ווי ביי דער פּראָסטיטוטקע נאַטשאַ, אַנטדעקט דער קינסטלער די מענטשלעכע נשמה, וואָס ווערט געפייניקט, פאַראומרייניקט קעגן איר ווילן — אַ קרבן פון אומנאָרמאַלע סאָציאַלע לעבנסבאַדינגונגען. און ווען מענדל וועט, ביים סוף, פאַרלאָזן נאַטשאַן, איז דאָ אין דעם אַ שטילע פאַרבאָרגענע דראַמע. וואַרשאַווסקי, גלייך ווי ווייסנבערג, איז אַן אמתער קינסטלער. טראָץ דעם וואָס ער וויל אונדז באַווייזן, אַז ער וועט דאָס לעבן שילדערן אין איר גאַנצער פיזישער, מאַטעריאַליסטישער, רויער נאַקעטקייט, ווו עס איז לייכט זיך אויסצוגליטשן, בלייבט ער אָבער שטענדיק אַ קינסטלער.

און אָט דידאָזיקע פיין־מאָלעריי, דורך פּרעציזע, געוויגענע ווערטער, גאָרנישט צוצוגעבן און גאָרנישט אַראָפּצונעמען, וויזט ער אין דער שילדערונג פון קליינעם אורקע, וועלכער אַנטוויקלט זיך מענלעך ראַש און ברויזנדיק, וועקט זיך שנעל אויף ערטיש. און דאַן וועט איר באַוואונדערן דעם קערנדיקזאַפטיקן, פולבלוטיקן, פאַרשווענדעריש־רייכן פוילישן מאַמעלשון, דעם מיטרייסנדן צויבער פון פאָלקסטימלעכן דיאַלאָג, די צערטלעכע אויסדרוקן און די געפערלעכסטע קללות און חרמות; און ווי עס וואַקסן זיך צוזאַמען דאָס פוילישע מיטן יידישן, ווי ריכטיק ס'קלינגט דער פויליש אין יידישן מויל, אָט אַזוי און נישט אַנדערש, און נאָר דער, וואָס איז דאָרט געבוירן און זיין יוגנט פאַרבראַכט, וועט קענען אין דער פולער מאָס אָפּשאַצן דאָסדאָזיקע מייסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. איך בין זיכער, אַז זיין גרויסער און דורכאויס רעאַליסטישער טאַלאַנט, וואָס האָט מיט אַלע זיינע וואָרצלען געשטעקט אין דער פוילישער ערד, האָט פיל געליטן פון דעם, וואָס ער איז פון איר געוואָרן צו לאַנג אָפּגעריסן. די שטאַרקע, זאַפטיקע פאַרבן, די פּלאַסטיק, דער עקספּרעסיווער, אויסדריקלעכער צייכענונג פאַרבלאַסט אין זיין „שניט־צייט”, הגם מען געפינט דאָרט געוויסע שטאַרקע שילדערונגען, די פאַרבאָרגענע דראַמע מיט עוזר וואַרשאַווסקי איז געוואָרן זיין אָפּגעזונדערטקייט, מען קען זאָגן, איינזאַמקייט אין פּאַריז. ער איז נישט געווען קיין קעמפערישע נאַטור, להיפוך, אַ צאַרטער, עמפּינדלעכער קינסטלער, וואָס נישט געפינענדיק אַרום זיך קיין דערמוטיקונג, נאָר פאַרקערט, גלייכגילטיקייט, איז ער פאַרשוויגן געוואָרן.

דערפאַר קען מען איצט אָפּשאַצן דעם פאַרדינסט פון י. מ. ווייסנבערג, אַדאַנק וועלכן עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן דער אָריגינעלער טאַלאַנט פון עוזר וואַרשאַווסקי. אַזעלכער ווי ער, שאַפן בלויז אין אַן אַנטשפּרעכנדער ליטעראַרישער סביבה.

מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז געווען אין יאָר 1925, ווען איך האָט באַזוכט י. מ. ווייסענבערג אין זיין מער ווי באַשיידענער וווינונג אויף דער עלעקטאָראַלנע גאַס אין וואַרשע. עס איז געווען אַ קאַלטער ווינטער. ווייסנבערג איז געשטאַנען ביים אויוון און מיט קליינע שטיקלעך האָלץ געמאַכט פייער. ער האָט גוט געוווסט, אַז איך בין אַ פריינט, אַז אין ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13, ווו איך בין געווען איינער פון די יינגסטע מיטגלידער, האָב איך אים תמיד פאַרטיידיקט קעגן זיינע פאַרביסענע קעגנער. און קעגנער האָט ער געהאַט איבערגענוג. ער האָט דאָך געפירט אַ קאַמף מיט אַ וועלט מענטשן : מיט די „ליטוואַקעס” אין דער יידישער ליטעראַטור, מיטן איבערגעטריבענעם קולט פאַר שלום אַש, מיט געוויסע גראַפאָמאַנען, מיט דער מעכטיקער טעגלעכער פּרעסע, וועלכע באַהערשט, לויט אים, דעם לייענער. ער איז געווען פון מיטעלן וווקס, מיט אַן אָפּגעבליאַקעוועט געזיכט, האָט ער אויסגעזען אַזוי ווי איינער פון די גראָע געשטאַלטן, וואָס מען זעט ביינאַכט פאַרלאָזן די גרויסע פאַבריקן נאָך אַ שווערן אַרבעטס-טאָג. ווען דו וואָלטסט אים טרעפן אויף דער גאַס, וואָלסטו קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז דערדאָזיקער באַשיידענער, פּשוטער מענטש מיט זיין אומעטיקן אויסזען, וואָס באַצייכנט זיך מיט גאָרנישט באַזונדער אויס פון דער מאַסע, איז איינער פון די גרעסטע יידישע שרייבער. ער האָט מיר זייער גאַסטפריינדלעך אויפגענומען און מיך געבעטן אָפטער אַריינצוקומען צו אים. איך האָב דערפילט ווי ער איז איינזאַם אין דער וועלט.

עוזר וואַרשאַווסקי, נאָכן פאַרלאָזן וואַרשע, האָט פאַרבראַכט אַ צייט אין בערלין, אין לאָנדאָן און געקומען קיין פּאַריז. איינער פון זיינע בעסטע און אינטימסטע איז געווען פּרץ מאַרקיש, מיט וועלכן ער איז געשטאַנען אין קאָרעספּאָנדענץ, נאָכדעם ווי ער, מאַרקיש, האָט זיך אומגעקערט קיין וואַרשע. וואַרשאַווסקיס מאַטעריעלע לאַגע אין פּאַריז איז געווען זייער אַ שווערע און זיינע פריינט זענען געווען באַזאָרגט אים צו העלפן.

פּרץ מאַרקיש איז דעמאָלט אַרומגעפאָרן איבער די שטעט

און שטעטלעך אין פוילן מיט זיינע רעפּראַטן, דיכטע־רישע אימפּראָוויזאַציעס פון אַ גאָר הויכער מדרגה. איך האָב וויניק אין מיין לעבן געטראָפן אַזעלכע ליבנסווירדיקע, באַ־צויבערנדע יינגע מענטשן. ער איז געווען שיין ווי אַ יונגער אַפּאָלאָ מיט זיין טשופּרינע האָר, מיט זיין שלאַנקער, ריטמיש־בויגזאַמער פיגור. אַלע פרויען זענען געווען אין אים פאַר־ליבט. ער און מלך ראַוויטש זענען געווען אומצעשיידבאַרע פריינט. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָב איך פאַרלאָזן וואַרשע אויף תמיד. געווען איז עס אין יאָר 1927. ווער האָט זיך




אַקוואַרעל פון אַ פראַנצויזיש שטעטל, געמאָלן פון עוזר וואַר־שאַווסקי מיט אייגענע פערזן אין פראַנצויזיש.

געקענט פאָרשטעלן דעם שוידערלעכן אומגליק, דעם חורבן, אַז אונדזער היים, מיין טייערע וואַרשע, מיינע עלטערן, מיינע פריינט, שרייבער, זשורנאַליסטן, קינסטלער, שוישפּילער און סתם טייערע פאָלקס־יידן, אַז דאָס אַלץ זאָל מיטאַמאָל פאַר־שווינדן. אָ, פוילן, אָ, וואַרשע, האַרץ מיינס, נשמה מיינע. ווער האָט עס געקענט גלויבן !

אין פאַריז האָט וואַרשאַווסקי תמיד געלעבט, אַזוי ווי איך, אויפן מאָנפּאַרנאַס, אין קרייז פון יידישע קינסטלער, קומענ־דיק זעלטן אין פאַרבינדונג מיטן יידישן פאַריז. צווישן די יידישע קינסטלער פון מאָנפּאַרנאַס און די יידישע געזעלשאַפטן איז תמיד געווען אַן אָפּגרונט, הגם אויפן מאָנפּאַרנאַס, אין די קאַפעען „קופּאָל" און „דאָם" האָט מען פיל מאָל געטראָפן יידישע באַקאַנטע שרייבער. ווי שלום אַש, זלמן שניאור, דוד איינהאָרן, דניאל טשאַרני, טשעריקאָווער. אָבער עוזר וואַר־שאַווסקי האָט זיך מיט זיי געהאַלטן פונדערווייטן, שיינט מיר. ווייס איך אויך נישט ווי אַזוי עס זענען געווען די פאַרהעל־טענישן צווישן אים און שלום אַש. געווען איז דאָ עפּעס סוזותפול, דוכט זיך מיר, אין וואַרשאַווסקין מיט זיין אָפּגע־שלאָסענער נאַטור.

צווישן זיינע פריינט זענען געווען נאָך מלך ראַוויטש און באַזונדערס נאָמבערג. דער לעצטער ווי נאָר ער פלעגט קומען קיין פאַריז האָט ער זיין שטענדיקן זיצאָרט געהאַט אויפן מאָנפּאַרנאַס, ווי מיר, צוזאַמען מיט וואַרשאַווסקין. נאָמבערג טראָץ זיין פיזישער צעבראָכנקייט איז געווען פול מיט לעבן, מיט באַוועגונג, מיט לעבנס־פרייד, גע־שפּרודלט מיט הומאָר און וויץ. ער האָט ליב געהאַט די יוגנט, די יונגע אינטערנאַציאָנאַלע קינסטלערישע כאַליאַסטרע פון מאָנפּאַרנאַס. ער האָט געהאַט אַ פּחד פאַר דער איינזאַמקייט, פאַר די אַלטע פאַרשטויבטע, פאַרמרהשחורהדיקע יידן. נאָמבערג האָט זייער ליב געהאַט עוזר וואַרשאַווסקין.

איך וועל מיר נאָך דאָ ביי דער געלעגנהייט דערלויבן צו דערציילן אַן עפּיזאָד. איך בין געווען מיט שלום אַשן זייער באַפריינדעט נאָך פאַר מיין קומען קיין פאַריז ; אַלץ, נאַ־טירלעך, אויפן באָדן פון קונסט, ווייל אונדזער גרויסער שרייבער האָט זיך תמיד אינטערעסירט מיט קונסט, מיט דער אַלטער, ווי מיט דער מאָדערנער. איך מוז זאָגן, אַז ער איז אויסערגעוויינלעך עמפּינדלעך פאַר קונסט. איך פלעג אָפט קומען אין זיין ווילע, אינעם דערפל בעלווי, רי עמיל, נישט ווייט פון פאַריז. זיין הויז איז געווען אַ קליינער מוזיי פון יידישער קונסט, פון זעלטענע אַנטיקן און פראַכטפולע ביל־דער פון לעוויטאַן, פאַסקין, קיסלינג, מענקעס, עפּשטיין, אויזשען זאַק, פּיסאַראָ, קאַנעלבא, א. אַ. זיין אומצעשייד־באַרער פריינט איז געווען מאיר מענדלסאָן, אַ האַרציקער און ליבער מענטש, אויך אַ פריינט פון וואַרשאַווסקין.

איינמאָל האָט שלום אַש מיך און עוזר וואַרשאַווסקין איינ־געלאַדן צו מיטאָג אין רעסטאָראַן סירקוף, אין ווינקל פון בולוואַר מאָנפּאַרנאַס און רי מאָנפּאַרנאַס. ער איז געווען אין אַנהויב זייער גוט אויפגעלייגט. נאָכן אויסטרינקען אַ פּאָר גלעזלעך וויין, האָט זיך אַש פלוצלינג געענדערט. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך געווענדעט צו עוזר וואַר־שאַווסקי : „זיי מיר מוחל ,פריינט עוזר וואַרשאַווסקי, זייט מיר אַלע מוחל יידישע שרייבער. איך האָב אָפט שלעכט באַהאַנדלט יידישע שרייבער, איך האָב געזינדיקט", די האַר־

ציקע, גאַסטפריינטלעכע און זעלטן איידעלע פרוי פון שלום אַש האָט זיך באַמיט איר מאַן צו באַרואיקן. „שלום, טייערער, באַרואיק זיך, מען איז דאָך אין אַן אָפענעם לאָקאַל און מען קוקט אויף אונדז”. ענדלעך האָט זיך שלום אַש באַרואיקט און אַלע האָבן מיר אַביסל אומעטיק פאַרלאָזן דעם רעסטאָראַן.

די לעצטע פאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון דאָזיקן שוידערלעכן קריג האָט עוזר וואַרשאַווסקי געאַרבעט ביי דער יידישער ענציקלאָפּעדיע אויפן נאָמען פון שמעון דובנאָוו, ווו אויך איך בין געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אויפן געביט פון אַלגעמיינער און יידישער קונסט־געשיכטע. די ענציקלאָפּעדיע האָט זיך געדרוקט ביים דרוקער לאָנדאָן, וועלכע איז, אונטער דער ווירקונג פון עוזר וואַרשאַווסקי געוואָרן אַ קונסט־זאַמלער, געקויפט בילדער פון יידישע קינסטלער, באַזונדערס פון וואַרשאַווסקיס פריינט דעם מאָלער פנחס קרעמען. אין די לעצטע יאָרן האָט זיך וואַרשאַווסקי כמעט אינגאַנצן צעשיידט מיט דער יידישער ליטעראַטור, אָבער תמיד געווען באַפריינדעט מיט די מאָנפאַרנאַס־קינסטלער, וועלכע האָבן ליב געהאַט אים איינצולאַדן ברידערלעך צום „צינק” אויף אַ גלעזל ; באַזונדערס אינאָוונט, נאָך אַ לאַנגן טאָג אַרבעט אין דער דרוקעריי. נאָכן גלעזל פלעגט ער ווערן אַביסעלע הומאָריסטיש געשטימט, געמאַכט שפּאַס, וויציקע באַמערקונגען איבער דער מאָנפאַרנאַסער כאַליאַסטרע.

ווי מיר אַלע, האָט וואַרשאַווסקי אין 1941 פאַרלאָזן פאַריז, זיך געוואַלגערט אין פאַרשידענע ערטער אין פראַנקרייך, אָפטמאָל אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען. די לאַגע פון אונדזערע ברידער איז אין אַלגעמיין געווען אַ פאַרצווייפלטע. אַנטלויפנדיק פון די אַלט־איינגעזעסענע ערטער זיך צו ראַטעווען פון די נעגל פון דער געשטאַפּאָ, האָט מען פאַרלוירן די נאָרמאַלע באַשעפטיקונג און די מיטלען פון עקזיסטענץ. באַזונדער שווער איז געווען די לאַגע פון יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן, קינסטלער און אַנדערע אינטעלעקטועלע. פאַרוואָס, פרעגט זיך, האָט מען וואַרשאַווסקין נישט געשיקט קיין וויזע? דערפאַר האָט מען אונדז געשפייזט מיט פאַנטאַסטישע צוזאָגן פון וויזעס קיין אַמעריקע. נעבעך אַ פאַרמעגן מיט געלט קאָליע געמאַכט אויף צו באַשיטן אַ וועלט מיט מענטשן מיט טעלעגראַמעס, צוזאָגן. דער אומגליקלעכער וועוויאָרקע האָט עס אַ מאָמענט גענומען ערנסט.

עוזר וואַרשאַווסקי איז דעמאָלט געהאַט פאַרקראָכן קיין וואָקליוז, דאָן נאָך רוים, ווו די דייטשן האָבן אים פופצן טעג פאַרן אַריינטריט פון די אַליאירטע אין 1944 אַרעסטירט, דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ און פון דעמאָלט אָן זענען נישט פאַראַן פון אים קיין שום ידיעות.

שוידערלעכער שיקזאַל פון איינעם פון אונדזערע בעסטע שריפטשטעלער.

י. וואַגמאַן

# דער רעאַליזם ביי עוזר וואַרשאַווסקי

איך געדענק ווי אין פרילינג פון 1919 איז עוזר וואַרשאַווסקי געקומען צו י. מ. ווייסענבערגן און שעמעוודיק, נישט דרייסט, פאַרגעלייענט זיינע ערשטע שאַפונגען. ווייסענבערג איז געזעסן ביים קאַכלגעם אויוון, געקוקט מיט די פאַרזשמורעטע אויגן אין איין ריכטונג פון דער קעגנאיבערדיקער וואַנט און זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. ווען וואַרשאַווסקי האָט געענדיקט לייענען, האָט ווייסענבערג זיך אויפגעשטעלט, אַ צעשטראַלטער, און גענומען שפּאַנען פון איין עק צימער צום צווייטן. מיטאַמאָל איז ער צוגעגאַנגען צום יונגן שרייבער, וועלכער איז נאָך אַלץ געזעסן אַן אומזיכערער און נישט-דרייסטער, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל און אים געזאָגט קורץ און אָפּגעהאַקט : — יונגערמאַן, שרייבט ! נאָר שרייבט ! איר האָט טאַלאַנט ! . . .

ווייסענבערג האָט מיט זיין שאַרפן חוש גלייך דערקענט אין וואַרשאַווסקין דעם קומענדיקן וואָגיקן יידישן פּראָזע-שרייבער און האָט אים מקרב געווען און אים צוגעגעבן מוט. ער האָט אין 1920 אַרויסגעגעבן אין זיין פאַרלאַג וואַרשאַווסקיס ראָמאַן „שמוגלאַרס", מיט וועלכן דער מחבר האָט זיך באַרימט געמאַכט אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט.

אין „שמוגלאַרס" שילדערט ע. וואַרשאַווסקי דאָס יידישע שטעטל אין פוילן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה. דער מחבר מאָלט אויף אַ ברייטן לייוונט אַן אָפּשניט פון דער מלחמה און די טרויעריקע פאָלגן פאַר דער פרידלעכער באַפעלקערונג. ער ווייזט אונדז דאָס יידישע שטעטל אין זיין געראַנגל און אין זיין טראַגיזם. מיר פילן דאָ דעם אייזערנעם דרוק פון דער דייטש-יונקערישער אָקופּאַציע-מאַכט, וואָס האָט מיט איר ברוטאַליטעט רואינירט און דעמאָראַליזירט דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן און גייסטיקן צושטאַנד פון אָט-דעם שטעטל, אַריינוואַרפנדיק די פאַראָרעמטע באַפעלקערונג אין אָפּגרונט פון הפקרדיקן שמוגל-האַנדל.

גאַנץ אייגנאַרטיק מאָלט אונדז וואַרשאַווסקי, סיי אין „שמוגלאַרס", סיי אין זיין שפּעטערדיקן ראָמאַן „שניט-צייט", די טראַגישע פאָלגן און אויפטרייסלונגען, וואָס די מלחמה האָט גורם געווען. פאַר וואַרשאַווסקין איז דער קריג אַ פינצטערער, צעשטערנדיקער כוח, וואָס רואינירט דאָס לעבן און שאַפן פון דורות. טרויעריק און מיט באַזאָרגקייט קוקט ער אויפן שטעטל, וואָס איז אויסגעליידיקט פון דער געזונטער, קרעפטיקער יוגנט, און איר אָרט פאַרנעמען אַלטע לייט, קאַליקעס, פסיכאָפּאַטן און אינוואַלידן. ער זעט די פאַרלאָזענע, הילפלאָזע און אָרעמע משפחות, אין יעדער פון זיי פעלט אַ זון, אַ פאָטער, אַ חתן און אַלץ איז צעבראָכן. עס האָבן טראַגיש געווירקט די עוואַקואַציעס, דאָס אַנטלויפן, די רעקוויזיציעס און די היימלאָזיקייט, און דערפון אַזויפיל עלנטע, צעבראָכענע מענטשן, וואָס בענקען נאָך אַ נאָרמאַל, רואיק לעבן.

מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז די קינסטלערישע אימפּולסן האָבן זיך דערוועקט און אויפגעברויזט אין וואַרשאַווסקין דורך די מלחמה-געשעענישן, וועלכע ער האָט אַזוי טיף און דערשיטערנדיק איבערגעלעבט. מען זעט אין זיינע ווערק סיי אין „שמוגלאַרס" און סיי אין „שניט-צייט", לעבנס-געטרייע און קינסטלערישע קאָפּיעס פון דער ווירקלעכקייט און אייביקע דאָקומענטן פון אַ גרויסער היסטאָרישער עפּאָכע.

צו אַ הויכער קינסטלערישער מדרגה דערגרייכט וואַרשאַווסקי, ווען ער ברענגט צום אויסדרוק די פּערסאָנאַזשן מיט זייערע בוילעטע כאַראַקטער-שטריכן און האַנדלונגען און אויך דעמאָלט, ווען ער מאָלט די אַלגעמיינע סאָציאַלע געשעענישן. אין דער צייכענונג פון זיין טיפּאַזש ווייזט וואַרשאַווסקי אַרויס גרויסע באַאָבאַכטונגס-קראַפט. עס גייען דורך פאַר אונדז מייסטערהאַפטע בילדער, געגעבן אין אַ רואיקן, עפּישן טאָן און אַדורכגעדרונגען מיט אַ ווייכן, פאַרבענקטן ליריזם, מיט פאַרב און קלאַנג.

הגם עוזר וואַרשאַווסקי שילדערט דעם רואין וואָס עס ברענגט מיט זיך די מלחמה, די גרויזאַמע קריגס-געשעענישן אין אַלע זייערע פאָרמען, זעט די שלאַכטן גופא, די דירעקטע צוזאַמענשטויסן, פאַרנעמט ער זיך קודם כל און דער עיקר מיט די הינטערלאַנד-געשעענישן אין דעם צערודערטן שטעטל, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט קלאַסן-קאָנפליקטן. ער רוקט אַרויס אין פאָדערגרונט דעם רויען מענטש, אין וועלכן עס דרימלען פאַרווילדעטע אור-כוחות, וואָס ער קען זיי נישט בייקומען און קען זיך פון זיי נישט באַפרייען. דאָס זענען קרעפטיקע פיגורן, געזונטע, פאַרביקע טיפּן. וואַרשאַווסקי פאַרנעמט זיך הויפּטזעכלעך מיט זייערע טראַגעדיעס, כאַראַקטעריזירט זיי ביז צום גרונט פון זייער נשמה.

וואַרשאַווסקי פאַרזעט נישט דעם סאָציאַלן שטריך ; ביי אים קומט אָבער הויפּטזעכלעך צום אויסדרוק דאָס אינדיווידועלע. ער זעט אויך די סאָציאַל-דעסטרוקטיווע און דעזאָרגאַניזירטע עלעמענטן, זייער אָרט האַנדלען, זייער דענקען. צייכענענדיק דידאָזיקע עלעמענטן, ווייזט ער אונדז זייער פאַרנעפּלטן וועלט-באַנעם.

אין וואַרשאַווסקיס ווערק זעען מיר נישט דאָס אידעאַליזירטע שטעטל פון אונדזערע קלאַסיקער, נאָר מיר זעען דאָ דאָס

פּראָסטע, רואיקע שטעטל, די האָרעפּאַשנע מאַסן, דאָס שטעטל פון פּאַנטל פורמאַן און פון פּעלטען, דאָס שטעטל פון שמוגל און גייציקייט — די ווייסטע סאָציאַלע פּלאָגן, פּאַראורזאַכט דורכן קריג.

נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ווענדעט וואַרשאַווסקי זיין בליק און זיין געהער אַהין. מיר זעען עס אין דעם אופן ווי אַזוי ער שילדערט זיין העלד פון „שמוגלאַרס", דעם „ווילן יונג" פּעלטע, וואָס קערט זיך נאָך דער מלחמה צום, אין זיין היים־שטעטל, פון רוסלאַנד. פּעלטע דערציילט אין שטעטל די מעשיות פון אָדעס און די שמוגלאַרס הערן זיך צו פאַרגאַפט צו דעם וווּנדער, וואָס טוט זיך אָפּ אין גרויסן רוסלאַנד און כמעט אַלע זיינע מעשיות ענדיקט ער מיט: „און הערט עך, ס'אי דעך מע ניש קאַ חילוק! נאָר ביי „זיי" איז נישטאָ קאַ גרויס: יעדנעראַל, זעלנער, צי גלאַט מענטש אַלצאיינס... אַלע גלייך!"

פּעלטעס דערציילן, זיינע מעשיות פון אַדעס, האָט וואַרשאַווסקי אַזוי מייסטערהאַפט און אַזוי וואַרעם געמאָלן, אַז ער האָט דורך פּעלטען באַשאַפן אַ קינסטלערישע פאַרקערפּערונג, אַ בולט געצייכנט געשטאַלט, וואָס פאַרבלייבט אין זכרון.

מיט גרויסער קראַפט קריצט עוזר וואַרשאַווסקי זיינע שטרענגע ליניעס, סיי אין פיגורן און סיי אין האַנדלונגען. זיין ווערק איז פול מיט קינסטלערישע אוצרות, מיט פילפאַרביקייט, און אינטערעסאַנטע סיטואַציעס.

נעמען מיר צום ביישפּיל די הויפּט־פיגורן פון „שמוגלאַרס", מענדלען און נאַטשען, וואָס וואַרשאַווסקי באַקענט אונדז מיט זייער לעבנס־וועג. מיר זעען זייערע ליידן און פריידן, זייערע השגות און די אויפגעוועקטע ליבע. ביי מענדלען אין די אָדערן פליסט הייס בלוט, ער איז סענטימענטאַל־מענטשלעך און האַרציק אין זיינע באַציאונגען צו נאַטשען. זאַפטיק שילדערט וואַרשאַווסקי פּאַנטל פורמאַן, פּאַנטלען, דעם הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון שמוגל־האַנדל; אָט־דער פּאַנטל, וואָס טרעט אַריבער אַלע גרענעצן פון געזעץ און עטיק, וואָס האָט פאַר גאָרנישט קיין מורא און שרעקט זיך נישט אַפילו פאַרן טייוול אַליין. אויך ביי אים דערגרונטעוועט וואַרשאַווסקי סענטימענטן, חרטה־געפילן און אַ דראַנג צו חשבון־הנפש. בעת דער קראַנקהייט פון זיין פרוי און זון, שטייט ער פאַר דער טיר אַ צעבראָכענער און שעלט זיך גופא מיט ביטערע קללות.

פּאַנטל פורמאַן פאַרמאָגט סענטימענטן פון ליבע אויך אין זיינע ברוטאַלע אינסטינקטן. אין זיינע רויע ליידנשאַפטן פאַרגעסט ער נישט זיין צוגעבונדנקייט צו זיין הויז און זיין משפחה. אויך זיין עלטערער זון, מענדל גייט אין טאַטנס וועגן, האָט האַרץ, סענטימענט. ער וויל נישט איבעררייסן מיט נאַטשען נאָך די אַלע סצענעס, וואָס ער האָט געהאַט מיט איר, נאָכדעם אַפילו ווי זי דערציילט אים איר פאַרגאַנגענהייט, וועגן אירע באַציאונגען מיטן „אַלטן אָפיציר", טוליעט ער זיך סענטימענטאַל צו צו איר און איז איר מוחל... אַפילו אויך די גאַסן־מיידלעך — די שמוגלאַרעס זעט וואַרשאַווסקי מיטן

געפיל פון פאַרגעבונג. דאָס נעמט זיך פון וואַרשאַווסקיס קוק אויף זיינע פּערסאָנאַזשן, וועלכע, זייענדיק סאָציאַל־פאַרשטויסענע עלעמענטן, קענען, ווען עס איז נייטיק, ברענגען צום אויסדרוק זייער אינדיווידועלע קראַפט און ווערן נוצלעכע מענטשן אין דער געזעלשאַפט.

אין וואַרשאַווסקיס ווערק פילט זיך אַ דינאַמיק, וואָס וויבּרירט מיט אַ שטאַרקן ריטם און פינקלט מיט פאַרבנרייכקייט, מיט ניואַנסן פון קלאַנג און האַרמאָניע. שוין נישט רעדנדיק דערפון, וואָס די בילדער, וועלכע ער מאָלט אין זיינע ווערק, זענען מערסטנס גענומען פון אַזאַ אומגעבונג און אַזאַ צייט־אָפּשניט, וועלכע האָבן זייער אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער ליטעראַטור ביז וואַרשאַווסקין נישט באַקומען.

וואַרשאַווסקיס ווערק פאַרמאָגן אַ באַזונדערן קאָלאָריט און מייסטערהאַפט-סטיליזירטע טיפּן. נעמט צום ביישפּיל אַזעלכע פיגורן פון שמוגלאַרס ווי יצחק יונה דער בראָנפן־מאַכער, וואָס וויל גאָר קיין ערלעכע פּרנסה מער נישט האָבן, און מיט לייב־ און ־ לעבן איז ער אַריינגעטון אין זיין געהיים פּאַבריקל („ביינאַכט אין דער פינצטער אַרבעט מען... דער בראָנפן קאַפּעט דורכן קילערל טראָפּנווייז... קראָפּלעוויז... און יעדע מינוט ביסטו איינגעשטעלט... נאָר דערפאַר אַז ס'ווערט פּאַרטיק — ביסטו אַ „מענטש"... טוט מען אַ פאַרקויף און יעדער גראָשן איז ווי געפונען... עפּעס דורך אַ נס איז עס דיר אַריינגעפלויגן אין קעשענע און דאַדורך האָט עס אַזוי דעם טויזנטסטן חן...")

אָדער דאָס געשלעג אין בית־המדרש צווישן פּאַנטלען און זיין באַשולדיקער יידל, וועלכער האָט אויך אַ געהיים בראָנפן־פּאַבריקל:

„שטעטל, רעדט מען, האָט געזען יידלס אַ זון אַרויפקומען צום וואַכמייסטער; און אַ צווייטער האָט געטראָפן אַ טאָכטער זיינע אַראָפּגיין פון קאָמענדאַנטס שטיגן. יעדעס מאָל נאָך אַזאַ וויזיט פלעגט שוין אין בראָנפנמאַכער געכאַפּט ווערן און אַמאָל גאַנצע צוויי..."

אָט דאָסדאָזיקע קינסטלעריש געטרייע דערציילן איז אַזוי קרעפטיק און פאַרמאָגט אַ שיינע געלייטערט־סטיליזירטע פאָלקס־שפּראַך.

אויב „שמוגלאַרס" האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער גרויסער קינסטלערישער סטיכיע, איז דאָס צווייטע ווערק וואַרשאַווסקיס „שניט־צייט" מער דורכגעדרונגען מיט שטאַרקן ווייטיק פון נאָך מלחמה־דערינערונגען, אַן אַנטפּלעקונג פון וואַרשאַווסקיס געפילן־וועלט. אָבער אין ביידע ראָמאַנען האָט וואַרשאַווסקי אַרויסגעוויזן מייסטערשאַפט פון פאָרם, מאָלערישקייט און קלאַנג. אין ביידע געפינט מען אוצרות פון פאָלקסטימלעכער בילדלעכקייט און וווּנדערלעך־פאַראייביקטע יידישע פאָלקס־פיגורן פון אונדזער אומגעבראַכטן יידישן היים־שטעטל, און ביידע פאַרבלייבן דעריבער ווי וויכטיקע ווערק אין דער יידישער ליטעראַטור.

# פון עוזר וואַרשאַווסקיס שריפטן

## יוני 1940

די טעראַסעס פון טרינקהייזער איבער דער הויפּט־אַרטעריע פון דרומדיקן טייל שטאָט זענען געפּאַקט. עס ציִען פאַרביי טויזנטער אויטאָמאָבילן, פּראַכט־וואַגאָנס, אַלטערטימלעכע בריקעס, בריטשקעס, פאַיעטאָנען. אַ מאַסן־גירוש טרייבט זיך דאָ אַדורך, צייט טעג און נעכט, הונדערט טויזנט מענטשן, מיליאָנען מענטשן, וואָס אַנטלויפן ווי חיות פון אַ ווילד־פונאַנדערגעפלאַקערטן וואַלד אַרויס. ווער ס'שטעלט זיך אָפּ ביי אַ קאַפע און פאַרשלינגט אַ גלאָז קאַווע, ביר, ווײַן; און ווער ס'זיצט אויף דער טעראַסע מיטן פּנים פון אַ באַטראַכטער, אַ פּנים פון אַ גאַנץ יאָר, אַ כאַראַקטעריסטיש טעראַסע־פּנים פון אַזאַ איינעם, וואָס זיצט אויף דער טעראַסע שוין יאָרן און קוקט. קוקט ער איצטער צום אויפטרייסלערישן בילד, ווו ס'זעט זיך די באַרימטסטע וועלטשטאָט, וואָס האַלט אין שפּרינגען פון די פונדאַמענטן אַרויס.

פון באַקאַנטן צו אומבאַקאַנטן לויפט, ווי אַ דעפּעשע, דער שאלות ותשובות־בויגן:

— „האָט איר אַן אויטאָ? א משא־וואגן? וווהין פאָרט איר?"

— „צופוס, טייערער הער. די באַנען זענען שוין פאַרשפּאַרט. צופוס, בירגער, צופוס".

מען געזעגנט זיך, מען זוכט זיך צוצורעדן, אָפּצורעדן, איינצורעדן. בלויז די טעראַסע־געסט מיטן פּנים פון באַטראַכטער לאָזן זיך נישט איינרעדן. ווי אַ נייער עפּיקור, באַטראַכטן זיי קאַלטבלוטיק דעם צעפּיבערטן צוג פון מיליאָנען־שרעק. לויפן? צו וואָס לויפן? וועלן די אַעראָפּלאַנען נישט קענען דערגרייכן די וועלט אין קדחת צווישן פעלד און וואַלד?

איינער פון די דאָזיקע קילבלוטיקע צובליקער שטייט אויף פלוצים. ער האָט באַקומען אַ טאָג פון פריינטשאַפט־נייגעריקייטן. מיטאָמאָל לאָזט אים עפּעס נישט רוען דער געדאַנק וועגן מעכלעסן. פאַרוואָס ווײַזט ער זיך נישט אין אַזעלכע מינוטן? און פרומל שיינהאָלץ? זעוו טריסקין? און באַנקינד? — אַ יונגערמאַן ביי די פערציקער איז דער נייער, געפּילפּולער קאַפע־עפּיקור. ער גייט האַסטיק צו דער נאָענטער אונטערערדבאַן. ער גייט אַרויס פון מעטראָ און גייט צוריק אַרײַן אין מעטראָ. מעכעלעס איז אַוועקגעפאָרן, זאָגט דער באַלעבאָס פון מעכעלעס האָטעל. שיינהאָלץ איז סתם נישט אַהיימגעקומען נעכטיקן. טריסקין שטייט פאַרטיק: געענדיקט פּאַקן. באַנקינד? איז שוין צוויי וואָכן אין קאַזאַרמע — אַ פרייוויליקער. אויף קעלערס שטערן האָט זיך איינגעשניטן אַ טיפע טראַנשיי פון פאַרקלערטשאַפט.

ווייל ער איז שוין געווען אויף רעפּובליק־פּלאַץ, האָט ער אינאיינוועגס באַשלאָסן שוין אַרײַנצוגיין נאָך נייעס אין דער אַרבעטער־קיך.

ער האָט אָנגעקלאַפּט. קיין שאָרך נישט. „אויך אַוועק?" — פרעגט ער זיך און קלאַפּט אָן נאָכאַמאָל פאַרן אַוועקגיין. דערהערן זיך טריט. ס'איז געווען איקע.

— קומט אַרײַן קעלער.

זי איז געווען אַליין.

— וואָס מען טוט? ניין, מיר פאָרן נישט, מיר לויפן נישט, מיר גייען נישט אַוועק. נישט אַלע וועלן דאָך אַוועק. שוואַכע, אָרעמע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן זיבנט יאָרן (איר ווייסט דאָך) קיין רעכט נישט צו אַרבעטן, ווי אַזוי זאָלן זיי אַוועק? — —

קעלער אָטעמט האַסטיק.

— טייערע איקע, געמיינט, בנאמנות, אַ שטיין־סטאַטוע בין איך, נישט קיין מענטש מיט גאַל . . . אַלע זענען אַוועק, אפילו מעכעלעס. פאַרוואָס נישט טאַקע מיר אויך? פאַרוואָס נישט?

„מ'קען נישט פאַריבל נעמען דאָס פאָלק... כ'מיין איטלעכן, וואָס האָט געהאַט מזל זיך צו דערשלאָגן ערגעץ ווייט, ווייס איך, ביז באָרדאָ, מאַרסעיל... אפשר, ווי מ'זאָגט, וועט פּאַריז טאַקע ווערן צע — — — טפו!... אַזאַ שיינע שטאָט! — דאַרף מען אַוודאי נישט האָבן קיין פאַריבל . . . דאָ ביי אונדז איז אַן אַנדער זאַך. דאָ איז אַן אַרבעטער־קיך, ס'אמת, קעלער? אונדז וועט נישט אָפּשרעקן דער סיגנאַל".

— דער סיגנאַל פון וואָס, איקע?

— פון שרעק, פון מאַטערנישן, אפשר — פון טויט — זאָגט איקע — אַזוי לאַנג ווי ס'וועלן בלייבן אַ פּאָר הונדערט אַרבעטלאָזע — אונדזערע אַרבעטלאָזע, אַזוי לאַנג וועלן מיר דאָ זיין אויפן — — —

— מיר? איר, איקע . .

— מיר! מיר אַלע וועלן מיר דאָ זיין אויפן פּאָסטן; זייט מוחל פאַרן שטייפלעכן וואָרט.

דרויסן האָט זיך געוואָרפן אין פיבער אַ גאַנצע מדינה און דאָ האָט אַ קאַלטבלוטיקער טעראַסע־מענטש זיך איינגעהאָרכט מיט אַ מאַנדל־אויער אין די טיילווייז אָפּגעדראָשענע ציַיטונג־רייד פון דער איקע. זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ פּען און געקלאַפּט דערמיט איבער טישבלאַט, אַזוי ווי אַ יינגע שילערין בשעת זי ווייסט, אַז ס'וואַרט אויף

איר אַ שווער פּראָבלעם. אַלט איז זי געווען אויף אַ צענדליק ווייטער פון קעלערן. קליינגעוואַקסן. נישט שיין. אַז זי רעדט, קנייטשן זיך צונויף אירע צו־ברייטע, היפּש־אַרויסגעטאָרטשעטע אויגן. אַז זי עפנט די אייגן, ס׳הייסט זי הערט אויף הערן, פאַלבן זיך צוזאַמען אירע ליפּן, ווי אַ פּאָר לאַנגע, פאַרדרייטע וואָנצעס פון פלייש־קאָליר. קעלער האָט אָנגעקוקט דאָס דאָזיקע פּנים מיט אַ מין לעבנסדאָרשטיקייט. וואָלט מען אים גענומען אויפן צימבל: בעל־דבר, איז די איקע שיין — איז די איקע מיאוס? וואָלט עס געווען פאַר איר די גרעסטע קלאָץ־קשיא. וואָרן צייט אַ האַלבן דור יאָרן, וואָס ער קען זי, האָט ער געפלעגט זי אָנקוקן אַזוי ווי מען קוקט אָן אַ געגנט אויף אַ לאַנדקאַרטע . . . שטריכעלעך, פּינטעלעך, הויקערלעך, שאָטעַנישן, פּאַסיקלעך און רינגעלעך אויף דער מאַפּע האָבן אַזויפיל באַטייט, וויפל ס׳האָט ווערט דאָס ווירקלעכע לאַנד, וואָס שטעקט דאָ הינטער...

נאַטירלעך, האָבן זיי געכאַפּט אַ שמועס וועגן גוטע באַקאַנטע, האַלב־פריינט, האַלב־חבר, ווי ער, קעלער. אַז ער האָט אויסגעמאָלט דעם קליינעם טריסקין, אין ספּאָרט־הויזן און אַ ריזן כאָמעט (קאָלדרע, מאַנטל, וועש, קאָך־כלים און ווער ווייס וואָס נאָך) אַרום האַלדז, דאָס געטרייע בילד פון אייביקן וואַנדערער, נאָר אָן דער באָרד — האָט איקע זיך פונאַנדערגעלאַכט, שיעור נישט מיט טרערן. האַרציק און שפּאָטיש האָט זיך איר געלאַכט און די ליפּן אירע האָבן זיך פאַרצויגן וואָלטער־מעסיק. און אַזוי האָט זי גענומען קריטיקירן קעלערן און זיינע לייט: קינסטלער, דיכטער און — קאָפּמענטשלעך! אַ גאַנץ לעבן אין קאַפּע! ענדער וואָלטן זיי באַדאַרפט, וואָלטן זיי געמעגט, וואָלטן זיי אַנדערש, אינגאַנצן אַנדערש און אַזוי ווייטער.

שפּעט נאָכמיטאָג, ווי ער איז צוריק קאַלטבלוטיק געזעסן אויף דער טעראַסע פון זיין געשווירענער קאַפּע האָט ער געמאַכט די זיך אָנגעהויבענע באַקאַנטשאַפט. אַ מאָגערער מענטש מיט אַ צוויקער האָט זיך געדרייט צווישן די געדיכט־באַזעצטע רוישיקע טישלעך, אָפּשטעלנדיק זיך פאַר איטלעך איינס, ווי אין שפּיל פון געדאַנקען־טרעפעניש, און ווייטער גערוקט זיך ביז קעלערס טישל. דאָרטן איז ער שטיינגעבליבן, האָט גענומען רייבן די הענט און האָט געשוויצט.

דאָס איז געווען אַרכיטעקט לעבעי פון סען־מאַלא. אַ גרויס געבּרענגט פאַר קעלערן — פאַר קעלערן א־ן קאַפּע! געקומען איז ער היינט אינדערפרי. נישט אַ משוגעת? קען זיין אַז ס׳איז דער לעצטער צוג. נאָר ער האָט אַ גרויסע אויפגאַבע. צוויי פון די נאָענטסטע באַקאַנטשאַפטן האָט ער אַרויסצוראַטעווען פון דער געפערלעכער שטאָט. עקסטרא געקומען זיי אַרויסנעמען צו זיך. ביידע פראַנסואַ, די מוטער און די טאָכטער. אָט זיצן זיי! זענען מיטגעקומען מיט

אים אין קאַפּע, ווייל ער קען נישט די שטאָט. האָט שטודירט אין שטראַסבורג . . .

קעלער איז אויפגעשטאַנען. באַקאַנטשאַפט. די מוטער — דאַמען־עלעגאַנט. די טאָכטער, אַ דרום־טיפּ, נאָר מיט ענגע אויגעלעך. די לעצטע נעמט באַלד דעם שמועס אין אַרענדע. דער אַרכיטעקט שווערעמט קוקנדיק צו איר. לעבן דער מוטער זיצט אַ בלאַס בחורל, קענטיק אַ קראַנקער. „זשיגאָלאָ”? טראַכט קעלער. ניין, עס הייסט, ער איז אַ קוזין און דער עיקר, האָט אַ פּאָסטן: אונטעראַפּטייקער. אָבער ס׳איז קענטיק צווישן די צוויי: אַ ראָמאַן. צווישן דער מוטער און דער טאָכטער איז אויך קענטיק פאַראַן אַ קאָנטראַקט: איך מיש זיך נישט אין דיינע און דו נישט אין מיינע דרכים.

זיי גייען אַלע אויף אָונט־ברויט. קעלער האָט אַפילו געזוכט זיך אַרויסצודרייען, אָבער די פרישע באַקאַנטע האָבן, ווי מ׳זאָגט, אָנגעהאַלטן. און ווייל ער האָט געהאַט אין טאַש אַביסל געלט, אָ! נישט קיין סך . . . אָבער ס׳איז גוט צו וויסן אַ פּאָר הונדערט פראַנק ערגעץ אין די פאַלדן פון בייטעלע, אָדער אין דער הוילער קעשענע. דער עיקר, אַז דאָס טרעפט גאָרנישט אָפּטערס. ווייל ס׳איז נאָך צייט געווען צום רעסטאָראַן ווען זיי האָבן די פּרויען פאַרבעטן אויף אַ גלעזל וויין. די ענגע, שוואַרצע אויגעלעך פון דער יינגער פראַנסואַ האָבן געגלאַנצט א־ן מעטראָ מיט רעליגיעזן עקסטאַז. האָט זי דאָ נישט אַמאָל, די יינגע טאָכטער פון פראַנקרייך — אַ נייע זשאַן ד׳אָרק — דערפילט דעם גאָט־רוף אין די לענדן און מיט גבורה וועט זי זיך לאָזן גיין בייקומען דעם שונא? — אין געפּאַקטן וואַגאָן, געשטאַנען אָקאָרשט צונאַנדערגעדריקט מיט קעלערן, האָט זי לאַנג געהאַלטן זיין האַנט אין איר וויך, וואַרעם הענטשקעלע. אַזוי האָט זי אים דערציילט ווי זי האָט מיט צוויי יאָר צוריק „דערהערט” גאָטס קול. אַז תיכף האָט זי „דערפילט” דעם מוראדיקן גלויבן און אַז פון דעמאָלט אָן דויערט שוין איר כלהשאַפט מיט גאָט. אַז קיינער פאַרשטייט זי נישט צווישן אירע אייגענע, די מוטער דער עיקר נישט. ס׳טרעפט, די מוטער שרייט זי אָן, אַז זי איז נערוועז און איצטער איז דער מאַסן־היפּנאָז: אַנטלויפן. נו, אַלע אינדערפרי, אַלע פאַרטאָגס אייגנטלעך, דאָ שטייענדיק צום ערשטן געבעט, שטעלט זי זיך פאַר דער מוטער אויף די קני, קושט זי און אין זיך טוט זי אַ נדר: מיט געדולדיקייט אויסצוהאָרכן די מוטער — ביז צומאָרגנס... נאָר זיי גלויבן איר נישט! זיי מיינען ס׳איז אַ קאַפּריז. אָבער זי פילט, אַז ער, קעלער, הגם אַ ייִד, פאַרשטייט זי טיף מיטן זין און מיט אַלע פינף זינען.

וואָס האָט זי אַלץ נישט דערציילט! אַז קוים 15 יאָר אַלט האָט זי „גאַסטראָלירט” אין אַטען מיט אַ דירעקטאָר פון אַ וואַנדער־קאַבאַרעט. ס׳האָט געהייסן: אַ זינגערקע! דאָס גאָלדענע הענג־בראָשל פון דער מוטער — אַ מתּנה

אירס, אַ זכרון פון יענער צייט . . . זי איז זיך מתוודה אַז זי איז נישט קיין נאַאיווו מיידל — אין זין פון די וועלט ; אָבער אין זין פון י ע נ ע ר וועלט . . .

ס׳איז קענטיק וואָך אין דעם מיידל אַ ווונטש זיך צו אַנט־בלויזן. זיך צו ווייזן אָפן און נאַקעט. איז אין איר געררירט אַ שרייפל? — פרעגט זיך קעלער. אין איר רעליגיעזן גלוסטן איז על כל פנים צוגעמישט אַביסל טישן־ספּיריטיזם און אַנדערע אָקולטע שטיק. קעלער האָט זיך דאַרין איבער־צייגט אין דעם האַלב־עלעגאַנטן קאַבינעט (פּליוש־מעבל, אַ קלאַוויר, גראַוויורן, אַ ביבליאָטעק און אַ נאַפּאָלעאָן־בראָנז). די עלטערע פראַנסואַ איז אַריין אין איר צימער אָדער אין קיך, מיטגעגאַנגען איז מיט איר נאַטירלעך דער געהילף־אַפּטייקער. און דער אַרכיטעקט האָט זיך אַנטשולדיקט : ער מוז גיין זיך איבערטון נאָך דער רייזע. געבליבן אַליין, ס׳הייסט אין צווייען, איז נישט געווען אפילו פון וואָס איבערראַשט צו ווערן, ווען די יונגע פראַנסואַ האָט פּלוצים אַראָפּגערוקט פון די אַקסלען איר בלוזקעלע, ביז צו די עלנבויגנס. „אויפן וואָרט ! — האָט ער אויסגערופן — שול־טערן פערפעקט צום באַווונדערן !" אַזוי האָט ער געצאָלט מס צו איר שיינקייט. און פשוטעוואטע האָט זי צוריק פאַר־רוקט ס׳בלוזקעלע און ווייטער דערציילט. זי האָט אפילו דער מוטער (וואָס האָט אַריינגערוקט אַ רעדל־טישעלע מיט גלעז־לעך און קיכלעך) איבערגעזאָגט קעלערס געדאַנק וועגן אירע שולטערן. זי האָט זיך גראָד געפונען פאַרן נידעריקן ביב־ליאָטעקל, פאַרן נאַפּאָלעאָן-בראָנז. אַ געדאַנק קעלערס : „מחשבותן, האָט זי זיך אָקאָרשט אַנטבלויזט פאַר אים ? פאַר נאַפּאָלעאָנען ?... „ס׳נישט אומעגלעך". און ווי זי וואָלט געלייענט זיין געדאַנק, האָט זי געזאָגט, אַז „נאַפּאָלעאָנס בילד פּירט אָן אַ מיסיע. אויף די סעאַנסן ביי מאַדאַם איקס... ווו איר מוטער קומט געטריי, איז אַ סך מאָל גערעדט גע־וואָרן פון זיין כוח. אַז אין היטלערס קאַבינעט — פונקט ווי דאָ — געפינט זיך אַ בראָנז פון דעם פראַנצויזישן זשיל סעזאַר. קעלער האָט געמיינט : קענטיק, אַז ער געפינט זיך ביי אַ כוהנטע פון אַ קולטיסטישער גאָטהייט. גייסטער־סעאַנסן, נאַפּאָלעאָן און היטלערס־שטיבן. מיט איין וואָרט : נאַסטראַדאַמוס.

די יונגע פרוי האָט זיך דערווייל צוגעזעצט צום פּיאַנע און גענומען אויסקלאַפּן מיט איין פינגער עפּעס אַ מאָטיוול, נישט קיין קירכן־הימן. חלילה ! ביסלעכווייז איז זי אַריין אין טאָן און מיטאַמאָל האָט זי געלאָזט הערן אַ היפּשן סאָפּ־ראַנאָ. וואָס האָט זיך, אגב, נישט אַהערגעפּאַסט, צו אַ מאָדישן, פאַרבענקשאַפטלעכן, אַביסל פאַרזשאַרגאַנעוועטן קאַלאָניאַל־ראָמאַנץ.

האָט דאָס דאָ קאָמפּליצירטע ראָמאַנטישע בילד — אויפן פאָן פון פיינטלעכע לופט־ראַידס — אים אַרייגעפירט אין אַן אַטמאָספערע פון פריוואַט־כישוף.

דערנאָך האָט מען געטרונקען וויין. דער אַפּטייקער איז עפּעס אויך געווען אָוועקגעגאַנגען און ווען ער איז צוריק־געקומען מיט אַ פּאַק ווורשט, פּוטער און אַנדערע ווילע זאַכן, איז שוין געווען אָפּגעשטימט, אַז מ׳וועט עסן טאָקע אויפן אָרט. אַזוי האָט שוין די יונגערע פראַנסואַ זיך גע־זעצט צום קלאַוויר און שפּילנדיק, פאַרגעזונגען, חלילה נישט קיין קירכן־מעלאָדיע : אַ ליד אַ סצעניש, אַ מאָדיש־ראָ־מאַנטישעס.

אַלע האָבן אָפּגעגעבן כבוד דעם פיינעם געזאַנג און... דעם גוטן אויפשניט. אויך דער וויין איז געווען ערשטע קלאַס. בנוגע אַפּעטיט, האָט דער אַרכיטעקט אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן טאַלאַנט. „ווי געפעלט אייך די שטאָט ?" — און ער ענטפערט ווי אַ יונגער סטודענט : אַז ס׳גאַנצע לעבן האָט ער געזוכט צו קענען וווינען אין פּאַריז. נאָר נישט איינגעגעבן זיך ביז אַהער. איצט אָבער — — — וואָס „איצט" ? מאָדנע, איצט, ווען די אמתדיקע פאַריזער תושבים אַנטלויפן ווי פון דער פעסט, איז „איצט" גאָר ?"

—כ׳בין געקומען צופאָרן, איר ווייסט שוין די סיבה, די איינציקע סיבה. נאָר ווו נעמט מען אַן אויטאָמאָביל ?

אַ האַרבע שאלה.

(געשריבן אין ניצע 1942).

# אַ קאָנטראַקט

אַ פיין־אָנגעטוען מענטשל, קוים נאָך די שלושים, צוגע־קעמט מיט אַ זייטן־שרונט און רעדט מיט אַן אָנגענעם קול : דאָס איז ב. צינײדעק, פּאַליאַ צינײדעקס ברודער, דער איי־גענער, וועמען איך האָב געזען און גערעדט מיט אים בלויז איינמאָל אין לעבן.

ס׳איז דער פון „קאָנטראַקט" . . . דאָס האָט פּאַליאַ צונײדעק מיר צוגעשטעלט אַ ראַנדעוווּ מיט איר ברודער. „ער האָט פאַר אייך אַ פאָרשלאָג — האָט זי געזאָגט — אַ בריליאַנטענעם פאַרשלאָג אויף היינטיקע צייטן" !.

און אַליין איז זי אויך אַ בריליאַנטן מיידל, די פּאַליאַ. ביי די 28־29 יאָר, זעט אָבער אויס נישט מער פון 26, אָבער — אַ בריליאַנטן מיידל ! אויפן שטעק־פינגער פון דער רעכטער האַנט טראָגט זי אַ בריליאַנט ווי אַ פּלאַסטער און אויף ביידע חופּה־פינגער — פינגערלעך גענוג פאַר פיר חתנים אַרויס מיט בריליאַנטעלעך. דאָס האָט, זאָגט זי, איר ברודערל ב. „אויפגעטריבן" אין די קאַרגע 2 מלחמה־יאָרן.

אויפגעטריבן ? אין צוויי קאַרגע יאָר ? ס׳לאָזט זיך רעדן. ביי מאַנכע „שטערבלעכע" „טרייבט" זיך צייטנווייז אויף

אַן אפּותיקא לויטן וויסנשאַפטלעכן געזעץ פון טאָפּעלונג, איר ווייסט דאָך, אַזוי ווי ביי די מיקראָבן, באַצילן, אָדער אַנדערע ווערעמונג. נעמט, למשל, אַ סומע, זאָל מען זאָגן, פון צען פראַנק און לאָזט זי טאָפּלען איבערן טאָג. האָט איר צומאָרגנס צוואַנציק. איר לאָזט זי ווייטער טאָפּלען. האָט איר צומאָרגנס פערציק. און וויפל, מיינט איר, קען ווערן נאָך צוואַנציק טאָג, הא — וויפל ? איר וועט גאָרנישט קענען פונאַנדעררעכענען . . . אַ קינד אין חדר קען שוין די־דאָזיקע קונץ. ב. צינײדעק איז געווען אַ מיליאָנער, אַ מולטע־מיליאָנער ! נאָר זיין שוועסטער פאָליא איז אָבער געווען מיין ווייבלס אַ באַקאַנטע. דאָס הייסט, אַז ביז דער מלחמה האָט זי געאַרבעט ווי אַלע יידישע איינגעוואַנדערטע מיידלעך — ביי נייטאָערכץ. און דער נס איז געווען, וואָס אפילו מיט ברילייאַנטן איז זי קיין גרויסהאַלטערקע נישט געוואָרן. האָט אפילו געקרענקט מיין ווייבל. „די פאָליא ? שוין פאַר דער מלחמה איז דאָס געווען אַ פוצערקע און אַ פלידער. קינסטלער? דער קינסטלער האָט ביי איר געהאַט אַ פּנים פון חוזק. זי האָט געשטרעבט צו קומען צווישן אונדזערע יונגע דאָקטוירימלעך אין פּאַריז, אָדער צווישן סוחרים" — אַזוי האָט מיר געזאָגט מיין ווייבל און זי האָט געקענט פאָליאַן אַזוי ווי מ'קען זיך צווישן קרובים און קוזינען.

ביי מיר אין הויז ווין איך מיט מיין ווייבל און ביידע קינדערלעך ,וואָס האָבן אינאיינעם דריי מיט אַ האַלבן יאָר — אין איין שטיבל און דאָס איינע שטיבל האָב איך געפונען אויך דורך אַ נס : איין קליינעקייט, געפינען אַ פריי חדר אין ג. !

וואָס זאָל איך אייך בראַיען ? ס'איז זומער. פירט מיין ווייבל די קינדער אין סקווער אַריין אויף לופט. האָט זי דאָרטן געזען פאָליאַ, אָבער אַ פאָליאַ מיט ברילייאַנטן ! „זי האָט אפילו געמאַכט אַ מינע ווי זי דערקענט מיך נישט, האָט מיין ווייבל מיך איבערגעהזרט ; נאָר ווי זי האָט געזען די צוויי קינדער, האָט זי אַרויסגעשטעקט אויגן, ווי זי וואָלט נאָך קיינמאָל אַזוינס נישט געזען". דאָ ליגט טאַקע דער כלב באַגראָבן . . . זי האָט זיך פשוט צוגעכאַפּט צו אונדזערע קינדער. זי איז געוואָרן אַ טעגלעכע איינגייערקע. איין טאָג צוקערלעך פאַר דער גרעסערער, אַן אַנדער טאָג אַ קליידל (פון זיך) פאַר מיינער (נאָך אַ יאָר לאַגערס איז דאָך פון אונדזער מ'שטיינסגעזאָגט באַלעבאָטעשאַפט גאָר געוואָרן אַ תל !) און אַן אַנדערש מאָל אַ פאָר ברויט־טיקעטן . . . (איר קענט זיך אויף ברילייאַנטן ?) און דער עיקר האָט זי אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע צום וויקל־קינד, ס'הייסט, נישט קיין זכר פון וויקעלעך, נאָר ס'רעדט זיך שוין אַזוי.

דריי חדשים איז היינט אַלט דאָס פאַרשווינדל און פיר ווערט, אַז מיינע איז אַרויס פון לאַגער. מזל געהאַט עס זאָל נישט זיין קיין לאַגער־קינד... נאָ דאָס האָט מיר געפעלט ! קורץ, במשך פון אַ פאָר טעג קומט די פאָליאַ צו און ברענגט מיר דאָס „ראַנדעווו" פון איר ברודער. פאַר־שטייט ? ב. צינײדעק וויל זיך אַליין מיט מיר זען. ער האָט מיר צו מאַכן אַ פאָרשלאַג, אַ ברילייאַנטענעם פאָרשלאַג, ווי פאָליאַ זאָגט. קענט איר זיך פאָרשטעלן וואָס ב. צינײדעקס מעסאַזש האָט „אָנגעדאָסט" ביי אונדז אין קאָפּ ! די פאָר טעג ביז צום „זעונג" האָבן מיר אַדורכגעהאַלטן אין אַן אמת־דיקן פיבער ,איך און מיין ווייבל. פראָיעקטן האָבן אונדז געבליט אונטערן קאָפּ־שייטל אַזוי ווי די, כ'וויל גאָרנישט אַרויסרעדן . . . און מען איז געשפּרונגען ראָש פון די קליינע האָפענונגען צו די גרויסע אַריבער . . . גאָרנישט וואָס איר ווילט, נאָר קיין פאַנטאַזיע פעלט ביי אונדז קינסט־לער נישט אויס . . .

יאָ, איך בין אַ קינסטלער, אַ קונסט־מאַלער. נעמט נישט פאַראיבל וואָס כ'שטעל מיך פאָר אומגעבעטענערהייט . . . ס'איז אָבער צום ענין, שטאַרק צום ענין. ב. צינײדעק, דער

- 1 -

פאַקסימיליע פון ע. וואַרשאַווסקיס כתב־יד „אַ קאָנטראַקט"

איז פאַר אונדז געוואָרן אַ זאַך. און אַלץ איז אונדז פאָרגעקומען פאַר מעגלעך און פון מעגלעך —ווירקלעך! וואָרום אַ מיליאָנער, באַשטעלט מיר אַ ראַנדעווו ; ב. צינײדעק האָט פאַר מיר אַ פאָרשלאַג און אַ ברילייאַנטענעם פאָרשלאַג, טאָ וואָס קען זיין אַנדערש ווי — „אַ קאָנטראַקט" ? אַ קאָנטראַקט, ווי ס'פלעגט זיך פירן אין פּאַריז פאַר דער מלחמה. אַ קאָנטראַקט צווישן אַ גביר און אַן אַמאַטאָר אויף קונסט־ווערק, מיט אַ מאָלער, אָדער אַ צייכענער, אָדער אַ גראַווירער, אָדער אַ סקולפּטאָר, אָדער סתם אַ בילדלער. און זיי ווייסן וואָס זיי טוען, די גבירים ! קונסטווערק זענען שטענדיק געלט, בשעת געלט האָט אַמאָל גאָר קיין ווערט נישט, למשל, היינטיקע צייטן... ביי זיי, נאַטירלעך, ביי די גבירים ! ביי אַ יידישן קינסטלער אָבער — יאָ. ווי שטאַרק געלט איז געפאַלן אין יאָר 43 איז עס אָבער ביי אַזאַ שטייגער ווי אונדז, גאָר נאָכמער חשוב ווי פאַר דער

מלחמה . . . באַרעכנט נאָר : 37 פראַנק מוז איך צאָלן פאַר אונדזער בלויז שטיבל אין טאָג ; יעדן 37 פראַנק ! קענט איר שוין האָבן אַ פאָרשטעלונג פון די בריליאַנטענע פּלענער, וואָס זענען אונדז געלאָפן אונטערן שטערן און איבערן שטערן? טיילמאָל האָט מען זיך איבערגעכאַפּט פון שלאָף אָפּגעטונקען — אין שווייס. מיר האָבן שוין געשוויצט ווי די נגידים, איר מעגט לאַכן . . .

וואָרן ס׳איז נישט לייכט אַרויסצודערציילן אַלץ, וואָס דעם מענטשן קוועטשט . . . פאַראַיאָרן האָט מען מיך געכאַפּט אין אַ לאַגער, מיך צומערשטן, איינעם אַליין. איז נאָך, ה׳י איינער זאָגט, געווען מיט יהדות. אָבער אַז מ׳האָט שפּעטער געגעבן אַ כאַפּ מיין ווייבל אויך מיט אונדזער דריי־יעריקער טאָכטער און —אַ חרפּה אויסצוזאָגן : מיט אַ זעקס־חדשימדיקס אונטערן נאָפּל ; און אַז קיין באַנקירן זענען מיר נישט געוועזן, איז דאָך קלאָר ; און אַז קיין גוטע, איבערגעגעבענע, געטרייע, אָדער סתם אידעאַליסטישע פריינט האָבן מיר נישט „באַזיצן", זיי זאָלן, ווי ס׳איז דער מנהג, דעם אומגליקלעכן לאַגערניק צושיקן אַלע וואָך אַ פּעקל מיט ווורשט, פּוטער, ברויט, צוקער, אָדער סאַכאַרין ? — איז מען געוואָרן אַזוי, אַז דער ערגסטער מענטשן־פרעסער וואָלט אונדז זיכער נישט געוואָלט טועם זיין. איר קענט נאָך, דוכט זיך, דערקענען די סימנים . . .

ווי אָבער מיין ווייבל איז אַריין אין די הויכקייטן, האָט מען זי אין איין שיינעם טאָג אַרויסגעלאָזט צוזאַמען מיט אונדזער 3 יעריק קינד און ווען איך האָב זיך שפּעטער אַליין „אַרויסגעלאָזט", האָב איך זי שוין געטראָפן מיט צוויי . . . איר פאַרשטייט עפּעס אין די סודות פון דער נאַטור ? אָבער שפּאַס־רייד אין אַ זייט : ס׳איז נישט מעגלעך צו לעבן, למשל :

דער „קאָמיטעט" גיט. אָבער וויפל „גיט" ער ? וויפל קען „ער" אינגאַנצן געבן, אַז היינט זענען הונדערט פראַנק אפשר צוויי פראַנקן, אפשר דריי און אפשר אַכט. ווייס איך ? אוודאי איז עס נישט מיין זאַך. איך בין דאָך אַ קינסטלער ! לעבן אָבער מוז דאָך אויך אַ סטאָלער !

איז דער נס וואָס דער „קאָמיטעט" גיט. טאָ וויפל קען „ער" געבן ? ס׳איז אַ לייכטע רעכענונג : האָט „ער" ליגן אין קאָסע אַ מיליאָן, גיט „ער" צו אַכט הונדערט פראַנק. אלא האָט ער נישט מער ליגן פון צוויי הונדערט טויזנט, שטעלט „ער" אינגאַנצן אָפּ ס׳געבן . . .

ביי אַזעלכע לעבנס־באַדינגונגען איז געקומען מיי ווייבלס באַקאַנטער פון פאַר־מלחמה און אַריינגעברענגט אין אונדזער ענג שטיבל אַ בוקעט מיט האָפענונגען.

ווען איר וואָלט געווען אַ קינסטלער אויכעט, וואָלט איר געקערט קענען אויסמאָלן אונדזער אומגעדולדיקייט, מיינע און מיין ווייבלס, נאָך מיין בריליאַנטענעם „קאָנטראַקט" . . .

דער טאָג פון ראַנדעווו איז געקומען און די שעה האָט געשלאָגן. איך בין געווען אויפן אָפּגערעדטן אָרט אַ שטיק צייט און זיך פאָרגענומען צו וואַרטן אויב עס וועט אויסקומען אַזוי לאַנג וויפל כ׳וועל נאָר קענען פאַרטראָגן. ניין, ע ר איז געקומען ריכטיק צו דער מינוט.

אַ פיין־אָנגעטוענער יונגערמאַנטשיק, צוגעקעמט מיט אַ זייטן־שרונט און האָט זיך פאָרגעשטעלט מיט אַן אָנגענעם קול : ב. ציניידעק, פאָליאַס ברודער.

נאָך די פאָרמאַליטעטן פון פאָרשטעלן זיך איינס ס׳אַנדערע, האָט ער מיך אַריינגעבעטן אין אַ קאַפע און געצאָלט אַ פלעשל סאַכאַרין־וואַסער. מען איז געזעסן אַזוי ביי אַ טישל און געשמועסט אַ פאָר ווערטער סתם־סתם און פלוצים איז ער אויפגעשטאַנען :

— קומט אַרויס אויף דער שטאָט. דאָ קען מען נישט רעדן פון ערנסטע זאַכן. אַ קאַפע? האָט טויזנט אויגן...

איז מען נאָכן פלעשל סאַכאַרין־סאָדע געגאַנגען אויף דער שטאָט און איבערן וועג האָט ער מיך אויסגעפרעגט פון מיין לעבן אינדערהיים, אין פּאַריז, און דאָ אין ג. כ׳האָב געמיינט, ער קלייבט זיך שרייבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן מיר — אַ מאָנאָגראַפיע! כ׳בין זיך מודה, אַז מיין לעבן ביז אַהער איז עפּעס נישט רייך געווען אין פּלעשלעך שאַמפּאַניער און נאָך ווינציקער אין האַרץ־רייסנדיקע עפּיזאָדן. פונדעסטוועגן האָב איך אָפּגעמאַכט ביי מיר טייער צו פאַרקויפן מיין קאָנטראַקט. נישט דאַרטן פאַר אַ טעפּל לינדזן. עס וועט אים שוין קאָסטן, דעם פריש־געבאָדענעם מיליאָנערוק ביים אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט. וועט ער מיר צאָלן „קראַגן"! און צוריקגעשמועסט, דאָס גוטע געשעפט מאַכט „ער", וואָרן ער קריגט דאָך מיין גאַנצע פּראָדוקציע! איר פאַרשטייט עפּעס אין בריליאַנטן? קונסט־ווערק זענען טיילמאָל נאָך טייערער פון בריליאַנטן... דהיינו, איך ווער באַרימט, מען נעמט שרייבן וועגן מיר אַרטיקלען אין די צייטונגען, דרוקט מען וועגן מיר ביכער, לויפט מען קוקן אויף מיינע אויסשטעלונגען און מען שלאָגט זיך פשוט אין די ליציטאַציעס פאַר מיינס אַ בילד! ס׳איז אַ פאַנטאַזיע? נעם מיר אַן אַ ווײלע, אַז ס׳איז די ווירקלעכקייט, וואָרן ס׳זענען שוין געשען אַזוינע זאַכן. איז וואָס? — איז ב. ציניידעק שוין נישט קיין מיליאָנער, נאָר אַ מיליאַרדער. איך, איך קבצן און שנאָרער, וואָס קען נישט צאָלן מיינע לייט אַ שטיקל פילם אין נאָכמיטאָגס, איך וועל ביי ציניידעק, דעם גרויסן מלחמה־צעלייגער מאַכן פאַר אַ מיליאַרדער! — איך און מיין „קאָנטראַקט"!...

איר זעט מיך, איר קענט מיך און איר האָט שוין אוודאי תופס געווען, אַז איך בין נישט פון יענע קינסטלער, וואָס מ׳רופט באָהעמעס. איך בין נישט קיין פרינץ צווישן שיכורים. איך בין נישט קיין ליב צווישן מיידלעך, וואָס „זיצן" (פאָזירן) נאַקעטערהייט פאַרן מאָלער און סקולפּטאָר. אין קאַפע, אַז איך קום אַריין, שטייט נישט אויף פון די טישלעך און איינער דעם צווייטן שטויסט נישט מיטן עלנבויגן: זעסט, דער דאָ איז מיסיע, אָדער דר. ווילימעלעך. איך בין אַ

פראָסטער ווייציזדקאָסכאָ. אַזאַ ווי איר אַלע. נאָר בשעת איר אַלע נייט און שטעפּט און זעגט און קלאַפּט און קלעפּט און רייבט און פּיילט — מאָל איך. ווייטער — נישט. דערפאַר וויל׳ך אייך זאָגן קורץ פון דער זאַך: דאָס לעצטע מאָל טו איך דאָ אויסמאָלן, ווי ביי מיר און ביי מיין ווייבל איז דער „קאָנטראַקט״ שיעור פון קאָפּ נישט אַנטפלויגן פאַר די פאַר טעג פון ציניידעקס באַשטעלונג ביזן זעאונג.

...איז מען געגאַנגען איבער דער שטאָט. ב. ציניידעק פרעגט און איך ענטפער. צום פינטעלע איז מען אָבער אַלץ נישט דערגאַנגען. אַזוי האָט געטראָפן, אַז אויף איין עק גאָס האָט געקלעפּט אַן אַפיש, אַן אַפיש אין קאָלירן פון דער נאַציאָנאַלער לאָטעריע. ב. ציניידעק איז געבליבן שטיין דערפאַר מיטן פּנים. איך האָב דאָס דעמאָלט נישט געהאָט געזען; נישט באַמערקט אפילו. און אויב יאָ, וואָלט עס אויך געווען אַ הוילער גאָרנישט. וואָרן וויפל, קלערט יאָר, האָב איך שוין געזען אַזעלכע אַפישן אין מיין לעבן?

איצט אָבער, היינט אָבער ווי כ׳דערמאָן זיך נאָר יענעם טאָג, אַזוי שפּרינגט מיר תיכף אַקייגן קודם־כל יענער אַפיש, אַזוי ווי אַ סימן נורא. צוגלייכן יענע פייערדיקע ווערטער אין דער פינצטערער נאַכט פון בלשאצר. ווי אַ שרעקלעכער סימבאָל.

איצטער... קורץ פאַרן אַפיש פון דער נאַציאָנאַלער לאָטעריע איז דער דבר־אחר געבליבן שטיין און זיך אָפּגערופן צו מיר אַזוי, כלאחר יד זיך אָפּגערופן:

— וויפל ווילט איר פאַר אייער קינד?

כ׳קען אייך פאַרזיכערן, אַז ווי נאָר ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, האָב איך געזען מיין באָבע פאַר די אויגן און געהערט איר קול: „אַ דונער פון הימל״... און מיין מאַמע: „אַ באָמבע...״ בשעת איך אַליין האָב אים אָנגעקוקט, ווי אַ ליימענער גולם קוקט אָן דעם קלאָרן בעל־דעת און מיינט ס׳איז אַ ציבעלע...

— פאַרן קלענערן — האָט דער דבר־אחר ווייטער גערעדט — כ׳וואָלט אפילו ענדער „געקויפט״ ס׳גרעסערע, ס׳איז באַקוועמער. אָבער ס׳קלענערע איז פּראַקטישער...

— און דער קאָנטראַקט? — האָב איך, גולם, קוים געקענט אַריבערברענגען איבער מיינע ליפּן.

מיט אַ שמייכל איבער זיינע, נעמט ער מיך גאָר אונטערן אָרעם און פירט מיך אַריין אין אַ גרויסאַרטיקן באַר. ער האָט שוין מער נישט מורא געהאַט פאַר די טויזנט אויגן! — און לייגט מיר פאַר סוחריש־מעסיק, אָרנטלעך און אויפריכטיק:

„כ׳זאָל אים פאַרקויפן, אָפּטרעטן, אויסבאָרגן, פאַרלייען מיין פּיצלס אין דריטן חודש...״

באשר, ער, ב. ציניידעק, איז היינטיקן זומער צוגלייך מיט אַלע יידן שוין אויך געווען אין אַ לאַגער... איז ער אָבער אַ מענטש מיט אַ האַרץ. וואָדען, אַז מ׳פאַרמאָגט זהב, קען מען זיך נישט פּאַסן צו בלייבן אין אַ לאַגער... איז נאָך צוגעקומען די מורא פאַר דעפּאָרטאַציע! נו, איז ער אַנטלאָפן און מיט דער שוועסטער געקומען קיין ג. אין ג. איז מען שוין זיכער? זיכער נישט... האָט ער אַ פּלאַן: היות מיט אַ קליין קינד שיקט מען נישט צוריק פון דער שווייץ, בלייבט חתונה האָבן מיט דער שוועסטער און „באָרגן״ אַ קינד... „באָרגן״ אַ קינד — גאָט אין הימל! (ב. ציניידעק האָט פאַרקרומט ס׳פּנים אַביסל צו גאָט...) גאָט אין הימל, פאַרוואָס זאָל ער נישט טאָרן באָרגן אַ קינד? אַז ער איז אַנטשלאָסן צו פינאַנסירן אַ גאַנצע משפחה אַ רייזע אין דער שווייץ, אַן אָרעמע משפחה פון צוויי קליינע קינדער און זיי נאָך אויסהאַלטן אין דער שווייץ אויך ביז סוף מלחמה און דאָס אַלץ אונטער איין באַדינג: איין קינד זאָל ווערן „אָפּגעשריבן אויף זיין נאָמען״... ער האָט שוין אפילו אַזאַ משפחה אויך, וואָס וויל אים „געבן״ צוויי קינדער, אפילו דריי אויב ער וויל. איז׳ס אָבער אַ משפּחה פון 9 קינדער און ביידע עלטערן, מאַכט אויס עלף... עלף מענטשן!

אָט פאַרוואָס ער האָט סימפּאַטיזירט „ענדער״ מיט מיר...

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט געהאַלטן אָפן זיין האַרץ, בין איך געזעסן ווי אַן אידיאָט, אָן דעם קלענצטן רעיון, כ׳האָב נישט געשפּירט, אַז די זוילן ברענען מיר. ס׳איז מיר נישט פאָרגעקומען, אַז כ׳שטעק צווישן הימל און ערד, אָדער כ׳שטיי אויפן שפּיץ קאָפּ פון אַ שניי־באַרג, בשעת פאַרן טריט איז אָפן אַ טיפער, שוואַרצער תהום.

גאָרנישט איז מיר געשען. ס׳האָט נישט געהאַלטן ביים רופן אַ דאָקטער, כ׳האָב נישט געחלשט, כ׳האָב נישט געקריגן קיין פּאַטש אין פּנים פון ווייס׳ך פאַר אַ משוגענעם דאָרטן. נאָר ס׳איז מיר געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן. און באַלד דערויף האָב איך געמיינט, אַז אַ רוצח שטייט איבער מיר מיט אַ מעסער: דיין לעבן, אָדער דיין קינד!

פאַרוואָס האָב איך עפּעס אַזוי געמיינט? איך געהער בטבע נישט צו דער קאַסטע נביאים; איך קען קיינמאָל נישט פאַרזאָרגן היינט, וואָס מאָרגן וועט זיין. אין יענער מינוט אָבער, וואָס רעד איך — אין איין סעקונדע האָב איך געזען, באַשיינפּערלעך געזען — די גרענעץ. מיר גייען, צוויי פאַרפעלקער גייען מיר. מיר קומען אַלע בשלום אַריבער די גרענעץ. מיין ווייבל טראָגט ס׳עלטערע קינד און פאָליאַ ציניידעק, איר אייגענעם ברודערס ווייב האַלט ס׳אַנדערע, דאָס פּיצלס. אויף יענער זייט בשלום אַריבערגעקומען איז מען. מען פירט אונדז אָפּ אויף דער וואַך. ווי הייסט איר און ווער זענט איר? — פרעגט מען אונדז. און מען צעטיילט אונדז: די מיטן עלטערן קינד בלייבן דאָ און יענע מיטן זויגלינג פירט מען אָפּ ווייטער. ווי ס׳ווערט צומאָרגנס, טוישט זיך די וואַך און די נייע נעמט אונדז און פירט אונדז. וואוהין? שטוינט און הערט: צוריק צו דער גרענעץ. מען וויינט, מען בעט זיך, מען שרייט. די נייע וואַך ווייס אָבער גאָרנישט צו זאָגן פון אַ משפחה ציניידעק מיט אַ זויגלינג. איך ברעך מיר די הענט. נאָר מיין ווייב, אין איר איז אויפגעשפּרונגען די לייבין, די וועלפין, די לעמפּערטין, מיט איין וואָרט: די יידי־

שע מאַמע. „ווער וועט עס אָנזויגן, די „שוועסטער" פּאַליאַ?" ברומט זי. נאָר די וואָך איז וואָך. און די וואָך שטופּט אונדז צוריק, צוריק אויף „דער זייט" גרענעץ, ווו — כ׳בין זי־כער — מ׳וועט אונדז כאַפּן, ברענגען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און פון דאָרטן וועט מען אונדז שוין די רעשט דע־פּאָרטירן...

אין רעיון, אָדער בלויז אין די דמיונות, אָדער אפשר אין די מענטשעלעך פון די אויגן, זענען די אַלע בילדער מיר אַדורכגעלאָפן במשך איין הונדערצטל פון אַ סעקונדע! כ׳בין אָבער דערפון נישט, ווי איר זעט, געפאַלן טויט. כ׳האָב נישט געזידלט אויכעט. און נישט געשפּיגן קלעקסן. כ׳האָב נאָר זיצן־געלאָזט דאָס מלחמה־גבירל, אָדער שטיין געלאָזט אים פּאָר די פינף מיליאָן פון דעם נאַציאָנאַלן אַפּיש, כ׳געדענק שוין נישט. און דאָס — גאָר.

און דאָס גאָר ?

יאָ, און דאָס גאָר.

ווי אַ שטומער לעקיש.

ווייל, אַז מ׳זאָגט דיר גוט־מאָרגן, ענטפער גוט־יאָר. אַז מ׳זאָגט דיר אין טאָטן אַריין, לייגט מען צוריק אין דער מאַמען אַריין.

און ווייל אויב נישט מיין פּוסטע שרעק, וואָלט מען שוין איצט געווען אַלע פיר אין דער זוכעניש. נישט באַדאַרפן מער אויפצאַפּלען ביינאַכט: האַ? יאָ אַ קלונג געהערט, אָדער נישט אַ קלונג. אָדער — אינמיטן העלן טאָג — ווו נעמט מען לעבן — פּרנסה, וואָלט געזאָגט מיין באָבע.

קורץ :

מען וואָלט שוין איצטער אַלע געזעסן אין דער שווייץ אויפן גבירס חשבון...

און אפשר — אפשר וואָלט איך שוין געהאַט דעם „קאָנ־טראַקט" אויכעט...

(פון די פאַרבליבענע כתבים).

## חד חד בדורו

אין מיטן, אין דער סאַמע מיט פון „שוואַרצן מאַרק", :אַט זיך אומגעריכט באַוויזן אַ ליכטיק שפּעלטל, גרויס ווי דאָס, מיט וועלכן מען פאַרבינדט אַ מיידעלע אַ שלייף אויפן קעפּל. מיט איין וואָרט : אַ בליק.

שוואַרצער מאַרק, בר . . . ר־ר ! ס׳ווערט תיכף קאַלע־מוטנע אונטערן לעפעלע. אוודאי אַ מגילה, אַ טייוולאָנישע חופּה, אַ ברית־מילה, אַ גייסטער־באַל, אַ קאָנצערט, אַ ביבע. שוואַרצער מאַרק : אַלטע העקסעס אין אויפגעשאַרצטע באַרבאַקטקעס רייסן ביי זיך די ברוסטן צוליב אַ שיין פּריזירט שיידל. — אַ זקן אַ שדל, דערצו נאָך אַ נזיר, „רעדט מיט פּייער", פּשוט און ממש : פלאַמען שפּרינגען אים פון מויל אין דער פאָרם פון שלאַנגען. איטלעכע שלאַנג אַ וואָרט, ווי הערעאָגליפן ! דאָס צערייסט ער זיך דעם קאָסטן, ס׳איז אים געראָטן צו ברענגען צו שלעפן אַ גייסט, אַ נשמה, אַ כשרע יונגע בתולה, אַ פרישן קרבן פאַרן אַפּעטיט פון די גאָלד־קעפּיקע אַלטע לצים. רק פרינטער פון אַלץ וועט ווערן אויפ־געשפּילט דער גרויסער ספּעקטאַקל, מיט פּאָמפּע וועט אַריינ־מאַרשירן ער, דער סאַמער, דער צאַר פון אַלע לצים־לענדער, אשמדי בכבודו ובעצמו און דאָס יונג ווייס ציקעלע וועט אים פאַר אַלע אין די אויגן דערלאַנגען דעם קאָנווענציאָנעלן קוש און ווי הייסט עס דאָרט. און אַזוי ווייטער.

איז עס אָבער שוואַרצער מאַרק אין יאָר 1941. אין דעמ־דאָזיקן יאָר איז שוואַרצמאַרק דער נאָמען און טיטל פון דער גאָרער קאָמפּליצירטער און פאַרפּלאָנטערטער סוחרים־וועלט, וואָס האַנדלט להכעיס די דראַקאָנע געזעצן און דער אָקו־פּאַציע. אָדער אפשר גאָר אַ דאַנק דער אָקופּאַציע, וואָס האַנדלט, וואָס קויפט און פאַרקויפט אַלץ, וואָס מ׳טאָר און טאָר נישט — פּאָר פאַנטאַסטישע פּרייזן. „שוואַרצמאַרק" ווערט געפירט באַהאַלטן און אויך אָפן. דווקא אויפן ליכטיקן טאָג, כדי דער קויף זאָל אויסווייזן מער אַוואַנטוריסטיש, מער אויפצורייצן דעם אַפּעטיט, ביגראַנדע. מיט איין וואָרט : שמוגל.

אויב שמוגל וואָלט געהייסן מיטן נאָמען, ס׳הייסט וואָלט געהאַט הענט מיט פיס, אַ קאָפּ און אַ מעטריקע, גלייך צו אַלע, וואָס הייסן מיט אַ נאָמען, וואָלט מען געמעגט לייגן די הענט אויפן פייער, בכן אַ פערטל יאָרהונדערט אַפּרו (14־39) האָט אים נאָר יונגער געמאַכט. קוקט אָן אַ באַווע־גונג, אדרבה, האַרכט אַ שטעל, זעט אַ דיבור, טאַפּט אַ חוצפּה, און פליט אַ מטבע. עולם סתם, למשל, אַנגעשטעלטע, קליינ־פּאָלק, אַרבעטסלייט און אַרבעטלאָזע, „שם ישמרהם", גייען אויף הילצערנע זוילן זיך איינשטעלן אין דער שורה פאַרן געוועלבל. אַ חילוק פאַר אַ געוועלבל. אַ חילוק צי דאָס געוועלבל האָט עפּעס אויסגעלייגט צום פאַרקויפן. דער טיקעטן־סיסטעם האָט זיך אַריינגעזעצט ווי אַ טשוואָק אין פּראָסט־עולמס קעפּ. פאַרן געוועלבל איז יאָ אָדער נישט אַרויסגעהאָנגען די טאָבעלע פון אַרטיקלען צום קויפן. פּראָסט־עולם מיט די טיקעטן אין דער האַנט שטייט ווי אַ גולם ; ער ווייסט נישט צי ס׳איז עפּעס דאָ, רק ער זעט דאָס אַרטיקל באַשיינפּערלעך, אָבער ווייַ און ווינד איז צום קליינפּאָלק, אַז ס׳קומט אויס צוריקצוגייען מיט גאָרנישט.

און ווייל איז דעם „בעזדעטניק", וועלכער אַרבעט נאָך, מחמת צוויי קען מען זיך נאָך פאַרגינען צו גיין אַפּעסן אין רעסטאָראַן. וואָרן, ווי ס׳זאָל נישט זיין, רעסטאָראַנען האָבן צושטעלער פון ירקות, פליישן, אויכעט גרינגער ווי אַ

פּריוואַט־עסער, ס׳הייסט ווי חיים אָדער מענדל, און ווייל רעסטאָראַן איז נאָך רעסטאָראַן, לעבט נאָך אויך דער מין קאָנקורענץ צווישן זיי וואָס האָט די פּעולה, אַז ס׳לאָזט זיך טיילמאָל בעסער אָפּעסן אין אַ ביליקן רעסטאָראַן ווי אין אַ טייערן . . . און ווילער אַ סך איז אַוודאי יענע לייט, וואָס האַנדלען מיט אַ „שוואַרץ״ אַרטיקל, וואָס איז רעגולירט פון דער מלוכה, אָדער בלויז סטאַקירט, דער טאַבאַק־פּאַרקויפער קען פּרעסן צעזעצטערהייט, אויב זיין קליענטן־טייסטער פאַר־מאָגט אַ בלעטל „שמות״ שוין לאַנג אויסגעטרוקנטע פון אונדזער גליקלעכן פּלאַנעט. ווידער אַ רעסטאָראַטאָר אַן טי־קעטן, קען גיין אַנגעטאָן שיך, מלבושים, קען רויכערן, קען ברענען פּעטראָלעאום, אויך עלעקטריע איז אים צוגעגעבן . . . מיט איין וואָרט שוואַרצמאַרק!

אין אַ טרינקהויז פאַרנאַכטלעך. ביי טישלעך ווערט גע־טרונקען אַפּעריטיף, אַ שוואַכער מלחמה־אַפּעריטיף, אָדער אַזאַ מין טיי מיט סאַכאַרין, און מען שפּילט „בעלאָט״. — פאַרמלחמה־שפּיל, און אויף די פּנימער זעט זיך אויף דער שפּיל־אינטערעס אַ פאַרמלחמהדיקער און אפשר מיט אַ פּליוס. עס שפּילן באַנק־אַנגעשטעלטע מיט גאַז־ אָדער עלעק־טריציטעט־ביוראַליסטן. אויך וואַרפן אויגאַנעס אַ פּאָר יונג־נקבות פאַרמלחמהדיקע, אויף וועמען 41 איז ניכר בלויז אין די מאָדישע הילצערנע זוילן, וואָס אַקצענטירן — אַ חידושים! גאַר נאָך רייצעוודיקער דאָס איידעלע וועב־שטאָף פון זייערע נאַקעטע פיס. אָבער אַ סכום טישלעך זענען פאַרנומען דורך אַן אַנדער עולם: ווער ס׳שרייבט בריוו, קאָרטלעך, קלעפּט מאַרקעס אויף קאָנווערטן, — קען זיין — היינט ערשט אָנגעקומען און אפשר שוין חדשים לאַנג דאָ: ס׳הייסט אויף פאַרשיקונג געקומען; דאָ דאַרף ער זיצן און דאָ מוז ער זיין. פירט ער קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין ביז דאָ־אַהעריק לעבן. עס זענען פאַראַן ענגלענדער פון ענגלאַנד און פון מאַלטע. נאָר ס׳רוב דערקענט זיך משלנו.

איינער מאַכט גראָד אַ פּאַמעלעכדיקן שפּאַציר איבערן זאַל. פאַרביי אַ טישל בליקט ער. אַ פרישער אורח אין שטאָט, זוכט ער. אפשר וועט ער דערקענען אַ באַקאַנט פּרצוף. אַ טישל יונגערע מאַנסבילן איז פאַרפלאָנטערט אין רייד, איינס דעם אַנדערן זאָגט אַריין קשיהס און ענטפערט, דערציילט אַ וויץ. דער פריש פאַרשיקטער בלייבט אַ רגע שטיין, אין רגע׳ע, וואָרן טאַקע האָט זיך געקענט אויסדאַכטן אפילו אַ בלינדן, אַז דאָס זענען אויך פאַרשיקטע, אפשר גאָר באַ־קאַנטע. און ווי מאָדנע ס׳זאָל נישט זיין, איינער ביי אַן איב־דיווידועל טישל, איבער פּאַפּיר־געצייג מיט אַ סטילאָ, איז טאַקע געווען אַ באַקאַנטער!

„וואָס? האָ?״ „איר זענט עס! טאַקע!״ „וואָס טוט איר דאָ?״ „איך זיץ דאָ — און איר?״ „שוין לאַנג?״ „ניין, היינט אינדערפרי מיטן מאַרסעילער צוג״.

זיצט מען אין צווייען, מען שמועסט, דערציילט זיך אַלטס און נייס, מען איז אַ מינוטקעלע צופרידן, נישט איינזאַם,



אוינק־פּאָרטרעט פון ע. וואַרשאַווסקי

חלילה. הכלל, אַ טיי, אַ קאַווע, מען גרייט זיך צום „דינע״. (אַוונט־ברויט).

קומט עסן מיט מיר, ס׳איז אַ רעסטאָראַן „ב״, נעכטן דאָרט געגעסן, נישט קיין פלייש געווען, אפילו נישט קיין פיש; צווי־ ירקות — וואָרגער, אָבער ס׳איז ריין און אַן אויבער־קעלנער סערווירט. מיט איין וואָרט: 25 פראַנק, אָן ווין. — איך פאַרבעט אייך״.

אַ ביסל שפּעטער און בעתן צוזאָלן פאַר דער קאָנסאָ־מאַצ׳יע גייט פאַרביי אַ דריטער: „הם? טאַקע איר דאָ אויכעט! שלום־עליכם״. „גוטן אָוונט. פון וואַנען דאָס? האָט איר אפשר אַמאָל געזען אין מאַרסעיל — —״

סוף כל סוף, מען גייט. אָבער דער דריטער קען נישט גיין אי־ן קיין טייערן רעסטאָראַן. איבעריקנס דאָ, תיכף, אין אַ שמאָל געסעלע אַנטקעגנאיבער איז דער רעסטאָראַן „קורס״ 12 פראַנק פיקס און פלייש אויך אויפדערנאַכט״.

און מען עפנט פון דער פינצטערער דעפּאַנס־פּאַסיוו (פּאַסיווער פאַרטיידיקונג) נאַכט אַ טיר אין אַ ליכטיקן זאַל, הגם אַנגערויכערט אָדער אָנגעפּאַרעט, און להכעיס דעצעמ־בער־באַראַמעטער טאַקע גוט אַדורכגעוואַרעמט, פול מיט טישן און טישלעך, ווו מ׳זיצט ענג און טייל שטייען לעבן געסט, וואָס האַלטן שוין ביים דעסער. — אַ גוטער סימן, מסתמא עסט מען דאָ נישט שלעכט, אַז ס׳לוינט זיך צו וואַרטן אויף אַ פריי בענקל.

(פון די פאַרבליבענע כתבים).

שבת נאָכן עסן, נעמען זיך צוזאַמען אַלע יינגען און, אַרומגעוואַשענע, אין די שבתדיקע „אובראַניעס", אין די קאָלירטע העמדער מיט די בלויזע ברוינע העלזער, אָן אַ קראַגן, גייען זיי אַרויף אין דער „ביליטעע" אַריין . . .

דער ערשטער און פאָרויס גייט גרעגער. און פאַרוואָס דען נישט, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָפּגעגעבן צום קרייז־שעף אַ ביטע וועגן אַ „ביליטעע" ; ווייל אין שטעטל האָט זיך געמאַכט פּרנסה, די יינגען, עס קומט אַ שבת גייען זיי אַרום פּוסט און פּאַסט, די מיידן דעסגלייכן, און אַזוי זאָל כאָטש זיין מיט וועמען אַ וואָרט צו שמיסן, און אַמאָל, אַז ס'לאָזט זיך — אויך צו טאַנצן . . . ווייל מ'האָט אויך געוואָלט איינפירן אַ באַזונדערע מוזיקאַלישע אָפּטיילונג . . . איז פאַר וועמענסוועגן זאָל זי שפּילן ? האָט ער, גרעגער, טאַקע דאָס פאָרויסגעזען. באַזונדער זענען אויך אָנגעקומען ידיעות פון אַרום און אַרום אין אַלע שטעט און שטעטלעך, מיט וועמענס יינגעלייט און מיידלעך מען טרעפט זיך אויף די טראַקטן און אין די קרעטשמעס, ווו זיי לויבן זיך אָן מיט די „ביליטעען", וועלכע ווערן „שטאַרקער" און „גרעסער" מיט „דראַמאַטישע" און „מוזקאַלישע" אָפּטיילונגען — האָט טאַקע גרעגער נישט געשוויגן און איצט גייט ער פאָרויס. ער האָט זוכה געווען . . .

אַלע יינגען, וואָס גייען הינטער אים, פילן זיך עפּעס ווי אויסגעצויגן און אָנגעשטייפט, ווי די סטרונעס . . . מיט די זייגערס אין די וועסט־טאַשן און מיט די „איינלאַדונגער" אין די קאָפּערטעס, אויף וועלכע עס שטייט קלאָר אויפגעשריבן יעדענס נאָמען, ווי אַ שטייגער : „פייפקע, מען בעט דיך אויף דער שבתדיקער פאַרזאַמלונג" . . .

נאָר פייפקע קרימט זיך אַ ביסל :

— ס'זאָל זיי, — זאָגט ער — די שרייבער, די הענט אָפּגענומען ווערן. נישט געקענט אויפשרייבן : פייוול, נאָר „פייפקע".

עפּעס שפּירט ער, פייפקע, אַז דאָ איז נישט אויף דער פור, אַז דאָ דאַרף ער הייסן אַ ביסל לייטישער . . .

פונדעסטוועגן גייט דער רוגז לייכט איבער, ווייל ער שפּירט, אַז עפּעס גייט ער דאָך פאָרט אין אַ ‚געזעלשאַפט" אַריין און איז אַ „מיטגלידער" . . .

גייט מען טאַקע און אַז מען קומט אַרויף און מ'שטעלט זיך אַוועק, דערזעט מען ביים שוואַרצן טיש שמואל מייטעס, בערל אהרן־לייבס און מעכלען. קוקן זיי זיך איבער, די יינגען, צווישן זיך און אַ ווינק מיט די אויגן :

— אָבער דו זעסט . . . אַ רוח אין דיין מאַמען אַריין . . .

און ביים טיש, דאָרט אויבן, שטייט בערל אהרן־לייבס און ליינט פאָר פון אַ פּאַפּיר אַרויס דעם באַריכט. ער רעכנט אויס, וויפיל מיטגלידער עס האָבן זיך פאַרשריבן, וויפיל געלט ס'האָט „איינגעפלאָסן" און וויפיל מ'האָט „אוסגאַבן" געהאַט אויף דירה, טישן, בענק און ביכער.

טראַכט זיך אַזוי אַ יונג בחורל אין אַ קורצער מאַרינאַרקע, האַלטנדיק אַ טוכן „ליציפעט"־היטל אין האַנט :

„דאַכט זיך, גאָרנישט . . . שמואל . . . דער אייגענער, וואָס אַרבעט מיט מיר צוזאַמען ביי משה שניידער. פונדעסטוועגן" . . .

טראַכט זיך אויך, שוין אַן עלטער מיידל :

„ער איז אַ וואַזשנער מענטש, — אַ לייט ! מ'זאָגט ער ווערט אַ חתן מיט משה שניידערס עלטערע טאָכטער..."

דאָס גלעקל רייסט איבער אָט דידאָזיקע מחשבות פון דער לעצטער און מעכל ווידער טוט באַקאַנט מאַכן, אַז מ'טרעט איצט צו צו די „אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע, געהיימע וואַלן" . . . מ'טרעט צו אויסצעווילן אַ פאַרוואַלטונג, וואָס זאָל אָנפירן מיט די אַרבעט אין דער ביבליאָטעק אַ גאַנץ פעליק יאָר. ער מאַכט אויך באַקאַנט, אַז זיי, דאָס „פּרעזידיום", דאָס הייסט, ער און שמואל מייטעס און בערל אהרן־לייבס, זענען ביז היינט געווען נאָר פּראָוויזאָריש, צייטווייליק. נאָר אַז די פאַרזאַמלונג וויל, קאָן מען זיי אויך אויף ווייטער אויסוויילן...

ווערט טאַקע אַ גערעדעריי און ס'ווערן באַלד צעטיילט ווייסע שטיקלעך פּאַפּיר, אויף וועלכע יעדער דאַרף אויפשרייבן די נעמען פון די, וואָס געפעלן אים צו זיין אין דער „פאַרוואַלטונג פון דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק און לעזעזאַל". דער, וואָס קאָן נישט שרייבן, דאַרף נאָר אויפצייכענען בלויז די נומערן, ווייל יעדער קאַנדידאַט האָט זיך „זיין אייגענעם נומער".

און נאָענט ביים טיש גייט צו די „לעבהאַפטע אַרבעט", דאָס אָנווייזן . . . מעכל ווייזט אָן, אַז נאָר בערל אהרן־לייבס טויג אויף צו זיין סעקרעטאָר פון דער געזעלשאַפט און נישט קיין אַנדערער ; בערל אהרן־לייבס ווידער, ווייזט אָן, אַז נאָר מעכל קאָן זיין קאַסירער פון פאַריין און נישט קיין אַנדערער ; און זיי ביידע צוזאַמען זענען גרייט צו שווערן, אַז קיין אַנדערן אויף פאָרזיצנדער, ווי שמואל מייטעס, עסטו דעך נישט געפינען, מ'זאָל אפילו זוכן . . .

זעט גרעגער אַזוינס, שוויגט ער אויך נישט. לויפט ער אַרום צווישן זיינע באַקאַנטע, ס'הייסט צווישן די יינגען מיט די אָפּגעוואַשענע ברוינע העלזער און קאָלירטע העמדלעך און זאָגט זיי אָן, זיי זאָלן נישט פאַרגעסן איינצושרייבן זיין נאָמען, און אויב זיי קאָנען נישט, איז כאָטש „נומער אַכצן", למען השם . . .„ עט עס אויך זיין גענוג.

דאָס ביסל יינגען האַלטן זיך ביז אַהער גאָר לייטיש. פייוול, מענדל, אַברמטשע וועלוועלס און דער וויסער מוליע שוויצן שוין אַפילו אַ ביסל, די פנימער זייערע ווערן זיי רויט פונקט

ווי זיי וואָלטן נאָר־וואָס געקומען פון די זעלנער . . . נאָר פונדעסטוועגן, שאַדט נישט.

שטייט צווישן זיי איטשל און „אַרגיטירט". הערן זיי זיך צו און פון יעדן איינציקן וואָרט, וואָס ער רעדט, ווערט זיי הייסער און אין די אויגן מטושטשער. נאָר פּייפּקע פאַרלירט זיך נישט:

— גאַנצע קנאַקערס, גאַנצע יאַ טעבע דאַמס! — גיט ער אַ ווינק צו דער מויד טעמע, וואָס זיצט אויף דער באַנק, אַזוי, אַז יענע נעמט שיעור אַ מיתה משונה איין פאַר זיינס אַן אויג . . . און ווען זי דערכאַפּט דעם געממזרטן בליק זיינעם, ווערט זי רויט, ווי אַ פּסחדיקער ווישניק . . .

ווערט דאָס געפּעלן בערטשן, און פּיוולען, פאַר זיין גרויס געממזרטקייט, לאָזט ער אַראָפּ אַ קנאַק אין די פּלייצעס אַריין, גלייך ס'וואָלט גאַרנישט אין קיין פאַראיין געווען.

הייבט דער פאַרזיצנדער אָן שטאַרק צו קלינגען, און ווייל אַ סטודענט, וואָס האָט באַזוכט דעם פאַריין אַלס גאַסט זיצט אויך דאָרט אויבן אָן, פילט זיך דער פאַרזיצנדער פאַר־פליכטעט צו געבן אים אַ שטיקל דערקלערונג אין אויער אַריין: ער זאָל נישט מיינען, אַז דאָס איז חלילה די גע־זעלשאַפט . . . , זיי זענען נאָר אַזוי . . . בלויז אויס מורא . . . זאָלן זיי אויך זיין . . . נאָר דערביי דערציילט ער נישט, אַז דאָס מיטגליד־געלט צאָלט טאַקע מענדל, פאַר ביכער קויפן צאָלט ער אויך — און גלאַט אַזוי — די קאַסע נייטיקט זיך: „דעפיציט", געשעפטן, מעשיות . . . און דאָרט די „אינטעליגענץ", וואָס זיצט אויבנאָן און קלויבט זיך אויס דעם בעסטן קאָפּ פיש, איז טאַקע נאָר גלאַט אַזוי... בלויז אויס דרך ארץ ווידער . . . און דאַדורך פילט זיך דער סטודענט נאָך דער אָפּגעגעבענער דערקלערונג אין אויער אַריין באַפרידיקט . . . און דער פאַרזיצנדער — זיגער! . . . ער האָט געוווסט, ווי די זאַך צו „פאַרעכטן" . . . און קוקט זיך דאַדורך אום צו די אינטעליגענטערע מיידלעך הינטער זיינע פּלייצעס, „צי איז ער שון ווערט כאָטש עט־לעכע טויזנט בליקן" . . .

שטייט אַזוי מענדל און עס ווערט אים אַזוי טרויעריק: אפילו קאַ' פּעטשל אין די פּלייצעס אַריין טאָר מען שוין אויך נישט געבן . . . זאָגט ער צו פּייפּקען:

— פּייפּקע, קום!

גיט מען איבער גרעגערן די קוויטלעך מיט די אונטער־געשריבענע „אַכצנס", און אַלע אַכטן, אָן אונטערשיד, פון אַלע קוויטלעך, זענען איינדערהייך ביי די קעפּ אָפּן און זעען אויס פונקט ווי די שטאַרקע צוואַנגען, וואָס שלעפּן אַרויס אופנאַלעס פון פערד־קאַפּיטעס . . . אַזויערנאָך דערוואַרטן זיי זיך נישט אויף דעם סוף פון די וואַלן: נישקשה, גרעגער וועט שוין מאַכן אין אָרדענונג... און מ'גיט אַ האַפּטשע אַראָפּ פון אַלע שטיגלעך און פון דאָרט — גלייך צו עליען אין שענקל אַריין . . .

# ברוך ווינאַגוראַ



געבוירן אַרום 1900 אין סאָקאָלאָוו-פּאָדלאַסק ביי נישט-פאַרמעגלעכע עלטערן. געלערנט אין חדר, אָבער דער עיקר דערצויגן אין די זעלבסט-ביל־דונג-קרייזלעך. אין 1918 אָנגעהויבן אַלס ווּעפּע־רענט און פּובּליציסט. באַזוכט גאַנץ פּוילן, גע־לעבט אַ שטיקל צייט אין ליטע. פאַרעפנטלעכט לי־טעראַריש-קריטישע אַרבעטן. אין 1928 — אין פאַריז. מיטגעאַרבעט אין „האַמער", „מ. פרייהייט", „צוקונפט", „ליט. בלעטער", „וואָכנשריפט", „נייע פּרעסע", „פּ. זשורנאַל". אַרעסטירט אין 1941. זיין גורל — אומבאַקאַנט. געלאָזן אין מאַנוסקריפּט, אויסער מערערע קריטישע אַרטיקלען, עטלעכע גרעסערע עסייען איבער דער יידישער ליטעראַטור.

י. מאַניטש

## ברוך ווינאַגוראַ — דער ליטעראַטור־קריטיקער

שווער און אחריותפול איז צו צייכענען דעם גייסטיקן פּאָרטרעט פון ליטעראַטור-קריטיקער ברוך ווינאָגוראַ; אונטערציען דעם סך־הכל פון זיין לעבן און שאַפן. זיין גרויסע און רייכע ירושה, די פרוכט פון בערך צוואַנציק יאָר טעטיקייט אויפן געביט פון יידישער ליטעראַטור־קריטיק און ליטעראַטור-פאָרשונג, איז כמעט אינגאַנצן אויסער אונזער רשות. די ירושה זיינע איז צעזייט און צע־שפּרייט אין די פאַרשידנסטע צייטונגען און זשורנאַלן. עס וועט נאָך פאַרנעמען צייט און מי ביז עס וועט מעגלעך זיין צוצוקומען צו די שפּורן פון זיין שאַפנדיק לעבן, דערגענצן און נאָכגיין טראָט נאָך טראָט, ביז אַרויפצו, צום ערשטן טראָט, צום ערשטן אויסדרוק.

אינגאַנצן פאַרשוווּנדן זענען די צאָלרייכע כתבים זיינע, וויכטיקע אַרבעטן, וואָס האָבן יאָרנלאַנג געוואַרט צו דער־זען די ליכטיקע שיין. אומגעקומען — אין אַ באַהעלטעניש באַגראָבן, צי פון אַ בלוטיקער נאַצי-לאַפּע צעריסן ?

דאָס וואָס מיר האָבן באַוויזן אָפּצוזוכן ביז איצט — אייניקע נומערן פון דער וואַרשעווער „וואָכנשריפט" מיט ווינאַגוראַס אַרבעטן, אַ קאָמפּלעט „פאַריזער זשורנאַל", אַ פּאָר נומערן „בלעטער" (ביידע זשורנאַלן דערשינען אונ־טער זיין מיטרעדאַקציע), אַ ריי אַרטיקלען זיינע אין דער פאַרמלחמהדיקער „נייע פּרעסע", וועלכע זענען מיט שווע־ריקייטן געלונגען איבערצושרייבן אין דער פאַריזער נאַ־ציאָנאַלער ביבליאָטעק — איז בלויז אַ קליינער טייל פונעם שאַפן פון ברוך ווינאָגוראַ, אַ נאָמען מיט חשיבות אין דער יידישער ליטעראַטור-קריטיק, אַ נאָמען פון אַ וואָרט־זאָגער אין יידישן קולטור-פאַריז.

שווער איז געווען די קינדהייט און די יוגנט ווינאָגוראַס, פּונקט ווי זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך געראַנגלאָט מיט דער מאַטעריעלער נויט. אַ זון פון פרומע, אָרעמע עלטערן, איז ער פרי אַריינגעצויגן געוואָרן אין פּאָליטיש-געזעל־שאַפטלעכן לעבן, איז ער יאָרנלאַנג אַרומגעפאָרן אין פּאַר־טיי-שליחות (פון לינקע פּועלי-ציון). געווען אַ גוטער רעד־נער און זיינע פּאָליטישע אַרטיקלען האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט זייער קלאָרקייט, זאַכלעכקייט און עלעגאַנץ.

צוגלייך מיט די פּאָליטישע פראַגן הייבן אים אָלצמער אָן צו אינטערעסירן ליטעראַרישע פּראָבלעמען. ער שרייבט אַלץ אָפטער איבער יידישע שרייבער, איבער ליטעראַטור־און קולטור-פראַגן. נאָך זיין קומען קיין פאַריז — אַרום

1928 — פאַרנעמט ער זיך שוין כמעט אויסשליסלעך מיט ליטעראַטור־קריטיק.

זיינע קריטישע אַרבעטן איבער די יידישע קלאַסיקער, זיי־נע אָפּהאַנדלונגען איבער ווייסנבערגן, אַשן, אָפּאַטאָשון, גלאַזמאַנען; איבער מאַרקישן, פעפערן, איציק קיפּניס און איבער צענדליקער אַנדערע עלטערע און יונגערע שריי־בער האָבן אים פאַרשאַפט אַ נאָמען. ער האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט זיין גרינטלעכן אַנאַליז, מיטן באַווייזן אין געפּרעסטע בצמצומדיקע זאַצן אַרויסצוברענגען דעם תוך פון שרייבער און זיין שאַפן. נישט געווען ביי אים קיין מליצה, קיין סתם פראַזן, ער האָט שטענדיק געהאַט צו זאָגן עפּעס באַזונדערעס, אַזוינס וואָס איז ביז אים נאָכ־נישט געזאָגט געוואָרן. ער האָט געזען דעם שרייבער דורך דער פּריזמע פון זיין צייט און סביבה. ער האָט זיך באַמיט צו דערגרונטעוועון די סאָציאַלע מקורות פון וועלכע דאָס ווערק איז געשעפּט געוואָרן. זיין ליטעראַטור־קריטיק האָט דעריבער זיך דערנענטערט צום וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, איז געווען פּראָגרעסיוו־דערציעריש.

ווען עס האָט, אין 1934, אָנגעהויבן צו דערשיינען די „נייע פּרעסע" פלעגט ברוך ווינאַגוראַ כמעט יעדע וואָך שרייבן זיין ליטעראַריש־קריטישן אַרטיקל. אין די הונ־דערטער פאַרעפנטלעכטע אָפּהאַנדלונגען אין דערדאָזיקער צייטונג, האָט ער אָפּגעשאַצט שרייבער און ווערק, ליטעראַ־רישע תקופות און קולטור־געשעעענישן. דער בעסערער לייע־נער האָט געוואַרט אויף זיין, ווינאַגוראַס אַן אַרטיקל, וואָס האָט אים געדינט אַלס וועגווייזער צו אָריענטירן זיך אין דעם יידישן קולטור־שאַפן. ווינאַגוראַ האָט גלענצענד גע־קענט די אַלטע יידישע ליטעראַטור. ער האָט נאָכגעפאָלגט יעדעס דערשינענע בוך אין פּוילן, אין אַמעריקע, אין די פאַרשידנסטע יידישע ישובים. שטאַרק נאָענט איז אים גע־ווען די סאָוויעטיש־יידישע ליטעראַטור. ער האָט אויך פיל געלערנט פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קריטיק.

אַזוי איז ברוך ווינאַגוראַ געוואָרן איינער פון די אָנגעז־זעענסטע יידישע ליטעראַטור־קריטיקער. ער האָט געאַר־בעט איבער גרעסערע ווערק, געווידמעט מענדעלען, פּרצן און שלום־עליכמען. ער האָט זיך די לעצטע יאָרן אָפּגעגעבן מיטן שרייבן אַ גרויס בוך איבערן יידישן פאָלקס־ליד. עס האָט אים אינטערעסירט די יידישע דראַמאַטורגיע.

אַלס רעדאַקטאָר פון די „בלעטער" און שפּעטער פון „פּאַריזער זשורנאַל", האָב ב. ווינאַגוראַ אַרויסגעוויזן פיל געשמאַק און פאַרשטענדעניש פאַרן צוזאַמענשטעלן און אַרויסגעבן אַ ליטעראַרישע אויסגאַבע. ער האָט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט און אחריות אָפּגעקליבן יעדעס אַר־טיקל, יעדע דערציילונג, יעדעס ליד. ער האָט געאַרבעט איבער די מאַטעריאַלן פון זיינע חברים מיט דערזעלבער זאָרגפולקייט, ווי איבער זיינע אייגענע שאַפונגען.

ער איז געווען שטרענג צו זיך און צו אַנדערע. צווישן זיינע חברים איז ב. ווינאַגוראַ אָנגעגאַנגען אַלס אַ „מחמיר". ער האָט פיל פאַרלאַנגט פון שרייבער. נישט געווען ביי אים קיין „פריינטשאַפט־רעצענזיע". ער האָט דווקא צו זיינע נאָענטע חברים־שרייבער געשטעלט גרויסע פאָדערונגען. האָט ער אָבער אַנגעטראָפן טאַלאַנט, האָט אַ יונגער שריי־בער אָנגעשריבן אַ שיינע נאָוועלע, אַ גוט ליד, איז עס פאַר ווינאַגוראַ געווען אַ יום־טוב, האָט ער געפונען די וואַ־רעמסטע ווערטער אים צו דערמוטיקן, אים פאַרצושטעלן פאַרן לייענען־עולם.

מיט פיאָנערישן גלויבן און עקשנות איז ער געווען צווישן די ערשטע קולטור-בויער, פלעגנדיק דעם צווייג — ליטע־ראַטור, האָט ער מיטגעהאָלפן אויסצובויען דעם גאַנצן קולטור־בנין. מיר טרעפן אים אין דער קולטור-ליגע, אַלס גלענצנדיקער רעפערענט איבער ליטעראַרישע און קולטור־ענינים, אַלס מיטבויער פון די שולן, פון פאָלקס־אוניווער־סיטעט, פון דער ביבליאָטעק, פון פּיאַט, פון שרייבער־פאַרבאַנד, פון קולטור־פראָנט. דאָס ערשטע איניציאַטיוו־אַרטיקל וועגן אַן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס איז דורך אים געשריבן געוואָרן. מיר נעמען ביי דער געלעגנ־הייט אַרויס דערפון איניקע כאַראַקטעריסטישע שטעלן:

„די עצם־אידייע פון אַן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס איז נישט קיין נייע. דאָ און דאָרטן איז זי שוין ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אַרויפגעשוווּמען און באַ־האַנדלט געוואָרן. קיינמאָל אָבער איז זי נישט געווען אַזוי ברענענדיק־אַקטועל ווי אין דער איצטיקער צייט.

„די דראָענדיקע געפאַר פון מלחמה און פאַשיזם, וואָס הענגט איבערן קאָפּ פון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטש־הייט, פילט אַן מיט אַ באַזונדער אומרו און שרעק די הערצער פון די יידישע מאַסן אין גאַר דער וועלט. די טראַגישע דערינערונג פון דער לעצטער וועלט־שחיטה און די לאַגע פון די יידישע מאַסן אין די לענדער,ווו ביי דער מאַכט געפינט זיך אַן אָפענער אָדער פאַרבאַהאַלטענער פאַשיזם — באַווייזן גענוג בולט, וואָס די לעצטע האָבן צו דערוואַרטן איןביידע פאַלן.

„אַחוץ די צוויי שרעקלעכע געשפענסטער פון מלחמה און פאַשיזם, איז די לאַגע פון דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט אַ מורא־דיק־שווערע. איבעראַל, ווו נאָר עס געפינען זיך באַדייטנ־דיקע יידישע ישובים און באַזונדערס אין די לענדער פון פאַשיסטישער דיקטאַטור, גייט אָן קעגן זיי אַן אומברחמנות־דיקער, פיזישער און עקאָנאָמישער אויסראָטונג־קאַמף. האַנט ביי האַנט מיט דער אומאויפהערלעכער פאַראָרעמונג און פויפעריזירונג פון די יידישע מאַסן, קומט אויך פאַר אַ כסדרדיקע גייסטיקע ירידה. קולטור־פּאָזיציעס, וואָס זענען אין משך פון לאַנגע יאָרן מיט שווערער מי און מאַטער אויפגעבויט און אָפּגעהיט געוואָרן, ווערן טאָג־איין־טאָג־אויס חרוב ומוחרב.

„עס מאַטערט זיך מיט די לעצטע כוחות דאָס וועלטלעכע יידישע שול-וועזן אין פוילן און ווערט איינגעשרומפּענער פון טאָג צו טאָג. נישטאָ אין דער גאַנצער יידישער וועלט (חוץ ראַטנפאַרבאַנד), כמעט קיין איין סטאַבילער קינסט־לערישער טעאַטער, קיין איין טעטיקער פאַרלאַג און קיין שום אַקטיווע קונסט־געזעלשאַפט.

„גלייכצייטיק דערמיט זענען מיר עדות פון אומגעוויינ־לעכע באַמיונגען, וואָס עס מאַכן די יידישע מאַסן, און באַ־זונדערס די באַוווסטזיניקע יידישע אַרבעטערשאַפט, צו דער־האַלטן זייערע קולטור-פּאָזיציעס ביי די שווערסטע באַדינ־גונגען, און צו בויען נייע.

זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט אויסגעטייטשט ווערן, אַז די יידישע אינטעליגענץ קען און דאַרף פירן דעמדאָזיקן שווערן קאַמף איזאָלירט. דער גורל פון דער יידישער אינ־טעליגענץ איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון די ברייטסטע מאַסן און מיט די צאָלרייכע אינטעלעקטועלע אַנטיפאַשיס־טישע קעמפער אין דער גאַנצער וועלט. אָבער צו הילף דידאָזיקע קעמפנדיקע מחנות טאָר דער יידישער אינטע־לעקטועלער נישט קומען פאַריינצלט און צעשפּליטערט, נאָר ווי אַ גרויסע אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט. אַן אַלוועלטלע־כער יידישער קולטור־קאָנגרעס דאַרף ווערן דער אויסגאַנג־פּונקט פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע".



פאַקסימיליע פון ווינאַגוראַס אַ בריוו צו אַ. בעקערמאַן.
סאַמע אונטן : אַ צושריפט פון חנה קאָוואַלסקאַ.

„ביים אַנבליק פון אָט דעם בילד, וואָלט געווען דאָס גרעסטע פאַרברעכן פון דעם יידישן אינטעלעקטועלן, דער וועמענס אַרבעט און שאַפן סאיז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון די יידישע מאַסן און זייער קולטור, אַז ער זאָל ווייטער בלייבן פּאַסיוו, צעשפּליטערט און ניט־אָרגאַניזירט. דאָס צענויפרופן אַן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס איז דאָס געבאָט פון דער שעה.

„דאָס אָרגאַניזירן זיך פון דער יידישער אינטעליגענץ אויף דער באַזע פון קאַמף קעגן מלחמה, פאַשיזם, אַנטיסע־מיטיזם און פאַר פאַרטיידיקן די יידישע מאַסן־קולטור, דאַרף

ברוך ווינאַגוראַ האָט פיל געהאָלפן די פאַריזער יידישע שרייבער אין זייער אַנטוויקלונג, געגעבן זיי באַלערנדיקע אָנווייזונגען, איז אַרויסגעטרעטן אויף די אָוונטן געווידמעט זייער שאַפן, געוועקט צו זיי דעם אינטערעס פון יידישן לייענער און זיי באַקאַנט געמאַכט אין דער יידישער לי־טעראַרישער וועלט.

מיר געפינען, בלעטערנדיק די אַלטע „פאַריזער זשורנאַלן" צוויי כאַראַקטעריסטישע אַרטיקלען ווינאַגוראַס. איינס איז געווענדעט צו די פאַריזער יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. ער קריטיקירט דאָרט שאַרף דעם גייסט פון זעלבסטצו־

פרידנקייט, וואָס האָט געהערשט, לויט אים, ביי אַ ריי קולטור־טוער צו יענער צייט. ער ווייזט אָן די בלויזן, וואָס זענען נאָך פאַראַן אין דערדאָזיקער אַרבעט און די נויטיקייט זיי אַרויפצופירן אויף אַ העכערן ניוואָ. דאָס צווייטע אַר־טיקל איז אַן ענטפער אַ יידישן שרייבער, וואָס האָט נישט דערשאַצט, אין אַן אַרטיקל אין דער אַמעריקאַנער יידישער פרעסע, דעם באַדייט פון אונדזער ישוב. ווינאַגוראַ איז שאַרף און בייסיק. ער פאַרלאַנגט ערנסטע באַציונג צום יידישן ישוב אין פראַנקרייך און נישט צו פאַרזען די גרוי־סע דערגרייכונגען אונזערע.

„דער פאַריזער יִדישער ישוב, — שרייבט ער — וועל־כער לײדט, קעמפט און שאַפט ; דער ישוב, וואָס האָט שוין באַוויזן צו וואַרפן לאַזונגען, וואָס האָבן אויפגערודערט די יידישע קולטורוועלט (קולטור־פראַנט, קולטור־קאָנגרעס), אָט דער יונגער, קליינער, אָבער ענערגישער און שוונג־פולער יידישער ישוב, וואָס האָט שוין אויפגעבויט אַזעל־כע קולטור־פּאָזיציעס, וואָס פיל עלטערע און גרעסערע יידישע קבוצים האָבן נאָך נישט (פאָלקס־כאָר, קונסט־טע־אַטער, אַ שיינע, ליטעראַריש־ריינע טאָג־צייטונג, שולן, חודש־זשורנאַלן, פאַך־אויסגאַבן) — דאָסדאָזיקע פאַריז האָט פאַרדינט אַן ערנסטע באַציונג.״

ווינאַגוראַס קריטישער גייסט איז געווען אַ שאַפערישער, אַ פּאָזיטיווער. ער האָט דעריבער שטאַרק באַקעמפט יעדע צעשטערערישע אַנטמוטיקנדיקע קריטיק.

„אונדזער ישוב אין פראַנקרייך — האָט ער געשריבן אין 1938 — הייבט זיך אָן איינוואָרצלען און סטאַביליזירן, ווערן אַ יידישער ישוב — אַ באַדייטנדיקער פונקט אין דעם גרויסן יידיש־לאַנד״. ער, דער שטרענגער, דער תמיד־מאַנענדיקער, איז געווען שטאָלץ און גליקלעך צו מאַכן די־דאָזיקע פעסטשטעלונג וועגן דעם פראַנצויזיש־יידישע ישוב, צו וועמענס קולטור־פאַרמירונג ער האָט פיל בייגעטראָגן.

די שווערע מאַטעריעלע דאגות, וואָס האָבן געלייגט אַ שטעמפּל אויף זיין קינדהייט און יוגנט, האָבן אים שוין אַזוי באַגלייט ביזן קריג. דאָס שרייבן איז ביי אים געווען אַ דערבייאיקע באַשעפטיקונג פון מאַטעריעלן שטאַנדפונקט. ער האָט געהאָרעוועט אַלס שטריקער־אַרבעטער אין די סע־זאָנען, און זיך שווער געמאַטערט אין די „טויטע סעזאָנען״. דאָס האָט אַן צווייפל געווירקט נישט ווייניק אויף זיין גע־מיט און אויף זיין געזונט.

מיט זיין פרוי, די מאָלערן חנה קאָוואַלסקאַ, האָט ער פאַרנומען צוויי ענגע צימערלעך אויפן מאָנפאַרנאַס. אין אָט דער קינסטלער־געגנט האָבן זיי געהאַט אַ סך באַ־קאַנטע שרייבער און מוזיקער, מאָלער און סקולפּטאָרן, יידישע און נישט־יידישע.

אָן צווייפל, אַז דער מאָנפאַרנאַס האָט אים געהאָלפן אויסצוברייטערן זיין האָריזאָנט, אַז ער האָט פיל געלערנט אין דערדאָזיקער סביבה. דער מאָנפאַרנאַס, האָט אָבער אויך געהאַט זיין שלעכטע אויסווירקונג אויף אים און אים פיל געשטערט אין אַדורכפירן אַ ריי ליטעראַריש־קריטישע פּלענער זיינע.

אין 1941 איז ער צוזאַמען מיט חנה קאָוואַלסקאַ געווען צווישן די ערשטע קרבנות פון די נאַציס. זייער וווינונג אויף דער גאַס פיער לערו איז געוואָרן פאַרחתמעט.

זייער ווייניק ווייסט מען וועגן ווינאַגוראַן נאָכן אַרעסט. עס איז בלויז באַקאַנט, אַז מען האָט אים שרעקלעך גע־פייניקט אין תפיסה. איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן ? האָבן אים די מערדער דערשאָסן ערגעץ אין אַ תפיסה־הויף ?

אַזוי האָט טראַגיש פאַרענדיקט זיין לעבן צו 42 יאָר דער ליטעראַטור־קריטיקער ברוך ווינאַגוראַ.

# פון ב. ווינאגוראס שריפטן

## סאָציאַלע און פֿאָלקסטימלעכע ריכטונגען אין דעם יידישן ליד

(אַ קאַפּיטל פון אַ סטודיע)

די פארטיפונג פון דער סאָציאַלער דיפירענציאַציע אין דעם יידישן פאָלקס־לעבן און דער אָנוווקס פון אַ יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן צווישן אַ גאַנצע ריי אַנדערע פאָזיטיווע דערשיינונגען אויך אויפגעשלאָגן די קוואלן פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג. די פּאָטענציעלע שעפערישקייט, וואָס האָט יאָרנלאַנג געטליעט אין דער טיף־ערד פון די יידישע מאַסן און זיך דורכגעריסן, פון צייט צו צייט, אויף דער אויבערפלאַך אין דעם אַנאָנימען פאָלקס־ליד, האָט, מיט דער אויסרייפונג פון נייע סאָציאַלע כוחות, אָנגעהויבן אָנעמען קאָנקרעטע קינסטלערישע פאָרמען. אָנשטאָט דעם פרימיטיוון רוי־מאַטעריאַל האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן קאָנצענטרירטע, קינסטלערישע ווערק.

אין צוויי הויפּט-פאָרמען האָט זיך לכתחילה אויסגעגאָסן דאָס מאָדערנע יידישע ליד: דעם פאָלקסטימלעכן (עטינגער, גאָלדפאַדן, מיכל גאָרדאָן א. אנד.) און דעם סאָציאַלן (ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָוושאווער א. אַנד.). דאָס זענען געווען צוויי ליטערארישע ריכטונגען פון גאַנץ פארשידענעם אינהאַלט און כאַראַקטער. צוויי קינסטלערישע אויסדרוקן, וואָס זענען אינספּירירט געוואָרן פון צוויי באַזונדערע סאָציאַלע שיכטן אין די יידישע מאַסן גופא: די ברייטע אָרעמקייט און דער ארבעטערשאַפט.

ווי אַן אויסדרוק פון דעם דיקן שיכט יידישע אָרעמקייט, וועלכער האָט לאַנגע יאָרן געבילדעט דעם איבערוויגנדיקן רוב אין דעם יידישן פאָלקס־לעבן און פאַרמאָגט אַן אויסגעשטאַנענעם לעבנסשטייגער מיט אייגנאַרטיקע פאָרמען און ספּעציפישן קאָלאָריט — איז די פאָלקסטימלעכע יידישע דיכטונג געווען אַן עפּיש־שטייגערישע, אויסגעפילט מיט קאָנקרעטן שלדערישן שטאָף. אלץ איינס צו די באַציונג פון דעם קינסטלער צו דער מיליע איז אַ נעגאַטיווע אָדער פאָזיטיווע, שטענדיק איז דער אופן פון שילדערן אַ דערציילערישער און שפּיגלט אין זיך אָפּ דעם אָפּגעזעצטן אויסגעשטאַנענעם לעבנס־אַרט פון די אָרעמע יידישע פאָלקס־מאַסן. עס איז אַ מין אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ. מען דערציילט פון פרייד און צרות, הערלעכקייט און צביעות, ליבע און שנאה. אָנהויבנדיק פון שלמה עטינגערס „שמאַטעס" ביז מ. מ. וואַרשאַווסקיס פאָלקסטימלעכע זשאַנר־לידער איז די גאַנצע שאַפונג פון דער ריכטונג כמעט דורכאויס אויסגעפילט מיט שרייבעריש־דערציילערישן שטאָף, ווי אין אַ קאַלײדאָסקאָפּ גייט דורך אין דידאָקטיקע ווערק דאָס גאַנצע לעבן פון דער אָרעמער יידישער מאַסע.

זייענדיק דער קינסטלערישער אויסדרוק פון דעם זעלבן סאָציאַלן שיכט, וואָס האָט אויסגעטראָגן דאָס יידישע פאָלקס ליד, איז די פאָלקסטימלעכע דיכטונג, פאָרמעל אַ דירעקטע פאָרזעצונג פון דעם פאָלקס־פרימיטיוו. זי שפּאַרט זיך אויף אים אָן און טראָגט אין זיך אַלע אייגנשאַפטן — פאָזיטיווע און נעגאַטיווע — פון דעם עלעמענט. זי איז פשוט אין דער פאָרם און איינפאַך, ביז נאַאיוויטעט, אין דעם ריים:

צווישן מיינע ברידער,
הער איך אַ גערידער,
אַלע פון גרויס ביז קליין,
אַ געשריי, אַ געוויין.

(ש. עטינגער „שמאַטעס")

דער פאַרגלייך אין דאָס בילד — אויב ער איז בכלל בנמצא — איז גענומען דירעקט פון פאָלקס־מויל, פון זיין לעבעדיקן לשון:

דערקעגן הער איך דאָרט אַ ווייבל שרייען,
און פאַר כעס אזוי גאָר מיט פייער־שפּייען.

(עטינגער „וויטעלע")

זי פאַרמאָגט אַן איינהייטלעכע אַטמאָספערע און האָט אַ באַשטימטן קאָלאָריט — אַ „יידישן". אַלע זייערע ווערק זענען איינגעהילט אין דער טונקל־גרויער אַטמאָספערע פון די אָרעמע יידישע מאַסן.

אין הסכם מיט דער מענטאַליטעט פון דעם שיכט וועמענס קינסטלערישער אויסדרוק זי איז, פאַרמאָגט נישט, די פאָלקסטימלעכע דיכטונג, אין זיך קיין שום קאָנקרעטן, פאָזיטיוון אידעאַל צו וועלכן זי שטרעבט. העכסטנס אויף וואָס זי קען האָפן אַזוי רייך צו ווערן:

אירע סענטענצן זענען אַבסטראַקטע אזוי צו זאָגן „מענטשלעך־מאָראַלישע":

ס׳וועט קומען אַ צייט פון אייזן־באַנען,
זיי וועלן פארפלייצן די גאַנצע וועלט;
אייזערנע וועגן וועסטו יידעלע איינשפּאַנען
און דו וועסט מיט זיי אויך פארדינען פיל געלט.

(גאָלדפאַדן)

אונזער לעבן איז דער פֿאַראַם
דער טײַך —
דער תהום.
מענטשן — דאָס מײַן איך טאַקע אײַך.
(מ. מ. וואַרשאַווסקי)

זי פֿאַרמאָגט נישט אין זיך קיין רעוואָלט און אפֿילו נישט קיין בונטאַרישקייט. עס שלאָגט פֿון איר מיט פּאַרלוירנקייט און יאוש. די פֿרייד, וואָס שלאָגט אַמאָל אויף אין איר, שטראָמט נישט פֿון די סאַמע טיפֿענישן, נאָר איז מערסטנטייל „אַ גע־מאַכטע", אַ פֿאַרשיכורנדיקע פֿון דעם מין „הוליע קבצן":

דבורה גיב מיר די נײַע קאַפּאָטע,
איך וועל זי אָנטון טאַקע אַצינד.
איך וועל דיר זאָגן: אַלצדינג איז בלאָטע,
אַבי מען איז ברוך־השם געזונט.
(מ. מ. וואַרשאַווסקי)

דער קאָנקרעטער שטייגעריש־דערציילערישער שטאָף; דער פֿאָלקסטימלעכער־פּרימיטיוו אַלס פֿאָרמעלע באַזע; דאָס פֿעלן פֿון אַ פּאָזיטיוון קעמפֿערישן אידעאַל — דאָס זענען די דרײַ הויפּט־מאָמענטן, וואָס כאַראַקטעריזירן די פֿאָלקסטימלעכע ריכטונג אין דעם יידישן ליד.

לחלוטין אין היפּוך איז דער שטאָף, פֿאָרם און כאַראַק־טער פֿון דער סאָציאַלער דיכטונג.

דער יידישער אַרבעטער־קלאַס, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס אויסגעפּיקט פֿון דעם אייער־שאָלעכץ פֿון דער יידישער אָרעמקייט, האָט פֿאַרמאָגט אַ סך אימפּעט, שווונג, און גע־שלאָגן מיט אָן אַ שיעור וויבראַציעס. ער האָט נאָך אָבער נישט געהאַט קיין קלאָר, בולט פּנים און אויסגעשטאַנענעם שטייגער.

די מיטאַמאָליקע איבערשיכטונג פֿון די יידישע מאַסן; דאָס האַסטיקע איבערשפּרינגען פֿון אומפּראָדוקטיווער צע־שוווּמענקייט צום אַרבעטער־קלאַס (וואָס איז הויפּטזעכלעך געשען אַדאַנק די ריזיקע עמיגראַציעס); די אומדערהער־טע, שווערע לעבנס־באַדינגונגען אין וועלכע זיי זענען גלייך אַריינגעוואָרפֿן געוואָרן (דער אַמעריקאַנער „סוועט־סיסטעם") — האָט ביים יונגן יידישן אַרבעטער־קלאַס אויפֿ־געשלאָגן רעוואָלט, שרעק און צעמישונג גלייכצייטיק. ס׳איז נישט געווען נאָך אין דעם לעבן פֿון דעם קלאַס, קיין קלאָר־באַשטימטעס און אויסגעשטאַנען־פֿעסטעס. אַלץ האָט זיך געפֿונען אין דער סטאַדיע פֿון „ווערן". די סאָציאַלע דיכ־טונג, וואָס איז געקומען אַלס פּועל־יוצא און ווידערקלאַנג פֿון אָט דעם סאָציאַלן פּראָצעס האָט דעריבער נישט גע־קענט זיין קיין קאָנקרעט־שטייגערישע. זי איז נויטווענדיק געוואָרן אַ רעטאָריש־אַבסטראַקטע.

נישטאָ אין דער דיכטונג קיין שילדערונג און עס איז זיך שווער צו מאַכן פֿון איר אַ קלאָר בילד איבערן לעבנס־אַרט פֿון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין יענער צייט. נישט וועגן דעם קאָנקרעטן לעבן גופֿא, ווערט געזונגען אין די לידער, נאָר וועגן די געפֿילן, וואָס זייער שווער לעבן רופֿט אַרויס. נישט קיין עפּישע דיכטונג איז דאָס, נאָר עמאָציאָ־נעלע. אין דער ריכטונג גייט האַנט ביי האַנט רעוואָלוציאָ־נערער אימפּעט מיט רעזיגנירטער דערשלאָגנקייט.

אין קאַמף מיט כלי־זיין
וועט איר זיך באַפֿרייען
פֿון בלוטיקע פּיינט אַלערליי...
און ווען איר וועט זיגן,
דאַן איז אייער ניגון,
אַ זיגרייכער יובל־געשריי.

און אין אַ צווייט אָרט — עדעלשטאַט:

ווי זאָל איך ברידער פֿריילעך זינגען,
ווען האַס און קריג איז איבעראַל?
עס שיינט מיר טיפֿע שמערצן קלינגען
אויך אין דעם ליד פֿון נאַכטיגאַל.

אויפֿגעשלאָגענער וויר־וואַר און געפֿיל־פּלאָנטער פֿון די מיטאַמאָליקע ניי־געשאַפֿענע לעבנס־באַדינגונגען.

ווי אָן אויסדרוק פֿון אַ נייעם וועלטלעכן קלאַס אין דעם יידישן לעבן, אַ קלאַס וועמענס אינטערעסן עס פֿאַלן צוזא־מען מיט די אינטערעסן פֿון דיזעלבע קלאַסן ביי אַנדערע פֿעלקער, האָבן די דיכטער פֿון דער סאָצ. ריכטונג נישט גע־קענט באַזירן זייער פֿאָרם בלויז אויף דער אייגענער פֿאָלקס־שאַפֿונג נאָר דער עיקר אויף פֿרעמדע, פּאַרטיקע מוסטערן ענגלעכע צו דעם זשאַנר. נאַדסאָן נעקראַסאָוו, היינע א. אַנד. זענען געווען די פֿאָרבילדער לויט וועלכן די יידישע סאָצ. דיכטער האָבן געפֿאָרמט זייער ווערק. נישט פֿאַרמאָגנדיק נאָך קיין אייגענע קינסטלערישע טראַדיציעס, זענען די ער־שטע סאָציאַלע יידישע דיכטער געשטאַנען פֿאַר דער די־לעמע: אָנשפּאַרן זיך אויפֿן יידישן פֿאָלקס־פּרימיטיוו, — סאָצ. ריכטונג. זייענדיק געטריבן פֿון די וועלטלעכע אינ־טערנאַציאָנאַלע טענדענץ, וואָס דער קלאַס טראָגט אין זיין עצם, האָבן זיי — באַוווּסטזיניק צו נישט באַוווּסטזיניק — אויסגעוויילט דאָס לעצטע. ביי דער ערשטער פֿאַנאַנדער־טיילונג פֿון דעם סאָציאַלן מיטן פֿאָלקסטימלעכן, זענען די שטראָמען געלאָפֿן מיט אַ באַזונדער אימפּעט פֿון זיך. וועגן שאַפֿן אַ סינטעז האָט דאַן קיין רייד נישט געקענט זיין. האָבן זיי לייכטער גענומען פֿון דעם פֿרעמדן, פּאַרטיקן, וואָס איז געווען מער אַנטשפּרעכנד פֿאַרן אינהאַלט פֿון זייער שאַפֿן.

די פֿאָרם פֿון דער סאָציאַלער דיכטונג פֿאַרמאָגט נישט צוליב דעם, די ווייכע בויגזאַמקייט פֿון דער פֿאָלקסטימלע־כער דיכטונג. זי פֿאַרמאָגט אויך נישט די וואַרעמע אָט־מאָספֿערע און אייגנאַרטיקן קאָלאָריט פֿון די לעצטע. זי איז אין איר רוב האַרט, קאַלט און שטײף, מיט אַ שווערע אי־בערלאָדונג פֿון דייטשישן עלעמענט:

ווען זיי זויגן אויס דעם לעצטן טראָפּן
פון דעם אויסגעקוועלטן מענטשן־בלוט,
ווערן די וואַמפּירן — פילאַנטראָפּן,
פריינטלעך, פרום און גוט. (ווינטשעווסקי)

עס גיבט אויך פרייע רעפּובליקן,
וואָס זינד אויך פריי אויף דעם פּאַפּיר,
און פול מיט קנעכט זינד דאָרט פאַבריקן,
און יעדער הערשער — אַ וואַמפּיר. (עדעלשטאַט)

אַדיע, דו פינצטערע גרוב פון דער ערד!
אַדיע, דו קערקער און פרייהייט געשטאַלט!
אַדיע, דו רויבער פון קרעפטן, פון בלוט!
דו טיוול, וואָס וואַנדלט פון יונג אום אויף אלט!
(באַשעווער)

דערפאַר אָבער איז זייער פערז מערסטנטיילס אַ פול־רייי־פערער און זיכערער, און דער ריים אַ העכערער און אנט־וויקעלטער.

נאָר אויב אין דעם שטאָף זענען די לידער פון דער פאָלקס־טימלעכער דיכטונג, אין דורכשניט, פון אַ מער באַדייטנ־דיקער קוואַליטעט, שטייט אָבער די סאָציאַלע דיכטונג אידעאיש אויף אַן אומפאַרגלייכלעך העכערן ניוואָ.

די פערזן פון דער סאָציאַלער דיכטונג שלאָגן מיט אַ מעכטיקן אָטעם פון בונטאַרישקייט און רעוואָלט.

וועלטן רויבער, ליידן־שמידער,
הערט מיין שטימע, שטאָלצע הערשער,
און פאַרציטערט זאָלן ווערן
אייערע שמאַלץ־באַדעקטע גלידער. (באָוושאָווער)

עס הערט זיך אין זיי דאָס געשריי פון אַ קלאָס, וואָס ליידט, בלוטיקט, קעמפט און וויל בשום אופן נישט שלום מאַכן מיט איר לאָגע:

ווי לאַנג, אָ ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך שקלאַפן
און טראָגן די שענדלעכע קייט!
ווי לאַנג וועט איר גלענצענדע רייכטימער שאַפן
פאר דעם, וואָס באַרויבט אייער ברויט?!
(עדעלשטאַט)

די דיכטונג שלאָגט אויך אָן אויף הויכע טענער פון הע־ראָאיזם און טראַגיזם:

די נאַכט איז פינצטער, מען זעט נישט קיין שטערן
דער הימל איז שוואַרץ ווי די ערד.
ווילד רוישט דער ים פון מענטשלעכע טרערן,
עס הערשן נאָר הענקער און שווערד.
(עדעלשטאַט)

עס איז אַ דיכטונג, וואָס איז אָנגעגליט מיט אַ שטרעבן און רייסן זיך צו אַ הויכן אידעאַל — דעם אידעאַל פון באַ־פרייאונג. און כאָטש סיי דער ציל גופא און סיי די וועגן, וואָס פירן צום ציל, זענען נאָך, מערסטנטייל, פאַר די דיכ־טער אליין אין גרעסטנטייל פאַרנעפּלט און נישט קלאָר, ענ־דערט עס נישט דעם עצם ווערט אירן, אלס אַ דיכטונג פון אַ הויכן אידעאישן אינהאַלט.

נישט געקוקט אָבער אויף די גרויסע פאָרמעלע און אידע־אישע אונטערשידן, וואָס טיילט פאַנאַנדער די צוויי ליטע־ראַרישע ריכטונגען איז דאָך פאַראַן אַ קאַרדינאַלער מאָ־מענט, וואָס פאַראייניקט ביידע. דאָס איז דער קאָלעקטיווער לאָקאַלער קאָלאָריט. אין ביידע ריכטונגען איז דער לייט־מאָטיוו און באַוועגער נישט דער יחיד, אַן ארויסגעריסענער פון זיין סאָציאַלער סביבה, נאָר — דער כלל, דער קאָלעק־טיוו. דער „העלד" אין ביידע אַרט דיכטונגען איז נישט די אָפּגעריסענע, אויסגעוואָרצלטע פערזענלעכקייט, מיט אירע איזאָלירטע פריידן און ליידן, נאָר — דער כלל. ער שפּילט די הויפּט־ראָל אין ביידע פאַרמען דיכטונג. דער יחיד האָט נאָר דאָ אויף אַזויפיל אַ חשיבות, אויף וויפל ער איז אַ טייל פון דעם גאַנצן קאָלעקטיוו. נישט דאָס, וואָס טיילט אים אָפּ פון זיין סאָציאַלן שורש נאָר דאָס, וואָס פאַראייניקט אים מיט אים. דורך דער פּריזמע פון דעם יחיד, ווערט געוויזן דער כלל. עס איז אַ קונסט אין וועמענס פאָרטיפּטער פּערס־פּעקטיוו עס זעט זיך שטענדיק דאָס לעבן, ליידן און האָפע־נונגען פון דעם קלאַס אָדער שיכט. דאָס זענען נישט קיין יחידישע שאַפונגען אין ענגן זין פון וואָרט, נאָר קאָלעקטי־ווע ווערק קאָנסטרואירט דורך די הענט פון אייניציקע מייס־טער.

## פראַגן פון אונזער ליטעראַטור

אונזער יידישער ישוב אין פראַנקרייך הויבט זיך אָן איינוואָרצלען און סטאַביליזירן. מיר ווערן אַ יידישער ישוב — אַ באַדייטנדיקער פונקט אין דעם גרויסן יידיש־לאַנד.

ווי אַ יינגער ישוב, וואָס הויבט אָן באַטראַכטן זיין ניי אָרט, נישט ווי אַן אכסניה, נאָר ווי אַ סטאַבילע היים, שטעלט זיך פאַר אונז מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, אַ רייע פון סאָציאַלע און קולטורעלע פּראָבלעמען פון קיום און פון אַנטוויקלונג. מיר שטייען פאַר גרויסע געפאַרן און שווערע נסיונות. מיר געפינען זיך אין אַ לאַנד מיט אַן אַלטער און מעכטיקער קולטור. אונזער קליינער יידישער אינזל שטייט כסדר אונטער דער געפאַר פאַרגאָסן צו ווערן פון די זיראָענדיקע אַסימילאַציע־כוואַליעס. מיר דאַרפן שטעלן דאַמבעס און מיר דאַרפן אויך געפינען די

פאַרמען פון פרייער אַנטוויקלונג אין איינקלאַנג מיטן אַרומיקן לעבן, ווייל אַזוי גוט ווי מיר ווילן נישט אַראָפּגעשווענקט ווערן מיטן שטראָם פון גאַסן־אַסימילאַציע, ווילן מיר אויך נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָפּגעשלאָסענער געטאָ. מיר ווילן זיך אויסלעבן אין אונזער שפּראַך, אין אונדזער קולטור — ווייל דאָס איז דער איינציקער אופן פון קענען זיך פריי און ווירדיק אויסלעבן — אָבער, אין פולער האַרמאָניע מיט די טראַדיציעס און לעבנס־שטייגער פון גרויסן פראַנצויזישן פאָלק און זיין וווּנדערבאַרער קולטור.

אונטערן ליכט פון אָט די הנחות און באַדינגונגען, וועלן מיר פרוון אַוועקשטעלן דאָס פּראָבלעם פון אונזער ליטעראַטור־שאַפונג אין פראַנקרייך.

## אַן עמיגראַנטישע ליטעראַטור

ווי אין אַלע ניי־אַנטשטאַנענע יידישע ישיבים איז אויך אונדזער ליטעראַרישע שאַפונג דאָ אין פראַנקרייך אַן ע מ י ג ר אַ נ ט י ש ע.

אין וואָס באַשטייען די אייגנשאַפטן פון אָט דעם מין ליטעראַרישן שאַפן?

דער סאַמע וויכטיקסטער כאַראַקטער־שטריך אירער איז די „נאָסטאַלגיע״־שטימונג. די „היים־וויי״, מיט וועלכער זי איז דורכגעדרונגען. ווייל ס׳איז נישט שווער דעם מענטש — בפרט דעם יידישן מענטש —אָפּצורייסן פון זיין היים; ס׳איז אָבער שווער, זייער שווער די היים אַרויסצורייסן פון דעם מענטשן — אפילו דעם יידישן מענטשן. די היים, אין וועלכער דער מענטש האָט דאָס ערשטע מאָל געעפנט די אויגן און דערזען די וועלט; די היים, וואָס האָט פאַרוויגט זיינע ערשטע צאַרטע קינדער־יאָרן, — אָט די־דאָזיקע היים קאָן מען פון זיך לייכט — און אפשר קיינמאָל נישט — אַרויסרייסן. זי באַגלייט דעם מענטשן אויף זיין גאַנצן לעבנס־וועג. אונזער ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן אין די נייע היימען, ליידט דעריבער זייער שטאַרק פון אָט די „היים־וויי״־ראַנגלענישן און „נאָסטאַלגיע״־שטימונגען.

אַ צווייטער מאָמענט, וואָס לייגט זיין שטאַרקן חותם אויף דעם וועזן פון דער עמיגראַנטישער ליטעראַטור, איז די שווערקייט אויפצונעמען און אַריינוואַקסן אין דער נייער וועלט. אַ לאַנגע, לאַנגע צייט שטייט די נייע וועלט און די נייע היים, אין וועלכער דער אימיגראַנט איז מיטאַמאָל אַריינגעוואָרפן געוואָרן, ווי אַ פרעמדער און דראָענדיקער ים, פול מיט אומבאַגרייפלעכן פחד. עס מוז אַדורכגיין גענוג צייט ביז ער קען זי אַנהויבן אויפנעמען און פאַרשטיין.

אונטערן דרוק פון אָט די מאָמענטן, ווערט די עמיגראַנטישע ליטעראַטור געשטעלט פאַר צוויי וויכטיקע געפאַרן און נסיונות: אידייאיש — צו ווערן דערדריקט פון יאוש, פאַרצווייפלונג און אויסזיכטסלאָזיקייט; פאָרמעל און טעמאַטיש — פאַרזונקען צו ווערן אין אָפּגרונט פון קראַנקהאַפטער דעקאַדענץ אין אַנטלויפן פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט. דער פועל־יוצא איז דאָס, וואָס אָט די ליטעראַטור, אַנשטאָט זי זאָל ווערן אַ פירערין און וועגווייזערין; אַנשטאָט זי זאָל העלפן אָרגאַניזירן, דערהויבן, פאַרייניקן — ווערט אַ דעסטרוקטיווער כוח אָדער — אַ פרעמדע, אומבאַגרייפלעכע דערשיינונג, אָן שום ווירקונג אויפן לעבן.

דעם קלאַסישן ביישפּיל פון אָט אַזאַ מין פאַל, האָבן מיר געהאַט מיט די אַמעריקאַנער „יונגע״. ס׳כאַפּט אָן אַ שרעק, ווען מען גיט אַ קלער איבער דעם אומגעהויערן אונטערשייד און דער דיספּראָפּאָרציע, צווישן דער גרויס פון די קינסטלערישע כוחות, וואָס די גרופּע האָט אין זיך געטראָגן, מיט איר מינימאַלער ווירקונג, אויפן לעבן, פאָרמירונג און געשטאַלטונג פון די יידישע מאַסן אין אַמעריקע פאַר יענער צייט. און דער ווערט און באַדייטונג פון אַ ליטעראַטור ווערט דאָך סוף כל סוף געשאַצט נישט נאָר לויט אירע קינסטלערישע קוואַליטעטן, נאָר דער עיקר, לויט דער גרויס פון איר ווירקונג אויפן לעבן פון פאָלק. אַנדערש בלייבט עס אַ טויט־פאַרחתמטער קוואַל.

## די דריי פאַזן פון אונדזער ליטעראַטור־שאַפן

און איצט, ווי זעט אויס אין פראַנקרייך מיט אונדזער ליטעראַרישער שאַפונג?

נישט געקוקט אויפן קורצן צייט־אָפּשניט, וואָס נעמט אַרום דעם אויפקום פון אַ יידיש־ליטעראַרישן צווייג אין פראַנקרייך (מיר האָבן דאָ אין זינען, די ליטעראַטור, וואָס איז אויפגעקומען אין די לעצטע 10־15 יאָר, ווייל די עלטערע, גרויסע יידישע שרייבער, וואָס וווינען שוין דאָ אַ לענגערע צייט, האָבן זיך מיטן יידישן לעבן אין פראַנקרייך כמעט נישט אינטערעסירט; די איבעריקע עלטערע ליטעראַרישע פרוון — האָבן קיין ווערט נישט), קען מען שוין בולט אונטערשיידן דריי פאַזן:

1) דער אויפקום פון אַ ליטעראַטור, וואָס איז געשטאַנען צו דינסט פון די קעמפנדיקע אַרבעטער־מאַסן. דאָס איז געווען אַ ליטעראַטור, וואָס האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך רעוואָלטירנדיקן פּאַטאָס און — דער עיקר — אַ סך גוטן ווילן צו זיין געזעלשאַפטלעך־נוצלעך און ווערן דער הויך־שפּרעכער פון דעם לעבן, ליידן און האָפענונגען פון די אַרבעטער־מאַסן. זי איז אָבער געווען צו אַבסטראַקט־רעטאָריש און זייער ווייניק פאַרמאָגט אין זיך פון קאָנקרעטן רעאַליזם. דער בולטסטער פאָרשטייער פון דער פאַזע איז געווען אַ. בערן.

2) אַ שטרעבונג צו פשוטער און קאָנקרעטער שילדערונג, וואָס איז אַנטשטאַנען: פון איין זייט, אַ דאַנק דער פאַרפעסטיקונג און נאָרמאַליזירונג פון אונזער ישוב, און פון דער צווייטער זייט — אַדאַנק דעם באַוווסטזיניקן

קאַמף, וואָס מען האָט געפירט אויף אָט דעם אָפּשניט קעגן דער אַבסטראַקטער רעטאָריק און פּאַטעטישער באָמבאַס־טיק. די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון דער צווייטער פּאַזע זענען : מ. דזשאַלאָווסקי, י. צוקער און ק. בענעק. זיי אַלע, צוזאַמען מיט נאָך אַ רייע פּעיקע שרייבער, האָבן נישט פאָרויס אונזער ליטעראַרישער שאַפונג אין פראַנקרייך ; זיי זענען אויך געוואָרן די ערשטע אָנזאָגער פון אַן אייגנ־אַרטיקן ליטעראַרישן אויסדרוק פון אונזער יונגן ישוב.

3) סמנים פון אַ געוויסער דעקאַדענץ און שטרעבונג צו וועלן אַנטלויפן פון דער אַרומיקער סאָציאַלער ווירק-לעכקייט. די לעצטע פּאַזע איז אַנטשטאַנען : מיטן אָנקום פון אַ פרישן אימיגראַציע־שטראָם, וועלכער האָט זיך נאָך נישט באַוויזן איינצוזעצן אויפן אָרט און אַקלימאַטיזירן זיך מיט די נייע באַדינגונגען ; מיטן קריזיס, וואָס דאָס לאַנד לעבט איצט דורך און מיטן דרוק פון דער אַלגעמיינער רעאַקציע אין דער וועלט. די טרעגער פון דער נייער, לעצטער פּאַזע זענען — ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויס־קומען, — די איצט אָנגעקומענע פּוילישע גרופּע מיט די צוויי שטאַרקע טאַלאַנטירטע דיכטער בינם העלער און משה שולשטיין אין דער שפּיץ.

. . . אודאי זענען אָט דידאָזיקע שטימונגען זייערע בלויז אַן אויסדרוק פון אַ צייטווייליקן געמיט־צושטאַנד פון נאָר־וואָס געקומענע דיכטער. אָבער עס איז אונדזער חוב צוצוהעלפן זיי, וועלכע זענען פון די בעסטע פאָרשטייער פון דער פּראָגרעסי־ווער שרייבער־גרופּע אין פּוילן, זיך איינצולעבן אין דער פּאַ־ריזער ווירקלעכקייט און פאַרנעמען זייער געהעריקן אָרט אין אונדזער לעבן.

## מיטן פּנים צו אונדזער לעבן

וואָס איז נויטיק, כדי אונדזער ליטעראַטור־שאַפונג זאָל אַרויס פון דעם קריזיס און פאַרנעמען דאָס אָרט, וואָס איר קומט אין אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן ?

קודם כל, אַ קער־טון זיך פּנים אל פּנים צו אונדזער ניי־יידיש לעבן אין פראַנקרייך. דאָס הייסט נישט, אַז די שרייבער דאַרפן אויף אַ מעכאַנישן אופן, מיט אַמאָל זיך אַ וואָרף טון צו די פּאַריזער טעמאַטיק. ניין, אַזוי וועלן מיר קיין פראַנצויזיש־יידישע ליטעראַטור נישט שאַפן. דער קער צו אונדזער יידיש־פראַנצויזיש לעבן דאַרף זיין אַ גרינטלעכער און אָרגאַנישער. אויף וויפיל דער שרייבער איז נאָך פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים (און וועלכער איז דאָס נישט), דאַרף ער אין זיך אויסלעבן אָט דאָס געפיל ; ער דאַרף אָפּצאָלן דעם נויטיקן צינז זיין „היים־וויי". ער דאַרף אָבער נישט אָנעמען אָט דאָס געפיל, פאַר דער איינאונאיינציקער נאַטירלעכער סטרונע אויף וועלכער ער דאַרף לאָזן אויסשפּילן זיין טאַלאַנט, פון איינ־אונאיינציקן געביט אויסצולאָדן זיינע דיכטערישע עמאָציעס.

דער יידישער שרייבער ביי אונדז מוז און איז מחויב דורכצודרינגען זיך מיטן געדאַנק, אַז ער איז אַ פּאַ־ריזער שרייבער און זיין אויפגאַבע איז צו שילדערן אונדזער יידיש לעבן דאָ אויפן אָרט און העלפן פאָרמירן, געשטאַלטן און דערהויבן אונדזער יונגן יידישן ישוב. ער מוז זיך איינלעבן מיטן געדאַנק, אַז פּאַריז איז אַ היים פון צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, וואָרצלען זיי זיך דאָ איין און בויען אויף זייער ניי לעבן. ער מוז זיך פאַרטיפן אין די אינער־לעכע טרייב־כוחות און ווירקונגס־פּראָצעסן פון אונדזער לעבן דאָ, ער מוז אונדז זען אין ענגן צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאָלק צווישן וועלכן מיר וווינען און ער מוז דערקע־נען און ליב קריגן די קולטור פון אָט דעם פאָלק. ערשט דאַן וועט ער ווערן אָרגאַניש אַ פּאַריזער יידישער שרייבער און ער וועט נישט אורטיילן און באַאיינפלוסט ווערן לויט דעם באַגרענעצטן שטח פון די שמאָלע פיר אייגן אַרום זיך, נאָר לויט דער ברייטער היסטאָרישער פּער־ספּעקטיוו פון אָט דער דערשיינונג. ערשט נאָכדעם ווי דער שרייבער וועט זיך אַריינלעבן מיטן באַוווסטזיין און מיטן ווילן אין אונזער נייע היים, וועט ער אויך קענען אָרגאַניש אַריינוואַקסן און קינסטלעריש אויפנעמען און באַגרייפן דעם קאָלאָריט און ריטם פון אונדזער לעבן.

דאָס אַלץ אָבער קאָן נאָר געשען בלויז דורך די גוטע ווונטשן און פאָדערונגען בנוגע דעם שרייבער. סוף־כל־סוף איז דאָך דאָס אַ פראַגע נישט בלויז פון דעם סוביעק־טיוון ווילן — גוטן אָדער שלעכטן — מצד דעם שרייבער, נאָר פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען, וועלכע העלפן אויספאָרמירן ביי אים דעם אָדער יענעם „ווילן". און כדי, אין אַ געוויסער מאָס כאָטש, לייכטער צו מאַכן אָט די אָביעקטיווע שווערע באַדינגונגען איז נויטיק אַ גרויסע אָנשטרענגונג מצד אונדזער געזעלשאַפט. עס מוז אָנהויבן עפּעס געטון ווערן דערפאַר, כדי צו פאַרגרינגערן און פאַרלייכטערן אונדזערע שרייבער דעם שווערן פּראָ־צעס פון אַריינוואַקסן און אַריינוואָרצלען זיך אין אונדזער לעבן. עס מוז געשאַפן ווערן אַרום אונדזערע שרייבער די וואַרעמע אַטמאָספערע פון זאָרג און פאַראינטערעסירונג ; דער שרייבער מוז פילן, אַז מען נויטיקט זיך אין אים און מען פאָדערט וואָס פון אים, — דאָס וועט אים געבן מוט און חשיבות און אים דערמעגלעכן צו ווערן דער ווירדי־קער אויסדריקער פון אונדזער לעבן און אונדזער קאַמף.

# נאָכן קולטור-קאָנגרעס

ווען מיר האָבן מיט אָנדערטהאַלבן יאָר צוריק געוואָרפן די אידייע, אין „פּאַריזער זשורנאַל”, פון אַן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, האָבן מיר, דעם אמת־געזאָגט, אַליין נישט געגלויבט, אַז דער חלום וועט אַזוי גיך ווערן אַ ווירקלעכקייט. מיר האָבן נישט געגלויבט, נישט צוליב דעם, ווייל מיר האָבן געהאַלטן דעם ענין בכלל פאַר צו שווער און נישט רעאַליזירבאַר, ניין! מיר האָבן נישט געגלויבט, ווייל מיר האָבן געקענט און קענען גוט די לאַגע אין אונדזער קולטור־וועלט, דעם אַנטאַגאָניזם, די צעריסנקייט און צעברעקלטקייט — אַ צושטאַנד, וואָס איז שוין געוואָרן ממש פּאַטאָלאָגיש, דערפאַר האָבן מיר נישט געגלויבט, אַז אין משך פון אַזאַ קורצער צייט, וועט מען זיין ביכולת אָט די שטערונגען — די פּסיכאָלאָגישע מער ווי פּרינציפּיעלע — אויף אַזויפיל צו באַזייטיקן און עלימינירן, אַז עס זאָל מעגלעך ווערן שוין צו רעאַליזירן אַזאַ גרויסע און וויכטיקע פאַרייניקונג־אידייע, ווי אַן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס.

אָבער זעט אויס, אַז מיר האָבן להלוטין נישט איבערגעטריבן, ווען מיר האָבן דאַן געשריבן, אַז אַ יידישער קולטור־קאָנגרעס איז אַ לעבנס-נויטיקייט אין דעם איצטיקן שווערן מאָמענט, פאַר דער פיל-געפּרוווטער און מיט קרבנות־אויסגעקעמפטער יידישער פאָלקס־קולטור. נאָר אָט די דערקענטעניש, אַז די יידישע קולטור לעבט דורך אַ מאָמענט פון איינעם פון אירע שווערסטע פּרוון אין דער געשיכטע און אַלץ, וואָס איז אין משך פון לאַנגע יאָרן מיט אַזויפיל מי און מאַטער אויפגעבויט געוואָרן, שטייט פאַר דער סכנה אַרויסגעריסן צו ווערן מיטן וואָרצל — נאָר דאָס האָט געקענט באַווייזן דעם נס און צונויפזאַמלען, אין אַזאַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט, די פאַרשידנאַרטיקסטע פאָרשטייער פון דער יידישער קולטור, אַרום איין טיש.

וואָסזשע פאַראַ רעזולטאַטן האָט אונדז געגעבן, דער אַזוי שטאַרק געגאַרטער און מיט אַזויפיל האָפענונגען פאַרבינדעטער קאָנגרעס ?

עס איז מאָדנע : גראָד מיר יידן, דאָס אַמווינציקסטנס פּראַקטישע און אַמערסטנס היסטאָרישע פאָלק אין דער וועלט — גראָד מיר פאָדערן ביי יעדער געלעגנהייט גלייך פּראַקטישע רעזולטאַטן און האָבן אַזוי ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר דער געשיכטלעכער באַדייטונג פון אַ געשעעניש. ביי אַלע קעגנער פון קאָנגרעס, וועלכע זענען נאָך ליידער דאָ אין אַ נישט קליינער צאָל, הערט מען אַרויס די נאָטע פון אַ געוויסער שאָדן־זייט : „דער קאָנגרעס האָט נישט געגעבן קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן”. אָבער וועלכער קאָנגרעס גיט עס גלייך פּראַקטישע רעזולטאַטן ?

אַ קאָנגרעס, און בפרט פון אַזאַ מין, ווי עס איז געווען דער יידישער קולטור־קאָנגרעס, קען נישט און דאַרף נישט געבן גלייך קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן. זיין באַדייטונג טאָר נישט ווערן געמאָסטן מיט דער קרעמערייִשער מאָס : „וואָס פאַרא ריווח גיט עס מיר”. זיין ווערט און באַדייטונג קען מען נאָר דאַן אָפּשאַצן און ווי געהעריק פאַרשטיין, ווען מען זעט אים אין דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו.

דער סאַמע גרעסטער און וויכטיקסטער אויפטו פון דעם קולטור־קאָנגרעס איז דער עצם־פאַקט פון זיין צושטאַנדקומען. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס נאָך אַזויפיל יאָרן פון צעריסנקייט און שנאה — אַ שנאה נישט שטענדיק קיין באַרעכטיקטע און קיינמאָל נישט קיין נויטיקע — איז מען ענדלעך זיך דאָך צונויפגעקומען, כדי געמיינזאַם צו זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן די באַדראָטע פּאָזיציעס פון דער יידישער קולטור — שוין דער פאַקט אַליין איז פון אַן אומגעהויערן היסטאָרישן באַדייט.

עס איז אומעגלעך שוין איצט, ווען מיר שטייען נאָך אַזוי האַרט ביי דער געשעעניש, צו באַגרייפן דעם גאַנצן היסטאָרישן פאַרנעם פון דער זאַך. צו דעם איז נויטיק די געהעריקע דיסטאַנץ פון צייט. וואָס מער מיר וועלן זיך דערווייטערן פון קאָנגרעס, אַלץ שטאַרקער און טיפער וועלן מיר קענען פאַרשטיין און אָפּשאַצן די באַדייטונג זיינע, אַלס אַן ערשטער דורכברוך אין דער טויבער וואַנט פון צעשיידונג, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ קללה און אומגליק אין אונדזער קולטור־וועלט.

זעלבסטפאַרשטענדלעך וועט די באַדייטונג פון אָט דעם פאַקט זי אַלץ מער פאַרשטאַרקן און באַקרעפטיקן, וואָס מער מיר וועלן ביכולת זיין צו דיסקאָנטירן אים אין לעבן. אָבער אפילו ביי דעם מינימום פון אויסנוצונג, איז די געשעעניש גופא פון אַזאַ גרויסער געשיכטלעכער וויכטיקייט, וואָס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן.

פונדערסטוועגן האָט דער קאָנגרעס אַ חוץ זיין גרויסער מאָראַלישער באַדייטונג אויך געבראַכט שוין איצט, געוויסע פּראַקטישע רעזולטאַטן.

עס איז קודם כל געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער קולטור — אַן „אַפּיעקון”. די יידישע קולטור וועט, אין אַ גרויסער מאָס, מער נישט זיין אַזוי הפקר און פאַרלאָזן ווי זי איז געווען. יעדע עוולה, וואָס וועט באַגאַנגען ווערן סיי פון אויסן, לגבי דער יידישער קולטור, און סיי פון אינעווייניק — אין דער יידישער קולטור־וועלט גופא — וועט מער נישט בלייבן פאַרשוויגן. עס וועט זיין ווער עס זאָל זיך אָננעמען און רעאַגירן אויף אַ ווירקזאַמען און ווירדיקן אופן. איז דאָך, ביז איצט, נישט געווען ביי אונדז קיין שום צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט די נויטן און עוולות פון דער יידישער קולטור. די יידישע קולטור איז געווען אַ הפקר־

שטוב, ווו יעדער האָט געטון, וואָס ער האָט געוואָלט. די צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס דער קולטור־קאָנגרעס האָט פון זיך אויסגעוויילט, וועט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס, באַזייטיקן דעם צושטאַנד. זי וועט דאַרפן אויספירן ביי אונדז די פונקציעס, וואָס געוויינלעך פירן עס אויס, ביי אַנדערע פעלקער, רעגירונג־אינסטיטוציעס. עס איז קלאָר, אַז דער כוח פון דער אינסטאַנץ וועט זיין, וואָס שטאַרקער און וואָס ווירקזאַמער, וואָס מער קרעדיט זי וועט באַקומען אין דער יידישער וועלט און וואָס מער זי וועט באַוויזן צו גרופירן אַרום זיך די לעבעדיקע כוחות פון דער יידישער קולטור — אָבער דאָס זענען זאַכן, וועלכע די צייט וועט מוזן מיט זיך ברענגען, דערצו וועט איר שטופּן דער לעבעדיקער זעלבסט פאַרהיטונג־אינסטינקט. און מיר גלויבן אין די לעבעדיקע כוחות פון דער יידישער קולטור.

פאַר אַ פּראַקטישער דערגרייכונג קען מען אויך צורעכענען די רייע פּראָיעקטן, וואָס זענען אָנגעצייכנט געוואָרן און אָנגענומען דורכן קאָנגרעס, אַלס אַ באַזע פאַר ווייטערדיקער אַרבעט. די פּראָיעקטן וועגן פאַרלאַג, וועגן ביכער־פאַרשפּרייטונג, וועגן ליטעראַרישע פּרייזן, וועגן מוסטער־קאַטאַלאָגן און פיל, פיל אַנדערע זענען פון אַן ערשט־ראַנגיקער וויכטיקייט. און ווען אפילו עס וועט דעם קולטור־פאַרבאַנד געלונגען בלויז אַ טייל פון אָט די פּלענער צו רעאַליזירן — וועט עס שוין אויך זיין אַ גרויסע דערגרייכונג צוליב וועלכן עס האָט זיך געלוינט צוזאַמענצורופן אַ קאָנגרעס.

אויף איין געביט האָט דער ערשטער קולטור־קאָנגרעס נישט באַוויזן צו דערגרייכן, לויט מיין מיינונג, צו דער הויך, וואָס ער וואָלט געדאַרפט, דאָס איז אויפן געביט פון אידייאישער און פּרינציפּיעלער אויסקריסטאַליזירונג. נישט וועגן שאַפן אַ וואָס פאַר ס'איז סינטעז פון די פאַרשידענע אידייאישע ריכטונגען, וואָס זענען פאַרטרעטן געווען אויפן קאָנגרעס, האַנדלט זיך. אַזאַ מין סינטעז איז נישט מעגלעך, נישט נויטיק און דער קאָנגרעס האָט אודאי נישט געקענט און נישט געדאַרפט שאַפן. דאָ גייט אין דעם, אַז אויף דער טריבונע פון קולטור־קאָנגרעס האָבן געדאַרפט אַרויסגעברענגט ווערן אַלע פּראָבלעמען פון דער יידישער קולטור אין זייער גאַנצער טיף און ברייט.

אין משך פון די לעצטע צוויי צענדליק יאָרן, האָט זיך אויף אַלע געביטן פון דער יידישער קולטור אָנגעזאַמלט אָן אַ שיעור קאָנפליקטן ; עס איז אָנגעוואַקסן אַ גאַנצע רייע פון ערשט־ראַנגיקע פּרינציפּיעלע פּראָבלעמען און זיי האָבן געדאַרפט באַקומען זייער געהעריקן אויסדרוק אויפן קאָנגרעס. נישט וועגן אַרויפצווינגען איינער אויפן צווייטן אַ וואָס פאַראַ ס'איז מיינונג אָדער שטעלונג איז דאָ די רייד, נאָר וועגן אויפקלערן, קלאָר מאַכן און אַוועקשטעלן די אַלע פּראָבלעמען אין זייער געהעריקן ליכט. בלויז איין צד האָט אויפן קאָנגרעס אַרויסגעברענגט אין אַ געוויסער מאָס זיין שטעלונג און זיין קוק אויף די פּראָבלעמען פון דער יידישער קולטור, דאָס איז דער צד, וואָס האָט זיך געזאַמלט אַרום לייוויקן. די איבעריקע צדדים — און ספּעציעל דער לינקער אַרבעטער־פליגל — האָט זיין שטעלונג, מיין איך, נישט אַנטוויקלט אין דער מאָס, ווי זי האָט געקענט און געדאַרפט.

אוודאי איז צו פאַרשטיין פאַרוואָס אָט דער צד, וואָס האָט אויסגעטראָגן די גרעסטע אחריות פאַרן קאָנגרעס, וואָס האָט געהאָרפן די אידייע און כמעט איינער אַליין איז געפירט צו רעאַליזאַציע — פאַרוואָס ער האָט מורא געהאַט צו פאַרוואַנדלען דעם ערשטן קולטור־קאָנגרעס אין אַ דיסקוסיע־קלוב. אָבער די דאָזיקע מורא איז לויט מיין מיינונג, אַ שטאַרק איבערגעטריבענע. דאָס אַרויסברענגען אָפן די פאַרשידענע שטעלונגען און טענות בנוגע די פּראָבלעמען און קאָנפליקטן פון אונדזער קולטור, וואָלט דעם קאָנגרעס, בשום־אופן, קיין שאָדן נישט געברענגט. פאַרקערט : ער וואָלט אויסגערייניקט די לופט און געשאַפן אַן אַטמאָספערע פון פולשטענדיקער אויפריכטיקייט און צוטרוי.

אָבער ווי געזאָגט, איז אָט די דאָזיקע טאַקטיק דיקטירט געוואָרן דורך דער גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און זאָרג, אַז די שיף פון קולטור־קאָנגרעס, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף די ברייטע וואַסערן פון אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן, זאָל זיך, גלייך פון אָנהויב, נישט אָנשטויסן אויף די צו שפּיציקע פעלזן פון אונדזערע קולטור־פּראָבלעמען און קולטור־קאָנפליקטן. מיר גלויבן דאָך, אַז דאָס איז בלויז דער ערשטער אָבער נישט דער לעצטער קאָנגרעס.

# ו. וועוויאַרקע



געבוירן אין 1896, אין פּוילישן שטעטל זשיראַרדאָוו. באַקומען אַ שטרענג־רעליגיעזע דערציאונג. אַלס ישיבה־בחור, הייבט אָן וועוויאָרקע צו שרייבן דערציילונגען.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה עמיגרירט קיין בערלין. קיין פּאַריז קומט ער אַרום 1924.

אין 1936 דערשיינט זיין ערשטער באַנד דערציילונגען „מזרח און מערב". אין 1937 — זיין באַנד דערציילונגען „באַדנלאָזע מענטשן".

אין 1940 פאַרלאָזט וועוויאָרקע פּאַריז, לעבט אַ שטיקל צייט אין מאָנטאַבאַן, דערנאָך אין ניצע. ער ווערט דעפּאָרטירט אין אָקטאָבער 1943. לויט עדות זאָל וועוויאָרקע האָבן אומגעקומען דעם 18־טן יאַנואַר 1945, אין בירקענוי.

אברהם ווייַן

# דער שאַפערישער וועג פון ו. וועוויאַרקע

ו. וועוויאָרקע איז געבוירן אַרום 1896 אין פּוילישן שטעטל זשיראַרדאָוו.

אין הויז ביי זיין פאָטער, אַ שוחט, האָט ער באַקומען אַ שטרענגע רעליגיעזע דערציאונג, וואָס האָט געלייגט אַ חותם אויף זיין גאַנץ לעבן. אין חדר איז ער געווען דער בעסטער תלמיד. שפּעטער ביים גמרא־מלמד, איינער פון די בעסטע תלמידים.

וועוויאָרקעס עלטערער ברודער, אַברהם וועוויאָרקע, איז אין דער יידישער ליטעראַטור גוט באַקאַנט. איבערהויפּט מיט זיינע דראַמאַטישע ווערק, וואָס זענען מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט געוואָרן אויף אַלע יידישע בינעס. דעם גרעסטן דערפאָלג האָבן זיינע דראַמען געהאַט אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו אברהם וועוויאָרקע האָט געלעבט און געשאַפן.

דער ברודער אַברהם איז פאַר זיין יונגערן ברודער וואָווטשע געווען דער ערשטער סטימול, דער ערשטער אָנרעגער אויפצוּוועקן אין אים אַ געוואַלטיקן דראַנג צו לייענען און אויך אַליין צו שרייבן.

י. י. לינעצקיס „דאָס פּוילישע יינגל" האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם אין ו. וועוויאָרקעס יונגער נשמה, וואָס האָט זיך שוין ווי אַ דורשטיקער צום קוואַל — געריסן צו ליטעראַטור, צו וויסנשאַפט, צו וועלטלעכער בילדונג און איז ווי יעדער גוטער לייענער פון יענער עפּאָכע שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון מ. ז. פייערבערגס: „וווהין ?"; פון ז. אנכיס: „גבריאל"; פון אברהם מאַפּוס: „אהבת ציון"; פון ראובן ברייננס: „אינטעליגענטער טישלער"; פון פרישמאַנס שאַפונגען און פאַר אַלעם פון פּרצס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", וואָס ו. וועוויאָרקע איז נישט מיד געוואָרן צו לייענען זיין גאַנץ לעבן.

אַ קורצע צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה עמיגרירט וועוויאָרקע קיין בערלין, ווו ער פאַרקערט אין דער דאָרטיקער יידיש־ליטעראַרישער סביבה.

ער קומט פון דאָרט קיין פּאַריז מיט אַ היפּש ביסל ליטעראַטור־וויסן, מיט אַ נישקשהדיקן באַגאַזש אָנגעשריבענע ווערק, מיט פיל האָפענונגען צו קענען זיך דאָ אין פּאַריז איינאָרדענען אַ היים, ווו ער זאָל קענען פאָרזעצן זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן.

און פון דעמאָלט אָן האָט זיך פאַר וועוויאָרקען אָנגעהויבן אַ שווער געמאַטערט לעבן. אָבער דווקא אין די דאָזיקע ליידן און ראַנגלענישן איז וועוויאָרקעס טאַלאַנט געקרעפּטיקט געוואָרן. דווקא דעמאָלט, אין די טרויעריקסטע פינצ־

טערע טעג פון זיין לעבן האָט ער פיל געלייענט און געשאַפן.

נאָך פיל שווריקייטן האָט וועוויאָרקע ענדלעך אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן זיינע דערציילונגען אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־ציימונג“, אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס“ און אין דער אַרגענטינער „די פרעסע“.

אויף זיין ערשטער אָפּגעדרוקטער דערציילונג האָט זיך וועוויאָרקע אונטערגעשריבן : איש חסיד. אויף זיינע ערשטע קאָרעספּאָנדענצן : י. פעלדמאַן.

שוין אין 1924 פרווט וועוויאָרקע אַרויסגעבן אין פּאַריז אַ ליטעראַרישע חודש־שריפט „די נעסט“. אין ערשטן נומער האָבן זיך באַטייליקט, אויסער וועוויאָרקען : א. ב. שטענצל, א. בערן, א. בלאָשטיין, ש. גוטמאַן און אַנדערע. פאַרשטענדלעך, האָט זיך „די נעסט“ צו יענער צייט, ווען פּאַריז איז נאָך אויפן יידישן קולטור־געביט געווען אַ מדבר, נישט געקענט אויסהאַלטן.

באַלד נאָכדעם קומט וועוויאָרקע אונטער מיט די „פּאַריזער בלעטער“, וואָס האָבן אויך נישט געהאַט קיין אַריכת־ימים.

אין יאָרן אַרום, ווען אין פּאַריז האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען „די אילוסטרירטע יידישע פרעסע“, ווערט וועוויאָרקע איר הויפּט־רעדאַקטאָר. אויסערדעם, וואָס ער האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט עסייען וועגן באַקאַנטע יידישע שרייבער,ציט ער אויך צו צום זשורנאַל אַזעלכע שרייבער ווי : ז. שניאור, ז. סעגאַלאָוויטש, ש. האַראַנטשיק, און די וואָכנשריפט באַקומט, אַדאַנק וועוויאָרקעס ענערגיע און ליבשאַפט צום יידישן קינסטלערישן וואָרט, אַ פּנים פון אַ ליטעראַרישער אויסגאַבע. אויך די יידישע מאָלער פון מאָנפּאַרנאַס פאַרגעסט נישט וועוויאָרקע אריינצופירן אינעם זשורנאַל. און גאַנץ אָפט באַשיינען די נומערן מאַנע קאַצס „ישיבה־בחורים“, מאַרק שאַגאַלס „כלי־זמרים“, ביבל־אילוסטראַציעס און אַנדערע ווערק פון יידישע מאָלער, וואָס מאַכן די אויסגאַבע לעבעדיק, אָנציענדיק און גיבן איר צו אַן עסטעטישן אויסזען.

דאָס יידישע פּאַריז האָט אויך דעם זשורנאַל נישט געקענט אויסהאַלטן און נאָך אַ קאַרגן יאָר דערשיינען איז ער אונטערגעגאַנגען, און צו וועוויאָרקעס קייט אַנטוישונגען איז צוגעקומען נאָך אַ רינגעלע.

אין 1931 פרווט נח פּרילוצקי אַרויסגעבן אין פּאַריז אַ טאָג־ציימונג א. ב. „דער טאָג“. וועוויאָרקע ווערט אין דער ציימונג אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. די ציימונג אָבער האָט אויך ווי אַלע אַנדערע קוים עטלעכע חדשים אויסגעהאַלטן.

ערשט אַרום 1936, אין צוזאַמענהאַנג מיט וועוויאָרקעס פערציק־יעריקן יוביליי, האָט זיך אין פּאַריז געשאַפן אַ וועוויאָרקע־יוביליי־קאָמיטעט, מיט ז. שניאור און דניאל טשאַרני בראש, וואָס האָט אַרויסגעגעבן וועוויאָרקעס אַ באַנד נאָוועלן א. ב. „מזרח און מערב“. דער באַנד האָט אין דער הײגער פרעסע, ווי אין אויסלאַנד געהאַט וואַרעמע אָפּרופן.

אין אַ יאָר אַרום איז דערשינען וועוויאָרקעס צווייטער באַנד נאָוועלן „באַדנלאַזע מענטשן“.

די דאָזיקע צוויי בענדער נאָוועלן זענען געווען דער ווענדפונקט אין וועוויאָרקעס שאַפן. מ׳האָט זיך מיט וועוויאָרקען אָנגעהויבן רעכענען און ער האָט באַקומען אַ פּלאַץ אַלס ליטעראַרישער רעדאַקטאָר אין „פּאַריזער היינט“, ווו ער האָט זייער אָפט געדרוקט זיינע לייכטע דערציילונגען אויף פּאַריזער טעמעס, וועלכע האָבן אויסגענומען ביים לייענער. אין די פרייטיק־נומערן, האָט וועוויאָרקע געדרוקט עסייען וועגן יידישע שרייבער, אַמאָל אַ יאָרצייט־אַרטיקל וועגן י. ל. פּרץ, אָדער ה. ד. נאָמבערג א. א., אַמאָל אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַ ניי־דערשינענעם בוך, אַמאָל אַן אַרטיקל וועגן אַ קולטור־ענין. אין זיין „ליטעראַרישער שטוב“ האָט אָנגעהויבן אַריינשיינען די זון. זיין מאַטעריעלע לאַגע, האָט זיך צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אַביסל אויסגעבעסערט. זיין טיש האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַרומגערינגלט מיט פּאַריזער יינגערע און עלטערע שרייבער, וואָס זענען דאָ אַריינגעקומען לייענען זייערע פרישגעשאַפענע ווערק און הערן אַ מיינונג. אָבער מיט אַ שווער האַרץ שרייב איך אויף די שורות : וועוויאָרקעס ליטעראַרישער פרילינג האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן — די מלחמה איז אויסגעבראָכן און אַלץ צעשטערט, ווי ביי פיל אַנדערע יידישע שרייבער.



סוף מאַי 1940 האָב איך זיך מיט וועוויאָרקען געזעגנט. איך בין אַוועק אין דער פּוילישער אַרמיי. מיט טרערן אין די אויגן האָבן מיר זיך געדריקט די הענט און געוואונטשן, מ׳זאָל זיך ווי אַמשנעלסטן ווידער צונויפטרעפן און פאָרזעצן אונזערע אַרבעטן, אונדזערע צונויפקומען און ליטעראַרישע שמועסן.

אין נאָוועמבער 1941, ווען איך בין אַהיימגעקומען פון קריגס־געפאַנגענשאַפט־לאַגער, האָב איך זיך דערוווסט, אַז וועוויאָרקע מיט זיין גאַנצער משפחה געפינט זיך אין דער „פרייער זאָנע“. אין 1940 האָט ער פאַרלאָזט פּאַריז. געלעבט אַ שטיקל צייט אין מאָנטאַבאַן און נאָכדעם אַריבער קיין ניצע (ניס).

איך האָב אים גלייך איבערגעשיקט אַ קאַרטל און באַקומען אַ תשובה :

„ליבער ווייץ !

פון איין זייט האָט אונדז שטאַרק געפרייט אייער אַרויסבאַקומען זיך פון געפאַנגענשאַפט, פון דער צווייטער זייט זענען מיר אַלע דאָ אומרואיק וועגן אייער גורל . . . מיר ראָטן אייך צו קומען קיין ניצע. מיר האָבן דאָ אַ ליטעראַרישע סביבה : איך, ח. אַראָנסאָן, ז. דיאַמאַנט, י. כ. קלינגער און אַנד. מיר פּלאַנירן צו פאָרן קיין אַמעריקע דורך פּאָרטוגאַל.

זייט געזונט און האַרציק געגריסט פון אַלעמען.“

אייער : וו. וועוויאָרקע (ניצע)

און מיר איז בשום אופן דעמאָלט נישט געקומען אויפן גע־דאַנק, אַז דאָס איז געווען וועוויאָרקעס לעצט קאַרטל צו מיר . . .

דעם 14טן יוני, 1945 בין איך אַהיימגעקומען פון קאָנ־צענטראַציע־לאַגער. זיך נאָכפרעגנדיק אויף וועוויאָרקען, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז וועוויאָרקע איז צוזאַמען מיט זיין פרוי און טעכטער דעפּאָרטירט געוואָרן אין אָקטאָבער 1943 און נאָך ביז איצטער נישט צוריקגעקומען, ווי אַ סך אַנדערע יידישע שרייבער און קינסטלער.

נאָך ביז איצטער קען איך זיך דאָס נישט פאָרשטעלן, אַז ווען מען וועט אַדורכשפּאַנען דעם „פּלאַץ דע לאַ רעפּובליק", די קאַפע „טענגען", וועט מען אים מער נישט טרעפן...

נאָך ביז איצטער איז מיר שווער צו גלייבן, אַז ווען איך וועל זיך באַווייזן אויף דער שוועל פון וועוויאָרקעס „ליטע־ראַרישער שטוב" וועל איך אים נישט טרעפן זיצן ביים טיש בלעטערנדיק אַ בוך, אָדער שמועסנדיק מיט קאָלעגן . . .

און איך בין אַוועק אין וועוויאָרקעס אַמאָליקער וווינונג.

איך קום אַריין. די „ליטעראַרישע שטוב" איז אויפגע־פּרישט. דאָ וווינט וועוויאָרקעס טאָכטער אסתר. די איינציק לעבן־געבליבענע פון די דריי טעכטער. נישטאָ וועוויאָרקע ביים טיש... בלויז אויפן קאַמין שטייען זיינע פּאָרטרעטן. נישטאָ מער אויף דער וואַנט דאָס „שטיל לעבן" פון אסתר קאַרפּ. נישטאָ מער די מעטאַפּלאַסטישע אַרבעט פון א. מערזער „דאָס לויפנדיקע הירשעלע", וואָס איז ווי אַ סימבאָל פון יידישער וואַנדערונג דאָ געווען פאַרקערפּערט אויף דער וואַנט. דאָס איינציקע, וואָס איז דאָ יאָ געבליבן— מיט מסי־רת־נפש אָפּגעהיטן פון וועוויאָרקעס טאָכטער, איז וועוויאָר־קעס שענקל ביכער. איך לאָז מיך צו צום שענקל, ווי אַ פרו־מער ייד צו אַן אָרון־קודש . . . איך טרעף אונדזערע קלאַסי־קער אין פראַכטבאַנד ווי אַמאָל. איך דערקען די אותיות. נאָך פאַר דער מלחמה האָט מיין בליק גערוט אויף זיי. מיין איינד־רוק איז, אַז זיי דערפרייען זיך מיט מיר, וואָס מיינע אויגן זענען נישט אויסגעלאָשן געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און איך קען ווידער אויף זיי קוקן . . .

איך נעם אַרויס פון שענקל וועוויאָרקעס ביינע בענדער. איך בלעטער און קוק מיט פרייד אויף די נעמען פון זיינע העלדן, ווי אויף צוריקגעפונענע יידן. אַ גאַנצע גאַלעריע וועוויאָרקעס טיפּן דרייען זיך פאַר מיינע אויגן: היימישע ווילע יונגען, פּראָווינצער ווייבער, פּאַריזער „פּאַמאַלניקעס", די פּעסימיסטקע, דער דיכטער וואָס פאָרט קיין שפּאַניע, מאַ־ניע פון „הונגער", דער מאָלער פּערסקי, מאַדאַם מאַרעטעק, גאָלדמאַן דער הויפּטהעלד פון „צווישן צוויי וועלטן" און נאָך אַנדערע. איך לייען אַ נאָוועלע נאָך אַ נאָוועלע און קוויק זיך מיט דער לייכטקייט פון וועוויאָרקעס פיינעם סטיל. כאָטש מיין קאָפּ איז מיר אַזוי שווער...

די אַלע דאָ אויסגערעכנטע און נישט אויסגערעכנטע העלדן פון וועוויאָרקעס שאַפונגען, זענען אימיגראַנטן, אויסגעוואַנ־דערטע יעדער מיט זיין חלום פון מזרח קיין מערב. איינער איז געקומען מיט דער אילוזיע צו ווערן רייך, אַ צווייטער מיט אַן אינערלעכן דראַנג צו ווערן אַ קינסטלער. און וועוויאָרקע קען ביידע זשאַנערן פון זיין טיפּאַזש אויסגעצייכנט, און האָט זיי גלייך ליב. ער באַשרייבט זיי מיט אַ דינעם שמייכל אויף די ליפּן פון אַ סאַטיריקער, אַ רעאַליסט, אָבער נישט אַלעמאָל געלינגט וועוויאָרקען אַרויפצופירן זיינע העלדן אויפן וועג פון קינסטלערישע שלימות. טיילמאָל בלייבט זיין סיזשעט נישט אינגאַנצן אויסגענוצט.

וועוויאָרקע איז געווען שטאַרק נתפעל פון מאָפּאַסאַנען. אָפטמאָל בעת אַ געשפּרעך מיט אַ יידישן שרייבער, האָט ער דערציילט און איבערדערציילט די סיזשעטן פון מאָפּאַסאַנס נאָוועלן, וואָס האָבן אים פאַרכאַפּט. עס האָט זיך ביי וועוויאָר־קען געפילט אַ דראַנג צו דערגרייכן די מדרגה פון יענעם פראַנצויזישן גרויסן מייסטער פון דער קורצער נאָוועלע.

זיינע יידישע אינספּיראַטאָרן זענען געווען: אַברהם רייזען און יונה ראָזענפעלד. פון ערשטן האָט וועוויאָרקע איבערגע־נומען דאָס גראָטעסקע, דאָס טראַגיש־קאָמישע, וואָס קומט צום אויסדרוק אויף אַ געלונגענעם אופן אין אַ גאַנצע ריי וועוויאָרקעס שאַפונגען. פון צווייטן, פון יונה ראָזענפעלדן, האָט וועוויאָרקע איבערגענומען דעם דראַנג צו פּסיכאָלאָגישע עטיודן, וואָס כאָטש דאָס לעצטע איז אים ווייניקער געלונגען, טרעפט מען פונדעסטוועגן ביי אים שפּורן פון פיינע פּסיכאָ־לאָגישע אַנרעגונגען.

איך ווייס, אַז וועוויאָרקע האָט געהאַלטן אין שרייבן אַ ראָ־מאַן א. נ. „רחלע". געלייענט האָט ער מיר עטלעכע קאַפּיט־לעך אין יאָר 1938. איך ווייס נישט צי דער ראָמאַן איז פאַר־ענדיקט געוואָרן. איך ווייס נאָר, אַז דער ראָמאַן האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַ ברייטער לייוונט און די ערשטע קאַפּיט־לעך, אָנגעהויבן אין אַ שטעטל אין פּוילן, האָבן פאַרמאָגט יע־נעם נאַאיוון ראָמאַנטישן חן פון אַשס שטעטלדיקע שילדע־רונגען.

אין אַלגעמיין גענומען האָט וועוויאָרקעס שאַפן גע־פּעלט קינסטלערישע וויזיע. דעריבער איז ער שוואַכער אין די פּאַריזער דערציילונגען, וועמענס סיזשעטן ער האָט נישט איבערגעלעבט, נאָר זענען צו אים דערגאַנגען פון דרויסן, ווי אָפּגעריסענע, שנעל אויפגעכאַפּטע קלאַנגען. פיל שטאַר־קער איז וועוויאָרקע אין די שטעטלדיקע דערציילונגען, צו וועמענס העלדן ער איז געווען צוגעבונדן מיט לייב און לעבן. די שטעטלדיקע העלדן זיינע, ווי די פאַבולע פון זיינע דער־ציילונגען, זענען געקומען פון אינעווייניק. אָט איז וועוויאָר־קעס אַ ווינטער־בילד פון זיין נאָוועלע „דאָרפיש":

„. . . . האָט זי אַראָפּגעקוקט צום פענצטער, געזען גרויסע ווייסע פראָסט־בלומען, קאַלטענעוואַטע אייז־בערד הענגען אַראָפּ. זי האָט זיך משער געווען, אַז אין דרויסן, אויפן שאָ־סיי, פאָרן באַפּעלצטע פויערן מיט די קוטשמעס איבער די

אויערן. גלעקלעך פון די פויערישע שליטלעך קלינגען אין דער ווייסער וועלט אַריין."

די נאָוועלע איז קרעפטיק, ווייל אין וועוויאָרקען איז אויפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן אַ בענקשאַפט צו דער אַלטער היים און אַט־אָ די נאָסטאַלגיע געפינט איר תיקון אין עטלעכע פיינע נאָוועלן, צו וועלכע עס געהערט אויך: „דער ממזר" (ערשטער באַנד) און „היימישע קוואַס" (צווייטער באַנד).

איןביידע בענדער זענען פאַראַן נאָוועלן, וואָס שילדערן מיט אַן אייגנאַרטיקן קאָלאָריט, דאָס יידישע לעבן אין פאַריז.

דאָ, אין די דאָזיקע שאַפונגען, שפּירט מען מער די אָריגי־נאַליטעט פון וועוויאָרקען ווי דעם איינפלוס פון אַנדערע, ווי למשל פון אַברהם רייזען און יונה ראָזענפעלד.

אָט איז אַ פּאַסאַזש פון אַ סקיצע, „אויפן בולוואַר דע בעל־וויל" :

„ אַ הייסער זומערדיקער שבת־נאָכמיטאָג. אויפן גרויסן ברייטן בולוואַר דע בעלוויל, וואָס שיקט אַרויס פון זיך, ווי דינע אָדערלעך, קליינע שמאָלע געדרייטע געסעלעך, געדיכט־באַווינטע — שפּאַצירן יידן אין אַלטע גלאַנציקע שוואַרצע רעק, האַרטע קאַפּעליושן מיט פאַרפעצטע ראַנדן ; ווייבער מיט אַלטע צעקנייטשטע פנימער און אָן־צייניקע מיילער, זע־נען אויסגעפּוצט אין זיידענע בלוזקעלעך און ווייסע פאַר־טעכלעך. מ'שפּאַצירט גלאַט אַזוי לכבוד שבת."

דידאָזיקע פּיטאָרעסקע שילדערונג אַליין, איז אומשטאַנד צו באַווייזן וועוויאָרקעס קינסטלעריש אויג אויפצונעמען סצענעס, בילדער און מענטשן.

אויך די נאָוועלע „הונגער" אין ערשטן באַנד מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. עס איז נאָר פאַרדריסלעך, פאַרוואָס די נאָוועלע איז געגעבן אין פאָרם פון מאָנאָלאָג, דאָס שוואַכט אָפּ דעם איינדרוק פון די פיינע אָנגעוואָרפענע נשמה־שטריכן, פּסיכאָלאָגיש־קאָמפּליצירטע, וואָס קומען אין „הונגער" אַמ־שטאַרקסטן צום אויסדרוק, ווי אין אַנדערע וועוויאָרקעס שאַפונגען.

איך לייג אויף אַ ווײַלע אַוועק די נאָוועלן און צי אַרויס פון שאַנק אַ באַנד עסייען, וואָס וועוויאָרקע האָט זיי אַליין גע־זאַמלט. דאָס זענען צייטונגס־אויסשניטן מיט זאָרגפעלטיקייט אַרייַנגעקלעפּט אין אַן אַלבום. זיכער מיט דער כוונה אַמאָל צו קענען זיי אַרויסגעבן אין בוך־פאָרם.

זיין עסיי, ווי זיין נאָוועלע, לייענט זיך לייכט און אָנגענעם. ער באַמיט זיך צו זאָגן וועגן יעדן שרייבער דאָס סאַמע טרעפלעכסטע. און זאָגן זאָגט ער דאָס מיט גרויס ליבשאַפט. איך באַמערק אין זיין אַלבום עסייען וועגן י. י. זינגער, וועגן ב. שלעווינס בוך נאָוועלן „גרויע פּראָפילן".

און נאָכדעם ציט זיך דאָ אַ גאַנצע ריי עסייען איבער ש. ניגערס „מענדעלע", איציק מאַנגערס „חומש־לידער", פּאַ־פּיערניקאָווס „אָנוווקס", וועגן ז. סעגאַלאָוויטשן, וועגן בור־שטינס „טייכן פון מאַזאָוויע", י. י. טרונק, וועגן שלום־עליכמען, שטענצלס „עפּל", וועגן דער יידישער ענציקלאָפּע־דיע, „ייוואָ", וועגן סאָוויעטישע יידישע דיכטער, וועגן דניאל טשאַרני־בוך, דעם 15־טן יאָרצייט פון בעל־מחשבות, וועגן ה. לייוויקס 50־יעריקן יובילײ און אַהרן בעקערמאַנס „אַנאַ־טאָל פראַנס". און איך קום צו צום סאַמע לעצטן אַרטיקל, אַ שטיק סימבאָל איז דאָס, דער סאַמער לעצטער אַרטיקל אין אַלבום איז : שלום אַש — 60 יאָר אַלט. וועוויאָרקע איז גע־בליבן שטיין ביי אַשן, ווענען ער האָט ליב געהאַט מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה.

אין דעם לעצטן אַרטיקל זאָגט וועוויאָרקע :

„דער „תהילים־ייד", איז אַ שילדערונג פון דאָס ראַנגלען זיך פון דעם יידן קעגן דער פיינטלעכער וועלט און די זוכע־נישן זיך צו ראַטעווען אין די אַלטע טראַדיציעס, פאָרשטע־לונגען, סימבאָלן און לעגענדעס, וואָס זענען דורך יידישע איבערלעבונגען און דורות פון טויזנטער יאָרן געשאַפן גע־וואָרן."

און אָט גיט מיין האַרץ אַ ציטער . . . איך האָב דעם גאַנצן אַלבום אויסגעבלעטערט און געבליבן זענען מיר אין די הענט ווייסע ליידיקע בלעטלעך, ווי איך וואָלט געזען פאַר זיך וועוויאָרקעס פריצייטיק און טראַגיש־איבערגעריסן לעבן.

# פון ר. וועוויאַרקעס שריפטן

## היימישער קוואַס

.1

פינף און דרייסיק יאָר זענען שוין פאַריבער זינט מיסיע רובין האָט פאַרלאָזט זיין שטעטל. ער איז דורך דער צייט שוין אויסגעוועזן ווו די וועלט האָט נאָר אַ עק; ווי מען זאָגט קאַלטס און וואַרעמס, געווען שוין נישט איינמאָל נאָר טאַקע עטלעכע מאָל אי אַ שיינער גביר, אי אַ גרויסער קבצן. ער איז שוין געווען, מיסיע רובין, אויף אַזעלכע צרות, אַז ער האָט געמעגט מקנא זיין דעם הונט אויף דער גאַס. איצט איז אים ווידער גוט, אַזוי גוט, אַז ער מעג רעכענען דאָס די פּאָר יאָר וועלכע זענען נאָך איבערגעבליבן צו לעבן אויף דער וועלט, וועלן שוין זיין רואיקע, גוטע און צופרידענע.

מיסיע רובין איז אַ ייד אַ גביר. אַ חוץ אַ שיינע, גרויסע שניידער־אַטעליע, אין וועלכער עס אַרבעטן עטלעכע צענדליק מענטשן, פאַרמאָגט ער אויך צוויי גרויסע קאָנפעקציע־געשעפטן, אין וועלכע ס׳פאַרקויפט זיך די אויסאַרבעטונג טאַקע פון זיין אַטעליע. חוץ דעם האָט ער אויך נחת, מיסיע רובין; אַ שיינע, יונגע פרוי (פופצן יאָר יונגער פאַר אים), אַ הויכע און אַ שלאַנקע, דריי געראָטענע קינדערלעך, וואָס אַלע לערנען זיי זיך זייער גוט אין שולע. אויך אַביסל כבוד האָט ער, מיסיע רובין, ער איז פּרעזידענט אין גאַנצע דריי „סאָסיעטעס״ און ווען ער וויל זיך נאָר לאָזן אַריינשלעפּן, וואָלט ער געקענט זיין פּרעזידענט אין נאָך אַ פּאָר סאָסיעטעס, אָבער, ער וויל נישט, וואָרום ער איז זייער פאַרנומען, מיסיע רובין, ער האָט נישט קיין צייט זיך צופיל אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע זאַכן און ער יאָגט זיך אויך נישט אַזוי שטאַרק נאָך קיין כבוד.

ערשט אַנומלטן זענען געווען ביי אים צוויי יידן, וועלכע האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר זיינע לאַנדסלייט, זיי זענען פון שניאַדעווע האָבן זיי געזאָגט, און זיי ווילן דאָ אין פּאַריז גרינדן אַ שניאַדעוווער „סאָסיעטע״, ווו מען זאָל זיך קענען טרעפן מיט אַ היימישן, מיט אַ לאַנדסמאַן, זיך אַמאָל דערמאָנען אינם היים־שטעטל; האָט זיי רובין גאַנץ פיין משלח געווען, זיי געזאָגט, אַז ערשטנס איז ער זייער פאַרנומען, צווייטנס בענקט ער נישט אַזוי נאָך זיין היים־שטעטל...

און עס זענען טאַקע אמתביידע זאַכן, וואָס מיסיע רובין האָט געזאָגט די צוויי שניאַדעוווער יידן: עס איז אמת, אַז ער איז זייער און זייער פאַרנומען און עס איז אויך אמת אַז ער בענקט נישט נאָך זיין געבוירן־שטעטל.

ניין, מיסיע רובין בענקט נישט נאָך שניאַדעווע זיין געבוירן־שטעטל, ער האָט נאָך דעם קיינמאָל נישט געבענקט. זיין קינדהייט און זיין ערשטע יוגנט וואָס זענען פאַרבונדן מיט זיין שטעטל, זענען אַוועק אין הונגער, אין דחקות און אין נויט, ער בענקט נישט, ווי אַנדערע מענטשן אין זיין גראַד, נאָך די „גוטע זיסע קינדהייט״; אים דערמאָנט זי, די קינדהייט, בלויז ביטערניש: אַ בייזער, פאַרכמורעטער טאַטע, אַ פאַרוויינטע מאַמע... אפילו נאָך די שטילע, רואיקע שבתים אין דער אַלטער היים בענקט ער אויך נישט; אים דערמאָנען די דאָזיקע שבתים, נישט אין קיין שטילקייט און נישט אין קיין רואיקייט; אים דערמאָנען די שבתים אין דער היים קלעפּ און ביילן אויפן קאָפּ. פאַר נישט זיין אין שול ביי „קדושה״, פאַר וואַרפן שטיינער אום שבת און פאַר נאָך אַנדערע זאַכן.

און ווייל עס איז נישטאָ ביי מיסיע רובין דער דאָזיקער סענטימענט פאַר זיין אַלטער היים, חוזקט ער טאַקע אָפּ פון די, וועלכע האַלטן זיך שטענדיק אין באַקלאָגן, אַז אַ שטיקל קעלבערנע פליייש דאָ, קומט נישט צו דעם געשמאַקן קאַלבס־פליייש „אין דער היים״, אַז דאָס היגע ברויט זעטיקט נישט, ווי עס האָט געזעטיקט דאָס געשמאַקע היימשע ברויט, אַז די היגע פוטער און די מילך קענען זיך נישט פאַרגלייכן צום היימישן שטיקל פוטער און צום היימישן גלעזל מילך...

— פוסטע איינרעדענישן — זאָגט מיסיע רובין מיט ביטול — דאָס היגע קעלבערנע פליייש איז בעסער פאַרן היימישן, און דאָס ברויט איז בעסער, און די פוטער, און די מילך — אַלץ איז בעסער. רעדט זיך נאָר נישט איין, יידן, קיין נאַרישקייטן.

.2

איז ער הייסט עס, מיסיע רובין, באַפרייט אינגאַנצן פון דעם סענטימענט צו דער „אַלטער היים״, וואָס עס האָבן געוויינטלעך עלטערע עמיגראַנטן, וועלכע זענען שוין לאַנג אַוועק פון זייער געבורט־שטעטל. עס איז נישטאָ ביי אים, איז ער זיכער, קיין זכר פון אָט דעם דאָזיקן היים־ווייז; פונדעסטוועגן איז דאָ ביי אים אַ שטיקל אויסנאַם, איין זאַך, דאַכט זיך אים, איז יאָ געווען אין שטעטל אַזעלכעס, וואָס האָט געהאַט גאָר אַ באַזונדערן טעם, דאָס איז — דער היימישער קוואַס, אָדער, בעסער געזאָגט — דער קוואַס פון דער שילימטע...

ער איז אַ מבין אויף אַ גוטן טרינק, מיסיע רובן, און ער האָט שוין געטרונקען אַלערליי געטראַנקען, וואָס זענען פאַראַן: קאַלטע און וואַרעמע, מיט אַלקאָהאָל, אַזעלכע, וואָס מען טרינקט זיי דירעקט פון גלאָז און אַזעלכע, וואָס מען ציט

זיי דורך אַ שטרויעלע. און אַ גוט גלאָז שאַמפּאַניער דער־לויבט ער זיך אויך אַמאָל — און נישט איינמאָל, נאָר טאַקע גאַנץ אָפט.

אָבער — אַ מאָדנע זאַך: יעדעס מאָל, ווען מען טרינקט עפּעס, איבערהויפּט דעמאָלט, ווען ער שפּירט אַ שטאַרקן דורשט און ער האָט דערפֿאַר אַ הנאה פֿונם טרינק, קומט אים אויפֿן זינען אַלץ דערזעלביקער געדאַנק: — עס קומט נישט צו די שילימטעס קוואַס...

און וואָס עס איז נאָך מער חידוש — און עס וווּנדערט טאַקע שטאַרק מיסיע רובינען — איז דאָס, וואָס ער געדענקט אפילו נישט, וואָס פֿאַראַ טעם ער האָט געהאַט, דער דאָזיקער היימישער קוואַס. פרעגט אים בחרם, צי ער איז געווען זיס צי זויער — ער געדענקט נישט. אַלץ וואָס ער געדענקט איז,




אַז אַזאַ הנאה, ווי ער האָט געהאַט פֿון גלעזל קוואַס, וואָס ער פֿלעגט טרינקען אין זומערדיקע שבת־נאָכמיטאָגן ביי דער שילימטע, האָט ער נאָך אין זיין לעבן נישט געהאַט.

מיסיע רובין האָט שוין אַ סך מאָל געפּרוווט אָנשטרענגען זיין זכרון צו דערמאָנען זיך וואָסער טעם האָט געהאַט דער־דאָזיקער געטראַנק, נאָך וועלכן ער בענקט שוין אַזויפֿיל יאָרן. דאָס האָט זיך אים פֿאַר קיין פֿאַל נישט איינגעגעבן, זיין זכרון, וועלכער איז געוויינטלעך נישט קיין שלעכטער, וויל אים אין דעם פֿאַל נישט דינען... אָנשטאָט דעם טויכן אויף אין זיין געדעכעניש בילדער, מיט וועלכע אָט דער קוואַס איז פֿאַרבינדן...

...זומערדיקע שבת נאָכמיטאָגס, די היץ ברענט. די זון גליט אָן די שטיינער פֿון ברוק, די משופּעדיקע דעכלעך. איינעם מויל איז קלעפּיק און פּעט פֿון פּעטן טשאָלנט. יידן טרינקען טיי פֿון ערדענע באַניעס, מיט געדעמפּטע, מידע קולות און

אַ צעצויגענעם, שלעפּעריקן ניגון לערנען יידן מדרש. פֿונם לעבעלעכן טיי פּילט זיך אַרויס אַ טשאָלנט־ריח און פֿונם מדרש־ניגון קען מען פֿאַרנעמען אַ באַקלאָגן זיך, אַז עס איז שווער צו דערשלעפּן אַזאַ הייסן טאָג...

דאָס יונגוואַרג לאָזט איבער אין אַזעלכע הייסע, שבתדיקע נאָכמיטאָגס די טאַטעס ביים מדרש און די מאַמעס ביים טייטש־חומש, מען גייט צו דער שילימטע, אַ יידענע, אַן אלמנה, מיט אַ פּאַרצייטישע קופּקע אויפֿן קאָפּ, וואָס דערנערט זיך מיט אירע צוויי שיינע טעכטערלעך, טאַקע נאָר פֿון דעם גוטן קוואַס, וואָס זי מאַכט, אָט דער קוואַס, וועלכן ער, מיסיע רו־בין, קען נישט פֿאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג און ס'דאַכט זיך אים, אַז ער וועט אים שוין קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן, כאָטש זיין טעם קען ער זיך פֿאַר קיין פֿאַל נישט דערמאָנען...

3

ווי ס'וואָלט אַרויסגעקראָכן פֿון עפּעס אַן אינעווייניקסטע באַהעלטעניש טיף־טיף אין אים, שווימט אויף צו דער אויבערפֿלאַך פֿון זיין זכרון אַ בילד:

...ביי דער שילימטע אין אַלקערל, די לאָדנס זענען פֿאַר־מאַכט ווייל די זון ברענט, באַקט אָן רחמנות. כמעט דאָס גאַנ־צע יונגוואַרג פֿון שטעטל איז דאָ פֿאַרזאַמלט. מען זיצט אויף די שטולן, אויפֿן טיש און אפילו אויפֿן אייזערנעם בעטל, דאָס פֿיין־פֿאַרבעטע און מיט אַ ווייס ליילעך צוגעדעקט, אין וועלכן עס שלאָפֿן דער שילימטעס צוויי טעכטערלעך, זעל־דע און כאַוועטשע... די מיידלעך פֿאַרען זיך דאָרט ערגעץ אין צווייטן חדר, שווענקען איבער די גלעזער פֿון קוואַס און דאָ גייט דערווייל אַ שפּאַרעניש: ווער פֿון זיי ביידע איז שענער...

בשעת דאָס בילד טויכט־אויף אין אים מיט אַזאַ קלאָרקייט, זעט רובין פֿאַר די אויגן ביידע שוועסטער, גענוי ווי זיי האָבן אויסגעזען, און ער קען טאַקע היינט נישט געבן קיין קלאָרן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע: ווער פֿון די ביידע איז שענער, צי זעלדע, די שוואַרץ־חנעוודיקע, מיט דעם שיינעם דינעם מיילכל און די בריענדיקע אויגאַנעס, ווי צוויי גלי־ענדיקע קוילן, אָדער כאַוועטשע, די שיינע, שלאַנקע בלאָנדינ־קע, מיטן מילך־פּנים, מיט די בלויע אויגן, וואָס זיי קוקן אויף אימיצן, דאַכט זיך, אַז זיי פֿרעגן עפּעס אַזעלכעס, אויף וואָס מען קען קיין ענטפֿער נישט געבן...

די שילימטע מיט אירע צוויי שיינע טעכטערלעך האַלטן אין איין דערלאַנגען פֿלעשער קוואַס פֿונם קילן קעלער אַרויס און חברה טרינקט געשמאַק, מען עפֿנט די פֿלאַשן מיט אַ קנאַק, מיט אַ שאַס און די פֿלאַש לויפֿט־איבער מיט אַ שוים. נישט ווייניקער שוימיק זענען די הילכיקע געלעכטערס פֿון פֿריילעכן יונגוואַרג. דער קוואַס איז שניידיק קאַלט, ער קילט אָפּ פֿון דער ברענענדיקער חמימה און לעשט דעם דורשט; און די אויגן פֿון די צוויי מיידלעך בריען און דערוואַרעמען. אָבער דאָס בריען פֿון די מיידלעכס אויגן איז נישט ווייניקער אָנגענעם, ווי די קילקייט און דאָס לעשן דעם דורשט פֿון קוואַס...

אַ סברה, אַז מען קומט קוקן אויף דער שילימטעס צוויי שיינע טעכטער און זיך אונטערהאַלטן מיט זיי, נישט ווייניקער ווי טרינקען דעם גוטן קוואַס. די שילימטע ווייס דערפון, און עס ווייטן דערפון אויך אירע צוויי שיינע טעכטערלעך; אָבער סיי דער מוטער, סיי די טעכטער אַרט עס נישט, וואָרום נישט נאָר בעלי־מלאכות, בהורים פון נידעריקן שטאַם קומען אַריין צו דער שילימטע טרינקען קוואַס, עס קומען אַריין אויך באַלעבאַטישע קינדער. אַפילו דעם רבס זונדל, וואָס האָט זיך גאָר פלוצים מיישב געווען און האָט אויסגעביטן די אַלטע קלוגע ספרים אויף עפּעס נייע ביכלעך — אַפילו ער קומט אַריין שבת נאָכמיטאָג צו דער שילימטע טרינקען קוואַס. און ביי דער מאַמען וואַקסט טאַקע דאָס האַרץ פאַר פרייד, ווען דאָס איידעלע רבנישע בחורל הייסט זיך דערלאַנגען אַ פלאַש קוואַס און ער נעמט דערביי אויס אַ תנאי:

— אָבער זי, כאַווטשעלע, מוזן מיר העלפן טרינקען.

זי ווייסט, שילימטע, (די גאַנצע שטאָט ווייסט עס), אַז דער רב האָט שוין געפּאַטשט זיין בחורל דערפאַר, וואָס ער גייט אין דעם „קיטל־הויז". דערביי האָט דער רב גערעדט נאָך מיאוסע ווערטער אויפן חשבון פון אירע טעכטער... די שילימטע, ווען זי האָט געהערט, האָט געוואָלט גיין אויסהאַקן אַלע שויבן ביים רב און אַז מען האָט זי קוים מיט צרות דערפון אָפּגעהאַלטן, האָט זי געזאָגט, אַז גאָט, וואָס איז „אַ טאַטע פון יתומים און אַ ריכטער פון אלמנות", וועט זיך אָננעמען איר קריוודע.

אָבער נישט נאָר דער רב — אין גאַנצן שטעטל האָט מען גערעדט וועגן די שבת־נאָכמיטאָגדיקע צוזאַמענקונפטן ביי דער שלימיטע.

די שאַרפע גערער חסידים, ווען זיי זענען אַדורכגעגאַנגען דעם מאַרק און געזען פון דערווייטנס דאָס ווייס־אָפּגעקאַלכטע הייזל מיט די פאַרמאַכטע לאָדנס, האָבן געזאָגט גאָר פשוט און פראָסט:

— אָט דאָרט ברענט אַ פייער...

וואָס מען האָט נישט אַלץ געזאָגט וועגן אָט די שבת נאָכמיטאָגס ביי דער שילימטע. מען האָט געמורמלט, אַז ווען עס ווערט די בחורימלעך אַביסל הייס, וואַרפט מען אַראָפּ די היטלעך פון די קעפּ. אַנדערע האָבן אַפילו געוואָלט זאָגן, אַז דער קוואַס ווערט פאַרקויפט, נישט נאָר אויף קרעדיט, נאָר טאַקע פאַר באַרעס געלט. זי, די אַלמנה, האָט עס געהייסן, נעמט טאַקע נישט קיין געלט אום שבת, אָבער אירע טעכטערלעך נעמען שוין יאָ. נאָך אַנדערע האָבן אויך געוואָלט זאָגן, אַז מען רויכערט דאָרט אפילו אום שבת; אָבער דאָס, אויף וויפל מיסיע רובין גערעדנקט, איז געווען נישט אמת. איין איינציק מאָל האָט געטראָפן, אַז אַ בחורל אַ טאַטנס קינד (דאַכט זיך, אַז עס איז געווען טאַקע דעם רבס זונדל), האָט געפּרוּווט פאַרויכערן אַ פּאַפּיראָס, אָבער אַז די שילימטע איז אַריינגעקומען און דערפילט אַ רויך אין שטוב און זי האָט געזען, ווי עס רויכערט יענעם פון אַרבל אַרויס, גלייך דער אַרבל וואָלט געווען אַ קוימען, האָט זי געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז זי וויל נישט אַזעלכע זאַכן זאָלן פאָרקומען ביי איר אין שטוב, מען רעדט שוין אין שטאָט גענוג אַלדאָס בייז אויף איר.



די דאָזיקע שבתדיקע נאָכמיטאָגס זענען דער איינציקער ליכטיקער שטראַל, וואָס קוקט צו אים אַרויס פון זיין גרויער קינדהייט אין יוגנט און זיי ווערן אויפגעלעבט אין זיין זכרון, יעדעס מאָל, ווען ער שטילט זיין דורשט מיט וואַסער געטראַנק עס זאָל נישט זיין און ער טראַכט זיך בשעת מעשה אַז צו דער שילימטעס קוואַס קומט עס נישט. עס פאַרדריסט אים נאָר, פאַרוואָס ער קען נישט אַרויסרופן אין זכרון דעם טעם, וואָס ער האָט געפילט, טרינקנדיק דעם גוטן קוואַס פון דער שילימטע, דעם געטראַנק, וואָס אין די גאַנצע פינף און דרייסיק יאָר פון זיין וואַנדערן איבער דער וועלט האָט ער נאָך אַזאַ גוטן טעם נישט געפילט און ער גלייבט אַז ער וועט שוין נישט פילן.

4.

מיסיע רובין האָט באַשלאָסן, דאָס ערשטע מאָל נאָך פינף און דרייסיק יאָר זיין אַוועק פון דערהיים, אַהיימצופאָרן היינטיקן זומער אויף אַ פּאָר וואָכן.

און כדי דאָס זאָל נישט אויסזען ווי אַן אָפּלייקענונג פון דעם, וואָס ער פאַרזיכערט שטענדיק, אַז ער איז אינגאַנצן פריי פון דעם סענטימענט צו זיין געבוירן־שטעטל, וואָס מען רופט אים „היים־וויי" — פאַרזיכערט מיסיע רובין, אַז נישט דערפאַר ווייל זיין היים־שטעטל לאָקט אים אַזוי נעמט ער אונטער זיין רייזע, נאָר ווייל ער וויל זיך זען מיט זיין אַלטער אַכציק־יאָריקער מוטער. זי בעט אים, די מוטער, אין יעדן בריוו אירן, אַז זי וויל אים נאָך זען פאַרן טויט און ער אַליין וויל זי טאַקע אויך זען.

דאָס איז אַלץ, פאַרזיכערט מיסיע רובין, וואָס האָט אים געבראַכט צום באַשלוס אַהיימצופאָרן.

מיסיע רובין האָט זיך געשלעפּט עטלעכע מעת־לעת אויף באַנען אַהיים, צו זיין שטעטל. ער האָט זיך דעם גאַנצן וועג נישט געפילט קיין יום־טובדיקער. זיין מוח איז געווען פאַרנומען מיט געשעפטן: בריוו, וואָס ער דאַרף שרייבן פון וועג, אַ טעלעגראַמע צום ווייב, זי זאָל נישט פאַרגעסן צו צאָלן דעם צוועלפטן אַ וועקסל און נאָך אַנדערע געשעפטלעכע ענינים. אויף אַ סטאַציע ווו דער צוג האָט געדאַרפט שטיין אַביסל לענגער, איז ער טאַקע אַראָפּגעגאַנגען, מיט דער דעה צו דערליידיקן די אַלע זאַכן. אָבער פאַרבייגייענדיק דעם בופעט, האָט ער זיך אין איין וועג דערמאָנט אַז ער איז זייער דורשטיק און ער האָט זיך געהייסן געבן אַ פלעשל לימאָנאַד. דער לימאָנאַד איז געווען

קאַלט און ער האָט זיך מיט אים דערקוויקט, אָבער אינגאַנצן זיין שטאַרקן דורשט האָט ער נישט געשטילט. מיסיע רובין האָט ערשט נאָכן לימאָנאַד נאָכגעטרונקן אַ גרויסע קופּלע ביר — אויך גאַנץ נישקשהדיק ביר, און בשעת ער האָט גע־טרונקען דאָס ביר איז אים איינגעפאַלן, אַז ס'וואָלט געווען אַ שיינע זאַך, ווען ער קריגט אַצינד אין דער היים צו טרינ־קען דעם היימישן קוואַס, דער שילימטעס קוואַס. און אַצינד האָט זיך אים שוין אויף אַ ווײַלע אויסגעדאַכט, אַז ער דער־מאָנט זיך דעם טעם פון יענעם געשמאַקן געטראַנק, נאָך וועלכן ער בענקט.

די רעשט וועג, וואָס ער איז געפאָרן, האָט רובין פּריש איבערגעלעבט בילדער און סצענעס ביי דער שילימטע אין שטוב, אין הייסע, זומערדיקע שבת נאָכמיטאָגס. די בילדער זענען דאַסמאָל אַרויסגעטראָטן אין זיין זכרון מיט אַ מאָד־

5.

עס איז געווען אַ שמחה אין שטעטל ווען מיסיע רובין איז אָנגעקומען. די צוויי שטיבלעך ביי זיין מוטער, וועלכע האָבן אויסגעזען פונקט אַזוי ווי ער האָט זיי איבערגעלאָזט, ווען ער איז מיט פינף און דרייסיק יאָר צוריק פון דערהיים אַוועק, זענען געווען פול מיט מענטשן. די אַלטע מאַמע האָט אים געגלעט, ווי מען גלעט אַ קליין קינד און מיט אַ צי־טערדיק קול האָט זי אַלץ אינאיינעם געהאַט צו אים די איינע טענה :

— פאַרוואָס האָסטו דיין ווייב נישט מיטגענומען ? זי איז דאָך אויך מיין קינד.

יידן מיט גרויע בערד און איינגעדאַרטע ווייבער, זיינע ברידער, שוועסטערס, שוואָגערס און שוועגערינס, האָבן



זיצן פון רעכטס אויף לינקס : ז. דיאַמאַנט, וו. וועוויאָרקע, א. ב. צעראַטאַ, א ווייץ
שטייען פון רעכטס אויף לינקס : מ. דלוזשנאָווסקי, י. קלוגער, א. בעקערמאַן

נער שאַרפקייט און קלאָרקייט. עס האָט אים עפּעס אַזוי אויסטערליש געגנאָגט ביים האַרץ, און עפּעס אַזוי הייס איז אים געווען, כאָטש אין דרויסן איז גראָד געווען אַ לינדער טאָג. און אַ דורשט, אַ שרעקלעכן דורשט האָט ער געשפּירט דעם גאַנצן וועג. אָבער — וואָס עס איז נאָך מער מאָדנע — ער האָט אַצינד גאָר קיין חשק נישט געהאַט צו טרינקען, וואָרים עס איז געווען ביי אים עפּעס אַזאַ געפיל, אַז קיין שום געטראַנק וועט אים צינד נישט לעשן זיין שטאַרקן דורשט. יאָ, ער האָט אַליין געלאַכט פון זיין נאַרישקייט — עס איז געווען ביי אים אַ באַוווסטזיין און אַ זיכערקייט, אַז ווען ער טרינקט אַצינד אַ פּאָר גלעזלעך פון דער שילימ־טעס קוואַס, וואָלט דער דורשט פון אים אַוועק . . .

געהאַלטן אין איין צופירן אים קינדערלעך, אויסגעשמירטע, מיט צעשראָקענע אייגעלעך :

— דאָס איז מיין משהלע, ער הייסט נאָכן טאַטן עליו־השלום.

— און ווי געפעלט דיר עפּעס מיין מינדעלע ? זאָלסט זען ווי שיין זי שרייבט שוין.

עס זענען געקומען יידן מיט צעקאָשמעטע בערד, וועלכע האָבן רובינען דערמאָנט, אַז זיי האָבן מיט אים צוזאַמען געלערנט אין חדר ; ס'איז געקומען זרח מלמד, אַ זקן פון קרוב ניינציק יאָר, וועלכער האָט מיט אַ ציטערדיק קול געהאַלטן אין איין טענהן :

— איי, האָב איך אים געקאַטעוועט, כ׳האָב אים אַזוי לאַנג געקאַטעוועט, ביז כ׳האָב געמאַכט אַ לייט פון אים.

מיסיע רובין האָט זיך מיט קיינעם נישט געפרייט, זיך אויף קיינעם נישט אומגעקוקט. פון יוצא וועגן האָט ער די קינדערלעך אַ גלעט געטון איבער די קעפּלעך, אַריינגעשטופּט זיי אַ פּאָר מטבעות אין די הענטלעך אַריין. די קינדערלעך האָבן פאַרשעמט זיך געקווענקלט און די מאַמעס האָבן זיי אונטערגעגעבן קוראַזש :

— נעם, נאַרעלע, ס׳איז דאָך אַ פעטער, דער פעטער גאָדל פון פּאַריז.

ער איז געווען נערוועז, מיסיע רובין, נערוועז און אומרואיק, כאָטש ער האָט פאַר קיין פאַל נישט געקענט זאָגן, וואָס און וועמען ער זוכט. אָבער עפּעס אַ טונקעלע אַנונג האָט ער געהאַט, אַז עס פעלט אים דאָס וויכטיקסטע צו וואָס ער איז אייגנטלעך אַהערגעקומען . . .

עס איז רובינען מיט איינמאָל הייס געוואָרן, שרעקלעך הייס, און ער האָט געטראַכט, אַז ווען די אַלע מענטשן גייען אַוועק און לאָזן אים צורו, וואָלטן זיי אים געטון אַ גרויסע טובה. אָבער קיינער האָט זיך גאָרנישט געקליבן אַוועקצוגיין. פאַרקערט, ס׳האָבן ערשט פרישע מענטשן געהאַלטן אין איין קומען. מיסיע רובין האָט געזען אַז אין דער צווייטער שטוב פּאָרעט מען זיך ביים קאָכן טיי. און ערשט אַצינד האָט ער דערפילט אַ שרעקלעכן דורשט און עס האָט אים עפּעס געקרייצט דאָס פּאָרען זיך דאָרט אין דער קיך ביים טיי, וואָרים ער האָט געפילט מיט אַזאַ קלאָרער זיכערקייט, אַז מיט קיין טיי קען מען דעמדאָזיקן דורשט נישט לעשן...

— אפשר קען מען קריגן אַ טרונק — האָט ער געפרעגט — עפּעס אַ קאַלטן טרונק ?

עס איז געקומען אַן ענטפער פון דער קיך, אַז שוין דערלאַנגט מען טיי. רובינס גאַנצע נערוועזקייט און אומצופרידנקייט האָט זיך אַצינד אָפּגעשפּיגלט אויף זיין פּנים. ער האָט פלוצלינג אַ פרעג געטון :

—די שילימטע, וואָס האָט געמאַכט קוואַס, לעבט נאָך ?

— זיך דערמאָנט — האָט די אַלטע געענטפערט מיט אַ קרעכץ — שוין לאַנג אויף דער אמתער וועלט, אונז צו לאַנגע יאָר.

רובין האָט זיך טיף פאַרטראַכט, אָבער זיין געדאַנק איז געווען אַ פאַרנעפּלטער און נישט קלאָרער, און אַזוי אין זיין פאַרטראַכטקייט האָט ער זיך אָנגערופן :

— גוטער קוואַס געווען ביי איר. כ׳האָב נאָך אַזאַ קוואַס אין ערגעץ נישט געטרונקען.

— נו, דעם קוואַס מאַכט איר איידעם, הערש־לייב, טאָמער ווילסטו, קען מען אַריינגעמען אַ פלעשל קוואַס.

און נישט וואַרטנדיק אויף זיין ענטפער, האָט די מוטער מיט אַ ציטעריק קול זיך געווענדעט צו אַן אייניקל :

— גיי, טאָכטערשי, אַריבער צו הערש־לייב דער שילימטעס נאָך אַ פלעשל קוואַס.

איידער מיסיע רובין האָט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, איז שוין אין שטוב אַריינגעקומען אַ הויכע יידענע, אין אַ בלאָנדן פּאַרוק. זי האָט געהאַלטן אין ביידע הענט צוויי פלאַשן קוואַס, וועלכע זי האָט אַנידערגעשטעלט אויפן טיש. זי איז צוגעגאַנגען נאָענט צו רובינען, מיט דער דעה, זיך גאָר, גאָר פריינטלעך צו באַגריסן מיט אים, אָבער אַז זי האָט געזען די אויסטערלישע פאַרוואונדערטקייט, מיט וועלכע רובין קוקט אויף איר, האָט זי זיך אָנגערופן אַ לאַכנדיקע און איר שטים איז צעגאָסן און האָט רובינען שרעקלעך געגרילצט אין די אויערן :

— וואָס קוקן זי אַזוי אויף מיר — האָט די הויכע יידענע געפרעגט און רובינען האָט זיך אויסגעדאַכט אז איר קול איז געווען געשפּאָלטן — זי דערקענען מיך טאַקע נאָך אַלץ נישט ?

באַלד האָט זי גערעדט צו דער שטוב :

— גלייבטס מיר, ער דערקענט מיך נישט. איך אים האָב באַלד דערקענט.

מען האָט רובינען געזאָגט, אַז די הויכע יידענע איז כאַוועשע, דער שילימטעס יינגערע טאָכטער ; מען האָט אים דערציילט אַז די עלטערע טאָכטער, זעלדע, האָט חתונה געהאַט פון גראָדזיסק, ווו זי מאַכט אויך קוואַס, דעמזעלביקן קוואַס וואָס איר מוטער האָט געמאַכט. מען האָט אים דערציילט נאָך פאַרשידענע אַנדערע נייעסן פון שטעטל. אָבער ער האָט שוין כמעט גאָרנישט געהערט, מיסיע רובין. ער האָט זיך געפילט אָפּגענאַרט. גאָר שטאַרק אָפּגענאַרט. שוין דאָס, וואָס מען ווייזט אים אָט אַזאַ יידענע, און מען וויל אים איינרעדן אַז דאָס איז כאַוועשע ,איז גענוג גרונד פאַר אים, ער זאָל זיך פילן אָפּגענאַרט, אָבער נאָך מער אָפּגענאַרט פילט ער זיך נאָכן אויסטרינקן אַ גלעזל קוואַס. דאָס זאָל עס זיין דערזעלביקער קוואַס פון אַמאָל, דער געטראַנק ,נאָך וועלכן ער האָט געבענקט אַזויפיל יאָרן ? אָט דער נודנער געטראַנק, פון וועלכן עס פילט זיך עפּעס אַזאַ זויערע ביטערקייט און אַזאַ טוכלער קעלער־ריח ? — ניין, מען נאַרט אים, אָדער — ער ווייס אַליין נישט וואָס צו טראַכטן . . .

מיסיע רובין איז געבליבן אין דערהיים נישט עטלעכע וואָכן, ווי ער האָט זיך געהאט פאָרגענומען, נאָר קוים דריי טעג. אָבער אויך די דריי טעג האָבן אים אויסגעוויזן אייביקייטן גאַנצע. אַוועקגעפאָרן איז ער מיטן געפיל, אַז די גאַנצע רייזע זיינע איז געווען אַן איבעריקע.

(פון בוך : „באָדנלאָזע מענטשן״, פּאַריז 1937)

# מוניע נאַדלער



געבוירן 1908 אין גאַליציש שטעטל גליניאַני, געלערנט אין חדר און אין ישיבה. מיטאַרבעטער פון דער אגודהשער פרעסע אין פוילן. אין 1932 אָנגעשלאָסן זיך אין דער פּראָגרעסיווער שרייבער־גרופּע אַרום דער „ליט. טריבונע". זינט 1934 — מיטרעדאַקטאָר פון דער „נייע פרעסע", געזעלשאַפטלעכער טוער. אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּאַריז — רעדאַקטאָר פון דער אומלעגאַלער יידישער פרעסע, אָרגאַניזאַטאָר פון ייד. אינטעלעקטועלע, דערשאָסן דעם 10־טן אויגוסט 1942. פאַרעפנטלעכט אין 1933 אַ בוך לידער, בעש"ט־סימפאָניע, איבערגעלאָזט אין מאַנוסקריפּט אייניקע לידער, דערציילונגען און אַ נישט־פאַרענדיקטן ראָמאַן.

י. ספּעראַ.

## פון גאָט צו מענטש

### (דער וועג פון מוניע נאַדלער)

שפּעט באַנאַכט.

דאָס זשומען און דער הו־האַ פון דער רעדאַקציע־מאַשין איז אָנטשטילט געוואָרן.

דאָס וואָרט נעמט איבער די דרוקעריי.

אַ גאַנצן נאָכמיטאָג האָבן מענטשן גערעדט, דיסקוטירט און געטראַכט. זייערע ווערטער און געדאַנקען האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן פּאַפּיר און איצט קומט דער לעצטער אַקט: טינט־ווערטער ווערן פאַרוואַנדלט אין בליי און מאָרגן וועלן זיי דערגיין צו די לייענער.

נאָר אַ פּאָר וואָכן, ווי איך בין נאַכט־רעדאַקטאָר פון דער „נייע פרעסע". ביי אונדז גיט מען דאָס נישט איבער אַזוי לייכט. קעניג, ראַיסקי, מוניע זענען שוין וועטעראַנען. איך בין נאָך אַן אָנהייבער און יעדעס מאָל פאַרן אַרויסלאָזן די צייטונג מוז איך האַלטן דעם לעצטן ישוב־הדעת.

כ'קוק זיך אַרום, קיינער נישטאָ. אַלע צעלאָפן. אָבער נייןן. עס איז דאָך אוממעגלעך, אַז אונדזער סעקרעטאַר זאָל אויך אַוועקגיין. כ'גיי אַרויף אויפן דריטן שטאָק און נאַטירלעך מוניע „פאַרענדיקט" זיין אַרבעט. אַט אַזוי פלעגט ער „פאַרענדיקן" פון דריי נאָכמיטאָג ביז צוועלף באַנאַכט. דאָס זענען געווען זיינע „פרייע" אָוונטן, ווען אַן אַנדערער איז געווען נאַכט־רעדאַקטאָר.

אָט אַזוי זיצט ער, מוניע נאַדלער, שטיל באַשיידן אין זיין ווינקעלע, נאָר זיין האַנט באַוועגט זיך און עס גיסן זיך פון זיין פעדער די קלאָרינקע, פּערלדיקע בוכשטאַבן וואָס די זעצער האָבן אַזוי ליב געהאַט צו זעצן.

ער שרייבט אַזוי לייכט און גלאַטיק, אַז ממש איך פאַרקוק זיך אויף זיין האַנט, עפּעס אַן עבירה אים צו שטערן אינמיטן, איבעררייסן זיין געדאַנקען־גאַנג. אָבער כ'דערמאָן זיך מיין בייזע „ערשטע זייט" און דעם מלאך־המותדיקן געשריי: „שורות" !

כ'רייס איבער אומגערן דעם סעקרעטאַר אין זיין אַרבעט.

מוניע הייבט אויף זיינע פאַרמאַטערטע אויגן, גיט אַ מידן און דאָך אַ צופרידענעם שמייכל און נעמט מיר דערקלערן און אַנווייזן. אָבער איך באַנוץ דאָ אַ צו האַרטן, קאַלטן ווערב „אַנווייזן". האָט דען געקענט מוניע אַנווייזן? האָבן דען די ווערטער „סובאָרדינאַציע־היראַרכיע" געקלעפּט צו זיין געשטאַלט.

פיגור און מאָראַלישן מהות ? נאַדלער האָט געקענט נאָר אַן ע צ ה געבן, רעקאָמענדירן, זאָגן : „עס איז ווינטשנסווערט — איך וואָלט געמאַכט אַזוי — ווען דו ווילסט מיך הערן” און נאָך אַזעלכע אַריינפירן, וועלכע זענען נישט ביי אים געווען מליצה־ווענדונגען, אָדער אויסגעלערנטע העפלעכקייט־באַנעמונגען, נאָר אָט אַזוי האָט מוניע גערעדט, ווייל אַ נ ד ע ר ש האָט ער נ י ש ט ג ע ק ע נ ט רעדן, ווייל טאַקע די נשמה־צאַרטקייט און ווייכקייט צו מענטשן איז געווען ביי אים דער זאַכלעכער אויסדרוק פון זיין גייסטיקער דערהויבנקייט און זעלטענער פשטות.

און אַזוי איז ער אַ גאַנצן טאָג געווען. פאַר אייגענע חברים, פאַר פרעמדע, באַזוכער, אַריינגייער, דורכגייער, נישט געבעטענע עצה־געבער און אומדערוואַרטעטע עצה־זוכער. ער פלעגט דאָס אויפנעמען די מענטשן, און אַזויווי אויפנעם־שעהן האָבן ביי אונדז קיינמאָל נישט עקזיסטירט און געסט האָבן קיינמאָל נישט געפעלט, איז אונדזער סעקרעטאַר געווען אומעטום.

נאָר אַ שמועס מיט מוניען, אַן עצה האַלטן זיך איז קיינמאָל נישט געווען אומזיסט. ביי אים האָט מען שטענדיק געפונען וואָס מען האָט געזוכט. ער איז געווען אַזוי ווי זיינע אַרטיקלען : פון אַלץ, וועגן אַלץ, איבער אַלעמען. און דערביי מיט וויסן, קענטעניש, אַ לייכטן וויץ און פּרעציזער אינפאָרמאַציע, אַ שיינעם וואָרטשפּיל און אַ טיפן געדאַנק, אַ הומאָרפולן אַפאָריזם און באַלערנדיקן ציטאַט. „נישט קיין סעקרעטאַר, נאָר אַ ברונעם”, פלעגן די חברים זאָגן וועגן אים. יעדער האָט געשעפּט וויפל ער האָט געוואָלט.

האָט מען געדאַרפט האָבן ליטעראַטור און קונסט, איז דאָך עפּעס מוניע געווען אונדזער לאַנגיאָריקער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר.

טעכניק, וויסנשאַפט און סתם „חכמת המעכאַניק”, איז דאָך מוניע געווען אַן אינזשעניער און טאַקע דאָ אין קאַנער אוניווערסיטעט געענדיקט.

און ווען מען האָט געוואָלט אַ גלאַנץ טון מיט אַ צוגעפּאַסטן פּסוק אָדער סתם אַ גוט ווערטל פון דער גמרא, אָדער גאָר אויסזוכן אַ תלמודישן אַרגומענט, וואָס מען זאָל קענען באַנוצן קעגן רעאַקציאָנערן קלער, נו, איז דען מוניע נאַדלער נישט אַרויס פון זייערע בעסטן, האָט ער דען נישט פאַרבראַכט דאָרטן זיינע יוגנט־יאָרן און גאָר פרי ווידערשפּעניקט דעם גאָט כדי צו העלפן דעם מענטשן ? ווער האָט נאָך געקענט אַזוי גוט די רעליגיעזע סביבה, אירע זיטן און מנהגים, די לערנער און פּאַסטער, ווי ער, מוניע, דער „יונגער אגודישער דיכטער”, ווי איך לייען אַרויס פון אַן אַלטער יידישער צייטונג אין פּוילן, וועלכע ליגט פאַר מיר פאַרגעלטערהייט (אַ גרויסן דאַנק אונדזער דאָקומענטאַציע־צענטער) און דערציילט וועגן גרויסן בונט, וואָס דער יונגער מוניע האָט אויפגעהויבן קעגן די אַמאָליקע אגודישע שררות.

אָבער ווען מען האָט געדאַרפט מאַכן אַ „געשמאַק קעפּל” צו אַ ידיעה, ס'זאָל זיין קורץ, גוט און אַלץ זאָגן און דערביי אויסשטעלן זיך אין שטאָלענעם קאָרסעט, האָט מען גערופן מוניען. ער איז געווען אַ בריה אויף קעפּלעך. דאָסזעלבע אויך מיט אַן עסטעטישער ערשטער זייט, אַ זייט פון דער צייטונג מיט וועלכער מען זאָל זיך שפּיגלען און [illegible], איז ער געווען דער באַרופנסטער פון אַלעמען. ער איז געווען אַן עסטעט און אַ פּאָעט, אונדזער פלאַמיקער רעוואָלוציאָנערער מוניע, אונדזער לאַנגיאָריקער רעדאַקציע־סעקרעטאַר.

סעקרעטאַר פון רעדאַקציע ! דאַכט זיך אַ פּראָזאַאיש וואָכנדיקער ראַנג ! אָבער נישט ביי אונדז און נישט מיט מוניען ! ביי אים איז דאָס געווען אַ הייליקע אַרבעט.

מיינט נישט אָבער, ווייטע און נאָענטע לייענער מיינע, אַז די אַלע אָנגעוואָרפענע מעלות און שטריכן פון מוניען האָבן געלייגט אַ ספּעציפישן שטעמפּל אויף זיין אויסערלעכקייט ; לאַנג אַרבעטן, פיל לייענען, אַ סך לערנען מאַטערט אויס און דער „דמותו וצלמו” — ווערט מערסטנטייל פאַרשרומפּן. איז שטעלט זיך פאַר, אַז מוניע נאַדלער איז געווען אונדזער „סאַלאָן־אַמבאַסאַדאָר”, דער אַריינגייער צו הויכע פּערזענלעכקייטן און עפּענער פון פאַרשלאָסענע טירן. אַלע אונדזערע שיינע רעפּאָרטאַזשן און גרויסע „געשפּרעכן מיט...” (ווו די פּערזענלעכקייט רעדט ווייניק און דער רעפּאָרטער שרייבט אַ סך) פלעגט מוניע צושטעלן און ער פלעגט דאָס פאַרמאָגן דעם אייגנאַרטיקן טאַלאַנט צו מאַכן רעדן, ווען זיי ווילן שווייגן, און פון זייער שווייגן און לייכטן אַקסל־צוק אַרונטערצולייענען גאַנצע דעקלאַראַציעס און עדות־זאָגעריי.

זייענדיק אַ יונגער אגודהניק און פאַרקערנדיק צווישן רביס און רבנים איז מוניע שוין געווען אַ וואָרט־טראָגער און פאַרשטעלער, שוין דאַן, ווען דער באַקאַנטער הרב שאַפּיראָ פון לובלין פלעגט האָבן צו טון מיט „מלכות”, און פאַרשטייט זיך נישט קענענדיק קיין צוויי ווערטער פּויליש, פלעגט ער אַרויסשטופּן פאַרויס דאָס יונגיטשקע סעקרעטאַרל, דאָס פייניקע שוואַרצהנעוודיקע בחורל מוניע: „פּאַן סעקרעטאַרזש רעפּערויע” און מוניע פלעגט שוין רעפּערירן און דערציילן אַלץ, וואָס דער רבי און מוניע האָבן געוואָלט.

אַ שיינער בחור געווען אונדזער נאַדלער און ווען די דייטשן האָבן געשאָסן פריער אונדזער אומפאַרגעסלעכן לירא־ראַלניקאָס און נאָכדעם מוניען, האָט זיך אַ קרעכץ דורכגעטראָגן איבערן יידישן פּאַריז : „צוויי שיינע דעמבן האָט די האַק אויסגעהאַקט” און דער יידישער וואַלד האָט דאַן אָנגעהויבן שיטער און שיטערער צו ווערן.

מיר, וועלכע האָבן פאַרבראַכט לאַנגע יאָרן צוזאַמען מיט מוניען, טעג און אָוונטן געזעסן טיש ביי טיש און געהאַט די פּריווילעגיע צו זיין אין קאָנטאַקט מיט אים ביז די סאַמע לעצטע טעג פון זיין לעבן, מיר האָבן שוין געקענט מוניען אַ פאַרטיקן רייפן מענטשן, וועלכער האָט שוין זיין וועג געפונען און מיט שנעלע טריט געגאַנגען פאַראויס. מיר האָבן גע־

זען מוניען דעם קעמפּפער, זשורנאַליסט און אינטעלעקטוע־לען. מיר וועלן שפּעטער אַביסל רעדן וועגן זיין זשורנאַליס־טישער אַרבעט. אָבער וועגן זיין גאָר יונגן לעבן, זיין גייס־טיקע אויספאָרמירונג און פ ו ן ו ו אַ נ ע ט ער איז גע־קומען צו אונדז און ו ו י אַ ז ו י געקומען, וועגן דעם וועל איך לאָז רעדן די מאַטעריאַלן און די פאַקטן, וועלכע זענען מעשה־נס פאַרבליבן און וואָס עס האָבן מיר דערציילט די זעלטענע מענטשן וועלכע האָבן אים געקענט פון דער אַל־



אונטן, רעכטס: מוניע נאַדלער אַלס קינד מיט זיין מוטער, שוועסטער און ברודער.

טער היים און דערהויפּט זיין איבערגעגעבענע לעבנסבאַגליי־טערין איידל.

אונזער העלד (ווי באַנאַל דאָס וואָרט קלינגט אין אַ לייאַדע ראָמאַן און תמימותדיק־ריין ער קלינגט דאָ!) איז געבוירן געוואָרן אין 1908 אין גליניאַני, אַ קליין גאַליציאַניש שטעטל לעבן לעמבערג. איך קוק אויף דעם פאַמיליען־בילד (דאָס יינגל מוניע, שוועסטער און מוטער), און די גאַנצע הכי־דיש־אָרטאָדאָקסישע אומגעבונג שווימט אַרויס פאַר מיינע אויגן. אַ ברודער וועלכער גרייט זיך אויף סמיכות הרבנות, מוניע אַליין קוויקט זיך מיטן טרוקן־שטרענגן תלמוד און דער גאַנצער א ר ו ם איז געמאָסטן, אָפּגעצאַמט און גאָט־פאַריגלט. קליין איז די בחירה און פאַטאַל איז די באַשערט־קייט און אין איינע פון זיינע פריסטע לידער זינגט מוניע:

„גאַרנישט הערט מען, גאַרנישט פילט מען און מען ווייסט נאָר, מען דאַרף אַ ברויט זיין פאַר די כוהנים אויף „שלוש סעודות".

און פון קינדהייט אויף האָט מען אים געלערנט:

„ווער בין איך דען אין אומענדלעכקייט? אַ ווערעמל בלויז — וואָס איז דען מיין לעבן אין אייביקייט? אַן אויגנ־בליק בלויז".

געדאַרפט האָט מוניע זיין ווי טויזנטער אַנדערע אויסגע־מושטירטע ישיבה בחורים, וועמען מען האָט איינגעהאַ־מערט, אַז אַלדאָס בייז קומט פון דער וועלט און אַלדאָס גוטס פון יענער וועלט. און די געדיכטן וועלכע כ'האָב ציטירט און אַרויסגענומען פון זיין „בעל־שם־טוב סימפאָניע" כאַראַק־טעריזירן אייגנטלעך דאָס וואָס מען האָט ג ע וו אָ ל ט פון מוניען מאַכן.

אָבער נישט קיין לייכטער טייג איז אונדזער נאַדלער גע־ווען. ער איז געגאַנגען אַ ז ו י ל אַ נ ג ווי זיינע אויגן זענען געווען אויפגעריסן צום הימל און נאָר פון דאָרטן גע־וואָרט ליכט, גליק און פרייד. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט אַז ליכט, גליק און פרייד קענען קומען פון דער ערד און נאָר פון דאַנעט, האָט מוניע נישט געוואַקלט זיך און זיין אויסוואַל געמאַכט.

זעקס יאָר פאַרן ערשטן וועלט־קריג האָט זיך אָנגעהויבן שפּינען זיין לעבן, דאָס איז געווען אַ צייט ווען וועלט־איבער־קערער און רעוואָלוציע־אָנזאָגער זענען געווען אומבאַוואָפנ־טע נביאים, ווי נביאים פלעגט מען זיי באַוווּנדערן און ווי אומבאַוואָפנטע פלעגן זיי אומקומען. זייער לערע האָט זיך נאָך ביי דער מאַסע נישט אָנגענומען און במילא קיין קראַפט נישט געוואָרן.

דערצו נאָך איז דאָס פאַרגעקומען אין עסטרייך אונטער דער ממשלה פון „מלך חסד" פראַנץ־יאָזעף דער דריטער. די יידן האָבן געלעבט אַ פאַרקאָנסערווירט לעבן און אַלע זיילן פון זייער געטאָ־בנין האָבן נאָך געוואַרט אויף זייערע שמשון־הגבורס, וועלכע זאָלן זיי צעטרייסלען. אָבער שוין דאַן האָבן יונגע נשמות געזוכט אַ תיקון און אומבאַוווּסטזיניקער־הייט צום באַוווּסטזיין געשטרעבט, געגאַרט נאָך אַ זין אין לעבן, נאָך אַ ב אַ ר ע כ ט י ק ו נ ג כאָטש צו די ליידן, אויב נישט נאָך צו קיין באַפרייונג.

אין דעמזעלבן ביכל כאַראַקטעריזירט זיך מוניע:

„איך האָב אַ זון אין דער נשמה, איז שטייט זי מיט ליידיקע הענט — ליגט מיין נשמה אין שטויב און דאַרט און קוואַרט און אויסגעטרוקנט ביזן לעצטן איז איר קוואַל".

דאָס באַגייסטערטע רעליגיעזע בחורל, דער פאַרדבקה־טער פאַרליבטער און וועלט באַשיינער ווערט אויפגעטרייסלט פון די געשעענישן און נעמט שוין האָבן טענות צו „די ליידיקע הענט" פון זיינע מדריכים און לערער. ער וויל שוין מערער פאַרשטיין ווי מען זאָגט אים :

„און וועלטן ווערן געבוירן אין מלכות פון דער זון — און וועלטן ווערן פאַרלאָזן — און וואָס איז דער זין דאָפון ?"

נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, ווען אַלץ ווערט צע־שאָטן, ווערט מוניע רייף צום „בונט" און אויב עס שמעקט




נאָך נישט מיט רעוואָלוציע, אַנטפּלעקט זיך שוין דער רע־וואָלט. די אָרטאָדאָקסישע וועלט פאַרלירט איינעם פון אירע פּעאיקסטע גאַליציאַנער תלמידים וועמענס הייס באַגער נאָך פאַרשטיין, נאָך ג ל י ק פאַר אַ ל ע מ ע ן, נאָך ליכט פאַר יעדן נעמט שטויסן צו אַנדערע ברעגן, פון אַנדערע טייכן.

כ'לייען די מעלדונג אין דער אַלטער יידישער צייטונג פון פוילן וועגן „סקאַנדאַל מיטן יונגן אגודהשן דיכטער" און ווי פאַרמבולדיק עס איז נישט די גאַנצע געשיכטע, פילט זיך דאָך, אַז מוניעס אַוועקגיין האָט צעשטורעמט דאָס אָרטיקע וועלטל און שוין דאַן האָט מען באַגריפן, אַז נישט אַליין איז ער, נאָר דער ערשטער פויגל פון אַ מחנה, אַן אַנזאָגער פון נייע צייטן און נייע לידער פאַרן גאַנצן לאַנד און פאַר מו־ניען געוויס.

נישט לייכט איז אָנגעקומען דער איבערייס. אַ ריס נישט נאָר מיטן אַרום, סביבה, געזעלשאַפט, נאָר אויך פאַמיליע. נישט לייכט איז צו פאַרברענען געטער פאַר וועלכע מען האָט זיך יונגערהייט געבוקט און גיין זוכן אַנדערע ליכט־טורעמס. ווייל אָן ליכט און אָן שיין האָט מוניע לעבן נישט געקענט. נעמט מען זוכן דעם אמת, קען מען אויף אַן אָרט נישט בלייבן. צופיל פלאַם און לויטערקייט האָט דער יונגערמאַנ־טשיק געטראָגן אין זיך (פאַרגעסט נישט „איך האָב אַ זון אין דער נשמה"), אַז ער זאָל פון אַ ו ע ג ז ו כ ע ר נישט ווערן קיין ו ע ג ו ו י י ז ע ר.

אַביסל שפּעטער אָרגאַניזירט שוין דער „פאַריין פון יידי־שע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן טלאָמאַצקע 13" אַ רעפע־ראַט פון „יונגן דיכטער ש. נאַדלער" און די טעמע איז טאָ־קע : „רעליגיע און איר געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג". און אויך טעזן דערביי, ווי : „סעקטן אַלס בונד קעגן דער אָרדע־נונג ; מאָנאָטעאיזם און זיינע סיבות ; היסטאָרישע פאַר־ענדערלעכקייט". מיט איין וואָרט, נישט סתם קיין „אפּיקורס", נאָר עס שפּראָצט שוין אַן אָנהייב פון אַ ראַציאָנעלן אַנאַ־ליז,פון גריבלען זיך ביזן גרונט און וועלן גיין צו די וועלכע האַלטן דעם פאַקל.

דערציילנדיק וועגן מוניעס „איבערגאַנג פון גאָט צו מענטש" (אַזוי האָט אין יענע צייטן געהייסן דערדאָזיקער ריס) איז אינטערעסאַנט אָנצומערקן אַ ריין פסיכאָלאָגישן שטריך כאַראַקטעריסטיש פאַר מוניען, אַ מ מ ש ו ת־ד י ק ן ר ע אַ ל י ז ם. טראָץ דעם רעליגיעזן ראָמאַנטיזם און מיסטיציזם, דער מנחם־מענדלשער אומגעבונג, פאַר־שטייט שוין אונזער יונגער העלד, אַז ווי באַלד ער פאַר־לאָזט די „הימלשע וועלט" און גייט אַריבער צום ערדישן קאַמף פאַר אַ שענערער געזעלשאַפט, מוז ער במילא בייטן די ק אַ מ ף־א י נ ס ט ר ו מ ע נ ט ן, באַוואָפּענען זיך מיט פּראַקטישן וויסן און נעמען רעדן צו מענטשן מיט קלאָרע פּ ר אָ ז א א י ש ע רייד.

געוויס איז דאָס ביי אים נישט פאַרגעקומען אין איין טאָג און נישט אַזוי גלאַטיק. אַ יונגערמאַן וועלכער שרייבט גע־געלונגענע לידער וואָרפט אַזוי לייכט נישט אַוועק די פּען און נעמט זיך צו דער „שפחה־שפּראַך".

ווי עס זאָל נישט זיין, מוניע ווערט פון אַ „יינגן דיכ־טער" אַ רעפערענט, פּובליציסט און פּראָפּאַגאַנדיסט און באַ־שליסט איינצייטיק פאָרן אין די „וויטע מקומות" נאָך ביל־דונג און וויסן.

מיר וועלן שפּעטער זען, אַז פון צייט צו צייט שרייבט ער נאָך געדיכטן דערהויפּט אין ספּעציעלע עמאָציאָנעלע מאָ־מענטן, אָבער זיין אַרבעט, זיין טעטיקייט פירט ער אין פּראָזע, נאָר אין פּראָזע. כאָטש מיר וויסן נישט די אַלע „פאַרלוירענע מינוטן" (וואָס ער האָט געהאַט אגב גאַנץ ווייניק) און „בלייבן מיט זיך" וועמען זיי זענען געווידמעט גע־וואָרן און אין וועלכן פאָרם זיי האָבן זיך אויסגעגאָסן,

אַט אַזוי קומט ער קיין פראַנקרייך, ווערט אַ סטודענט אין קאַן, נאָכדעם אַן אינזשעניער־עלעקטריקער, ווערט אַקטיוו אין סטודענטן־קרייזלעך און נעמט שוין טראָגן דאָס רעוואָלו־ציאָנערע וואָרט, נאָכנישט דאָס קלאָר־פּרעציזע, אָבער שוין פול מיט ברען, אָטעם און גאַנצקייט. און דאָ נאָכאַמאָל מוז איך אַרויסנעמען אַ פּסיכאָלאָגישן מאָמענט, וועלכער העלפט שטאַרק צו באַקענען זיך מיט נאַדלערן; ער קאָ־קעטירט נישט מיט דער רעוואָלוציע ווי פיל אַנדערע קליינבירגערלעכע אינטעליגענטן; ער ווערט נישט באַרוישט און באַצויבערט פון איר און אין אַ מינוט אַרום אויסגעניכ־טערט און אַנטליופט פון איר; ער ווערט אויך נישט קיין מיטגייער און מיטלויפער, אַ צווייפלער און קווענקלער, איי־נער פון די וועלכע אין די יום־טובים פוצן זיי זיך מיט רויטע בענדלעך און אין די וואָכנטעג, אין שווערע באַרג־אַראָפּ־עטאַפּן רוקן זיי זיך אָפּ אַן אַ זייט און מאַכן חוזק פון די וועלכע שלעפּן די טאַטשקע.

ער, מוניע, האָט זיך געשטעלט אין די רייען פון דער רע־וואָלוציאָנערער אַרמיי, אַנגענומען פון פאַרויס די אַלע אומ־פאַרמיידלעכע שאָטן־זייטן פון אַ לעבן פון אַ קעמפּנדיקן סאָל־דאַט און ווער ווייסט — אפשר אויך פילנדיק פאָרויס (אויב נישט פאָרויסזעענדיק) דעם מאַרטירער־קראַנץ, מיט וועלכן עס וועט באַלוינט ווערן זיין יונגער אידעאַליזם.

ער האָט געהאַט אַלע נויטווענדיקע מעלות, כדי צו ווערן אַ פירנדיקער כּח אין דער רעליגיעזער וועלט און רואיק אויסלעבן זיך ווי אַלע פאָרגייער פון זיין שטאַם; ער האָט גע־קענט גאַנץ לייכט מאַכן אַ קאַריערע פון אַ גוט־באַלוינטן, פיין־געבילדעטן טעכניקער. ער, וועלכער האָט זיך אַזוי לייכט צוגעפּאַסט צו נייע באַדינגונגען און אומשטענדן, אַזוי שנעל אויפגענומען פרעמדע שפּראַכן, באַגריפן און מנהגים; ער האָט זיך באַוווּסטזיניקערהייט אָפּגעקערט סיי פון ערשטן וועג און סיי פון צווייטן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין יאָרן, ווען „היום הרת עולם" ווערט אַ פּערמאַנענטע דערשיינונג, דאַרף אַן ערלעכער מענטש דינען דער אויסלייזונג פון דער מענטש־הייט, פאַרבלייבנדיק אַ טרייער זון פון אייגענעם פאָלק.

און אַזוי הייבט זיך אָן די קורצע, אָבער שיינע קאַריערע פון מוניע נאַדלער דעם רעוואָלוציאָנער. „צו אונז אין דער „נייע פּרעסע" איז ער שוין געקומען אַ קאָמוניסט" — דער־ציילט מיר ג. קעניג. און מוניע ווערט אַ מיטאַרבעטער, נאָכ־דעם אַ רעדאַקטאָר און סעקרעטאַר פון דער צייטונג. זיין פען, דעם בעסטן אַרבעט־אינסטרומענט, וואָס ער פאַרמאָגט, שטעלט ער אין דינסט פון דער צייטונג, פונקט ווי זיין גאַנץ לעבן ווערט אַ שרייפל פון דער מאַשינעריע, פון דער באַוועגונג.

זיין פרוי גיט מיר איבער, אַז פון די יונגע יאָרן אָן האָט שוין דער קליינער שמואליק געהאַט אַ „טבע" צו שרייבן; צו 12 יאָר דרוקט ער שוין געדיכטן אָדער גאָר פיינע בילד־לעך אין צייטונגען, פּוילישע און יידישע. אין אַלגעמיין האָט ער אַלץ געזוכט צו באַשרייבן.

פאַר די 7־8 יאָר פון דער לעגאַלער „נייע פּרעסע", האָט נאַדלער זייער פיל אָנגעשריבן, כמעט נישט געווען קיין איין צייטונג, וווּ „ש. נאַדלער — גאַליצין — ש. נ. — סיגמאַ" און אַנדערע נעמען זאָלן נישט זיין אין דער צייטונג. און וועגן אַלץ און אַלעמען האָט מוניע געשריבן לייכט, אינטע־ליגענט, אינטערעסאַנט און באַטעמט.

זייענדיק לאַנגע יאָרן דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר, האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַלע שטרעבונגען פון דער פראַנ־צויזישער ליטעראַטור און פאַרמאָגנדיק אַ באַדייטנדיקע יידי־שע ליטעראַרישע אויסבילדונג, איז געווען אַ פאַרגעניגן צו לייענען זיינע אָפּהאַנדלונגען, רעצענזיעס און סתם באַריכטן. האָבנדיק צו טון טאָגטעגלעך מיט אָנפאַנגער, דורכלויפנ־דיקע ליטעראַרישע לערן־יינגלעך, ווי אויך מיט אמתע שרייבער און דיכטער, איז מוניעס געשמאַק און מבינות געווען פאַר אונז אַ ריכטיקער באַראָמעטער, נאָכמער וואָס מוניע איז קיינמאָל נישט געווען קיין בייזער קפדן, פאַר־קנעפּלטער פיינשמעקער. ער פלעגט וויסן, אַז אַן אַרבעטער־צייטונג דאַרף אָפּן האַלטן אירע שפּאַלטן פאַר אַלע כוחות, וועלכע יערן אין די טיפענישן פון פאָלק און האָט נאָך ווען עס איז געקענט מקבל זיין מיט אַ בעסערן „בסבר פנים יפות" ווי מוניע?

ער פלעגט זיך צו אַלץ נעמען, נישט ווייל ער האָט גע־האַלטן, אַז ער קען אַלץ און ווייסט וועגן אַלץ, אדרבא: ער פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז עס איז בעסער צו וויסן אַ סך וועגן עפּעס, איידער עפּעס וועגן אַ סך, נאָר די ליבע צו דער זאַך, די מסירת נפש פאַר דער באַוועגונג, דאָס וועלן דינען מיט אַלץ און אומעטום, דאָס האָט געשטויסן מוניען צו ווערן אַ פּעליעטאָניסט, אַ רעפּאָרטער, ליטעראַטור־קרי־טיקער, וויסנשאַפט־אָפּהאַנדלער, צונויפשטעלן בייסיקע אָפּ־קלאַנגען און שאַרפע אַרטיקלעך, און דערציילן וואָס עס טוט זיך אין טעאַטער און סינעמאַ.

כ'דערמאָן זיך ווי שפּעט באַנאַכט, שוין נאָך דער אַרבעט, פלעגט ער זיך נעמען צו „זייטיקע זאַכן". דאָס איז געווען ביי אים אַ מין שיחת חולין. דאָ האָט איר געהאַט שאַראַדעס, אַ קינדער־ווינקל, קליינע וויצן, מאַטעמאַטישע אויפגאַבן און יידישע קינדערלעך פלעגן הנאה האָבן פון דעם און יידישע טאַטעס פלעגן קלייבן נחת פון די קלוגע רעדאַקטאָרן פון דער „נייע פּרעסע", וועלכע „קענען אַלץ"... און אַז עס איז נישט געווען קיין בעלן ווער עס זאָל מאַכן די פרויען־זייט און וועגן דער מאָדע זאָגן אַ פּאָר גוטע ווערטער, איז ווער וועט דאָס מאַכן אין אונזער רעדאַקציע? פאַרשטייט זיך, אַז ווידער אַמאָל מוניע און ער פלעגט דאָס גוט מאַכן. דורכ־פאַלן מיט אים האָט מען קיינמאָל נישט געקענט, אַנזעעוו־דיק און ווירדיק האָט ער געהאַלטן דעם פּרעסטיזש פון אַ




לעגיטימאַציע פון דער אגודהשער צייטונג „בית יעקב", ווו נאַדלער האָט מיטגעאַרבעט.

רעדאַקטאָר, פונקט ווי שפּעטער צו האָט ער שטאָלץ און ווירדיק געטראָגן די פאָן פון אַ קעמפער.

אָבער פאַלש וואָלט געווען צו מיינען, אַז מוניע איז געווען ביי אונז נאָר אַ שרייבער. ביי אונז איז שטענדיק געווען „סיפא וספרא חד הוא". ער איז געווען אַריינגעטונקען אין יידישן פּאַריז מיטן קאָפּ און מיט די פיס. אַלץ איז געווען פאַר אים טייער און נאָענט. ער האָט זיך פאַרנומען מיטן יונגיקן שרייבער־פאַריין און איז געווען אַן ענטוזיאַסט פון בעסערן יידישן טעאַטער, פון אַלע קולטור־אויפטוען.

אָבער צום שטאָלץ פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג דאַרף מען זאָגן, אַז ווען מ'פלעגט דאַרפן אָרגאַניזירן די יידישע בעל־מלאכות און יידישע קליינהענדלער, האָט מען אויך מוניען געשיקט אַהינצו, און מיט אימפּעט און חשק האָט ער געטון זיין פּראַזאַישע אַרבעט, אַוועקגעגעבן דאָס ביסל פרייע צייט, כדי לערנענדיק זיך ביי די מאַסן, קענען לערנען די מאַסן.

און פאָרשלאַגן, איינפאַלן, פּראָיעקטן, געלונגענע, פּראַקטישע, אָריגינעלע און טיילמאָל עקסטראַוואַגאַנטע, אַלץ פלעגט קומען פון זיין זייט און כמעט ווי אומבאַמערקבאַר איז ער געוואָרן דער אָרגאַניזאַטאָר פון אונזער ליטעראַרישן לעבן, ער פלעגט דאָס שטויסן די שרייבער צו שרייבן, זיי געבן איניציאַטיוון און אָנווייזן אונזערע קולטור־טוער אויף די נייטיקע אויפגאַבן.

ערשט נאָך דער מלחמה  האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז ער האָט איבערגעלאָזן צוויי נישט־פאַרענדיקטע ראָמאַנען, מערערע לידער, איז דען נישט אין דעם, וואָס ער האָט זיך באַגרענעצט פון אַליין שרייבן און זיינע אַלע פעאיקייטן און טאַלאַנט געשטעלט אין דינסט פון דער באַוועגונג, געווען אויך איינע פון די צאָלרייכע קרבנות, וואָס מוניע האָט אַוועקגעגעבן אויפן באַפרייונג־מזבח !

און אָט אזוי איז פאַרפלאָסן מוניעס טעטיקייט אין אונדזער צייטונג, נישט געווען קיין איין קולטור־דערשיינונג אין פּאַריז, קיין איין ליטעראַריש געשעעניש, סיי ביי יידן און סיי אין דער וועלט, אויף וועלכע מוניעס פעדער זאָל נישט רעאַגירן, זאָל נישט דערציילן אונזערע לייענער ווי מען דאַרף דאָס פאַרשטיין, וואָס איז די גרויסקייט פון דער זאַך און ווי אַזוי קומט מען צו צו דעם! און אַז אַ גאַסט פלעגט קומען קיין פּאַריז, איז ווער האָט דען געהאַט דעם ערשטן אינטערוויו, אויב נישט אונדזער צייטונג און דורך אונדזער אומעטום רירעוודיקן סעקרעטאַר ?

די יאָרן האָבן זיך גערוקט און פאַרברעכערישע הענט האָבן אויסגעליפערט אייראָפּע היטלערן; די זעלבע הענט, וועלכע האָבן פאַר דעם מקריב געווען שפּאַניע, טשעכאָסלאָוואַקיע און שקרים געשאָטן אויפן ראַטנפאַרבאַנד, די זעלבע האָבן איצט גענומען פלעכטן די פּעטליע פאַר פראַנקרייך, פאַר מיליאָנען דעמאָקראַטן און פאָלקס־מענטשן. און ווען עס איז געקומען די שעה פון גרויסן פייער־פּרווו, דאַן ווען טויזנטער האָבן זיך דערשראָקן, געוואַקלט, געלאָפן אין שטילע פרעמדע לענדער, אוועק אין אַ זייט, כדי איבערצוואַרטן דעם שטורעם און ראַטעווען דאָס בידנע לעבן, האָט זיך מוניע פאַרוואַנדלט אין אַן אונטערערדישן אַגיטאַטאָר. פאַרהאַרטעוועט איז געוואָרן דער צאַרטער מוניע, און קאַלטע שטרענגקייט האָט פאַרביטן זיין נשמה־עמפּינדלעכקייט.

עפּעס ווי געענדערט האָט ער זיך. דער פריילעכער, ליבלעכער, געלאַסענער, עטוואָס לאַנגזאַמער אין רעדן און רעאַגירן, מוניע, איז ווי פאַרשוווּנדן. מען וואָלט געזאָגט : ער האָט זיך צונויפגעצויגן און קאָנצענטרירט זיך, קאַרג געוואָרן אויף ווערטער, טרוקן אין אויסדרוקן, פעסטער און דעצידירטער אין די באַשלוסן. נאָר פון זיינע אויגן האָט געקוקט אַ טיפער טרויער, וועגן וועלכן ער האָט קיינעם נישט דערציילט און מיט קיינעם זיך נישט געטיילט, ווי ער וואָלט געפילט, אַז אים איז נישט באַשערט צו דערגיין ביזן סוף.

כ'דערמאָן זיך אונזערע צאָלרייכע זיצונגען און זעונגען. מיר האָבן דאַן געהאַט אַ קאָמיטעט פון דער אינטעליגענץ, פון וועלכן אַזויפיל זענען געפאַלן און אַזוי ווייניק פאַרבליבן לעבן. איך האָב זיך פאַרנומען מיט די סטודענטן און קינסטלער און מוניע האָט מיטגעאַרבעט מיט די שרייבער, אָבער איינצייטיק האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ ביולעטין צו דער פראַנצויזישער אינטעליגענץ „זש'אַקיז", צאָלרייכע פּעריאָדישע טראַקטן, און איז טריי פאַרבליבן ביי אונדזער אונטערערדישער יידישער צייטונג. מוניע פלעגט גוט לייענען דייטש און געהאַט אַ גוטן ראַדיאָ און במילא פלעגט ער אונז צונויפשטעלן אַזעלכע וואָכן־איבערזיכטן, פול מיט אָפּטימיזם, הומאָר און אַלזייטיקייט. מען פלעגט דאָס פאַרשפּרייטן צווישן באַקאַנטע און אייגענע, און נישט איין וואַקלדיקע נשמה פלעגט ווערן געקוויקט און געמונטערט.


CARTE

VALABLE

Délivrée par M. le Préfet

Le Préfet

Nom: Nadler

Prénoms: Samuel

Né le 28-11-1908

Profession

Nationalité

Mode d'acquisition de cette nationalité: filiation, mariage, naturalisation (rayer les mentions inutiles).

Situation de famille: célibataire, marié, veuf, divorcé (rayer les mentions inutiles)

מוניע נאַדלערס פּערזענלע־ כער דאָקומענט מיטן ספּע־ ציעלן דייטשן שטעמפּל אין פראַנצויזיש: „זשוויף" (ייד).

**מיט ברען און אימפּעט האָט ער גענומען פאַרווירקלעכן דאָס וועגן וואָס ער האָט אַמאָל געשריבן: אַ פאַרשפּרייטער און אונטערהאַלטער פון דער רעוואָלוציאָנערער אונטערער־דישער פּרעסע. עס ליגט פאַר מיר אַן אַמאָליק געדיכט זיינס. ווי נביאותדיק עס קלינגט און ווי מוניע האָט דאָס אויסגעפירט, אויף זיך און זיין לעבן, אַט דאָס, וואָס ער האָט געפּרעדיקט פאַר אַנדערע. אַט הערט:**

„כ'האָב היינט מיין צייטונג נישט באַקומען
כ'האָב געוואַרט אַ האַלבע שעה, אַ שעה
און ס'האָט דער בריוטרעגער געענטפערט מיר: נישטאָ,
דו ביזט, מיין רעוואָלוציאָנערע צייטונג, נישט געקומען,
זיי זאָלן הונדערט שלעסער הענגען אויף דיין טיר
און טויזנט זיגלען זאָלן זיי אַרויפלייגן אויף דיר,
כל־זמן ס'וועט נויט זיין, בלוט, אָדערן און פּאַפּיר
דיין קול, מיין פּרעסע, וועט נישט שטומען,
מיר וועלן דרוקן, דרוקן, אָן אָפּרו, אומעטום,
אין קאַמערס, קעלערס, בוידעמס, וועלדער און העקן,
און מאָרגן, אונזער צייטונג, וועט מען ווידער דיך באַקומען".

**אַט אַזוי האָט מוניע מיט פיל יאָרן צוריק געשריבן וועגן דער אונטערערדישער פּרעסע אין פּוילן — און ער טאַקע אַליין האָט דאָס זעלבע געטון מיט דער אונטערערדישער פּרעסע אין פראַנקרייך!**

**כ'פלעג קוקן אויף אים און נישט דערקענען ממש, אַזאַ פּראַקטישער מענטש געוואָרן, אַזאַ בעל־תכלית, זאָרגן וועגן אַלע קליינינקייטן: פּאַפּיר, טינט, קאַרטן פאַר חברים, טוישן די זיצונגען, דירה, אויף דער גאַס רעדן פראַנצויזיש און מיט אַ ווויליונגערשן טאָן, ווי אַלץ גייט פּרעכטיק אויף אונזער שיינער פּלאַנעטע. ער האָט גענומען רעאַליזירן די קאָנספּי־ראַציע־תורה און ווי שטענדיק ערלעך, מיט התלהבות און ביזן סוף.**

**אָפּטמאָל, ביי געצוווּנגענע פאַרלענגערטע זיצונגען, אַבלאַ־וועס אויף דער גאַס, זענען מיר פאַרבליבן לענגער צוזאַמען, מע, פלעגט זיך צערעדן וועגן דער ווייטער צוקונפט (און דאַן אין טעגלעכן אַנבליק פון טויט פלעגט מען געשמאַק חלומען וועגן ליכטיקן מאָרגן) פלעגט מוניע נעמען מאָלן די שענסטע ביל־דער פון דעם דאָזיקן מאָרגן. זיין גאַנצע פאַנטאַזיע פלעגט זיך צעשפּילן. אַט וואָס ער האָט געשריבן אין איינעם פון זיינע לעצטע לידער:**

„אַ לויב דיר פינפפינגערדיקע האַנט — וואָס בויטש הייזער, דרייסט מאַשינען און שפּילסט קלאַוויר — מדבר סאַ־האַראַ וועט ווערן אַ בליענדיק לאַנד — און ווייץ וועט וואַקסן אויף די טייגעס פון סיביר" —

**סיי אין זיינע אַרטיקלען, סיי אין זיינע געדיכטן פלעגט ער באַמיען זיך שטענדיק האַלטן דעם נויטיקן גלייכגעוויכט צווישן אַ מין הערראָאישער סימפאָניע פאַרן מענטש און זיין שאַפונג פון איין זייט און דער נויטווענדיקייט פון דעמזעלבן מאַיעסטעטישן מענטש צו דינען דער געזעלשאַפט און דעם אייביקן לעבן פון דער צווייטער זייט, ווען מוניע שרייבט:**

„אַ וועלט מיט זעקס און ניינציק עלעמענטן — און אַ שכל אין קאָפּ איז אונזער פּאַרמעג — ווי אַ פּאַרביקע פילם־לענטע — גייט פון פאַל צו פאַל אונדזער וועג".

קלינגט דאָס שיין און שטאָלץ, אַ מין עגאָצענטרישער הללויה פאַרן מענטש. אָבער ווען שפּעטער גיט ער צו:

„דו זאָלסט קיין קדיש זאָגן אויף מיין קבר — און זאָלסט קיין ליכט נישט צינדן פאַר מיין נשמה — דאָס לעבן וואָס פּרוכפּערט זיך און מערט — איז אונדזער תכלית אויף דער ערד" —

איז דאָס שוין אַ שטרענגע צוואה פון אַ רעוואָלוציאָנער, וועלכער ווייסט שוין זיין לעבנס אויפגאַבע, זיין מיסיע אויף דער וועלט, איר פאַרמעסט, אָבער אויך אירע גרענעצן. אָט אַזוי מענטשלעך האָט אַן אינטעלעקטועלער באַגריפן דעם קאָמוניזם — אָט אַזוי האָט דער קאָמוניזם אויסגעהאַמערט אַ קעמפער און קריגער פאַר די ליכטיקע אידעאַלן פון דער מענטשהייט.

אַלץ ענגער אין ענגער איז געוואָרן אין פּאַריז די פאַרוואָרפענע נעץ אויף קאָמוניסטן, אויף יידן און אויף יידישע קאָמוניסטן בפרט.

מיר פלעגן שוין אויסמיידן צו טרעפן זיך, צו גריסן זיך און נאָר אויגן האָבן גערעדט צו אויגן. אויסער נאַטירלעך, די ראַנדעוווס און זעאונגען וואָס די ארבעט האָט געפאָדערט. מוניען פלעג איך זען נאָר איינמאָל אין וואָך אָדער אַפילו איינמאָל אין צוויי וואָכן. נאָר ווען כ'פלעג קומען אין מיינע קרייזלעך פלעג איך אומעטום געפינען די שפּור פון מוניעס אַרבעט: אַ פּרעסע־איבערזיכט, אַ מונטערער אָפּקלאַנג, אַ געלונגענער וויץ וועגן דייטשן, און מענטשן פלעגן הייטערער ווערן און די שטימונג פלעגט בעסער ווערן.

אין יענע פינצטערע טעג, ווען וועלף האָבן זיך נאָך אונדז געיאָגט און מיר האָבן געפירט אַ לעבן פון פאַרפאָלגטע, ווען טאָג־טעגלעך פלעגן די בעסטע אַרויסגעריסן ווערן פון אונדזערע רייען, זענען אויף מוניע נאַדלערן געפאַלן אַלץ גרעסערע לאַסטן.

און אַזוי האָט עס געהאַלטן ביז מוניע איז אריינגעפאַלן! נישט אַלס זייטיקער איז ער אַריינגעפאַלן. נאָר ביי דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. ד י ר ע ק ט און ממש! ער איז געגאַנגען אין שליחות פון זיין וויכטיקער אַרבעט אויף אַ געפערלעכן אַדרעס. דאָס איז געווען עטלעכע טעג פאַרן ערשטן מאַי. און אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָט מען אים געוואָרנט וועגן דער איינגעשטעלטקייט פון זיין גיין אַהינצו. האָט זיך ווען דען עס איז מוניע אָפּגעשטעלט? און ספּעציעל דאַן ווען מען האָט געדאַרפט אויספירן דעם רעוואָלוציאָנערן חוב? איז דען דאָס איינפאַכע וואָרט „פאַראַנטוואָרטלעכקייט" נישט געוואָרן אַ סינאָנים פון אַ הייליקן באַוווסטזיניקן מקריב זיין זיך?

מוניע איז געגאַנגען. און דער בעסטיאַלישער דייטש האָט אריינגעקראָגן אין זיינע הענט איינעם פון אונדזערע בעסטע זין!

אָפּגעריסענע ידיעות פלעגן אונדז אָנקומען פון זיין זיין אין תפיסה, פון די פאַרהערן, מאַטערנישן און שטיל־העלדיש האַלטן זיך. מיר האָבן נישט געצווייפלט קיין איין מינוט אין מוניעס אויפפירונג. מיר זענען געווען זיכער, אַז זיין קאַמף וועט ער פירן ביזן סוף. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מוניען וועלן מיר שוין נישט צוריקזען, נאָר דאָך האָבן מיר אַלץ געהאָפט! און ווידער אַמאָל איז ביי מיר איינגעקריצט אין זיכרון: כ'האָב אַ ראַנדעוווּ מיט אַלפרעד גראַנט, איינעם פון די אונטערערדישע טוער. ער פלעגט שטענדיק קומען אַ שמייכלדיקער פול מיט אָפּטימיזם, גוטע נייעס, וויצן און סתם פריינטלעכע רייד. מיט אומגעדולד פלעג איך וואַרטן אויף אים און זיין דערמוטיקונג. און אָט קומט ער אַ בלאַסער, אַנגעכמאַרעט און שטאַרק פאַרדאגהט.

„אַ גרויסער דורכפאַל" — לויפט מיר דורך אַ געדאַנק. מען זעצט זיך צו אַביסל. מען פרווּוט רעדן און כ'פיל די מחשבות זענען עפּעס אַנדערשרווו. כ'האָב מורא צו פרעגן. מען געזעגנט זיך און מיט אַ האַלב־געשטיקטער שטימע פרעג איך:

„נישטאָ קיין ספּעציעלע נייעס

„ניין", האַקט ער אָפּ און גיט זיך אַ קער צו מיר:

„זיי האָבן געשאָסן מוניען"!

אַלפרעד איז אַוועק. כ'בין געבליבן זיצן שטיל אויפן גאָרטן־בענקל. נישטאָ מער מוניע! „ווער אַצינד?" — גנבעט זיך אַ געדאַנק. כ'בין אים גובר — אַנדערע וועלן קומען און וועלן נקמה נעמען.

שמואל נאַדלער איז געקומען פון גאָט צו מענטש און אַוועק צו דער אייביקייט.

# פון מוניע נאַדלערס שריפטן

## די חתונה אין קרעטשמע

### דאָס ערשטע געזאַנג

געווען איז אַ מנהג אין פוילן פאַרצייטנס,
אַ מנהג, וואָס איז פון דעם ווערטל דער מיין ;
„אַ שליאַכטשיץ ביי זיך — וואָיעוואָדע כמעט איז,
אַ פּריץ אין אַ הויף — איז דער קייזער אַליין !"
קיין גרענעץ געווען צו דער פּריצישער מאַכט !
מיט יעדן, וואָס האָט אויף זיין ערד נאָר געוווינט,
געקענט האָט ער טון וואָס אים גלוסט זיך און לוינט ;
צי אַרבעטן הייסן אין פעלד טאָג און נאַכט,
צי מאַכן אַ זעלנער און שיקן אין שלאַכט.

דער פּריץ אין הויף איז דער קייזער אַליין !
האָט עמעצער אָבער פאַרלוירן דעם חן
אין פּריצעס אויגן — איז וויי אים און ווינד :
עס מעג אים דער פּריץ אין תפיסה פאַרשליסן,
צי אָנטון אַ פעל פון אַ בער אים און שיסן,
צי שניידן זיין פלייש און עס וואַרפן פאַר הינט.

אין רייכן קרעמעניצער פּריצעס גיטער
אין קרעטשמע געזעסן איז אַן אַרענדאַר.
מען זעט נישט קיין קונה, מען לייזט נישט קיין פּרוטה,
ער האָט נישט צו צאָלן אַרנדאַרישן שכר
און שולדיק געבליבן פאַר זיבן חדשים.
ס'שיקט אים באַלד רופן דער פּריץ, דער רשע,
מיט ווייב און מיט קינדער, און אָן טענה מענה
פאַרשליסט זיי אין תפיסה און שלאָגט זיי און פייניקט.

ערשט שפּעטער באַקלערט זיך דער פּריץ : פון שלאָגן
וועט ער דאָך נישט האָבן אפילו קיין רייניש !
באַפעלט ער צו שפּאַנען די פערד און דעם וואָגן,
אין שטאָט אַריין פירן די שולדיקע זיינע.
אין תיכף אין שטאָט ווערט אַ גרויס אָנגעלויף,
אין מיטן דעם מאַרק שטייט דעם פּריצס משרת
און פויקט אין דעם פּייקל און שרייט : „העי ! ווער קויפט
דעם ייד פאַר ק"ן רייניש, דעם חוב פונעם פּריץ ? !"

און קרעמעניץ איז דאָך אַ יידישע שטאָט !
אַרום דער פור יידן שטייט עולם אין ראָד.
מען קרעכצט און מען זיפצט און די אויגן פאַרגלייזט :
ק"ן רייניש ! ווער האָט עס אין היינטיקע צייטן,
מען שמועסט נישט, פאַרדינט, נאָר אפילו געלייזט !
און דאָ — פדיון שבויים! די מצווה איז לייטיש
און גרויס דאָס רחמנות, דער צער אַזש ברענט :
אַ ייד, ווייב און קינדער אין גוייִשע הענט !

ס'קלאָגט דער אַרענדאַר און די קינדערלעך וויינען :
„אוי, ראַטעוועט, יידן ! אוי, העלפטס, בני רחמנים !"
און ס'רינען די טרערן פון איטלעכנס פּנים,
נאָר העלפן זיי אויסלייזן רירט זיך נישט קיינער . . .
נאָר איינע וויינט שטאַרקער פון אַלע אין ראָד —
אַ יתומה, אַ דינסט ביי דעם גביר פון דער שטאָט,
באַדאַרפט קויפן פיש, נאָר זי גייט אַוועק שטיל
צום יתום, וואָס איז אַ משרת אין מיל.

זי קומט צו דעם יתום, דערציילט אים די מעשה
און גיט־צו : „הער, זיינוול, מיך לאָזט עס נישט רוען,
איך האָב הונדערט רייניש און דו האָסט אויך דרייסיק,
פאַרן איבריקן וועלן זיך יידן שוין מיען.
מיר האָבן אין לעבן קיין מצווה געטוען,
טאָ לאָמיר מקיים זיין כאָטש פּדיון שבויים !"
גיט זיינוול דעם גאַנצן פאַרדינסט פון זיין אַרבעט
און ביידע אים טראָגן צום פּריצעס פאַרביק.

ווער קען באַשרייבן די טויזנטער ברכות,
די פרייד פון דער גאַנצער באַפרייטער משפּחה !
נאָר אַנדערש דערפון קלערט דער מיל־באַלעבאָס :
— „משוגע געוואָרן מיין משרת, צי וואָס ?
דערנאָך וועט ער גיין און באַגנבענען מיך !"
און אויכעט דאָס ווייב פונעם גביר טראַכט ביי זיך :
— „אַ יתומה, דערנאָך וועט זי מיר פאַלן צו לאַסט!"

— — — — — — — — — — — — — —

און ביידע — מען טרייבט זיי אַרויס אויף דער גאַס. — — —

### דאָס צווייטע געזאַנג

— „ווערסט שפּאַנען, וואַלעקסע, די פערד מיטן שליטן."
— „ס'טייטש, רבי, ווי קען מען דען, דעם טאָג שוין דעם דריטן
ווי ס'הוליען די ווינטן, פאַרבלאָזן, פאַרשיטן

מיט שניי-זאַוויערוכעס די גאַנצע וועלט — פּחדים !
עס זינקען די הייזער ביז איבער די לאַדנס,
פון פעלדער קיין זכר, פון וועגן קיין שפּורן״ . . .
— „ס׳שאַדט נישט, וואַלעקסע, מיר פאָרן!״

נו, מילא. קיין קשיות איז דאָך נישט פאַראַנען.
וואַלעקסע אין שטאַל גייט די פערד איינצושפּאַנען.
ס׳גרייט זיך אין וועג אַריין אויך די חבריא :
דעם זוהר ר׳ דוד נעמט פון מיקאַלאַיעוו
און קיציס ר׳ וואָלף נעמט די פּען מיטן טינטער
און אין זיין פּאַטשיילע דער גרויסער פאַרבינדט ער
אַ לעקעך, אַ פּלעשל מיט יי״ש און אַ כוסה.
ס׳איז מוצאי שבת — איז ער נאָך מוסיף
שיריים פון טשאָלנט און קיגל נאָך הייסע...
צוואָס ? אַזוי האָט מען געהייסן.

ויסעו... קוים איז נאָר דאָס שטעטל אַוועק זיך,
וויסט שוין נאָכצולאָזן די לייצעס וואַלעקסע,
די קיטשמע ביז איבער די אויגן פאַרוקן
און אויסדרייען זיך צו די פערד מיטן רוקן
און כאַפּן אַ דרימל . . . און זע נאָר אַ וואונדער :
די שניי־זאַוויערוכע ווערט תיכף פאַרשוואונדן,
ס׳קומט־אויף די לבנה, און רואיק און שטום
ליגט די געטלעכע ברייטקייט אַרום.

פּאָדאָלישע פעלדער אין שניי־ווייסער נאַכט !
העי, ווער קען דען אויסזינגען גאַנץ אייער פּראַכט ?
איר בלאַנקט, ווי געשליפענע פון פּאָרצעלאַן
און איבער אייך גיסט זיך לבנהקע שיין
און ס׳פינקלען די שטערן אין לופטן צעבלאַטע . . .
כ׳האָב ליב אייער רחבות און כ׳קוש אייער אָטעם,
וואָס שלאָגט אין מיין פּנים מיט פראָסטיקער כוואַליע
און ברענט אויף די ליפּן און שמעקט מיט קאַנוואַליע
און גיסט אין מיין בלוט זיך, ווי אייזיקער וויין...
פּאָדאָלישע פעלדער אין שניי־ווייסער נאַכט !
איר האָט מיך אַ דיכטער געמאַכט.

ויסעו... די פערד לויפן פייל אויסן בויגן,
ווי פערד וואָלטן פליגל געהאַט און געפלויגן.
ס׳פליען דורך דערפלעך מיט הייזלעך און טומאות
און וועלדער, ווי מחנות פון ריזן הויך־שטומע
אין שנייענע פעלצן . . . און ס׳הערט זיך אַ ברומען
פון הונגעריקע חיות און ס׳זעט זיך אין טונקל
אַ צירה פון וועלפישע אויגן וואָס פינקלען.
ס׳לויפט דורך אַ מערדער און שמעקט נאָך דעם סגל
פון שפּורן אין שנייען פון די פוקסענע נעגל
און סודותדיק לייכט אויף אַ סאָסנענעם גולם
דער לבנהס זילבערנער חולם.

און פלוצים . . . וואָס איז דען דער מער דאָ געשען ?
צי חלומען זיי, צי בהקיץ זיי זעען ? — :
אין שניי ליגן קערפּערס פאַרשיט ביז אַ העלפט
און איבער זיי וואָיען אַ סטאַדע מיט וועלף !
נאָר ס׳קומט אָן דער שליטן, די סטאַדע דערשרעקט זיך
און לויפט . . . שפּרינגט אַראָפּ צו די מענטשן — וואַלעקסע,
קיין אָטעם, קיין ריר, טויט־פאַרגליווערט, פאַרפרוירן
פון הונגער, פאַר קעלט און פאַר מורא.

מען מונטערט, מען טרייסלט, מען וועקט די פאַרשמאַכטע,
מען טריפט אַריין בראָנפן אין מיילער פאַרמאַכטע.
זיי עפענען די אויגן אויף, ברוך השם.
פריי ווערן די אָדערן פון פראָסטיקער קלעם,
דאָס בלוט הייבט אָן רינען, אָן אבר זיך רירן,
דער בראָנפן דערוואַרעמט צו ביסלעך דאָס קרירות,
די נשמה דער לעקעך דערכאַפּט און דער קיגל
צו קוויקן דאָס האַרץ איז מסוגל.

און ענדלעך, זיי זענען צו זיך שוין געקומען,
דער יונג מיט דער מויד ! און עס הייבט אָן צו ברומען
ר׳ וואָלף, ער וויל מוסר זיי זאָגן אַ ציניד,
אַז גאָט האָט געשטראָפט זיי זייערע זינד.
גיט אים דער בעל שם מיטן פינגער אַ רמז :
„לאו דוקא, מיין וועלוול, אַ חשד איז קיין אמת״.
זיי פאָרן . . . פונוויטנס, ווי גאָלדענע „כרישטשעס״.
צוויי קרעטשמע־פענצטערלעך בלישטשען . . .

## דאָס דריטע נעזאַנג

אין קרעטשמע ביים אויוון זיך וואַרעמען קלעזמאָרים.
זיי האָבן געוואָלט אויף אַ חתונה פאָרן
קיין קרעמעניץ . . . ס׳איז אָבער נישט מעגלעך פּשוט !
קיין וועג . . . זאַוויערוכעס . . . סכנת נפשות . . .
צעשמייכלט זיך לייכט דער בעל שם טוב: נישקשה !
די חתונה יענע איז בטל ממילא,
איר סטראַיעט, קלעזמאָרים, גוט אייערע כלים
און שפּילט נאָר לעילא ולעילא !

און ס׳הייסט דער בעל שם טוב אַ חתונה גרייטן :
די טישן מיט טישטעכער ווייס איבערשפּרייטן
און אָנצינדן ליכט אין די ענגלייכטער אַלע
און זעצן ביים טיש אויבנאָן חתן-כלה.
ר׳ דוד דערוויל מיטן חתן זאָגט ווידוי,
ר׳ וואָלף שרייבט די כתובה, די תנאים פון שדוך,
און פלוצים זיך עפנט די טיר . . . און אינאיינעם
קומען אַריין זיבן זקנים.

דער קרעטשמער, ער טוט וואָס מען הייסט און איז חושם :
ער קען גאָר נישט תופס זיין אַלע חדושים :
עס קומען צוויי שלעפּערס, צוויי פּראָסטע קבצנים,
אַ יונג מיט אַ מיידל, גנבים אַפּנים,
האָט ער באַלד, פאַרשטייט זיך, זיי צו אַלדע רוחות
פאַרטריבן — און דאָ זענען זיי אַזאַ יחוס !
און ס׳האָבן זיך יידן, באַבערדט און באַשטריימלט,
לכבוד זיי גאָר זיך פאַרזאַמלט ! — — —

און ס׳איז דער בעל שם טוב מסדר קידושין !
דאַכט זיך, עס שטייט פאַר אים אדם הראשון
און חוה זיין ווייב, אין קדמונישער ריינקייט,
אָרום און אַרום איז גן־עדנישע שיינקייט
און ער מיט גרויס פאַרטיקייט קלינגענדיק בענטשט :
„געלויבט זיי, גאָט, וואָס האָסט באַשאַפן דעם מענטש !״
אין ציטער די וועלט ווי צום ערשטן מאָל הערט :
„און פרוכפּערט און מערט זיך און פילט אָן די ערד !״

מזל טוב ! מזל טוב ! — שאַלט די חבריא —
לחיים דעם רבין ! — תלמידים, לחיים !
מחותנים, לחיים ! דעם זווג דעם נייעם !

צעשפּילן זיך פידלען און ס׳ציט זיך די פלייט
עס קלינגען די צימבלען מיט טאַצן באַגלייט, —
די פרייד איז אַ מצווה, די מצווה — אַ פרייד !

עס גייט אַ רקידה, מען פליעסקעט אין הענט,
מען קלאַפּט אין דעם דיל, אַז עס ציטערן ווענט,
צעפלאַקערט געזאַנג זיך, דער טאַנץ זיך צעברענט !

און נאָך די ריקודין מען גרייט מלוה־מלכה.
עס שטייגן די פריידן און שפּאַלטן דעם באַלקן,
צום כסא הכבוד אַזש גרייכט דאָס געזאַנג !
איצט גיט דער בעל שם טוב דאָס דרשה־געשאַנק :
— „דעם פריצעס קאַטש מיט די פערד זאָל איך פירן!״
— „איך, וואָלף, גיב דער פריציטעס קעסטל מיט צירונג.״
— „די דאָזיקע קרעטשמע גיב איך — זאָגט ר׳ דוד —
צו האָבן פּרנסה בכבוד !״

צעלאַכט זיך דער קרעטשמער: - „דער שפּאַס מיר געפעלט!
און איך גיב דעם פריצעס טייסטער מיט געלט !״
און לאַכט פון זיין חכמה . . . די זיבן זקנים
אַזוי ווי געקומען — פאַרשווונדן אינאיינעם.
ר׳ וואָלף פרעגט דעם רבין, ער ענטפערט מיט אומעט :
— „הלוואי זאָל קאַטש זוכה זיין צו זייער קומען
מיין פּטירה״ . . . פאַרשטייט די חבריא ברמיזה :
דאָס זענען געווען — די אושפּיזין!

ויסעו . . . זיי פאָרן אַהיים מיטן רבין.

## דאָס פערטע געזאַנג

דאָס יונגע פאָרפאָלק נאָר אַליין בלייבן, נעבעך.
דאָס דרשה־געשאַנק איז געווען זייער שיין,
די הענט אָבער ליידיק און זיי מוזן גיין.
כאָטש נאָס נאָך די קליידער, צעריסן — דאָס העמד,
צעפליקט — זייערע שיך און דער וועג איז ווילד־פרעמד.
דער קרעטשמער פאַרטרייבט זיי. זיי גייען און גייען
בערג־אויף און טאָל־איין און דורך וועלדער און שנייען.

און גייענדיק הערן זיי קרעכצן אין וואַלד.
זיי פאָלגן דאָס קול נאָך און טרעפן עס באַלד :
אַ מענטש ליגט אין שניי . . . זיי דערמונטערן אים,
דערציילט ער, אַז ער איז דעם פריצעס זון,
געגאַנגען אויף יאַגד און פאַרבלאָנדזשעט דאָ האָט ער,
אַ גאַנצע נאַכט זינקט ער אין זומפּיקער בלאָטע
און קען נישט אַרויס . . . און זיי נעמען אים ביידע
און פירן צום פריצעס פּאַלאַץ מיט פרייד אים.

אין פריצעס הויף איז געווייין און געיאָמער :
געזוכט אַזוי לאַנג און דעם זון נישט געפונען !
נישט אַנדערש . . . פאַרזונקען אַראָפּ איז אין תהום ער,
געשפּאָלטן דאָס אייז, צי אַריין אין אַ ברונעם.
איצט גרויס ווערט די שמחה, ער איז צריקגעקומען !
די פריצה פאַרווײנט האָט אים אַרומגענומען,
דער פריץ, באַדאַנקט זיי, ווייס נישט וואָס צו טון
מיט די־אָט וואָס האָבן געראַטעוועט זיין זון.

ער גיט זיי מלבושים, די קאַטש מיט די פערד
זיי זאָלן נישט דאַרפן צופוס גיין שוין מער
און גיט אַ משרת די קאַטש זיי צו פירן,
עס שענקט זיי די פריצה איר קעסטל מיט צירונג.
דער זון, דער געראַטעוועטער, הייסט זיי געבן
די קרעטשמע, כדי זיי זאָלן וווינען דערנעבן,
דער פריץ ווערט צום זונס בקשה מרוצה,
צו פירן די קרעטשמע זיין טייסטער ער גיט זיי.

דאָס נייע פאָרפאָלק איז מיט גאָטס הילף געוואָרן
אין אויגנבליק אויפגערעכט קיין עין־הרע
מיט צירונג, מיט געלט, מיט פּרנסה בכבוד,
כברכת בעל שם טוב, ר׳ זאב ור׳ דוד,
ואפילו די רייד וואָס דער קרעטשמער גערעדט האָט,
כאָטש ס׳איז זיין כוונה געווען נאָר צו שפּעטן,
דערפון זאָל זיך אָפּלערנען יעדער אַ מוסר
אַ מצוה ווי גרויס און ווי הייליק איר זכות איז.

ואשרי המאמין, און ווײל דעם וואָס גלויבט
אין הייליקן צדיק און זײַן הבטחה,
און האָפט צו דעם אויבערשטן, דאַנקט אים און לויבט,
ווען ס׳איז אים מקוים געוואָרן די ברכה.

און קיינמאָל עס ווערט נישט געשטרויכלט דער מאַן
וואָס ווייסט אַז דער יושר וועט ברעכן זײַן עלנט ;
אַזוי זאָלן מיר אַלע נאָך זוכה זײַן
צו דער גאולה שלימה, אמן סלה.

(פון בוך „בעש״ט־סימפאָניע״, וואַרשע 1933, 144 זייטן)

## כ׳האָב היינט מײַן צײַטונג נישט באַקומען...

כ׳האָב היינט מײַן רעוואָלוציאָנערע צײַטונג נישט באַקומען,
איך האָב געוואַרט אַ פערטל שעה, אַ האַלבע שעה, אַ שעה
און ס׳האָט דער בריוטרעגער געענטפערט מיר : נישטאָ.
דו ביסט, מײַן רעוואָלוציאָנערע צײַטונג, נישט געקומען.

נישטאָ . . . איך ווייס, געטרײַיעסטע, דו האָסט מיך נישט פאַראַטן.
דאָס האָט אויף דיר אַ פינגער אָנגעוויזן, אַ שוואַרצמאַהשער
און ס׳האָט דײַן מעכטיק מויל פאַרמאַכט די פויסט די פּאָליצייאישע.
כ׳האָב היינט מײַן רעוואָלוציאָנערע צײַטונג נישט באַקומען.

זיי זאָלן הונדערט זיגלען, שלעסער הענגען אויף דײַן טיר
און טויזנט קאָנפיס זאָלן זיי אַרויפלייגן אויף דיר,
כל זמן ס׳וועט נויט זײַן, בלוט און אָדערן און פאַפיר —
דײַן קול, מײַן רעוואָלוציאָנערע פרעסע, וועט נישט שטומען.

מיר וועלן דרוקן, דרוקן, דרוקן, אָן אָפּרו אומעטום.
אין דרוקערײַ, אויף שרײַבמאַשין, שאַפּיראָס, ליטאָס, העקטאָס,
אין קאַמערס, קעלערס, בוידעמס, וועלדער, סטאָדאָלעס און העקן —
און מאָרגן, אונדזער צײַטונג, וועט מען ווידער דיך באַקומען !

פאַריז, 1934

## אַ בריוו פון ביראָבידזשאַן

מיר אַרבעטן פראָסט דאָ און פשוט, וואָס האַקסטו אין לידער אַ טשייניק פון „העלדן״ ?
פון זומפּ און פון אורוואַלד מיר רײַסן אַרויס די סאָוויעטישע ווייצענע פעלדער ;
איז שטיינער די טייגע, טאָ בײַסן מיר אײַן זי מיט ציינער פון אַקער און טראַקטאָר ;
הער, ווי עס זינגען די זעגן פון מעבל־פאַבריקן אין וואַלד אין געהאַקטן ! . . .

מיר האָבן שוין ברויט צו דער זעט, און אַ טיש און אַ בעט, און אַ קינאָ־בילעט ;
קרייען קאָלווירטישע הענער, סירענעס וועקן אונדז אויף סאָצגעוועט ;
איך שרײַב און מיר קלינגט אין די אויערן דאָס העלע געזאַנג פון מײַן קליין פּיאָנערל :
„מיר בויען דעם סאָציאַליזם ...״ דאָס זעלבע פון דיר, ליבער חבר, צו הערן . . .

פאַריז, 1935

# אין רעדאַקציע

די גאַס פון רויזן־קוסטעס, די גאַס פון די ליליעס, די גאַס פון די מאַנדל־ביימער, די גאַס פון די קאַסקאַדן, דאָס פעלד פון די שוועלבעלעך, די גאַס פון קעניגלעכן ברונעם און זייער גלייכן — ווי דאָס קען דיר צעשפּילן די צעהיצטע פאַנטאַזיע פון אַ יונגן דיכטער, וואָס חלומט פון נאָטרע־דאַם און אייפל־טורעם, די בולוואַרן און מאָנפּאַרנאַס !

קומסטו אָבער אין די דאָזיקע גאַסן און לייענסט איבער די שיינע נעמען, ווייסע אותיות אויף בלאָע שילדלעך, מיינסטו ס׳איז איראָניע פון דער געשיכטע, .אַ חוזק־שפּיצל פון אַ לץ. דאָרט, וווּ די רויזן דאַרפן בליען — אַ שמאָל געסל צווישן פאַרשוואַרצטע, בייכיקע מויערן, וווּ די הויפן דעמפּן אַריין פאַרזויערטע ריחות פון קינדער־ווינדעלעך, די ענגע קלייטלעך — אַ געשטאַנק פון הערינג־פעסלעך און די קיינמאָל נישט אויסגעטרוקנטע קאַלוזשעס דערמאָנען אין גלופּסקער ערב שבת מיט זייער געדיכטקייט און אָפּפאַלעכץ. אין דעם זיגזאַגישן געסל פון די בלומען־בייטן — זוך נישט קיין קווייטן, אָדער גראָזן אויפן שמאָלן טראָטואַר און צעפּאָרענעם שאָסיי, וועסט גיכער טרעפן אויף אַ הינטישער קופּע, אויף אַ שנירל, וואָס אַ שיכור האָט אויסגעגאָסן אין דער וואַנט און עס שלענגלט זיך אונטער דיינע פיס, אָדער אין אַ טראָגעדיקע מויז, וואָס איילט פאַמעלעך, לויט דער עצה פון קייזער אויגוסטוס, אַריינצוגליטשן זיך אין דעם לאָך פון דער קאַנאַליזאַציע. און דאָרט, וווּ דו וועסט זוכן די פלאַטערנדיקע שוועלבעלעך, וועסטו טרעפן אָפּגעשיילטע ווענט און בלייכע קינדער־פּנימלעך צווישן וועש, וואָס טרוקנט זיך אין פאַרלאַטעטע פענצטער! לייג אַכט אויף דיינע טריט: קענסט נאָך אַרויפטרעטן אויף אַ קופּע אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע בעטלער, וואָס ליגן דאָ ביים טויער פון דער „סופּ פּאָפּולער" און וואַרטן, זיך קראַצנדיק און שלינגענדיק די סלינע, ביז די דאַמע אין בלאָען מאַנטל און שניי־ווייסן הייבל וועט אויסטיילן די זופּ מיט איר ווילטעטיק־זיסן: „נאָר נישט געשטופּט זיך".

יאָשקע האָט געוווינט אויף דער גאַס פון די רויזן־קוסטעס. אין די רעגן־טעג האָט דאָ אַ פּעטע בלאָטע זיך געקלעפּט צו די שיך, באַשפּריצט פון אונטער דורכפאָרנדיקע רעדער דעם מאַנטל, זיך געלייגט אויפן האַרץ. זומער האָט דאָ אין איבלדיקער דושנעקייט אַ שווייסיק־שטויביקע לופט פאַרפּרעסט דעם אָטעם, נישט אַריין און נישט אַרויס, געגעבן קאָפּ־ווייטיק. דאָס הויז — איינס פון די, וווּ אַכט טויזנט מענטשן שטאַרבן יערלעך אין פּאַריז אויף טובערקולאָז — איז געשטאַנען אין ראָג, געהערט פאַרהעלטנישמעסיק ריין. אַן אַלט פּאָרל קאָנסיערזשן (הויז־וועכטער), וואָס דער באַלעבאָס, אַ קאַרגער, בייזער ראַנטיע פון איל־אַדאַם, דער יטשטאָט פון גערטנער און פליאַזשעס, האָט דאָ אַריינגעזעצט מיט 40 יאָר צוריק און געהאַלטן אין שטענדיקער מורא אַרויסגעוואָרפן צו ווערן, האָט מיט ציין און נעגל געקעמפט מיטן דורותדיקן שמוץ און פוילונג, געווייסט די זיך קרישלענדיקע ווענט, געריבן די צעבראָכענע ברעטער פון די טרעפּ, פאַרשטאָפּט מיט סם די מייז־נעסטן, אויסגערויכערט מיט שוועבל די פריי־געוואָרענע דירות. עס האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. קיין כוח האָט נישט געקענט פאַרטרייבן די שטשורעס פון זייער ירושה־אונטערערד, די וואַנצן פון די לאַבירינטן און די צעפוילטע ליים און ציגל פון די ווענט, דעם שמוץ און שטויב, וואָס זענען געקראָכן אין די שפּאַרעס, אויף די פּאַרענטשעס, אויף די לייסטן און דראָטן פון אינסטאַלאַציעס, אומזעבאַר אומבאַזיגבאַר. איבעריקנס, דאָס אַלטע, קינדערלאָזע פּאָר פּאָלק, וואָס האָט פערציק יאָר געפירט די מלחמה, אַרויסגעקוקט ביים עסן, דער איינציקער אָפּרו־צייט, אין פינצטערן הויף, געעפנט דעם טויער יעדע נאַכט פאַר פאַרשפּעטיקטע געסט און געשאַצט לאָקאַטאָרן לויטן ניי־יאָר־געלט, האָט אָנגעהויבן מיד ווערן פון קאַמף און דאָס הויז האָט אָנגעהויבן וואָסאַמאָל ענלעכער צו ווערן צו זיינע שכנים אויף דער גאַס פון די רויזן־קוסטעס.

יאָשקע איז אַהער אַריינגעפאַלן גאַנץ צופעליק: ווען ער האָט פאַרלאָזן זיין האָטעל אויף רי קליני און דערמיט דעם לאַטייּנישן קוואַרטאַל און זיין שטודירן אין דער סאָרבאָנע אויס מאַנגל אין געלט־מיטלען, האָט אים אַ באַקאַנטער געגעבן דעם אַדרעס פון אַ פרייער ביליקער דירה. דער צופאַל איז דאָ געווען אַ פּרט פון אַ געזעץ: די פאַרקייטלונג פון באַקאַנטשאַפטן און די גראַוויטאַציע פון דער אָרעמקייט האָט אין דעם דאָזיקן מין גאַסן צונויפגעקליבן דעם רוב פון דער יידישער איינוואַנדערונג. אין יעדער שטוב כמעט האָט געזעגט אַ ניי־ראָד מיט אַ עלעקטרישן מאָטאָר, האָט געקלאַפּט ווי אַ זייגער אַ טריקאָטאַזש־מאַשין, אָדער אַ לעדער־שטעפּעריי. פון יעדער שטוב כמעט האָבן אויסגעצערטע, שלעכטראַזירטע יידישע פּאַסאַזשירס געטראָגן צו די גרויסע „מעזאָנען" פון אַבוקיר, סאַנטיע, פּאָבור פּואַסאָניער אין שוואַרצע „טואַלעטן", דאַמען־מאַנטלען, מענער־אַנצוגן, ענדעמיאַבלהעמדער, קינדער־הויזלעך, קויטשוק־מאַנטלען, לעדער־טאַשן, קאַסקעטן, סוויטערס. אין „מאָרט־סעזאָן" איז מען מער געזעסן אין די קאַפעס, געטרונקען טיי, געשמועסט פּאָליטיק און אַריינגעכאַפּט אַ קערטל. יאָשקען איז די דירה געפעלן: עס איז געווען היימיש צווישן אייגענע. און באַלד אינדרויסן, אַראָפּגייענדיק עטלעכע שריט, איז ער שוין געווען אויפן פּלאַץ פון שטאָט־ראַט, אָדער שאַטלע, אין האַרץ פון פּאַריז, דאָרט ווו די רויטע בלוטן פון אַרבעטנדיקן און האַנדלדיקן טאַמפּל, באַסטיל, בעלוויל, קרייצן זיך מיט די בלאָע שטראָמען פון היסטאָרישן, לוקסוסדיקן לוווּר, טיולערי, סען זשערמען, שאַנזעליזעי, טרעפן זיך צוזאַמען, אָבער מישן זיך נישט אויס...

איבעריקנס, אין דער היים פלעגט ער זיין נישט מער ווי

אַ גאַסט צום שלאָפן. דריי ביינאַכט איז ער אַהיימגעקומען, אויב ער האָט געמאַכט די ערשטע זייט אין רעדאַקציע און נישט קיין סך פריער, ווען ער האָט געהאַט אַ „פרייען אָוונט", פון אַ זיצונג, אָדער רעפעראַט. אינדערפרי פלעגט ער פאַר־צירעווען אַ פּאָר זאָקן, לייענען אין בעט אַ בוך, אָדער אַפּטער — דעם נעכטן אַהיימגעברענגטן פּאַק צייטונגען. דערנאָך — אַ שנעלער קוק אין דרוקעריי, צי עס פעלן נישט אויס קיין „שורות" צום זעצן. על פּי רוב האָט אויסגעפעלט, האָט ער אויף דער שנעל אויסגעשניטן אַ פּאָר „פּאַרעווע" נייעס פון די אויסלענדישע יידישע צייטונגען: עקסצעסן אויף דעם וואַר־שעווער אוניווערסיטעט, צוזאַמענשטויסן אין פּאַלעסטינע, אַ יידן־פריינטלעכע רעדע פון אַ ניו־יאָרקער דעמאָקראַט. ביים

דער באַל

[illegible]

— קום און, הייסט עס, דער לעצטער אויפן באַל!
— אַז איך בין דאָ געווען דער ערשטער, איך נעם [illegible]!
— האָט זיך דער לעצטער געטראָפן מיט דער ערשטער אַז...
[illegible]

פאַקסימיליע פון מ. נאַדלערס כתב־יד.

מיטאָג אין רעסטאָראַן האָט ער זיך געמוזט צויאָגן, אַדורכ־קוקן בשעת מעשה אַ מאָרגן־בלאַט. 2 בייטאָג איז געווען די רעדאַקציע־זיצונג, דערנאָך דאָס טאָג־טעגלעכע אַרטיקל, רע־פּאָרטאַזש, קלייניקייטן, לייענען בריוו, אויפנעמען אַ באַזוכער — ער איז געווען סעקרעטאַר פון רעדאַקציע — צוגרייטן די מאַטעריאַלן צום דרוק. אַן אַטעמלאָזער, ביים רויש פון די לי־נאָטיפּן אין שכנותדיקן צימער, טומל פון באַזוכער, שמועסן פון קאָלעגן. אין אָוונט איז שוין דער קאָפּ געגאַנגען אויף רעדער: די האַנט־זעצער האָבן באַדאַרפט אויסשטעלן די זיי־טען, דאָ איז אַן אַרטיקל געווען צו קורץ, דאָרט — אַ באַ־ריכט צו לאַנג. די לינאָטיפּיסטן האָבן געפאָדערט שורות, די צייט האָט געיאָגט ווי אַ בייטש; די טעלעגראַמעס זענען שטענ־דיק געווען נישט פאַרענדיקט, אַ האַלבער טאָג פון וואַלן, דער ערשטער טייל פון אַ רעדע, די דערעפענונג פון פּאַרלאַמענט־זיצונג. די צייטונג טאָר נישט פאַרשפּעטיקן צום צוג פאַר דער פּראָווינץ, צו די אויטאָבוסן — פאַר פּאַריז. ערשט שפּעט ביינאַכט, ווען די לעצטע אייזערנע פאָרמע, די ערשטע זייט, איז אַראָפּ אין דער דרוקעריי, האָט ער אָפּגעאָטעמט, זיך אָפּגעווישט דעם שווייס, זיך אָפּגעוואָשן צוזאַמען מיט די אַר־בעטער, און געקוקט שפּילן אַ שאַך, אָדער שמועסן אין קאַ־פע ביז צו דער שעה פון נאַכט־אויטאָבוס. אַט אַזוי זענען געּ־לאָפן די מעת־לעתן, די וואָכן, די חדשים, דינאַמישע, שטענ־דיק ענלעכע און קיינמאָל נישט דיזעלבע.

יאָשקע האָט אויפגעפּראַלט די פענצטער, אַ בליק געטון פון דער הויך פון 6־טן שטאָק, ווו די דעמפּיקע לופט פון שמוציקן געסל איז נישט דערגאַנגען, דאַקעגן האָט זיך אי־בער די דעכער און כלערליי־פאַרביקע קוימענס געעפנט אַ מאַלערישע פּערספּעקטיוו. דורך דעם צוויינג־געוועב פון די נאַקעטעביימער האָט זיך רעכטס אַרויסגעשיילט אַ פאַרנעפּלטער שפּיץ פון אייפעל־טורעם, וואָס האָט זיך פאַר־אַכטנדיק די מיטלאַלטערלעכע היטלעך פון יוסטיץ־פּאַלאַץ זיך צונויפגערעדט מיט זיינס גלייכן; די געקרוינטע מאַסיוון פון נאָטרע־דאַם און זיין שלאַנקער, גאָטישער פייל. אַלס אַנ־טענעס האָבן דערוויל געדינט די זון־שטראַלן, אָבער יאָשקעס אינזשעניערישער קאָפּ האָט שוין גערעכנט צי וועלן נישט צו שווער זיין די דראָטן פון ווירקלעכע אַנטענעס צווישן ביי־דע ריזן פאַר דער גרעסטער ראַדיאָ־סטאַציע אין דער וועלט. ער וואַשט זיך שנעל, רייבט די ציין ווי קיינמאָל, ראַזירט זיך, פּוצט זיך — נישט אַזוי צוליב דעם מיניסטער, וואָס ער וועט באַלד זען, ווי צוליב יונקען, מיט וועלכער עס קען זיין ער וועט זיך טרעפן.

לעצטנס האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער זיסער פויל־קייט פון פאַרמיטאָג, די צייטונג איז געוואַקסן מיטן פאָלקס־פראָנט, געוואונען מער סימפּאַטיקער. מען האָט אויך ווייניקער מורא געהאַט זי צו קויפן, זי באַקומט מער לייענער, מער זייטן, אַ גרעסערן פאָרמאַט. די רעדאַקציע ציט זיך איבער אין אַ באַקוועמערן לאָקאַל, עס וואַקסט אָבער אויך די אַר־בעט. און דאָ איז אַ חבר אַוועק אין שפּאַניע. יאָשקע האָט אַן ערן־אויפגאַבע: אַנקעטע צווישן די פראַנצויזישע מלוכה־מענער וועגן אויסלענדער. די רעכטע פּרעסע אַטאַקירט איצט אויף דעם פראָנט־אָפּשניט און עס נויטיקט זיך קעגנמאַבלי־זירן די עפנטלעכע מיינונג ; זאָלן זיך די דעמאָקראַטישע דע־פּוטאַטן, מיניסטאָרן, סענאַטאָרן, שרייבער, קינסטלער אַרויס־זאָגן אין דעם ענין. דאָס וועט אויך צוגעבן מוט די יידישע מאַסן נישט צו פילן זיך פאַרפרעמדט, צו פאַרבינדן זייער גורל מיטן קאַמף פון פראַנצויזישן פאָלק. אויף היינט צען פרי האָט ער אַ ראַנדעוווּ מיט אַ ראַדיקאַלן מיניסטער, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקענט הינטער אַ טריבונע פון אַ מי־טינג, ווו יענער איז ווייך געוואָרן ווי פּוטער, שנעל פאַר־לירנדיק פון קאָפּ זיינע צוזאָגן, אָבער נאָך האַבנדיק אין

די אויערן די שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן פון דער מאַסע.

יאַשקע איילט זיך מיטן אַנטון, לאָזט דורך דעם פּלירט מיט דער עלזאַסער שכנטע אין קעגנאיבערדיקן פּענצטער. ער טאָר נישט פאַרשפּעטיקן. אָבער דאָס אויפרייסן זיך פון טיפן שלאָף ברעכט מיט אַ מידקייט אין די גלידער און האַמערט אין דער רעכטער שלייף מיט אַן אַנזאָג פון קאָפּוויי־טיק. ער אָטעמט איין די ערב־פּריליגנדיקע לופט, וועלכע דער ווינט ברענגט, רעדט ער זיך איין, פון די ווייטע גערט־נער און פעלדער און דערפילט פלוצים ווידער דעם שאַרפן שטאָך, דערזעלבער ווי נעכטן, אין דער לינקער לונג. איינ־מאָל אַריין, אינסטאַלירט זיך דער ווייטיק, וואַקסט, וויל נישט אַפּטרעטן. הוי! פון באַנקעס שטעלן קען קיין רייד נישט זיין. ס'איז נישט קיין צייט דערויף. ער קען זיי נישט פאַר־טראָגן נאָך פון קינדווייז אָן, ווען ער האָט געזען ווי דער פעלדשער ברענט זיי מיט זיינע בלאָע פייערלעך און שטעלט זיי זיין טאָטן, וואָס קרעכצט דערנאָך, ווען מען נעמט זיי אַראָפּ פון געשוואָלענעם, צערודערטן לייב. ער דערמאָנט זיך אַ שלל צייטונג־אַנאָנסן פון עפּעס אַ רויטער וואַטע, „דער טייוול" דאַכט זיך, וואָס ברענט אויס אַלע שמערצן. טאָן מיע! (איז בעסער אַזוי!) ער קויפט עס שנעל אין אַן אַפּטייק, רוקט עס זיך אַרונטער אונטערן העמד אין אַ טעלעפאָן קעמערל אין אַ קאַפע. אין אַנהויב קילט עס, דאָס שטעכן אין זייט ווערט שטאַרקער, באַלד בראָט עס ווי מיט פלאַמען. די אויפ־שריפטן מיט בילדלעך הייסן עס טראָגן אין בעט, איינעצן, האַלטן בלויז אַ פּאָר מינוט.טאָן פי! (פאַרפאַלן!) אין מעטראָ פאַרבייסט ער די ציין פאַר ווייטיק, מענטשן קוקן אים אָן. ביים טויער פון מיניסטעריום — אַ נייַ מאַרמאָר־הויז — די בלאָ־ווייס־רויטע פאָן האָט זיך שעמעוודיק פאַרוויקלט אַרום דער שטאַנג, לאָזט דער ווייטיק אַביסל אָפּ.

ווען דער „הואיסיע" מיטן באַנד אַרום האַלדז פירט אים אַריין אין אויפנאַם־צימער — ברייטע פּענצטער, העלע טע־פּיכער, אַקאַזשו־מעבל, מאָדערנער סטיל — זעצט ער זיך אַריין אין טיפן גרינעם פאָטעל קעגן דעם הויכן מיניסטע־ריעלן טיש, פילט אין דער פלייצע אַ וואַרעמקייט ווי אין דער היים,ביים אויוון. ער פאַרשרייבט שנעל די ווערטער און זעט כמעט נישט מיט וועמען ער רעדט. די מאַנאָטאָנע שטימע פון מיניסטער רעציטירט דעם צוגעגרייטן, שאַבלאָ־נעם ענטפער: „פראַנקרייך איז דאָס לאַנד פון גאַסטפריינט־לעכקייט. מיר גיבן אַזיל־רעכט די גוטע, אַרבעטזאַמע אויס־לענדער. מיר מוזן זיך היטן פאַר די שעדלעכע עלעמענטן, מיר דאַרפן באַפאָרצוגן די פראַנצויזן. מיר האָפן...". אין די פלייצעס וואַרעמט און ס'שטעכט...

♦

די רעדאַקציע־זיצונג, כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג, האָט זיך נאָכנישט געהאַט אָנגעהויבן. דער שעף־רעדאַקטאָר זשאַק האָט אויסגעשפּרייט די צייטונג פון אינ־דערפרי, ווו עס זענען געווען אָנגעצייכנט מיט אַ רויטן און בלאָען בליישטיפט די פעלערן, זיך געווישט די ברילן, גע־קוקט אויפן זייגער. דער ברייט־פּנימדיקער הערשל, רעפּאָר־טער פון „פּאַריזער צייט" האָט באַטראַכט דעם שפּיץ פון רעכטן שוך, וואָס איז געווען אויסגעריבן און כמעט אָפּגע־ריסן. דער קוועקזילבערדיקער אַרקע, האָט אויף דער שנעל צוגעגרייט עטלעכע ידיעות פון דער יידישער טעלעגראַפן־אַגענטור פאַרן שטענדיק נאָך־שורות־הונגעריקן-זעצער, רעדנדיק גלייכצייטיק מיט טאַנקינען, ווען יאַשקע איז אַריין.

— מען וואָלט שוין געקענט אָנהויבן — זאָגט זשאַק, אַנ־טוענדיק די ברילן — איז הערמאַן נאָך נישטאָ.

סטור־באַזואַלעצער ליליעס.

[illegible]

פאַקסימיליע פון מ. נאַדלערס כתב־יד

דיכטער הערמאַן, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר ליטעראַ־טור, קונסט, פאַרן ראָמאַן קומט אַריין פּאַמעלעך, בלאָזט אָפּ אַ שטויבעלע פון הוט, מאַכט גוט דעם קנייטש אין הויז און זעצט זיך. די זיצונג הויבט זיך אָן אַ רואיקע, מיט דער רו פון אַן אָנגעזעטיקטן קאָנדענסאַטאָר, ווו טויזנט וואָלט האַלטן זיך ביי די ציין, אָבער קיין פונקט זעט מען נישט. יעדער נעמט אַ וואָרט צו דער קריטיק פון דער צייטונג: דאַלאַדיעס באַ־זוך ביים פּרעמיער לעאָן בלום איז פאַרגעשטעלט, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט בלויז וועגן דער פאַרשפּעטיקטער דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג, בעת זיי האָבן זיכער געשמועסט, ווי די „הומאַניטע" ווייזט היינט אויף, וועגן דער נישט־אינטערווענץ אין שפּאַניע; עס פעלט די ידיעה וועגן דער באַן־קאַטאַסטראָפע ביי סענט־עטיען; ס'איז גוט, וואָס מען האָט אָפּגעגעבן אַזויפיל פּלאַץ דער רעדע פון באַקאַנטן פירער, אָבער מען האָט נישט באַדאַרפט אַרויסרוקן אויבנאָן צוליב טעמים פון לעגאַליטעט; די באַשרייבונג פון סאָוויע־טישן פּאַוויליאָן אויף דער וועלט־אויסשטעלונג ליידט אויף

צופיל „ליטעראַטור״, וויניק פּרטים; אין באַריכט פון דער ענטשקע־פאַך־פאַרזאַמלונג פעלן די נעמען פון דער קאָ־מיסיע; קען מען זאָגן אויף יידיש „אור־פּרעמיערע?״...

די דיסקוסיע אַנטוויקלט זיך שאַרף, לעבהאַפטיק, בייִ־סיק. עס וואַקסט די פּאַרטייאישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, עס ברייט דאָס באַוווּסטזיין, אַז טויזנטער אויגן לייענען דאָס היינט, טויזנט מוחות טראַכטן, טויזנטער הערצער פרייען זיך אָדער טרויערן לויט אָט די אַרויסגעלאָזטע, ווי די טויבן, אומצוריקרופלעכע שורות, לויט אָט דער לאָווע, וואָס פאַר־מירט אַ שיכט, אַ דור, אַ קלאַס.

מיט מי פאַרגלעט זשאַק די פאַרשפּיצטקייט, פירט אַרויף דעם שמועס אויף אַ גלייכן וועג, אַ חברישן. יאַשקע ווישט זיך אָפּ דעם שווייס, די הויכשפּאַנונג האָט אים אויסגעמאַ־טערט. ער פילט מער נישט די שטעכונג, נאָר אַ מידיקייט טיף ביז צום מאַרך. דעם „טייוול״־קאָמפּרעס האָט ער שוין אויסגעטון, אָבער די צוויי „גראַגן״ — טיי מיט ראָם, אַ מיטל קעגן פאַרקילונג — פאַרן אים אין קאָפּ אַריין. ער וויל זיך אָפּזאָגן פון ווייטער פירן די אַנקעטע, אָבער ביים פאַרטיילן די אַרבעט, זעט ער, ס׳איז דאָ אַזויפיל, אַז אויך די אַנדערע זענען איבערגעלאָדן: איבערבליקן פון דער וואָך פאַרן זונטיק־נומער, אַ ספּעציעלע זייט פאַרן יאָרטאָג פון ביראָבידזשאַן, די מאַניפעסטאַציע צו דער קאָמונאַרן־וואַנט, סינדיקאַלע פאַרזאַמלונגען, רעפּאָרטאַזשן פון דער אויס־שטעלונג.



די פעדער איז געלאָפן איבער פּאַפּיר און פריש־פאַרשרי־בענע זייטלעך האָבן זיך אָנגעזאַמלט. די אויגן האָט אָבער היפּנאָטיזירט דער שוואַרץ־לאַקירטער טעלעפאָן אויפן טיש און די האַנט האָט געצויגן ווי אַ מאַגנעט אַ נעם צו טון דאָס טרייבל. עטלעכע דריי ביים רעדל, דריי אותיות און פיר ציפערן און אין טרייבל וועט אַ וויברירער טון אַ שטים, אַ סאַמעטן־גלאַטע און אַ צאַפּלדיקע, ווי די שוואַרצע פעל פון אַ יונגן הונט, יונקעס שטים, אַ העלער טאָן, אַ בלאָנדער שויט האָר, אַ וואָרעמער שמייכל אויף אַ זיידענער הויט, באַזונדערס דין אונטער די בלאָע, אמת־זאַגנדיקע אויגן — יונקעס פּנים. דער טעלעפאָן קלינגט.

— דער „אַרבעטער״? איך וואָלט געוואָלט אַריינגעבן אַן אַנאָנס... שרייבט...

— ווענדט זיך אין אַדמיניסטראַציע, טעלעפאָן־נומער...

יאַשקע לייגט אַוועק דאָס טרייבל, די האַנט הויבט עס צוריק אויף און די פינגער דרייען...

עס בורטשעט. ווידער די זיסלעך־צעקראָכענע שטים פון דירעקטאָר: „ווער רעדט?״ יאַשקע ברומט אָפּ אַ „פאַרדאָן״, ס׳איז אַ „טעות אין נומער״ און האַקט אָפּ. שוין עטלעכע מאָל אַזוי, אויב נישט יונקע, נאָר מינקאָווסקי ענטפערט, וויל ער זיך נישט אויסגעבן. דער דירעקטאָר וועט זיכער זאָגן, אַז יונקע איז נישטאָ און עס וועט אים נישט פּאַסטן צו קלינגען אַ צווייט מאָל.

ער שרייבט ווייטער. אין האַרצן וואַקסט אַ קילקייט, אַ הוילקייט, קלאַפּט אַן אומרו. מינקאָווסקי און יונקע גאַנצע טעג צוזאַמען, אַליין, אמת, ער גראָט שוין, אָבער אַלע אָנגע־זעענע פילמען, אָנגעלייענטע ראָמאַנען, אָנגעהערטע מעשיות זויגן איין אין בלוט אַ ביטערע גיפט, אַ באַקציל, אַ צווייפל. און אפשר וועט זי היינט אָוונט אַוועק מיט יענעם אין סי־נעמאַ? און אפשר לאַכט זי איצט פון אים אין צימער פון איר דירעקטאָר? אין קאָפּ רוישט ווי אַ מאָטאָר און די האַנט ציט שוין ווייטער צום טרייבל, אַ מאַגנעט. ניין, ער מוז פריער פאַרענדיקן דאָס לעצטע זייטל. נאָך גוט, וואָס עס איז בלויז אַן אינטערוויו, איבערצושרייבן די פאַרצייכענונ־גען, נישט עפּעס אַ פּראָבלעמאַטישער אַרטיקל.

ער דרייט ווידער די ציפערן, די אותיות, איז זיך טועה אין אייַלעניש, דרייט נאָכאַמאָל. יונקע. זי ענטפערט קאַלט, טרוקן, ביוראָקראַטיש. אַ שטים פון אַן אָנגעשטעלטער, וואָס האָט מורא אַ שמייכל צו טון אין אָנוועזנהייט פון דירעק־טאָר. ווען? ניין אָוונט? — גוט. ווו — ווי געוויינלעך. — נאָר פּינקטלעך! — קומט צו מיט אייער קינד, וועט מען זען צי מען קען עס אויפנעמען אין אַנשטאַלט. צום ווידערזען. לעצ־טער צוגאָב, אַ שטיפעריי אָפּצונאַרן מינקאָווסקין, אַז דאָ רעדט אַ טאַטע, וואָס וויל איינשרייבן זיין אָרעם קינד, דער־פרייט יאַשקען, ווי אַן אַלץ־צוזאָגנדיקער ווונק מיט אַן אויג פון אַ היימישער פרוי אין אַ פרעמדער געזעלשאַפט.

דאָס שיק־יינגל פון דער ראַדיאָ־אַגענטור ברענגט אַ פּאַק טעלעגראַמעס. ער בלעטערט זיי, פייפנדיק אַ ליד. ס׳איז מאָדנע, ווי עס טרעפט אַ טאָג מיט סאַמע גוטע נייעסן...

(קאַפּיטל פון אַ נישט־פאַרענדיקטן ראָמאַן, געשריבן בעת דער אָקופּאַציע. דאָס קאַפּיטל שילדערט די רע־דאַקציע „נייע פּרעסע״ אין די יאָרן 1936־1937. אין יאַשקען דערקענט מען מוניע נאַדלערן).

# ט. עלסקי



געבוירן אין וואַרשע, אין 1909, געלערנט אין חדר און זייער יונג אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ טעקסטיל־פאַבריק צוזאַמען מיט זיין מאמען, דער אלמנה. פיל געלייענט, באַזוכט די אָוונט קורסן ביי די פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען. ארום 1928 אויסגעוואַנדערט דורך דער טשעכאָסלאָוואַקיע, דייטשלאַנד קיין פּאַריז. אַקטיווער מיטגליד אין ספּאָרט־קלוב „יאַסק". אין 1936 — דעלעגאַט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אָלימפּיאַדע אין באַרצעלאָנע. פאַרבליבן אַלס קאָרעספּאָנדענט פון דער „נ. פּרעסע", „מאָרגן פרייהייט" און „עמעס". באַזוכט אַלע פראָנטן. אין 1939 איז דערשינען זיין בוך רעפּאָרטאַזשן „אויף די פראָנטן פון שפּאַניע". דעפּאָרטירט אין 1941. אומגעקומען שפּרינגענדיק פון צוג.

י. פּינער

## דער רעפּאָרטאַזשן־שרייבער ־ ט. עלסקי

לייבל ט. עלסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1909 אין וואַרשע, אויף דער שמאָלע־מילע גאַס, ביי א מוטער, א בייגל־הענדלערין. אָרעמקייט צו אָרעמקייט איז נאָך נישט גלייך. עס איז סתם אַ וואונדער, ווי אזוי אַ מענטש האָט זיך בכלל געקענט אויפהאָדעווען אין אזא דחקות, ער איז אָבער ארויסגעקומען פון א סביבה, וווּ די מענטשן לעבן זעלטן זייער הײנט, שטענדיק וואַרטן זיי אויף זייער מאָרגן און אלע זייערע וועגן זענען זאַמדיקע, מיט שטיינער באדעקט און לאנגע, איינזאַמע.

דאָס לעבן פון עלסקין איז געווען אַ שטענדיקער געראַנגל, א זוכענישט און א בענקשאַפט; פון דערוואַרטונג צו בענקשאַפט, פון אנטוישונג צו טרוים און פון טרוים צו רעאַליטעט.

ער פלעגט אָפט צו מיר זאָגן, לאַכנדיק:

— די פאַריזער בולווארן זענען גאַסטפריינטלעך. עס אַרט זיי נישט, וואָס אַ מאָרגנדיקער גייט אויף זיי שפּאַצירן.

מיט אַ וואונדערלעכער עקשנות פלעגט ער דורכהאַלטן די נויט.

לעבנדיק לאנגע יאָרן אין פאַריז, האָט ער טיף באהאַלטן ביי זיך אין הארצן דעם וואַרשעווער באַזונדערן חן, וואָס די דאָרטיקע סביבה האָבן אים מיטגעגעבן, דאָרטן ביי די ברעגן פון פלאכן לאַנד, ווו עס ענדיקט זיך די שטאָט, האָט זיך פאַר אים אנטפּלעקט די אומגעהויערקייט פון די האָריזאָנטן, פונעם טאָל, ווו די ווייסל ציט זיך ביז אין די אומענדלעכע ווייטקייטן. ער האָט די ערשטע טריט געמאַכט און פאַרבלאָנדזשעט אין דער פאָרשטאָט פראַגע און פונדערוווייטנס דערזען זיין נעסט: די שמאָלע געסלעך באַלייגט מיט קינדער, קאַפּאָטעס, בייגל־הענדלער, מיידלעך, הערינג־פּאַרקויפערנס, יידן מיט אייז־וואַסער און אַלטע ווייבער מיט צוקער־באָבעס. עס האָט אים נאָך געשווינדלט פאַר די אויגן די טונקלקייט פון די וווינונגען אין טריבן ליכט פון די ענגע דורכגענג, אָן גליק און אָן זון.

אין יענעם טאָג האָט ער געענומען פאַרשטיין זיין לעבן, ווען ער איז אריבער די ווייסל, אויף יענער זייט בריק.

אויסגעוואַקסן איז ער מיט א ווילן, וואָס האָט זיך געריסן צו שיינקייט, צו דערהויבנקייט, מיט אַ טיפער בענקשאַפט צו אַ שענער לעבן.

די ווייט גרעסטע טייל פון זיין דור האָט געפונען א וואונדערלעכן סינטעז צווישן דער וויזיע, וואָס זיי האָבן איינגעזאַפּט אין די אָוונט־שולן און דער הארטער ווירקלעכקייט ארום זיי. זיין אָרעמע מאמע איז פאַר אים נישט סתם א בייגל־הענדלערין, נאָר זי ווערט איינע פון די העלדן, וואָס לייבל האָט אין

זיינע יינגסטע יאָרן געפונען אין די ביכער, וואָס ער פלעגט לייענען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. עלסקיס טרוימען האָבן געצויגן די יניקה אין די קוואַלן פון דער געשיכטע: דאָס שטורעמען די באַסטיליע, די באַריקאַדן אין 1848, דאָס יאָר 1905. די ערשטע טריקאָטאַזש - פאַבריק, וווּ ער האָט געלערנט זיין פאַך, צוואַקסט זיך אין זיין פאַרשטעלונג. ער פילט זיך נאָך שוואַך, אָבער שוין אַ גליד פון אַ משפחה, וואָס האָט אויף זיך אַ היסטאָרישע מיסיע.

אַלץ, וואָס קומט פאָר אין טעגלעכן לעבן: אַ מיטינג, אַ לוין־שטרייק, אַ פאַרזאַמלונג, אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע, אַ דע־מאָנסטראַציע — דאָס אַלץ זענען זאַכן מיט אַ טיפן, סימבאָ־לישן אינהאַלט, ס'איז פאַראַנען אין זיי אַן אינווייניקסטע שייכות צו דער גרויסער זאַך, וואָס דאַרף קומען.

ס'איז קיין ווונדער נישט, וואָס אין 1936, ווען לייבל עלסקי האָט זיך געפונען אויף דער באַרימטער ספּאָרט־אָלימ־פּיאַדע אין באַרצעלאָנע און עס איז אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג אין שפּאַניע, האָט ער שוין נישט געקלערט וועגן צוריקפאָרן און שנעל אויסגעקליבן זיין וועג.

איך וויל דאָ דערמאָנען עלסקיס רעפּאָרטאַזשן „אויף די פראָנטן פון שפּאַניע" און ברענגען אַן אויסצוג פון דער פאָר־רעדע פון עגאָן ערווין קיש, וואָס כאַראַקטעריזירט אַזוי גוט אָט דעם יונגן קריגס־קאָרעספּאָנדענט.

„אין די זומער־טעג 1936 האָבן די שפּאַנישע געשעענישן אָנגעפילט די וועלט מיט שרעק, זאָרג און האָפענונגען.

פון די אָפיציעלע און פריוואַטע טעלעגראַמעס פון די צייטונגען איז שווער געווען זיך צו שאַפן אַ בילד וועגן דער לאַגע. נאָר די באַריכטן, אַרטיקלען און פעליעטאָנען פון איינציקע ספּעציאַליזירטע באַריכט־אָפּגעבער פון דער פאַשיס־טישער און אַנטיפאַשיסטישער פרעסע האָבן דערמעגלעכט עפּעס צו וויסן און פאַליטיש אָפּצושאַצן די אַטמאָספערע פון דעם זיך־אַנטוויקלענדיקן בירגער־קריג. צוויי ענגלישע צייטונגען, צוויי סאָוועטישע, איין פראַנצויזיש וואָכנבלאַט, איין דייטש וואָכנבלאַט און מאַדנע, אויך אַ בלאַט אין דער ייִדישער שפּראַך, אַ פּאַריזער צייטונג, די „נייע פרעסע", האָט גע־ליווערט אַזאַ מאַטעריאַל.

„אונטער די אַרטיקלען פון דער דאָזיקער ייִדישער צייטונג איז געווען אונטערגעשריבן דער נאָמען ט. עלסקי. דער־דאָזיקער עלסקי האָט געשריבן אָן פראַזן, אָן שום פּאָמפּע, אָבער ער האָט געשריבן זאַכלעך, זייער פּשוט, און דער אָב־יעקט, וועלכן ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל איז געווען דער וויכטיקסטער פון די שפּאַנישע געשעענישן: זיין אָב־יעקט איז געווען דער מענטש. דאָס זענען געווען אויסגע־צייכנטע באַריכטן.

„מיט דעם דאָזיקן עלסקי האָב איך זיך באַקאַנט אין טע־רועל נאָכדעם, ווען די רעפּובליקאַנער האָבן איינגענומען די שטאָט, און איך האָב אים דערקענט נאָך בעסער, ווען פראַנ־קאָס קאָנטער־אָפענסיווע האָט זיך אַנטוויקלט און עס זענען פאָרגעקומען די שווערסטע און בלוטיקסטע שלאַכטן פון דעם דאָזיקן גרויזאַמען קריג.

אין אַ ציוויל־אַנצוג, אין אַ ווייניק מיליטערישער האַלטונג האָט ער זיך געפונען פאַר די סאָלדאַטן פון דער ערשטער ליניע. ער האָט גערעדט מיט זיי און זיך עס פאַרצייכנט אין זיין נאָטיץ־ביכל. דאָס וואָס ער האָט קודם־כל געזוכט און פאַרצייכנט: דעם מענטש. אַלע האָבן געהאַט צו אים צו־טרוי, זיי האָבן געפילט, אַז ער איז אַ מענטש פון זייער קלאַס, פון זייער אָפּשטאַמונג. זיין אָפּשטאַמונג איז די אָרעמקייט. די שמאָלע-מילע גאַס פון וואַרשעווער געטאָ איז איינס פון די על־טסטע געסלעך אין וואַרשע. דאָרט אַרבעט זיין מוטער זייט איר יוגנט, כדי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט. דאָרט איז עלסקי מיט 29 יאָר צוריק געבוירן געוואָרן. זיין קינדהייט און יוגנט זענען אויסגעפאַלן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. הונגער און קריג זענען געווען זיינע ערשטע דערציער. דער צווייטער דערציער איז געווען דער פאַברי־קאַנט, פאַר וועלכן עלסקי האָט געשטריקט טריקאָטאַזש־אַר־טיקלען. דער דריטער איז געווען דער פאַריין פון די טעקס־טיל־אַרבעטער. זיין שפּעטערדיקע לערערין איז געווען די לי־טעראַטור. ער נעמט פון דער ביבליאָטעק ביים פּראָפעסיאָ־נעלן פאַריין אַזויפיל ביכער, וויפל מען באַרגט אים נאָר. ער לייענט ביים ליכט פון אַ נאַפט־לעמפל אין דער שטוב, וווּ עס שלאָפט אויך זיין מוטער, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

זייענדיק אַלט 20 יאָר, גייט ער פון דער וואַרשעווער גע־טאָ אַרויס אין דער וועלט. ער וואַנדערט דורך טשעכאָסלאָ־וואַקיי, דורך דייטשלאַנד, דורך דעם באַזעצטן רור־געביט, דורך דער פראַנצויזישער גרענעץ קיין שטראַסבורג, קיין פּאַריז. אין פּאַריז געפינט ער אַרבעט ביי שטריקערייַ. דעם 17־טן יולי 1936 איז ער געפאָרן מיט אַ ספּאָרט־דעלעגאַ־ציע קיין באַרצעלאָנע, וווּ עס האָט געדאַרפט פאָרקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלע פאָלקס־אָלימפּיאַדע.

„אַלץ איז געווען אימפּאָזאַנט און יום־טובדיק. מען האָט גע־טאַנצט אין די גאַסן... אָבער נישט אַזוי גייט דורך די גאַנצע נאַכט. אין די שעהן פון באַגינען האָבן די אָפיצירן באַפוי־לן די סאָלדאַטן פאַרלאָזן די קאַזאַרמעס.

„עס הייבן זיך אָן איבערפאַלן פון די מאַכט־רויבער. עס ווערן געלאָזן אין גאַנג קוילנוואַרפער, האַנט־גראַנאַטן, קאַנאָ־נען און אַנדערע געווער.

„דער גענעראַל האָט באַפוילן: באַפרייען שפּאַניע פון פאָלקס פראָנט, ראַטעווען דאָס לאַנד פון באָלשעוויזם.

מיט די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע פרייוויליקע, וואָס זע־נען אַוועק צום פראָנט, גייט אויך מיט עלסקי, דאָס איז געווען די ערשטע גרופּע אויפן נאָמען „טעלמאַן". אַלע פאַזן פון פוטש, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בירגער־קריג און פון בירגער־קריג אין אַן אינטערווענץ־קריג, האָט עלס־

קי געשילדערט אלס מיטקעמפער און אלס עדות, וואָס האָט אליין געזען".


מ. עלסקי

# אויף די פראָנטן פון שפּאַניע

רעפּאָרטאַזשן

פאָרוואָרט פון עגאָן ערווין קיש

ערשטער בוך

פאַרלאַג פון א. ב. צעראַטאַ / פּאַריז

1939

די העכערע וועלט פון גרויסע מעשים, טראגיק און טיפער שיינקייט — דאָס איז געווען די גייסטיקע דערהויבנקייט פון עלסקין. די דאָזיקע אינטימע נאָענטקייט צו גרויסע זאכן האָט ביי אים געשאַפן אַ פאָזיטיוון איך-געפיל. ער האָט באַקומען דאָס באַוווסטזיין, אַז מען דאַרף זיך כסדר גרייטן צו מעשים, צו וועלכע מען איז היסטאָריש באַרופן.

ווער קען דען נישט לייבל עלסקי אין די אַרבעטער־קרייזן? ער איז געווען א מיטגליד אין „יאסק", געשפּילט אין „פּיאַט" און מען פלעגט אים טרעפן אויף אַלע עקסקורסיעס. לייבל, דער אויסערלעכער, איז געווען ניט אלעמען צום הארצען, ווייל זייענדיק א זייער עמפינדלעכער, איז ער אָפט געווען פארביטערט אויף דער ארום־וועלט. לייבל אין נאָענטע קרייזן אָבער איז געווען א הארציקער בחור מיט א טיפער, חברישער איבערגעגעבנקייט. זיין צארטקייט איז געווען א זעלטענע מתנה. ער האָט שטארק געליטן אין זיין פּריוואט־לעבן. דעם עלסקין האָבן קיין סך נישט געקענט און אפשר דערפאר אינגאנצן אים נישט געקענט.

מען האָט באַדאַרפט זען עלסקין אין די אָוונטן ביי אַ גלעזל משקה, אַריינקומענדיק אין אַ יום־טובדיקער שטימונג פון התלהבות, זינגענדיק די אלטע חסידישע ניגונים און שפּעטער — די שפּאַנישע „פּאַסאָ דאָבל" און פאָלקס־געזאַנגען, וואָס האָבן זיך באהעפט מיט זיין נשמה אויף א גאנץ לעבן. אויף אַ פּיטאָרעסקן אופן פלעגט ער שילדערן זיינע קינדעריאָרן און די איבערלעבונגען אין שפּאַניע, פּרימיטיוו און פאָלקסטימלעך, איבערגעבן די שענסטע פאנטאסטישע האנדלונג, וואָס פלעגט פאַרצויבערן.

אויב לייבל האָט ווען עס איז געמאכט א פאלשן שריט — זאָל מען עס אים מוחל זיין, ווייל די שאָל פון גוטס וועגט פיל אריבער די שאָל פון שלעכטס.

# פון ט. עלסקיס שריפטן

## מענטשן – העלדן

דעצעמבער 1936.

דעם גאַנצן טאָג קריך איך ארום אין די שוץ־גרובנס.

א פאָליאַק פון פויזן פירט מיך ארום איבער די פאָדערשטע ליניעס. מיר גייען איבער דעם פארק פון קאַסאַ דעל קאַמפּאָ. די רעפּובליקאַנישע ארטילעריע פייערט אָן איבערייס. די ערד טרייסלט זיך.

מיר שפּרינגען אויפן וועג אריבער אַ בערגל און גליטשן זיך אַראָפּ אין אַ טאָל. פון דאַנען קריכט מען צום צווייטן קליינעם בערגל, וווּ עס געפינט זיך אַ פאָרפּאָסטן. אונטער אַ באַריקאַדע פון שטיינער און זאמד ליגן מענטשן און שיסן.

ביי אַ קליינעם מינען־וואַרפער הערט מען רעדן אויף פינף שפּראַכן : דייטש, ענגליש, פראנצויזיש, איטאַליעניש און פויליש.

די דייטשן מיט די ענגלענדער האַלטן, אז מען דאַרף שטעלן די לופּע העכער און די פראנצויזן מיט די איטאַליענער מיינען, אז מען דארף זי אראָפּלאָזן. די פּאָליאַקן שליסן זיך אָן אין דער דייטש־ענגלישער מיינונג און זיי זיגן . . .



די „נייע פּרעסע” אין די טראַנשייען ביי מאַדריד !

די ידיעה פארשפּרייט זיך שנעל. עס קומען יידן פון דייטשן באַטאַליאָן ; עס קומען יידן פון באַלקאַנישע, בעלגישע, פראַנצויזישע, אונגאַרישע אָפּטיילונגען — אַזויפיל איז דאָ צו דערציילן, אזויפיל איבערגעלעבט! אָבער ווי נעמט מען איצט צייט דערצו, ווען אלץ ארום אָטעמט דאָ מיט טויט, ווען אלץ ווייקט זיך אין פייער — עס פּלאַצט, און רייסט, דאָס גיהינום איז נישט שרעקלעכער.

אָבער אין דער עפּאָפּיי, וואָס רופט זיך „די שלאַכטן ביי מאַדריד”, ווען זיי דערמאָנט ווערן מיט כבוד און רום, מען וועט אין זיי נישט קענען פארגעסן . . .



עס זענען שוין געפאלן די בעסטע. עס זענען שוין געפאלן די טייערסטע. אָט דאָ פאר מאַדריד. אָבער סאָלדאַטן פון פרייהייט וויינען נישט. סאָלדאטישע הערצער זענען שטאַרק . . .

דאָס „ווייסע הויז” — אַ קאָשמאַר פאר די, וואָס זענען לעבן געבליבן — א קבר פאר א סך פון די ליבסטע.

לעאָן אינזלשטיין. אַ יידישער שוסטער פון בריסל, אָ קאָמוניסט. אַ ווילן פון שטאָל. אַ כאַראַקטער אויסגעשמידט פון פארפאָלגונגען און ליידן. אַ האַרץ פול מיט איידלקייט — שטענדיק גרייט מקריב צו זיין זיך פאר אנדערע.

לעאָן איז געווען פּאָליטישער דעלעגאַט פון דער מאַשין־געווער־קאַמפּאַניע, אין דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן. אין יעדן געפערלעכן מאָמענט איז לעאָן אויסגעוואקסן, ווי פון אונטער דער ערד, מיט זיין מאַשין און באַשיצט זיינע חברים.

ווען די צווייטע קאַמפּאַניע איז געווען ארומגערינגלט פון מאַראָקאנער איז לעאָן געווען באַהאַלטן אונטער א בוים מיט זיין מאַשין־געווער און איינער קעגן הונדערט, האָט ער דערמעגלעכט די צווייטע קאָמפּאַניע צוריקצוציען זיך פון שונאס רייף.

אין „ווייסן הויז” קומט פאָר אַ געפעכט, צווישן מענטשן און טויט. דאָרט געפינט זיך אויך לעאָן אינזעלשטיין. פאשיסטישע טאַנקן האָבן ארומגערינגלט דאָס הויז פון אלע זייטן.

— פּאַניק ! מען לויפט גלייך אונטערן פייער.

— שטייט ! — שרייט אויס לעאָן — קיינער ציט זיך נישט צוריק !

דאָס הויז איז אין פלאמען, נישטאָ דורך וואַנען צו אַנטלויפן.

די מענטשן, וואָס געפינען זיך אינעווייניק האָבן נאָר איין זאַך צו דערוואַרטן — דעם טויט.

— צי וועט זיך די וועלט דערוויסן וואָס מיר לעבן דאָ איבער ? — פרעגט דער פראנצויזישער אָפיציר ריוויער, וואָס געפינט זיך דאָס ערשטע מאָל אויפן פראָנט.

ריוויער האָט זיך מער נישט געפרעגט. א שטיקל בליי. א קליין לעכל אין קאָפּ. פון ריוויערן איז בלויז געבליבן אַ נאָמען. אַ נאָמען אַ טייערער, ביי נאָענטע און פריינט.

צי וועט זיך די וועלט דערוויסן, וואָס מיר לעבן דאָ איבער ?

אַ גרויזאמע פראגע. גרויזאמער ווי אלץ אין דער וועלט — ווי דער טויט.

ווייל די מענטשן שטאַרבן דאָך פאר דער וועלט. צי קען נאָך זיין שרעקלעכער, אז די וועלט, פאר וועלכער זיי שטאַרבן זאָל נישט וויסן, ווי אזוי זיי שטאַרבן ?

די מענטשן, וואָס געפינען זיך אין „ווייסן הויז” האָבן ליב מיידלעך און קינדער. זיי ווילן נישט שטאַרבן !

די מאַראָקאַנער פוסגייער פּרוּוון אַריינדרינגען אין הויז. זיי זענען שוין אין פּאַרטער. שטייגן אויף די שטיגן.

האַלט ! יעדער שטאַפּל קאָסט בלוט. זיי גייען נישט וויטער.

לעאָן פּרוּווט מאַכן פּלענער. אָרגאַניזירט דאָס פארבאריקאַדירן זיך. לויפט פון איין שטאָק אויפן צווייטן. לעשט דאָס

פייער, וואָס שטייגט אַלץ און שטייגט און כאַפּט באַלד אַרום דאָס גאַנצע הויז. לעאָן מוטיקט, קוראַזשירט די שוואַכערע.

יונגע קאַטאַלאָנער, קוים 17 יאָר אַלט, און אפשר 16, זיצן שוין אָפּהענטיק, וואַנזיניק — אַלץ אויפגעגעבן : זאָל ער קומען וואָס שנעלער קומען — דער טויט און אונז אויסלייזן . . .

נייך, לעאָן גיט זיך נישט אונטער.

ביים פענצטער שטייט וואַצעק און שרייט צו די פאשיסטן :

— הינטישע זין! איר וועט טייער באַצאָלן פאַר אונדזערע לעבנס !

יאָ, זיי באַצאָלן טייער. וואַצעק צילט גוט און עס פאַלט איינער לעבן צווייטן. אָבער אויך וואַצעק פאַלט. ער האָט געהאַלטן וואָרט : זיי האָבן טייער באַצאָלט.

לעאָן מאַכט א פּלאַן: אַראָפּלאָזן זיך דורכן דראָט פון דונערשיצער.

עס שפּרינגט אַראָפּ דער ערשטער. דער צווייטער וואַרפט נאָך די ביקסן. עס לאָזט זיך אַראָפּ דער צווייטער. לעאָן — דער דריטער און אַ פערטער. די קאַטאַלאָנער רירן זיך נישט פון אָרט, זיי זענען געבליבן, וואָס מיט זיי איז געשען וועט מען זיך שוין קיינמאָל נישט דערוויסן. אונטן זיצן מאַראָקאַנער און טרינקען קאָניאַק — זיי וועלן שוין איבן פאַרברענט ווערן — טראַכטן זיי זיך. די פיר זענען שוין אַראָפּגעשפּרונגען און טיילן זיך איין צו צוויי.

אין וועלכער זייט געפינען זיך אונדזעריקע ? — קיינער ווייסט נישט.

אַרום און אַרום איז דער שונא, זיי גייען אדורכשלאָגן זיך א וועג. אָבער אויף וועלכער זייט ?

דער שונא האָט דערזען. מען שיסט. צוויי זענען אָנגעקומען צו זייערע חברים.

לעאָן אינזלשטיין איז שוין מער קיינמאָל נישט צוריקגעקומען. ער איז געבליבן צווישן די ערשטע צוויי.

אָבער די וועלט האָט זיך דערוווסט. די וועלט, פאַר וועלכע דו ביסט געפאַלן, יידישער שוסטער־אַרבעטער — לעאָן אינזלשטיין.

♦

17 יאָר איז ער אַלט געווען.

צו 15 יאָר האָט ער שוין געהאַט אַן אורטייל אויף 6 יאָר תפיסה פאַר קאָמוניסטישע טעטיקייט אין פּוילן. צוליב זיין מינדעריעריקייט איז דאָס אויספרן דעם אורטייל, אָפּגעלייגט געוואָרן אויף דריי יאָר. פאַר א צווייטן פּראָצעס, וואָס האָט אים אויך געדראָט אַזוי פיל, איז ער אַנטלאָפן קיין פאַריז.

קוים אַ חודש איז דער 17־יעריקער חיים צוקער געווען אין פאַריז א גרופּע פון זיינע חברים אין „איק" (אַרבעטער יוגנט קלוב אין פאַריז) גרייטן זיך צו פאָרן קיין שפּאַניע. ער האָט נישט געקענט איינרוען. ער איז דאָך אָבער מער נישט אַלט ווי 17 יאָר ! נו, וועט ער זאָגן, אַז ער איז שוין אריבער די 20. פאַר די פּוילישע תפיסות איז ער שוין געווען גענוג דערוואַקסן און פאַר שפּאַניע נאָך נישט ? !

אַזוי איז טאַקע געווען. חיים האָט געזאָגט, אז ער איז שוין איבער די 20, הויך איז ער אויך, האָט מען אים געגלויבט.

אין איינעם אַ טאָג, האָט מען אויסגעקליבן אין טאַראַזאָנאַ 70 פרייוויליקע און זיי געשיקט צום פראָנט פון מאַדריד. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען חיים צוקער (עמיל).

אויפן פראָנט פון מאַדריד האָט מען אים צוזאַמען מיט די איבעריקע געשיקט פאַרנעמען אַ פּאָזיציע. חיים האָט דרייסט געשפּאַנט פאָרויס צום אָנגעוויזענעם אָרט און צוגעגעבן מוט די אַנדערע.

די פּאָזיציע האָט זיך געפונען אויפן פרייען פעלד. זיי האָבן זיך געמוזט אַליין גראָבן אָקאָפּעס. די פאשיסטן האָבן אין דער נאַכט דערהערט דאָס גראַבלען און געעפנט אַ שיסעריי. חיים האָט דערפילט ווי עפּעס אַ וואַרעמס האָט אים געטראָפן אין דער זייט און האָט אַ געשריי געטאָן צו זיינע חברים :

— כ'האָב געכאַפּט !

די מערדערלעכע קויל איז געווען אַ שטערבלעכע פאַרן יונגן און דרייסטן צוקער. צוויי טעג האָט ער נאָך געלעבט. איך האָב זיך אין דער צייט געפונען ביי זיין טויטן־בעט.

— קוראַזש, קוראַזש — האָב איך אים געפּרוווט באַרואיקן.

די גרויסע אָפענע אויגן פון 17־יעריקן חיים, ווי זיי וואָלטן זיך געריסן צום לעבן, האָבן מיך אָנגעקוקט און אַ כאָרכלדיקע שטימע האָט אויסגעקלאַפּט :

— דאָס . . . פעלט נישט ! — און צוגעגעבן — אָבער דאָס האַרץ . . .

דאָס האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן. דאָס יונגע לעבן האָט אויסגעהויכט די נשמה אין שפּיטאָל פון קואַטראַ קאַמינאָס אין מאַדריד — פאַר מאַדריד . . .



ער הייסט סטעפאַן דראָק. געבוירן אין ניו־יאָרק. ער רעדט יידיש און געהערט צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. אין דער היים איז ער געווען אַן עלעקטראָ־טעכניקער. ער האָט זיך אָבער אויסגעלערנט פירן אַן אַעראָפּלאַן און איז געקומען דינען דער שפּאַנישער רעפּובליק.

די ערשטע צייט איז ער געפלויגן. שפּעטער זענען געקומען סאָוויעטישע ספּעציאַליסטן מיט זייערע מאַשינען, איז ער אוועק צום פראָנט אלס פּשוטער פוסגייער און איז געוואָרן דער פּאָליטישער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער ענגלישער גרופּע. ליגנדיק מיט זיין געווער האָט ער באַמערקט, ווי ביי א צען מעטער פון אים האָט זיך איינער אויפגעשטעלט און איז אינגאַנצן נישט געדעקט פאַרן שונאס קוילן. ער האָט געוואָלט צולויפן יענעם זאָגן, ער זאָל זיך דעקן, אין דעם מאָמענט איז אים אַריין אַ קויל אין פוס.

דער יידישער אַרבעטער פון דער צווייטער זייט אַטלאַנטיק



א גרופּע יידישע פרייוויליקע אין שפּאַניע.

איז געקומען מיט הונדערטער זיינע ברידער צושטייער געבן זיין לעבן אין אנטיפאשיסטישן קאמף.

ווי עס האָט מיר אַ ייד געזאָגט, וואָס איז געקומען פון קאַנאַדע — צו שלאָגן דעם פאשיזם וואָלט ער אַפילו געקומען פון דער לבנה . . .

מאָריס אייזענבערג.

אַ שטילער, אַ שוואַכער, אַ לענגלעך אויסגעדאַרט פּנים, מיט האלב־פארשלאָפענע אויגן. איך האָב אים אָפט געזען אויף יידישע ארבעטער־אונטערנעמונגען אין פאריז. איך האָב אים אויך געזען אין נאָוועמבער 1936 אין אלבאסעטא אַנגעטון אין א מיליטערישן מונדיר, וואָס איז אראָפּגעהאָנגען פון זיין דאַרן גוף.

אַנדערש האָבן אים געזען זיינע חברים פון דער מיצקעוויטש־קאַמפּאַניע, בעת די שלאַכטן ביי וואלסעקיליא, אין דרום־מערב שפּאַניע.

ביים הייזל פון דער באַן־סטאַציע אין וואלסעקיליא זענען פאַרגעקומען פאַרביטערטע קאַמפן. עטלעכע צענדליק פאַשיסטן מיט אַ מיטראַיעז האָבן זיך פאַרשאַנצט און פאַרוואַנדלט דאָס הייזל אין א פעסטונג ניט צו דעראָבערן. דאָס פאַרעקשנטע פייער פון די פאשיסטן האָט געצוווּנגען די קאמפּאַניע נישט צו גיין פאָרויס. די פירער פון דער קאַמפּאַניע זענען געווען פאַרזאָרגט און נישט געוווּסט, וואָס צו טון. אָבער אין דעם האָט זיך ארויסגערוקט דער פיזיש־שוואכסטער פון אלע מאָריס אייזענבערג און געזאָגט :

— אימעצער מוז דאָך שטאַרבן . . . — צו צוויי גראַנאַטן, וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער צוגענומען נאָך עטלעכע פון זיינע חברים און זיך צוגעשארט אונטערן רעגן פון קוילן, צום סאַמע ראַנד פון פענצטער, פון וואַנען די פאַשיסטן האָבן אַרויסגעשאָסן. מיט אַן איבערנאַטירלעכער קאַלטבלוטיקייט האָט אייזנבערג אהין אריינגעוואָרפן איין האנט־גראַנאַט נאָכן צווייטן ! ווען אין הויז איז שטיל געוואָרן האָט זיך מאָריס פאַמעלעך אויפגעשטעלט און מיט דערזעלבער קאַלט־בלוטיקייט אריינגעקוקט דורכן פענצטער, פעסטשטעלנדיק, אַז אַלע זענען טויט, האָט ער זיך אומגעקערט און דער גאַנצער באטאליאָן האָט געקענט גיין פאָרויס.

צוויי טעג שפּעטער איז מאָריס אייזענבערג געפאַלן פון אַ קויל ביים דאָרף גראנכועלא. דער נאָמען פון יידישן אַרבעטער איז געבליבן אין דער קאמפּאַניע אַ סימבאָל פון העלדישקייט און אָפּפערווויליקייט.



אין דער קאַלטער דעצעמבער־נאַכט, האָבן אויפגעריסן שראַפּנעלן און עס האָבן געפּלאַצט מינענוואַרפער. דער פוילישער באַטאַליאָן איז געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן די פּאָזיציע און זיך צוריקציען פון די טראַנשייען. אָבער דאָ רוקט זיך אַרויס דער קאָמענדאַנט און שרייט אויס : „חברים ! ווער גייט מיט מיר פרייוויליק צוריק פאַרנעמען אונדזערע טראַנשייען" !

פיר שאַטנס האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער קאַלטער נאַכט. פיר שאַטנס האָבן זיך צוגעשלייכט אויף אַלע פיר צו די פאַרלאָזענע טראַנשייען. ווען די נאַכט איז פאַרשוווּנדן און דער בלייכער באַגינען איז געפאַלן אויף די מידע, פאַרבלאָטיקטע פּנימער פון די זעלנער, האָבן די פיר זיך אָנגעקוקט און דערקענט צווישן זיך פיר יידן : צוויי פון פאַריז, איינער פון אַנטווערפּן און איינער פון וואַרשע.



באָקס — כ'ווייס נישט צו דאָס איז געווען זיין אמתער נאָמען. אַזוי, אַלענפאַלס האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אַ יונגער, אַ הויכער, אַ שיינער און פול מיט לעבנספרייד. ער איז אזוי באקאנט געווען צווישן די יידישע ארבעטער אין פאַריז. איך האָב אים געזען אין נאָוועמבער 1936, אין פאַר־שטעטל פון מאַדריד, פוענקאראַל.

באָקס האָט באַדינט אַ מיטראַיעז. די קאמפּאַניע איז געוואָרן ארומגערינגלט פון שונא. באָקס האָט געשריגן צו זיינע חברים: „ראַטעווען אייך" ! ער אַליין איז געבליבן, כדי אויפצו־האלטן דעם איינציקן פרייען פּאַסאַזש, וואָס איז געבליבן פאַר דער קאמפּאַניע זיך צוריקצוציען. ער אַליין, דער לעצטער האָט זיך שוין נישט באַוויזן צו ראַטעווען. זייענדיק שוין אַרומגערינגלט האָט ער געשריגן צו די פאַשיסטן : „נו קומט ! אַהער פּחדנים" ! און האָט געלאָזן די לעצטע טאַשמע קוילן אויף זיין מאַשין. מער קיין טאַשמעס זענען

נישט געווען. געבליבן זענען האנט־גראנאטן. דעם לעצטן האָט ער געלאָזט פאר זיך. ווען די פאשיסטן זענען שוין געווען נאָענט פון אים, האָט ער ארויסגעצויגן דאָס דרעטל פון לעצטן גראַנאַט און איז געפאַלן צוזאַמען מיט די פאַשיסטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער נאָענט.

אין רומעניע האָט ער געשריבן יידישע נאָוועלן און דער־ציילונגען. אין באַטאַליאָן „פּאַלאַפאָקס" האָט ער דעמאָנס־טראַטיוו גערעדט יידיש. דאָס האָט מיר דערציילט קאַראָל גוטמאַן, וואָס איז שפּעטער געפאַלן אַלס ערשטער קאָמענדאַנט פון דער „באָטווין־קאמפאניע".

בורג איז געגאַנגען הונדערטער קילאָמעטער צופוס. ער איז אויפן וועג געוואָרן געשוואָלן. פון זיינע פיס האָט געראונען בלוט. חדשים לאַנג האָט ער געוואַנדערט דורך טשעכאָסלאָ־וואַקישע, עסטרייכישע און שווייצאַרישע תפיסות, ביז ער איז אָנגעקומען קיין שפּאַניע.

זיין פרייד אויף דער שפּאַנישער ערד האָט נישט לאַנג גע־דויערט: אויפן ערשטן פראָנט איז בורג געפאַלן.

אַ שעה איידער זיי זענען אַרויס אין אַטאַק האָט ער געזאָגט צו גוטמאַנען: „אויב איך וועל פאַלן, שרייב אַ בריוו צו מיין מוטער". דאָס איז געווען זיין צוואה. . . .



פּאַלעסטינער. איך האָב זיי געזען אין שפּאַניע. א סך פון זיי זענען העלדיש געפאַלן אויף די שלאַכט־פעלדער דאָרט. איך האָב זיי געזען די קיבוצניקעס, פּאַמעראַנצן־פּלאַנטאַטאָרן, זומפן־טרוקענער, מויערער און סטאָלאַרעס — אויסגעהאַר־טעוועטע פון אַ פּיאָנערן־לעבן, פול מיט אידעאַליזם צו אַ פּראָדוקטיוו, שעפעריש לעבן; פול מיט טרוימען וועגן אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל, פאר וועלכע א סך פון זיי האָבן אוועקגעגעבן די שענסטע און בעסטע יאָרן.

דאָ וויל איך בלויז דערציילן וועגן צוויי: אברהם יונגשטיין און יצחק יאָפע פון חיפה.

וועגן אברהם יונגשטיין איז א סך נישטאָ צו דערציילן. צו קיין פּאַרטיי האָט ער נישט געהערט און זיך ווייניק פאַר־נומען מיט פּאָליטיק. ער האָט געלעבט און געאַרבעט אין פּאַלעסטינע, ווי טויזנטער זיינס גלייכן. אָבער שפּאַניע האָט אים נישט געלאָזט רוען און ער איז אַוועק מיט די ערשטע.

און מיט די ערשטע אינעם דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן אין קאַסאַ־דעל־קאַמפּאָ, איז אויך געווען אברהם יונגשטיין. צווישן די ערשטע האָט אים געטראָפן אַ קויל אין מויל. ער האָט מער נישט געקענט רעדן. ער האָט בלויז אויפגעשריבן זיין נאָמען: „אברהם יונגשטיין, פּאַלעסטינע" און געפּאָ־כעט מיט אַ פויסט, אַז חברה זאָלן גיין פאָרויס. דאָס איז געווען זיין לעצטער באַגער פאַרן טויט . . .



א גרופּע יידישע מיליציאָנערן אין שפּאַניע

זיין טאַטע איז אַ פויער. אַן אמתער יידישער פויער, צו־געבונדן צום פעלד און צום אַקער, ווי אַ פויער קען. ער אליין, יצחק יאָפע פון חיפה האָט געמאכט פאַרמען אויסצו־גיסן בעטאָנענע ווענט. ער איז געוואַקסן פון דער ערד; פון געזונטע וואָרצלען, איז ער געוואָרן האַרט, ווי אויסגעשטאַ־נענער בעטאָן. ער האָט זיך באַרימט געמאַכט אין פּאַלעסטינע אַלס גוטער אַרבעטער און האָט פאַרדינט אַ סך געלט. ער האָט זיך באַרימט געמאַכט אין שפּאַניע מיט זיין פיזישן אויסדויער און מוט. און אַלע אין דער קאמפּאַניע האָבן באַ־וווּנדערט דעם קליינעם, פּאַלעסטינער גיבור.

אויפן דרום־פראָנט, אין די גרענאַדער בערג, ביים ווייסן קאָפּ פון „סיערא ניעוואַרא", האָט יעדער געוואָלט זיין מיט אים צוזאַמען, ווייל אלע האָבן געוווּסט, אַז ביים קלעטערן אויף בערג וועט מען געפינען א שטיצע ביי אָט דעם קליינעם פּאַלעסטינער. קיינמאָל האָט ער נישט געקלעטערט אַליין. שטענדיק אויף זיך — אַ מיטראַיעז, אַ קעסטל קוילן אָדער עפּעס אַנדערש.

אַרויפצו צום באַרג האָט קיינער נישט געקענט צוקומען. יעדעס מאָל האָט די קאמפאניע זיך צוריקגעצויגן לאָזנדיק אויבן עטלעכע טויטע. יאָפע איז אוועק מיט האַנט־גראנאטן זייער נאָענט צו די פאַשיסטישע ליניעס. אויסגעליידיקט פון די האַנט־גראַנאַטן האָט ער זיך אומגעקערט און געברענגט געפאַלענע חברים, כדי זיי נישט צו לאָזן ביים שונא.

ביי פּאַזאָבלאַנקע האָט ער באַקומען אַ לייכטע וווּנד אין דער ליפּ. יצחק האָט זיך אָפּגעזאָגט מיט אַזאַ „נאַרישקייט" צו גיין צום אַמבולאַנס. אָבער אַ צווייטע, אַ שטערבלעכע קויל האָט אים געטראָפן אין קאָפּ.

אין עטלעכע טעג אַרום איז ער געשטאָרבן.
אין אַ קורצע צייט שפּעטער איז אָנגעקומען קיין שפּאַניע זיין יינגערער ברודער שלום, אים פאַרטרעטן.



דער לעבנס־וועג פון דעם פּאַריזער יידישן אַרבעטער לויפער אין א קייט פון דחקות און אוואַנטורעס.
יונגערהייט איז ער אַוועק פון דער היים און געזוכט אַר־בעט איבער דער וועלט. אזוי ווי זיינע הענט האָבן שנעל קיין בעלנים נישט געפונען, איז ער אַוועק אין פרעמדן־לעגיאָן און דאָרט פאַרבראַכט 15 יאָר.

קיינער פון זיינע באַקאַנטע פון „פּלעצל" אין פּאַריז, וואָלטן זיך זיכער נישט פאָרגעשטעלט, אַז דער אויסגעמאַטערטער און נישט־יונגער לויפער קען נאָך פעאיק זיין צו באַווייזן אַזעלכעס.

אַן אונטעראָפיציר און אַ שעף פון אַ מיטראַיעזן־סעקציע. ער האָט זיך אויסגעצייכנט ביים ריכטיקן אָנשטעלן זיינע מאַשינקעס. ביים צוריקציען האָט לויפער אין דער גרעסטער געפאַר נישט געלאָזן קיין מאַשין ביים שונא. ביי דער גע־דיכסטער באָמבאַרדירונג און שיסעריי, האָט ער אַליין גע־ברענגט צו שלעפּן צוויי מאַשין־געווערן.

דאָס הויז, וווּ לויפער האָט זיך געפונען, איז געוואָרן אַרומ־גערינגלט פון טאַנקן. צוויי טעג האָט ער אויסגעהאַלטן, ביז וואַנען דאָס הויז איז געוואָרן אונטערגעצונדן און לויפער איז דערשטיקט געוואָרן אין פלאַמען.
לויפער האָט געשווירן, אז זיי וועלן אים קיין לעבעדיקן נישט האָבן.



עס האָט זיין לעבנס־וועג געקענט זיין באַצירט מיט לוקסוס און וווילטאָג. ער האָט געקענט אויספילן זיינע טעג מיט פאַרוויילונג און ספּאָרט. דאָס גרויסע פאַרמעגן פון זיינע עלטערן וואָלט אים פאַרזיכערט אַ סיטואַציע אין לעבן. אַן אדוואָקאַטן־קאַריערע וואָלט אים באַשיינט מיט כבוד און רום. אָבער גרויסע אידייען האָבן אים מיט זיך מיטגעריסן. פאַרן שטורמישן, פאַרן גרויסן האַרץ פון 23־יעריקן יוסף רובינ־שטיין איז צו ענג געווען די סביבה פון זאַטע, זעלבסטצו־פרידענע — גאָלדענע יוגנט. ער האָט דערפילט דאָס האַרץ פון קעלער־שטוב ; פון סמאַטשע און וואָלינסקע.

יוזשעק „גרובי". עס האָבן אים אין וואַרשע אַלע געקענט. עס האָבן אים געקענט די אַרבעטער פון ,פּאַציסק", עס האָבן אים געקענט אַלע שפּיצלעס און ער האָט גוט געקענט . . . „די דעפענסיווע".

אויף די „מאַסוווקעס" און מיטינגען פאַר די פאַבריקן, האָט זיך זיין לייבן־שטימע דורכגעריסן דורכן געוויש פון רעדער, וועגענער און טראַמווייען. זיינע שפּיצלעך, וואָס ער פלעגט אָפּטון די געהיים־אַגענטן פלעגן גיין פון מויל צו מויל און האָבן געקלונגען, ווי אומגלויבלעכע געשיכטעס.

אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון „קאַרטוז־בערעזע", האָט רובינשטיין באַהאַלטן אַ שפּאַנישע לאַנד־קאַרטע און שטודירט אין געהיים די מיליטערישע אָפּעראַציעס. די ראַפינירטע פּיי־ניקונג־מיטלען פון די וועכטער, צייכענען זיך ספּעציעל אויס לגבי אים : רובינשטיין איז אַ ייד, רובינשטיין איז אַן אינ־טעלעקטועלער און אַ קאָמוניסט — קיינער גלויבט נישט, אַז דער „גרובי" זאָל נאָך פון דאָרט אַרויס אַ לעבעדיקער. ער איז אַרויס. אָבער מיט אַ קראַנק האַרץ און אַוועק אין דער שווייץ און פון דאָרט קיין שפּאַניע.

עס איז געווען לעבן סאַראַגאָסע, אין ווילא מאַיאָר דע גאַליעגאָ. דער באַטאַליאָן איז אריינגעדרונגען 12 קילאָמעטער הינטערן רוקן פון שונא. רובינשטיין האָט געהיטן זיין „מאַקסים". ער האָט געזען סאַראַגאָסע מיט די אייגענע אויגן . . . פאַשיסטישע אויטאָס פאָרן אויפן וועג. זיי פילן זיך זיכער. עס איז נאָך ווייט צו זייערע ליניעס. מיט אַמאָל וואַקסן אויס די „ראָכאָס" (רויטע) און עפענען אויף זיי אַ געדיכטע שיסעריי, פאַרנעמען קאַמיאָנען מיט סאָלדאַטן אין געפאַנגענשאַפט.

די גלעקער פון סאַראַגאָסע האָבן זיך צעקלונגען — די „רויטע" שטייען פאַר דער שטאָט. פון שטאָט רירט שוין פאַרשטאַרקונג. די רעפּובליקאַנער געפינען זיך אין שונאס הינטער־לאַנד. דער צווייטער פליגל, וואָס דאַרף געהאַלטן ווערן פון „גאַריבאַלדי", איז נישט אָנגעקומען. די אינטער־נאַציאָנאַלע זענען געוואָרן אַרומגערינגלט. צוריקציען איז אומעגלעך. פון אונטערן געדיכטן פייער וועלן קיין סך נישט איבערבלייבן — פאַרהאַלטן זיך ביז איבער דער נאַכט און דעמאָלט זיך צוריקציען. רובינשטיין, ביי זיין מאַשין־געווער, גיט פייער אַן אויפהער. זיינע חברים אַרום זענען שוין גע־פאַלן איינער נאָכן אַנדערן. ער איז געבליבן אַליין. אַ קויל האָט מיך געטראָפן ! — שרייט ער אויס. עס האָט איב גע־טראָפן אַ צווייטע — איך האָב שוין צוויי — ציילט ער ווייטער — איך האָב שוין אַ דריטע. פון מויל, פון גאַנצן פנים גיסט זיך בלוט. אָבער רובינשטיין גיט נאָך פייער. ער לאָזט נאָך אַדורך אַ טאַשמע פון 150 קוילן און פאַרשאַפט דעם שונא אַזעלכע פאַרלוסטן, וואָס איז שווער אָפּצושאַצן.

ער איז שוין דורכגעלעכערט פון קוילן. אָבער ער פּרוווט נאָך צוריקשלעפּן זיין מאַשין־געווער, כדי עס נישט צו לאָזן אין די הענט פון שונא. בלוט גיסט ווי פון אויפגעעפנטע קראַנען, די כוחות האַלטן נישט מער אויס. ער גייט און פאַלט ווייטער, לאָזנדיק הינטער זיך אַ סטעזשקע מיט בלוט. ביי יעדן טריט בלייבט אַ בלוטיקער אָפּדרוק פון דער זויל, רובינשטיין וויל נישט שטאַרבן. ער נעמט נאָך צונויף די

לעצטע כוחות. אָבער נאָך אַ קויל האָט אים געטראָפן — דאָס איז געווען די לעצטע. ער האָט זיך מער נישט אויפ־געהויבן.

ער האָט שטענדיק געזונגען : ווען עס האָט געשיינט די זון, ווען עס האָט גערעגנט, ווען עס איז נישט געווען קיין עסן און ווען עס האָט ווײ־געטון. א זינגענדיקער סאָלאָוויי. וואָס איז נאָך לאַנג זײַן פאַרשפּאַרט, באַפרייט געוואָרן פון שטייג — פלאַטערט און פרייט זיך מיטן לעבן ; מיטן וואַלד און אַלץ ארום, די גאַנצע נאַטור טאַנצט און זינגט מיט אים.

די קאָמפּאַניע מאַרשירט. שוין צוויי טעג נישט געגעסן. דאָ שלעפּט מען זיך שוין א טאָג מיט א נאַכט. די פּיס ברעכן, דער הונגער נאָגט. „באַברוש" גיט אַ זינג אויף און דער וויטיק ווערט לייכטער, די פּיס הויבן זיך פלינקער און מען פאַרגעסט אין נאָגעניש פון הונגער.

ברוך ניסענבוים (באַברוש) — אַ קינד פון דער יידישער אָרעמקייט אין וואַרשע. אַ שטענדיקער איינגייער אין דער וואַרשעווער דעפּענסיווע, האָט ער אויף זיינע 24 יאָר געציילט מער אַרעסטן, ווי יאָרן. אומעטום, וווּ מען האָט געדאַרפט באַשיצן א יידישן קרעמער אָדער אַרבעטער, האָט באַברוש איינגעשטעלט זיין לעבן.

דער וועג פון פוילן קיין שפּאַניע איז פאַר אַלעמען געווען אַ מאַרטירער־וועג, אָבער פאַר אים — נאָך שרעקלעכער און פיינלעכער : 5 חדשים האָט ער געוואָנדערט איבער לענ־דער און תפיסות אָן געלט, אָן אַ פּאַס. ווען ער האָט דערזען דעם ערשטן מיליציאָנער אויף דער שפּאַנישער גרענעץ, האָט ער אַרומגעכאַפּט אים האַלדז. אַ פרייד, אַן אומגעצוימטע האָט געפּראַלט פון אים צו אַלץ און אַלעמען אויף אָט דער באַפרייטער ערד, אויף וועלכער ער איז אָנגעקומען.

אין פוילן האָט באַברוש געהערט פון יעדן כוליגאַן : „ברודיקער ייד, פון אַ מאַמען אַ זונה" און דאָ האָבן די שפּאַניער זיי באַגעגנט מיט די ווערטער : „געבענטשט זאָלן זיי די מאַמעס, וואָס האָבן אייך געהאַט". ניין — האָט ער אויסגעשריגן — איך מוז דאָס אָנשרייבן צו מיין מאַמען, זאָל זי זען, אַז עס האָט זיך געלוינט . . .

באַברוש באַשרייבט אין באַטאַליאָן־צייטונג ווי אַזוי די ציווילע באַפעלקערונג פון שטעטל, ווו דער באַטאַליאָן איז געשטאַנען, האָט זיי געזעגנט, ווען זיי זענען אָפּגעפאָרן צום פראָנט.

„הארציק האָבן אונדז געזעגנט די איינוווינער, ספּעציעל די אַלטע פרויען. קוקנדיק אויף די וויינענדיקע פרויען, האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין מוטער. יאָ, זיי האָבן אונדז גע־זעגנט, ווי מיר וואָלטן געווען זייערע קינדער. מיר פאַרשטייען זיך נישט דורך פאַרשידענע שפּראַכן, און דאָך ווי גוט מיר פאַרשטייען זיך ! זיי ווייסן, אַז פון ווייטן פוילן זענען מיר פרייוויליק געקומען פאַרטיידיקן זייער פרייהייט, וואָס עס איז אויך די פרייהייט פון פוילישן פאָלק. ערלעכע, דורכן קריג אויסגעמוטשעטע פרויען, מיר וועלן אויפן פראָנט נקמה נעמען פאַר אייער און אונדזער עוולה. שטאָלץ וועלן מיר טראָגן די פאָן פאַר אייער און אונדזער פרייהייט".

מער האָט באַברוש נישט געשריבן. ביי ווילא מאַיאָר דע גאַלעגאָ, דאָרט, ווו עס איז געפאַלן רובישטייק, יאָנאַס און אַנדערע איז אויך געפאַלן דער שטענדיק זינגענדיקער, באַ־פרייטער סאָלאָוויי ברוך ניסענבוים (באַברוש).



מענטשן האָבן אַוועקגעגעבן דאָס לעבן פאַר אַ נאָבעלע זאַך ; פאַר פרייהייט און פּראָגרעס פון אַלע פעלקער ; פאַר מענטשן־רעכט, פאַר מענטשן־ווירדע — פאַרן שפּאַנישן און פאַר זייער אייגן פאָלק.

אין פאַנטעזיע פון אונדזערע העלדן וועלן זייערע נעמען אַרויסשיינען צווישן די ליבסטע און טייערסטע, וועלכע דאָס יידישע פאָלק וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אין אַן אינטערוויו, וואָס איך האָב געהאַט סוף נאָוועמבער 1936 אין מאַדריד, האָט מיר דער געוועזענער איטאַליענישער דעפּוטאַט און ערשטער פּאָליטקאָמיסאַר פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער בריגאַדע, מאַריאָ ניקאָלעטי, דערקלערט :

— איך האַלט פאַר מיין אויפגאַבע אייך צו זאָגן, אַז די יידישע אַרבעטער, וואָס זענען איינגעגלידערט אין זייערע לאַנד־באַטאַליאָנען און ספּעציעל, אין די פוילישע און אַמע־ריקאַנער, ווו זיי זענען אין אַ גרויסער צאָל, צייכענען זיך אויס מיט בראַוווּר, קאַמף־גייסט און זענען אַ ביישפּיל פון דיסציפּלין. גיט איבער אין מיין נאָמען, אַז אַלע אויסגע־טראַכטע ליגנס, אַז יידן זענען פּחדנים, אַז יידן זענען נישט פעאיק צו קעמפן, זענען בייזוויליקע בלבולים פון אַלע פאַ־שיסטן און אַנטיסעמיטן.

דאָס יידישע פאָלק, צוגלייך מיט אַלע פעלקער פון דער ערד איז פעיק אויף העלדישקייט און אָפּפערוויליקייט.

(פונעם בוך „אויף די פראָנטן פון שפּאַניע" 1939; די צוויי גרופּעס־פּאָטאָגראַפיעס זענען געמאַכט געוואָרן פון ט. עלסקי אין שפּאַניע).

# דוד פליסקין



געבוירן אין פליסי, מינסקער קרייז, אין יאָר 1889 ביי אָרעמע עלטערן. צו 12 יאָר געפאַרן צו קרובים קיין ענגלאַנד. אין לאָנדאָן זיך געלערנט שניידעריי, אין 1910 דעביוטירט ער מיט א ליד אין לאָנדאָנער „צייט“. סוף 1917 פאָרט ער קיין רוסלאנד, קעמפט אויף פארשידענע פראָנטן קעגן די ווייסע באַנדעס. ענדע 1919 קומט ער קיין פוילן, אַרבעט ביי זיין פאַך, שרייבט לידער. אין 1924 קומט ער קיין פאַריז. אין 1937־1938 דערשיינען זיינע לידער־זאמלונגען „א קינדערשע מלוכה“ און „וואונדערלאַנד“. דעם 16־טן יולי 1942 אַרעסטירט, אָפּגעשיקט קיין דראַנסי און פון דאָרט פאַרשלעפּט אויף דעפּאָרטאַציע.

ק. בענעק

# דער וועג פון דוד פליסקין

ווען מען גייט פאַרביי דעם נומער 6 פונעם קורצן ראַמפּאָן־געסל, אין סאַמע האַרץ פון רעפובליק, ווערט שווער אויפן געמיט, אַריינקוקנדיק אין הויף, צו די צוויי פאַרכמורע־טע פענצטער אויפן דריטן שטאָק, ווו עס האָט גע־וווינט, געלעבט און געשאַפן דעם לעצטן צענדליק יאָרן זיינע איינער פון די צאַרטסטע יידישע שרייבער פון פאַריז, דער קינדער־דיכטער — דוד פליסקין.

שוין דער ברייטער קוואַדראַטנער הויף, — וואָס דער־מאָנט אַזוי שטאַרק אין אַ היימישלעך־יידישן וואַרשעווער הויף, — פילט אָן מיט צער און מיט ווייטיק. דאָ פלעגן מיר שפּאַנען אַרויף און אַראָפּ אויף די טרעפּ און באַגע־גענען ביי פליסקינען כמעט די גאַנצע יונגע ליטעראַרישע משפּחה, גייענדיק און קומענדיק פון די צוויי באַשיידענע צי־מערלעך, פון פליסקינס וווינונג, איינגעאָרדנט מיט אַזויפיל געשמאַק.

מען האָט דאָ זייער אָפט געטראָפן דעם אומפאַרגעסלעכן מוניע נאַדלער, דעם שריפטשטעלער און פאָלקס־מענטש אהרן בעקערמאַן, דעם האַרציקן, באַשיידענעם און נשמהדיקן דוד קוטנער, דעם ליטעראַטור־קריטיקער ברוך ווינאָגוראַ, זיין פרוי, די מאָלערן חנה קאָוואַלסקא, דעם דיכטער מאיר דזשאַלאָווסקי, דעם יונגן נאָוועליסט יאָסל צוקער, דעם שרייבער יאַנקל שפּאַן און אַלע אַנדערע טראַגיש־אומגע־קומענע, ווי אויך די אַלע, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט.

מיר קענען ליידער נישט געבן קיין אויספירלעכע ביאָ־גראַפישע אַרבעט, איבערהויפּט פון זיינע קינדער און יוגנט־יאָרן, ווי עס האָט פאַרדינט דוד פליסקין, דער מענטש און דיכטער. נישט בלויז זיין פרוי, שוואָגער און זיינע מאַנוסקריפּטן, זיין קאָרעספּאָנדענץ, נאָר אויך זיין זאָרג־פול געזאַמלטן אַרכיוו האָט דער שונא אויפן אַכזריותדיקסטן אופן צוזאַמען מיט אים פאַרניכטעט.

זאָל דעריבער דאָס ווייניקע וואָס מיר ווייסן זיין אַ באַ־שיידענער צושטייער צו דער ביאָגראַפיע פון דוד פליסקין.

געבוירן אין פליסי, מינסקער קרייז (דערפון אפשר דער נאָמען פליסקין), ביי אָרעמע עלטערן, אין יאָר 1889. צוליב דעם וואָס די מוטער איז אים פרי אָפּגעשטאָרבן און דער פאָטער האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט זיין קליינעם מתמיד — דודלען, האָט ער אים אין זיין 12־טן לעבנס־יאָר אַוועקגעשיקט צו דער מוטערס קרובים קיין ענגלאַנד. דאָרט האָט מען אים געלערנט שניידעריי. קורץ

נאָך דעם האָט ער פאַרלאָזן זיינע קרובים, געוואָרן זעלבסט־שטענדיק און אָנגעהויבן פאַרקערן אין די דאַמאָלטיקע ליטעראַריש־אַרטיסטישע קרייזן. ער איז געקומען אויף קולטור־ און קונסט־אונטערנעמונגען, באַזוכט ערגסטע מוזיק־ קאָנצערטן, ליטעראַרישע פאָרטראַגן, קונסט־אויס־שטעלונגען.

צו יענער צייט האָט ער זיך אין לאָנדאָן באַקענט מיט דעם עלטערן פאַר אים משה לייב בערנשטיין (עלבע), וואָס האָט אויך געשריבן לידער און פון וועמען ער איז באַ־ווירקט און געפירט געוואָרן. ער האָט זיך שוין מיט אים קיינמאָל נישט צעשיידט ביז זייער ביידנס טראַגישן אומקום.

אין 1910 דעביוטירט פליסקין מיט אַ ליד אין דער לאָנדאָנער „צייט" און ער באַטייליקט זיך אין פאַר־שידענע ליטעראַרישע אויסגאַבעס. אין ענגלאַנד (לאָנדאָן און מאַנטשעסטער) געהערט ער, צוזאַמען מיט בערנשטיינען, צו די פועלי־ציוניסטישע קרייזלעך.

ווען עס האָט אָפּגעקלונגען אין ענגלאַנד דער עכאָ פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, לאָזט ער זיך אַוועק אומלעגאַל, אונטערן איינפלוס פון דינאַמישן משה לייב, צוזאַמען מיט אים, פאַרשטייט זיך, קיין רוסלאַנד קעמפן קעגן די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע באַנדעס.

צוזאַמען מיט זיין חבר עלבע, באַקענט ער זיך מיט אַ ריי סאָוויעטישע פערזענלעכקייטן, צווישן אַנדערע מיט טשיטשערינען.

ענדע 1919 פאָרט ער מיט עלבען אין אַ שליחות קיין פוילן. ער וווינט דערנאָך צוזאַמען מיט זיין חבר אין אַ קליין שטיבל אויף נאָוואָליפּקע 46 אין וואַרשע. ער נעמט זיך ווידער צו זיין שניידעריי־פאַך. ער האָרעוועט שווער אין די טעג, שרייבט לידער פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין די אָוונטן, און פאַרברענגט ביז שפעט אין דער נאַכט ביי אַ פאַרטיע שאַך מיט נאָמבערגן, אָדער אין שמועסן און דיסקוסיעס מיט די יונגע שרייבער פון ליטעראַטן־פאַריין, וווּ ער איז אַ מיטגליד.

זיין ענג צימערל ווערט שנעל אַ היים פון דער יינגסטער פלעיאַדע פראָלעטאַרישע שרייבער און דיכטער, וואָס ווערן נישט גאַנץ גערן געזען אין די באַקוועמע זאַלן פון דאַ־מאָלטיקן וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין, 'אויף טלאָמאַצקע 13). ביי אים, דאַקעגן, פילט מען זיך היימישער. מען זיצט טאַקע אין צווייען אויף יעדן פון די אָפּגענוצטע טאַבו־רעטקעס, אויפן נישט ברייטן בעטל, מען זיצט אויך באין ברירה, אויפן טישל ; דערפאַר דאַרף מען נישט צאָלן קיין 30 גראָשן פאַר אַ גלעזל טיי, ווי אין ליטעראַטן־פאַריין, און אַז מען דאַרף זיך ראַזירן שפּאַרט מען דאָ איין צייט און געלט, אין דער „רעזורע", ביי אַ ווינקל לעבן פענצטערל, וואָס דער, צו־אַלעם־פּעאיקער משה־לייב האָט איינגעאָרדנט פאַר זיינע „קליענטן", אַ חוץ דעם באַקומט מען נאָך אַ גלעזל טיי נאָך יעדן מאָל ראַזירן...

זיינע מאַטעריעלע באַדינגונגען זענען כסדר קלאָגעדיקע. צוליב זיין נאַיווקייט — און זעענדיק מיט וועמען זיי האָבן צו טון — ווערט ער אָפט אויסגענוצט פון זיינע אַרבעט־באַלעבאַטים ; ער ווערט שלעכט באַלוינט און דאָס וואָס ער האָט שוין יאָ, צעטיילט ער און גיט אַוועק זיינע נאָכמער אָרעמע חברים.

קיין פראַנקרייך קומט פליסקין אין יאָר 1924.

אַ חוץ מיט זיין פאַך, פאַרנעמט ער זיך מיט גאָרניטש. ער וווינט אין אַ האָטעל־צימער, נישט ווייט פון דער „אַלהאַמבראַ", דערווייטערט פון מענטשן. ער פאַרברענגט אויסשליסלעך מיט משה לייבעלען — ווי פליסקין רופט אים צערטלעך. ער רייסט פולשטענדיק איבער זיין ליטעראַרישע טעטיקייט און זייענדיק אַ מענטש פון שטי־מונגען און קאַפּריזן, וואַרפט ער זיך פיבערנדיק בלויז אויף איין געביט : אויף זיין באַליבטער און קיינמאָל נישט אי־בערגעריסענער שאַך־שפּיל. מען טרעפט אים יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט, ביז שפעט אין דער נאַכט אַריין אין קאַפע „באַלטהאַזאַר" , אויפן רעפּובליק, נישט ווייט פון דער אַמאָליקער „קולטור־ליגע", מיט זיין חבר, עלבע פאַר־טיפט איבער אַ פאַרטיע שאַך.

זיין אומצעטיילבאַרע צוגעבונדנקייט צו זיין עלטערן חבר איז זייער שטאַרק. אין יאָר 1931 האָט ער חתונה מיט דער שטילער, באַשיידענער רעגינע בערנשטיין, די שוועסטער פון משה־לייבן, וועלכע פלעגט נאָך אָפט באַזוכן זייער צימערל אויף נאָוואָליפּקע 46 און נאָכרוימען פון צייט צו צייט פון די צו נאַכלעסיקע בחורים. זינט דאַן האָט פליסקין געפירט מיט איר אַ שטילע און שטומע ליבע . . .

פון דעמאָלט אָן, וווינען זיי שוין זאַלבע־דריט אין דעם באַשיידענעם ווינקל אויף דעם ראַמפּאָן־געסל. אינעם לעבן פון פליסקינען טרעט אַריין אַ פולשטענדיקע ענדערונג :

אונטערן איינפלוס פון דער יונגער רעוואָלוציאָנערער שרייבער־גרופּע, און אָן צווייפל אונטער דער ווירקונג פון זיין פרוי, הייבט ער צוריק אָן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט. ער ווערט אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער גרופּע, באַטייליקט זיך מיט לידער און פּאָעמעס כמעט אין אַלע אַרבעטער־אויס־גאַבעס און טרעט אַרויס מיט זיינע שאַפונגען אויף פאַרשי־דענע ליטעראַרישע־ און קולטור־אונטערנעמונגען.

פונעם ערנסטן זשאַנער אין זיין שאַפן, וואַרפט ער זיך איבער צו לייכטע, שפּילעוודיקע קינדער־לידער. אפשר איז דאָס אויך געווען אַן אויסדרוק פון דעם קינדישן, ערלעכן און סענטימענטאַלן כאַראַקטער, וואָס דערדאָזיקער, כמעט שטענדיק גראָער און „יונגער זקן" האָט אין זיך פאַר־מאָגט ? . . .

דעם גרעסטן טייל פון זיינע לידער שרייבט ער צווישן

די פרוי

פון דיכטער

רעגינע פליסקין



אַ „פּרעס און אַ ניי" אין די נישט גאַנץ היגיענישע לאָקאַלן פון בידערמאַנס שניידער־פאַבריק, וווּ ער אַרבעט, שוין זייענדיק גאַנץ שוואַך אין געזונט.

איז נישט קיין ווּנדער, וואָס די לידלעך — כאָטש פריילעכע, שפּילעוודיקע און פאַרביקע — פאַרענדיקן זיך כמעט שטענדיק מיט אַ סאָציאַלן מוסר.

אָפטמאָל שטעלט ער די קינדער פאַר אַ פאַרלעגנהייט: ער דערציילט זיי פון פאַנטאַסטישע וועלטן, פון אומבאַגרע־נעצטער פרייד און פון אויסגעחלומט גליק; ער פאַרלאַנגט פון די קינדער, זיי זאָלן ענטפערן „מיט קלאָרע רייד" און ער פרעגט ביי זיי:

קינדער, הערט, איך וועל אייך פרעגן,
ענטפערט מיר מיט קלאָרע רייד:
זאָגט מיר, קינדער, וועלכע וועגן,
פירן צו דעם לאַנד פון פרייד?

די קינדער בלייבן ווי געפּלעפט, זיי ווייסן נישט וואָס צו זאָגן. איינער אַ ייִנגל האָט עפּעס יאָ געהערט פון אַזאַ לאַנד און ער פּרובירט צו פאַרענטפערן:

ס'איז אַ לאַנד פון זון און בלומען,
שוועבט די פרייד ביז זון־פאַרגאַנג,
נאָר אַהין איז שווער צו קומען
און עס דויערט זייער לאַנג.

אין אַ גרויסער טייל פון זיינע לידער דערציילט ער די קינדער, ד י ר ע ק ט, פון קאַמפן, פון באַפרייונג און פון די ליידן פון זייערע עלטערן.

אין איניקע לידער באַקומט זיך קלאָר דאָס בילד פונעם געמאַטערטן יידישן אַרבעטער־לעבן אין פאַריז.

מיט מיין שוועסטערל אַנעט
זיצן מיר אין צווייען,
ליגן סוועטערס אויפן בעט —
גאַנצע פּעק צו נייען

און דער טאַטע איז אַוועק
אַרבעט אָפּצוטראָגן,
וועט ער ברענגען גאַנצע פּעק
אַרבעט אויף אַ וואָגן.

די לידער זענען געשריבן אויף אַ פּשוטן אופן; זיי האָבן אָבער אַ גרויסע מעלה: זיי זענען ערלעך און אויפריכטיק, זיי דרינגען דירעקט אַריין אין דער קינדערישער נשמה.

דער דיכטער באַקענט דאָס יידישע קינד מיטן יידישן אַרבעטער־לעבן אין פראַנקרייך. („אין קוויקן־גרוב", „יידיש", „לערן קינד מיינס" און אַנד.).

אין 1937 איז דערשינען דאָס ערשטע ביכל קינדער־ לידער פון דוד פליסקין אונטערן נאָמען: „אַ קינדערשע מלוכה"; מיט אַ יאָר שפּעטער דערשיינט זיין צווייט בוך, לידער און מעשהלעך, מיטן נאָמען „ווונדערלאַנד". בידע ביכער זענען באַצייכנט: „אַרויסגעגעבן דורך די צוגאָב־שולן ביי דער גע־זעלשאַפט פריינט פון אַרבעטער־קינד אין פּאַריז". מען דאַרף אָבער פאַרשטיין, אַז ביי די פאַרמלחמהדיקע באַדינ־גונגען האָט עס גיכער באַטייט: אַ „מאָראַלישער אַרויס־געבער", איידער אַ פּאַקטישער, אַ מאַטעריעלער. ס'איז נאָך דעמאָלט געווען די „מאָדע" פון אַליין אַרויסגעבן ביכער.

מיטן איבערגיין אין זיין נייער דירה, נאָכן אומקערן זיך צום ליטעראַרישן שאַפן און נאָכן צוזאַמענלעבן זיך מיט זיין פרוי רעגינע, ווערט זיין הויז פאַרוואַנדלט אין אַ היים פאַר די שרייבער און קולטור־טוער פון פאַרמלחמהדיקן פּאַריז.

אַ גרויסער מכניס־אורח, איז זיין הויז די ערשטע סטאַנ־ציע פון די ליטעראַרישע און קינסטלערישע געסט פון אויס־לאַנד, וואָס קומען אויף אַ באַזוך, אָדער אויף אַ לענגערן אויפהאַלט אין פּאַריז.

דער דיכטער איציק מאַנגער איז דאָ ווי ביי זיך אינדער־היים. מען זעט דאָ פּאַפּירניקאָוון פון פּאַלעסטינע, אסתר קרייטמאַנען פון לאָנדאָן, בינעם העלער פון פּוילן, רעזשיסער ראַטבוים, דעם מוזיקער הענעך קאָן און דעם גע־וועזענעם פּאַריזער האלב־תושב, דעם שרייבער דניאל טשאַרני, שוין אָפּגערעדט פון אונזערע אַלע היימישע פון פּאַריז.

ווֶעמען פון אונדז איז נישט באַקאַנט די גרינע, טונקעלע קאַנאַפּקע, וואָס איז שטענדיק געווען „קאַמפּלע", (באַזעצט) פון די פאַרשפּעטיקטע, וועלכע האָבן שוין נישט געפונען קיין פּלאַץ אַרום טיש . . . און ווי נישט ברויחדיק פליסקין זאָל נישט זיין מיט זיינע מאַטעריעלע מיטלען, האָט דער טשייניק אין דער קיך כמעט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זידן און די טעלער און לעפל־גאָפּל האָבן נישט אויפגע־הערט צו קלינגלען יעדן אָוונט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אין דער אומלעגאַלקייט, אין דער אָקו־

פּאַציע־צייט, איז דאָס אַלץ נישט איבערגעריסן געוואָרן, נאָר בלויז געוואָרן איבערגעענדערט אויף אַ קאָנספּיראַטיוון אופן . . .

זיינע צימערלעך זענען געוואָרן איינע פון די פיליעס פון דער אונטערערד־אַרבעט פון דער יידישער אינטעליגענץ.

אָפט האָט מען געקאָנט באַמערקן, ווי די אַלץ פאַרגע־מענדיקע פרוי רעגינע פּליסקין קומט אָן פון גאַס, מיט אַן אומנאַטירלעכן העכערן בויך און ציט פון דאָרט אַרויס גע־שטריקטע וואָלענע לענגלעך, וואָס זי האָט אַהיימגעשמוגלט פון די טריקאָטאַזש־פאַבריקלעך, כדי זיי אויסצוהעפטן, פאַר־דינענדיק אַזוי אַרום אויף חיונה.

גראָד אין דער זעלבער צייט קומט אָן פּליסקין מיט אַ צווייטן „בויך״, און די שוין ציטערנדיקע הענט פון אַלטן איבערגעגעבענעם משה לייב פלעגן אַרויסציען פון דאָרט — ווי פון אונטער אַ דרוק־מאַשין — די פאַרשידענע העקטאָ־גראַפישע בלעטלעך שנעל פאַנאַנדערלייגן, סאָרטירן זיי און שפּעטער באַדינען מיט אָט די נייעסטע אויסגאַבעס פון דער יידישער אומלעגאַלער ליטעראַטור, די יידישע שרייבער פון פּאַריז.

פּליסקין, וואָס איז געווען אַ קראַנקער (אויף די לונגען) און בטבע נישט קיין דרייסטער, איז אָבער געווען א באַגייסטערטער, אַן ענטוזיאַסט. ער איז שנעל באַאיינפלוסט געוואָרן פון זיין חבר עלבע. דער לעצטער האָט אָבער אַלץ אליין געוואָלט טון :

— בלייב דו אין שטוב, איך וועל שוין גיין ברענגען, דודקע !

— ניין, ניין, בלייב דו אין שטוב, איך וועל שוין גיין ברענגען, משה לייבעלע ! — אַזוי פלעגן זיך די צוויי געטרייע פריינט אָפט דינגען, אַזוי אַז דער יונגערער פּליסקין איז כמעט שטענדיק פאַרלאָפן דעם וועג און — געברענגט . . .

דאָסזעלבע, ווען עס זענען פאַרגעקומען געהיימע זיצונגען, מערסטנטייל מיט מוניע נאַדלערס און דוד קוטנערס אַנטייל :

— איך וועל שטיין פאַרן הויז און היטן און דו בלייב אין שטוב, משה לייבעלע !

— אַ, דאָס נישט, דו ביסט צו נערוועאיש און קענסט זיך נאָך פאַרקילן, איך בין שוין אַלט, מיר וועט גאַרנישט גע־שען, איך וועל היטן, דודקע !

אין אַזעלכע פאַלן, האָט משה לייבעלע כמעט שטענדיק אויסגעפירט . . .

אַזוי זענען דאָ, צווישן די פיל אָנגעשטאָפּטע עטאַזשערקעס ביכער און אַרום דער טונקלקייט ביים האַלב־פאַרוקטן שווערן פאָרהאַנג, פּראָיעקטירט געוואָרן די ליטעראַרישע אומלע־גאַלע אויסגאַבע „די געלע לאַטע״ ; בריוו צו גרויסע אַנטי־פאַשיסטישע שרייבער, קינסטלער און וויסנשאַפטלער וועגן אָפיציעלן ווישי־אַנטיסעמיטיזם און יידן־פאַרפאָלגונגען : מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף פאַר אויסבאַהאַלטענע שרייבער און קינסטלער און פאַרשידענע אַנדערע אַקציעס, אונטער דער האַרציקער אַפּאָטראָפּסות פון דודקען פון אויבן און ביים איבערגעגעבענעם, מסירת־נפשדיקן וואַכן דורך משה לייבעלען פון אונטן . . .



פון לינקס צו רעכטס : דוד פּליסקין, מ. שולשטיין און ב. שלעווין (פאָטאָגראַפירט אין יאָר 1938, אויף זומער־וווינונג).

. . . ביז ס׳איז געקומען די ווילדע נאַכט פון דעם טרויע־ריק־באַרימטן 16־טן יולי פון יאָר 1942 . . .

פּליסקין מיט זיין איידעלער פרוי זענען פאַרטריבן גע־וואָרן פון זייער אָרעם, באַשיידן ווינקל און דאָס מאָל פאַר־שלעפּט געוואָרן אויף אייביק ! . . .

פּליסקין איז גלייך אַריינגעוואָרפן געוואָרפן אין דעם קעסל־גרוב פון דראַנסי.

און אַלץ האָט זיך פאַר אים מיטאַמאָל געענדיקט ! . . .

ער אין איין בלאָק, רעגינע אין אַ צווייטן בלאָק ; אין דער אומצעשיידבאַרער, פאַר אים, משה לייבעלע, — וואָל־גערט זיך ערגעץ, אַן איינזאַמער, ווי אַ פאַרטריבענער הונט, צווישן די בענק אויף די בולוואַרן : וואָלטער, רישאַר־לענואַר און אין די פאַרשידענע סקווערן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ מוראַדיקער קלאַפּ . . .

און נאָך איידער די צום טויט־דערשראָקענע דראַנסי־איינוווינער האָבן זיך געקענט עפּעס אָריענטירן, האָט מען שוין געזען ליגן ביים פרויען־בלאָק דאָס בינטל אויסגע־מאָגערטע ביינער פון דער עדלעכער און ריינער רעגינע פּליסקין . . .

זי האָט מער נישט געקענט אַריבערטראָגן די אומענדלעכע שווערע ליידן און אזוי ארום אליין א סוף געמאכט צו איר נאָך יונג, טראַגיש און פאַרפייניקט לעבן . . .

פליסקינס חברים אויף דער פריי, די אונטערערדיש־לעבנדיקע שרייבער, האָבן אים מיט לעבנס־געפאַר, באַזאָרגט מיט שפייז־פעקלעך און אַנדערע נייטיקע זאַכן, וואָס ער האָט אויך דאָרט, אין דראַנסי, פונאַנדערגעטיילט אַלעמען.

ווען מען האָט דעם שרייבער אברהם ווייץ, דעם ערשטן דעפּאָרטירט פון דראַנסי, האָט ער זיך געבעטן ביי פליסקינען, ער זאָל צונעמען ביי אים אַלס מתנה און אָנדענק זיין גאָלדענע פעדער, מיט וועלכע ער האָט יאָרנלאַנג געשריבן זיינע נאָוועלן און זיי געדרוקט אין דערזעלבער צייטונג, וואָס ער, פליסקין, זיינע לידער . . .

פליסקין האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די מתנה, טענהנדיק : — ווייסט דאָך, אַז כ'האָב פיינט גאָלד... און צווייטנס — דו ביסט נאָך יונג, דו וועסט נאָך אפשר דאָס אַלץ איבערלעבן, דו וועסט זי נאָך דארפן באנוצן, איך, דאָקעגן, בין שוין אַלט, קראַנק און צעבראָכן, איך וועל שוין דאָס אַלץ זיכער נישט אויסהאַלטן... די פעדער איז שוין פאַר מיר אַן איבעריקע ! . . .

זיין טרויעריקע נביאות איבער זיך אַליין איז מיט גרויזאַמקייט מקוים געוואָרן.

אברהם בערן

# דער צאַרטער קינדער־דיכטער

נישטאָ מער דוד פּליסקין.

איך ווייס נישט, וועלכן משונהדיקן און ראַפינירטן טויט די מערדער האָבן פאַר אים אויסגעקליבן. קיינער ווייסט נישט, ווו עס געפינט זיך כאָטש אַ זכר פון אים, כדי צו שטעלן אים אַ באַשיידענע מצבה, מען זאָל וויסן, דאָ ליגט אַ פּשוטער יידישער דיכטער, וואָס האָט געשריבן אַזעלכע חנוודיקע יידישע לידער פאַר אונדזערע קינדערלעך — וועגן פעלד און וואַלד, וועגן קוימען־קערער און לאָמפּן־צינדער, וועגן ים און וועגן בלומען. ער האָט די קינדערלעך געלערנט ליב צו האָבן זייער פאָלק.

געדענק איך : אַ פרילינג־טאָג, ערב־שטורעם און ערב יידן־מאָרד. אויף די פּאַריזער גאַסן האָב איך באַגעגנט אַ באַקאַנט, שוואַרץ־חנוודיק יידיש מיידעלע פון אַ יאָר 10. זי האָט אונטערגעהאָפּסלט אויף איין פיסל מיט דער ביכער־טעקע אין האַנט, די שוואַרצע לאָקן צעפלאשעט אויפן ווינט. זי האָט גערעדט צו זיך אַליין. וואָס איז, קאַלעט ? אַ שווערע לעקציע — פרעג איך איר. ניין! — ענטפערט קאָלעט און חזרט ווייטער אין אַ זאַפטיקן יידיש און איך דערהער פּליס־קינס אַ פערז :

קינדער, לאָמיר ווערן גרינדער
פון אַ קינדערשער מלוכה !

ווו ביזטו אַצינד, קאָלעט ? פאַרברענט ? אויסגעגלייכט צוזאַמען מיט דער ערד ? דו ביזט געלעגן ווי אַ געבונדן שעפּסעלע אין פּאַריזער „וועלאָדראָם ד'היווער”. צוזאַמען מיט דיין טאַטן און מיט דיין מאַמען, אויסגעמאַטערט פון הונגער און פון וויינען.

דו האָסט נאָך אַ שוואַכינקען שמייכל געטאָן, קאָלעט, און ביסט איינגעשלאָפן אויף די קאַלטע שטיינער, ביסט נישטאָ מער, אַזויווי ס'איז נישטאָ מער דער באַשאַפער פון דיין „קינדערישער מלוכה”, דוד פּליסקין.

עס איז שווער צו שרייבן אַ קריטישן אַנאַליז ביי אַזאַ טראַגישער געלעגנהייט. איך שטיי נישט בלויז ביי זיין אָפענעם, נישט־געפונענעם קבר ; עס איז אויך מיין איי־גענע אָפענע וווּנד, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט פאַרהיילן.

יאָרנלאַנג האָט ער אַרומגעזוכט זיין יוגנט און זי ענד־לעך געפונען. ער האָט זי געפונען צוזאַמען מיט די יידישע קינדערלעך אין זיין „קינדערישער מלוכה” און „ווונדער־לאַנד”.

אין 1921 האָב איך אים באַגעגנט אין וואַרשע. ער איז דאַן געווען אַ ביבליאָטעקאַר אין אַ יידישער אַרבעטער־ביב־ליאָטעק אויף דער דזשעלנע גאַס. ער איז געווען אין דער גע־זעלשאַפט פון דזשאַלאָווסקי, בעקערמאַן, מ. ד. גיסער, י. קירמאַן און פאַפּיערניקאָוו. איך בין געווען דער יינגסטער, אַ בחורל פון אַ יאָר 19, און האָב נאָר־וואָס געהאַט אָפּ־געדרוקט מיין ערשט ליד אין דער וואַרשעווער „אַרבעטער־צייטונג”. קאָפּל דואַ האָט מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט. „אַזאַ יונגער, אַזאַ יונגער” — האָט ער געזאָגט צו מיר מיט פאַר־וווּנדערונג — „אייער ליד געפעלט מיר ! די הויפּט־זאַך, איר זאָלט אַ סך לערנען, אַ סך שרייבן, נישט זיין קיין פוי־לענצער ! איך אַליין בין נישט גענוג ענערגיש ! מען דאַרף שרייבן, שרייבן !”

אונדזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט, מיר האָבן ווידער זיך געטראָפן.

די יאָרן זענען אַריבער מיט ראַשיקן אויפבלי, מיט אַ פאַר־צווייגטער קולטור־בויאונג. פּאַריז ווערט אַ באַדייטנדיקער קולטור־ צענטער. צו אונזער ליטעראַרישער משפּחה שטראָמט כסדר צו פריש און צאַפּלדיק בלוט, מיר וואַקסן ווי אַ שטאַרקע און צעמענטירטע ליטעראַרישע גרופּע אַרום דער צייטונג, די „נייע פרעסע” און אַרום „פּאַריזער זשורנאַל”.

עס האָט אַנדערש נישט געקענט זיין, אַז די גאַנצע גרופּע זאָל געפינען די וואַרעמסטע שטוב און דאָס וואַרעמסטע האַרץ ביי אונדזער אומפאַרגעסלעכן דוד פּליסקין. און טראָץ־דעם וואָס ער איז אַזויפיל יאָרן געווען ווייניק טעטיק — פון צייט צו צייט נאָר אַ ליד — האָט ער מיט זיין פּשוטקייט, מיט זיין פאָטערלעכער גוטסקייט, מיט זיין אויפריכטיקייט אונדז אַלע צוגעצויגן, אַז מיר וואָלטן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אונזער גרופּע אָן זיין וואַרעמער היים.

מיטאַמאָל, אין יאָר 1937, אָן רעש און אָן טומל — דוד פּליסקין נעמט אונדז אָן פאַר די הענט און, כמעט אַ פאַר־שעמטער, פירט ער אונדז אַריין אין זיין אויסבאַהאַלטענעם, אויסגעצערטלטן קינדערישן גן־עדן, אין זיין „קינדערישער מלוכה”.

פאַר אַלע זיינע נאָענטע און פריינט איז עס נישט געווען קיין איבערראַשונג. יעדער פון אונדז האָט דאָס אויפגענומען ווי אַ לאַנג־דערוואַרטעטע זאַך. פאַר וועמען האָט זיך גע־זאָלט דידאַזיקע אידעלע נשמה, דאָסדאָזיקע אידעלע האַרץ עפענען, אויב נישט פאַר די קליינע יידישע קינדערלעך ?

איז עס געווען נאַטירלעך, וואָס אַזאַ דיכטער ווי זיוד פליסקין האָט געקענט שאַפן „די קינדערישע מלוכה".

וואָס פאַר אונדז איז יאָ געווען אַן איבערראַשונג, איז זיין אייגענער קינדערישער אַנטייל אין זיין „קינדערישער מלוכה". זעלטן־ווען אַ קינדער־דיכטער האָט אַזוי מיטגע־לאַכט, אַזוי מיטגעשטיפט, ווי ער, דער פופציק־יאָריקער דוד פליסקין.

נאָר פון די טיפענישן פון פאָלק קענען אַרויסקומען אַזעל־כע ריינע נשמות. און דווקא, קומענדיק פון די טיפענישן פון פאָלק, קען געמאָלט זיין, אַז אַזעלכע האַרציקע, גוטע מענטשן זאָלן אינגאַנצן קיין קינדהייט נישט האָבן. אַז מען איז אַ דיכטער ווי פליסקין און דער נאַטירלעכער וועג פירט צו דער „קינדערישער מלוכה", פירט עס אים גלייכצייטיק צו געפינען זיין אייגענע, געגאַרטע קינדהייט ; אָפּגעזען דערפון וויפל שווערע יאָרן ער טראָגט אויף זיינע געבויגענע פּלייצעס.

און נאָר דערפאַר קען מען שאַפן דעם שפּילעוודיקן צוטרוי פון די יידישע קינדערלעך אין פראַנקרייך. די קינדערלעך גייען אַהיים נאָך אַ שווערער לעקציע פון דער פראַנצוי־זישער שול, טאַנצן אונטער אויף די פּאַריזער טראָטואַרן, אויסזינגענדיק אַ יידישן פערז פון דוד פליסקין.

דער דיכטער וויל נישט נעמען אויף זיך די ראָל פון אַ פּאַטער, אָדער פון אַ לערער. ער וויל, צוזאַמען מיט די קינ־דערלעך, קוויקן זיך מיט דער בלום, מיטן טייך, מיטן וואַלד, מיטן גראָז, מיטן לעבן.

אַזוי לויפט אום דער דיכטער מיט זיינע קינדערלעך איבער פעלד און וואַלד, פאַרכלינעט זיך מיטן יונגן לעבן און שיכורט זיך אָן מיט דער קינדערישער פרייד.

אָבער נישט שטענדיק איז דאָך פאַראַן פעלד און זון. עס איז אויך פאַראַן אַ שטאָט, אַ היים, אַ שול. אַזוי שאַפט ער די לידער אויף שטאָטישע טעמעס. ער שאַפט דעם „לאָמפּן־צינדער", דעם „קוימען־קערער", נישט חלילה פון זיי צו מאַכן חוזק, נאָר מיט זיי צוזאַמען גוטמוטיק צו לאַכן. פיינער הומאָר און דינער שאַרפזין.

געענוג אַרומגעשטיפט אין די גאַסן מיט די „קוימענקערערס" און „לאָמפּן־צינדער", גייט ער איבער יידישע שטובן און זינגט וועגן דער באָבע קריינע און וועגן זיידן, וואָס זיצט ביי אַ ספר. ער גייט מיט זיין „קינדערישער מלוכה" איבער יידישע שטובן און ס'איז אים מחיהדיק גוט ביי אַ גלעזל טיי מיט די ליבע, איינגעבאַקענע געשטאַלטן.

האַרציקער דוד פליסקין. ביסט אומגעקומען צוזאַמען מיט דיינע קינדערלעך, וועלכע דו האָסט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט.



דוד פליסקין איז געווען אַ מענטש מיט אַן עמפּפינדלעכער נשמה, אַ רעוואָלוציאָנער. ער האָט אַלע געשעענישן טיף דורכגעלעבט. אין די שווערסטע מאָמענטן איז ער געבליבן פעסט און אויף קיין רגע נישט געצווייפלט.

ווען איך בין על פּי נס אַרויסגעקומען פון דעם שרעקלעכן גהינום דראַנסי אין 1941, זענען מיינע ערשטע באַזוכער געווען : דוד פליסקין, זיין פרוי רעגינע און זיין שוואָגער משה לייב בערנשטיין.

איך בין געווען דורשטיק נאָך אינפאָרמאַציעס. און פאַר אַלעמען פרעג איך אים : „וואָס הערט זיך אויפן סאָוויע־טישן פראָנט ?" ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ ווײלע געשוויגן — נישט געוואָלט פאַרשאַפן מיר קיין צרות. פּלוצלינג שטעלט ער זיך האַסטיק אויף, אַן אויפגערעגטער און זאָגט צו מיר אין איין אָטעם : „עס איז שלעכט ! עס איז דערדריקנדיק ! זיי האָבן שוין גענומען בריאַנסק און גייען אויף מאָסקווע ! אָבער איך בין טיף איבערצייגט, אַז דאָרטן וועלן זיי געפינען זייער קבר ! אין דעם סאָוויעטישן מאָסקווע וועלן זיי נישט אַריין !"

ווען מען האָט אַרעסטירט די מאָלערין און שרייבערין חנה קאָוואַלסקאַ מיט איר מאַן, דעם קריטיקער ברוך ווינאָגוראַ, איז פליסקין געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אַליין פאָרגעשלאָגן צו שטיין מיט זיי אין פאַרבינדונג און טראָגן פאַר זיי פּעקלעך אין תפיסה אַריין.



צוויי קינדער פון זיין בוך „קינדער־מלוכה" האָבן זיך צו־נויפגערעדט. האָט איינער געזאָגט צום אַנדערן :

כ'האָב פון טאַטן דאָך געהערט :
עס קומען נייע צייטן.
אַלץ אָט דאָ, אויף אונדזער ערד
וועט זיך איבערבייטן.

איך ווייס, אַז דאָס איז געווען דיין טיפסטער פאַרלאַנג און דיין הייליקסטער גלויבן. דערדאָזיקער גלויבן האָט דיך כסדר באַגלייט און פאַרלייכטערט דיינע לעצטע רגעס.

מ. דלושנאָווסקי

# דאס קינדער־מעשהלע איז אויסגעגאנגען

אין דעם גרויסן ניו־יאָרק, האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ קליין ביכעלע יידישע קינדער־לידער. דאָס ביכעלע האָט מיטגע־בראַכט אַ יידישער פּליכטלינג פון פּאַריז, בשעת ער איז גע־לאָפן פון זיין איינגעזעסענער היים און אין איילעניש איינגע־פּאַקט דאָס נויטיקסטע פאַרן וואַנדער־וועג; ער האָט דעמאָלט נישט פאַרגעסן מיטצונעמען דוד פליסקינס „אַ קינדערשע מלוכה״, און איך האָב גראַד די טעג ביי אים געפונען דאָס־דאָזיקע דינינקע ביכעלע מיט די צאַרטע, זוניקע לידלעך, געשריבן פאַר יידישע קינדער.

און גראַד האָב איך מיט עטלעכע טעג צוריק באַקומען אַ בריוו פון אברהם ווייץ, פון פּאַריז. ער שרייבט וועגן זיין באַ־געגעניש מיט פליסקינען אין דראַנסי און ביים געזעגענען, ווען מען האָט אים פון דראַנסי אוועקגעפירט, האָט ער גע־זאָגט צו ווייצן: „אפשר זעען מיר זיך צום לעצטן מאָל, זאָל אין זיך איין וואָס מער איינדרוקן, בילדער פון אונדזער חורבן, אפשר וועסטו זוכה זיין איבערצוגעבן זיי צו לעבן־געבליבענע יידן, אויב ס׳וועלן איבערהויפּט נאָך בלייבן יידן אויף דער וועלט״. ער איז אַרויפגעפאַלן אויף זיין אקסל און זיך צע־וויינט ווי אַ קינד.

♦

און אַט איצטער, אַדורכבלייענענדיק פליסקינס לידער, האָט פאַר מיר אויפגעטויכט די טראַגישע געשטאַלט פון דעם דיכ־טער אין פּאַריז, פון דעם שטילן באשיידענעם מענטשן, וואָס האָט זיין שווער לעבן אַדורכגעטראָגן אין די גרויסע שטעט פון דער וועלט, עס איינגעקוועטשט אין די ענגע, דומפּיקע שניידער־אַטעליעס, ביי אַ מאַשין, צווישן מאַשינען און דערביי געחלומט דעם בלויען וווּנדערלעכן חלום פון שרייבן לידער פאַר קינדער און פאַר דערוואַקסענע; און שטיל האָט ער גע־טראָגן זיין לעבן, אַזוי ווי גרויסע נאַטורן, ליידנדיקע, איינ־זאַמע קענען עס טראָגן, קיינמאָל נישט געקלאָגט זיך, נאָר געשמייכלט מיט גוטע, קינדערשע אויגן דער וועלט אַקעגן.

שטענדיק איז זיין געמיט געווען אָנגעלאָדן מיט גוטסקייט און טרייסט און יעדעס מאָל איז ער געווען גרייט אייך אַדורכ־צולייענען אַ ניי־געבוירן ליד, דאָס הייסט אייגענטלעך אַ ניי שטיק געזאַנג, וואָס האָט ביי אים אין הארץ זיך אויסגעליי־טערט און זיך געריסן צום געבורט און צום לעבן.

פליסקין האָט קיינמאָל נישט דערציילט און זיך נישט באַ־קלאָגט אויף זיינע פערזענלעכע ליידן, אַדער אויף זיין טרויער, וואָס האָט אים געפּייניקט און גענאָגט אָן אויפהער. פאַרקערט, ער האָט גאָר געטרייסט אַנדערע. פול מיט האָפנונג און גלוי־בען, האָט ער אין אייך אָנגעצונדן זיין געזאַנג און זיין תפילה, וואָס איז אויך געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט עס געהערט דורך דעם שעפּטש פון זיינע ליפּן און געזען דורך דעם שמייכל פון די אויגן.

מיר האָבן אים געקענט אַלס איינעם פון די האַרציקסטע מענטשן פון אונדזער שרייבער־משפחה אין פּאַריז. איינעם פון די באַדייטנדסטע און בעסטע, וואָס די גרויסע שטאָט קען אַרויסגעבן, און אָן גערודער, אַזוי זיך שמייכלענדיק און האַ־רעוועענדיק שווער און ביטער פאַר דערהאַלטן זיך און זיין הויז־געזינד, האָט ער אַרויסגעגעבן זיינע דינע ביכלעך לי־דער, מיט ראַזעווע שער־בלעטער און הנאה געהאַט, אַז זיין יידיש וואָרט, זיין תפילה, זיין געזאַנג, וואָס איז אמתדיק גע־קומען פון די טיפעניש פון זיין האַרץ, ווערט געהערט, גע־זונגען און קייקלט זיך אויף יידישע ליפּן און צווישן אומ־שולדיקע מיילכלעך פון יידישע קינדער.

און געשריבן האָט ער זיינע לידער און לידעלעך מיט דער דינסטער צאַרטקייט, מיט אַ וואַרעמער פּרומקייט, וואָס טראָגט אין זיך פאַרגיביקייט און טרייסט, און אויסגעצייכנט האָבן זיך די לידער מיט דעם מוזיקאַלישן ריטם, מיט דער פּאָעטישער רייפקייט און מיט דעם בחנטן זין פון דעם מעשהלע, אַלעגאָריע מיט אַ מאָראַל.

פליסקין האָט פאַרמאָגט אַ וווּנדערלעכן חוש פאַר נאַטור און אירע אייביקייט־שיינקייטן. אַז איך לייען איצטער זיינע קינדער־לידער, זע איך מיט וואָס פאַר אַ מאַלערישער קראַפט ער פלעגט איבערגעבן אין זיינע געפּערעסטע שורהלעך אַ שטיק נאַטור, דעם געזאַנג און ריטם פון לעבן, בלוט, פריי־הייט און מעכטיקן נאַטור־געשריי פאַר אַלץ, וואָס וואַקסט און לעבט.

אַט איז געמאָלן דער פרילינג ביי פליסקינען:

מיאַטלינקעס, זשוקעלעך, בינעלעך זשומען:
דער פרילינג, דער פרילינג — ער איז שוין געקומען.
לאַסטעטשקעס שפּרינגען אויף קנאָספּן, אויף צווייגן,
הויך אין דער לופט די בוציאַנען שוין שטייגן,
פון גאָלדענע, וואַרעמע וועלטן זיי קומען.
אין העל־קלאָרער לופט זייערע פליגלען צעגומען,

עס שפּראָצן אין וועלדלעך בלעטעלעך פרישינקע,
בלימלעך — צאַרט־ווייסינקע, פּאַזימקעס זיסינקע.

זיידענע גרעזעלעך, גרינינקע טוי־איקע,
שפּראָצן קאַראַטשקעלעך געלינקע, בלוי־אינקע,
עפּנען מיילעכלעך שכור באַטרונקען
און גלאַנצן און לייכטן, ווי גאָלדענע פֿונקען.

(אַ קינדערשע מלוכה)

מען וואָלט געקענט אַזוי ציטירן ליד, נאָך ליד כדי צו ווייזן די פֿאַרבן־רייכקייט און די מוזיקאַלישע קלאַנגען־ניואַנסירונג, מיט וועלכער פליסקין האָט זיך באַנוצט אין איבערגעבן זיין געזאַנג פֿאַר קינדער און פֿאַר דערוואַקסענע.

דערדאָזיקער שטילער דיכטער, האָט זיך אויפגעבויט אַן אייגענע וועלט. אין זיין אַרום זיך און אין דער וועלט, האָט ער געזען, אַז אַלץ איז שיין, אַלע דערציילן מעשה׳לעך, אַלע



דער שוואָגער פֿון דוד פליסקין, משה־לייב בערנשטיין (עלבע).

שרייבן לידער און מענטש, גאַס און קינד שטייען פּאַראַפּטע און הערן זיך צו:

ווי פֿל מאָל האָב איך אים געטראָפֿן אויף די פּאַריזער גאַסן גיין פֿון דער אַרבעט נאָך אַ גאַנצן טאָג זיצן ביי אַ ניי־מאַשין. ער איז געווען מיד, פֿאַרמאַטערט, פיזיש דערדריקט און די ערשטע ווערטער זיינע ביים באַגריסן זיך:

„כ׳האָב היינט אָנגעשריבן אַ ליד״. און שוין נעמט ער אַרויס זיין לענגלעך טאַשן־ביכעלע, מישט אויף און עס אַנט־פּלעקן זיך קליינינקע אותיותלעך, אין סימעטרישע ליניעס שטייען זיי און זיין דיסקאַנט־קול פרעגט נישט דרייסט: „ווילסט הערן? איך וועל עס דיר אָדורכלייענען״.

און אָט זינגט זיין האַרץ. אויף דער גאַס איז אַ מורא׳דיקער טומל, 6 אַ זייגער פֿאַרנאַכט, אַרום פּלאַץ־דע לאַ־רעפּובליק; מענטשן לויפֿן אין בהלה׳שער יאָגעניש, ווי איינצושלינגען איינער דעם אַנדערן, אויטאָמאָבילן ריטשן ווי ווילדע חיות. און דאָ פֿאַלן יידישע ווערטער, פּאָעטישע שורות גלייך פֿון ביי־כעלע אַרויס. דאָס זעט דער דיכטער בלויז זיין וועלטל, זיין אויסגעחלומט וועלטל און אַלץ אַרום אים, די גרויסע שטאָט, וואָס האָט פֿאַרשלונגען זיינס אַ האַלבן לעבן, זעט ער נישט...

אָבער נישט שטענדיק האָט ער געזען בלויז זיין וועלט, ווייל אָט האָבן אין איין שיינעם טאָג, נאָכדעם ווי פליסקינס אַ דין ביכעלע איז דערשינען און זיך באַשיידן אריינגעגליטשט אין יידישע שטובן, יידן גענומען זינגען זיין באַרימט־געוואָרענעם „מאַרשאַן ד׳אַבי״, אַ ליד אין וועלכן ס׳שפּיגלט זיך אָפּ אַ שטיק יידיש פּאַריז, אַ בילד פֿון דעם אַלטן באַקאַנטן אַלטוואַרג־הענדלער, וואָס מיר זעען אים אין דער גאַנצער וועלט, און אין פּאַריז האָט ער זיין ספּעציפֿישן חן און נעבעכדיקן סוח־רישן אויסזען:

מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
ווער שרייט עס, טאַטע אַזוי פֿרי
אַלע טאָג, די זעלבע צייט?
מיט אַן אַלט, פֿאַרזשאַווערט וועגל,
ווי אַ שיפֿל אָן אַ זעגל,
קומט ער אָן אין הויף און שרייט.
מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
ער איז אַ פֿרעמדער, ניט פֿון הי,
מאָגער, הייזעריק דערצו.
שטופּט דאָס וועגעלע מיט שמאַטעס.
קען ער ניט ווי אַלע טאַטעס,
זוכן אַרבעט, פּונקט ווי דו?
מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
ס׳איז מיין זון, אַ שווערע מי,
ביסט מיין קינד, געטרעכט.
ער קען אַרבעטן ווי איך
נאָר ער האָט קיין אַרבעטס־רעכט.

(אַ קינדערשע מלוכה, זייט 51)

זיין הויז איז געווען אָפֿן פֿאַר אַלעמען„ פֿאַר שרייבער, געסט פֿון אויסלאַנד, פֿאַר היימלאָזע, פּאַפּירנלאָזע און הונ־געריקע.

פֿון דער שרייבער־משפּחה אין פּאַריז, האָבן כמעט אַלע אין דעם קליינעם הויז פֿון דעם יונגן, גרויען דיכטער, וואָס האָט אין זיין יינגער שטילקייט אויסגעזונגען זיין האַרץ, זיין פֿרייד און טרויער — געפֿונען קינסטלערישע דערהויבונג.

און אָט איז דאָס טראַגיש, לירישע מעשה׳לע אויסגעגאַנ־גען, פֿאַרשניטן איז געוואָרן זיין יונג לעבן, ווען אויף זיין קאָפּ האָט ערשט די עלטער גענומען אויפגיין מיט זילבער־נע שניי־פעדים, זיין געזאַנג איז פֿאַרשטומט געוואָרן אינמיטן פֿון אַ וועלט, וואָס האָט פֿאַרזייט טויט און יסורים, און אין דער גרוויליק־לאַנגער, אָן סוף׳יקער רשימה פֿון יידישע קדושים איבער גאָר דער וועלט, ווייַנט אַרויס דער באַשיידענער נאָ־מען :דוד פליסקין.

# פון דוד פליסקינס שריפטן

## אַ קלאָשאַר

אַזוי איז, אַז מ׳שלעפּט די נעכט דורך אויף אַ באַנק אין אַ בולוואַר,
דיר איז אַזוי גרוים און די גאַנצע וועלט איז דיין געלעגער :
דיין שאָטן ווי אַ שקלאַף, ליגט אויסגעצויגן לעבן דיר אויפן טראָטואַר
און היט דיך אָפּ די גאַנצע נאַכט, ווי אַ געטרייער נעגער.

די הייזער טורעמען זיך, ווי ריזעדיקע בערג, אין נאַכט פאַרקלערט,
ווען דו קוקסט אויף זיי דורך דיין פאַרשלעפּערטן געדאַנק.
אַז מ׳האָט קיין היים נישט — איז דיר אַ היים די גאַנצע ערד
און אַ געלעגער אויפן גאַס — איעדע פרייע באַנק.

איך האָב נאָך קעז און ברויט אַ האַלבן קילאָ אין מיין טאַש,
און פאַרמאָג נאָך גאַנצע הונדערט סו — וואָס דאַרף איך נאָך ?
גיי איך טאַקע און איך קויף זיך רויטן וויין אַ גאַנצע פלאַש,
און נאָכדעם — זענען האַלעס דאָ און טעג — אַ גאַנצע וואָך.

איך האָב נעכטן אין די האַלעס אַ גאַנצע נאַכט זיך דורכגעוויקט,
מיט גרינס און פרוכטן האָבן מיר פאַרשפּרייט דאָרט גאַנצענע קאַוויאַרן.
וויפל בערג מיט ציבעלעס און מערן האָב איך נעכטן אויסגעלייגט ?
גאַנצע טורעמס אויפגעבויט פון קרויט, סאַלאַד און קאַליפיאָרן.

פאַריז דאַרף עסן, גוטער ברודער, און מיר דאַרפן פאַרדינען,
און חברה זענען דאָ גענוג, מ׳פרייט זיך, אַז מ׳נעמט אונדז צו ;
פּאַקט מען אויס די פרוכט און גרינסן פון די וועגן ביז באַגינען,
נאָכדעם, ביי דער סענע, כאַפּט מען צו אַביסל רו . . .

אָט אַזוי־אַ זענען אונדזערע טעג און נעכט מיט פאַריז פאַרקניפּט,
און אַזוי־אַ לעבן אַלע אונדזערע פאַרוואָגלטע ברידער.
כ׳האָב געהאַט אַמאָל אַ היים, כ׳האָב אויך אַ מיידל ווען געליבט
און האָב אפילו אויך אַמאָל געקרענקט אויף שרייבן לידער.

נאָר יענע טעג, זיי זענען לאַנג שוין, זייער לאַנג אַוועק,
אַ מצבה האָב איך אויפגעשטעלט אויף יענע יאָרן.
און איצטער שפּאַן איך איין, ווי פערדלעך, אַלע מיינע טעג,
און לאָז זיי אין דער וועלט אַריין און זאָלן זיי זיך פאָרן.

# ט אָ ל ע ד אָ

איך ! איך ! בין מרים מענדעס פון טאָלעדאָ,
בין דער אָפּקלאַנג פון עפּאָכע־מאַכנדיקע יאָרן,
קען קיין רשעות פון קיין דור נישט האָבן אויף מיר קיין שליטה,
אַלע פּייערן אַדורך און נישט פאַרברענט געוואָרן.

עס שטראָמט אין מיר דאָס בלוט פון טויזנט דורות
און כ׳דערקען פון יעדער שלעכטער צייט איר פּנים.
איך האָב אויפגעוויקלט און געלערנט אַלע תורות,
קען איך מיינע פריינט און ווייס אויך מיינע שונאים.

איך קום פון די משפחות אבן־עזרא, שלמה בן גבירול,
צי אַן אַלטע קרובהשאַפט מיט די אברבנאל,
עס לייכטן פאַר מיר אויף, ווי פּערל אויף אַ שנירל
און צייטן פינצטערע, זיי בליצן אויף און העלן.

עס האָבן פרינצן זיך צו מיינע קני געבויגן,
אונטערטעניק זענען מיר געווען לאָרדן און מאַרקיזן.
זיי האָבן דאָך געוואָלט דעם פלאַם פון מיינע שוואַרצע אויגן,
האָב איך זיי אַ קאַלטן אָפּגלאַנץ פון מיין בליק געוויזן.

איך וויקל זיך אין זייד און אַטלעס־צירונג, גאָלד־פּאַרמעגן,
ס׳איז דאָך אַ געשמאַק פון אַ ירושה — כ׳וויל עס נישט באַהאַלטן —
גיי איך דורך געשטאַרקט דורך אַלע אַנגעגרייפטע וועגן,
איך — אַ שטאָלצע טאָכטער פון אַ פאָלק, אַן אַלטן.

# די ביכער־שאַנק

שאָטנס גראָע, שוואַרץ און לאַנג,
קריכן, זוכן אויס די ווינקלען,
וועבן שטילקייט אינדערשטיל.
פליט אַ שטראַל פון זון־פאַרגאַנג,
ווי מיט פלעמלעך הייבט אָן שפּרינקלען
און בלייבט ליגן אויפן דיל.

פליט און צאַפּלט אַ געדאַנק,
ווי אַ שמעטערלינג צעפלאַטערט,
אין אַ זומער שטורעם־לופט.
שוועבט ארום אין שטוב פאַרמאַטערט,
פליט ארום דער ביכער שאַנק,
שטעלט זיך ביי דער שאַנק און רופט :

פליען שאָטנס שוואַרץ, ווי טיכער,
וויגן, יאָגן זיך און ציען.
סילועטן אַלערליי
פון די בענדער, פון די ביכער,
אַלע שרייבער נעמען פליען —
ווערט דאָס צמיער פול מיט זיי.

מיט אַ שוואַרצן שלייף פאַרבונדן,
שטיל אין שטוב, אין אונט־גראָ,
שוואַרץ־צעשויבערט זיינע לאָקן,
מיט די בליקן אַנגעצונדן,
שטייט באַגייסטערט עדגאַר פּאָו
און לייענט זיינע „גלאָקן".

אַ פּאַרטרוימטער, ווי אין דרימל,
מיט די בלאַסע הענט, די קליינע
און זיין בערדל — בלאָנד און שמאָל :
בלאָ די אויגן, ווי דער הימל,
מיט אַ שמייכל היינריך היינע
לייענט פאַר זיין „אַטאַ טראָל".

שוואַרץ דער מאַנטל, לאַנג, אַ לויזער,
שלאַנק, אַ מידער און אַ הויכער ;
אין די אויגן — בענקשאַפט, שנאה,
און זיין שטאָלצער קאָפּ — אַ קרויזער —
שטעלט זיך בייראָן אויף אַ גלייכער,
רעציטירט זיין „פּאַראַזינא".

און נאָך בייראָן, גלייך דערנאָך אים,
אויף דער ברוסט זיין ווייסע באָרד,
האַלט אין האַנט אַ בוך, אַ דיקן,
מיט אַ שטערן, ווי אַ חכם,
ווי אַ נביא — זיינע בליקן —
קאַרל מאַרקס, ער נעמט אַ וואָרט.

מעסט ער מיט זיין וואָרט די צייט,
האַלט די וועלט אין זיינע בענדער
און ווי אַלע דענקער גלייך,
צו דער וועלט ער שטייט און שרייט:
פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער
פאַראייניקט אייך !

## א געלע הון, א רויטער האָן

א געל הון, א רויטער האָן
זיצן אין א שטאל אויף שטרוי.
זאָגט די הון דעם האָן אזוי :
ווען ניט וואָלסטו נישט האָבן וואָס צו טאָן !
די נאכט איז לאנג און שווארץ, און קאַלט,
אַ חושך קריכט דורך יעדן שפּאַלט,
אינדרויסן ווינטן בייזע ווייען.
ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן ?
היינט, מיר דוכט, וועט שוין נישט טאָגן
און דו וועסט שוין היינט נישט קרייען.
— ליבע הון! — זאָגט שטאָלץ דער האָן —
נישט דאגה און נישט טראַכט,
יעדער מאָרגן, וואָס קומט אָן,
קעמפט מיט יעדער נאַכט.
דאַרפסט, מיין ליבע הון, נישט קלערן,
באַלד וועט קלאָר און ליכטיק ווערן ! —
טרייסט דער האָן די הון.
כמאַרעס נאַכטיקע פאַרגייען,
איך וועל ווידער הילכיק קרייען
און וועל ברענגען דאָ די זון.




## מאַרשאַן ד׳אַבי.

מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
ווער שרייט עס, טאַטע אזוי פרי
אַלע טאָג, די זעלבע צייט?
מיט אַן אַלט, פאַרזשאַווערט וועגל.
ווי אַ שיפל אָן אַ זעגל,

קומט ער אָן אין הויף און שרייט.
מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
ער איז אַ פרעמדער , נישט פון הי,
מאָגער, הייזעריק דערצו.
שטופט דאָס וועגעלע מיט שמאַטעס.
קען ער נישט ווי אַלע טאַטעס,
זוכן אַרבעט, פונקט ווי דו?

מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
ס׳איז מיין זון, אַ שווערע מי,
ביסט מיין קינד, גערעכט.
ער קען אַרבעטן, ווי איך
פאַר דער וועלט, און אויך פאַר זיך,
נאָר ער האָט קיין אַרבעטס־רעכט...

## אונזער שכנה — באָבע קריינע.

אונדזער שכנה באָבע קריינע
קומט אַריין צו אונדז גאַנץ אָפט.
קומט די באָבע, אונדזער שכנה,
ווען דער טאַטע ליגט און שלאָפט.

ווען די מאַמע זיצט און נייט
און פאַרצערעוועט די זאָקן,
ווען אין גאַס די זון פאַרגייט —
שאָטנס פאַלן, ווי דערשראָקן.

זיצן אַלע מיר צוזאַמען.
פרעגט די מאַמע : ווילט איר טיי ?
זאָגט די באָבע צו דער מאַמען :
ניין, אַ דאַנק, ס׳איז גוט אַזוי!

גיט מאַמע טיי מיט קוכן.
קרעכצט די באָבע אַ מינוט,
נעמט דעם קוכן צו פאַרזוכן
און זי זאָגט: ס׳איז זייער גוט!

טרינקט די באָבע צוגעביסן,
קייט און סמאַטשקעט אָן אַ שיעור,
מיט אַ שמייכל, מיט אַ זיסן,
זאָגט זי: שמוליק, קום צו מיר!

און פון גלאָז, עס גייט אַ פּאַרע,
קוקט די באָבע, ווי מיט טרערן
און מיט אירע פינגער דאַרע
נעמט זי גלעטן מיר דעם שטערן.

זאָגט זי: שמוליק, קליינער זשוליק! —
און זי האַלט די טיי אין שלינגען —
— אויב דו ווילסט, מיין ליבער שמוליק,
וועל איך דיר אַ לידל זינגען!

„ציגעלע, מיגעלע, קאַצינקע,
רויטע פּאָמעראַנצן —
לאָכט דער טאַטע צו דער מאַמען,
גייען די קינדערלעך טאַנצן"...

זאָג איך: נישט אַזעלכע לידער
קינדער ביי אונדז זינגען,
נאָר פון שניידער און פון שמידער
און פון האַמערס און פון רינגען.

ביי אונדז זינגט מען לידער שיינע
פון אַ סאָכע און אַ שער,
אייער לידל, באָבע קריינע,
זינגט מען שוין נישט מער....

פאַקסימילע פון דוד פליסקינס אַ מאַנוסקריפּט.

## דער לאָמפּן-צינדער

ווען עס קומט דער לאָמפּן-צינדער
צינדט אין גאַס אָן די לאַמטערן,
לויפן נאָך אים אַלע קינדער
און זיי שרייען : לאָמפּן-צינדער,
האָסט פאַרגעסן וואָס צו טאָן.
ווען מען צינדט די לאָמפּן אָן
צינדט מען אָן פאַריינס די שטערן.

מיט אַ שמייכל צו די קינדער
בלייבט דער לאָמפּן-צינדער שטיין
און ער רעדט צו אַלע קינדער :
איך בין דאָך אַ לאָמפּן-צינדער
איך וואָלט גערן, זייער גערן
אנגעצונדן אַלע שטערן,
נאָר מיין שטעקן איז צו קליין.

# יאָסל צוקער

געבוירן אין 1913, אין ראַדזין, ביי וואַרשע. צו ניין יאָר אַ קיילעכיקער יתום, דורכגעמאַכט אַ שווערע יוגנט. צו 15 יאָר געקומען צו זיין עלטערן ברודער אין פּאַריז. געאַרבעט אין אַ לאָמפּן־פאַבריק און געלערנט אויף אָוונט־קורסן, שטודירט די פראַנצויזישע ליטעראַטור. אָנגעהויבן צו שרייבן אונטערן איינפלוס פון נח פּרילוצקי. פאַרעפנטלעכט דערציילונגען אין „נ. פרעסע", „פּאַריזער זשורנאַל". אין 1938 דערשינט אין וואַרשע, מיט דער הילף פון פּען־קלוב, זיין בוך דערציילונגען „ אַ פרעמד לעבן".

אין 1941 גענומען אין לאַגער פון פּיטיוויע, דעפּאָרטירט. קיין שום ידיעות.



י. ספּעראַ.

## יאָסל צוקער – דער מענטש און שרייבער

כ'האָב געקענט יאָסל צוקערן פון זיינע נאָוועלן און דערציילונגען. ס'איז מיר געווען באַקאַנט, אַז פון אַלע אונדזערע שרייבער איז ער דער יינגסטער לויט די יאָרן, אָבער איינער פון די עלטסטע לויטן טאַלאַנט, רייפקייט און וויסן. אָבער קענען גענוי האָב איך אים נישט געקענט. כ'האָב אים אייניקע מאָל געטראָפן אויף פאַרזאַמלונגען, ריין־ליטעראַרישע און קולטור־פאַרזאַמלונגען. ער איז שטענדיק געווען אַ מין „בונטאָווטשיק", מען האָט עפּעס געפילט, אַז ער האָט אַ מיינונג פאַר זיך, נאָר ער וויל נאָכנישט, אָדער קען קען זי נאָכנישט קלאָר אַרויסזאָגן. ער איז נישט מסכים מיט די איבריקע, נאָר וואָס ער וויל, ווייסט ער נאָך אַליין נישט גענוי. יעדנפאַלס אָבער, וועט ער מיט אַנדערע ווי מיר אַלע נאָך ווייניקער קענען אַדורכקומען.

ווי געזאָגט אָבער איז ער, פערזענלעך, פאַר מיר פאַרבליבן אומבאַקאַנט, ביז עס זענען געקומען די שטורמישע צייטן און שווערע טעג, ווען מענטשלעכע נשמות האָבן זיך גענומען אַנטהילן, ווען דאָס גוטע און שענסטע איז נאָך שענער געוואָרן און דאָס שלעכטע איז נאָך עקלהאַפטער געוואָרן. אַ צופאַל האָט אונדז דעמאָלט צונויפגעפירט און פאַר אַ קורצער צייט צוזאַמענגעבונדן מיט איין שטריק פון די זעלבע צרות און געגעבן אונדז אין די הענט אַריין דעמזעלבן וואַנדער־שטעקן.

דאָס איז געווען אין די טעג פון „עקזאָד", ווען דער אַלטער מאַרשאַל פּעטען האָט פאַרקויפט דאָס לאַנד און דעם כבוד פון לאַנד. מיליאָנען פראַנצויזן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ציגיינער און געצויגן זיך אין אומענדלעכע שורות פון וואָגנס, אויטאָס, ביציקלעטן און פוסגייער איבער די וועגן פון אַלטן פראַנקן־לאַנד.

אָט ביי די באַדינגונגען, מיט אַ שווערן זאַק אויפן רוקן, פאַרשוויצט, פאַרמאַטערט, אָפּגעריסן פון אַלע מיינע נאָענטע און טייערע און קוים וויסנדיק, ווו מען גייט און נאָך וואָס, האָב איך געטראָפן יאָסל צוקערן מיט זיין צאַרטער, שטילער, איבערגעגעבענער פרוי אסתר. דאָס איז געווען ערגעץ צווישן לימאָזש און פּאַריז, אַרום שאַטאָרו. צוזאַמען האָבן מיר געשאַפן אַ דריילינג און געשלעפט זיך צוזאַמען אין די דערפער און פרייע פעלדער, אויסבאַהאַלטן זיך פון דייטשע און איטאַליענישע באָמבאַרדירער, וועלכע האָבן פון צייט צו צייט אונדז מכבד געווען מיט „מתנות" פון הימל אַראָפּ — און ווי עס פירט זיך ביי יידן, דערהויפּט ביי פּען־און בוך־מענטשן, האָבן מיר זייער פיל געשמועסט, גערעדט און דיסקוטירט, געאַמפּערט זיך און דערציילט זיך. מען קען זאָגן, אַז פון אַלע

אונדזערע רמ"ח אברים, האָבן בלויז געאַרבעט די פיס און די צונג.

יאָסל צוקער איז מיר דאַן נאָענט־באַקאַנט געוואָרן. כ'האָב פאַרשטאַנען זיין גייסטיקן מהות, זיינע איבערלעבונגען און וואַקלענישן. כ'האָב אָנגעטאַפּט זיין שטענדיקן פּסיכאָלאָגישן „ויתרוצצו", וועלכער האָט געשטאַמט נישט פון קיין קרענק־לעך־אינטעליגענטישן צושטאַנד, נאָר פון אַ זוכנדיקן אומרו מצד אַ מענטשן, וועלכער וואַקסט און ווערט און וויל נישט רוען אויף דעם דערגרייכטן, ווי זיכער און פעסט דאָס דע־ראָבערטע זאָל נישט זיין.

און וואָס מער ער האָט זיך אָנטפּלעקט פאַר מיר, אָפּטמאָל אין צאַרנדיקע וויכוחים, פול מיט רוגזא און אויפרעגונג, אַלצמער האָב איך פאַרשטאַנען זיין ווערט, אַלץ קלאָרער איז מיר געוואָרן זיין וועג, אויף וועלכן ער וויל גיין. און יאָמער־דיק איז איצט מיין געמיט, ווען איך ווייס, אַז יאָסל צוקער איז אינמיטן געבליבן שטיין און אין אומענדלעכע ליידן האָט ער אויסגעהויכט זיין יונגע, פלאַטערנדיקע נשמה.

עס קלינגט מיר נאָך אין די אויערן זיין שאַרפע יינגל־שטימע, אירע שניידנדיקע טענער פון אומצופרידנ־קייט. זיינע נישט־איבערצייגנדיקע ארגומענטן האָבן נאָכ־נישט פאַרלוירן זייער פרישקייט און אָריגינעלקייט און כ'הער נאָך דעם שטענדיקן לייטמאָטיוו זיינעם: „כ'וויל אַליין וויסן, אַליין פּרובירן און אַליין איבערצייגן זיך. כ'ווייס, אַז דער אמת ליגט ביי אייך, נאָר איך וויל אים אַליין טועם זיין".

כ'שרייב וועגן יאָסל צוקערן און ס'דאַכט זיך מיר, אַז יושר־דיק וואָלט געווען צו ווייזן אים אַזוי ווי ער וואָלט געקענט ווערן און נישט בלויז ווי ער איז געווען, אָנצייכענען די עלעמענטן, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט און וואָס האָבן אים באַדאַרפט דינען אַלס שפּרונג־ברעט צום ווייטן ציל, מיט איין וואָרט, אויב יאָסל צוקער אין קעגנוואָרט איז אַ שרייבער, צו וועלכן מען דאַרף זיך באַציען מיט אַכטונג און ליבע, איז דערזעלבער צוקער, אין פּערספּעקטיוו גענומען, אַ קינסטלער פון אַ גרויסן פאַרנעם און טיפן אינהאַלט. ער איז דאָך אַזוי יונג אַוועק פון אונדז, און דאָס וואָס ער האָט אונדז איבער־געלאָזן — איז דאָך נאָר אַ פּאָר אותיות פון אַ גאַנצן אַלף־בית.

גלייך ווי איך האָב אים באַמערקט אויפן וועג, איז מיר אויפפאַלנד געוואָרן, אַז ביי אים איז אַלץ אין אָרדענונג. דער רוקזאַק ליגט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, די שיך גוט־פאַר־שנורעוועט, דער מאַנטל — זעלנעריש צוזאַמענגעלייגט, און ער אַליין אַזוי־ווי צוזאַמענגעצויגן, פאַרהאַרטעוועט און שטרענגלעך־בייז. מען וואָלט געזאָגט, אַז ער האָט באַ־שלאָסן איינהאַלטן זיך אויף די פיס פאַר יעדן פּרייז, ווייל ער קען נישט אַנדערש. ער האָט אַן אויפגאַבע אַדורכצו־פירן, אַ שטיקל אַרבעט אָפּצוטון און ער קען דאָס קיינעם נישט אָנטרויען. מיין איינדרוק איז געווען נישט קיין פאַלשער, ווייל מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט נח פּרילוצקי אין דער הקדמה צו צוקערס בוך נאָוועלן „א פרעמד לעבן" גע־שריבן: דו האָסט זיך אַן עצה געגעבן אין פּאַריז". ביידע, דער הקדמה־שרייבער און דער יונגער דערציילער, זענען אומגעקומען פון דערזעלבער דייטשער האַנט. אָבער יאָסל האָט זיך טאַקע אַן עצה געגעבן . . . אין גוטן זין פון וואָרט. ער האָט זיך נישט פאַרכלינעט מיטן נייעם פראַנ־צויזישן לעבן און נישט געשפּיגן פייער אויפן „פאַרשימלטן" פּוילישן אַמאָל, פּונקט ווי ער האָט זיך נישט פאַרשפּאַרט אין דעם בטלנותדיקן פּראָווינציאַליזם: „וואָס קען מען געניסן, מ'שטיינס געזאָגט, דאָ? אָט ביי אונדז אין פּוילן . . . "

אָט די ביידע פאַסטקעס, אין וועלכע עס זענען אַריינ־געפאַלן אַזויפיל יידישע שרייבנדיקע יונגעלייט, האָט צוקער אויסגעמיטן. „דאָס געפיל פון מאָס, מיט וועלכן דו האָסט לאַנגע יאָרן געלענקט דאָס שיפל פון דיין אייגענער עק־זיסטענץ, קומט צום אויסדרוק אויך אין דיין שרייבן — האַלט זיך דערביי„ — לייענען מיר ווייטער אין נח פּרילוצ־קיס הקדמה— און דער יונגער יאָסל האָט טאַקע געירשנט דאָס בעסטע פון ביידע לענדער און געשטרעבט צו ווערן אַ שרייבער פאַר יידן אין פּאַריז, זייענדיק באַוואָפנט מיט ביידע קולטורן. „אַ טאָג לייען איך באַלזאַקן און אַ טאָג לייען איך פּרצן" — פאַרטרויט מיר צוקער מיט אַ ברודערלעכן טאָן, ווי ער וואָלט געוואָרט אַן אַפּלייקענונג פון מיין זייט און גרייט זייענדיק גלייך אָפּצוענטפערן.

אין אַלע זיינע דערציילונגען קומט צום אויסדרוק אָט די גע־מישטע ירושה. מען פילט, אַז ער האָט געטרונקען (און ווי גע־טרונקען! מיט אימפּעט, ברען און גאַנצקייט) פון ביידע קוואַלן און האָט געקענט באַרעכטיקן אַלע האָפענונגען און דערוואַר־טונגען. זיין דורשט נאָך וויסן, זיינע פרי־אָנגעצונדענע שטרע־בונגען צו גייסטיקע אוצרות, זיין ליבע און יראת־הכבוד פאַר יידישער קולטור און יידיש וואָרט, זיין צערטלעכקייט צו די פייזאַזשן און לאַנדשאַפטן פון אַמאָליקן היימלאַנד און זיין טיפע פאַרשטענדניש פאַר די ליידן און סאָציאַלן פּראָטעסט פון די אומגליקלעכע מאַסן, — דאָס אַלץ האָט ער געבראַכט פון פּוילן, פון דעם אַמאָליקן טייערן פּוילן, וווּ עס האָט געשלאָגן אַ מעכטיקער יידישער לעבנס־דופק, וווּ יידיש שאַפן און טון האָבן שעמערירט מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן.

זיין ווילן אויסצופורעמען אַ זאַך, געבן דעם געדאַנק אַ פּאַ־סיקן מלבוש, איינקאַדרירן יעדעס בילד אין א ראַם, זוכן שפּאַרזאַמקייט אין ווערטער, עלעגאַנץ אין אויסדרוק און מאַלע־רישער שיינקייט אין די שילדערונגען — דאָס אַלץ האָט ער גע־לערנט אין פראַנקרייך, וווּ ער האָט פלייסיק שטודירט די גרוי־סע פראַנצויזישע מייסטערס.

אַ האַרטע יוגנט האָט יאָסל צוקער געהאַט. ער וואָלט געקענט אָנשרייבן אַ מין „מיינע אוניווערסיטעטן" אין מיניאַטור. אָט הערט ווי ער באַשרייבט אַליין זיין יוגנט אין איינער פון זיינע

שפּעטערדיקע נאָך נישט פאַרעפנטלעכטע דערציילונגען, וועל־
כע ער האָט אָנגעשריבן, שוין זייענדיק הינטערן שטעכלדראָט
אין לאַגער פון פּיטיוויע:

„צו ניין יאָר, אַלס קיילעכדיקער יתום, פאַרזוכט דאָס זויערע ברויט ביי פרעמדע טישן און די שטעכיקע וואָ־רעמקייט פון אויסגעבאָרגטע בעטן . . . אַלס געטאָ־קינד, וואָס האָב איך נישט געטון? פאַרקויפט בייגל אין די וואַר־שעווער גאַסן, אַ גלעזער געווען, אַ טרעגער, אַ רעדאַקציע־שיק־ייִנגל, געקלעפּט פּלאַקאַטן אויף נאַכטיקע ווענט, שטו־דירט עספּעראַנטאָ און געטרוימט צו ווערן קונסט־מאָלער; צו פערצן יאָר, געוווּסט אַלע הינטערקוליסן פון לעבן ווי אַ מאַן פון 25".

ווי טרעפלעך און בילדעריש עס איז דער אויסדרוק „די שטעכיקע וואַרעמקייט פון אויסגעבאָרגטע בעטן"! אַזעלכע אויסדרוקן און פיטאַרעסקע פאַרגלייכן האָט איר פיל אין זיין גאַנץ שאַפן.

גאָר קאַרגע ידיעות האָבן מיר וועגן זיין יוגנט אין וואַרשע. ער האָט שוין פון קינדוויַיז אָן געפילט דעם ביטערן גורל פון יידישן לופטמענטש און פון אַ קליינבערגערלעכער סביבה, סאָציאַל אָן אויסגעוואַרצלטע און אויסגעשטעלט אויף די שטאַרקסטע קלעפּ פון דעמאָלטיקן פּוילישן אַנטיסעמי־טיזם, געכפלט דורך אַ בלוטיקן פּילסודסקי־רעזשים.

אָט די פאַרפעסטעטע אַטמאָספער פון חיה־מענטשן און־כמו־מענטשן, האָט געשטויסן דאָס ייִנגל גאָר פרי צו נעמען טראַכטן וועגן אַוועק אין דער גרויסער וועלט. דערצו נאָך האָט פאַר אים, ווי פאַר אַלע, צו וויסן שטרעבנדיקע אויטאָ־דידאַקטן, געשיינט „אויסלאַנד" מיט אַ מאַגנעטישן ליכט און פראַנקרייך — ספּעציעל. אַזוי שרייבט ער טאַקע:

„מיין פאָטער איז געווען אַ מענטש פון גרויס ערלעכקייט און אַ באַשיידענער און אַן אויסגעצייכנטער שלימזל, געדרייט מיטן שטעקל, נאָר מיין צעפאַרענע עקזיסטענץ האָט נישט פאַרטיליקט אין מיר דעם חוש פאַר געזונטקייט. בלייבנדיק אין אַנטיסעמיטישן פּוילן, האָב איך געפילט, ווער איך פאַר־משפּט אויף זיין אַ לופט־מענטש, און איינמאָל אין אַ באַגין פון מיין פופצנטן יאָר האָט מיך אויפגעוועקט דער געדאַנק וועגן אויסלאַנד. ביי אונדזער יידישער יוגנט. איז אויסלאַנד געווען אַ סינאָנים פון גלייכהייט, ברידערלעכקייט און דער־גרייכונג" . . .

אָבער שוין צו פופצן יאָר האָט צוקער זיך דערנענטערט צו דער קאַטעגאָריע מענטשן, וועלכע „קלערן און לייענען און פאַרדינען וויַיניק". שוין דאַן שלאָפט ער זייער ווייניק און לייענט זייער פיל.

ליגנדיק צוזאַמען ביינאַכט אין אַ נאַסער סטאַדאָלע פון אַ פראַנצויזישן פויער, טאַקע אין יענע בהלה־טעג, ווען פעטענס שטימע האָט שוין גענומען סקריפּען דורכן ראַדיאָ, האָט מיר יאָסל דערציילט, אַז צו 14 יאָר האָט ער ערגעץ אויסגעלייענט פלעכאַנאָווס אַ זאַץ: „איך בין אַ וואָרעם כל זמן איך בין אומוויסנד, אָבער איך בין אַ גאָט ווען איך ווייס". דאָס האָט אים באַגלייט זיין גאַנץ לעבן. קומענדיק אין פראַנקרייך, האָט ער זיך פריער פאַר אַלץ גענומען צו אַ פאַך און צום בוך. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָט ער באַ־הערשט די פראַנצויזישע שפּראַך און ליטעראַטור. ער נעמט פאַרעפנטלעכן זיינע נאָוועלן אין דער אַרבעטער־פּרעסע, אין ליטעראַרישע זשורנאַלן און בעת זיינס אַ קורצן באַזוך אין וואַרשע אין 1938, גיט דער פּען־קלוב אַרויס זיינס אַ בוך נאָוועלן „אַ פרעמד לעבן".

טאַקע דערפאַר וואָס זיין גייסטיקע יניקה האָט זיך געצויגן פון צוויי קוואַלן, איז צוקערס שאַפונג בולט איינגעטיילט אין דערציילונגען וועגן פּוילן און אין דערציילונגען וועגן פראַנקרייך. שפּעטער קומט צו דער קליינינקער דריטער טייל: דאָס, וואָס ער האָט געשריבן אין לאַגער.

שוואַר־טרויעריק זענען זיינע נאָוועלן וועגן פּוילן. זיי זע־נען נישט קיין סך, קוים אַ צענדליק, אָבער גיט מען זיי אַ לייען, גיט אַ גלאַנץ פּילסודסקיס גהינום און דער גאַנצער פילם פון יידישע צרות גייט פאַרביי. טאַלאַנט פילט זיך אין יעדן אָפּשניט. קאַרגקייט אין ווערטער און עמאָציאָנעלע שטיי־גערונג. דריי־פיר שורות און איר האָט פאַר די אויגן אַ גאַנץ בילד. דער שרייבער האָט ליב זיין אַלטע היים, ער איז פול מיט צערטלעכקייט צו דער ליידנדיקער מאַסע און ווי גאַליק־פאַרביסן ער דריקט אויס זייער סאָציאַלן פּראָטעסט קעגן דער ווילדער אָרדנונג, כאָטש ער אַליין רעדט נאָך נישט וועגן קאָנקרעטער האַפנונג און וויַיזט זיי נישט דעם אויסוועג.

נאַטירלעך שפּיגלען אָפּ זיינע פּוילישע דערציילונגען דעם זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם („האָס"; „לעצטער דאָרפס־ייִד"; „בוכהאַנדלונג" און אַנדערע). אָבער דער שרייבער איז נישט קיין פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט. ער וויל פאַר־שטיין די סיבות, זוכט די אמתע שולדיקע און היט זיך אויס פון מעכאַנישע פּאַראַלעלמיינערונגען. דאָ האָט איר פאַר זיך צוקערן דעם געבילדעטן שרייבער. אָט אין „לעצטער דאָרפסייד", ווו מען וואַרפט ארויס א יידן פון דאָרף. די סטו־דענטן העצן צו ראַבעווען דאָס ביסל יידיש גוטס. אָט ווי ער באַשרייבט עס:

„די דורות־אויפגעהעצטע שנאה האָט אַ סמאַל געטון די פויערים, די וויַיבער זענען פאַרשטומט געבליבן און זייערע מאַטע אויגן זענען אָנגעטריפט געוואָרן מיט אכזריות. די מאַנצבילן האָבן זיך געגריזשעט זייערע שפּיצן וואָנצעס און פריי געמאַכט זיך די הענט. און דער חלום זאַט אָנצועסן זיך, אַז דער בויך זאָל פּלאַצן, איז אין זיי אויפגעגאַנגען ווי אַ שיכרות — הייסע, רויטע צונגער האָבן אָפּגעלעקט דעם גאַוואַר פון גראָע ליפּן און הויך פאַסמאַקעוועט. אַ דערקווי־קנדיקע הייטערקייט האָט אַלעמען באַהערשט, ווי יאַגד־הינט פאַרן ערשטן שאָס, איז זיי באַפאַלן אַן אומגעדולד".

ווי איינפאַך עס באַקומט זיך ביי אים דער גיריקער אינס־טינקט פון דער פינצטערער מאַסע. נאָכן ערשטן אַקט פון

פסיכישער צוגרייטונג, גייט דער אַקט פון רויב גופא, דינאַמיזם אין יעדן וואָרט. ווילדקייט און חיהשקייט.

„יעדער האָט זיין רויב צום אויג אונטערגעטראָגן, עס באַשמעקט, באַלעקט און ערגעץ אויפן הויף פאַרשטעקט. מען האָט זיך געדראַפּעט אויפן וואָגן און הענט — הענט, ברייטביינערדיקע מיט דלאָניעס ווי די ברעטער, מיט אויפגעלאָפענע אָדערן פול רעוואָלט, האָבן זיך געהויבן און גענישטערט, געפּליקט און געהאַקט, איבערגעקערט און געבראָכן דאָס, וואָס איז שווער געווען צו נעמען מיט קוישן. ס'האָט גערעגנט מיט ציבעלעס און אָפּגעלעגענע עפּל, מיט הויפנס קאָרן־מעל, אַ בענקל איז געפלויגן מיט אַ טעלער. אַ שיקסע ווי אַ דונער, איז געלאָפן אַהיים מיט אַ קישן אונטערן אָרעם".

אָבער צוקער וואָלט נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנערער שרייבער, ווען ער וואָלט זיך באַגנוגנט מיט סתם-בילדלעך, עפעקטפולע שטריכן. ניין. ער גיט גלייך טאַקע אַ דערקלערונג, ווער ס'איז שולדיק וואָס דער צווייפיסיקער הערשער-מענטש האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פירפיסיקע חיה־רעה. אַט ווי פויערים האָבן אויסגעזעצן אין אָמאָליקן פוילן פון די פּאַנעס, פריצים, פאַבריקאַנטן און גענעראַלן:

„די נויט די פינצטערע, די נאַסע כאַלופּעס, דאָס האָרעווען ווי אַן אָקס פון זון־אויפשטיי ביז זון־פאַרלעש, די הויטשינדנדע שטייערן, די אַלע חולאתן וואָס דישן אויס זייערע קינדער אין די וויקעלעך און זייערע חלומות, אַז ווען ס'וועט רעגענען, וועט מען טראָגן שטיוול פון לעדער געמאַכט, און די באָבע וועט מער נישט קאָרגן אַריינצושיטן אַ ביסל זאַלץ אין טאָפּ אַריין! אין ווינטער וועט אַ ליכטיק פייער פלאַקערן אין דער הרובע און אַ לאָמפּ וועט לייכטן."

אויך אין די איבריקע דערציילונגען, גייט אַרויס דאָס פאַרשאָלטענע פּילסודסקי־ פוילן, די אומגליקלעכע מאַסע און איר בלינדער צאָרן און דער דינינקער שיכט פון אויפגעקלערטע אַרבעטער. אין דער דערציילונג „האַס" פירט ער שוין אַרויס דעם באַוווסטזיניקן פוילישן אַרבעטער פאַר וועלכן אַ ייד איז אַ מענטש ווי אַלע.

אָבער איינצייטיק האָט יאָסל אַ גוט אויג און אַ פיינעם געשמאַק אויפצוכאַפּן דאָס ריין-מענטשלעכע. מיט וואָס פאַר אַ בילדערישן סטיל מאָלט ער די רויע סעקסועלע מאָמענטן פון אַ פרימיטיוון מענטש. מען פילט די נאַטוראַליסטישע שול און עס דערמאָנט זיך דער גרויסער עמיל זאָלאַ.

שפּעטער, אין דער דיכטערישער פּראָזע וועגן אַ פאַרזעסן מיידל, גיט אונדז צוקער די פאַרוועלקונג פון דער פרוי:

„אין אַ האָטעל־שטיבל, פאַרן שפּיגל, שטייט מאַרי, דאָס יידישע מיידל. אַ צעקניטשטע לבנה קאָפּטשעט אין אַ ווינקל און באַלייכט איר גרינע ברוסט, וואָס האָט קיינמאָל נישט געמילכט, און באַלייכט איר פאַלדעוואַטן בויך וואָס האָט קיינמאָל נישט געמוטערט".

אַט אַזוי זעען אויס צוקערס דערציילונגען איבער פוילן: אויסגעוואָרצלטע יידן, עמיגראַנטן, לופט-מענטשן, אַרבעטסלאָזע, אָבער אין יעדן וואָרט פילט זיך זיין קללה אויף דער אָרדנונג און אַז ווי נאָר זי וועט געביטן ווערן וועט „דומפּע לופט מיט פרילינג־אָטעם באַהויכט ווערן".

ער האָט טריי געמאָלט דאָס, וואָס ער האָט אין זיינע קינדער־יאָרן געזען אַרום זיך. זיין אומגליקלעכע קינדהייט האָט אים געשטערט צו באַשרייבן גליק.

גאָרנישט פריילעך זענען אָבער אויך צוקערס דערציילונגען איבער פראַנקרייך: כ'לייען און טראַכט איבער זיין



יאָסל צוקער אין לאַגער פון פּיטיוויע

בוך „אַ פרעמד לעבן"; דאָס ביכל, וואָס נח פּרילוצקי האָט דאָס אַזוי געלויבט. כ'לייען די ניין קליינע נאָוועלן און געפין דעמזעלבן מאָראַלישן קלימאַט, די געשטיקטע לופט און אומגליקלעכע העלדן, ווי אין די דערציילונגען איבער פוילן. עס פילט זיך, אַז דער שרייבער איז אומצופרידן, ברוגזדיק און קלויבט נחת פון זיינע ראָליסטן. געוויס איז דאָ די סאָציאַלע קאַנווע אינגאַנצן אַן אַנדערע, אַן אַנדער לאַנד און פאָלק און במילא העפט צוקער אויס אַנדערע קוויטן אויף איר, אָבער דער הויפט־טאָן איז דער אַלטער: נישט־צוגעפּאַסטע מענטשן, עמיגראַנטן, פאַרצווייפלטע אַרבעטסלאָזע, און צופרידענע „פּאַמאַלניקעס" אָדער אָלרייטניקעס.

ס׳איז אַ ווייטיק צו זאָגן, נאָר מיט אַזאַ אויג ווי יאָסל צוקער האָט, מיט אַזעלכע געבענטשטע פעאיקייטן, וואָלט ער דאָך געקענט, דאַכט זיך, אַזוי פיל גליק און פרייד אויפכאַפּן אין נייעם לאַנד, אַזעלכע פּרעכטיקע קאַמף־בילדער און שלאַכט־מענטשן מאָלן, און די שפּעטערדיקע געשעענישן האָבן באַוויזן, ווי רייך די יידישע סביבה איז געווען מיט ביידן. נאָר ניין! מיר געפינען בלויז אומעט, דערשלאָגנקייט, צעקראָכנקייט און אויפגעקומענע גבירים, ביי וועמען די קעפּ און הערצער שטומען און די מאָגנס באַלעבאַטעווען.

כ׳האָב שוין פריער געשריבן, אַז ער האָט זיך געקליבן אויף אַנדערע זאַכן, אים האָט געשטויסן אַ דראַנג „זען מיט נייע אויגן ווי עס בויט זיך אַ נייע וועלט״, נאָר אויסער זיין יונג־פאַרשניטן לעבן, איז מעגלעך דאָ נ אָ ך אַ דערקלערונג פאַרוואָס ער האָט זיך גענומען צו די קרענקלעכע טיפּן און פאַרזען די שאַפערישע און געזונטע. צוקער איז מיטן ערשטן וואָרט זיינעם געווען נישט דרייסט נאָך, ער האָט מורא געהאַט צו פאַרמעסטן זיך אויף נייע און פּאָזיטיווע, פאַר וועלכע עס האָט זיך געפאָדערט אַ נייער סטיל, אַ נייער צוגאַנג, נייע פאָרם־שילדערונגען און אַפילו נייע אַרבעט־מעטאָדן, האָט ער זיך רעזערווירט און גענומען זיך צו די אַלטע „איבעריקע מענטשן״, „נישט נויטיקע פאַרשוינען און דער גאַנצער גאַלעריע טיפּן, וועלכע די יידישע ליטעראַטור האָט שוין אַזוי־פיל געקנאָטן. אַננעמענדיק אַזאַ היפּאָטעזע, ווערן פיל זאַכן קלאָר און פאַרשטענדלעך.

און דאָך, אַפילו אין אַזאַ מין אַלטער חורבה האָט צוקער אַריינגעטראָגן פיל נייעס, אַ ספּעציעלן חן און צויבער. אָט גייען פאַרביי די נייע „פּאַמאַלניקעס״, די פּראָסטע יונגען, הייננטיקע גבירים. אָט ווי ער באַשרייבט זיי, ווי זיי פאַרברענגען זייער זונטיק („דעם זונטיק פון מ׳סיע זשאַק און מ׳סיע מאַקס״).

„זייערע אַפּאַרטאַמענטן זענען באַוואָרפן מיט פירקאַנטיקע שטיקער מעבל. אין עס־צימער אויפן קאַמין שטייט אַ זייגער (גיין איז נישט זיין טבע), געפּאַסט אין קינסטלעכן מאַרמאָר, מיט צוויי אימיטירטע יאַפּאַנישע וואַזעס ביי די זייטן. אויף דער קאָמאָדע ליגט אויסגעצויגן אַ פּאָרצעלייענע, נאַקעטע פרוי מיט אַ ביכל אין די הענט. אויפן טיש אַ גלעזערנער קלאָש מיט בלעכענע בלומען, וואָס וועגן זיי זאָגןביידע מאַדאַמען: „מאַ פּאַראָל, זענען זיי שענער ווי לעבעדיקע״! אויפן בעט קעניגט אַ גרויסע פּופּע אין אַ בלאָ, זיידן מאַרי־אַנטואַנעט־קלייד. איבערן בעט — דער חתונה־פּאָרטרעט (אין פאַרבן) פון פאָרפאָלק״.

אַ פּאָר צענדליק שורות און ווי לעבעדיק די געשטאַלטן זענען, מען זעט זיי, מען פילט זיי און מען ווייסט ממש וואָס ס׳באַוועגט זיך אין זייערע מוחות. ווי כ׳האָב שוין אייניקע מאָל באַמערקט, אויף געבן אַ פּאָרטרעט אין אייניקע געפּאַסטע שורות, איז צוקער ממש אַ קינסטלער.

און נאָכדעם הייבט זיך אָן די סעריע דערציילונגען וועגן די צעבראָכענע, אויסגעוואָרצלטע מענטשן. דאָ האָט מען די הױרות זייקע טראַגעדיעס פון טאַטע און קינדער און ביי יידן איז דאָס נאָך פאַרשפּיצט מיט אַסימילאַציע, שנאה צו די עלטערן, אָפּגרונט צווישן מאַן־ווייב. דאָ גייען דורך לייט, וועלכע האָבן געמיינט כאַפּן גליקן אין פראַנקרייך, (דער אַמעריקאַנער נוסח „יעדער קען ווערן אַ מיליאָנער״.) אַנטוישן זיך „אין אָפּגענאַרטן לעבן״, ווערן צעשעדיקט, אָדער אויב עס געלינגט זיי, קוקן זיי זיך אַרום אויף דער עלטער איבער זייער חורבן פון אַ „פרעמד לעבן״, ענדיקן מיט זעלבסטמאָרד, צינדן אונטער זייערע הייזער, די בעסערע גייען אַוועק אין קאַמף און די אייבעריקע טונקען זיך איין אין דער וועלט פון „מ׳סיע זשאַק און מ׳סיע מאַקס״.

ווי זאַפטיק אָנגעלאָדן ביי צוקערן זענען די שילדערונגען פון די עמיגראַנטישע האָפענונגען און גראָערווירקלעכקייט.

און צום פאַרענדיקן מיטן ביכל, צי איך די אויפמערקזאַמקייט אויף דער דערציילונג „דעם טאַטנס קול״, דאָס איז ממש אַ פּערל און זעלטן ווען מען לייענט אין אַזוי ווייניק שורות אַזוי פיל קאָנדענסירטן טראַגיזם און פאַר אַ יידן ספּעציעל — אַזוי פיל נאָגנדיקן ווייטיק. צום באַדויערן זענען די פּראָבלעמען נאָך אַזוי אַקטועל און דער שרייבער געפינט די נויטיקע ווערטער און מאָס אין געפילן־אויסדרוק צו ווייזן דעם דראַמאַטישן קאָנטראַסט צווישן אַ מענטשן אַ שאַפער, און אַ לומפּן־סוחר, דער קעמפנדיקער זון פאַלט אַ קרבן פון דערזעלבער אָרדנונג, ווי זיין פּאַסיוער פאָטער.

יאָסל צוקערן איז אויסגעקומען אויסטרינקען דעם בעכער ביזן סוף. האָט דורכגעמאַכט דעם קריג „פון וואַנעט ער איז אַהיימגעגאַנגען מיט אַ וווּנד אין דער ברוסט, פאַרדעקט מיט אַ מעדאַל״, דעם „עקזאָד״ און פראַנצויזישע מפּלה און צום סוף — דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אָט די ליידן און געשעענישן עפּענען אים די אויגן און גאָר אַנדערש נעמט קוקן יאָסל צוקער אויף זאַכן און מענטשן. ער, וועלכער פלעגט מאַכן אַ קליינעם אונטערשיד צווישן פאָרמעלער און סאָציאַלער דעמאָקראַטיע און פלעגט עקשנותדיק פאַרטיידיקן „די אינדיווידועלע פרייהייט״, וואָס די בירגערלעכע דעמאָקראַטיע גיט כלומרשט, ער טראַכט שוין אַנדערש און נייע פיל־צוזאָגנדיקע טענער הערן מיר פון אים. ער שרייבט שוין:

„כ׳בין געלאָפן באַשיצן דאָס פאַרקאָפּטשעטע, געפּלאַצטע גלעזל אויפן דעמאָקראַטישן קאַגאַניקל״. און אין אַ צווייט אָרט, טאַקע אין זיין דיכטערישער פּראָזע, לייענען מיר:

„כ׳האָב באַגערט באַהעפטן זיך צו גאָט, תפילה טון, נאָר צופרי איז מיר באַוווסט געוואָרן, אַז גאָט דאָס איז מענטש און תפילה טון הייסט קעמפן״.

אָט דאָס איז זיין נייער אני־מאמין, וועלכער באַווייזט אַמבולטסטן ווי יאָסל צוקער האָט פאַרשטאַנען וו אָ ס ד י

צייט האָט געלערנט, ווי ער האָט תופס געווען דעם אמת און געזוכט דעם אמת צו דערציילן. מעגלעך טאַקע, אַז דאָס רייף ווערן פון דעם אומרואיקן יאָסל צוקער מאכט אים פאר א ראָמאַנטישן ליריקער און זיין השתפכות־הנפש נעמט אָן נייע פאָרמען. האַרציקע טרעלן קלינגען אַרויס פון זיינע לעצטע געדיכטן, פול מיט סובטעלן, ריינעם און לויטערן געזאַנג צו דער ליבע. און ווידער אַמאָל ווי געפּרעסט, ווי יעדעס וואָרט איז געציילט:

„דיינע אָרעמס — אַ וויגעלע,
דיינע אויגן — צוויי מעשהלעך
און דו אינגאַנצן — אַ קינדערישער חלום".

אָדער גלייך פון אָנהויב אַן ערדישן הימן צו דער שיינער אומבאַקאַנטער:

„— איבער מיין הויז האָט
אַ טויב
אויסגעוואָרקעט דיין נאָמען
אָ, מיין אויסדערוויילטע!"

אין זיינע מורמלען און דיכטערישע געבעטן ליגט אַ שטיק צוואה, אַ ווייטיקפולע גלוסטונג נאָך דעם, וואָס ער וואָלט געקענט זאָגן און זאָגן נישט געקענט.

די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרמאָגט גאָר גרויסע גייסטער און פאַרשאַפט זייער פיל טרייסט דעם יידישן פאָלק אין זיין שווער לעבן. זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ הערלעכן בנין, וועלכער קען אָפּטמאָל דינען אַלס מוסטער פון מענטשלעכקייט, פּראָגרעס און וועלטלעכקייט. אַ קליינעם ציגל אין דאָזיקן בנין האָט אויך אַריינגעמויערט יאָסל צוקער.

י. מאַניטש

# דער שאַפונגס־וועג פון יאָסל צוקער

דער יונגער פּראָזאַיקער, דער יונגסטער און צווישן די באַדייטנדיקסטע פון דער היגער שרייבער־גרופּע, יאָסל צוקער, איז פאַרן ברייטן לייענער־עולם כמעט אומבאַקאַנט.

זיין ערשט בוך דערציילונגען פון יידישן פּאַריז „אַ פרעמד לעבן", איז דערשינען האַרט פאַרן קריג, ווען דער אָנקומענדיקער שטורעם איז שוין געהאָנגען איבערן קאָפּ. אַ חוץ עטלעכע זייער וואַרעמע און באַגייסטערטע רעצענזיעס, האָט דאָס בוך נישט אַרויסגערופן, נישט געקענט דעמאָלט אַרויסרופן דעם פאַרדינטן אָפּקלאַנג.

יונג פאַרשניטן — נישט באַוויזן איבערצולאָזן ווי אַנדערע אומגעקומענע שרייבער פאַרטיקע, רייפע ווערק. זיין קליינע ירושה, וועלכע באַשטייט פון צוועלף דערציילונגען און נאָוועלן, נאָך אין כתב־יד, האָט אָבער קוואַליטאַטיוו זייער אַ גרויסן ווערט און וועט זיכער צוליב דער געוואַגטער טעמאַטיק און טראַגישן תוך — שוין אָפּגערעדט פון סטיל און קינסטלערישן ווערט — פאַראינטערעסירן דעם יידישן לייענער און קריטיקער ביז גאָר. דערמעגלעכן דאָס גיכע דערשיינען פון יאָסל צוקערס ירושה אין בוך־פאָרם, וועט הייסן שטעלן אַ ווירדיקע מצבה אַן איבערגעריסן שעפערישן לעבן, וועמענס נאָמען איז נאָרוואָס געהאַט אויפגעגאַנגען אין דער יידישער ליטעראַטור און אַזוי שיין אויפגעלויכטן.

ווען און ווי אַזויאיז בהדרגהדיק צייטיק געוואָרן זיין טאַלאַנט? „אָנפאַנגער" איז ער קיינמאָל נישט געווען. שוין די ערשטע שאַפונגען זיינע האָבן אַרויסגערופן אָנערקענונג. אַ ייִנגער, זייער אַ ייִנגער, אָן סמיכה, איז ער דרייסט געקומען מיט זיין געקליבן ערנסט וואָרט, מיט זיינע שאַרפע, קינסטלערישע שפּירונגען, אויפדעקן איינע פון די טיפסטע ווונדן אינעם יידישן לעבן, פון די טרויעריקסטע דעפאָרמאַציעס — פרעמדקייט. פרעמד לעבן נישט נאָר אינעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן זין, נאָר אויך אינעם קולטורעלן; נישט נאָר אין שייכות מיטן אַרום, נאָר טיילמאָל אויך מיט זיך, אין בולטסטער סתירה מיט זיך גופא.

אַ פּראָבלעם, אגב, נישט ניי אין דער ליטעראַטור; אין דער יידישער — אוודאי נישט. אויסגעוואָרצלטקייט איז פון תמיד לעבעדיקע יידישע ווירקלעכקייט. דער גרונט פון שלום עליכמס מאָנומענטאַלסטע ווערק איז דאָך אויסגעוואָרצלטקייט: לופט־לעבן, פרעמד, אָן היים, פרעמד, אָן סאָציאַלער באַשטימטקייט. מיט דעמזעלבן האָבן זיך פאַראינטערעסירט אַ סך יידישע שרייבער. אָבער ביי קיינעם נישט דאָס הויפּט־פּראָבלעם פון זייער שאַפן; ביי קיינעם נישט פאַרשאַרפט ביז פּראָטעסט, ביז מיסיע, אַזוי ווי ביי דעם יונגען יידישן שרייבער יאָסל צוקער.

און געקומען איז ער גראָד אין דער צייט, ווען דאָס היגע יידישע לעבן איז געשטאַנען אונטער אַ געוויסן צייכן פון אויפשטייג אין דער העלפט פוןביידע וועלט־מלחמות.

דאָס גאַלוואַניזירטע יידישע לעבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין שרעק און קאַמף קעגן דער קומענדיקער, ראַשיקע סאָציאַלע איבערשיכטונגען, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע עמיגראַציעס, האָבן דעמאָלט גורם געווען צו אַן אויסברייטערונג, ווי אַ געוואַלטיקער אויסגוס, צו נייע ווייטן, נייאויפגעשלאָגענע קיבוצים, פונסניי איבערגעפלאַנצטע אָדער טיפער פאַרוואָרצלטע — אויך אין פראַנקרייך, צוזאַמען מיטן געשטייגערטן סאָציאַלן באַוווסטזיין, האָט זיך הי פאַרטיפט, ווי אומעטום, אויך דער קולטורעלער: נייע צייטונגען און זשורנאַלן, ביבליאָטעקן, טעאַטער־פּרווון — אויפקלערונג, דראַנג און שעפערישע טעטיקייט ביי די מאַסן.

דעמאָלט, אויף די קאָכיקע פּאַריזער מאַסן־אונטערנעמונגען, אין די אָנגעפּראָפּטע זאַלן פון „לאַנקרי" און „אַלבואי", איז יאָסל צוקער אויפגעטרעטן צום ערשטן מאָל אויף דער ליטעראַרישער אַרענע.

כמעט אַ ייִנגל נאָך, אַביסל אַ קורצזיכטיקער, מיט אַ גערונצלטן שטערן און צוקנדיקע אַקסלען, פלעגט ער לייענען זיינע ערשטע מאַנוסקריפּטן.

געדענקט זיך נאָך געוויס דער שטאַרקער איינדרוק פון זיין ערשטן קאָנטאַקט מיט דער עפנטלעכקייט, דאָס ערנסטע מיטציטערן מיט יעדן אויסדרוק, די רייכע, געשליפענע שפּראַך, קינסטלערישע מאָס און בילדלעכקייט.

און וואָס פאַר אַ געוואגטער, אויפטרייסלנדיקער אינהאַלט.

שוין אין יענע ערשטע דערציילונגען, פראַגמענטאַרישע, אַקצענטירט ער אַזוי שאַרף די טראַגישע רעוואָלטן פון זיינע העלדן, וועלכע לעבן נישט מיט קיין שום באַשטימטן אידעאַל, לויטן אָפּשטאַם אָדער סביבה. איבערגעריסן מיטן פייערדיקן לעבנס־שטייגער און קענען מיטן נייעם זיך נישט פאַרבינדן.

ווי אַ געניטער מייסטער, האָט ער שוין דעמאָלט, אין זיינע ערשטע שאַפונגס־טריט, דערגרייכט צום אינטימסטן דענקן

און פילן, צו די אינערלעכסטע נשמה-קאָנפליקטן — פליגל־מאַנישע — פון זיינע העלדן. פּראָטאָטיפּן פון אומצייליקע טויזנטער אין דער גאָררע פרעמדער וועלט, מיטן וואָרצל אויסגעריסענע, אויבנאויפיק־איבערגעפּלאַנצטע. דער רוב פון זיי צוריקגעצויגענע פון יעטוועדער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, מיט רעזערוו און דערווידעריש צו אַלץ, וואָס איז מחוץ די גרענעצן פון זייער ענגן איך. אין א זייט פון אלע געשעענישן, וואָס באַדראָען נישט דירעקט, ברענגען נישט גלייך אויף אייגענער הויט, קאָנקרעטער געפאַר. מענטשן וואָס לעבן אָן באַשטימונג, אָן שטייגער, אָן אייגנס, וועלן שפּעטער לעבן פרעמד אויך אין די אייגענע ד׳ אמות. וועט אייטערן פּראָטעסט און סוף־כל־סוף אויפרייסן אין געגעבענעם מאָמענט פון חשבון הנפש.

דער יונגער יאָסל צוקער, גלייך מיטן ערשטן אויפטריט, באַאָבאַכטער און שטראָפער, גיט איבער צום טרעפלעכסטן מיט געציילטע, געקליבענע ווערטער, די שטיקער געראַנגל אין יאוש, צאַפּלדיקן גרויל און אויפשוידער פון אזא חשבון הנפש.

חשבון הנפש פון מאָראַלישן קיום ־ געפאַר, אונטערשטריך פון קאַטאַסטראָפאַלן וועגעטירן . . .

זענען מיר זיכער אז אויך די זאַטע, פאַרגרעבטע רו פון „מ׳סיע מאַקס און מ׳סיע זשאַק״ וועט אויפרייסן, פון אינווייניק וועט זי אויפגעריסן ווערן, קינדער וועלן קומען און — קאָנפליקט . . .

„אויף יידיש האָב איך געהונגערט ! אויף יידיש האָב איך געהאָפט !״ — שרייט אויס אין פאַרצווייפלונג מאָריס בערנאַרד — משה בער — אין סתירה מיטן גאַנצן לעבן זיינעם, היים, רייכטום, פאַמיליע.

אין „מאָריס בערנאַרד״ די ערשטע וואָגיקסטע דערציילונג אינעם בוך „א פרעמד לעבן„ אָטעמט דער הויך פון עכטן, קינסטלערישן שאַפן.

ווען די „סאָסיעטע״־יידן פון מאָריס בערנאַרדס גלייכן קומען זיך צונויף אויפן ניי־יאָר־באַל, „טראָגט זיך פון אלע טישן א שווער געזאַנג, אָנגעשוואָלן מיט בענקשאַפט נאָך דער ערגעץ פאַרלוירענער יוגנט, נאָך די ווייטע, היימישע ערדן; פול מיט אומרו פאַר דעם נייעם ברעקעלע „היים״. אָט ווערט דאָס געזאַנג הייטערדיק, לויטער, שפּאַרט פון זיך א הייליק גלויבן אין מענטש, אין יושר — פאַר וועלכן די זיידעס זענען געגאַנגען אויף שייטער־הויפנס, אויף תליות״.

אומרו פאַר דער נייער „היים״, בענקשאַפט נאָך דער אַלטער. אינצווישן דרייט זיך אַ נישט ריכטיק, כמעט אומזיניק לעבן — אומעטום אַ פרעמדס, ווי אָפט אויך ביי אייגן ווייב און קינד„„

דער פאַרכאַפּטער לייענער ווערט שוין מער נישט אָפּגעלאָזט, ביז ער וועט צוגעפירט ווערן צום העכסטן שטאַפּל פון טראַגישער דערהויבונג. דאָרט טליעט אייביקער פּראָטעסט, ווייעט דערדריקנדיקער אומעט, אָן אומעט אָן גרונט, אָן גרענעץ.

„— פון אלע ווינקעלעך זענען געקראָכן צום סופיט ארויף העליש־רויטע הענט מיט צעשפּרייטע, אָנגעגליטע פינגער. . . אויף די ווענט זענען ארומגעקראָכן שוואַרצע שפּינען רויך, געקראָכן איינע אויף די אַנדערע. . . דאָס פייער האָט געלאַכט פון מענטש, זיך געשפּילט מיט די פּאָלעס פון זיין מאַנטל, א ביס געטון דאָס בערדל, א סמאַל געטון די אויגן־אַפּלן. . . א שוואַרצע וואַנט האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַר אים.״

א לעבן אָן אינהאַלט, אָן דעם עלעמענטאַרסטן, א לעבן מיט א פאַלשן אינהאַלט, גייסטיק היימלאָז, מאָראַליש אויסגעוואָרצלט איז אויסגעגאַנגען פאַרביטערט ביי א שוואַרצער וואַנט. — — —

יאָסל צוקער איז געשטאַנען צוקאָפּנס און געטייטלט.



ניט אלע העלדן צוקערס זענען פאַרמשפּטע צו פאַרענדיקן מיטן קלאַסישן „תמות נפשי עם פלישתים״, אזוי ווי מאָריס בערנאַרד, אָדער רעזיגנירן און איינגיין, ווי זיין העלד בורגין.

שמואליק, וועמענס חשבון הנפש אין א געוויסן זין איז מער אַ נאַציאָנאַלער, צי דער דער קליינער פאָל — אַ סאָציאַלער וועלן אָנהייבן ערגעצאַנדערשווו אַן אַנדער לעבן. אַ בעסערס ? וועלן זיי דאָרט, ערגעצאַנדערש, מער נישט לעבן אין עלנט און בענקעניש, באָדנלאָזע, אָפּגעריסענע יחידים, שטיקער אָפּגעשניטענע נאָך־צאַפּלנדיקע, ליידנדיקע, באַזונדערע רינגעלעך פון אַ צעריסענער קייט ?

יעדער פּערזענלעכער חשבון פון צוקערס אַ העלד איז אונזער אלעמענס, דערוועקט, רופט ארויס מיטגעפיל, צווינגט צו פאַרטראַכטן זיך איבערן אייגענעם גורל.

מיט זיינע שפּעטערדיקע שאַפונגען, מער רייפע, אויסגעשטאַנענע האָט ער געמאַכט נאָך א טראָט ווייטער —— צום אַלגעמיין־מענטשלעכן.

פאַמעלך שטעלט זיך אָפּ דאָס פּערמאַנענטע איינפונדעווען זיך פון היגן ישוב. יאָסל צוקער, וועלכער האָט אויסדריקלעכער ווי אַנדערע איבערגעלעבט די ווייטיקלעכע אַקלימאַטיזירונג פון יעדן ניי־צוגעקומענעם עמיגראַנט, יאָרן אים נאָכגעגאַנגען ביז צום אינטימסטן, תמיד ביי א פאַרלוירנקייט אים אַ כאַפּ געטון פאַרן פּולס, האָט שפּעטער אויפגעגעבן זיין אַמביציע צו שטעלן דעם דיאַגנאָז. עס איז נתגלה געוואָרן

פאַר צוקערס קינסטלערישן באַנעם אַן אַנדערער בליק אויפֿן פרעמדן לעבן הי, אַנדערע העלדן, געביטענע ראָל און סיבות גאָר אַנדערע. אויב דער טאַטע און זײַנע „כאַלופּע״־באַדינגונגען קען זיך נישט ענדערן און זײַן אָפּלעבן איז אַ טרויעריקער אומזין, וועט די טאָכטער זײַנע, אויפֿגעקלערט דורך בונם דעם אַרבעטלאָזן, אַוועק פֿון אים אין אַ פאַרנעפּלטן מאָרגן־גרוי צו אַן אַנדערער וועלט, די פֿון באַוווסטזיין און קאַמף. („ארום בעלוויל גאַס״).

צוקערס בליק ווערט פאַרברייטערט, פאַקט פאַרבייט דעם אַנדייט, ספור המעשה — —שטימונג, אָדער גאָר קערן פֿון שטימונג. ער ווערט מער דערציילער ווי אָנווייזער, מער



גיפּס־מאַסקע פֿון יאָסל צוקער, געמאַכט פֿון אים אַלייןֹ

פראָזאיקער. זײַן פּאָעטיש זינגעוודיקער, קוועלנדיקער סטיל, ווערט האַרטער, אויסגעהאַמערטער און גענויער. שטרענגער צום וואָרט און גלייכצייטיק אַלץ נאָכגיביקער, מיט נישט דורכשניטלעכער ליבשאַפט און מענטשלעכן מיטגעפיל צו זײַנע העלדן, וועלכע לעבן שוין זעלבסטשטענדיק, באַפרייט פֿון זײַן, יאָסל צוקערס, מיטבאַטייל.

פריער האָבן יאָסל צוקערס אייגענע שטימונגען און אָנונגען, אויסגעהאָדעוועטע יאָרנלאַנג אינעם געמיט, נאָך געקענט זיך אַרײַנפּאַסן אין די העלדנס אויסדרוקן און האַנדלונגען; יעדערער צאַפּל פֿון זײַן נשמה, האָט באַקומען דורך זיי, די העלדן, אייגענעם קינסטלערישן תיקון.

זײַן וועג איז געווען אַ שמאָלער, אַן איינצל גייערישער.

אַזוי דערוויסן מיר זיך היינט פֿון זײַן לעצטער שאַפונג אין לאַגער פּיטיוויע, „א בריוו פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער״, פֿול מיט וויכטיקע אויטאָביאָגראַפישע נאָטעס, אַז ער האָט בײַ ניין יאָר פאַרקויפט בייגל אין די וואַרשעווער גאַסן.

צי איז ער נישט אין גייסטיקע קרובהשאַפט מיט זײַן קליינעם העלד פאָל ? —

„פאַרנאַכט, ווען פאָל פאַרטיקט זיך אָפּ מיט די לעקציעס לויפט ער אַקייגן דער מאַמען. נעמט אָפּ פֿון איר דאָס קיישל מיטן איבערגעבליבענעם געבעקס און פאַרקויפט עס פֿון קאַפּע צו קאָפּע.״

‚גיך יאָגן זײַנע פיסלעך אהיים. איין האַנט טראָגט דאָס ליידיקע קיישל, איין האַנט ליגט אין דער קעשענע, וווּ די מטבעות קוועלן ארום. . . זײַן האַרץ פּויקט צו, פּויקט צו. . . און די אָנגעצונדענע לאַמטערן איילן פאָרויס : „מאַכט אַ וועג, מאַכט א וועג!״.

ערטערווייז גייט אוף ווארשע, שײַנט אויף היימישער קאָלאָריט.

ווער עס האָט אים געקענט נאָענט, ווייסט ווי אייגן אים איז געווען דאָס געפיל פֿון בענקשאַפט נאָך די ווייטע, היימישע ערדן. ווי אייגן און ליב איז איז געווען די מוזיק ווי די קונסט בכלל.

פֿון דעם זעלבן בריוו פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער, אַ צאַרטער, רירנדער דאָקומענט פֿון מענטשלעכער פשטות און ליבשאַפט צום לעבן, אונטערגעשריבן שוין נישט מיט זײַן נאָמען יאָסל צוקער, נאָר מיט א נומער פֿון לאַגער, דערוויסן מיר זיך אַז ער איז געקומען קיין פראַנקרייך „איינמאָל אין אַ באַגין פֿון פופצנטן לעבנס יאָר„.

„צו ניין יאָר, אלס קיילעכיקער יתום, פאַרזוכט דאָס זויערע ברויט בײַ פרעמדע טישן און די שטעכיקע ווארעמקייט פֿון אויסגעבאָרגטע בעטן״.

„פאַרקויפט בייגל אין די וואַרשעווער גאַסן, אַ גלעזער געווען, א האַלע־טרעגער, א רעדאקציע שיק־יינגל.

— — אויך געקלעפט פּלאַקאַטן אויף ביינאַכטיקע ווענט, שטודירט עספעראַנטאָ און געטרוימט צו ווערן קונסט־מאַלער, אַ מין יידישער בריגעל . . . צו פערצן יאָר געוווסט אַלע הינטערקוליסן פֿון לעבן.״

זײַן אייגן לעבן איז געווען א שווערס, פאַרהאָרעוועט אין פאַבריק פֿון בראָנזענע לאָמפּן, אָדער צעפּטערט אינעם געיעג נאָך אָרבעט. נישט שטענדיק האָט ער געקענט שנעל

פאַרדיגגען די הענט. נישט געקוקט דערויף, האָט ער שטענ־דיק, אָן אָנגעשטרענגטער, געשאפן, געצאָלט א טייערן פרייז: אומציייליקע וואך נעכט און פיזישער דערשעפונג. געמוזט נאָך אָפּרייסן צייט אויף באזוכן אויסשטעלונגען און קאָנצער־טן, לערנען און לייענען און גוזעלשאפטלעך טעטיק זיין.

ווי יעדער עכטער טאַלאַנט, און יאָסל צוקער איז געוועזן עכט, האָט אַלץ אין לעבן זיין גייסט גענערט. איך וועל קיינ־מאָל נישט פאַרגעסן מיין באַקאַנטשאַפט מיט אים אויף סו־טינס אן אויסשטעלונג. אויפן „אָפּגעשונדענעם אָקס" האָט ער באַמערקט: „אַ שרייענדיק שטיל־לעבן, הערט ווי דאָס בלוט טריפט און כליפּעט" . . .

קינסטלעריש זייער שטאַרק זענען אויך זיינע דערציילונגען „אַ גרויע האָר", „עלנט" א. א. — נאָך אין כתב־יד.

ער האָט געקענט זען און פאַרמאָגט א קינסטלער־אויער, געקענט די הינטער־קוליסן פון געפילן, דעם טרויער פון דער וועלט געהערט.

דער אויפשטורעם פון קריג האָט אים ארויסגעוואָרפן א ווייל צווישן די איינזאַמע אויפן ברעג, כדי שפּעטער מעכ־טיקער אים אַריינציען און שליידערן אינעם ברויז פון קאַמף קעגן שונא פון דעמאָקראַטיע און מענטשלעכקייט.

ער איז פאַרבליבן צווישן אונזערע לעצטע, אונטער־ערד טעטיקע שרייבער, באוווסטזיניקע, קעמפנדיקע.

אין זיין ווערטפולער ירושה איז אויך פאַרבליבן, נישט אָן קינסטלערשן ווערט, זיין אייגענע מאסקע אין סקולפּטור. זיין אייביקער חלום פון מאָלן און אויסהאַמערן, שילדערן און איבערגעבן, האָט געשיינט אויך אין די פינצטערע טעג פון פּיטיוויע־לאַגער.

זיין חלום איז איבערגעריסן.

נישט פיל יונגע, יידישע פּראָזאיקער האָבן אזויפיל צו־געזאָגט. יאָסל צוקער איז ראוי געווען דערהייבן זיך צו דער מדרגה פון א גרויסן קינסטלער.

# פון יאסל צוקערס שריפטן

## די הקדמה פון נח פרילוצקי צום בוך פון יאָסל צוקער „אַ פרעמד לעבן".

יאָסל,

איך קען דיך פון קינדװײַז אויף און בין געװען אַן עדות פון דער האַרטער יוגנט, װאָס איז אויסגעפאַלן אויף דיין גורל. דו האָסט זיך אַן עצה געגעבן. אין פרעמדן פּאַריז, אַנגעוויזן בלויז אויפן אייגענעם איך, האָסטו געלערנט אַ פאַך און געאַרבעט איבער זיך. איצט ביסטו אַן ארבעטער און אַן אינטעליגענט אין בעסערן זין פון וואָרט. ס'איז געווען אַ ברכה פאַר דיר, וואָס פרי האָבן זיך אין דיר אָנגעצונדן גייסטיקע אינטערעסן — און זענען שוין נישט אויסגעלאָשן געוואָרן. איצט גייסטו אַרויס אין לעבן אינעווייניק שטאַרק — אַ מיטבויער פון דער נייער יידישער קולטור. דיין ערשט ביכל דערציילונגען איז ערנסט און ערלעך ווי דו אַליין. דאָס געפיל פון מאָס, מיט וועלכן דו האָסט לאַנגע יאָרן געלענקט דאָס שיפל פון דיין אייגענער עקזיסטענץ, קומט צום אויסדרוק אויך אין דיין שרייבן — האַלט זיך ווייטער דערביי:

אַן דעם איז נישטאָ קיין קונסט. — דיין שפּראַך איז אין כלל ריין אָפּגעהיטן — ס'וואַרפן זיך דורך איינצלנע נישט־קאָרעקטקייטן, נאָר וויסנדיק, אַז דו ביסט מסוגל צו זעלבסט־קריטיק אויך, גלייב איך, אַז דו וועסט דיין סטיל מיט דער צייט פאַרבעסערן.

כ'האָב דיין ביכל איבערגעלייענט מיט גרויס פאַרגעניגן. אַזאַ דערציילונג, למשל, ווי „פּאָל" איז אַ מוסטער פון געבן עמאָציאָנעלע אָנגעזעטיקטקייט מיט קאַרגע, נישט־געקינצלטע מיטלען, און אַזאַ דערציילונג ווי „דעם טאַטנס קול" טראָגט אַריין עפּעס נייעס אין דער יידישער ליטעראַטור.

איז פאַר מיר אַ פרייד דיר אָנצושרייבן די פּאָר ווערטער. קענסט זיי, אויב דו ווילסט, אָפּדרוקן אַפילו בתור הקדמה.

וואַרשע, דעצעמבער 1938.

**נח פרילוצקי.**

## דעם טאַטנס קול

שרהקע איז געלעגן ביי זיין זייט איינגעקורטשעט, די הייסע באַקן אויף זיין ברוסט, זיך געטוליעט צו אים אין שלאָף מיט איר וואַרעמע, מוטערלעך־אויפגעגאַנגענעם קערפּער. דאָס בעט, דאָס גאַנצע צימערל האָט געאָטעמט מיט איר שמעקנדיקן פרויען־ריח — אַ זיסלעכער ווי פון אַ רייף־געוואָרענעם עפּל, אַ ריח, וואָס האָט געצערטלט די גלידער, גע־האַלדזט, געקושט — און גערייצט.

אָבער אַ ניכטערער כוח האָט מאָטלען באַהערשט. ער איז אַצינד געווען אויפגערעגט, און שרהקעס רויקער שלאָף האָט אין אים אַרויסגערופן אַ פאַרדראָסיק געפיל, איבערגעגאַנגען ביסלעכווייז אין אַ גרינשעצונג צו דער פרוי אין איר.

— „ערשט־אָ, אַ בחור, — האָט ער זיך געבונטעוועט — וואָלט אים ווייניק געאַרט, וואָס מ'האָט אים באַזייטיקט פון דער פאַבריק, ווייל ער איז אַן אויסלענדער, אַז ערגעץ אַנדערש וויל מען אים, צוליב דער אייגענער סיבה, נישט צונעמען. — ער וואָלט אַוועק אין דער וועלט אַריין, זיינע אייגענע ציין וואָלט ער אַלעמאָל געפונען מיט וואָס אָפּצו־נאָרן!"

מאָטל האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן, און זיין געפיל צו שרהקען, — ווי צו שטריק, וואָס פענטען.

ווען דער ערשטער גרוי האָט אַ לעק געטון די שויבן, האָט מאָטל זיך אַרויסגעגליטשט פון געלעגער און גענומען שפּאַנען איבערן צימער אין די אונטער־וועט. ער האָט פאַר־רויכערט, געפּיפּקעט האַסטיק. מיטאַמאָל האָט ער אַראָפּגע־צויגן פון זיך ס'העמד און געבליבן שטיין פאַרן שאַנק־שפּיגל. אין דעם קאַרגן פרימאָרגן־גרוי האָט זיין אויבער־שטער קערפּער־טייל אויסגעזען ברייט און פאָרמלאָז, פול מיט אַ רויער קראַפט . . . נאָר ווער האָט דערפון אַ נוצן? באַלד וועט אָנקלאַפּן דער אַלטער יאַנטשע, ר'וועט אים וועלן אַוועקנעמען צו זיך, צו זיין אַלטוואַרג־האַנדל...

ווען מאָטל איז אַהערגעקומען אין לאַנד אַריין, האָט ער געוואָלט פון זיך אָפּטרייסלען יעדעס שטויבעלע פון זיין וויגל־היים, וואָס האָט אים, דעם יידן, פאַרמשפּט צו האַזאַרד־פאַר־דינסטלעך, אים דערנידעריקט גייסטיק ווי פיזיש. — דעמאָלט זענען נאָך אַלע טירן פאַר אים געווען אָפן. האָט ער זיך אַ־וועקגעלאָזט איבער ריזיקע פאַבריקן, און דווקא צו דער שווער־אינדוסטרי האָט אים געצויגן: וואָס שווערער די אַרבעט, אַלץ גיכער וועלן זיך אויסרויכערן פון אים די האַנדל־וואַנדל טראַכטונגען...

פאַרנאַכט,צוריק פון דער פאַבריק, האָט ער געפלעגט ווי

לאַנג־אָוועק נאָכפאָרשן פאַרן שפּיגל די באַמוסקולירונג פון זיין קערפּער, ווו אַלץ ברייטערט זיך אויס, גיסט זיך אָן מיט כוח, מיט ענערגיע. ס׳פלעגט זיך אים דעמאָלסט אויסדאַכטן, אַז ער הערט אַ געזאַנג פון יעדן מוסקול באַזונדער...

חברים האָט ער אַגיטירט: „געטאָ־מלאכות האָבן אונז פאַרקליינבירגערט, פּיזיש־פאַרקריפּלט, פון אונז געמאַכט לעמעשעקס. נישטאָ מער דער אַמאָליקער יידישער מורד־גייסט. — דערפאַר וואַגט דאָך אַ ליאַדע שנעק צו אונדז אויפצוהויבן אַ האַנט... דאָ־הי ווערט איר נישט פאַרפאָלגט — וואַרפטזשע אייך צו דער מעטאַלורגיע, בוי־אַרבעט, ווערט פּויערים!״

און אליין האָט ער זיך דערמיט נישט באַנוגנט. אויך דער מוח האָט זיך געדאַרפט באַפרייען פון געפּענטעטע באַגריפן. און מאָטל האָט זיך פאַרשריבן אויף אַ טעכניקום, געהאָפט צו דערגיין ביז אינזשיניער, געחלומט פון מאָנומענטאַלע קאָנסטרוקציעס... גאַנצע נעכט איז ער אויף־געווען איבער ביכער, אין די רו־טעג — זעלטן פאַרברענגט אין געזעלשאַפט, אַפילו שרהקע (זי האָט געוווינט אין זעלבן האָטעל, ווו ער און גאַנץ צופעליק האָבן זיי זיך באַפריינדעט) האָט פאַר אים אויפגעהערט צו עקזיסטירן: „כ׳בעט דיך, לאָז מיך איצט אַליין!״

אין פאַבריק איז ער גיך געוואָרן פון אַ שוואַרץ־אַרבעטער — אַ ספּעציאַליסט. און באַלד דערנאָך האָט מען אים אָנפאַרטרויט די אָנפירונג איבער אַ גאַנצער אָפּטיילונג — —

זיין מוסקולירטער קערפּער איז אים געשטאַנען אין שפּיגל מעכטיק, אַרויסרופעריש, יעדער נערוו אָנגעצויגן ביז צום פּלאַצן.

זינט מאָטל איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט, האָט דער קערפּער נישט פאַרלוירן זיין שטאָלץ, זיך נישט געבראָכן. אָבער ער האָט זיך יאָ געבראָכן, זיך דערפילט געפּענטעט פון אַ נייער פּלאָג. די אָנשטרענגונג פון אַזויפיל יאָרן איז מיט איין וואָרט צעשטויבט געוואָרן: עטראַנזשע — אויסלענדער! ערגעץ־ווו הּאַרטן שוין אויף אים צוגן . . . ערגעץ־ווו ליגט שוין אויסגעשפּרייט אַ שוואַרצע נאַכט — אַ נייע גרענעץ צו גנבענען . . .

פון הויף האָט זיך אַריינגעריסן צו אים אין שטוב אַריין אַ פּאַטשן מיט הענט. מאָטל האָט דערקענט דעם אָפּגערעדטן סיגנאַל מיטן אַלטן יאַנטשע, אַ ווייטער קרוב. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט דערנידעריקט, אַן אַפּאַטישע שטימונג האָט אים אַרומגעכאַפּט, ער האָט פון גאָרנישט געוואָלט טראַכטן, געוואָלט אַריינפאַלן אין זעלבסטפאַרגעסונג . . .

מ׳האָט אָנגעקלאַפּט.

מאָטל האָט אינסטינקטיוו אַרויפגעכאַפּט די הויזן, ס׳העמד, אינסטינקטיוו געגאַנגען צו דער טיר.

יאַנטשע איז אַריין.

— וואָס קראַצט זיך עס אַ יינגערמאַן אַזוי לאַנג? גייסט חלילה צו דער גילאָטינע? . . . איי־איי־איי . . . — האָט ער אויס געוווינהייט פאַרענדיקט מיט אַ קרעכצל. פון צווישן זיין געדיכט גראָ בערדל איז אַרויסגעקראָכן אַ מיד קוים־קוים שמייכעלע, וואָס האָט אויף אַ רגע ליכטיקער געמאַכט זיין פאַרגעלט טרוקן פּנים.

— נישט ערגער, מ׳סיע יאַנטשע . . .

— לאָז געמאַך! פאַר פּרנסה וועגן איז אַלדאָס איבעריקע אַ פאַלשע מטבע.

דער אַלטער — קליין, דאַר, אין אַ צעדרייטן שוואַרצן קאַפּעלוש, מיט וועלכן ער איז פון דער „היים״ אַראָפּגעקומען — איז געקראָכן קרעכצנדיק פון ווינקל צו ווינקל, אַלץ באַטאַפּט מיט זיינע פאַרגרויטע ביינערדיקע פינגער, ווי ער וואָלט געקומען איינהאַנדלען מציאות.

—כ׳בין אויכעט אַמאָל יינג געווען, כ׳האָב אויכעט געהאַט אַנדערע געדאַנקען אין קאָפּ. נאָר וואָס קומט אַרויס — גיי שריי אויף אַלע דעכער! די וועלט איז דאָך אָבער פאַרט טויב, אויף אַלע ביידע אויערן טויב . . . איי־איי־איי . . .

פון יאַנטשעס שוואַרצן צעקנאָדערטן כאַלאַט, פון זיינע צעשוווּמענע קאַמאַשן, וואָס רעגן און בלאָטעס האָבן אויפגעפרעסן די פאַרב, פון זיינע שטויב-גרויע איינגעפּרעסטע און סוחריש־פלינקע אייגעלעך, — פון דעם גאַנצן יאַנטשע האָט זיך געטראָגן אַ פאַרדומפּענער ריח. ס׳פּנים, די הענט האָבן אויסגעזען, ווי באַוואַקסן מיט אַ שימל און די האָר אויף זיי, ס׳געדיכטע בערדל — ווי אַן אָנזאַמלונג פון שפּינוועבעכץ ...

מאָטל האָט נישט געקענט אָפּיאָגן פון זיך ס׳געפּיל פון האַס, קוקנדיק אויף יאַנטשן. פּונקט אַזאַ האַס-געפיל האָט ער אַמאָל איבערגעלעבט צו זיין אייגענעם טאַטן, ווען ער האָט אים געזען אַרומשמייען אַ באַפּעדערטן, אַ באַשטרויטן אויפן מאַרק און אויסטאַפּן מיט זיינע לאַנגע, פאַרשוואַרצטע, קלעפּיקע הענט זעק קאַרטאָפל, עופות און יאַלעווקעלעך . . . דערפאַר איז ער דאָך געלאָפן פונדערהיים, געוואָלט אויסמיידן דעמזעלבן גורל.

— ני, ס׳ווערט דאָך שפּעט — האָט אים דער אַלטער אונטערגעיאָגט.

הינטערן פענצטער איז שוין דער טאָג אַרומגעפאָרן אויף אַ לאַסט־וואָגן. שטיקער געפילדער זענען אַריינגעפאַלן און צעברעקלט געוואָרן איבערן צימער. שרהקע איז אויפגעקומען.

— מאָטעלע, ווי גייסטו אַזוי פרי? — האָט זי מוטערלעך געפרעגט.

איר קול האָט אים איינגעהילט ווי אין אַ וואַרעמער טוך . . . ער האָט געוואָלט צו איר צופאַלן, ווי אַ הילפלאָז קינד, זי זאָל אים באַשיצן, עצהן, זוכן צוזאַמען מיט איר אַן אויסוועג. אַ טיפע ליבע האָט אים איצט געבונדן צו שרהקען, ער האָט פאַרשטאַנען ווי שלעכט ער איז ביינאַכט צו איר. ווי אַזוי וואָלט ער בכלל געקענט איבערטראָגן דאָס האַלבע יאָר פון אַרבעטלאָזיקייט, פון מאָראַלישער דערשלאָגנקייט אָן איר ליבע?

— זע נאַר, זאָלסט מיר געזינט זיין, ני, קים שוין אַמאָל !
— האָט אים דער אַלטער אַ שלעפּ געטון צו דער טיר.



אויף דער גאַס האָט יאַנטשע אויסגעזען אַ העלד קעגן מאָטלען, געשטעלט קליינע טריטעלעך אָבער גיכע, מונטערע און געהאַלטן אין איין אריינרעדן אין זיין יונגן קרוב, „געלערנט״ :

— ווען דו גיסט א געשריי „מאַרשאַן ד׳אַבי, שיפּאָן״ (אַלטוואַרג קויף איך), זאָל עס אָפּקלינגען אין אַלע פענצטער !



יאסל צוקער

# א פרעמד לעבן

(דערציילונגען פון יידישן לעבן אין פאריז)

הקדמה פון בח ברילובסקי

ארויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון יידי. פ.ע.נ.-קלוב אין ווארשע

1939 ווארשע

ביסט דאָך עפּעס יינג . . . אַ געזונט האַרץ, געזונטע לונגען . . .

זיי זענען אַריין אין אַ לאַנגן, שלעכט-ברוקירטן הויף באַלאַגערט מיט האַנט-וועגעלעך פון אַלע גרויסן. אַ ברודיקער הונט איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן מיט אַ געביל.

— אַנטיסעמיט ! דערקענסט נישט מער קיין מענטש ? — האָט יאַנטשע געענטפערט מיט אַ בייזער — און דעם־אַ, זעסט, נעם דיר אים גוט אין לעפּעק אַריין, דער איז אַ נייער קליענט, קאַמפּרי ? !

דער הונט האָט באַשמעקט מאָטלען פון אַלע זייטן, פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם עק און צוריקגעלאָפן צו זיין געלעגער אויף דער שוועל פון דער רעמיז.

די רעמיז — אַ גרויסער טונקעלער קאַמער אָנגעוואָרפן מיט קאַליע־געוואָרענע וועגעלעך, מיט אַראָפּגעשרויפטע רעדער און דישלעס. אַ ריח פון סמאָלע, פון זשאַווער האָט אַ זעץ געטון מאָטלען אין פּנים אַריין.

כ׳האָב אויך געברענגט מיינעם אַ לאַנדסמאַן.

— אַ „נוווא״ ?

— יאָ, אַ נייער . . . ס׳הייסט אין פאַך. — האָט יאַנטשע, מעשה אייגענער, אויפגעקלערט.

אַ שווער צעוואַקסענע יידענע אין אַ פלאַטין־בלאַנד שייטל, די באַקן באַלייגט מיט אַ סך פּודער און שמינקע, האָט געמרוזשעט די אויגן צו מאָטלען אַרויף. זיין הויכער, קרעפּטיקער געשטעל האָט אימפּאָנירט איר אַלמנהשער אויסגעלאַסנקייט. זי האָט לאַנג געקוקט אויף אים און פאַרויסגעשטופּט דעם אויסגעבעטן בוזעם. ענדלעך האָבן זיך אירע ליפּן צעשאַרט, ווי צוויי רויטע פאַרהענגלעך, און אַפּגעדעקט די גאָלדענע ציין.

— קימטס, מיסיע, און דער עיקר — פאַרלאָזן זי זיך אויף מיר . . . אַזאַ מאַן, ווי עץ זענט, וועט זיך גיך אַרויספאַרבעטן ! . . . אַ, יעך האָב שוין איינמאָל אַ „קיקער״ ! די אַלע, וועלכע קומען צוגיין מיט אַזאַ פאַרשעמט מינעלע . . . — האָט זי גערעדט מיט אַ שמאַלציק קול און זיך אַוועקגעפּעסלט צו דער באַלויכטענער ביוראָ, אַ ווינקל אָפּגעשיידט מיט אַ גלעזערנער טיר.

מאָטל איז געשטאַנען ווי אין אַ הינער-פּלעט . . . דער אַלטער האָט אים אַ צי געגעבן — איז ער געגאַנגען, דער אַלטער האָט אים געהייסן זאָגן זיין נאָמען, ווייזן דאָקומענטן — האָט ער געזאָגט, געוויזן. יאַנטשע האָט צוגעפירט אַ וועגעלע און מאָטל האָט עס גענומען שטופּן. יאַנטשע האָט אים געהייסן שרייען הויך, ס׳זאָל אָפּקלינגען אין אַלע פענצטער — האָט ער געשריגן :

— מאַרשאַן ד׳אַבי שיפּאָן !

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט זיין אייגן קול — אַ צעבראָכנס, אַ קלאָגנדיקס מיט אַ גמרא־ניגון, ווי זיין טאַטנס קול . . .

יאַנטשע איז געגאַנגען ביי דער זייט, אויך געשטופּט אַ וועגעלע און אַנגעקוואָלן :

— גיט ! . . . טרע ביען ! . . .

מאָטלען האָט אַ היץ באַשלאָגן. די גאַסן זענען אים געוואָרן ענג, יעדער מויער, יעדעס בוימל האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אים, ווי אַן אייזערנע קראַטע . . . דאָס טראַמבעריי פון אויטאָמאָבילן, די שטימען פון דורכגייער האָבן אים אַרומגערינגלט מיט חוזק, געלאַכט פון דעם פּראָלעטאַריער אין אים, אויסגעלאַכט דעם ייד אין אים . . .

— וואָס ביסטו פּלוצלינג שטיין געבליבן ? — האָט דער אַלטער יאַנטשע געפרעגט אָנקוקנדיק אים מיט אַ מבולבלדיקן בליק און ער האָט דערפילט אַ טיפן רחמנות צו מאָטלען.

# דער בריוו פון קאָנצענטראַציע־לאַגער

פאַרגיב מיין דרייסטקייט דיר צו שרייבן, כאָטש אַ פרעמדער בין איך דיר און קיינמאָל האָבן דיינע ליפּן נישט באַוויגן זיך אין מיין ריכטונג אריין און דיין אויער נישט צוגענייגט זיך צו מיינס אַ וואָרט.

פאַרגיב מיין געוואַגטקייט, כאָטש דו ביסט מיר אויך אומבאַקאַנט — אומבאַקאַנט ביז צום קאָליר פון דיינע אויגן.

אָבער מיינע געפילן קענען דיך !

און אפשר האָבן זיך אונדזערע געדאַנקען שוין ערגעצוו באַגעגנט ? און זיך באַהאַפטן ?

אפשר ביסטו (ווי איך אין יענעם זונטיק־פרימאָרגן, ווען כ'האָב דיך צום ערשטן מאָל דערזען) אויך איבערגעלאָדן געווען מיט יענעם ווייטאָקלעכן באַגער נאָך פרייהייט ? קאָן זיין ביסט, ווי איך, אַ פרעמדער אין דאָזיקן לאַנד און פאַרבענקט האָט זיך דיר נאָכן ריח פון דיין היימערד ? נאָכן גערויש פון אַלטן קאַשטאַנבוים, אין וועמענס שאָטן האָסט באַהאַלטן דיין ערשטן ראַנדעוו־ציטער ? . . .

אָ דערלויב מער צו רעדן מיט דיר !

אין יענעם זונטיק־פרימאָרגן האָבן איך שפּאַצירט איינער אַליין איבער אונדזער לאַגער, פאַזע די שטעכל־דראָטן. דער הימל איז געווען פאַרצויגן. די פעלדער אַרום פוסט פון מענטש; קיין פויגל. איבערן אַספאַלטירטן וועג — די גרויע שטילקייט פונעם הימל . . . אַ פייכט מערץ־ווינטל האָט געברענגט צו שלעפּן די גלאָקן־קלאַנגען פון פּיטיוויער קלויסטער און זיי צעהאָנגען איבער דער פאַרלאָזנקייט ווי אַ געוואַנד פון טרויער, פון נעגאַציע . . .

כאָטש אַ פול יאָר אינטערנירונג האָט אויף מיר געדריקט מיט אַ מרה־שחורה, מיך פאַרמויערט אין מיין איינזאַמקייט, איז די שטילקייט פון דעם פרימאָרגן מיר געווען פיינלעך ביז טרערן. ווי אַ פעטליע וואָלט מיין האַרץ געוואָרגן . . . ווי ברוטאַלע ווענט וואָלטן מיט מיין נשמה זיך געשפּילט....

איך בין נישט אַ קינד נאָר וואָס אָפּגעריסן פון הינטער מאַמע־פאַרטוך. בין גענוג פאַרהאַרטעוועט קעגן סתם סענטימענטאַלקייט. צו ניין יאָר, אַלס קליילעכיקער יתום, פאַרזוכט דאָס זויער־ברויט ביי פרעמדע טישן און די שטעכיקע וואַרעמקייט פון אויסגעבאָרגטע בעטן. אָבער צו שטאָלץ געווען אונטער יענעמס ווילן זיך צו בויגן און דער אינסטינקט פאַר זעלבסטשטענדיקייט צו מעכטיק אין מיר — וואָרן אַ געטאָ־קינד. וואָס האָט איך אַלץ נישט געטון : פאַרקויפט בייגל אין די וואַרשעווער גאַסן, אַ גלעזער געווען, אַ האַלעטרעגער, אַ רעדאַקציע שיק־יינגל. כ'האָב אויך געקלעפּט פּלאַקאַטן אויף ביינאַכטיקע ווענט, שטודירט עספּעראַנטאָ און געטרוימט פון ווערן קונסט־מאָלער, אַ מין יידישער ברעגעל. . . צו פערצן יאָר געוווסט אַלע הינטערקולisן פון לעבן, ווי אַ מאַן פון 25 ביי אַנדערע פעלקער. מיין פאָטער איז געווען אַ מענטש מיט גרויס ערלעכקייט, אַ באַשיידענער, אַ שטיק אויטאָפּיסט פון ביבלישע צייטן, אין פרנסה אַן אויסגעצייכנטער שלימזל: געדרייט מיטן שטעקעלע. פונדעסטוועגן האָט מיין צעפּאָרענע עקזיסטענץ נישט פאַרטילקט אין מיר דעם חוש פאַר געזונטקייט. בלייבנדיק אין אַנטיסעמיטישן פוילן, האָב איך געוווסט, ווער איך פאַרמשפּט פאַרצוזעצן דאָס לעבן פון אַ סך יידן — פון אַ לופט־מענטש ; און איינמאָל, אין אַ באַגין פון מיין פופצנטן יאָר, האָט מיך אויפגעוועקט דער געדאַנק וועגן אויסלאַנד. ביי אונדז יידישע יוגנט איז אויסלאַנד געווען סינאָנים צו גלייכהייט, ברידערלעכקייט, דערגרייכונג . . .

וועגן דעם אַלעם האָב איך דאַן געקלערט, ווען מיינע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט טרערן. אַ לאַנגע צייט בין איך געשטאַנען אומבאַוועגלעך, און מיינע צען יאָר פאַריז האָבן פאַרבייגעשוועבט, צען יאָר פאַבריק, אַקאַדעמיע און מיין אַטעליע. ס'אַרא עקסטאַז ! אַלץ וואָס כ'האָבן געזען, געפילט איז געווען פאַרב, ליניע, קאָמפּאָזיציע. פינף שעה שלאָף האָבן מיר געגוגט. ווען צוגרייטנדיק מיינע אַ זעלבסטשטענדיקע אויסשטעלונג, איז מיר ראַפּטום פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: די מלחמה. אָ, איך בין געווען נאַיוו, פאַרבלענדט צו מיינען, אַז ווייל כ'האָב אָן מורא שפּאַצירט פראַנק און פריי, מיין יידישקייט האָט מען נישט געטאַדלט אויף יעדן שריט און טריט — אַז דאָס אַליין איז שוין פרייהייט, ווערט פאַרטיידיקט צו ווערן. און געלאָפן באַשיצן ס'פאַרקאָפּטשעטע, געפּלאַצטע גלעזל אויפן דעמאָקראַטישן קאַגעניקל. כ'בין אַהיימגעגאַנגען מיט אַ ווונד אויף דער ברוסט, פאַרדעקט מיט אַ מעדאַל. איז עס אַ תירוץ אויסצומיידן דעם יידישן קאָנצענטראַציע־לאַגער ? . . .

דורך מיינע טרערן האָב איך געקוקט איבער דער פאַרצוימונג, צום שאָסיי. קוים אַ צענדליק מעטער פון מיר שטייט די צוקער־פאַבריק. יעדן באַגין קומען אַרבעטער אויף וועלאָסיפּעדן רואיקע, זיכערע, מאָרגן ווידער דורכצומאַכן די פירפינף קילאָמעטער ווי פאַר צען יאָר, ווי מיט פופציק יאָר אַפריער זייערע זיידעס, מעג זיין אַ ראַדיקאַלער מיניסטער, אַ פראָ־רעכטער. פאַר מיר האָט די מינדסטע פאַרלאַמענטרעדע, דאָס אומזיניקסטע אַרטיקל פון רעדאַקטאָר איקס, גורם געווען אויפן לויף פון מיינע טעג.

איך האָב געקוקט צו די קאָמפּאַני־הייזלעך אַנטקעגן מיר — מענטשן לעבן דאָרט אין וואַרעמען קרייז פון קינדישגעלעכטער און אַלץ איז פאַר זיי אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַזוי נאַטירלעך דער שאָרך פון אַ פרויער־קלייד, דער באַגריף גיין ווו מ'ווינטשט זיך. און אַזוי נאָענט פון מיין בענקשאַפט, פון מיין שטרוי־נאָרע, פון מיין דערנידעריקונג !

די שרעקלעכסטע אכזריות פאר א געפאנגענעם, איז ווייזן אים א שטיקל הימל אן קראטן, א זומער־פייגעלע אויף די ליפן פון א בלימל, א יונגן לאק פון א מיידל.

אין אזא צושטאנד האב איך מיך געפונען, ווען פלוצלינג, פלוצלינג ביסטו דערשינען.

איך האב דיך נישט געזען — בלויז אפגעפילט, אין מיר, אינעם זינגענדיקן ריטם פון מיינע בלוטן... איך בין געווען דאס ווינטל אין דעם פאלד פון דיין קלייד. מיין הויך פארמישט מיט דיין הויך, מיינע האר צונויפגעפלאכטן אין דיינע, מיין ליפ צונויפגעוואקסן מיט דיינער . . . און צווישן אונדז ביידן, א שפע פון זון . . .

ביסטו אוועקגעגאנגען פראסט און פשוט ווי יעדער געוויינלעכער מענטש ? האסטו זיך פארלוירן אין עטער ווי א זומערדיק וואלקנדל ? איך בין געווען מיט דיר, ביי איין טיש געזעסן, אפגעהיטן דיין שלאף. איך האב געהאלטן דיין האנט; דו האסט מיר דערציילט דיין לעבן.

מיין טאג איז אדורך ווי אין א קינדער־מעשהלע. מיין בליק האט מער נישט געבלוטיקט, אנשטויסנדיק זיך מיטן שטעכלדראט.

די נאכט — פול מיט סודות . . . וועגן דיר.

כ'בין מער נישט געווען אליין אויף אט דער פרעמדער ערד. מיינע אנדערטהאלבן טויזנט שכנים, די באראקן, דעם זשאנדארם — זענען געווען הימלווייט פון מיר, בלויז דערווארטונג בין איך געווען . . . דערווארטונג דאס בוך, וואס כ'האב געלייענט, די קאלדרע אין וועלכער כ'האב מיך איינגעטוליעט; דערווארטונג די פינצטערניש . . . ארום מיר האט געשאלט דער טראמפייט פון פרילינג. און די ערד, און דער הימל, ביז צום קלענסטן אינזעקטל האבן מיטגעזונגען מיין הימן צו דיר . . .

יעדן באגין בין איך ארויס צו די שטאכעטן איבערצייגט אין דיין קומען, אז דו מוזט קומען ! ווי סטאדעס פייגל האבן די שעהען זיך געקליבן ארום מיר. א זיסער ווייטאק האט געקלעמט מיין וועזן, איך בין געווארן אייפערזיכטיק אויף דיין פארגאנגענהייט, אפגעפילט א שנאה צו די מאנסבילן פון דיין קרייז, צו איטלעכס ווארט זייערס . . .

ווי לאנג די טעג האבן זיך געצויגן :



און ווידער זונטיק . . .

א גאנצע וואך האב איך זיך געגרייט צו דעם טאג פון אלע טעג: געגעבן אויסצופוצן מיינע סאלדאדסקע שיך (אנדענק פון פראנט) דעם וואונדערבארן שוך־פוצער פון לאגער — ער קען ס'געהיימעניש פון שווארצע שפיגלען ! כ'האב אויסגעבונדן מיין זיידענעם קראוואט, די האר אונטערגעשוירן פאר דער צייט און פייכט געמאכט, א נאכט פריער, מיינע הויזן — צו פארמירן א קאנט.

און מיך אוועקגעשטעלט לויערן . . .

דער הימל איז געווען בלוי — בלוי ווי אויף סיסלעיס א פייזאזש, פול יוגנטלעכע פרישקייט און ענערגיע. לייכט און שפילעוודיק האבן זיך געהוידעט ד קירכע־גלאקן, ווי א קינד אויף א צו־הויך געזעס ווארפט אין שמחה זיינע פיסלעך, ערגעץ־ווו האט א קעצל זיך געלערנט מיאוקען . . .

נאר דו — דו האסט זיך נישט באוויזן. איך האב פארשלאסן די אויגן. א פראסטיקער פליגל האט איבער מיר געפאכעט . . . אפשר ביסטו אויף א וויק־ענד אהער פארבלאנקעט ? אפשר געפינט זיך דא דאס קבר פון דיינע עלטערן און ביסט געקומען אויסרייניקן דעם אוהל, טוישן די בלומענטעפ ? ניין, ביסט גאר א וויזיע געווען — די וויזיע פון מיין עלנט, פון מיין נויט . . .

אויף מיין שטרוי־נארע האב איך לאנג און הייס געוויינט, צום ערשטן מאל זינט מיין מאמעס טויט. ס'איז מיר שוין אלץ איינס ! די קריג דויערט און וועט נאך דויערן, מארגן קאן מען מיר שיקן ארבעטן אין א פולווערייי, וואס איז דער צילפונקט פון שונאס אוויאציע. שטארבן איז מיר געווען גלייכגילטיק. א פאר וואכן בין איך געזונקען אין א פולשטענדיקער נאכט . . .

ביים אויפקומען האב איך אפגעשפירט א טויבן ווייטאק, גלייך מ'וואלט מיר אמפוטירט א גליד. דענערווירט. אויסגעשעפט. דער מינדסטער טאן איבער דער נארמאלער גאמע האט מיר אויפגערייצט. די זון האט מיר געלאנגווייליקט. כ'האב פיינט געקריגן דעם בלויען קאליר. באגערט פארוואנדלט צו ווערן אין א וואלקן. אין א קינד וועלכעס האט נאר וואס אנטדעקט זיין אייגן קולעכל.

איטלעכן פרימארגן האט מיך געוועקט א פרעמדער טאג, אן אויסטערלישער, א העסלעכער — ביים ערשטן בליק־אויסטויש האבן מיר זיך געהאסט.

כ'האב באגערט בעהעפטן זיך צו גאט, תפילה טון. נאר צו־פרי איז מיר באוווסט געווארן, אז גאט — דאס איז מענטש; אז תפילה טון — הייסט קעמפן.

אין דיר פארגעסן, דיך אויסמעקן פון מיין זכרון, האב איך זיך געווארפן אין קארטן־שפיל, באטייליקט אין אלע הוילע דיסקוסיעס, ענגלישע פאליציי־ראמאנען געזופט.

דאך איז עס מיר נישט געלונגען.

ווייל דו האסט געלעבט אין מיינע געפילן: ביסט געווען ווירקלעכקייט.



אצינד, ביי יעדער געלעגנהייט פון ארבעט אויסערן לאגער, בין איך פרייוויליק צוגעשטאנען. איטלעכס הויז, גארטן, קרעמל אויף מיין וועג דורכגענישטערט מיט מיין בליק, געפארשט. עקשנותדיק געגלויבט אין דיין עקזיסטענץ.

איך בין געווען א נאכגעלאזטע פייל אין ווינט . . .

איינמאָל, אויפקומענדיק אינמיטן דער נאַכט, האָב איך קאָמפּאָזירט דידאַזיקע סטראָפן לכבוד דיר:

פאַרפלאָכטן ווי דער זונשטראַל אין דיין סאַמעט־
שוואַרצן צאָפּ,
ווי דאָס נאָמענלאָזע בלימעלע וואָס פאַנגט דיין בליק
צו זיך אַראָפּ,
אויף דיין אַלבאַסטערנאַקן רעגנבויגנס הימן,
די טרויב וואָס באַזאַפט דיין גומען
וואָלט איך וועלן זיין!
גלייך צום ווינטל אינעם פאַלד פון דיין קלייד
דער עכאָ פון דיינע נישט אַרויסגעזאָגטע רייד,
די סטרונעס וואָס דיין פינגער באַרירט
דאָס שפּיגעלע, וווּ יעדן טאָג דיין יוגנט
טריומפירט —

וואָלט איך וועלן זיין! אָ, מיין אויסדערוויילטע!

איך האָב דיר געפונען, ווען מיר זענען געגאַנגען אַ מאַן צוואַנציק, צו דריי אין אַ ריי, אויפן שאָסיי קיין טורי, צו די שטיינפעלדער. ביסט געזעסן אויף דער שוועל פון אַ געמויערט הייזל און געלייענט אַ בוך. ביי דיין זייט האָט אַן אַלטער וואָלפהונט געוואָרעמט זיך אין דער זון. אונדזער פייפן, אונדזערע אָפּגעריסענע פרייליכע לידלעך, דער האַלבקאַטאָוועסדיקער סאָלדאַטסקער גאַנג — האָט אייך ביידן אויף אַזויפיל אינטריגירט, ווי לאַנג אונדזערע צוואַנציק שאָטנס האָבן זיך געגליטשט איבער אייך. די חיה האָט אויפגעקנייטשט אַן אויג און פויל אַ ביל געגעבן. דו, דו האָסט, נישט אויפהויבנדיק די אויגן, אונדז אָבסערווירט. אַ רויטקייט האָט מיטאַמאָל באַדעקט דיין געזיכט, גלייך דו וואָלסט זיך געפילט מיטשולדיק לגבי אונדז אַלע. איך האָב געוואָלט צולויפן צו דיר, אַרומנעמען, אויסרופן: איך קען דיך! מיר קענען זיך שוין אַן אייביקייט! מר האָבן באַנאַנד עקספּלאָרירט דעם מילך־וועג! . . .

אָבער מיר, מיר זענען נישט געווען אַליין, אונדזער הויך האָבן באַוואַכט געלאָדענע רעוואָלווערן.

זיי מיר מוחל די דרייסטקייט פון דעם בריוו, אָ, מיין טייערע אומבאַקאַנטע!

שרייב מיר דעם קאָליר פון דיינע אויגן.
מיין באַצייכענונגס־נומער איז 2027.

פּיטיוויע, אַפּריל 1942.

# י. ש. צענדאָרף



געבוירן דעם 19־טן מאַי, 1902 אין לאָדזש, אין א חסידישער משפחה. געלערנט אין חדר און אין ישיבה. צו 16 יאָר ארבעט ער אלס דרוקער, באַקאַנט זיך מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, לייענט א סך, הויבט אָן צו שרייבן לידער, רעדאַגירט און זעצט אומלעגאלע ליטעראַטור. אין 1931 גיט ער ארויס אין דאנציק א ביכל לידער „רויטע באַפעלן". אין 1933 קומט ער קיין פאריז, ארבעט מיט אין דער „נייע פרעסע", אין שרייבער־פאַרבאַנד און אין צענטראַלן קולטור־ראַט. דעם 14־טן מאַי 1941 זעצט מען אים איין אין לאַגער פון פּיטיוויע, ווערט דעפּאָרטירט אין זעלבן יאָר.

ב. שלעווין.

## י. ש. צענדאָרף — ווי איך האָב אים געזען

ווען איך בין צוריק מיט אַ יאָרצענדליק אַריינגעפאַלן קיין פאַריז און, אַ היימלאָזער, אָן אַ קרוב און אָן אַ פריינט, האָט מיר צענדאָרף אין איינעם אָן אויפדערנאַכט אַרויפגעבעטן צו זיך אין האָטעל־צימער, ערגעץ אויפן בעלוויל, האָט זיך געטיילט מיט מיר זיין אָרעם מאָלצייט און זיין געלעגער, האָב איך אים ציטירט צוויי שורות פון זיינס אַ ליד, וואָס איך האָב נאָך פאַרגעדענקט פון זיינע „רויטע באַפעלן".

ס'איז יעדעס לאַנד פאַר מיר אַ וואַרעמע היים,
ס'זענען אומעטום דאָ יאַטן ווילע.

האָט ער געשמייכלט ביטערלעך צענדאָרף און מיר געזאָגט, אַז נישט אַלץ איז אַלעמאָל אַזוי ווי מען האָט זיך עס פון פאָרויס פאָרגעשטעלט. א פאקט איז אז ער האָט זיך דאָ אין די ערשטע פאָר יאָר אזויווי פארלוירן אינעם פאריזער געיעג און דער עיקר—אין דער יידישער אויסגעוואָרצלטקייט. דער וואָס איז ארויסגעוואָקסן פון דער ספעציפישער פוילישער אטמאָספער, האָט זיך דאָ אין אָנפאַנג אַביסל געשטיקט. נישט יעדערן איז לייכט געווען באַלד צו אַדאַפּטירן דאָס כאַראַקטעריסטישע יידישע פאַריז. צענדאָרף איז נאָך דעמאָלט אַרומגעלאָפן „איבער שטאָק און שטיין" און האָט „געפּעדלט". קיין פאַך האָט ער נישט פאַרמאָגט קומענדיק קיין פאַריז, פאַלן צולאָסט חברים איז נישט זיין נאַטור, האָט ער „געפּעדלט" און אין ערלעכער האָרעוואַניע פאַרדינט זיין שטיקל ברויט.

עס האָט זיך אים מערנישט געשריבן. ס'איז פאַרשוווּנדן, אויסגעוועפּט איז געוואָרן ארום אים די גאַנצע לעבעדיקע טערמינאָלאָגיע פונעם פוילישן אונטערערד, וואָס איז געווען זיין שאָפונגס־פעלד און פון וועלכער ער איז אַזוי אומגעריכט אָוועקגעריסן געוואָרן — „פּאָדפּונקט", „דעפּענסיווע", „מאסוווקע", „שפּיצעל" — די דאָזיקע ווערטער זענען דאָ ביסלעכווייז ווייט און פאַרבלאָסט געוואָרן.

דערפאַר האָט ער אין דער ערשטער צייט נישט געשריבן; דערפאַר אפשר איז געווען ביי אים אַזאַ רירנדיקע וואַרעמקייט צו יעדן פריש־צוגעקומענעם שרייבער פון פוילן. דער עיקר צו די, וואָס זענען אויפגעצויגן געוואָרן און אויסגעוואקסן אין דער אַטמאָספער פון דער באַרימטער „ליטעראַרישע טריבונע". איז ער דאָך געווען אַליין איינער פון די גרונט־לייגער און פאָרויסגייער פון אָט דער גרופּע לינקע פּראָגרעסיווע שרייבער.

ער האָט זייער פרי אַוועקגעוואָרפן די לידער פון אומעט און וועלט־שמערץ, וואָס האָט דאָמינירט די סתם־שרייבעריי צווישן די אונטערוואַקסנדיקע אין אַמאָליקן פוילן. זיין שו־



י. ש. צענדאַרף (זיצט רעכטס) מיט אַ גרופּע חברים אין לאָדזש.

לע איז געווען די רעאַליסטישע פּאָעזיע פון די רעוואָלוציאָנע־רע דיכטער מיט בראָניעווסקין בראש, וועלכע זענען אין די דרייסיקער יאָרן ארויס מיט זייער באַרימטן פּאָעטישן קרעדאָ־מאַניפעסט, די קליינע לידער־זאַמלונג „דריי זאַלפן" („טשי סאַלווי"). אָט דער טאָן אין דער פּאָעזיע, דאָס פּשוטע, גרויע און שלאָגנדיקע וואָרט, איז אָן שום ספק געווען אַ נייעס — און אפשר בלויז אַ נייעס פאַרן דאַמאָלטיקן פּוילן, פאַר דער ליטעראַטור אין פּוילן, וואָס האָט נאָך געשמעקט אין עפּעס אַ קרענקלעכער ראָמאַנטיק; ווייל פאַר זיי איז געווען אין רוסלאַנד מאַיאַקאָווסקי און אַ גאַנצער דור גוטע און שלעכטע אַגיטקע־שרייבער, וואָס האָבן געלייגט אַ באַזונדערן חותם אויף דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

ס׳איז געווען אַ נייער קער אין דער ליטעראַטור — און דער עיקר אין דער פּאָעזיע — און איינער פון זיינע ערשטע שוואַלבן, פון זיינע אָנזאָגער אין דער יידישער פּאָעזיע אין יענע יאָרן איז געווען י. ש. צענדאַרף. ער איז ווייט נישט גע־ווען פון די גרעסטע, ער איז אָבער געווען פון די ערשטע. און דאָ ליגט זיין שטאַרקער נישט־דערשאַצטער פאַרדינסט.

ער האָט די יידישע פיין־שמעקער פון יענעם ליטעראַרישן וואַרשע נישט געוואָלט און נישט געקענט געפעלן ווערן. ס׳־איז געווען פאַר זייער איידל אויער אַ גרילצנדיקע מיטינג־שפּראַך אין זיינע גערייַמטע פערזן. זיי האָבן אָבער אויך באַ־וווסטזיניק אָפּגעשטויסן די דיכטערישע אויפבליצן, דאָס שניידנדיקע וואָרט, וואָס פאַרבלייבט. דאָס העפטל לידער „רויטע באַפעלן" האָט צו יענער צייט אַרויסגערופן אַ היפּשן סקאַנדאַל אין דער בונדישער פּרעסע; און דאָ מוז אונטערגע־שטראָכן ווערן די שיינע, אָביעקטיווע האַלטונג פונעם דיכ־טער מלך ראַוויטש. ער איז געווען פון די זעלטענע, וואָס זענען יאָרנלאַנג געשטאַנען אויף דער וואַך צו אַנטדעקן, דער־ציען און דערמוטיקן יעדע נייע דיכטערישע אַנטפּלעקונג ביי יידן אין פּוילן. ער איז געווען שטרענג און ערלעך. אין דער בונדישער „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור", און־טער זיין מיטרעדאַקציע, האָט ער דאָסדאָזיקע העפטל לידער צענדאַרפס, זייער וואַרעם אָפּגעשאַצט. ס׳איז ארויס קאַזשדאַן מיט אַ ליאַרעם קעגן ראַוויטשן. האָט זיך ראַוויטש נישט דערשראָקן און געענטפערט, אַז פאַר אַלעם האָט ער געזוכט די דיכטונג, דאָס איבעריקע איז נישט זיין זאַך.

ווי אַ סך פון זיין דור, איז צענדאַרף געקומען צו אונדז פון קליינעם, פאַראָרעמטן יידישן שטעטל. פון דער ישיבה, פון אָט דער באָדנלאָזער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צו עפּעס העכערס און צו עפּעס שענערס און קודם־כל — צו אַ פּראָדוקטיוו, שעפעריש לעבן, צו אַרבעט. אָבער אַלע טירן זענען פאַרהאַמערט געווען פאַר זיי. דער וועג פונעם יידישן אַרבעטער־אינטעליגענט י. ש. צענדאַרף האָט דעריבער אומ־מיטלבאַר געפירט צו דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל פאַרמאָסטן אויסצושניידן די אייטערדיקע וווּנד פון אַ דור, וועלכער האָט קיינמאָל נישט קיין רעכט געהאַט יונג צו זיין און איז געשטעלט געוואָרן אויסער די ראַמען פון לעבן. צענדאַרף אַליין האָט טיף דורכגעפיבערט די אימפּולסן פון יענער פאַרשווינדענער יוגנט אין האַלב־פאַשיסטישן פּוילן. ער האָט נישט בלויז זיין אייגענע פּערזאָן נאָר אויך זיין גאַנץ שעפעריש לעבן געשטעלט אין דינסט פון דער גרויסער אידיי. פון דער ישיבה ביז צו דער אַר־בעטער־באַוועגונג איז דער וועג פאַר אים געווען אַ גראַדער, ס׳האָט אַנדערש נישט געקענט זיין, ווען אין די טיפענישן פון לאַנד האָבן געשטורעמט מעכטיקע, אומצופרידענע כוחות.

ער איז געווען אַן אַרבעטער, אַ דרוקער. אים האָט עס באַזונדערס געצויגן צו די קליינע שטיקלעך בליי, פון וועל־כע ס׳ווערט צונויפגעשטעלט דאָס וואָרט — דאָס וואָרט וואָס קען בענטשן און שעלטן; און ער האָט טאַקע אין זיין ליד געבענטשט און געשאָלטן. ווי אַנדערש ער איז געווען פון זיין גאַנצן דור ליטעראַרישע אַנהייבער.

צענדאַרף האָט אין יענע יאָרן נישט בלויז געשריבן און געזעצט לידער. פון אונטער זיין פעדער און פון אונטער זיין דרוקערישן מכשיר זענען אין די טויבע, אויסגעלאָשענע נעכט ארויס אומלעגאַלע אויפרופן, בראָשורן און צייטונגען, וואָס זענען אוועק צו די טויזנטער לייענער פון דער פּויל־שער אונטערערד. אָט דער וועג האָט אים געפירט אין די תפיסות און דערנאָך — אויף עמיגראַציע.

מיר קומט איצט נאָכאַמאָל אויס צו בלעטערן צענדאַרפס קליין ביכעלע „רויטע באַפעלן", אַרויסגעגעבן אין דער דאַ־מאָלטיקער פריי־שטאָט דאַנציק, ווייל אין פּוילן וואָלט עס קאָנפיסקירט געוואָרן און דער מחבר וואָלט דערפאַר זיכער

איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה; צייט־לידער, וואָס האָבן דאָך אויפגעהאַלטן אין זיך בלייבנדיקס. זיי זענען שטאַרק און עמאָציאָנעל און — ווירקן. ס׳איז א צייט־דאָקומענט, איינגעקריצט אין לעבעדיקן וואָרט. קיין שום שטורעם וועט זיי נישט אָפּווישן.

מען קען זאָגן, אַז פּאַריז האָט אים נישט געדינט, צענדאָרפן. ער איז דאָ פאַרבליבן ווי אַן אויסגעריסענע פלאַנץ, אָבער פאַרטרוקנט איז ער קיינמאָל נישט געוואָרן. ער האָט זיך קאָנסערווירט און וואָלט זיך נאָך צו יעדער צייט געקענט צוריק איבערפלאַנצן אין דער גרויזאַמער פּוילישער ווירקלעכקייט און די סאַטירישע בייסיקייט פון זיין פּערז וואָלט ווידער באַקומען לעבן. אַ פאַקט, איז, אַז אין ענלעכע און אין נאָכמער שוידערלעכע באַדינגונגען, אַ פאַרשפאַרטער אין לאַגער פון פּיטיוויע, האָט זיך ווידער אויפגעוועקט אין אים דער בייסיקער ליריקער צענדאָרף. עס לוינט זיך באַזונדער אָפּצושטעלן אויף אָט דער לעצטער, טראַגישער אויפוואַכונג צענדאָרפס, וואָס האָט אים אפשר באגלייט ביז די עלעקטריזירטע דראָטן, ביזן קרעמאַטאָריום.

אין פּאריז פלעגט ער אלעמאָל אויף א צייט פארשווינדן; נישט קומען מער אויף די ליטעראַרישע צוזאמענטרעפן, נישט ווייזן זיך מיט א ניי ליד און נישט נעמען א וואָרט אויף א שרייבער־פארזאמלונג. דאָס פאריאָגטע פאריזער לעבן האָט אים צוריקגעצויגן צו א פרוי, א קינד, א היים, אַן ארבעט. און פלוצים, פון דער העלער הויט, פלעגט ער ווידער אויפטויכן. ער האָט זיך דערפילט ווי דאָס פישל, וואָס ווערט צוריק אריינגעוואָרפן אין וואסער.

ווייל אינגאַנצן פאַרשווינדן, ווי ס׳איז געווען דער פאל מיט פיל אַנדערע, האָט ער נישט געקענט. עס זענען דאָך געווען ביי אונדז אזעלכע, וואָס האָבן אונטערגעזינדיקט מיט שרייבעריי, אויסגעגרינט זיך, געוואָרן „סטאַטעטשנע", אַרויסגעשלאָגן זיך פון קאָפּ די „נאַרישקייטן" און איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַוועק.

איז ער אַ צייט נישט געקומען צווישן די שרייבער צענדאָרף, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דער קולטור־אַרבעט פון בעלווילער יידישן אַרבעטער־קלוב („באַק"), וואָס האָט זיך ענדע 1936 אויפגעלייזט, ווייל כמעט אלע אקטיוויסטן פון דאָרט זענען אוועק אויף די שפאנישע פראָנטן. דאָרט איז ער א לאנגע צייט געווען דער „קולטור־קאָמיסאַר", אָנגעפירט מיטן גרויסן לייען־זאַל, וואָס האָט היינט געקענט איינשטיין אין ערשטקלאסיקע, צענטראַלע קולטור־אינסטיטוציעס, אָנגעפירט מיט אַ ציקל פאַרלעזונגען, לעקציעס, אויספלוגן, דעקאָרירט די ווענט און צוזאַמען מיטן שפּאַנישן קעמפער שוואַרצער געטראָגן די פולע זאָרג פאַר יעדער קלייניקייט פון דער אַרבעטער־אינסטיטוציע. מען האָט געזען אין אים, אַז ס׳איז זיין סטיכיע, ער קען נישט אַנדערש לעבן.



צענדאָרף (רעכטס) מיט אַ גרופּע יידן אין לאַגער פון פּיטיוויע

מיט דער בייסיקייט פון זיין פעדער וואָלט ער זיכער געווען איינער פון די גוטע פעליעטאָניסטן ביי אונדז. ער האָט עס מיר אַ סך מאָל ביי אַ געלעגנהייט געזאָגט. אָבער ס׳איז נישט געשען. צי עס האָט געפעלט ווער עס זאָל אים דערמוטיקן דערצו, אָדער איז אַליין האָט אויסגעפעלט אַמביציע? דער דראַנג צו סאַטירע איז ביי אים אַרויס פון די ראַמען פון פערזענלעכער פאַרביטערטקייט. פאַרקערט, אין פערזענלעכן אומגיין מיט אים, איז ער געווען אַ ליבער, האַרציקער און טייערער חבר. אָבער דער ספּעציפישער הומאָר האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעטון פון אים. ער האָט געאָטעמט מיט דער פּאָליטיק און די גרויסע פּאָליטישע וועלט־ציניקער האָבן אויפגעוועקט אין אים די ביטערקייט און די סאַטירע.

עס שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד (איך האָב עס נישט געזען, מען האָט עס מיר דערציילט), ווי אומשולדיק ער איז נאָכגעלאָפן דעם אויטאָבוס, מען זאָל אים אויפנעמען קיין פּיטיוויע, ווייל ער האָט באַקומען די איינלאַדונג און ער האָט זיך פאַרשפּעטיקט. ער האָט זיי נאָך געגלויבט, די פּחדנותדיקע מערדער און אָט, דאָס לעצטע ביסל גלויבן אין די מערדער איז דער גרויסער ווייטיק פון צענדאָרפס אומקום. ס׳איז פאַר מיר זייער קלאָר, אַז ער האָט נישט געקענט בלייבן לעבן נאָכדעם ווי זיינע אויגן האָבן צוגעזען דאָס אַלץ, וואָס קען נידעריקער מאַכן דעם מענטש פון אַ וואָרעם — דער מענטש, אין וועלכן צענדאָרף האָט אזוי שטאַרק געגלויבט.

פון הינטערן שטעכל־דראָט אין פּיטיוויע איז נאָך דערגאַנגען צו אונדז אַ דיקער, פול־פאַרשריבענער העפט — די

לעצטע דיכטערישע אויסגעשרייען פונעם פאָעט י. ש. צענ־דאָרף. אין דער קורצער צייט פונעם פאַרברענגען אין לאַגער, איז ווידער צוריקגעקומען צו אים דער שוווּנג פונעם פאַר־באַטענעם וואָרט, דאָסמאָל — פונעם פאַרבאַטענעם יידישן וואָרט. יעדעס ליד — אַ טיפע איבערלעבונג. ווי אַלעמאָל, האָט דער דיכטער נישט קיין צייט געהאַט צו שלייפן און צו פיילן דאָס וואָרט. ער וואַרפט עס אַן אַזוי רוי און אומגע־שליפן, ווי ס׳קומט פון איבערגעלאָדענעם געמיט. דאָס זע־נען פאַר אַלעם דאָקומענטן פון אַ גרויזאַמער צייט. „פונעם גרוב פון לײדן״, ווי עס זענען געווען די לאַגערן ערב דע-פּאָרטאַציע, ערב אומקום. עס גייט פאַרביי די גרויסע בענ־קשאַפט נאָך דער פרוי, נאָכן קינד, וואָס לויפן שוין אַרום און ער קען עס נישט זען.

צוזאַמען מיט יאָסל צוקער און כלאַוונע קאַגאַן האָט צענ־דאָרף אין פּיטיוויע געפירט אַ קולטור־אַרבעט, געהאָלפן אַ רויסגעבן אַ געשריבענע צייטונג מיט אַ סך באַהאַלטענעם חוזק פאַר די דייטשע אָקופּאַנטן און זייערע שטיוול־פוצער, די ווי־שי־לייט, געגעבן רעפעראַטן, אונטערגעהאַלטן דעם מוט ביי די דערשלאָגענע יידן. דער יידישער המשך האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט ביז דער חלף איז נישט געלעגן אויפן האַלדז, ביז זיי זענען אַלע נישט פאַרפּאַקט געוואָרן אין די טרויערי־




י. ש. צענדאָרפס פערזענלעכער דאָקומענט, מיט דער אויפ־שריפט „זשוויף״ (ייד)

קע לאַסט־צוגן, וואָס האָבן זיי צום לעצטן מאָל אַוועקגע־פירט אינעם לאַנד פון מאַסן־מאָרד.

אויך צענדאָרף איז געווען אין יענעם טרויעריקן צוג, אין די הענט פון די רוצחים, וועלכע ער האָט נאָך מיט יאָרן צוריק אָנגעזאָגט דעם אומברחמנותדיקן קאַמף מיט זיינע „רויטע באָפעלן״.

# פון י. ש. צענדארפס שריפטן

## די „אומאַפהענגיקע״ קונסט . . .

פעען־לייכט, אין אַ זיידענער פיזשאַמע,
פונקט אין מיטן אַ פיין־פּאַרקעמטער שרינט ;
בלוילעך זאָלן זיין די עמאַציע־פלאַמען,
און ברויזנד, ווי אַ תמוהדיקער ווינט . . .

אַ זיידן ווערסטל איז ווי אַ שטאָלענער פאַנצער,
וואָס דערלאָזט נישט מענטשן־ווײ צום האַרצן ;
אין „זשעמיאַנסקע״ איז אַזוי באַקוועם צום טאַנצן
און זיס־געשמאַק, אַ גלעזל „האַלב־שוואַרצע״ . . .

עסן פינקטלעך און מיט אַ מאָס, ווי אַ סאַנעט,
און צירלעך־פיין, ווי די וועש ביי הערזען ;
און ווי קרעם־טשאַסטעס פון גריצהענדלערס בופעט
מוזן זיין די לאַקריץ־זיסע פערזן . . .

די פלאַמענדיקע פרייד לעשן מיט בעכערס וויין,
דעם גליענדיקן שמערץ מיט שיינע פרויען ;
מיט באַקכוס־לויב געזעגענען דעם „ליבן״ היינט,
שיכורע וואַרטן ביים מאָרגן־טויער . . .

וואַרפן אין לופטן ווערטער, ווי קאָנפעטי,
און בינדן זילבן — צאַרטע נאַרציזן; —
ביכלעך און הילעס, ווי ראָזאָווער „קאָטי״,
און רוקנס — געטאָקטע דאַמען־פיסלעך . . .

פאַר די אַרבעטער־קעמפער גאַליקע סאַטירע,
פאַר די הערשער : „קריטיק״ — זיסן האָניק ; —
פרעדיק הומאַניזם אויף צייטונגס־פּאַפירן,
און — „אַלזוי שפּראַך, הער מייסטער אַנטאָני״ ! . . .

## אין לוצק, צי אַנדערשוו . . .

אין לוצק, צי אַנדערשוו,
וו מ׳האָט נאָר אייערע לייבער געריסן ;
אין ווראנקי, אַדער אין אַן אַנדערער תפיסה —
חבר מיינער דו ! . . .

אומעטום, וו עס פלאַטערט נאָר לענינשער פלאַטער
און ס׳שפּיזן געפּענטעטע גליענדיקע בליקן ;
וו נאָר ס׳מוזן זיך אין ענגע צעלעס שטיקן
אונדזערע יאַטן . . .

פעסט־געשלאָכענע צעלן־קאַמונעס
פון יאַטן די מוטיקסטע, די שטאַרקסטע, —
שלינגט מען לענינען און מ׳זופּט מאַרקסן —
פון אונדזער קוואַליקן ברונעם . . .

אויף קאַרצערשע, שטייניקע דילן,
די אברים צעשלאָגן און צעבלוטיקט, —
זינגען מיר אונדזער ליד ברויזנדיק־מוטיק —
דאָס ליד פונעם שטייגנדיקן ווילן . . .

אין לוצק, ווראַנקי, צי אין מאַקאָטאָוו
דערזעלבער פיין, דערזעלבער געראַנגל ;
אומעטום שטערן אונדזערע צינדנדע געזאַנגען
דעם הענקערס זיסן שלאָף . . .

## עמיגראַנטן . . .

מיר שווימען דורך אייראָפּעס קאַנאַלן־גאַסן
און צעשניידן אין דער קווער איר קאַלטע ברוסט ;
אינעם חושך זענען מיר ליכטיקע אָאַזן,
אינעם נעפּל פון די טעג אַ זוניקער גרוס ! . . .

דו הערסט דיזעלבער ווערטער אין אַלע שפּראַכן
און עס דוכט זיך דיר : — איך הונגער דאָ שוין לאַנג !
און ווי אין תפיסה־צעל נעמסטו הילכיק לאַכן,
ווען דו הונגערסט נאָך ברויט און דורשסט נאָך געזאַנג!...

מיר טראָגן אונדזער היים אין די פאַלדן פון לייב
און עס בייטשט אונדז אומעטום אַ געשאַרפטע רוט! —
ס׳דוכט זיך ; כ׳זע דעם טעאַטער־פּלאַץ דורך אַט דער שויב ;
באַגנעטן און שפּיצלעס, שטרייק און לאַקאַוט!...

מאָרגן וועסטו זיך געזעגנען און גיין ווייטער —
האָסט שוין דערבייזערט דיינע „גייע הערן״ !
מיר טראָגן אונדזער וואָפן אין פולער גרייטקייט —
דעם באַפרייענד־וועקנדן רוף צו דערהערן.

## קאָנספּיראַציע . . .

דעם קאַפּעלוש ביז צו די אויערן אַראָפּגערוקט,
דעם בלאָנדן קאָפּ טיף אין פּאַלטן־קאָלנער פאַרשטעקט ;
ביים וואָקזאַל דאָרט וואַרט שוין אויף דיר אַן אייליקער צוג,
וואָס וועט דיך באַלד אייליק טראָגן צום ציל אַוועק.

אַריין אין וואַגאָן, טאָ זעץ זיך דרייסט ביים אויבנאָן,
געדענק, קענסט מיטן קלענסטן ריר זיך פאַראַטן ! —
וועט בלייבן אין לופטן הענגען אַ גאַנצער ראַיאָן
און די אינסטרוקציעס מיט דיר הינטער די קראַטן . . .

דער צוג איילט און די וויאָרסטן טאַנצן אַקעגן
און דער טאָג גליטשט זיך דיר, ווי פון דער האַנט אַרויס ;
און אָט ביסטו שוין — דו דאַרפסט זיך ביי קיינעם נישט פרעגן
ביסט שוין היימיש דאָ מיט איטלעך פּנים אין הויז . . .

און זאָל דיין האַרץ ווערן, ווי שטאָל, אַזוי האַרט און פעסט,
לייג אַ פעסטן שלאָס אויפן מויל פון סענטימענט ! —
ס׳וועט אַזוי שנעל אַדורך דער פיבערדיקער מעת־לעת,
און וועסט דריקן לאַנג און שטאַרק חברשע הענט.

## „פּאַרפּונקט" . . .

אין יענער גאַס, ביים ראָג, אַקעגנאיבער.
בעסער נעם אַ טראַמוויי אָט־אָ דעם נומער ;
אין אַ ווינקל שטעל זיך, וואַרט־צו ביז זיבן, —
אפשר וועל איך דאָסמאָל דאָך קענען קומען . . .

זעסטו ווען, כאַפּ אַ „טאַקסי" — אַריינגעשפּרונגען ! —
פאַרפּלאָנטער זיך צו אַ הבריש געצעלט ;
און וועט זיך דיר היינט פאַרקירעווען געלונגען
איז אויף מאָרגן אַ צווייטע „ראַנדקע" באַשטעלט . . .

מאָרגן קום דאָרט אַראָפּ, פון יענער זייט, ביים בריק,
גנבע זיך דורך די גאַסן ווי אַ שנעלע קאַץ ;
כ׳וועל שפּרינגען דורך הינטער־געסלעך ווי אַ יונגע ציג
און צו דער מינוט וועל איך זיין אויפן פּלאַץ !

ס׳האָבן זיך דיינע אויגן אַזוי העל צעגלאַנצט ;
עס איז געוויס עפּעס צאַפּלדיקס געשען !
אַ פּעקל באַשלוסן האָט געשיקט די אינסטאַנץ,
און ס׳וועט שוין זיין אַרבעט אויף וואָך־נעכטלעך צען !

מאָרגן וועט זיך אַ ריר־טון דער גאַנצער אַקטיוו, —
ס׳זענען שוין גרייט די „קאָ־דע"־אַנטענעס ;
ס׳איז יעדער באַשלוס אַ הייסער לאָקאָמאָטיוו,
וואָס איילט וועקנד איבערן לאַנד־אַרענע !

איבערמאָרגן וועט אונדזער לאַנד זיך צעזידן
און הוליען אינעם דערלייזנדיקן קאַראַהאָד ;
און רייען נאָך רייען פון ברענענדיקע לידער
וועלן צינדן שׂרפות אין איטלעכער שטאָט ! . . .


י. ש. צענדאָרף

רויטע באַפעלן

(לידער)

אַרויסגעגעבן דורכן מעבאבער

דאַנציק, 1931

# דאָס ליד פון פּיטיוויע

אונזער מוט איז נישט געבראָכן,
ס׳איז דאָס לעבן וואונדערשיין.
ס׳קלינגט פון ווייטן שוין נצחון,
איבער אַלץ, וואָס איז געמיין.

זעט, די וועלט, זי בליט שוין ווידער,
ווי יעדעס יאָר, ווי יעדער מאַי.
ייד און מענטש — זיי זענען ברידער,
ס׳מוז די וועלט דאָך ווערן פריי.

אינדערהיים דאָרט ווייב און קינדער
וועלן אונדז דאָך ווידער זען.

אונדזער מוט וועט ווייזן וואונדער
און דער נס וועט דאָך געשען.

ס׳איז צו אַלט שוין די געשיכטע
פון האַס צעווישן קריסט און ייד.
שרייט דאָס האַרץ: עס איז נישט ריכטיק,
אינדרויסן ס׳פעלד פאַר אַלע בליט.

העכער, העכער, פון באַראַקן,
הויבן זאָל זיך אונדזער ליד.
פאַר אַלע ווערט דאָס פעלד צעאַקערט
און פאַר אַלע דער קאָרן בליט.

נאָטן צום „ליד פון פּיטיוויע״, טעקסט: צענדאָרף, מוזיק: .זעלמאַן, געשאַפן אין לאַגער.

איך פיל זיי מיט, דאָך, אויגן מיינע, בעסער וואָלט איך
בלינד־זיין!
און נישט זען ווי ס׳ווערט דאָ מענטשן־כבוד געטרעטן.

דער ביטערער הונגער איז מיינער אַן אַלטער באַקאַנטער,
איך האָב געזען שוין הונגערן פיל גרויסע גייסטער,
איך האָב אַליין שוין אויך געטראָפן אים אין מיינע קאַנטן,
איך פלעג אַמאָל באַרימען זיך, אַז כ׳בין אַ הונגער־מייסטער.

דאָך ווי אַנדערש מיר האָבן אונדזער פיין געטראָגן,
מיר האָבן זיין געבערום מיט געזאַנג איבערגעשריגן.
ווי סאָלדאַטן פלעגן מיר זיך אויפן הונגער־פראָנט שלאָגן
און נאָך אַ טאָג געלעכטער זענען מיר געווען די זיגער.

פיטיוויע, דעם 26־טן אויגוסט, 1941.

## מ י י ן ‎ י י ד י ש ק י י ט

מיין הייסע יידישקייט איז לאַנג שוין נישט
די שמאָלע רצועה, אָ, ניין!
אין מיין זינגענדיק בלוט בין איך אַ ייד
און אין מיין גאַנץ פיבערדיק געביין.

מען פרעגט נישט אַ מאַמע צי זי איז מיאוס, צי שיין,
מען מעסט נישט דעם טאַטנס אינטעליגענץ,
מען איז געבונדן מיטן פאָלק און — שוין,
פאַרפלאָנטערט ווי אין די הייסע פרייהייטס־טענץ.

פון יענע אַלטע ביבל־לעגענדעס
געדענק איך דאָס איינציקע נאָר:
מיין פאָלק וואַנדערט דורך לענדער
און ס׳וואַנדערט זיין פיין פון דור צו דור.

מיין הייסע יידישקייט איז לאַנג שוין נישט
די שמאָלע רצועה, אָ, ניין!
אין מיין זינגענדיק בלוט בין איך אַ ייד
און אין מיין גאַנץ פיבערדיק געביין.

15־טער דעצעמבער 1941, פיטיוויע.

## אין פשוטע ווערטער

איך וויל דיר זאָגן אין פשוטע ווערטער
אַלץ, וואָס מיין בענקשאַפט האָט זיך אויסגעמאָלט
אין שווייגן — די שפּראַך פון אונדזערע הערצער —
וואָלט איך אַלץ דערציילן געקענט.



צענדאָרף און דער מוזיקער זעמעלמאַן אין לאַגער
פון פיטיוויע.

## ה ו נ ג ע ר י ק ע

הונגעריקע פאַרגעסן אָפטמאָל, אַז זיי זענען מענטשן,
כאָטש עס איז דאָ יעדערן אזוי מענטשלעך־ביטער.
מען עסט מיט די אויגן דאָס ברויט פונעם חברס הענט שוין
מען וואָלט געגרן דעם חברס ברויט מיט די פינגער געשניטן.

די הייסע בליקן יאָגן זיך נאָכן וואַנדערנדיקן קעסל,
מען חשבונט די געדיכטקייט פון אַ יעדן לעפל,
מען צערטלט די בענקשאַפט צו אַ גרעסערער פאַרציע עסן,
גרויס איז די פרייד ווען מ׳קען אביסל „ראַביאַ״ 1) טרעפן.

ווי שמערצלעך ס׳איז צו זען די פיין פון גרויסע קינדער.
ווי זוכנדיק אַ טרייע מאַמע ביי וועמען ברויט צו בעטן.

1) איבערבלייב פון קעסל.

שעהן שלעפן זיך ווי אַלטע, לאָמע פערד,
אויף אונדזערע העלדזער די צייט־שטריק דריקט,
די בליקן הענגען צווישן הימל און ערד
און ווי אַ שווערער שטיין, די בענקשאַפט שטיקט.

אָפטמאָל פאַרגעס איך ווו איך בין,
און זוך אין נעפל פון געשטאַלטן דיין געזיכט,
דאָס האַרטע שטרוי ווערט אַ פעלד אין גרין
און כ׳זע דיך אין העלן, מאָרגנדיקן ליכט.

פרוי מיינע, ליבע, אין פשוטע ווערטער
האָט דער דמיון אויסגעמאָלט.
אין שווייגן — די שפּראַך פון אונדזערע הערצער —
שטיל איז די בענקשאפט פארנאכט, אינעם גאָלד.

18־טער דעצעמבער, 1941, פּיטיוויע

## מיין קינדעלע גייט שוין . . .

מיין קינדעלע גייט שוין און איך קען עס נישט זען!
אַך, וואָס פאַראַ פרייד ס׳איז געבאָדן אין צער!
פאַרבייסן די ליפּן — ס׳איז אַלץ וואָס איך קען.
דאָס טאטע־הארץ מוז ווערן ווי גראניט האַרט.

עס לויפן אירע פיסעלעך, ווי ניסלעך אַזוי גרויס.
מישעלע לויפט — דער מאַמעס אָטעם לויפט מיט.
באלד וואָלט זי געלאָפן זיך זעצן אין מיין שויס
און געיאָגט איבער מיר די פּיצעלעך טריט.

און וואָלט איך געקענט כאָטש אַ ווייל דאָרט אַהין,
קושן די פיסעלעך, יעדעס קינדער־גליד —
דעם חלום פון טאַטע־גליק פונוייטן כ׳שפּין,
דער בלאָ־אויגיקער טרוים אין מיין לעבן בליט.

האַרציקער חן פון ערשטן קינדערישן גאַנג,
אַט פאַלט עס, הייבט זיך און פאַלט ווידער צוריק.
פון שטעכיקע דראָטן — אַ גרענעץ־פאַרדאַנג
פאַרשטעלט מיינע אויגן דאָס וואָקסנדיק גליק.

לויף דאָרט, מיין טעכטערל, וואַקס געזונט און לויף,
אייל שנעל דורך דער קווער פון די ביטערע טעג!
דו לויפסט דאָרט פיל מאָל דורכן קליינינקן הויף
און דיין טאַטנס האַרץ דאָ לויפט מיט אויף דיין וועג.

פּיטיוויע, דעם 17־טן אויגוסט 1941

## גוטער פויגל

אַ, נעם מיינע בריוו, גוטער פויגל,
מיט דיינע פליגל זאָלסטו זיי באַשיצן.
וועסט דערקענען אירע שוואַרצע אויגן,
אין וועלכע ס׳טוט אַ טרויער זיצן.

זאָג איר: כ׳האָב לאַנג זיי שוין אָנגעשריבן,
אויף דער ברוסט זיי געטראָגן,
נאָר כ׳האָב געהאָפט: יועגן מיין ליבע
אַליין צו קומען און איר זאָגן.

נאָר ווי, ס׳ווערט דער צוים דאָ אַלץ העכער
און מיינע ווערטער מוז איך מעסטן,
מיין גוטער פויגל, וואָס איבער דעכער,
זאָג עס איר, אויב דו זעסט איר.

עס וועט מיין האַרץ דיין וועג באַוואַכן,
גוטער פויגל, צעשפּרייט די פליגל —
זי וואַרט אויף דיר, זי איז וואַך נאָך,
זאָלסט איר מיט מיין גרוס פאַרוויגן.

18־טער סעפּטעמבער, 1941, פּיטיוויע

# חנה קאָוואַלסקאַ



געבוירן ארום 1904 אין וולאָצלאַוועק, אין א רבנישער פאמיליע. באקומען א העכערע בילדונג, פון קליינערהייט געצייכנט און געמאָלן. אין 1922 געפאָרן קיין בערלין שטודירן קונסט. ארום 1926 געקומען אין פאריז. אנטייל גענומען אין פארשידענע אויסשטעלונגען. באטייליקט זיך אקטיוו אין דער פראָגרעסיווער ארבעטער־באוועגונג און אין דער קולטור־בויונג. גענומען אן אקטיוון אַנטייל ביז איר ארעסט אין דער אונטערערדישער ארבעט. ארעסטירט געוואָרן אין 1941 און דעפּאָרטירט אין 1942.

לילי בערגער

# חנה קאָוואַלסקאַ

דער שונא, פאַרשניידנדיק דאָס וואונדערבאַרע לעבן פון חנה קאָוואַלסקאַ האָט גלייכצייטיק אומגעבראַכט די פון וועלכע מיר וואָלטן זיך געקענט געניער דערוויסן פון חנה קאָוואַלסקאַס פארגאנגענהייט. פארלוירן איז אויך געגאנגען דער ווייט גרעסטער טייל פון אירע שאַפונגען. ס׳איז אָבער פאַרבליבן איינגעקריצט טיף אין האַרצן פון די אַלע, וואָס האָבן געקענט און צוזאַמענגעאַרבעט מיט דער אומגעקומענער, די ערלעכע געשטאַלט אירע, די בונטארע נאטור, די מערקווירדיקע פרוי, דער נאָבעלער און גייסטרייכער מענטש, די איבערגעגעבענע געזעלשאַפטלעכע טוערין און רעוואָלוציאָנערע קעמפערין. און דאָס וויל איך פּרוּוון אַרויסברענגען.

עס נאָגט א טיפער ווייטיק אין הארץ ביי יעדער דערינערונג. זיי זענען צאָלרייך און פילפארביק די דערינערונגען וועגן חנה קאָוואלסקא. דאָך פרעג איך מיך מיט אומרו, צי איך וועל בכוח זיין אָנצוצייכענען חנה קאָוואלסקא אזוי ווי זי האָט עס פארדינט. צי וועל איך באווייזן ארויסצוברענגען דאָס טיף־מענטשלעכע מיט וואָס ס׳האָט וויברירט איר גאנץ וועזן; די דערהויבנקייט און קרבנות־גרייטקייט פון דער קינסטלערן, וואָס האָט אראָפּגענידערט פון מאָנפארנאס און באהאָפטן זיך מיט די פאָלקס־מאסן, אריינגע־

פלאָכטן זיך אין טאָג־טעגלעכן קאמף זייערן, שטעלנדיק איר קונסט און איר גאנצן טאלאנט אין דינסט פון איר פאָלק ? צי וועט מיין פעדער פעיק זיין איבערצוגעבן די איידעלע און נשמה־פולע שטריכן פון דער פלאמיקער רעוואָלוציאָנערן און קעמפערן, די פשוטקייט און הארציקייט פון דער נאָבעלער פרוי ? אויב וועל איך דאָס נישט באווייזן, בעט איך דיר שוין פון פאָרויס מיר מוחל צו זיין, מיין טייערע חנה. דיין אָנדענק וועט סיִיוּי פאר אונז אויף שטענדיק פארבלייבן ווי א נר תמיד.

ס׳איז אַן אַלטער כלל, אַז וואָס נענטער מען דערקענט אַ מענטש, אַלץ מער דערזעט מען זיינע חסרונות און שוואַכקייטן, פון וועלכע מיר זענען קיינער נישט ריין. פאַראַן אָבער א קאטעגאָריע מענטשן, וואָס דערשיינט פאר אייך יעדעס מאָל מיט נייע מעלות. חנה קאָוואַלסקא האָט געהערט צו אָט דער קאַטעגאָריע. וואָס בעסער מיר פלעגן זי דערקענען, אַלץ מער פלעגט זיך אַנטפּלעקן פאַר אונדז איר האַרציקייט און פשוטקייט, איר ליבע און איבערגעגעבנקייט צום מענטש, איר באַגייסטערונג פאַר אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן, איר גוטמוטיקייט און גרענעצלאָזע פריינטשאַפט. מיט וועלכער זי פלעגט אַרומרינגלען אירע נאָענטע.

אַ מיטלוווקסיקע, מיט פעך-שוואַרצע גלאַנציקע האָר,

פּאַרקעמט איינפאַך, אָבער מיט עלעגאַנץ, מיט אַ לענגלעך פּנים, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, אין וועלכע ס׳האָבן געצאַפּלט מענטשלעכע ליידן און פון וועלכע ס׳האָט גלייכ־צייטיק אַרויסגעשטראַלט אָן אַ שיעור ענערגיע, האָט איר אויסזען גלייך פּאַראַטן די רבנישע טאָכטער. אין איר קליידונג, פונקט ווי אין איר גאַנצער האַלטונג, איז געווען אַ מאָדנער צוזאַמענפלעכט פון איינפאַכקייט און פון עלעגאַנץ. די עלעגאַנץ און קאָקעטישקייט האָבן פּאַרדעקט די אָרעמקייט. יאָ, ס׳איז געווען אַ גרויסע קונסט צו זיין עלעגאַנט אין די באַדינגונגען, אין וועלכע חנה קאָוואַלסקא האָט געלעבט.און חנה איז שטענדיק געווען עלעגאַנט און קאָקעטיש, אפילו ווען זי האָט געטראָגן צעריסענע שיך און אַן אויסגעריבן מלבוש. אַזוי פלעגט מען זי אומעטום באַגעגענען, אַ רירעוודיקע, מיט אַ שטראַלנדיק פּנים, שטענדיק מיט א שמייכל אויף די ליפּן, אָדער גאָר מיט א פּאַסיקן וויץ. צווישן אייגענע פלעגט חנה אַזוי האַרציק לאַכן, אַז זי פלעגט אלעמען אָנשטעקן מיט איר געלעכטער. עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז די לאַכנדיקע און שטענדיק־מונטערע פרוי האָט געטראָגן אין איר האַרצן טיפע וווּנדן און אויף אירע אַקסלען — אַ שווערע לאַסט פון לאַנגע יאָרן נויט. און פונקט אַזוי ווי זי איז געווען האַרט צו זיך אַליין, אַזוי פלעגט זי זיין גערירט ביז די טיפסטע טיפענישן פון יענעמס ליידן. זי האָט געקענט ווייטיקן מיט יענעמס ווייטיק. און דאָס איז נישט געווען קיין סתם סענטימענטאַלקייט, נאָר א טיף מענטשלעכע ליבע צום נאָענטן. זי איז געווען אינגאַנצן האַרץ און עס האָט אַרויסגעשטראַלט פון איר אַ מוטערלעכע וואַרעמקייט פאַר די אָרומיקע.

חנה האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, זי האָט ליב געהאַט בלומען און ביכער. זי האָט ליב געהאַט יעדעס גרעזעלע און יעדעס זשוקעלע .זי האָט ליב געהאַט דעם מענטש. זי האָט געהאַסט און באַקעמפט די חיה אינעם מענטש. זי האָט הייס ליב געהאַט איר קונסט ,וועלכער זי האָט זיך געווידמעט מיט לייב און לעבן .זי האָט זיך באַגייסטערט פאַר דער יידישער קולטור, מיט וועלכער זי איז געווען אָרגאַניש פאַרבונדן און וועמענס ענטוזיאַסטישע בויערן זי איז געווען. זי האָט דער עיקר ליב געהאַט די יידישע מאַסן און זיך געפילט מיט זיי אינטים פאַרבונדן. זי האָט דעריבער נישט בלויז געשטעלט איר קונסט אין דינסט פון איר פאָלק, נאָר זיך גלייכצייטיק געוואָרפן מיטן גאַנצן אימפעט, מיט דער גאַנצער ענערגיע אירע, אין קאַמף פאַרן גליק פון פאָלק. זי איז געווען א קינסטלערן און א קעמפערן און איינס האָט דערגענצט דאָס אַנדערע.

פון וואַנען און ווי אַזוי איז זי געקומען צו אונדז, וועלכע גוטע ווונטשן האָבן די־אַ זעלטענע יידישע פרוי געבראַכט צו דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג ?

קאָוואַלסקא איז די טאָכטער פון באַרימטן וולאָצלאַוועקער רב, הרב קאָוואַלסקי, וועלכער איז געווען לאַנגע יאָרן אַ סענאַטאָר אין פּוילישן פּאַרלאַמענט און אַן אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייט פון רעליגיעזן פּוילישן יידנטום. אין איר אַריסטאָקראַטיש־רבנישער היים האָט זי באַקומען אַ סאָלידע און פילזייטיקע דערציונג, אַ יידישע און אַ וועלטלעכע. אַלס קליין קינד נאָך האָט זי אַרויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן און אַ שטענדיקע נייגונג צו צייכענען און מאָלן. און שוין אין דער פריער יוגנט איז די מאָלעריי געוואָרן פאַר איר אַן אינערלעכער רוף.

דער קינסטלערישער דראַנג, דער דורשט צו שטודירן די מאָלעריי אַלזייטיק, האָבן זי געבראַכט קיין פּאַריז, אין דער שטאָט פון ליכט, קונסט און פרייהייט. זי ליבט די־דאָזיקע שטאָט מיט אַלע פיבערן פון איר נשמה. זי האָט מיר אַמאָל געזאָגט, בעת א שמועס וועגן א פּויליש־יידישן קינסטלער: „אין ערגעץ פאַרשטייט מען נישט אַזוי אמתדיק און טיף מאָלעריי, ווי אין פּאַריז. אויב וויל מען דערלערנען גרינטלעך מאָלעריי, דאַרף מען זיין אין פּאַריז”. איז חנה געזעסן אין פּאַריז און שטודירט און געמאָלן, געמאָלן און געהונגערט. זי האָט געמאָלן מיט באַגייסטערונג, מיט ליבשאַפט. איר הויפּט־טעמאַטיק איז געווען די וויזיע פון דער אַלטער היים. זי האָט געמאָלן אין נויט, אין פרעמדע, אויסגעבאָרגטע אַטעליעס און ווו ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. זי האָט לאַנגע יאָרן געחלומט צו האָבן אַן אייגענע אטעליע און קוים אין די לעצטע יאָרן האָט זי איר לאַנגן חלום געקענט פאַרווירקלעכן. איך דערמאָן זיך מיט וואָס פאַראַ שמחה זי האָט מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה: „כ׳האָב שוין אַן אייגענע אַטעליע”. איר פּנים האָט געשטראַלט ווי ביי אַ קינד ,וואָס האָט ענדלעך באַקומען אַ לאַנג־דערוואַרטעטע, שיינע מתנה. חנה האָט געקענט אַזוי פרייען זיך ביי יעדער געלעגנהייט, אַז ס׳איז נישט געווען מעגלעך, זיך נישט מיטצופרייען מיט איר. אָט דער טאַלאַנט זיך צו קאָנטאַקטירן מיט מענטשן האָט זי באַזונדערסט אַרויסגעוויזן בעת זי איז געווען לעקטאָרן.

חנה קאָוואַלסקא איז נישט בלויז געווען אַ מאָלערין נאָר אויך אַ קונסט־קענערין און אַ קונסט־קריטיקערן. אירע אָפּהאַנדלונגען און אַרטיקלען וועגן קונסט זענען שטענדיק געווען ערנסט און וואָגיק. זי האָט געהאַלטן, אַז קונסט איז נישט בלויז א שפּייז פאַר דער עליטע, נאָר אז דער דורכשניטלעכער פאָלקס־מענטש קען און דאַרף פילן די שיינקייט פון קונסט. פלעגט זי אין אַ פּשוטער און אוממיטלבארער שפּראַך באַהאַנדלען די פיינסטע און קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען פון דער מאָלעריי און קונסט, און צענטליקער אירע אַרטיקלען פלעגן דורך די שפּאַלטן פון דער „נייע פּרעסע”, „פּאַריזער זשורנאַל” און אַנדערע אויסגאַבן דערגיין צום יידישן עולם, וואָס האָט מיט גרויס פאַרשטענדעניש אויפגענומען אירע זאַכלעכע, טיף־באַגרינדעטע און גלייכצייטיק אַזוי פּאָפּולערע אַרטיקלען איבער קונסט. זי

איז גלייכצייטיק געווען אַ פעיקע זשורנאַליסטין, אַ זשורנאַליסטין מיט אַ זיכערער און דרייסטער פעדער. אין לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה האָט זי געאַרבעט אַלס סטאַבילער רעדאַקטאָר אין דער „נייע פרעסע".

חנה קאָוואַלסקאַ איז געווען פון די ערשטע יידישע קינסטלער, פון די איינצלנע, וואָס האָט אַראָפּגענידערט פון מאָנפּאַרנאַס און געקומען זיך באַטייליקן אין לעבן און קאַמף פון די יידישע מאַסן. צווישן דער גרויסער צאָל יידישע קינסטלער דאָ און דער יידישער מאַסע איז לאַנגע יאָרן געשטאַנען אַ כינעזישע וואַנט. חנה איז געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָט די כינעזישע מויער דורכגעבראָכן, און געקומען איז זי צו דער יידישער מאַסע בלויז דורך טיפער איבערצייגונג. ס'איז נישט געווען פאַר איר קיין ענין פון מאָדע, פון קאָניוקטור, נאָר אַ רעזולטאַט פון רייפער דורכגעטראַכטקייט. זי האָט גאַנץ פרי פאַרשטאַנען, אַז די אינטעליגענץ קען נישט בלייבן „איבערן גראַנאַגל" וואָס גייט אָן אין דער מענטשהייט, אַז זי טאָר נישט שטיין אָן אַ זייט פון ברויזנדיקן לעבן. אין אירע פילצאָליקע רעפעראַטן און אַרטיקלען איבער קונסט איז שטענדיק געקומען צום אויסדרוק דער געדאַנק, אַז די קונסט מוז ציען איר יניקה פון די פאָלקס־קוואַלן און שטיין אין דינסט פון פאָלק. די קונסט קען נאָר דעמאָלט באַקומען איר אמתן תיקון, ווען זי איז אָרגאַניש געבונדן מיט די פאָלקס־מאַסן. די קונסט דאַרף העלפן באַפרייען דעם מענטש. דער קינסטלער דאַרף זיין פאַרבונדן מיטן פאָלק, דורכלעבן זיינע ליידן און פריידן. זי האָט באַזונדערס געפילט די גרויסע אחריות, וואָס די יידישע אינטעליגענץ דאַרף טראָגן פאַרן גורל פון יידישן פאָלק.

אָט די איבערצייגונג האָט חנה קאָוואַלסקאַ די קינסטלערין געבראַכט אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג און געמאַכט פון איר אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין. האָט חנה בייטאָג אָפּגערירט מיט פענזל און פאַרבן אויף אירע לייוונטן, געאַרבעט זייער שווער ביי אירע טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונגען, כדי צו פאַרשטאָפּן און פאַרנייען די מאַטעריעלע נויט און אין די אָוונטן האָט זי געשריבן אַרטיקלען, געהאַלטן רעפעראַטן, געקומען אויף פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען און זיצונגען. און ווו האָט מען זי נישט באַגעגנט ? אין איר פילזייטיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט זי שטענדיק און אומעטום אַרויסגעוויזן אָן אַ שיעור איבערגעגעבנקייט און זאַכקענטעניש.

חנה קאָוואַלסקאַ איז געווען אַ שטענדיקע לעקטאָרן אויפן פאָלקס־אוניווערסיטעט ביים צענטראַלן קולטור־ראַט. איך דערמאָן מיך, ווען כ'האָב אַלס פאַרוואַלטערין פון פאָלקס־אוניווערסיטעט דאָס ערשטע מאָל זיך צוזאַמענגערעדט מיט איר וועגן אירע לעקציעס, און ווען כ'האָב איר אויפמערקזאַם געמאַכט אַז זי זאָל נישט פאַרגעסן, אַז זי וועט האָבן פאַר זיך אַן אַרבעטער־אוידיטאָריע, האָט מיר חנה מיט



בילד פון חנה קאָוואַלסקאַ, געמאָלן אין
דער תפיסה לאַ סאַנטע, 1941

איר שטענדיקן, גוטמוטיקן שמייכל געענטפערט : „קונסט איז צוגענגלעך פאַר יעטוועדן איינעם. מעג דאָס זיין אַ מענטש אָן שום עלעמענטאַרער אויסבילדונג. עס ווענדט זיך נאָר אין וואָסער פאָרם מען גיט זי איבער, ווי אַזוי מען רעדט וועגן איר". און ווירקלעך, אירע לעקציעס זענען געווען אַ נחת רוח פאַר יעטוועדן, וואָס האָט זיי באַזוכט. זיי פלעגן אָנציען די גרעסטע צאָל צוהערער. זי האָט געהערט צו די לעקטאָרן, וואָס האָבן דאָס מזל־ברכה צו קענען שאַפן יענעם ענגן, אינטימען קאָנטאַקט צווישן זיך און זייער אוידיטאָריע, אַזוי אַז מען פילט דאָס קלאַפּן איין קאָלעקטיוו האַרץ. זי האָט גערעדט איינפאַך, מיט אַ ליבער פאָלקסטימלעכער שפּראַך. אין איר רעדן פונקט ווי אין איר שרייבן, איז די שפּראַך געווען אַ זאַפטיקע, שפּרודלדיק און דערביי אויסערגעוויינלעך פשוט, נאָר ס'איז געווען אַן עלעגאַנץ אין אָט דער פשטות. איך דערמאָן זיך אירע לעקציעס וועגן דער קונסט ביי די אַלטע עגיפּציאַנער, באַביליאַנער און אַנדערע אַמאָליקע ציוויליזירטע פעלקער. דאָס זענען געווען פּרעכטיקע שילדערונגען. בילדער האָבן פאַרבייגעשוועבט פאַר די אויגן. מען האָט זיך געפילט איבערגעטראָגן אין אַלטן עגיפּטן, ביי די ברעגן פון נילוס אָדער ביי די טייכן פון פּרת און חדקל. אָט שטייט זי חנה פאַר איר אוידיטאָריע אַ רויקע, מיט די פאַרשריבענע בלעטלעך אין די הענט אַרויסגערוקט פאָרויס, און זי מאָלט בילדער, דאָסמאָל נישט מיטן פענזל, נאָר מיט ווערטער.

ווען מיר פלעגן חנהן אַמאָל פאַרלייגן אַ רעפעראַט אויף אַנדערע טעמעס, פלעגט זי פאַנאַנדערלאַכנדיק זיך אונדז ענטפערן : „איר ווילט אפשר מאַכן פון מיר אַ פּאָליטישן רעדנער ?" אַזאַ אָפּזאָג אירער האָט נישט געשטאַמט פון אַ ביטול באַציונג פון איר זייט צו פּאָליטיק, ניין, נאָר ווייל

זי האָט געהאַלטן, אַז יעדערער דאַרף זיך פאַרנעמען דערהויפּט מיט דעם, צו וואָס ער איז צומערסטן באַרופן. ווען מען האָט אָבער געדאַרפט, ווען קולטור־פּראָבלעמען זענען דור די מלחמה־יאָרן אַראָפּגערוקט געוואָרן אויפן צווייטן אָרט, האָט חנה קאָוואַלסקא געקענט זיין אַ שאַרפזיניקע פּאָליטישע רעדנערין. אין אָנהויב אָקופּאַציע, בעתן אָרגאַניזירן די יידישע אינטעלעקטועלע איז חנה געווען צווישן די, וואָס האָבן באַדינט די גרופּעס מיט פּאָליטישע רעפעראַטן. און אהרן בעקערמאַן דערציילט אונדז אין זיין טאָג־בוך, וואָס מ׳האָט אויסגעגראָבן פון אַ באַהעלטעניש, וועגן אַ פאַרזאַמלונג פון שרייבער, אויף וועלכער חנה האָט געלייענט אַ רעפעראַט וועגן דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה און ווי זי האָט מיט קראַפט און קענטעניש פאַרטיידיקט דעם מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט.

אַ פעאיקע זשורנאַליסטן, אַ פלאַמיקע רעדנערין, איז חנה אויך געווען אַ גלענצנדיקע אָרגאַניזאַטאָרן.

מיר איז אויסגעקומען צו זען חנהן אַלס אָרגאַניזאַטאָרן, בעתן צוגרייטן דעם קולטור־קאָנגרעס און דער עיקר שפּעטער ביי דער איקוף־אַרבעט. זי, די גרויסע ליבהאָבערן און מיטבויערן פון דער יידישער קולטור, האָט געזען אין קאָנגרעס גרויסע פּערספּעקטיוון פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער קולטור. זי האָט אָבער נישט ליב געהאַט צו זיין אַ באַאָבאַכטערן פון ווייטנס. האָט זי גלייך פון אָנהויב אָנגעבאָטן איר מיטאַרבעט. און נאָכן קאָנגרעס, ווען מען האָט געדאַרפט אָנהויבן בויען דעם איקוף־בנין אין פראַנקרייך, האָט זי גענומען אויף זיך איינעם פון די וויכטיקסטע טיילן. ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין אָרגאַניזירן די יידישע קינסטלער ביים איקוף. דאָס איז געווען אַ ווילד פאַרלאָזן פעלד דורכצואַקערן. וויפל מענטשנקענטעניש און דער עיקר אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן, האָבן זיך פאַרלאַנגט, כדי צוזאַמען צו ברענגען די קינסטלער פאַר אַ קאָלעקטיווער, אַלגעמיינער זאַך. איך דערמאָן זיך ווי אין אונדזער ביוראָ האָט געקאָכט מיט דער צוגרייטונג צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די קינסטלער. חנה, אַ שפּרודלדיקע מיט ענערגיע, האָט געשריבן בריוו, איינלאַדונגען און זי האָט אונדז געאײַלט שנעל זיי אָפּצוקלאַפּן אויף דער שרייב־מאַשין, כדי ס׳זאָל חס וחלילה נישט זיין קיין שום פאַרשפּעטיקונג. ס׳איז ענדלעך געשאַפן געוואָרן דער פאַרבאַנד פון די יידישע קינסטלער ביים איקוף. חנה איז באַשטימט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן פאַר איר אַ מיפּולע אַקטיוויטעט. מיר פלעגן זי זען כמעט יעדן טאָג — און אָפטמאָל אַ פּאָר מאָל אין טאָג — אין איקוף־ביוראָ, ווו זי פלעגט אַריינפליען אויף שנעל זיך באַראַטן מיטן גענעראַל־סעקרעטאַר פון איקוף, דר. ח. סלאָוועס, אָדער דערליידיקן טעכנישע ענינים, אָדער גאָר זיך טרעפן מיט עמעצן. עס האָט געשפּראָצט פון איר־

מיט ענערגיע און מיר פלעגן אַלע באַוווּנדערן די איבערגעגעבנקייט אירע און איר אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט.

עס דערמאָנען זיך אָן אַ שיעור איינצלהייטן פון חנהס פיבערדיקער אַרבעט בעת דער גרויסער קונסט־אויסשטעלונג, וואָס דער איקוף האָט אָרגאַניזירט צום קולטור־חודש, אין פרילינג 1938. זי האָט מיר דאַן געזאָגט: „אויב ס׳וועט געלונגען צוזאַמענצוברענגען די בילדער פון אַלע יידישע קינסטלער און צווישן זיי פון די גרעסטע, וועט דאָס זיין אַן אויסערגעוויינלעכע דערגרייכונג“. ס׳איז געלונגען און חנה האָט געשטראַלט פון פרייד. אויף דער דערעפענונג, ווו עס זענען געקומען די שענסטע פּערזענלעכקייטן און די גרעסטע קינסטלער — איך דערמאָן זיך צווישן זיי מאַרק שאַגאַל און מאַנע קאַץ — איז זי געווען איינע פון די רעדנער. זי האָט גערעדט וועגן מאַרק שאַגאַלס ווערק. זי האָט גערעדט מיט דער באַגייסטערונג און אָנערקענונג, וואָס זי האָט געהאַט פאַר דעם גרויסן קינסטלער. ס׳איז געווען זייער אַ יום־טובדיקע שטימונג. איך בין געשטאַנען פון ווייטנס אַנטקעגן דער רעדנערן און זי אָבסערווירט. עס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון: פון אונטער איר געלייטערט און פאַרפלאַמט פּנים האָט אַרויסגעקוקט אַ שווערע פיזישע מידקייט און אויסגעמאַטערטקייט. אירע שיך זענען געווען שטאַרק אָפּגענוצט און איר אָרעמע קליידונג איז געווען וויניקער באַפּוצט ווי געוויינלעך. זי האָט מיר אויסגעזען שטאַרק אָפּגעמאָגערט. און צום ערשטן מאָל האָב איך חנהן געזען אָנגעטון אָן אַלע ווייבערישע פּיטשעווקעס, אַזוי ווי זי וואָלט דאָס געמאַכט אין שטאַרק איילעניש. דאָס איז געווען דער פּרייז, וואָס זי האָט געצאָלט פאַר איר אַקטיוויטעט, און פאַר איר איז דאָס זיכער געווען אַ שטאַרקער פּרייז.

אין אָנהויב אָקופּאַציע האָב איך זיך ווידער באַגעגנט מיט חנה קאָוואַלסקא אין דער אַרבעט, נאָר דאָסמאָל פאַרשטייט זיך, ביי גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען.

די לינקע באַוועגונג האָט דעמאָלט געהאַט אונטערגענומען אַ גרויסע אַרבעט צווישן דער יוגנט. די מלחמה און אָקופּאַציע האָבן אַריינגעבראַכט אַ געוויסע צעטומלטקייט און דעזאָריענטירטקייט ביי דער יידישער יוגנט. ס׳איז געווען ערב די גרויסע שלאַכטן. מען האָט געדאַרפט די יוגנט גרופּירן און צוגרייטן. ס׳האָט זיך אין דעמאָלסטיקן מאָמענט געהאַנדלט צו געבן די יוגנטלעכע אַ פּאָליטישע אָריענטאַציע און זיי באַוואָפענען מאַרקסיסטיש. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן צענדליקער גרופּעס און אָנפירער־קרייזן פאַר זיי. אויף אָט די קרייזן זענען באַהאַנדלט געוואָרן די לויפנדיקע פראַגן און פאַרשידענע טעאָרעטישע פּראָבלעמען. צו דעם האָט מען אָבער געדאַרפט האָבן קאַדרן פון דערוואַקסענע. כ׳האָב זיך דאַן געוואָנדן צו חנהן, פאָרלייגנדיק איר מיט אונדז מיטצואַרבעטן אין קאַדרן־קאָמיטעט. חנה, האָט, ווי געוויינלעך, זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און מיר גע־

ענטפערט: „ווילט איר פון מיר מאַכן אַ יוגנט־פירער?! די אַרבעט קען איך נישט, אָבער איך האָב זייער ליב יוגנט". און ביי דער געלעגנהייט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זי האָט אַ שייכות צו פּעדאַגאָגיק, אַז זי איז אַמאָל אין פּוילן געווען אַ לערערין פון געזאַנג. „אויב איך קען דאָ נוצן ברענגען, איז מסכּים" — האָט זי פּאַרענדיקט און איינגעגאַנגען אויף אונדזער פּאָרשלאָג.

ס'איז געווען אַ מחיהדיקע צוזאַמענאַרבעט מיט איר. זי האָט אַריינגעבראַכט אין אונדזער טעטיקייט איר געוויינלעכע געמיטלעכקייט און האַרציקייט. זי האָט ווידעראַמאָל באַוויזן אירע גרויסע פעיקייטן אויפן דאָזיקן נייעם קאַמפּספּאָסטן.

פון יענעם גאַנץ קורצן פּעריאָד האָבן זיך באַזונדערס פאַרגעדענקט צוויי עפּיזאָדן: חנה האָט געזאָלט אויפזוכן אין איר קוואַרטאַל דעם געוועזענעם יוגנט־פירער סאַלעק באַט, וועלכער איז שפּעטער העלדיש אומגעקומען אין דער פּאַרטיזאַנען־אַרבעט און וועלכן זי האָט גוט געקענט און געאַכטעט אַלס זייער פעיקער מוזיקער. זי האָט געדאַרפט אים צושיקן אויפן באַשטימטן טרעפּפּונקט, ווו איך האָב געוואַרט אויף אים. עס איז געווען באַשטימט, אַז איך וואַרט אַ 15־20 מינוט און גיי אַוועק. — מען פלעגט נאָך דעמאָלט וואַרטן לאַנג אויף טרעפּפּונקטן, כאָטש אין דער לופט האָט זיך שוין געפילט דער אָנקומענדיקער שטורעם. פּלוצלינג דערזע איך חנהן מיר אַנטקעגנקומען אַ פאַרסאָפּעטע, אַן איילנדיקע. „וואָס איז געשען?" — פרעג איך אַן איבעראַשטע. „כ'האָב סאַלעקן נישט באַוויזן צו געפינען און אים מעלדן ער זאָל אַהערקומען"... — איז חנה געקומען צו לויפן פון צווייטן עק פּאַריז, כדי איך זאָל נישט דאַרפן וואַרטן אַ פערטל שעה און כ'זאָל נישט צופיל באַמערקט ווערן.

איך וועל אויך קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדזער צוזאַמענקום ביי חנה קאָוואַלסקאַ אין שטוב. ס'איז געווען באַשטימט אַ זיצונג פון אונדזער קאָמיטעט ביי איר אין אַ פרייען אָוונט. מיר זענען געווען זאַלבע פינף און צווישן אונדז איז אויך געווען דער אומפאַרגעסלעכער מוניע נאַדלער, וועלכער האָט מיט אונדז צוזאַמענגעאַרבעט. אין איר קליינער, באַשיידענער וווינונג, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קליינינטשקער מוזיי, האָט אונדז חנה אויפגענומען מיט אַ סורפּריז: זי האָט אונדז צוגעגרייט אַן אָוונט־ברויט מיט יידישע מאכלים. טראָץ דער ערנסקייט פון דער צייט און דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס די אַרבעט האָט אַרויפגעלייגט אויף אונדז, האָט יעדער פון אונדז זיך געפילט ווי אַריבערגעטראָגן אין אַן אויסגעחלומטער וועלט. דאָס האָט חנה געשאַפן אַזאַ האַרציקע וואַרעמקייט און גייסטיקע געלייטערטקייט. און ווען מיר האָבן גערימט אירע מאכלים, האָט יי מיט אַ ברייט געלעכטער אונדז געזאָגט: „ווינאָגוראַ — איר מאַן — זאָגט מיר שטענדיק, אַז איך בין מער שטאָלץ, ווען עס גיט זיך מיר איין צו מאַכן אַ גוט עסן, ווי ווען ס'גיט זיך מיר איין צו מאַכן אַ שיין בילד"...

מיר האָבן אין יענעם אָוונט פאַרבראַכט ביי קאָוואַלסקאַ אַ פּאָר שעה צייט אויף אויסאַרבעטן דעם אַלגעמיינעם פּלאַן פאַר דער אַרבעט און עס איז געגאַנגען דער עיקר אין אַנצייכענען מאַסמיטלען פון קאָנספּיראַציע, וואָס איז געווען אַ שווערע זאַך ביי די יוגנטלעכע. חנה, די זעלבע, וואָס האָט אונדז פון אָנהויב געזאָגט, אַז „די אַרבעט קען איך נישט", האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל גוטן חוש אין שייכות מיט די געגרייטע קאָנספּיראַטיווע מאַסמיטלען, אַז זי האָט אונדז ממש איבעראַשט. מיר האָבן איר אָנגעטרויט אַ זייער דעליקאַטן געביט. צו יענער צייט האָט מען נאָך געקענט קאָמבינירן האַלב־לעגאַלע מיט אומלעגאַלע אַרבעט. פלעגט מען איינאָרדענען פאַר די יוגנטלעכע — און דאָס איז אויך געווען אַ צוציונגס־מיטל פאַר די, וואָס מען האָט געדאַרפט איצט געווינען — שבת אָוונט און זונטיק, קאָלעקטיווע באַזוכן אין טעאַטערס, מוזייען. צו באַקומען דערלויבענישן אויף אַזעלכע קאָלעקטיווע באַזוכן, איז דעמאָלט שוין שווער געווען. חנה קאָוואַלסקאַ, טראָץ דעם, וואָס זי האָט נאָך געהאַט אַנדערע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן אין אונדזער באַוועגונג, פלעגט זיך אומעטום אַן עצה געבן. און נישט בלויז זי פלעגט באַקומען דערלויבענישן אויף די באַזוכן, נאָר אויך קאָלעקטיווע איינגאַנגס־קאַרטן אויף זייער רעדוצירטע פּרייזן. חנה האָט נישט דערלעבט צו זען, ווי צענטליקער פון יענע יוגנטלעכע, וואָס זי האָט געהאָלפן אַריינציען אין אונדזער באַוועגונג און זיי צוגרייטן צו די אָנקומענדיקע שלאַכטן, זענען שפּעטער געוואָרן העלדישע קעמפער קעגן אונדזער בלוטיקן שונא.

צום לעצטן מאָל האָב איך געהערט וועגן חנה קאָוואַלסקאַ ביי אייגנאַרטיקע באַדינגונגען. ס'איז געווען אין אויגוסט 1942, נאָך די טראַגישע געשעענישן פון 16־טן יולי. די אַנטיראַסיסטישע באַוועגונג, וועלכע האָט דאַמאָלס געפירט אַן ענערגישע אַקציע פאַר דער ראַטעווונג פונעם יידישן קינד, האָט אונטערגענומען אויפצוזוכן „אַרישע" פּערזאָנען, וועלכע זענען אַרעסטירט געווען פאַרן אָנטאָן די געלע לאַטע אַלס צייכן פון פּראָטעסט אָדער סאָלידאַריטעט מיט די יידן און זענען שפּעטער באַפרייט געוואָרן. כ'האָב זיך דאַן באַקענט מיט אַ 60־יאָריקער פּרומער, פראַנצויזישער פרוי, וועלכע האָט געהאַט דעם 7־טן יוני, ווען אַלע יידן זענען געצוווּנגען געווען אָנצוטאָן די געלע לאַטע, זיך אָנגעשפּילעט דעם געלן מגן־דוד. דערוויסנדיק זיך, אַז זי קומט פון לילאַ־לאַגער, האָב איך זי געפרעגט צי זי האָט דאָרט נישט געקענט אַ יידישע פרוי, אַ קינסטלערין מיטן נאָמען חנה קאָוואַלסקאַ. „אַננאַ — האָט זי אויסגערופן — דאָס איז דאָך געווען מיין בעסטע פריינדין, מיר זענען דאָך געשלאָפן איינע לעבן דער אַנדערער, זי האָט געמאָלן מיין בילד". און כ'האָב זיך פון אַט דער פרוי דערוווּסט, אַז חנה האָט אויך אין לאַגער קיין צייט נישט פאַרלוירן. זי פלעגט מאָלן גאַנצע טעג. בעת זי איז אַרעסטירט

געוואָרן ביי זיך אין שטוב, האָט זי מיטגענומען די נייטיקסטע מאַטעריאַלן. „כ׳האָב דאָ מער צייט צו מאָלן ווי אויף דער פריי״ — פלעגט זי איראָניזירן.

כ׳האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז חנה איז געווען דאָס האַרץ און נשמה סיי פון קאָלעקטיוון לעבן אין לאַגער, סיי פון שפּעטערדיקן ווידערשטאַנד, וואָס די יידישע פרויען צוזאַמען מיט די פראַנצויזישע האָבן געשטעלט, ווען מ׳האָט געוואָלט די יידישע פרויען אָנטאָן די געלע לאַטע און בעת דער ערשטער דעפּאָרטאַציע ענדע יוני 1942. אין די שווערע טעג פון לאַגער־לעבן האָט חנה געהאַט פאַר יעדן אַ טרייסט־וואָרט, דערוואַרעמט און דערמוטיקט די געפּייניקטע, געהאָלפן אַביסל לייכטער מאַכן דאָס לאַגער־לעבן. זי איז אויך געווען צווישן די וואָס האָבן אָרגאַניזירט דעם ווידערשטאַנד קעגן די נאַצישע באַנדיטן. די יידישע פרויען פון לילאַ־לאַגער האָבן די געלע לאַטע נישט אָנגעטון, טראָץ די טעראָר־מיטלען, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט דעמאָלט קעגן זיי אָנגעווענדן. אמת איז, אַז דאָס האָט געקענט געשען אַדאַנק דער ענערגישער האַלטונג פון די פראַנצויזישע אינטערנירטע פרויען, וועלכע האָבן דערקלערט דער אַדמיניסטראַציע, אַז „אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן דאָ זיין, וועלן אונדזערע יידישע חברטעס דעם געלן שטערן נישט טראָגן״. ס׳איז אָבער אויך געווען אַדאַנק דעם, וואָס אין לילאַ־לאַגער זענען געווען אַזעלכע מוטיקע און העלדישע פרויען, ווי חנה קאָוואַלסקאַ.

חנה קאָוואַלסקאַ איז געווען צווישן די ערשטע 84 דעפּאָרטירטע יידישע פרויען, וועלכע מ׳האָט אַרויסגענומען פון לילאַ־לאַגער און וועלכע האָבן געשטעלט אַן ענערגישן און מוסטערהאַפטן ווידערשטאַנד. אַלס שטראָף האָט מען זיי אַלע מיט געוואַלט אָפּגעגאָלט די קעפּ ערב דער דעפּאָרטאַציע. אַזוי איז חנה אַוועק אויפן יידישן מאַרטירער־וועג. זי איז אַוועק און שוין נישט צוריקגעקומען. ס׳איז אַוועק פון אונדז אַ פילבאַרע יידישע קינסטלערין, אַ קרישטאָל־ריינער און נאָבעלער מענטש, אַ מוטיקע און באַגייסטיקטע קעמפערין. מיר וועלן זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

חיל אַראָנסאָן

# באַגעגענישן מיט חנה קאָוואַלסקאַ

מיט פיר און צוואַנציק יאָר צוריק, זייענדיק דעמאָלט דער קונסט־קריטיקער פון דער „אילוסטרירטע וואָך“, האָב איך באַזוכט אַ קאָלעקטיווע אויסשטעלונג פון יידיש־פוילישע קינסטלער אין לאָקאַל פון דער יידישער גמינע אין וואַרשע אויף דער גזשיבאָווסקע גאַס. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ בילד: אַ גרינע לאַנדשאַפט, אונטערגעשריבן: חנה קאָוואַלסקאַ. אין מיין באַריכט איבער דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָב איך גערימט דאָס בילד פון דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער קינסטלערין. שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז די קינסטלערין איז די טאָכטער פון דעם באַרימטן אין פוילן הרב קאָוואַלסקי פון וולאָצלאַוועק, סענאַטאָר און פירער פון אָרטאָדאָקסישן יידנטום אין פוילן. ער איז געווען אַ גרויסער רעדנער און גרויסער, פלאַמענדיקער ייד.

חנה קאָוואַלסקאַ האָט געירשנט פון איר פאָטער דעם ענטוזיאַזם, די התלהבות. זי האָט פאַרמאָגט די מוטערליכע האַרציקייט פון אונדזערע יידיש־פוילישע פרויען.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך געטראָפן חנה קאָוואַלסקאַ צוזאַמען מיט איר מאַן ברוך ווינאָגוראַ, דער באַקאַנטער ליטעראַטור-קריטיקער, אַ שטענדיקע מיטאַרבעטערין אין דער „נייע פרעסע“, וווּ זי האָט געפירט די קונסט־רובריק. זי שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן — פון מיטעלן וווּקס, מיט וואַרעמע סאַמעטענע אויגן, שוואַרצע האָר, תמיד אין באַוועגונג. די לעצטע יאָרן פלעג איך איר טרעפן אין דער ביבליאָטעק פון דעקאָראַטיווער קונסט, נישט ווייט פון „לוווּר“. זי האָט זיך באַמיט צו באַרייכערן אירע קונסט-געשיכטלעכע קענטעניש. די באַזוכן פון די קונסט־אויסשטעלונגען, די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, די זשורנאַליסטישע טעטיקייט האָט ביי איר צוגענומען פיל צייט און האָט דערפאַר, נאַטירלעך, באַגרענעצט איר טעטיקייט אַלס קונסט־מאָלערין. ס'קען זיין, אַז אינערלעך האָט זי דערפון שטאַרק געליטן, ווייל זי האָט ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט די מאָלעריי.

אין פאַריז איז אין אירע קונסט־אַנשויאונגען פאָרגעקומען אַ שטאַרקע ענדערונג. זי האָט מער נישט געהאַלטן פון דער קאָנצעפּציע „קונסט פאַר קונסט“. אונטער דער ווירקונג פון איר פּאָליטישער אידעאָלאָגיע, האָט זי די קונסט־געשיכטע באַטראַכט, נישט בלויז פון עסטעטישן, נאָר אויך גלייכצייטיק פון עטיש־סאָציאַלן שטאַנדפּונקט און מיר זעען עס אין דער קונסט־געשיכטע, אַז די דאָזיקע צוויי אידעאָלאָגיעס, די עסטעטישע און עטיש־סאָציאַלע, גייען נישט תמיד פרידלעך צוזאַמען. אַזוי האָט מען געקענט באַמערקן אין איירע אַרטיקלען, וועלכע זענען געווען געשריבן אין אַ זייער צוגענגלעכער, פּאָפּולערער פאָרם, די אָנשטרענגונג, דעם ריינעם, עסטעטישן געניוס אונטערצואָרדענען דער העכערער עטיש־סאָציאַלער באַדערפעניש. איך האָב זייער געשעצט איר קלאָרן סטיל, אירע קונסט־קריטישע פעאיקייטן טראָץ דעם, וואָס מיר האָבן נישט תמיד געהאַט די זעלבע מיינונגען. איך האָב באַזונדערס ליב געהאַט די קונסט־אָפּשאַצונגען, וווּ חנה קאָוואַלסקאַ האָט זיך געלאָזן מיטרייסן פון איר קונסט־ענטוזיאַזם, פון איר אינערלעכער פרייד פון שיינע מאָלעריי, און אומגעצוימטן אויסדרוק אין ווערטער.

אויך אין איר טעטיקייט אַלס מאָלערין איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג. אונטער דער השפעה פון דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע, האָט חנה קאָוואַלסקאַ זיך באַגייסטערט פאַר די אַזוי-גערופענע „זונטיק־מאָלער“. דאָס זענען די מאָלער, וועלכע זענען פון באַרוף אַרבעטער, באַאַמטע, וועלכע האָבן בלויז זונטיק אין זייער רשות, און אין דעם דאָזיקן פרייען טאָג קענען זיי זיך איבערגעבן דער אינערלעכער נייגונג פון מאָלן. די דאָזיקע „זונטיק-מאָלער“ האָבן נאַטירלעך נישט קיין קונסט־אויסבילדונג, — זיי האָבן קיינמאָל נישט באַזוכט קיין קונסט־שולע, און זיי מאָלן אַזוי, ווי עס דיקטירט זיי דער אינערלעכער אינסטינקט. דערפאַר ווערן די דאָזיקע מאָלער אָפט באַצייכנט מיטן נאָמען „אינסטינקטיווע“, אָדער אויך „נאַאיוו־פּאָפּולערע מאָלער“. דער באַרימטסטער איז געווען רוסאָ, דער צעלניק, ווייל ער איז געווען באַשעפטיקט ביי דער צאָל־קאַמער. זיין נאַאיווע מאָלעריי, וועלכע איז ביי זיין לעבן געווען אויסגעשפּאָט, ווערט היינט זייער הויך געשעצט. די טיפע ליבע פון חנה קאָוואַלסקאַ צו די אַרבעטער־מאַסן האָט ביי איר געשאַפן אַ קולט פאַר דער מאָלעריי פון די „זונטיק־מאָלער“, פאַר די קינסטלער־אויטאָדידאַקטן. לעצטנס האָט חנה קאָוואַלסקאַ געמאָלן בלויז אין דעם דאָזיקן גייסט און זי האָט געשאַפן אין דער דאָזיקער ריכטונג אייניקע אויסגעצייכנטע בילדער. ליידער האָבן מיר נישט געקענט געפינען קיין בילדער פון איר פאַר אונדזער אויסשטעלונג פון די דעפּאָרטירטע און אומגעקומענע יידיש־פוילישע קינסטלער. אָבער עס מוזן זיך געפינען ביי קונסט־זאַמלער אירע ווערק. איך ווייס, צ.ב. אַז דער קונסט־זאַמלער און שריפטשטעלער משה עובד אין לאָנדאָן האָט געקויפט ביי חנה קאָוואַלסקאַ אייניקע פון אירע בילדער. מייסטנס פון די דאָזיקע בילדער האָבן געשילדערט זכרונות פון אירע קינדערי־



בילד פון חנה קאָוואַלסקאַ געמאָלן אין פּרויען־לאַגער טורעל, 1942

שע יאָרן, סצענעס פון אַלטן יידישן פרומען לעבנס־שטייגער אין פוילן.

נאָך דעם קולטור־קאָנגרעס אין 1937 אין פּאַריז האָבן מיר זיך געגעבן פיל מי צו פאַרייניקן אונדזערע בעסטע מאָלער און סקולפּטאָרן אין אַ קונסט־פאַרבאַנד, אַלס אָפּטיילונג פון „איקוף". עס האָט אונדז געקאָסט פיל וואָכן, ביז עס איז אונדז געלונגען צו שאַפן דעם דאָזיקן פאַרבאַנד, וווּ עס זענען אַריין אַזעלכע מייסטער ווי שאַגאַל, סוטין, נחום אַראָנסאָן, לוטשאַנסקי, קרעמען, קיקאאין, קיסלינג, קארס, א. א.

דער קינסטלער־פאַרבאַנד האָט געעפנט אַ גאַלעריע, וווּ חנה קאָוואַלסקאַ איז געוואָרן לייטערין. זי האָט תמיד ליב געהאַט צו אַרבעטן געזעלשאַפטלעך, אָן שום נוצן פאַר זיך. אין יענער צייט איז איר מאַטעריעלע לאַגע געווען אַ געגנוג שווערע, אָבער זי האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט. זי פלעגט אָפט קומען אין קאַפע „דאם" צו שמועסן מיט אונדזער יידישע קינסטלער פון מאָנפּאַרנאַס. איך האָב דעמאָלט קענען געלערנט איר דערהויבענע און שיינע נשמה.

די אַרבעט איבער זיך אַליין, די אָנשטרענגונג צו באַרייכערן און פאַרטיפן די אייגענע קונסט־וויסנשאַפט איז צו דערקענען אין אירע לעצטע קונסט־אָפּהאַנדלונגען. נאָך קלאָרער און בולטער ווי פריער קומט צום אויסדרוק דער מאַרקסיסטישער בליק אין איר קונסט־אָפּשאַצונג. די קונסט־געשיכטע, אַזוי גוט ווי די פאַרגאַנגענהייט ווי אין דער קעגנוואָרט, ווערט ביי איר צעטיילט אויף צוויי קאַטעגאָריעס: דאָס קונסט־שאַפן, דאָס הייסט, דער עיקר די מאָלעריי, וועלכע זי באַהאַנדלט, וואָס איז נוצלעך און באַלערנדיק פאַר די פאָלקס־מאַסן, און די קונסט, וועלכע האָט פאַר די פאָלקס־מאַסן קיין נוצן און קיין באַדייטונג נישט. אַזוי צום ביישפּיל ווערט די פראַנצויזישע מאָלעריי פון 18־טן י.ה. אַזוי ווי מיר זעען עס אין ראַטנפאַרבאַנד, גרינגגעשעצט, אָדער אָפּגעוואָרפן, ווייל די דאָזיקע קונסט שטייט אין פולקאָמער דינסט פון דער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט, וועלכער זי שמייכעלט, זי חנפעט, וועלכע זי באַמיט זיך צו אַמוזירן, פאַרווילן, מיט איין וואָרט — אַ קונסט, וועלכע באַצירט, דעקאָרירט די סאַלאָנען פון דער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע איז גייסטיק נישטיק, פאַרדאָרבן, פאַרן אונטערגאַנג.

געוויס קען מען זאָגן, אַז די פראַנצויזישע קונסט פון אַכטצנטן י.ה. איז אינהאַלטלעך, גייסטיק וויסט און לער, אָבער מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז טעכניש האָט די דאָזיקע קונסט דערגרייכט צו אַן אומגעהויערער פולקאָמענהייט. עס איז נישט דאָס אָרט דאָ זיך אָפּצושטעלן לענגער אויפן דאָזיקן פּראָבלעם וועגן דער מאָראַלישער, סאָציאַלער און עטישער באַדייטונג פון דער קונסט. איך וויל בלויז באַטאָנען, אַז די קונסט־שטעלונג, וועלכע חנה קאָוואַלסקאַ האָט אָנגענומען, איז איר געווען דיקטירט דורך אַן אינערלעכן אימפּולס,דורך איר פלאַמענדיקער ליבע צו די פאָלקס־מאַסן און בפרט צו אונדזערע יידישע פאָלקס־מאַסן. זי האָט זיי געווידמעט איר גאַנצן טאַלאַנט, זיי צו דערציען עסטעטיש, זיי פאַרשטענדיק צו מאַכן דאָס קונסט־שאַפן פון דער מענטשהייט, און דורך דעם — צו באַשענערן און באַרייכערן, פאַרטיפן דאָס לעבן פון אונדזערע פאָלקס־מאַסן. דער דאָזיקער ענטוזיאַזם און ליבע צום פאָלק שטראַלט אַרויס פון אַלע אירע אַרטיקלען, און איך בין זיכער, אַז איר אַרבעט האָט געפונען אַ טיפן אָפּקלאַנג, ליבע און דאַנקבאַרקייט ביי די, פאַר וועלכע זי האָט געמאָלן און געשריבן. זי איז געווען דערהויבן אין איר באַשיידנקייט.

צען טעג פאַרן אַריינטריט פון די דייטשן אין פּאַריז בין איך אַוועק אין דער פּוילישער אַרמיי און מער האָב איך חנה קאָוואַלסקאַ נישט געזען.

אין איר שווער לעבן איז די איינציקע פרייד געווען צו שאַפן, צו שרייבן. די דאָזיקע אידעאַליסטישע אַרבעט איז געוואָרן פון די בלוטיקע מערדער ברוטאַל און אַכזריותדיק איבערגעריסן.

# פון חנה קאוואלסקאס שריפטן

## ווינצענט וואַן גאָג

אין מוזיי „ד׳אַר מאָדערן״, אויף אַוועני טאָקיאָ, האָט זיך נאָר וואָס געשלאָסן די אויסשטעלונג פון דעם האָלענדישן מאָלער, וואַן־גאָג — איינעם פון די טיפסטע און גאָניאַלסטע קינסטלער פון דער מאָדערנער צייט. מיר וועלן זיך באַמיען אין קורצע שטריכן אָנצייכענען דאָס לעבן און שאַפן פון דעמדאָזיקן אויסערגעוויינלעך טראַגישן, קינסטלערישן און מענטשלעכן גורל.

ווינצענט וואַן־גאָג איז געבוירן געוואָרן דעם 30־טן מערץ 1853 אין גראָאָט־זונדערט, האָלאַנד, וווּ זיין פאָטער איז געווען אַ פּאַסטאָר. אין דער עלטער פון 16 יאָר ווערט ווינצענט אַן אָנגעשטעלטער אין אַ קונסט־גאַלעריע אין האַאַג. צוליב געשעפטלעכע ענינים באַזוכט ער דאַן לאָנדאָן און פּאַריז, ווו ער באָקענט זיך מיט די אוצרות פון דער קונסט. אַרומגעכאַפּט פלוצלינג מיט אַ מיסטיש־רעליגיעזן דראַנג אויסצודינען די אָרעמע און ליידנדיקע פון דער וועלט, וואַרפט ער זיין פּאָסטן און ווערט אַ פּריידיקער צווישן די אומגליקלעכע און גרוילעך־עקספּלואַטירטע קוילנגרעבער פון באָרימאַזש. די שרעקלעכע מענטשלעכע נויט, מיט וועלכער ער קומט דאָרטן אין באַרירונג, לייגט אַ טיפן שטעמפּל אויף זיין גאַנצן ווייטערדיקן שאַפן, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער ליבע צו די באַליידיקטע און דערנידעריקטע. אין איינעם פון זיינע באַרימטע בריוו צו זיין געליבטן ברודער, טעאָ, שרייבט ער: „איך בין נישט פעאיק צונויפקומען זיך מיט מענטשן וואָס האָבן פיינע מאַניערן, אין קעגנטייל פיל איך זיך גאָר גוט מיט אָרעמע און קליינבירגער״. אין אַן אַנדערן בריוו שרייבט ער: „אין מיינע פנימער און לאַנדשאַפטן וויל איך נישט אויסדריקן קיין סענטימענטאַלקייט און נישט קיין בענקשאַפט, נאָר דעם טיפן שמערץ״.

זיינע ערשטע צייכענונגען מאַכט וואַן־גאָג אין באָרינאַזש, זיין רעליגיעז־אויסלייזערישער קריזיס גייט אָבער אדורך. זיין אומרואיקער, נאָך אמת־לעכצנדיקער גייסט, וואָס וויל דערגיין דעם תוך פון לעבן און מענטש, זוכט אַ תיקון און אין עלטער פון 30 יאָר ווידמעט זיך וואַן־גאָג דער קונסט. „איך מאָל — שרייבט ער דאַן צו זיין ברודער, — נישט כדי צו געפעלן דעם, אָדער יענעם, נאָר כדי אויסצודריקן אַן אויפריכטיק און מענטשלעך געפיל״.

אין משך פון זיין שאַפן איז וואַן־גאָג אַרונטערגעפאַלן אַ סך איינפלוסן. דעם ערשטן שטאַרקן איינפלוס האָט אויסגעאיבט אויף אים דער פאַרשטייער פון דער האַאַגער שולע, — דער ייד יוסף איזראַעלס, צוליב זיין מאָלעריי, וואָס איז פול מיט ליבע צו די אָרעמע און וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אומעט און פשטות. צוליב די זעלבע סיבות האָט אויך אויף אים געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג דער פראַנצויזישער מאָלער, מילעי, וואָס האָט מיט אַן אומפאַרגלייכלעכן ליריזם געשילדערט דאָס פויערים־לעבן.

די ערשטע ווערק פון וואַן־גאָג זענען טונקל און שווער, ווי דאָס לעבן און די פּראַצע פון די, וועלכע ער האָט פאַרשטאַנען און ליב געהאַט. זיינע פינצטערע, גרויע „קאַרטאָפל״ — דידאַקטיקע טרייע שפּייז פון אָרעמען מענטש; זיינע טעמפּע, אויסגעהונגערטע „קאַרטאָפל־עסערס״, וואָס טראָגן אין זיך אַ שטומען אומבאַוווסטזיניקן סאָציאַלן רעוואָלט; זיינע דריי פאַרנעבעכדיקע, אויסגעדרייטע און אויסגעמוטשעטע „שיך״ זענען צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי אַנדערע זיינע בילדער, — אַן אויפטרייסלענדיקער געשריי פון דער מענטשלעכער נויט.

אין יאָר 1886 באַזעצט זיך וואַן־גאָג אין פּאַריז, וווּ ער דערנענטערט זיך צו די „אימפּרעסיאָניסטן״. ער נעמט אויף ביי זיי נייע עלעמענטן, וואָס האָבן ביז דאַן געפעלט אין זיינע בילדער: דאָס ליכט און די וויברירנדיקע אַטמאָספערע פון דעם „פּלען־ער״. זיין אומרואיקער, אייביק־זוכנדיקער גייסט שעפּט אָבער איינגיכן אויס אַלע פּלאַסטישע מעגלעכקייטן פון די אימפּרעסיאָניסטן. ער ווערט דאַן פאַרליבט אין דער יאַפּאַנישער מאָלעריי, וואָס איז צו יענער צייט שטאַרק פאַרשפּרייט אין פּאַריז. דער גרויסער פשוטער סטיל פון די יאַפּאַנישע געמעלן, די עקזאָטישע פּאָעזיע, וואָס וויקלט זיי אַרום, דערוועקט ביי וואַן־גאָגן אַ נייע בענקשאַפט, אַ פאַרלאַנג נאָך אַ נייעם קינסטלערישן אויסדרוק. עס ציט אים צום אָריענט, צו דער גליענדיקער זון, צו די שטאַרקע הייסע פאַרבן .אַזוי, ווי ער האָט נישט קיין מעגלעכקייטן צו פאָרן קיין יאַפּאַן, לאָזט ער זיך אין וועג קיין דרום־פראַנקרייך, קיין פּראָוואַנס, אויף די ברעגן פון דעם מיטלענדישן ים און באַזעצט זיך (אין 1888) אין דער שטאָט אַרל.

וואַן־גאָג ווערט דאָ פאַרשיכורט און מיטגעריסן פון דעם הייסן און ווילדן פּראָוואַנסאַלישן „מיסטראַל״־ווינט, ער ווערט פאַרשלונגען דורך די אומענדלעכע, רחבותדיקע פליינען. ער מאָלט דאָ זיין באַרימטע ,וווּנדערלעכע „נאַכט״, די טיף־בלויע מיט די לויכטנדיקע שטערן, וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין וואַסער. ער עקזאַלטירט די שטאַרקע אָריענט־פאַרבן ביז צו דער העכסטער אינטענסיוויקייט. ער צייכנט נישט מיט בליי און פּענדזל, נאָר מיט רער־גראָז, שוואַרץ אויף ווייס, דורך ווערטיקאַלע און האָריזאָנטאַלע קליינע ליניעס, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שאַרפקייט און קראַפט.

אין דערזעלבער צייט אָבער הויבן זיך אָן צו באַווייזן ביי וואַן גאָגן סימנים פון גייסטיקער צעטרייסלונג ,וואָס איז ניט ווייניק

פאַראורזאַכט געוואָרן דורך זיין אָרעמקייט און נויט; און איינמאָל בעת אַ ווילדן נערוון־אָנפאַל, וואַרפט ער זיך מיט אַ ראַזירמעסער אויף זיין פריינד, דעם באַרימטן פראַנצויזישן מאָלער גאָגען און ווען דער לעצטער אַנטלויפט — שניידט זיך וואַן־גאָג אָפּ זיין אייגן אויער. דאָס איז די ערשטע משוגעת־אַטאַקע פון דעם אומגליקלעכן קראַנקן גאון.

צוליב מורא פאַר ווייטערדיקע אויסברוכן, טרעט ער אַליין אַריין אין דעם אַזיל פון גייסטיק קראַנקע אין סען־רעמי (אין 1880). זיין קונסט ווערט דאַן אַלץ ווילדער און שטורמישער, ווי דער אוראַלטער תוהו־ובהו. זיין אומרו און פאַרצווייפלונג וואַקסן מיט אַ געוואַלדיקן טעמפּאָ. ער ווערט צעריסן דורך טראַגישע אינערלעכע קאָנפליקטן און קען נישט געפינען קיין רו. אַלע פאַרלאָזן אים, זיין משפחה זאָגט זיך פון אים אָפּ, בלויז איין מענטשלעך וועזן בלייבט אים טריי ביזן טויט, דאָס איז זיין געליבטער ברודער טעאָ. וואַן־גאָג איז באַזיגט, אָבער נישט צעבראָכן. אין אַ בריוו צו זיין ברודער, שרייבט ער דאַן: „עס זענען פאַראַן באַדינגונגען, ווען עס איז בעסער צו זיין אַ באַזיגטער, איידער אַ זיגער. עס איז בעסער צו זיין פּראָמעטעאוס, ווי יופּיטער.״

זיין מאַרטירער־וועג פאַרענדיקט וואַן-גאָג אין דעם שטעטל אָווער סיר אואַז. זיין וואַנזין דערגייט ביז צום העכסטן פּונקט. ער האָט געוואָלט אויסלייזן די וועלט, נישט־וויסנדיק וויאַזוי, און איז געפאַלן אונטער דער שווערער לאַסט. דעם 29־טן יולי 1890 באַגייט דער אומגליקלעכער גאון זעלבסטמאָרד.

וואַן־גאָג האָט איבערגעלאָזט אַן ערך 600 ווערק. ער האָט נישט געשאַפן קיין שולע אין דער מאַלעריי. זיין קונסט איז געווען צו פּערזענלעך, צו סוביעקטיוו און ספּאָנטאַן, כדי זיך אריינצופּאַסן אין די פאָרמען, וואָס זאָלן זיין אַ לערע פאַר צוקונפטיקע דורות.

וואַן־גאָגס ווערק פאַרבלייבט אָבער אַלס אייביקער דאָקומענט פון דער מענטשלעכער דראַמע פון אַ גאונישן יחיד, וואָס האָט געלעכצט נאָך אמת און דערהויבונג און איז געפאַלן אַ קרבן פון דער געזעלשאַפטלעכער אומגערעכטיקייט.

# כלאָונע קאַגאַן



געבוירן אין קאַזשאַן־האָראָדאָק, ביי פּינסק, אין 1900, ביי אָרעמע עלטערן, געלערנט אין חדר און אין בריסקער ישיבה. געאַרבעט שוסטערײַ ביי זיין פּאָטער. אין 1919 אַנגעשלאָסן זיך אין דער רויטער אַרמיי. געלערנט אין ווילנער טעכניקום. אַרום 1929 געקומען קיין וואַרשע. פאַרקערט אין די קרייזן פון דער יידישער אַרבעטער־אינטעלי־גענץ. אין 1930 — איינער פון די גרינדער פון דער לינקער שרייבער־גרופּע אין פּוילן. געלאָזן אין מאַנוסקריפּט אַ ראָמאַן פון בירגער־קריג „סאַ־מאַגאָן", אַ דערציילונג „פּאַן דאָקטור", אַ דראַמע „פּוילישער שטרייק", פאַרעפנטלעכט אין 1934, אין פאַרלאַג מאַרק ראַקאָווסקי אַ גרעסערע דער־ציילונג „אויפן טייך". אין 1937 געקומען קיין פּאַריז. אין 1941 אינטערנירט אין פּיטיוויע. אין 1942 דעפּאָרטירט. קיין שום ידיעות.

ב. שלעווין

## דער זוכער פון רעוואָלוציאָנערן רעאַליזם

ווען כלאָונע קאַגאַן, דעם רייפן פּראָזאַאיקער, דעם פאַר־ביסענעם זוכער פון פּראָלעטאַרישן רעאַליזם, האָט מען אין יידישן פּאַריז אַמווייניקסטן געוווּסט. ער האָט זיך יאָרנלאַנג נישט געקענט באַפרייען פונעם קאָשמאַר פון דער פּוילישער פּאָליציי, פון די פּוילישע תּפיסות, פון דער טרויעריקער פּוילישער ווירקלעכקייט, פון וועלכער ער איז אַנטרונען נאָר כדי אָפּצוכאַפּן דאָ אַביסל דעם אָטעם און באַלד ווידער אומ־צוקערן זיך אַהין.

אַרום 1936 איז ער מיטן אומלעגאַלן עמיגראַציע־שטראָם אַריינגעפאַלן קיין פּאַריז, פאַרשטעקט זיך ערגעץ אין איי־נעם פון די בלינדע, שמוציקע פּאַסאַזשן אויפן הויכן בעלוויל, געלעבט אינגאַנצן אָפּגעזונדערט, איינזייט פונעם גערויש, פאַר־זיך אַליין און כמעט אינערגעץ זיך נישט געוויזן. ער האָט דאָ נישט אויפגעהערט צו לעבן מיטן געפיל פון אַ פאַרפאָלגטן, זיין געמיט האָט נאָך אַלץ אומגעבלאָנדזשעט אויף דער טומלדיקער דזשיקע גאַס, אין די איבערגעפּאַקטע קנייפּעס אויפן מוראַנאָוו, אין די קאָנספּיראַטיווע דירות, ווו עס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן די אומלעגאַלע זיצונגען; ער האָט נאָך דאָ געלעבט מיט די וויזיעס פון די בלאָטיקע פליינען און נעפּלדיקע, אונטערגעשווענקטע וועלדער פון

זיין פאַרוואָרפענער היים אין דער פּאָלעסיע. ער האָט נאָך אַלץ געצויגן זיין גייסטיקע יניקה פון אָט דער געלייטער־טער סביבה פון שרייבער און אַרבעטער־אינטעליגענטן, וואָס האָט זיך אַרום 1930 גענומען גרופּירן אַרום דעם רעוואָ־לוציאָנערן חודש־זשורנאַל „די ליטעראַרישע טריבונע".

מען האָט אין די לעצטע יאָרן אָפּגערופן זיך מיט פיל וואָרעמקייט אין דער יידישער פּרעסע איבער די יונגע לי־טעראַרישע שטרעמונגען אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן; עס איז מיט רעכט אָפּגעשאַצט געוואָרן די גרופּע „יונג־ווילנע", וועלכע האָט אָן שום ספק אַרויסגעהויבן אין דער יידישער ליטעראַטור פיל באַדייטנדיקע טאַלאַנטן, אַזעלכע למשל, ווי חיים גראַדע, א. וואָגלער, א. סוצקעווער און אַנדערע. ס'איז אָבער געמאַכט געוואָרן, באַוווּסטזיניק אָדער אומבאַוווּסטזיניק, אַזאַ וויכטיקער בלויז, ווי דאָס געגנצלעכע פאַרזען פון דער דאָזיקער גרופּע שרייבער אַרום דער „ליטעראַרישער טריבונע"; זיי זענען דאָך פאַקטיש געווען די סאַמע ערשטע, וואָס האָבן געוואַגט צו רעוואָלטירן זיך קעגן די אַלטע, אָפּגעלעבטע פאָרמען אין דער יידישער לי־טעראַטור. זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן אָפּצושפּיגלען דעם „העלד פון אונדזער צייט", דעם ייד, דעם קעמפער, דעם

אַרבעטסלאַזן, דעם דעקלאַסירטן, אַט די גאַנצע טראַגישע יוגנט, וואָס האָט אויסגעצאַנקט צווישן די פינצטערע תפיסה־ווענט פון פוילישן פאַשיזם ; זיי האָבן אַרויסגעהויבן און דערצויגן שרייבערישע טאַלאַנטן, וואָס וועלן בלייבן אין אונדזער ליטעראַטור.

ווייניק זענען פאַרבליבן צווישן די לעבעדיקע פון יענעם אימפּולסיוון דור, וואָס האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך טיפע שפּורן אינעם יונגן, רעוואָלוציאָנערן שאַפן אין דער יידישער ליטעראַטור פון פאַר־מלחמהדיקן פוילן. אָבער די אייניקע לעבן־געבליבענע, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט אין אַלע עקן וועלט, פאַרנעמען אויך היינט אומעטום וויכטיקע פּאָזיציעס אינעם יידישן קולטור־לעבן און זעצן פאָר די טראַדיציעס פון יענעם קליינעם הייפל, וואָס האָט פאָרויסגעפילט די אָנקומענדיקע שטורעמס. זיי האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן, זיי זענען געווען און פאַרבליבן דיזעלבע ביטערע עקשנים, ווייל זייער טעזע האָט געזיגט.

צו די דאָזיקע געהערן : ב. מאַרק, דער ליטעראַטור־קריטיקער, דער פּאָליטישער פירער, דער פּובליציסט, וואָס איז היינט רעדאַקטאָר פון לאָדזשער „דאָס נייע לעבן". דער בעלעטריסט א. ד. ספּאַרד, וואָס איז מיטגליד פון אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע ; דער סובטעלער רעוואָלוציאָנערער ליריקער בינם העלער, די דיכטער ישראל אַשענדאָרף, מ. א. קנאַפּהייס, י. יאַנאַסאָוויטש, די מאָלער און פּלאַסטיקער אברהם גוטערמאַן, חיים האַנפט — אַלע געראַטעוועט זיך אין סאָוויעט־רוסלאַנד. פון די פאַרבליבענע, וואָס אַרבעטן ווייטער אין נייעם, אויפקומענדיקן יידישן לעבן אין פוילן — מ. מירסקי, שעף־רעדאַקטאָר פון לאָדזשער „דאָס נייע לעבן" און דער פיינער נאָוועליסט נחמן בליך, וואָס געהער צו די זעלטענע אָפּגעראַטעוועטע פון די דייטשע נעגל. דער ראָמאַניסט הערץ בערגנער, וואָס געפינט זיך זייט 1938 אין אויסטראַליע, מעלבורן, ווו ער גיט אַרויס ביכער, רעדאַקטירט זשורנאַלן, איז אַריינגעטון מיט לייב און לעבן אין דער דאָרטיקער יידישער קולטור־אַרבעט. צו די אָפּגעראַטעוועטע רעשטלעך פון דער גרופּע געהערט אויך דער דיכטער משה שולשטיין, וואָס האָט מיט זיינע מאָנענדיקע רעוואָלוציאָנערע לידער אָנגעצונדן דעם הייליקן פלאַם ביי דער יידישער אַרבעטער־יוגנט אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן. אויך דער שרייבער פון די שורות געהערט צו די רעשטלעך פון דערדאָזיקער גרופּע.

צווישן די, וואָס זענען אויף אייביק פאַרשניטן געוואָרן אינעם גרויסן חורבן, זענען : דער דיכטער קלמן ליס, דער ברייט־האַרציקער באַזינגער פון די „וואָלינער שליאַכן", דער איבערזעצער און ליטעראַטור־קריטיקער י. לעווענשטיין, די פּראָזע־שרייבער א. ל. טאָף, דוד מיצמאַכער, ש. וואָלמאַן, ז. עלבירט און נאָך פיל אַנדערע, וואָס האָבן פּאָליטיש דערצויגן די גרופּע.

צו די באַדייטנדיקסטע, וואָס וואָלטן אָן שום ספק אַוועקגעלייגט זייער באַזונדערן חותם אין דער יידישער ליטעראַטור, געהער דער קרעפטיקער פּראָזע־שרייבער כלאַוונע קאַגאַן. בלויז ווייניקע פון זיינע נאָוועלן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, בלויז איין גרעסערע דערציילונג אין בוך־פאָרם איז פאַרבליבן פון אים. („אויפן טייך", פאַרלאַג מאַרק ראַקאָווסקי, וואַרשע, 1935). דידאָזיקע ווערק פאָדערן אַן ערנסטן קריטישן אַנאַליז, ווי אויך אייניקע פון זיינע פאַרבליבענע כתבים, צווישן זיי אַ דראַמע וועגן פוילישן שטרייק, וואָס זענען זאָרגפעלטיק אויפגעהיט אין די אַרכיוון פון דאָקומענטאַציע־צענטער ביים „אוניאָן" אין פאַריז.

מען קען זאָגן, אַז צופעליק, גאַנץ צופעליק, האָבן זיך די וועגן פון כלאַוונע קאַגאַן געקרייצט אין פאַריז. ער האָט געהערט צו די, וואָס איינמאָל אָנגעזאַפּט זיך מיט אַ מיליע, וועט ער זי דאָס גאַנצע לעבן טראָגן מיט זיך און זי וועט אים נאָכגיין אומעטום, ווו דער וואַנדער־שטעקן זאָל אים נאָר נישט פאַרפירן. ער איז אין די גרויסע, טומלדיקע שטעט פאַרבליבן דער „טשודאַק" פון די פאַרוואָרפענע פּאָליעסער מקומות, פול מיטן קאָלאָריט פון דאָרטיקן געזונטן, פאָלקס־טימלעכן יידיש פון די ישובניקעס, פערדהענדלער, פעלדשערס און קליינשטעטלדיקע אינטעליגענטן. פון הינטער די געדיכט־אָנגעוואָרפענע פאַרבן אין זיין גאַנצן שאַפן לייכטן אַרויס די אומעטיקע פּאָליעסער לאַנדשאַפטן פון די פאַרפלייצטע טאָלן און אונטערגעשווענקטע אָליעכע־וועלדלעך. צום שטעטלדיקן יריד פאָרט מען זיך אין דער געגנט צונויף אין שיפלעך און אַלע האָבן זיי פיינט דעם ווייס־פּאָליאַק, דעם אָקופּאַנט, דעם פּאָליציאַנט מיטן „קנעפל", דעם „אָסאַדניק" פון גרויס־פוילן, וואָס האָט דאָ, פאַר פּאַטריאָטישע פאַרדינסטן אין די לעגיאָנען פון פּילסודסקין אין 1920, באַקומען צוגעטיילט די בעסטע ערד־חלקים און איז באַפרייט פון שטייערן. די פּאָליאַקן האָבן דאָרט ביטער געקעמפט קעגן דער באַרוועסער רויטער אַרמיי פאַר אַ „גרויס־פוילן", און זייער פאַרבינדעטער איז געווען דער ווייסער אַטאַמאַן באַלאַכאָוויטש, וואָס האָט אַוועקגעלאָזן הינטער זיך יידישע שטעטלעך אין פייער און אין בלוט.

און פון דעמאָלט אָן קרענקט עס זיי, די יידן און די פויערים, ביז אין דער זיבעטער ריפּ אַריין, וואָס דער פּאָליאַק האָט דאָ ערגעץ הינטער די וועלדער אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט קעגן לאַנד פון די סאָוויעטן. אַזויפיל קרובים, פריינט און נאָענטע זענען פאַרבליבן „אויף יענער זייט", אַ טריט פונדאַנען און עס איז אוממעגלעך צו פאָרן זיך זעה, קומען איינער צום אַנדערן אויף אַ שמחה, צוגאַסט. גרוסן דערגייען פון דאָרט פריילעכע און גוטע — מען האָט די פויערים צעטיילט די ערד פון די גרויסע פּריצישע גיטער, יידן אַרבעטן אין די פאַבריקן, אין די קאָלכאָזן, די יוגנט פאָרט שטודירן אין די גרויסע שטעט.



כלאַוונע קאַגאַנס מיטגליד־קאַרטע
פון וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין

אָט דער פּסיכאָז פאַרברידערט דעם ייד מיטן פּאָליעסער פויער, די יונגע, וואָס קערן זיך צוריק פון די שטאָטישע תּפיסות צו דער אָרעמער באַלעבאַטישקייט, קענען מער נישט איינזיצן, לויפן אין די ווייטע זיד־אַמעריקאַנישע לענדער, לויפן דורך דער גרענעץ.

דאָס איז אויך געשען מיט דעם יונגן כלאַוונע קאַגאַן, וואָס האָט זיך אָנגעלייענט מיט דער ליטעראַטור פון „יענער זייט“. אין די עטלעכע און צוואַנציקער יאָרן פּרוווט ער זיך אַריבערשמוגלען די גרענעץ קיין רוסלאַנד. אָבער מען כאַפּט אים און ער מוז נאָך אָפּזיצן שיינע עטלעכע חדשים אין תּפיסה.

דער נאָך־מלחמהדיקער, יידישער קולטור־רענעסאַנס האָט זיך דעמאָלט איבער די שטעט און שטעטלעך פון ליטע, ווייס־רוסלאַנד און וואָלין אַראָפּגעלאָזן מיט אַ באַזונדערן התלהבותדיקן ברען. אינאַזייט פון פרעמדע קולטור־איינפלוסן און שלעכט־פאַרדייעטע צומישן, האָט דאָס זאַפטיקע פאָלקס־לשון געוואָרצלט פיל טיפער ווי אין גרויס־פּוילן און גאַליציע. ס׳איז געווען אַ פּראָווינץ, וואָס איז, אייגנטלעך, מיט געוואַלט אָוועקגעריסן געוואָרן פונעם גרויסן, רוסישן יידנטום. מען האָט באַדאַרפט צו זען אָט די יוגנט, וואָס האָט מיט מסירת נפש געבויט יידישע קולטור־אינסטיטוציעס ; מען האָט זיי באַדאַרפט צו קענען אָט די פּראָסטע יידן, די באַל־מעלאָכעס, די מולערס. די סטאָלערס, די שלאָסערס און דאַך־דעקערס, וואָס האָבן מיט די אייגענע הענט אויפגעשטעלט דעם בנין פון אַ יידיש־וועלטלעכער פאָלקס־שול, פון אַ פּראָ־פעסיאָנעלן פאַריין און האָבן אין דער פרייער צייט מיט יראת־הכבוד אָוועגעזעצט זיך לערנען אַ בלעטל פּרק. דאָס איז געווען ביי זיי דער נייער זין פון יידישקייט.

פאַרבענקט נאָך אָט דער פולקאָמער יידישקייט, האָט די יוגנט. ווי אַמאָל אין די ישיבות אַריין, געצויגן קיין ווילנע, צום ירושלים פון דער ליטע. דאָרט זענען געווען אויפגעשלאָגן די געצעלטן פון תּורה און וויסנשאַפט, פון קוואַליפיצירטער מלאכה און וועלטלעכער בילדונג. ס׳איז געווען אַן ענלעכער שטראָם ווי אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד, אָנצושעפּן זיך מיט וויסן און גיין דערנאָך טראָגן עס אין פאָלק אַריין. דער יידישער לערער־סעמינאַר, די יידישע גימנאַזיעס און די פּראָפעסיאָנעלע שול, דער טעכניקום, זענען געשטאַנען אָפן פאַר זיי און האָבן געלאָקט צו זיך. וואָס פאַראַ פיינער יידיש ס׳האָט דעמאָלט געקלונגען אויף די אָוונטיקע שפּאַציר־גאַסן אין ווילנע. אמת, זיי האָבן געשמאַק אונטערגעהונגערט, די יידישע יונגעלייט און מיידלעך, אָבער וואָס פאַראַ באַדייטונג האָט עס דאָרט געקענט האָבן קעגן די גרויסע אידעאַלן, וואָס האָבן זיי צוזאַמענגעבערענגט פון אַלע פאַרוואָרפענע ווינקעלעך פון ליטע, ווייס־רוסלאַנד, פּאַלעסיע און וואָלין ?

צווישן דערדאָזיקער אידעאַליסטישער יוגנט אין ווילנע האָט זיך אין יענע יאָרן אַרומגעדרייט דער יונגער כלאַוונע קאַגאַן. געגעכטיקט האָט ער ערגעץ אויף דער גלעזער־גאַס, ביי אַ יידענע אַן אלמנה, זאַלבעצווייט מיט נאָך אַזאַ גורל־הבר אויף אַ שמאָל בעטל. ער איז געווען אַ מיטלוווקסיקער, מיט אַ ווילדן קאָפּ קרייזעלעך, אין אַן אָפּגעטראָגענער אוניפאָרם פון יידישן טעכניקום, מיט איינגעקוועטשטע פענסנע אויף דער נאָז. ער האָט געחזרט די מאַטעמאַטישע פאָרמולן און אין די אָוונטן הייס דיסקוטירט איבער דער לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע און פון דער אַגראַר־פראַגע אין ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט געקענט אַ סך רוסישע לידלעך, און מען האָט ביי אים נישט קיין סך באַדאַרפט צו בעטן ער זאָל זיך פונאַנדערלאָזן אויף זיין קלינגענדיק, פויעריש באַסל אויף די אָוונטיקע שפּאַצירן אין קלויסטער־גאָרטן ביי דער קאַטעדראַלע, אָדער אין אַן אָפּגעדונגען צימערל. דער עיקר נאָך, ווען אויפן טיש איז אויסגעוואַקסן אַביסל בראָנפן, אַ פאַרעדיקער טעלער קאַרטאָפל אין די „מונדירן“ און אַ דאַרער, ליטווישער הערינג. דידאָזיקע צוזאַמענטרעפן זענען פאָרגעקומען אין די פרייטיקדיקע און שבתדיקע אָוונטן, ווען מ׳איז פריי, ביי עטלעכע מיידלעך, גימנאַזיסטקעס און סעמינאַריסטקעס, וואָס האָבן געוווינט אַלע צוזאַמען אין אַ קליין צימערל אויף דער זאוואַלנע גאַס.

ער האָט שוין דעמאָלט צוביסלעך שטילערהייט אונטערגעשריבן, אָבער קיינעם נישט געוויזן. אויף זיין געמיט האָט געדריקט דאָס יאָר 1920, דאָס אָנפליען אין זייערע בלאָטיקע מקומות פון דער רויטער בודיאָנישער קאַוואַלעריע, זייערע בלוטיקע שלאַכטן מיט די ווייס־פּאָליאַקן און מיט די באַלאַכאָווישע באַנדעס, די פויערישע פּאַרטיזאַנקע און די פלאַמיקע יידישע יוגנט, וואָס האָט זיך צוריקגעצויגן צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס נאָכן דורכברוך פון פּראָווויזישן גענעראַל וועיגאַן ביי וואַרשע. אַ גרויסער טייל פון דערדאָזיקער יידישער יוגנט איז דערנאָך צעשאָסן געוואָרן

דורך די פּאָליאַקן ביי דער באַרימטער קלויסטער־וואַנט אין פּינסק.

ס׳איז נישט לייכט געווען מיט אַ ליידיקן מאָגן פּאָרצוזעצן דאָס לערנען אין טעכניקום. יעדעס האַלבע יאָר זענען פּאָרגעקומען עקזאַמענס און מען האָט באַדאַרפט צו ענטפערן אויף די געשטעלטע פראַגן פון די שטרענגע עקזאַמינאַטאָרן. צווישן זיינע פריינט פון יענער עפּאָכע האָט זיך נאָך ביז היינט אויפגעהאַלטן זיינס אַ פריילעכע פּאַראָדיע אויפן באַרימטן רוסישן שילער־ליד, וואָס דערציילט טרויעריק פון די דורכגעפאַלענע עקזאַמענס און וועגן אָפּגעזעגענען זיך מיט אַלע נאָענטסטע פאַרן באַגיין זעלבסטמאָרד:

דאָס איז דער טאָג,
וואָס מיידט נישט אויס
אַ יעדן יאַט
צוויי מאָל אין יאָר.

שעמעוודיק, מיט האַרצקלאַפּעניש, האָט כלאָונע קאַגאַן געברענגט זיינע ערשטע מאַנוסקריפּטן צום דיכטער משה קולבאַק, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין ווילנע די קרוין פון דער יידישער אינטעלגענץ, איינער פון די באַליבסטע לערער פון ליטעראַטור און געשיכטע סיי אין סעמינאַר און סיי אין די גימנאַזיעס. קולבאַק האָט אים דערמוטיקט און געהייסן ווייטער שרייבן, דער עיקר אָבער — לערנען, אַ סך לערנען. ער האָט טאַקע אָפּגעמאַכט צו אַרבעטן איבער זיך, לערנען, שטודירן און גלייכצייטיק ווערן אַ פּראָלעטאַריער, פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט מיט די אייגענע צען פינגער. ער איז געוואָרן אַ שוסטער, ווי זיין טאַטע, און האָט גאָרנישט שלעכט געאַרבעט ביים דאָזיקן פאַך. דאָס ווייטערדיקע לערנען אין טעכניקום האָט ער, נאַטירלעך, געמוזט איבעררייסן און האָט זיך אויף די זומער־פעריען אומגעקערט צו זיין קליין, בלאָטיק שטעטל אין דער פאַרוואָרפענער פּאָלעסיע. לאַנג האָט ער דאָרט אָבער נישט געקענט פאַרבלייבן. די אַטמאָספער פון פּאָליצייאישן טעראָר אינעם געפערלעכן גרענעץ־געביט האָט אים אַרויסגעיאָגט פון זיין טאַטנס הייזקע, ווו ער איז געבוירן און אויפגעוואַקסן.

אין וואַרשע איז ער צו הינטער צו אַריינגעפאַלן גאָר אין אַ נייער סביבה: אַרבעטער, פּראָפעסיאָנעלע טוער, אַרבעטער־טוער, אינטעליגענטועלע, וואָס האָבן זיך אַלע געשטיקט מיט דער עקאָנאָמישער אויסזיכטלאָזיקייט. ס׳איז געווען אין די יאָרן 1929־30, ווען דאָס פּאָליטישע לעבן אין לאַנד האָט אָנגעהויבן צו יערן, די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג איז זיך שטאַרק פונאַנדערגעוואַקסן און די פּוילישע רעאַקציע, וואָס האָט זיך נישט געפילט בכוח און איז נישט באַרופן געווען צו לייזן דעם וואַקסנדיקן עקאָנאָמישן קריזיס, איז געווען אין פולן אָפּוועג־קאַמף. עס איז געווען די צייט פון מאַסן־שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, גאַסן־שיסערייען און איבערגעפּאַקטע תּפיסות. אויפן יידישן מוראַנאָוו און אויף דער דזשיקע האָט מען געלעבט מיטן פיבער אַז אָט־אָט מאָרגן קומט די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

אָט אין אַזאַ אַטמאָספער האָבן זיך ביי כלאָונע קאַגאַן אָנגעהויבן צו רייפן די ערשטע ווערק זיינע. כדי איבערצוגעבן דעם אימפּולס פון דער צייט, האָט ער פאַרשטאַנען, קען מען נישט בלינד נאָכגיין אין די אויסגעטרעטענע וועגן פון דער יידישער ליטעראַטור אין דעמאָלטיקן פּוילן. און צווישן די יידישע שרייבער אין פּוילן פון יענער צייט האָט מען נאָך געהאַלטן גאָר פונפאָרנט. מען האָט נאָך געשטעקט אינעם שטעטל פון פאַר 1914, אָן שום פּערספּעקטיוו פאַר די סאָציאַלע דיפערענציאַציעס און איבערגרופּירונגען אינעם יידישן לעבן. דער גרויסער יידישער פּראָזע־מייסטער דוד בערגעלסאָן, ביי זיינעם אַ באַזוך אין פּוילן, האָט דעמאָלט געוואָרפן אַ וואָרט, וואָס איז דערנאָך אַזויפיל מאָל איבערחזרט געוואָרן: „די יידישע ליטעראַטור אין פּוילן — האָט ער געזאָגט — איז געגליכן צו אַ זייגער, גאָר אַ פיינער מעכאַניזם, ביי וועלכן עס פעלן אָבער לחלוטין די ווייזערס — מען ווייסט נישט ווי שפּעט ס׳איז.״

די קליינע גרופּע יונגע שרייבער, וואָס זענען אַלע געקומען פון דער געדיכטעניש פון די פאָלקס־מאַסן, האָט זיך פאַרמאָסטן אַריינצופירן די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק פון דער צייט און פון יידישן לעבן גופא אין דער ליטעראַטור. ס׳איז זיי אויסגעקומען צו פירן זייער אַ ביטערן קאַמף מיט די איינגענעסטיקטע עסטעטן, די וואָס האָבן אין זייער שאַפן געלעבט אויסער צייט און רוים און האָבן זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט אין די טעאָריעס פון „קונסט לשם קונסט״, פאַרביסענע קעגנער פון דער טעזע „קונסט לשם עפּעס״, פאַר זיי האָט אַלץ געהייסן: „טענדענציעזע ליטעראַטור״ און „ליטעראַטור אויף באַשטעלונג״. עס זענען גערופן געוואָרן דיסקוסיע־אָוונטן אין זאַל פון ליטעראַטן־פאַריין, אויף טלאָמאַצקע 13, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די יידישע אַרבעטער־יוגנט איז געקומען אויסהערן און האָט גענומען איר שטעלונג. דער קליינער, מאָגערער זשורנאַל „די ליטעראַרישע טריבונע״, וואָס האָט צוליב דער שטרענגער צענזור, אָפט געמוזט טוישן די נעמען און וואָס די גאַנצע רעדאַקציע זיינע האָט זיך געפונען אין אַ קעשענע ביי איינעם פון די רעדאַקטאָרן, איז גיך געוואָרן איינער פון די פּאָפּולערסטע זשורנאַלן אין פּוילן און דער טיראַזש זיינער האָט אומגעריכט איבערגעשטיגן אַלע ביז־דעמאָלט־עקזיסטירנדיקע ליטעראַרישע אויסגאַבעס. יעדעס אַרטיקל, יעדעס ליד, יעדע נאָטיץ איז הייס דיסקוטירט געוואָרן אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. די וואַנט פון גלייכגילטיקייט פון דער יידישער מאַסע צום יידישן ליטעראַרישן שאַפן איז אַזויער־נאָך געבראָכן געוואָרן. פיל פון די עלטערע שרייבער, ווי אַלטער קאַציזנע, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי און אַנדערע, זענען געקומען צולייגן אַ האַנט דידאָזיקע יונגע עקשנים. די איבע־

ריקע האָבן זיך ערנסט פאַרטראַכט און מען האָט זיך גע־
נומען באַציען מיט מער דרך־ארץ צו זיי.

אין דעם זשורנאַל האָט כלאָוונע קאַגאַן פאַרעפנטלעכט זיינע ערשטע דערציילונגען, די דערציילונג „פאַן דאָקטור״ איז געווען אַ פּראָדוקט פון לאַנגער, פאַרטיפטער און אָנגע־שטרענגטער אַרבעט. ס׳איז די געשיכטע פון אַ קליין־שטעטל־דיקן פעלדשער, וואָס ציט זיך איבער, צוליב דער קאָנקורענץ פונעם נייעם יונגן דאָקטער, אין דאָרף אַריין. ער פאַלט אַריין אינעם פאַרוואָרפענעם פּאָליעסער דאָרף נאָך איינע פון די שטראָף־עקספּעדיציעס, וואָס די פּוילישע אָקופּאַנטן פלעגן דאָרט אָפּט דורכפירן קעגן דער באַפעלקערונג צוליב נישט באַצאָלטע שטייערן, צוליבן קעגנשטעלן זיך ביים צונעמען די לעצטע בהמה פון שטאַל אַרויס. פון אַלע זייטן קומט מען צולויפן צו אים ער זאָל ראַטעווען. און דורך די וויזיטן אינעם דאָרף, אין יעדן הויז באַזונדער, פון אַט דעם פּשוטן ייד, דעם פעלדשער, וואָס האָט זיך קיינמאָל אין פּאָליטיק נישט געמישט, וויקלט זיך אויף דאָס גאַנצע געפּייניקטע, אונטערדריקטע מערב־ווייסרוסלאַנד.

די טענער זענען דאָ עכטע, עס וואַקסט אַרויס דער גאַנ־צער גרויער קאָלאָריט פונעם דערשטיקטן דאָרף, די שטומע פּויערים־מאַסע, דער נאַטירלעכער בונט און די סאָציאַלע ווירקלעכקייט פונעם ייד אויפן פאָן פון דעם אַלע־מען. טיילמאָל זענען אַפילו די פאַרבן צו־געדיכט, איבערגע־לאָדן, צופיל לאָקאַל. עס פאַרבלייבט אָבער ווי אַ קינסטלע־רישער דאָקומענט פון אַ גרויסן ווערט, אַ דאָקומענט פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן גערענגל.

דער טאָג־טעגלעכער קאַמף רייסט אָפּט איבער ביי כלאָוונע קאַגאַן די אינטענסיווע אַקטיוויטעט. ער ווייסט נישט וואָס פריער — צו דינען דער אָרעמער, אונטערדריקטער מאַסע מיט דער פעדער, אָדער מיט טאַטן, מיט קאָנקרעטע מעשים. די נערוועזיטעט אינעם יידישן וואַרשע גיסט זיך איבער, צע־וואַקסט זיך. יעדן טאָג — נייע געשעענישן, יעדן טאָג אומ־גערעכטע אַרעסטן און מען מוז אַלץ ווידער אָנהויבן פונ־דאַסניי. אָבער די שפּרודלדיקע ענערגיע שעפּט זיך נישט אויס. צעשטערטע אָרגאַניזאַציעס ווערן ווידער, מיט נייעם מוט און פרישן גלויבן, אויפגעשטעלט, עס ווערט ווידער צונויפגעבונדן פעדעמל צו פעדעמל. כלאָוונע קאַגאַן פאַלט צולעצט אַריין אין תפיסה, זיצט אָפּ אַ לענגערע צייט און נאָכן אַרויסקומען, זעצט ער ווידער פאָר זיין אַרבעט.

אין פאַרלאַג מאַרק ראַקאָווסקי דערשיינט אין 1935 זיינס אַ גרעסערע דערציילונג „אויפן טייך״. דאָ צאָלט ער אָפּ דעם הוב דאָס יאָר 1920. אין אַ ברייטער, עפּישער שיל־דערונג וויקלט ער אויף די עפּאָכע פון פּוילישן „דראַנג נאָך אָסטן״, וואָס צילט, ווי אַ מעסער אין רוקן, זיך אַריינצו־שניידן אינעם לאַנד פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. די פּוילישע שליאַכטע, מיט דער פולער אונטערשטיצונג פון די מערב־אייראָפּעאישע אימפּעריאַליסטן, מיט דער הילף פון די ווייסע באַנדעס, וויל אָפּרייסן לעבעדיקע שטיקער פון רוסלאַנד, אין דעם מאָמענט, ווען זי שטייט נאָך אין פולן אָפּווער־קאַמף מיט די אינעווייניקסטע שונאים. ער וויזט די קלאַסן־צעטיילונג צווישן דער יידישער מאַסע גופא, זייער אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

דער פאַרשאַרפטער קורס אין פאַשיזירנדיקן פּוילן אין 1935, די מאַסן־אַרעסטן, דער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע, געשאַפן אונטערן דירעקטן איינפלוס פון היטלער־דייטשלאַנד, צילט פולשטענדיק צו צעברעכן די אַרבעטער־באַוועגונג. דער אונטערגאַנג פון דער „ליטעראַ־רישער טריבונע״, די פּראָצעסן, וואָס ווערן פאַרפירט קעגן די רעדאַקטאָרן, שטויסן אייניקע פון די שרייבער אויסצו־וואַנדערן, באַזונדערס לאָקט דעמאָלט אַלעמען פראַנקרייך, דאָס לאַנד פון אויפקומענדיקן פאָלקס־פראָנט, דאָס לאַנד פון אייראָפּעאישן אַזיל. עס לאָקט זיי אויך די אינטענסיווע יידישע קולטור־באַוועגונג, וואָס לאָזט זיך דעמאָלט באַזונ־דערס מערקן אין פּאַריז. אַ שטיקל צייט לעבט דאָ אין פּאַריז דער דיכטער בינם העלער, עס קומט אַהער משה שולשטיין. דאָ ווערן אַרויסגעגעבן ביכער, זשורנאַלן, מען איז אין פיבער פון צוגרייטן דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס.

מיטן וועג פון געשוואָרצטע גרענעצן כאַפּט זיך אויך כלאָוונע קאַגאַן אַריבער קיין פּאַריז. ער איז מיד, נערוועז, ער זוכט אָביסל רו. ער וויל שטילערהייט, אינאַזייט פונעם גערויש, אַרבעטן און די אָוונטן אָפּגעבן זיין שרייבערישער טעטיקייט. אַזויפיל וויכטיקע און גרויסע פּלענער מאַטערן אים.

ער האָט דאָ געוואָלט איבערוואַרטן די שטורעמס, אָבער אויך אַהער זענען די שטורעמס דערגאַנגען אים צו פאַר־שווענקען. ווי אַ סך אַנאָנימע העלדן, איז ער אַוועק אין די לאַגערן, פונוואַנען ער וועט זיך שוין מער קיינמאָל נישט אומקערן.

זיין ליטעראַרישע ירושה פאַרבלייבט פאַר אונדז הייליק. מיר וועלן זי ווייטער דורכטראָגן דורך אַלע שטורעמס און וואָגלענישן.

# פון כלאוונע קאגאנס שריפטן

## מאסע

אַ פאַרפלעקטער הימל פון רויך און שטויב האָט באַדעקט דעם פּאָזיציע־שטח; אויף דער אייזערנער בריק האָבן געס־קריפּעט נישט געשמירטע רעדער פון אָנגעלאָדענע וואָגנס; לענגאויס, איבערן הויכן אָנשיט האָבן גאַלאָפּירט רייען קאַוואַלעריע מיט רויט־ווייסע שטאַנדאַרן, ווייט געצוייגענע צווישן שורות שווינדל און שפיגלדיקן געווער; און אַוואַדיע שיפּער האָט געפויזעט פאָרויס דורך טאָלן און גריבער. הינ־טער אים האָבן זיך געבויגן רוקנס, האָט געזונקען איין שאָטן־פלעק נאָכן צווייטן אינעם אָליעכע־וואלד אריין. סראָליק איז געבליבן ליגן צווישן גראָז, פאַרטשאַדעט מיט שאַרפע ריחות פונעם פייכטן וועלדל, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט זיסע שאָטנדיקע קילקייט און האָט געזויגט היץ פון זיינע אַלע גלידער.

— ווו איז דאָס יינגל ? האָבן זיך אָפּגעשטעלט טאַטעס פון קינדער.

— לאָזט מיך אַביסל ליגן . . . איכל אָניאָגן . . . האָט זיך סראָליק געגליטשט פון הענט.

אַוואַדיע האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע ברייטע אַקסלען צו דער ערד :

— נו, מזיק, קלעטער אַרויף אויפן פּלייצע פאַר אַ באַראַנ־טשיק, גיך, נישטאָ קיין צייט . . .

סראָליק איז אויפגעשפּרונגען, אַזוי ווי מ׳וואָלט אים א שטאָך געטון מיטן וואָרט „באַראַנטשיק”, וואָס פּאַסט פאַר אַ צוויי־יאָריק קינד. פון די גרינע בלעטער האָבן אַראָפּגעקאַפּעט טראָפּנס בלוט פון קרעכצנדיקע פייגל, דער ארום האָט גע־כליפּעט מיט אויסגעפּלאַצטע שיסערייען, זעלנערישע קולות האָבן געהילכט גאַר נאָענט : „פאַרצוימט נישט דעם וועג, הינטיש בלוט !” און אַוואַדיע האָט געפירט צו אַ ליידיקן, רואיקן שטיקל אָרט ביים אָנשיט און געהייסן דעם עולם זיך אַריבערפּעקלען איבער די שינעס אויף יענעם זייט, אין די לאָזעס אַריין.

— גזלן, ווהין פירסטו אין סאמע פייער אריין ? — האָבן געשטאַמלט מיילער, פויזנדיק איבערן אָנשיט, אונטער אַ האָגל קוילן פונעם נאָענטן בריק.

סראָליק האָט זיך געשייערט צווישן לאָזעס, ווי א גענע־טער. זיין פּנים איז געווען פאַרשפּינט מיט זונען־פעדים. די הענט זענען אים געווען שוואַך — אָפּצובויגן צווייגן פוןביידע זייטן, האָט ער מיטן פוס געטראָטן אויף שטאַמען, און בויגעוודיקע לאָזעס האָבן זיך אויסגעלייגט אין דער לענג פאַר אַ בריק. דעם מידן עולם איז געפעלן געוואָרן דעם יינגלס איינפאַל. „דו ביסט גערעכט, קליינער” — האָבן זיי אים נאָכגעטון, און אַוואַדיע שיפּער האָט געשריגן, נישט געלאָזט אָפּדעקן די קעפּ פאַרן שונאס אויג.

— אַוואַדיע, מ׳ר קאָנען דאָ אָפּרוען אַ ביסל . . . האָבן זיך געבעטן שוואַכע קולות . . .

— אין די בעטן ט׳איר רוען און פלאָדזשען וואַנצן !

אַוואַדיעס ברום איז געווען בייסיק און שרעקעוודיק, ווי די רוישנדיקע לאָזעס. זיינע פינצטערע אויגן־ראַמען האָבן גע־זונקען אין סודות, אַזוי ווי זיי פאַרבאַהאַלטן דעם שיפּער־יחוס פון זיין טאַטן, וואָס איז אויך געווען אַ גאַנץ לעבן אַ שיפּער און אויסגעהויכט די נשמה אויפן דעק שיף, אונטערן פרייען הימל צווישן לאָזעס. אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַרבאָרגן זיינע פאַרקויפטע, יינגלשע יאָרן נאָך ביים נגיד יהושועס טאַטן צו היטן אָזערעס פיש גאַנצע מעת־לעתן פון גנבים, פאַר ברויט מיט וואַסער און פאַר אַ פּאַר צוגעזאָגטע פּליודערן אויף פּסח; אַזוי ווי אַט די סודות־פאַרזונקענע אויגן וואָלטן געזוכט יענע נעכט, ווען ער האָט אַדורכגעשווומען מיט יהושועס געהילץ צווישן שטעט, ווו ס׳האָבן קולות און שטילקייט גע־קלונגען און גערופן צום קאַמף פאַר אַ באַפרייטן לעבן און זעטיקן ברויט. ער האָט א נעם געטון סראָליקן פאַרן הענטל און אים צוגעפירט צו אַ קאַנאווקעלע, צו נידעריקע ביימעלעך מיט רויטע קאַלינעס :

— פאַרזוך, מזיק, די רויטינקע. זיי זענען זיס און וועסט פאַרשפּאָרן אַ טרינק אויך.

סראָליקן איז ליב געוואָרן דער שיפּער. אַזוי זיס, ווי די קאַלינעס. און אַז געווער האָט אויפגעהערט צו שיסן, דער גערויש פון באַן איז פאַרשוווּנדן ערגעץ, און אַוואַדיע שיפּער האָט זיך אויסגעצויגן איבערן גראָז מיט אַ צוגעלייגטן אויער צו דער ערד, האָט סראָליק אויך געטון דאָסזעלבע. זיין קעפּל איז אָבער באַלד צוריק אָפּגעשפּרונגען פונעם גרויסן גערויש און געלויף, וואָס האָט געהויבן דעם אַרום. און פּלוצים האָט אַזוי שטאַרק אויסגעדונערט, אַז דער הימל איז אַראָפּ־געפאַלן אויף דער ערד, די לאָזעס זענען אָפּגעשפּרונגען גאָר ווייט פאַר זיינע אייגעלעך.

— נאָ, די אייזערנע בריק איז שוין באַגראָבן ! — האָט אַוואַדיע אויפגעוועקט דעם צעפּאַלענעם עולם, אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ גראַנאַט און שטיל אויסגעמורמלט :

— איצט ברידער, זייט גרייט . . . די פריצישע משרתים מוזן זיך דאָ אַרומדרייען און מיר דאַרפן זיי גוט אַרומשמעקן, ווי הינט אַ ביסן . . .

— ווו זעסטו עמעצן, וואָדקע ?!

— נישט אייער דאגה . . .

סראָליק האָט אָנגעטייטלט צו א הויכן דעמב, וואָס איז געווען צעוואַקסן איבער אַ שטיקל פרייען גראָזיקן שטח.

— איכל אַרויפקריכן אויפן בוים, — האָט ער זיך געבעטן.

— געךעכט, מזיק, קריך אַרויף און זאָג, וואָס אַרום טוט זיך.

— האָט אָוואַדיע אים אונטערגעהויבן.

סראָליק האָט געקלעטערט געשווינד איבער צווייגן ווי א וויעוויערקע. זיינע אויגן האָבן באַגעגנט אַרויסגעבלישטשעטע פערדישע קאָפּיטעס, באַגנעטן און ביקסן און פּיקעס דורך צעשפּריצטע זיילן זאַמד און שטויב ; אויף דאַמף־שיפן האָבן זיך באַוויזן מאַטראָזן מיט קיילעכדיקע, נאַקעטע לייבער, וואָס זענען געווען איינגעהילט אין דאַמף, ווי קאָכיקע סאַמאָוואַרן ; און די בריק איז געלעגן פאַר אַ לייטער אין טיפן וואסער אריין.

— נישטאָ די בריק! — האָט ער אַראָפּגעשריגן מיט אַ פאַרקלעמט קולעכל.

—אַהין־אָ קוק ! — האָט אָוואַדיע אָנגעוויזן צום דאָרף.

סראָליק האָט געווישט די אויגן מיטן ארבל. ארום די קלויסטער־שפּיצן האָבן זיך געקרייצט פייערלעך פון קוילן.

— אַז כ׳קען דאָרטן נישט קוקן, מ׳שיסטאָך . . .

— באַטראַכט נאָר דאָ, — האָט אָוואַדיע געטייטלט צו די לאָזעס.

סראָליק האָט געקוקט צו די קיילעכדיקע שאָטנס פון סטויגן היי, וואָס האָבן אויסגעזען ווי סאַזשע־רעדער, און צווישן זיי האָט אַרומשפּאַצירט איינער אין אַ פּעלץ און לאַפּטשעס.

— אָ, אַ הויכער גוי גייט צו אונדז . . . האָט ער אַרויסגעשטיקט.

— קריך אַראָפּ, גיך !

סראָליק האָט געטאנצט צוריק א דערשראָקענער. ער איז געשפּרונגען פלינק צווישן דעמבעס־צווייגן, אַראָפּטרייסלענדיק נאָך זיך בינטלעך חזיר־ניסלעך. אָוואַדיע האָט פאַרביסן די ליפּן, באַפוילן אַלעמען נאָכצוגיין שטיל אַ פאָר צענדליק טריט הינטער אים. ער האָט גענומען סראָליקן פארן הענטל און געשפּאַנט צווישן שיטערע לאָזעס, ביז ס׳האָט זיך באַוויזן די גאַנצע הויך פונעם אָנגעפּעלצטן, וואָס איז געגאַנגען אין דער ריכטונג צום טייך מיט אַן אויסגעטראָטענער סטעזשקע. אוואדיע האָט באהאלטן סראָליקן אין א קוסט, ארויסגעצויגן פון קעשענע אַ גראַנאַט, צערעכט געמאַכט דעם קאַפּסול, אויסגעזוכט אַ טאָל צווישן לאָזע־וואָרצלען לעם דער סטעזשקע, אָפּגעוואַרט ביז דער פרעמדער איז צוגעקומען דריי טריט פון אים און זיך האַסטיק אויפגעשטעלט.ביידע האָבן זיך אַ ווילע שטרענג איבערגעבליקט,ביידנס הענט זענען געווען אויסגעשטרעקט מיט גראַנאַטן, און דער פרעמדער האָט צוערשט געפרעגט :

— ווער ביסטו אַזעלכער ?

אָוואַדיע האָט באַטראַכט דעם פרעמדנס אויסגעפּאַשעטע צורה, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז נאָר־וואָס פון פּריצישער קעסט אַראָפּ. ער האָט נאָך אַ קליינער הפסקה טראַכטנדיק אָנגעהויבן צו שפּילן זיין איינגעפּאַלענע פאַרשטעלטע ראָל :

— איך בין אַ באַלאַכאָוויטש, געהערט ? !

איבערן פרעמדנס אויסגעפּאַשעטן פּנים האָט אַ שפּריץ געטון אַ כוואַליע בלוט, די אויגן זענען אים געוואָרן פאַרצויגן, קוקנדיק אויף אָוואַדיעס אויסזען פון אַן אויסגעמאַטערטן טשערקעס.

— ביסט פונעם קאַפּיטאַנס אָפּטיילונג, פון זאַרעטשיע ?

— האָ־האָ, האָט אָוואַדיע אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, אונדזער קאַפּיטאַן האָבן מיר אָנגעווירן צוליב פאַרשיווע יידן . . . קוילענען דאַרף מען זייערע קינדער אין די וויגעלעך . . .

איצט זענען ביידנס גראַנאַטן צוריק אַרייַנגעלייגט געוואָרן אין די קעשענעס. דער פרעמדער האָט פאַרזשמורעט שטייף די אויגן, אַז די שוואַרצע, דינע ברעמען האָבן זיך צענויפגעגאָסן, ווי פליסיקע שטראָמלעך טינט.

— ניין ! האָט ער באַוויזן אַ קיילעכדיקן פויסט, ווי אַ רויטן עפּל. — ניין ! אַ טכוזש איז אייער קאַפּיטאַן !.. פאַר סמאַרקאַטע זשידקעס און קאַלטאָנאָוואַטע פּאַראָבקעס איז ער אַנטלאָפן... איך בין דעם פּריצס עקאָנאָם. אונדזער מאַיאָנטעק פאַרנעמט הונדערטער קוואַדראַט־מיילן. מיר לאַכן פון דעם נישטיקן געהאלט, וואָס זיינע קאַפּיטאַנישע עפּאָלעטן האָבן געקאָסט . . . אָבער כ׳וועל אים אין ווארשע אָנלערנען פאַר פּריצישן כבוד ! . . .

ביי אוואדיען האָבן געציטערט. די ברעמען — פאַר אים שטייט דער, וואָס האָט געקויפט באַלאַכאָוועצעס . . . ער איז פלינק פאַרלאָפן פאַרן שונאס פּלייצע, איינגעקלאַמערט יענעמס פינגער אין זיינע פויסטן און אויסגעשריגן ווילד :

— גיב זיך אונטער, פּעטע מאָרדע !

דער אָנגעלאָפענער עולם האָט אויפגעהויבן פון דער ערד די צאַפּלדיקע פּאָר. מ׳האָט אָפּגעשפּיליעט ביים געפאַנגענעם דעם גאַרטל, וואָס איז געווען אָנגעשטעקט מיט קוילן, מיט צוויי באַזאָרגטע רעוואָלווערן און אויסגעטרייסלט זיינע קעשענעס גראַנאַטן.

סראָליק האָט צעשטעלט צעשראָקענע אייגעלעך :

— איר ט׳אים הרגענען ?

— און אַ לעבעדיקער לוינט דיר נישט ? — האָט אָוואַדיע אויסגעסאַפּעט אַ שמייכל און אָוועקגעשטעלט דריי שטאַרקע בחורים צו באַוואַכן דעם געפאַנגענעם פון דריי זייטן.

— נו, חברה, פירט אים צו צו אַ ברעג . . . האָט ער זיך געוויצלט.

אַ שטומער עולם־געלעכטער, באַבערדלטע קרעמערלעך האָבן געצוקט מיט די אַקסלען, דערקאָנענדיק דעם פּריצס עקאָנאָם. זיי האָבן זיך איבערגעשושקעט שטיל און נאָכגעגאַנגען נעבעכדיק אָן אַ זייט, ווי פאַרמשפּטע פון זייערע געפּיי־

ניקטע געדאַנקען: „סאַמער, באַהיט גאָט, גיט זיך אַ דריי דאָס רעדל צוריק?... ביי אוואדיען האָט אַלץ גערעדט אין פּנים, אַפּילו די אויערן האָבן אויסגעזען ווי באַוועגלעכע. ער האָט פּאַנאַנדערגעזאָגט בחורים סמנים, לויט וועלכע מ׳זאָל גיין באַקוקן די לאַנגע אַזערע, וואָס האַקט איבער דעם וועג.

סראַליק איז נאָכגעלאָפן די עטלעכע בחורים אויסקוקער, ער האָט געזען די אַלע סמנים, וואָס אוואַדיע האָט אָנגעוויזן: אָט איז דאָס ביסל לאָזעס, וואָס קרייצן אויס אַ „ר״ לעם קיי־לעכדיקע קוסטעס הושענא־ביימלעך. נאָכדעם גייט אַ שטיק שטח פון אַ גלאַט באַגרעזלטן אָרט, וואָס אין סאַמע מיטן שטייט דער דעמבע־דריילינג פון איין וואָרצל געוואַקסן. דערנאָך ציען זיך די בלאָטיקע קאַנאַוקעלעך, ווי שוואַרצע אָדערן אויף אַ געשוואָלענער האַנט (אַזוי האָט טאַקע אוואַדיע געזאָגט); די קאַנאַווקעלעך זענען באַוואַקסן מיט רויטינקע קאַלינעס־ביימעלעך, און ווייטער גייט דער געדיכטער פּלאָנטער פון קרומע, גרוילעכע לאָזעס, ווי קאַלטענעס. סראַליק האָט פּלוצים אָנגעהויבן טאַנצן און פייפן, באַמערקנדיק פון דער ווייטנס טאַנצנדיקע פערד מיט געפּענטעטע פאָדערשטע פיס.

— וואָס פייפסטו, קליינער שד? לייג זיך אַנידער און באַהאַלט דעם קאָפּ...

— אַ־אַ... האָט סראַליק געפייפט נאָך שטאַרקער און גע־טייטלט צו די באַוויזענע שפּיציקע ביידלעך פון לאָזעס: — אַ־אַ, דאָרטן ליגן פּאַסטוכער...

ס׳זענען נישט געווען קיין פּאַסטוכער, נאָר אַ חברה בעלי־עגלות און וואָזאקעס האָבן אָפּגעקלעפּט זייערע בייכער פון דער ערד, באַמערקנדיק אייגענע מענטשן; זיי האָבן געשניטן מיט וואַגיקע הענט די געדיכטע לופט איבער די בלאָטעס:

— אַהער מלאכים!

סראַליק האָט באַמערקט אַ פאַרבאַהאַלטענע לאָדקע צווישן קוסטעס, פונוואַנען ס׳איז אַרויסגעשפּרונגען אַ געלער בחור, וואָס האָט פון די שיפן אוועקגעפירט דאָס קראַנקע מיידל. דער געלער בחור איז צוגעקומען פריער פאַר אַלעמען, אויסגע־טרייסלט זיין געלן קאָפּ צעשטעלטע האָר, ווי אַ האָז צו די עטלעכע דערשראָקענע בחורים פונדערווייטנס און געלאָזט הערן זיין גראָבן דאַרפישן „ר״:

— דאָס זענט איר און גאָר...? די איבעריקע האָבן באַלאַ־כאָוועס אויף קאָטלעטן צעריבן, וואָס? אַ כאַליערע!

סראַליק איז אים אנטקעגן געקומען דער ערשטער מיט אַ פראַגע:

— וווּ איז אייער קראַנקע מיידל?

דער געלער בחור האָט דערקאַנט דעם יינגל פון די שיפן, פאַרציטערנדיק זיינע וואַסערדיקע אויגן.

— וואָס ווילסטו פון מיר האָבן, קליינער? — האָט ער געהויבן די אַקסלען. — דאָס מיידל ליגט אויף יענער זייט אַזערע. אָבער דערצייל נאָר, קליינער, ווו זענען אַלע מענטשן פון די שיפן?

—— קומט מיט מיר — האָט אים געשלעפּט סראַליק פאַר דער אָרעפּגעהאַנגענער טאָרבע מיט עסנוואַרג. — קומט, איכל אייך ווייזן... מ׳פירט אַ הויכן גוי מיט אַ פעלץ... און ער איז געלאָפן צוריק צו אוואַדיען, לויט די זעלבע סימנים, מיט וועלכע מען איז אַהערגעקומען.

— אַ, איר זעט? האָט געטייטלט זיינס אַ פינגערל צו די קאַנאַווקעלעך, וואָס זענען געווען אויסגעשפּרייט מיט מענטשן.

עולם איז באַפאַלן דעם בחורס טאָרבע עסנוואַרג; אויס־געהונגערטע אויגן און מיילער פון קאַרגע דריי מעת־לעת, האָבן אַרומגערינגלט דעם איינציקן באַקומענעם לעבל ברויט.

— שניידן פּאַסן אין דער לענג און אין דער ברייט! — האָט געעצהט איין קול.

— ס׳עט נישט זיין קיין גלייכע חלקים פון דער האַלבער קויל ברויט! — האָט אָפּגעענטפערט אַ צווייט קול.

אַ טומל, אַ געפּילדער. ס׳לעבל ברויט איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך פון שטאַרקערע הענט, שוואַכערע האָבן אויס־געטרייסלט פון טאָרבע ברעקלעך געבאַקענע קאַרטאָפל; מ׳האָט געשעפּט בלאָטיקן וואַסער אין די היטלען און פאַרזוכט. דער געלער האָט אויסגעשפּיגן, געזוכט מיט די אויגן אין אַלע זייטן, אָבער נישט געקענט געפינען דעם סוחר, וואָס האָט אים געזיכערט דעם געצאָלט פאַרן אָפּפירן דאָס קראַנקע מיידל.

—וואָדקע, האָט ער געפרעגט, כ׳זע דאָ נישט דיין בעל־הבית יעשוען...

— כ׳האָב איבערגעלאָזן מיין בעל־הבית ביים רב ווידוי זאָגן... האָט אויסגעהוסט אוואַדיע שיפער, צוליבן פאַר־שטאָפּטן מויל מיט דער קאַרטאָפל, וואָס סראַליק האָט אים באַזאָרגט. — העי, זאָג נאָר געלער, פאַראַן עפּעס אַ לאָדקע לעם אַזערע?

סראַליק האָט אַרויסגעכאַפּט דעם ענטפער, געשלעפּט דעם שיפער פאַר דער פּאָלע:

—פאַראַן די לאָדקע. קומט, איכל אייך ווייזן, ווו זי ליגט...

פונדערווייטנס האָבן אויסגעשטעלט בעלי־עגלות זייערע אַרויסגעשטאַרטשעטע, געדיכט־באַוואַקסענע קיין־באָקן.

— כ׳לעבן, האָבן זיי אַלע מיטאַמאָל איבערגעחזרט. — כ׳לעבן, אָט איז ער, וואָדקיע... זעט נאָר סאַרא שדישן פּנים ער טראָגט, און מאַרשירט גאָר ווי אַ גאַנצער פּול־קאָווניק...

— נאַ־נאַ, מאַכט אַ וועג, חברה שמייסער! האָט זיך אוואַדיע צווישן זיי אָדורכגעשייערט.

דער פרישער עולם האָט באַגלייט שטום מיט פאַרזשמו־רעטע אויגן די דריי באַוואָפנטע בחורים מיטן געפאַנגענעם עקאַנאָם ביזן ברעג. אויף יענער זייט אַזערע זענען געלעגן אויסגעשפּרייט אויף אַ לייריקן שטיקל גראָז רעדלעך אָנגע־פּעלצטע גופים, ווי סטאַדעס שעפּסן נאָכן טרינקען. ס׳האָבן זיך באַוויזן קעפּ נאַקעטע און באַדעקטע מיט קוואַקע־היט, מיט שעפּסן־קוטשמעס, מיט מיידלשע צאַפּלדיקע צעפּ. ס׳האָבן גע־בלישטשעט צווישן זון און וואַסער שאַרפע העק, קאָסעס און גליענדיקע פייערלעך פון גראָבע מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן. אוואַדיע

האָט אַרויסגעריסן פּײכטע, זינע לאָזעס מיט די וואָרצלען, צונויפגעפלאָכטן פון זיי אַ לאַנגע שטריק לויט אַ מאָס אויף זיך, עטלעכע מאָל איבערגעוויקלט איבערן אײגענעם קערפּער, און געהייסן דעם עקאָנאָם ארויסרוקן דאָס פּנים פון פּעלץ. דער עקאָנאָם האָט באַוויזן זיינע שוואַרצע אויגן, וואָס זענען געווען אַדורכגעפלאָכטן מיט בלוטיקע אָדערלעך:

— גיב עפּעס פאַרויכערן, אומריינער גייסט . . . האָט ער אויסגעבורטשעט:

— אָט האָסטו ! — האָט אים אַוואַדיע צוגעוואָרפן זיין בייטל מאַכאָרקע. — פאַרויכער און פאַרטרייב די זאָרג און ציטער נישט . . . אַ פויערשע קאָסע ט׳דייך קאָפּ נישט אַראָפּהאַקן . . . כעל דיך צושטעלן וווהין מ׳דאַרף, מעג מיר מיין לעבן קאָסטן...

— פאַרשטונקען איז דיין מאַכאָרקע, ווי דו ביסט אַליין ! — האָט דער עקאָנאָם אַ שלײדער געטון דאָס בייטעלע מאַכאָרקע אָן דער ערד.

— צי זיך אויס פּריצישער קאָזאַק ! — האָט אויסגעכריפּעט אַוואַדיע שיפּער.

דער עקאָנאָם איז געבליבן ליגן פעסט איינגעבונדן מיט דער לאָזע־שטריק אין לאָדקע.

— וואַדקע, וואָס טוסט עס ? ! האָבן אים באַוואָקסענע ליפּן געשטאָכן אין אויער.

— כ׳פרעג אייך נישט ! — האָט ער זיי אָפּגעשטויסן.

— פון זארעטשיע ? — האָט מען געפרעגט די פריש־אָנגעקומענע.

— פון זארעטשיע.

— מיר האָבן אייך שוין אָפּגעקלאָגט .. . האָט געטרייסלט אַ נידעריקער, אלטער ייד זיין גרוי־שפּיציק בערדל, ווי אַ בער־שטעלע פון צייטיקער קוקורוזע בעת אַ ווינט. ער האָט גלייך אויסגעוויינט דאָס ביטער האַרץ, וואָס אין זיין שטעטל האָבן זעלנער צוגענומען דעם רבס זון מיט נאָך עטלעכע בחורים, אַלס באָלשעוויקעס, און געצוואונגען פאַרן טויט אונטערצושרײַ־מענען אַ שטיקל אָנגעשריבענעם פּאַפּיר, אז זיי די אומשול־דיקע בחורים האָבן עס אונטערגעצונדן דאָס שטעטל און פאַר־ברענט אַלע הייזער...

— נאָט קוקט ! האָט באַוויזן אַן אלטער, אָנגעפּעלצטער גוי־טשיק אַ פאַרבלוטיקטן אַרבל, וואָס איז געווען אדורכגעזיפּט מיט לעכער פון קוילן. ער האָט געריסן מיט קללות אויף סאָל־דאַטן, וואָס זענען געקומען זוכן זיין זון, און דערווייל צעשטאָכן אַלע חזירים און עופות. דאָס ווייב האָט נישט געלאָזט, איז זי גלייך געפאַלן טויט אונטער אַ קויל און אים איז קוים צייט פאַרבליבן אַנטלויפן מיטן פערדל אין די לאָזעס אהערצו.

— האָ־האָ!... האָבן אָפּגעענטפערט מיטאַמאָל פון אַלע זייטן די געדיכטע לאָזעס, וואָס זענען געווען באַבליצט מיט שאַרפן פון קאָסעס אין העק, מיט אָנגעלאָדענע אויגן פון נקמה־דורשט..

סראָליק האָט אויפגעזוכט צווישן מיידלעך יענץ קראַנק מיידל פון שיף, וואָס איז אָפּגעפאָרן מיטן געלן בחור. איצט איז זי געזעסן אויף אַ צוויג, אָנגעטון אין אַ רויטער גוישקער טיכל און געפלאָכטן עפּעס פון לאָזע־ריטלעך. ער איז צו איר צוגעלאָפן דרייסט.

— איר זענט שוין געזונט ? האָט ער געפרעגט.

דאָס מיידל האָט אויסגעצאָפּלט דעם בלייכן פּנים מיט גע־ענדערטע פאַרבן:

—ביסט אויך געפאָרן אין די שיפן ?

— אוודאי . . .

— און ווו איז דיין היים ?

— כ׳האָב נישט קיין היים...

ביי אים איז דאָס קעפּל פאַרשעמט צוגעפאַלן צום האַרצן.

בלאַוונע קאַגאַן

**א ו י פ ן ט י י ך**

◆

ביבליאָטעק מארק ראקאווסקי

— ס׳מיידלס אַרויסגעפּויזעטע קרייזעלעך האָר פון אונטער דער רויטער טיכל, אירע בלישטשענדיקע שוואַרצע אויגן און בלייך פּנים האָט אים דערמאָנט מלכהלען מיט דער שרעקעדיקער נאַכט. ער האָט אויסגעפּלאַצט מיט אַ פּלוצים־דיקן, פּישטשעדיקן געוויין, ווייט צעקלונגען צווישן לאָזעס.

דאָס מיידל האָט אדורכגעפירט אַ קלאָרע, קאַלטע האַנט איבער זיין בלאָטיקן, פאַרהיצטן פּנים און צוגעדריקט אים פעסט צו זיך.

— וויין נישט קראַנקינקער... דוסט פאָרן מיט מיר, גוט?

— האָט זי אים געטרייסט.

— אז איך ווייס נישט וווהין... האָט זיך סראָליק געצאַפּלט אין אירע הענט.

— דוסט פאָרן מיט מיר אין אַ סאַניטאַרנעם וואַגאָן, גאָרוויט . . .

— מ׳האָט דאָך די אייזערנע בריק צעבראָכן !

— אָך מייַן טייערער ייִנגל . . . האָבן געגלאַנצט צוויי ראָנדן ווייסע ציין, האָבן זיך צוגעקלעפּט אירע פולע ליפּן צו זייַן שטערן.

סראָליק האָט זיך אַרויסגעריסן פונעם מיידלס הענט און פאַריסן דעם קאָפּ צו דער דערבייאיקער גראָבער ווערבע.

— אָ, מירן אַרויפקריכן אויבן, ט׳איר זען די צעבראָכענע בריק . . . האָט ער פלינק אַרופגעקלעטערט אויפן סאמע שפּיץ.

אָבער דאָ האָט ער דערזען גאָר עפּעס אַנדערש : דער טייך איז געווען פוסט און אויסגעבויגן, ווי אַ דוהע ; דאָרט נישט ווייט האָבן זיך געצויגן איבערן זאַמדיקן שליאָך מחנות גאַנצע פון גוישע פורן מיט נאָכגעשלעפּטע סטאַדעס שעפסן און בהמות. די סטאַדעס האָבן געטריבן בייטשן פון פאַסטוכער און זעלנערישע ביקסן אין וואַלד אריין, ווו עס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע קייט פון האַרמאַטן מיט אָן אַ שיעור שורות זעלנער און גאַלאָפּירנדיקע רייטער.

— קריך אַראָפּ צוריק ! — האָט געקוויטשעט דאָס מיידל דערשראָקן.

— אָט איז דאָך די מלחמה אין וואַלד . . . האָט ער געשריגן איבעראשט.

פון עולם האָבן געברומט קולות :

— אַראָפּ פון דאָרטן !

אָבער סראָליק האָט געקוקט ווייטער אין דער אַנטקעגנאיבערדיקער זייט, ווו ער האָט געזען צעגראָבענע פעלדער, גרינע טאָלן, בערגלעך זאמד, קליינע אָליעכעוועלדלעך, און אומעטום האָבן געפּויזעט קעפּ, זענען געקראָכן פערד אויף די בייכער, ווי זשאַבעס אלץ נאָענטער אַהערצוצו.

— אָ, פערד טאַנצן צו אונז . . . האָט ער אָנגעוויזן דעם געלן בחור, וואָס איז געקראָכן צו אים אויפן בויך. דער געלער בחור האָט אויסגעבלעזלט די נעזלעכער, באַטראַכט דעם ארום און פלינק אַראָפּגעשפּרונגען מיטן ייִנגל פול מיט נייעס.

— נא . . . האָט ער געסאַפּעט. — נאָ, גענוג צו וויקן די ביינער אין בלאָטע . . . שוין צייט צו ליגן אונטער דער פערענע . . . אָט האָבן מיר באָלשעוויקעס הינטער די לאָזעס און איך גיי זיי אַרויסרופן !

עלטערע מענטשן האָבן נישט געלאָזט גיין דעם היציקן בחור, מ׳האָט אים געהייסן וואַרטן איבער נאָכט. אָבער דער געלער האָט זיך אַרויסגעריסן פון הענט, אַראָפּגעכאַפּט דאָס רויטע טיכל פונעם מיידלס קאָפּ און גענומען שראָליקן פאַרן הענטל :

— הֶעי קליינער, קום מיט מיר !

בעל־עגלות האָבן אים פאַרצאַמט דעם וועג :

— שטיי האָז, אַז אַ קויל ט׳דיר אַ קיצל טון ביים פּופּיק, ביסטו אויס העלד און מיר בלייבן דאָ אַלע אין טינטער הגדול !

עובדיה שיפער, וואָס האָט זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט מיטן אָפּבינדן דעם עקאָנאָם, איז צוגעקומען מיט אַ פאַרשטיקטן קול פון הונגער און פרייד.

— סמיקאַלקע ! האָט ער געפּיקט מיט אַ פינגער איבערן שטערן און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָ אין דעם אָרט איז גענוג עטלעכע פּאָלעמיאָטן אויף איבערצורייסן דעם שונאס אַ פליגל פון א זייט און מ׳איז געראַטעוועט . . .

אַ גערודער. עולם האָט נישט גערוט, קוקנדיק אויפן געלן בחור מיט ישראליקן, וואָס זענען געקראָכן אייַלנדיק איבערביימער און געפאַלן צוריק מיט אָפּגעקראָכענע אויגן, וואָס האָבן אומרואיק באַטראַכט דעם אַרום פון אַלע זייטן.

און פּלוצים איז דער קלאָרער הימל פאַרפלעקט געוואָרן מיט רויך פון שיסערייען. אַ מהומה, געשרייען, ס׳זענען פאַרשוואונדן געוואָרן מענטשן אינעם גרינעם שווינדל פון גראָז ; ס׳האָבן געהירזשעט געפענטעטע פערד מיט צעווינטעוועטע נעזלעכער, מיט אָנגעפּלאָסענע מיילער פּיענע, אַזוי ווי אָנגעקלאַפּטע ווי־סלען פון אייער.

— אויף די ערטער, טרוסעס ! — האָט עובדיה איינגעשטילט אַזוי לאַנג, ביז דער הימל האָט צוריק באַקומען זיין בלאָע פאַרב.

און באַלד האָט מען דערהערט גאַליאָפּערייען און סאָפּענישן פון פערד, — רויט־געשטערנטע היטלען האָבן א פלאַקער געטון איבערן אַרום. סראָליק איז געזעסן רייטנדיק צוזאַמען מיט א זעלנער אויף אַ צעווילדעוועטן סיבירער פערדל, וואָס האָט געקושט מיטן בויך די ערד. ער האָט פעסט געהאַלטן ארומגערינגלט דעם זעלנערס בויך, און זיינע הענטלעך האָט זיך געפּאָכעט דאָס רויטע טיכל און פון מאָל צו מאָל אַרומגעוויקלט די גליענדיקע פּיקע, וואָס איז געשפּרונגען אזש אין הימל אריין.

— אַהער, כלאָפּצעס ! האָבן זיך באַוויזן קויל־פאַרברענטע צורות און צעשפּילעטע ברוינע הערצער געבאָדענע אין שווייס.

און די לאָזעס האָבן געקושט די ערד. עולם האָט געיאָגט פון אַלע עקן, ווער אויף פערד, ווער מיט צעפליגלטע פּאָלעס העט ווייט . . . מ׳איז געלאָפן צום שליאָך, ווו ס׳האָבן געשמירט שאָטנס מיט פלעקן איבערן באַזונטן, ווייסן, זאַמד. די שאָטנס זענען געווען פון טאַבונעס ריטשענדיקן שאָף, פון שמאָרענדיקע נישט געשמירטע רעדער ; פּויערישע פערדלעך האָבן אויסגעהאָרבעט זייער כוח מיט סאָפּערייען, ביי מענטשן האָבן זיך געפּלאָנטערט די פיס און צעמישטע קולות האָבן געווירבלט ממש, נישט וויסנדיק וווהין זיך קערן.

— רוימט אָפּ דעם וועג ! פאַרקערעוועט דעם שפּאַן אַ־היים צו דער ארבעט ! — האָבן געטריבן קאָמיסאַרן און זעלנער.

ס'האָבן זיך אַריינגעשטויסן מחנות מענטשן און פּי צווישן ענגע שורות הייזער. פון אַלע קעלערס און נאָרעס זענען אַרויסגעקראָכן פאַרבאַהאַלטענע. אויף שטעטלשע הויכע בריקלעך, אונטער די גאַנעקלעך האָבן זיך באַגעגנט הויזגע־זינדן מיט מידע האַרצרייסנדיקע אויסגעשרייען פון צונויפ־געקומענע טאַטעס מיט זייערע ווייבער און קינדער. איבער גוישע שמאָלע געסלעך האָבן זיך געהויבן זיילן שטויב פון צעבושעוויעטע חיות, און דער זוניקער ארום האָט געריסן די נעזלעכער מיט בייסיקע ריחות פון פריש־שמעקנדיקע היי, פון צייטיק־אויסגעשטאַנענע סעדער, פון גרינע גערט־נער.

— הער־הער ! . . . האָט געהילכט די אָנגעפילטע לופט מיט אויסגעהויכטן געדיכטן אָטעם פון באַגעגנטע, שוואַרץ־באַוואַקסענע מיילער. ווי קוימענס רויך פון אַ שטעטלדיקן באַגינען. — העי, זאָג נאָר, וווהין לויפט מען עס ?

— פרעג נישט, ברודער, און פאַרלאָז זיך אויף דיינע אייגענע אויגן. זעסט ? האָט איינער דעם צווייטן געענטפערט.

מ'איז געלאָפן צום פרייען, ברייטן פלאַץ פון גמינע, ווו ס'האָט באַלאַגערט עולם מיט פאַריסענע קעפּ צום רעדנער, צו אַ קאָמיסאַר מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר, מיט אַ צעפּאַ־כעטער האַנט אין דער הויך. דער קאָמיסאַר איז געשטאַנען אויפן הויכן גמינע־בריקל, אונטערן באַהאָנגענעם גאַנעק מיט רויטע שטיקלעך טוך. ער האָט וועגן אַלץ דערציילט קורץ אָבער וויצלדיק ; ער האָט גערעדט פון ווייטע מקומות, אַז אויפן פּראָסטיקן סיביר האָבן נאַקעטע און באָרוועסע חברים געשוויצט אין איינע העמדלעך, ביז קאָלטשאַק מיטן קיסרס יורשים האָבן אָנגעוווירן די פּליודערן ; אַז איבערן וואַרעמען קרים האָט ווראנגעל נישט גערוט אויף איין אָרט אַזוי ווי די פיס וואָלטן אים געפרוירן ; אַז איבער די פעטע אוקראַאינישע פעלדער האָט דעניקין מיסט איבערגעלאָזט פון זיינע אַנטלאָפענע קאַזאַקישע פערד ; — און פעטליורא זוכט אַ זיכערן תהום אין די קאַרפּאַטן ; באַלאַכאָוויטש באַהאַלט זיך ביים שד אין די פינסקער בלאָטעס . . . דערנאָך האָט איבערגעקרייצט דער קאָמיסאַר זיין שווערד און ביקס אַנט־קעגן זיין אייגענעם, פאַריסענעם גאָרל, אַזוי ווי אַ מין צע־רעמאָניע צו אַ הייליקער שבועה און געזאָגט, אַז די זעלבע פאַרהאַסטע געווערן, וואָס זענען הונדערטער יאָרן איבערן אַרבעטער און פויערס האַלדז געלעגן, וועלן די ארבעטער און פויערים פון האַנט נישט אַרויסלאָזן, ביזן לעצטן זיג, ווען מ'וועט דאָס פאַרשליידערן צוזאַמען מיט דער הילצער־נער סאָכע . . .

— ריכטיק ! ! האָבן איבערגעשלאָגן קולות.

ווי איר זעט, האָט דער קאָמיסאַר איינגעשטילט מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט — האָבן אונזערע שונאים פאַר אונז אַלע וועגן צעשמעטערט, אַלע וואַסערן פאַרמינעוועט. נאָר... ער האָט אויסגעדרייט דעם ברודיקן וואַסער־שווייס פונעם העמד, — נאָר אין אָט דעם שווייס זענען מיר צו אייך גע־שווימען און באַפרייט פון די נאַרעס, און אַזוי וועלן מיר איצט צוזאַמען ווייטער גיין באַפרייען אונזערע ברידער אַר־בעטער אומעטום ! פאַרגעסט נישט, אַז אונז רינגלען ארום די גאַנצע וועלט שונאים מיט זייערע געקויפטע באַנדעס סיי מיט אייגענע מיטלען, סיי פאַר אַמעריקאַנער דאָלאַרן און קוילן . . . אָבער אונזערע מאָזאָלן־הענט זענען די מערהייט אומעטום איבער אלע ערד־טיילן און לענדער און דאָס איז אונזער כוח און גאַראַנטיע פאַרן זיכערן זיג ! פאַרגעדענקט, אַז אונזערע ברידער ארבעטער און פויערים גיסן פון זיך טייכן בלוט און מיר מוזן זיי גיין העלפן צו מאָנען אונדזער הייליקן גערעכטיקן חוב און רוף : זאָל לעבן די פרייהייט, אין קאַמף פאַר אונדזער באַפרייאונג !

— הוראַאַאַ ! ! ! האָט די מאַסע מיט טרוקענע קולות פון הונגער געשטורעמט און נישט געלאָזט דעם רעדנער פאַר־ענדיקן.

אַ פרישער טומל איז אויסגעוואַקסן אָן אַ זייט, ווו עובדיה שיפער האָט באַשיצט דעם עקאָנאָם פון אויפגעבראַכ־טער פויערישער רציחה, ביי פויערים האָבן זיך אָנגעשעפּט די אויגן מיט פול בלוט. ס'האָבן געווילדעוועט פויסטן און מיילער האָבן געמאָנט נקמה פונעם הינטישן עקאָנאָם. דער זעלבער עקאָנאָם האָט יאָרן געבאַלעבאַטעוועט מיטן פריצס מאַיאָנטעק, ער האָט טריי געהיט די פריצישע גראָזן און אַלעמען געפייניקט ביז צום טויט און פון פיר וועגן פאַרטיקן היי האָט ער דריי פודן פאַרן פריץ אָפּגעלייגט און נאָך גע־הייסן איבער די ווייטע, צעקאַליעטשעטע וועגן אָפּפירן אין הויף אריין. —

— סאַמאָסוד ! האָבן זיך די פויערים געריסן.

עובדיהס פאַרבלאָטיקטער קאַרק האָט אַרויסגערוקט קרומע פאַלבן, ווי לאָווע־וואָרצלען ; ער האָט געצילעוועט גראַנאַטן אין פויערישע פנימער אריין און פאַרהיט דעם קרבן, ביז דער רעדנער איז צועקומען.

— חברים ! האָט דעם קאָמיסאַרס פאַרברוינטע האַנט קופּערדיק געשווינדלט אַנטקעגן זון. — חברים נידער מיטן אַלטן משפט „סאַמאָסוד".

זעלנער האָבן צוגענומען דעם עקאָנאָם. עובדיהן האָט מען צוגעפירט צו אַן אָנגעלאָדענער פור מיט ביקסן, גע־הייסן אים אויסקלויבן וועלכע ביקסן־שלעסער ער וויל. עו־בדיה האָט באַקוקט מבינ‌יש די פאַראָסטעטע ליופעס און אויסגעשפּיגן.

— אַהאַ, האָט ער זיך געוווּנדערט, אַז אירט זיין בריות און כאַפּן אַ לעבעדיקע מילב, ט'זי אויך נישט אַדורכקריכן אין די פאַראָסטעטע טרייבעלעך . . . און פון די קוילן מעגט איר מייסטרעווען ציגאַרן־שפּיצלעך . . .

— נישט קלאָג, אַלטער סאָלדאַט . . . האָבן אים געשמייכעלט רויטאַרמייער אין די אָנגעשוואָלענע אויגן אריין. — די ביקסן וועלן דעם מאָגן נישט פארשטאָפּן . . .אַ שאָד די שמאַטעס פון נאַקעטן פוס אָפּוויקלען און אביסל אייל פון מיטאָג אָפּשפּאָרן.

דער קאָמיסאר איז צוגעקומען צום פלויט, ווו זיין פערדל אַ צוגעבונדנס האָט געשמאַק געפרעסן אַ בערגל באַקומענעם היי און אויפן זאָטל האָט געדרימלט ישראליק זיצנדיקערהייט. ער האָט אויפגעוועקט דאָס יינגל און עס פאָרזיכטיק אַראָפּגענומען פון זאָטל, ווי אַ ליב קינד.

— ניין־ניין, ס׳פערדל איז אַ גוטס, עס שלאָגט זיך נישט... האָט סראָליק צעעפנט אַ פּאָר קיילעכדיקע אויגן צעשוווּמענע אין הייסן נעפּל. דער קאָמיסאר האָט געשמייכלט, אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ געפלאָכטן קייטעלע פון אַלטע ניקאָלאַיעווער זילבער־געלט און געשענקט עס דעם יינגל. אָבער זעצנדיק זיך אויפן זאָטל, איז אים סראָליק פאָרן פּלייצע פארשפּרונגען.

— איכל מיטפאָרן . . .האָט זיך ס׳יינגל איינגעקשנט.

— יונגער חבר, האָט סראָליק דערפילט איבער זיינע הייסע באַקן קילע גלעטן פון קאָמיסארס פינגער. — פאר אַזעלכע ווי דו זענען דאָ צוגעגרייטע לערער־קאָמיסיעס פון שולן און ווארשטאַטן, וואָס איז דיר בעסער געפעלן פון ביידע ?

— אָט האָב איך אַ שטריקל ! האָט סראָליק אַרויסגעצויגן פון קעשענע דעם מיידלס רויטע טיכל און באַוויזן ווי אַזוי ער ט׳מאַכן פעטליעס אין וואָס די פיס אריינצושטעקן, אַזוי ווי אין די אייזערנע אָסטראָגעס, וואָס הענגען אַראָפּ פונעם זאָטל. דער קאָמיסאר האָט גוט באַטראַכט דעם יינגלס פייערדיקע אויגן, די רויטע פלעקן איבערן פארבלאָטיקטן פּנימל, אָטאַפּ געגעבן דעם זודיקן שטערן.

— סאַניטאַרן אַהער !

סראָליק האָט זיך געצאַפּלט צווישן הענט, צווישן צעפלויגענע בערג שטויב פון וועלכע ס׳האָבן ארויסגעבלישטשעט העק, קאָסעס, אייזערנע מיסט־גאָפּלען ; לויפנדיקע טריט האָבן אים געצאַפּלט ס׳האַרץ, געוואַלדן האָבן אים געריסן די אויערן.

— פאַרשטעלט נישט דעם וועג ! האָבן זיך געשטויסן טרוקענע פּנימער און פויסטן ,האָבן געברויזט אויפגעוועקטע כוחות פון אונטער יאָרן, יאָרן איינגעדרימלטן יאָך, דרוק און פּאַנטשטשיזנע.

— גענוג, גענוג די וויסטע מלחמות ! ! ! האָבן געקווייטשעט מאַמעס, האָבן געוויינט קינדער לעבן אויסגעהויקערטע כאַטעס, וואָס זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט קרעכצן פון אייביקע קאַליקעס פון פּאַראַליזירטע און אָנשטעקנדיקקראַנקע ; ס׳האָבן געוואָיעט הינט איבער חורבות, איבער וועגן פארמיסטיקטע פון בלוט, פארביינערטע פון סקעלעטן . . .

פאָר סראָליקס אויגן האָבן זיך געדרייט געשווינדלטע רעדער : בערד — שוואַרצע און גרויע ; פּנימער — בלייכע און בלוטיקע ; לאָזעס — שאָטנדיקע און זוניקע ; זשומענדיקע קוילן — בליציקע און רויכיקע ; און אַ שפּיגלדיק, גלעזערן טרייבל האָט מען אים אַריינגעשטעקט אונטערן האַנט . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען די זון איז אריינגעקראָכן דורך די קיילעכדיקע פענצטערלעך פון דאַמף־שיף, איז סראָליק אַראָפּגעשפּרונגען פון ווייסן בעט אויף דער פּאָדלאָגע. אַ זעלנער אין אַ ווייסן כאַלאַט מיט אַ רויטן צלם אויפן ארבל, האָט אים אַ נעם געטון מיט שטייפע הענט און צוריק אין בעט געשליידערט מיט אַ חוזק־שמייכל :

— ביי דיר שפּראָצן נאָך נישט קיין וואָנסעס און פּלאַפּעלסט שוין צוויי וואָכן פון מאַלקעס, מאַשקעס . . .

ישראליק האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן — דער נאָמען מלכהלע האָט אים געשטאָכן אינעם אָפּגעשוואַכטן מוח. באַלד איז צוגעקומען אַ מיידל אָנגעטון אין אַ רויט טיכל, און אין אַ ווייסן פארטוך און האָט אים פעסט צוגעדריקט צו די צאַפּלדיקע בריסט. ער האָט באַפּרייט דאָס אויסגעוואָשענע באָטעמטע פּנימל, באַקוקט מיט קיילעכדיקע, רירעוודיקע אייגעלעך אַלע זייטן, ווי אַ פייגעלע און דערקענט ס׳מיידל, דאָס זעלבע, וואָס איז אין שיף געלעגן אַ קראַנקע, וואָס האָט נאָכדעם אין די לאָזעס צוגעזאָגט פאָרן מיט דער באַן גאָר ווייט. ער האָט דערפילט טרערן אין גאָרגל און ארויסגעשטיקט ווייטיקדיק צוויי ווערטער :

— כ׳וויל אהיים . . .

דאָס מיידל האָט אויסגעפילט זיינע חנוודיקע אויגן גרייבעלעך אין די בעקלעך מיט קושן.

— טייער יינגל . . . האָט זי אים געפּיעשטשעט. — מיר פאָרן אַהיים צו אַ נייעם לעבן . . .

דער וואַנט־לוח האָט אַראָפּגעקוקט מיט אַ גרויסן 1920, איבערן ציפערבלאַט פון זייגער האָבן זיך ביידע ווייזערס גערוקט צו צוועלף .די באַלויכטענע לאָזעס האָבן געשטיפּט פון אַ שטיל ווינטעלע און נאָכגעקרימט ד האַרמאָשקע־טענער, וואָס האָבן געפּויזעט איבער דער פּאַלובע, מיט די אָפּגעהילכטע טענץ און געשרייען צום שפּילער :

— העי, וואנקאָ, לעבעדיקער . . . אַ קאָזאַצקע אויף נייע גאָטן !

# דוד קוטנער



געבוירן אין 1899 אין זשיכלין, פוילן. צוזאַמען מיט דער פאַראַרעמטער פאַמיליע אויסגעוואַנדערט קיין וואַרשע. צו 11 יאָר אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ שאַכטל־פאַבריק. פרי אַריינגעטרעטן אין דער רעוו. אַרבעטער־באַוועגונג. יאָרנלאַנג טוער אין די פראַ־פעסיאָנעלע פאַריינען. פירט פאַראַלעל אַ ברייטע זשורנאַליסטישע און קולטור־טעטיקייט. פון 1934 ביז סוף 1935 — אין קאַרטוז־בערעזע. זינט 1936 — אין פּאַריז, רעדאַקטאָר פון דער „נייע פרעסע", גיט אַרויס דאָס בוך „קאַרטוז בערעזע". אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע — אָרגאַניזאַטאָר פון סאָ־לידאַריטעט־ און ווידערשטאַנד־אַרבעט. אַרעסטירט וואָרן אין אויסראָטונג־לאַגער פון נאַצוויילער און דערמאָרדעט.

ב. יאַקאָבי

## דוד קוטנער, דער זשורנאַליסט און געז. טוער

„איך שפיר, אַז איך וועל שוין פון דאַנען קיין לעבעדיקער נישט אַרויס... אויב דו וועסט יאָ איבערלעבן — ביסט דאָך יינגער און שטאַרקער פון מיר — טאָ גיב איבער מיינע אייגענע, אַז איך האָב אָן מורא געקוקט דעם טויט אין די אויגן... זאָג זיי, אַז איך בין געשטאָרבן מוטיק, דרייסט, מיטן פולן באַוווסטזיין, אַז איך האָב געטון מיין פליכט און מיטן טיפסטן גלויבן אין זיג און אין אַ בעסערן מאָרגן... מיין צוואה פאַר מיין זון איז פאָרצוזעצן מיין קאַמף און נקמה נעמען אין די פאַשיסטישע באַרבאַרן....."

אַט אַזוי האָט גערעדט דוד קוטנער, אונדזער אומפאַרגעס־לעכער קוטנער, אַ טאָג פאַר זיין אומקומען, צו זיין יונגן פריינט פון לאַגער זשאַן לעמבערגער.

דאָס איז געווען אין יולי 1943 אין שרעקלעכן אויסראָטונג־לאַגער פון נאַצענוויילער. קוטנער איז אָנגעקומען אַהין ערשט מיט אַ טאָג צוריק, נאָך 7 חדשים שווערע פייניקונגען אין דער פאַריזער מיליטערישער תפיסה פון „שערש מידי" און אין דער פעסטונג פון ראָמענוויל. אָבער ער איז גלייך דעם ערשטן טאָג אַזוי מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן, אַז ער איז געבליבן ליגן אויף דער ערד מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, מיט אַן אויסגעהאַקט אויג און אַ צעבראָכענער האַנט. אַ פאַרפיי־ניקטער, אַ קראַנקער אָבער נאָך האַרטערער און פאַרביסענער איז ער צומאָרגנס נאָך אַרויס צו דער אַרבעט. דעמזעלבן טאָג האָבן אים די רוצחים פון לאַגער ווידער שרעקלעך געפייניקט: זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף אים, פונקט ווי זיין ווירדיקע האַלטונג וואָלט זיי געררייצט, פונקט ווי זיין רואיקער און פאַר־ביסענער בליק און שטאָלצער, געהויבענער קאָפּ וואָלטן זיי אַריינגעבראַכט אין רציחה. מיט זייערע גראָבע שטעקנס און שווערע שטיוול האָבן זיי אים לאַנג, אַכזריותדיק געשלאָגן און ווען ער איז, אַ פאַרבלוטיקטער און אָן באַוווסטזיין, געפאַלן אויף דער ערד, האָבן זיי אים דאַן מיט עטלעכע רעוואָלווער־קוילן פאַרענדיקט.

קוטנער איז געשטאָרבן פונקט ווי ער האָט אַלע זיינע יאָרן געלעבט: מוטיק, ווירדיק, שטאָלץ, ווי אַן אמתער קעמפער, ווי אַ קאָמוניסט, ווי אַ העלד. פון דער פריסטער יוגנט זיינער איז ער געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון קאַמף און איז שטענדיק געבליבן דערזעלבער: אַ מוטיקער קעמפער פאַר דער זאַך פון אַרבעטנדיקע, אַן איבערגעגעבענער טוער — צי דאָס זאָל זיין אויפן סינדיקאַלן, פאָליטישן אָדער קול־טורעלן געביט. ער איז געקומען צום קאַמף און צו געזעל־שאַפטלעך־קולטורעלער טעטיקייט פון די סאַמע טיפענישן

פון דער יידישער נויט. געבוירן אין 1899 אין זשיכלין, אין אַן אָרעמער שטוב פול מיט קליינע קינדער, האָט ער גאָר יונג געמוזט אָנהייבן צו אַרבעטן. צו 11 יאָר האַרעוועט ער שוין שווער אין אַ שאָכטל־פאַבריק אין וואַרשע, וווּהין די משפחה זיינע איז אַריבערגעפאָרן זוכן חיונה. ער האָט געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען, צו וועלכן ער האָט געהאַט אַזאַ דורשט. ער האָט אפילו נישט באַוויזן צו ענדיקן די עלעמענטאַרע שול. ער האָט אָבער פיל געלערנט אין זיין אייגענער שול, אלס אויטאָדידאַקט, און האָט שנעל מיט אייגענער מי, זיך דערוואָרבן פיל מער וויסן ווי וועלכע נישט איז שול וואָלט אים געקענט געבן. אין די אָוונטן, אין די נעכט, אין יעדער פרייער מינוט, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, פלעגט ער זיך צוכאַפּן צו די ביכער, וואָס ער פלעגט שלינגען ווי אַ הונגעריקער. ער פלעגט זיך וואַרפן צו אַלץ: יידישע און אַלגעמיינע ליטעראַטור, געשיכטע, סאָציאָלאָגיע, פּאָליטישע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. ער האָט אַזויאַרום זיך שנעל דערוואָרבן אַן אָנגעזעענעם באַגאַזש פון קולטור. אָט דער ד ו ר ש ט צו וויסן, אָט דער דראַנג צום לערנען, וואָס האָט אים שוין נישט אָפּגעלאָזט דאָס גאַנצע לעבן.

נאָך מער ווי אין די ביכער, האָט קוטנער געלערנט אין דער שול פון לעבן, אין דער שול פון קאַמף, וווּ ער איז אומאויפהערלעך געגאַנגען פאָרויס. צו 12 יאָר איז ער שוין געווען מיטגליד אין אומלעגאַלן פאַפּיר־פאַריין און אויסגעפירט אלס פאַרבינדעטער וויכטיקע שליחותן אויף דער פאַריין־„בערזע", דעם זאַמל־פונקט פון די אַרבעטער. צו 16 יאָר איז ער געוואָרן פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון זעלבן פאַריין, וווּ ער האָט שוין דאַן באַוויזן זיך שטאַרק באַליבט צו מאַכן דורך זיין אַקטיווער סינדיקאַלער טעטיקייט. צו 17 יאָר איז ער שוין נישט בלויז אַ באַקאַנטער סינדיקאַלער טוער, נאָר אויך אַן אָנגעזעענער פירער פון דער יוגנט און איינער פון אירע באַליבטסטע רעדנער. עטלעכע יאָר שפּעטער, צו 20 יאָר, ווערט ער אויסגעוויילט, אלס דעלעגירטער פון דער פאַפּיר־בראַנזשע צום וואַרשעווער אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט. און אָט אַזוי, פון שטאַפּל צו שטאַפּל איז קוטנער אומאויפהערלעך געוואַקסן אין קאַמף און ווען ער איז צו 23 יאָר געוואָרן סעקרעטאַר פון וואַרשעווער טעקסטיל־סינדיקאַט, איז ער שוין געווען איינער פון די באַליבטסטע אַרבעטער־טוער אין וואַרשע, צו וועמענס פּלאַמיקן וואָרט עס האָבן זיך צוגעהערט טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער.

פון דאַן אָן איז שוין קוטנערס לעבנס־וועג געווען אָנגעצייכנט: אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, אַ טאַלאַנטפולער רעדנער און אַ פֿעיִקער שרייבער, איז ער שנעל אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אַ מאַסן־פירער.

קוטנער איז זיכער קודם כל געווען אַ מענטש פון טאַט. אַ מענטש פון קאַמף. זיין סינדיקאַלע און פּאָליטישע טעטיקייט זיין אָרגאַניזאַציאָנעלע אַקטיוויטעט, האָבן פאַרשלונגען דעם גרעסטן טייל פון זיין צייט און פון זיינע אָנשטרענגונגען. דאָס האָט אים אָבער אַבסאָלוט נישט געשטערט צו זיין גלייכצייטיק אַ טיכטיקער און פרוכטבאַרער קולטור־טוער. זיין אַלגעמיינע קעמפערישע טעטיקייט האָט נישט געצוימט נאָר, פאַרקערט, אינספּירירט, געמוטיקט און פאָרגעשטויסן זיין טעטיקייט אויפן קולטור־געביט. דאָס האָט אויך אַנדערש נישט געקענט זיין, וואָרים ביי קוטנערן איז קולטור־אַרבעט נישט געווען — ווי ביי פיל בירגערלעכע קולטור־טוער — אַן איזאָלירטער געביט, אָפּגעריסן פון רעאַלן לעבן און נויט פון די ליידן און האָפענונגען פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. ביי אים איז קולטור־טעטיקייט געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין אַלגעמיינער קעמפערישער טעטיקייט, אַן אומאָפּשיידבאַרער טייל פונעם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר הייבן דעם ניוואָ פון די מאַסן, פאַר אַ בעסער און שענער לעבן. אין דעם זין איז קוטנער געווען דער אמתער ביישפּיל פון אַ פּראָלעטאַרישן קולטור־טוער.

קוטנער האָט אויפן געביט פון קולטור באַוויזן צו טון פיל מער ווי אַ סך פּאַטענטירטע קולטור־טוער, פאַר וועמען קולטור־טעטיקייט איז זייער אויסשליסלעך געביט. עס איז אָפט צו שטוינען ווי אַזוי אָט דער מיט אַרבעט באַלאָדענער סינדיקאַלער און פּאָליטישער טוער, האָט נאָך געפונען גענוג צייט און כוחות צו אַנטוויקלען אַזאַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט. אין סינדיקאַט, אין די יוגנט־גרופּן, אין די זעלבסטבילדונג־קרייזן, אומעטום וווּ ער איז נאָר געווען און וווּ ער האָט נאָר געהאַט אַ צוטריט, האָט ער בשפע פאַרשפּרייט קולטור און וויסן. ער איז אַליין אַרויסגעטרעטן מיט רעפעראַטן און לעקציעס און האָט אויך אָרגאַניזירט צאָלרייכע רעפעראַטן און קולטור־אונטערנעמונגען, צו וועלכע ער האָט צוגעצויגן טוער און שרייבער. אין גרויסן וואַרשעווער טעקסטיל־פאַריין פון וועלכן ער איז געווען סעקרעטאַר, האָט ער אויסגעבויט אַ גאַנצע רייע ערנסטע קולטור־אינסטיטוציעס: אַ כאָר פון 60 מאַן, אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער פון איבער 50 מאַן, אַ ברייטן דראַמקרייז, וועלכער האָט אַ דאַנק אים דערגרייכט אַ פאַרהעלטנישמעסיק הויכן ניוואָ. א. א. וו. באַזונדערס אַקטיוו איז ער געווען צווישן דער יוגנט. ער האָט מיטגעאַרבעט מיט צענדליקער יוגנט־גרופּן, אָרגאַניזירט צאָלרייכע זעלבסט־בילדונג־קרייזן, אַרויסגעטרעטן מיט רעפעראַטן און לעקציעס ער האָט גערעדט מערסטנס אויף פּאָליטיש־סאָציאַלע טעמעס, אָבער זייער אָפט אויך אויף ליטעראַרישע טעמעס, באַזונדערס וועגן שלום עליכם און פּרצן, וועלכע זענען געווען זיינע באַליבטסטע יידישע שרייבער.

זיינע רעפעראַטן און לעקציעס האָבן געהאַט אַן אומגעהייערן דערפאָלג. אַ טאַלאַנטפולער רעדנער, האָט ער אויסגענומען ביי זיינע צוהערער, נישט אַזוי מיטן אויסערלעכן עפעקט, וואָס ער האָט זיך באַמיט אויסצומיידן, נאָר מיט דער אייזערנער לאָגיק פון זיין געדאַנק און מיט זיין טיפן אינערלעכן פּאַטאָס, מיט אָט דעם אינערלעכן גלויבן, מיט וועלכן

דוד קוטנער אַלס סעקרעטאַר פון טעקסטיל־פאַריין אין וואַרשע.



אַלץ ביי אים איז געווען באַשטראַלט און דורכגעדרינגען. אַדאַנק אַט די מעלות זיינע, אַדאַנק דער ערנסטקייט און איי־בערגעגעבנקייט, מיט וועלכער ער האָט געפירט זיין קולטור־טעטיקייט, איז זיין איינפלוס אומויפהערלעך געוואַקסן אין דעם קרייז פון זיינע צוהערער, דער קרייז פון זיינע תלמידים האָט כסדר זיך אויסגעברייטערט. זיין קולטורעל־דערציערישע טעטיקייט האָט מיט דער צייט אָנגענומען אַזאַ פאַרנעם, אַז ס'וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, דאָס טויזנטער יוגנטלעכע און אַרבעטער אין פוילן האָבן זיך דערצויגן אויף זיין וואָרט און צענדליקער געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוער זענען פאָרמירט געוואָרן אַדאַנק זיין פאַרדינסט־פולער אַרבעט.

קוטנער האָט אויך געהאַט זייער גרויסע פאַרדינסטן אויפן געביט פון דער פרעסע. אַ פעאיקער און פרוכטבאַרער זשור־נאַליסט, האָט ער אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר אַנט־וויקלט אַ ברייט־פאַרצווייגטע זשורנאַליסטישע טעטיקייט. אין וואַרשע, ווו ער האָט פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן, האָט ער זיך באַטייליקט כמעט אין אַלע לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע סינדיקאַלע אויסגאַבן. ער איז געווען רעדאַק־טאָר פון „טעקסטיל־אַרבעטער" און מיטאַרבעטער, אין פאַר־שידענע צייטן, פון צענדליקער אַנדערע צייטונגען און אויס־גאַבן. ער האָט דאַסגלייכן אַקטיוו אָנטייל גענומען אין די פּאָ־ליטישע צייטונגען, וואָס פלעגן דערשיינען פון צייט צו צייט, ביז די מאַכט פלעגט זיי פאַרבאָטן. אין פּאַריז, ווו ער האָט זינט 1936 געלעבט אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט, האָט ער עט־לעכע יאָר רעגולער געאַרבעט אַלס רעדאַקטאָר אין דער „נייע פרעסע". ער האָט דאָ אויך, גלייך נאָך זיין אָנקומען, אַרויס־געגעבן זיין באַקאַנטע, אויפטרייסלענדיקע בראָשור איבער קאַרטוז־בערעזע, דעם שרעקלעכן פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, ווו ער איז געפייניקט געוואָרן קנאַפּע צוויי יאָר. אָבער נישט געקוקט אויף אַט דער ברייט־פאַרצווייגטער זשורנאַ־ליסטישער און שרייבערישער טעטיקייט, נישט געקוקט אויף דעם וואָס אין משך פון עטלעכע יאָר איז זי אַפילו געוואָרן זיין הויפּט־געביט, זיין אייגנטלעכע פּראָפעסיע, איז זי דאָך שטענדיק געבליבן בלויז אַ טייל, בלויז איין אויסדרוק פון זיין אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, מיט וועל־כער זי איז געווען אויפן ענגסטן אופן געבונדן. און אַזוי האָט טאַקע קוטנער זי שטענדיק באַטראַכט. ער האָט באַטראַכט זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט נישט ווי פּראָפעסיע, נאָר ווי אַן אינסטרומענט פון קאַמף, ווי אַן אמתע געזעלשאַפטלעכע מי־סיע, וואָס ער האָט זי באַמיט אויסצופירן מיט ערנסט, מיט אַחריות, מיט זאָרג.

איך דערמאָן מיך די עטלעכע יאָר וואָס קוטנער האָט גע־אַרבעט אין דער „נייע פרעסע". מיט וואָס פאַר אַן איבערגע־געבנקייט, מיט וואָס פאַר אַן ערנסט ער האָט זיך עס באַצויגן צו זיין אַרבעט ! מיט וואָס פאַר אַ זאָרג און אַחריות ער פלעגט עס צוגרייטן די זייט, פאַר וועלכער ער איז געווען פאַ־ראַנטוואָרטלעך ! ער פלעגט קומען אין דער רעדאַקציע כמעט שטענדיק דער ערשטער און אַפּט, ווען אַלע זענען שוין אַוועק, איז ער, פּונקט ווי מוניע נאַדלער, נאָך לאַנג געבליבן ביי זיין שרייבטיש איבער זיינע פּאַפּירן, כדי וואָס בעסער און אינטע־רעסאַנטער צוצוגרייטן זיין זייט. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז עס איז אים שוין קיין צייט נישט געבליבן צוריקצוגיין אַ היים צום אָוונט־ברויט... און אַפּקומענדיק מיט אַ מאָגערן סאַנדוויטש, איז ער גלייך פון דער רעדאַקציע געלאָפן צו דער זיצונג אָדער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט געוואַרט אויף אים יעדן אָוונט.

דידאַזיקע אַחריות פאַר זיין זשורנאַליסטישער טעטיקייט האָט אַרויפגעלייגט אַ כאַראַקטעריסטישן שטעמפּל אויף אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, אַ שטעמפּל פון ערנסטקייט, עכטקייט, זאַכלעכקייט, זויבערקייט. קוטנער האָט, אין זיין שרייבן נאָך מער ווי אין רעדן, אויסגעמיטן דעם אויסערלעכן עפעקט, דעם ליטעראַרישן פּוץ. ער האָט געשריבן פּשוט, זאַכלעך, צוגענג־לעך פאַר יעדן אַרבעטער, פאַר יעדן פאָלקס־מענטש. אָבער דאָבײַ האָט ער אַבסאָלוט נישט פאַרמינערט די קראַפט פון זיין געשריבן וואָרט, וואָס האָט געווירקט וווּנדערלעך. זיינע אַר־טיקלען און רעפּאָרטאַזשן, זיינע גרויסע אַנקעטעס וועגן די יידישע פאַכן, וועגן לעבן פון די אַרבעטער, האַנטווערקער, קליינהענדלער, האָבן — פּונקט ווי זיינע רעדעס און רעפע־ראַטן — געווירקט הויפּטזעכלעך, מיט זייער אינערלעכער איבערצייגונגס־קראַפט, מיט דער ערנסטקייט פון די אויפגע־געשטעלטע פּראָבלעמען, מיטן קעמפערישן אָטעם, מיט וועלכן זיי זענען געווען באַהויכט. דאָסזעלבע קען מען זאָגן וועגן זיין אויפטרייסלענדיקער בראָשור איבער קאַרטוז־בערעזע, די ליי־

טעראַרישע מיטלען זענען דאָרט באַשיידענע. די שילדערונג פּשוטע. קוטנער וויקלט פאַנאַנדער אַ קאַנווע פון רויע, נאַקעטע פאַקטן און געשעענישן, וואָס ער קאָמענטירט קוים. אָבער גראָד אין אָט דער פּשוטער, זאַכלעכער שילדערונג, אויסגעטון פון יעדן איבעריקן ליטעראַרישן מאַניר, ליגט די גאַנצע קראַפט, די איבערצייגנדיקע און דערשיטערנדיקע קראַפט פון דער שילדערונג פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. קוטנער האָט מיט קאַרגע מיטלען, מיט אַ פּשוטער און זאַכלעכער שפּראַך פון פאַקטן באַוויזן צו דערגרייכן פיל מער, ווי עס געלינגט אָפטמאָל מיט די קאָמפּלעקסע מיטלען פון אַ ליטעראַריש ווערק.

די זשורנאַליסטישע טעטיקייט פון קוטנערן האָט זיכער, אין דער ערשטער ריי געהאַט אַ געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע באַדייטונג. גרויס איז אָבער אויך געווען איר קולטור דערציערישע באַדייטונג. זיינע אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן, וואָס זענען געלייענט געוואָרן דורך טויזנטער אַרבעטער, האַנטווערקער, קליינהענדלער און פאָלקס־מענטשן, האָבן נישט בלויז געוועקט געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש, נישט בלויז גערופן צו טאָט און קאַמף, נאָר אויך פיל בייגעשטייערט אויפצווועקן דעם אַלגעמיינעם באַוווסטזיין פון די מאַסן, צו הויבן זייער קולטור־ניוואָ און זיי צו דערנענטערן דורך דער צייטונג צום געדרוקטן וואָרט, צום בוך.

די זשורנאַליסטישע טעטיקייט פון קוטנערן איז, אין פּאַריז, אין משך פון אַ געוויסן פּעריאָד, געוואָרן — ווי געזאָגט — איינס פון די הויפּט־געביטן, איינס פון די פּרוכטבאַרסטע געביטן, פון זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אין אַלגעמיין גענומען איז אָבער דער פּרוכטבאַרסטער פּעריאָד אין קוטנערס געזעלשאַפטלעכן לעבן, יעדנפאַלס ביזן קריג, געווען, אָן שום ספק, זיין טעטיקייט־פּעריאָד אין פּוילן. דאָרט, אין פּוילן, האָט ער פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן, דאָרט האָט ער זיינע בעסטע יאָרן אַוועקגעגעבן פאַר דער זאַך פון די אַרבעטנדיקע, פאַר דער זאַך פון די פאָלקס־מאַסן. ווען ער איז אין 1936 געקומען קיין פּאַריז, פאַריאָגט דורך די רעפּרעסיעס פון דעמאָלטיקן פּוילישן פאַשיזם, האָט ער שוין געהאַט הינטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר פון אומדערמידלעכער קעמפערישער טעטיקייט און אַ סטאַזש פון אַן אויסגעפּרוווטן און איבערגעגעבענעם אַרבעטער־טוער.

אין פּאַריז האָט קוטנער אַ לאַנגע צייט זיך געפירט אַ ביסל פרעמד, ווי אויסגעוואָרצלט. וואָס קען זיין נאַטירלעכער דערפון — ער האָט נישט געקענט גוט די שפּראַך; עס איז שווער געווען זיך איינצולעבן אויף דער עמיגראַציע; עס האָט אים געפעלט דאָס אומפאַנגרייכע געזעלשאַפטלעכע לעבן פונעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן, די ברייטע אַרבעטער־מאַסע פון וואַרשע. דאָך, טראָץ אַלע שוועריקייטן, האָט קוטנער, ווי ער איז עס שטענדיק געווינט געווען, זיך גלייך אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען אין דער אַרבעט און איז



דוד קוטנער
און זיין זון

שנעל געוואָרן אויך דאָ, אין פּאַריז, איינער פון די פירנדיקע טוער, אין דער רעדאַקציע פון דער „נייע פּרעסע", אין דער גרויסער מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון די „פּרעסע־פריינט", וועמענס גענעראַל־סעקרעטאַר ער איז שפּעטער געוואָרן; צווישן זיינע מיטאַרבעטער אויף אַלע אַנדערע געביטן, ווו ער איז געווען טעטיק; אין די סינדיקאַטן, אין די סאָסיעטעס, צווישן די האַנטווערקער, צווישן די קליינהענדלער — אומעטום ווי זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט אים נאָר געבראַכט, האָט ער איבערגעלאָזט דעם ליכטיקן אָנדענק פון אַ טיכטיקן, איבערגעגעבענעם טוער, פון אַן ערלעכן, קרישטאָל־ריינעם קעמפער.

זיין ערלעכקייט, זיין איבערגעגעבנקייט, זיין קעמפערישקייט, זענען נאָך מער געקומען צום אויסדרוק בעתן קריג, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, אין אָט דעם שווערן און העראָישן פּעריאָד, ווען פון יעדן געזעלשאַפטלעכן טוער, וואָס איז ווערט געווען דעם נאָמען, האָט זי געפאָדערט אַזויפיל מסירות נפש, אַזויפיל מוט און קאַמפסדויער! קוטנער האָט אויסגעצייכנט אויסגעהאַלטן די פּראָבע. פון ערשטן מאָמענט אָן האָט ער מיט לייב און לעבן זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף. שוין אין סוף 1940 געפינט ער זיך אין דער אָנפירונג פון דער יידישער אומלעגאַלער „סאָלידאַריטעט־אָרגאַניזאַציע", וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד פון די יידן אין פראַנקרייך. אין יענעם מאָמענט איז די הויפּט־טעטיקייט פון אָט דער אָרגאַניזאַציע באַשטאַנען אין הילף פאַר די

פרויען און קינדער פון די קריגס־געפאנגענע און אין אַן אנטשפרעכענדיקע אויפקלערונג־ארבעט: דער דייטשער אָקו־פּאַנט האָט נאָך דאַן נישט אָפן געוויזן זיין בלוטיקן פּרצוף. אָבער די לאגע האָט זיך שנעל געענדערט. די אונטערדרי־קונג האָט זיך פארשטארקט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אָבלאוועס אויף יידן. עס זענען געעפנט געוואָרן די ערשטע יידן־לאגערן: באָן־לאַ־ראָלאנד, פּיטיוויע און דערנאָך דראַנ־סי. עס איז שפּעטער געקומען דער בלוטיקער 16־טער יולי, ווען פּאריז איז איבערגעפאלן געוואָרן דורך דער פּאָליציי און געשטאַפּאָ און איבער דרייסיק טויזנט יידן, מענער, פרויען און קליינע קינדער, זענען געכאפּט געוואָרן צו דעפּאָרטאציע, צו טויט.

די אויפגאבן און די טעטיקייט פון דער „סאָלידאריטעט־אָרגאניזאציע" זענען אין צוזאמענהאנג דערמיט שטארק אויסגעוואקסן. עס האָט קודם כל זיך אויסגעברייטערט די סאָלידאריטעט־ארבעט, די הילף פאר די אינטערנירטע און זייערע פרויען און קינדער. גלייכצייטיק דערמיט האָט זיך אָבער אויך אַלץ מער פארשטארקט די ווידערשטאנד־ארבעט פון דער אָרגאַניזאַציע: „די סאָלידאַריטעט־אָרגאַניזאַציע" איז ביסלעכווייז אַלץ מער געוואָרן די מאסן־אָרגאניזאציע פון ווידערשטאנד און קאמף.

קוטנער איז אין משך פון אָט דעם גאנצן פּעריאָד געווען איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון אָט דער ברייטער סאָלי־דאריטעט־ און ווידערשטאנד־ארבעט. סעקרעטאר פון דער „סאָלידאריטעט־אָרגאניזאציע" איז ער געווען דער הויפּט־אָרגאניזאטאָר פון איר פארצווייגטער טעטיקייט, וואָס האָט געהאט אלס ציל צו מוטיקן די יידישע באפעלקערונג, צו העלפן איר אויסצודויערן און צו שטויסן אַלץ מער צו ווידער־שטאַנד און קאַמף. ער איז געווען, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר חברים דער אָרגאניזאטאָר פון די צענדליקער סאָלידאריטעט־מאניפעסטאציעס פאר די אינטערנירטע, וואָס האָבן געהאט א שטארקן אָפּקלאַנג אין לאנד: די גרויסע מאניפעסטאציע אין 1941 ביי די טויערן פון לאגער פון באָן־לא ראָלאנד; די סעריע קלענערע מאניפעסטאציעס: אין דער צענטראלע און אין די אראָנדיסמאן־פיליעס פון „רויטן קרייץ", אין דעם „הויז פון די קריגס־געפאנגענע", אין די מעריס א. א. וו. די גרויסע מאניפעסטאציע אין יוני 1942, אלס פּראָטעסט קעגן איינפירן די „געלע לאטע", פארן דענקמאָל פון רי דע לא ראָקעט; די גרויסע מאניפעסטאציע נאָכן 16־טן יולי 1942 פון 150 יידיש־פראַנצויזישע פרויען ביי די טויערן פון דראנסי, א מאניפעסטאציע, וואָס האָט אויפגעצוווּנגען דעם קאָמאנדאנט פון לאגער אויפצונעמען פּעקלעך פאר די קינדער; אַן אויסגעברייטערטע מאַניפעסטאַציע פון דיזעלבע פרויען, צומאָרגנס, אין די לאָקאָלן פון „אוזשיף" 1), ווו די מאניפעסטאנטן האָבן פּראָטעסטירט קעגן אויסליפערן די ייִדישע קינדער צו די נאַציס און פארלאַנגט צוריקצוגעבן די קינדער, וואָס דער „אוזשיף" האָט געהאָט אין זיין רשות א. א. וו.

די דאָזיקע אַלע מאַניפעסטאַציעס, וואָס האָבן געהאָט אַלס ציל אויפצוהויבן די פראנצויזישע עפנטלעכע מיינונג קעגן די יידן־פייניקונגען און צו פארשטארקן די סאָלידאריטעט מיט די משפּחות פון די געליטענע, האָבן געשפּילט א גרויסע ראָל אין דער פארברידערונג פון יידן און פראנצויזן און אין דער פארשטארקונג פון יידישן ווידערשטאנד־גייסט. אָבער דאָס זענען געווען בלויז ע ט א פּ ן אויפן וועג פון ווידער־שטאנד. און ווען די פויסט פון נאצי האָט זיך נאָך שווערער אראָפּגעלאָזט אויפן קאָפּ פון יידישן ישוב און די לאגע איז געוואָרן נאָך ערנסטער, איז די „סאָלידאַריטעט־אָרגאַניזאַ־ציע" אריבער צו נאָך קעמפערישע מעטאָדן און קוטנער האָט זיך דאַן גענומען מאָביליזירן די מוטיקסטע צו א דירעקטן, באוואָפנטן קאמף אַלס פּאַרטיזאַנען.

פּאראלעל צו אָט דער אָרגאניזאטאָרישער סאָלידאריטעט־און ווידערשטאנד־ארבעט, האָט קוטנער אויך אנטוויקלט א וויכטיקע פּאָליטיש־אויפקלערערישער אַרבעט, דורך רעפּע־ראטן,קאָמוניקאטן און אינפאָרמאציעס פון פראָנט, וועלכע זענען דערגאנגען צו אלע חברים פון דער אָרגאניזאציע און, דורך זיי, צו אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אלע קווארטאלן פון דער שטאָט, האָט קוטנער זיך באַ־מיט צו הויבן די מאָראל פון די יידן, צו שטארקן זייער מוט און צו פעסטיקן זייער ווידערשטאנד־גייסט. ער האָט אויסער דעם מיטגעארבעט אין דער רעדאקציע פון אומלעגאלן „ביו־לעטין", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן די ערשטע צייט, און שפּעטער איז ער געוואָרן פאראנטוואָרטלעכער רעדאק־טאָר פון „אונזער הילף", אָרגאַן פון דער „סאָלידאריטעט־אָרגאניזאציע".

וואָס ס'איז העכסט אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש פאר קוטנערן איז דאָס, וואָס ער האָט נאָך געפינען צייט אין מוט צו זאָרגן פאר קולטור־ארבעט! דאָס איז געשען נאָך דער פאַראָרדענונג וועגן דער „געלער לאטע", אין איינעם פון די שווערסטע מאָמענטן אין פּאריז, ווען יידן האָבן נישט געטאָרט מער ארויסגיין פון שטוב נאָך 8 אזייגער אין אָונט. קוטנער האָט דאַן צוגעטראַכט אַ גאַנצן פּלאַן פון קולטור־ארבעט אין די אָוונטן, באַזונדערס פאר די בלאָק־הייזער, ווו מערערע יידישע משפּחות האָבן געוווינט צוזאמען, כדי אַזויאַרום נישט לאָזן די יידן אראָפּפאלן פון מוט און זיך דעמאָראליזירן פון גאָרנישט טאָן. אַדאַנק זיין איניציאַטיוו זענען געשאַפן געוואָרן קליינע וואַנדערנדיקע ביבליאָטעקן און עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן צוזאמענטרעפן פון קליי־נע גרופּן יידן, אויף וועלע מען האָט געלייענט יידישע ביכער און דיסקוטירט איבער קולטורעלע און פּאָליטישע פראַגן.

צי דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז קוטנער האָט אַחוץ אָט דער אַזוי פאַרצווייגטער טעטיקייט נאָך מיטגעארבעט צוזאמען

---

1) „יודען־ראַט" אין פראַנקרייך

מיט מוניע נאַדלער און דר. יאָסעף בורשטין ביים אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד פון די יידישע אינטעלעקטועלע ?

אַט וויאַזוי עס האָט אויסגעזען די קאַמף־טעטיקייט פון קוטנערן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע ! אין משך פון גאַנצן אומלעגאַלן פּעריאָד ביז צום טאָג פון זיין ארעסט איז ער אומדערמידלעך געשטאַנען אויף זיין קאַמף־פּאָסטן. ער האָט נישט געשוינט נישט קיין צייט, נישט קיין כוחות, נישט קיין געזונט אין קאַמף קעגן דער נאַצישער באַרבאַריי. אין קאַמף פאַרן קיום און אויסדויער פון זיין פאָלק. כד אים צו פאַרלייכטערן זיין טעטיקייט האָט מען אים פיל מאָל פאָרגעלייגט דאָס, וואָס עס איז שפּעטער, צוליב קאָנספּיראַציע־טעמים, געוואָרן א נויטווענדקייט: צו זיין א באַצאָלטער טוער, און פאַרשפּאָרן אַזוי־אַרום ארבעטן פאַרן לעבן. אָבער, א כאַראַקטעריסטישער פּרט, פאַר קוטנערן איז עס געווען אַן אמביציע־זאַך נישט אויפצוהערן צו ארבעטן כל זמן דאָס איז נישט אבסאָלוט נוטווענדיק. און אַזוי, צווישן צוויי געהיימע טרעפּפּונקטן אויף דער גאַס אָדער צווישן צוויי זיצונגען, פלעגט ער צוריקקומען אויף זיין בוידעם־שטבל אין 4־טן אראָנדיסמאַן און ארבעטן ביי זיינע לעדער־בייטעלעך א האַלבע שעה אָדער א שעה ביז א נייע טרעפונג אָדער נייע זיצונג פלעגט אים אראָפּרופן אויף דער גאַס. איינמאָל — דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1942 — איז ער פון אַזא טרעפונג נישט צוריקגעקומען. ער איז ארעסטרט געוואָרן מיט קאָמפּראָמיטירנדיקן מאַטעריאַל, ביים אויספירן זיין ארבעט. ער איז געפאַלן אויף זיין קאַמף־פּאָסטן. — —

— זיבן חדשים איז ער געפייניקט געוואָרן אין די שווערסטע תפיסות: אין דער מיליטערישער תפיסה פון „שערש מידי" אין פאַריז און אין דער פעסטונג פון ראָמענוויל און דערנאָך בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער איז העלדיש אומגעקומען אין 47־טן יאר פון זיין לעבן.

אַט אַזא איז געווען דאָס לעבן פון דוד קוטנער. — א לעבן א קעמפערישע, א מוטיקס וואָס רופט ארויס באַוואונדערונג און רעספּעקט. אין משך פון זיין העכער דרייסיק־יאָריקער קעמפערישער טעטיקייט האָט קוטנער קיינמאָל נישט געקענט קיין אָפּהענטיקייט. קיין זאַך האָט אים נישט געקענט אָפּווענדן אויף א האָר פון זיין אָנגעצייכנטן קאַמפס־וועג: נישט קיין רעפּרעסיעס, נישט קיין תפיסה, מיט וועלכער ער האָט זיך נאָך באַקאַנט אלס יינגל אין פּוילן, נישט די 17 חדשים קאַרטוז־בערעזע, ווו ער איז געבראַכט געוואָרן צווישן די ערשטע 16. ער איז געווען די פּאַרקערפּערונג פון „פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער" אין זין פון לענינס דעפיניציע, פון אַט דעם ריינעם און איבערגעגעבענעם רעוואָלוציאָנער, פאַר וועמען קאַמף איז די איינציקע פּראָפעסיע, דער ריכטיקער קאַמף. ער האָט געהאַט א צאַרט, פיינפילנדיק האַרץ; ער איז געווען א זייער איבערגעגעבענער מאַן און פאָטער; ער האָט אָבער העכער פון אַלץ שטענדיק געשטעלט זיין קעמפערישע טעטיקייט, זיין פליכט, זיין קאָמוניסטישן אידעאַל. זיין גאַנצע ענערגיע, אַלע זיינע געדאַנקען, אַלע פעאיקייטן זיינע, האָט ער געשטעלט אין דינסט פון דעם דאָזיקן אידעאַל, פאַר וועלכן ער האָט זיך נישט געוואַקלט קיין איין מינוט מקריב צו זיין זיין לעבן. זיין העלדישע האַלטונג פנים אל פנים מיטן טויט איז בלויז געווען די לאָגישע קרוינונג פון אַט דעם מוסטערהאַפטן, קעמפערישן לעבן.

וואָס קען מען נאָך צוגעבן צו אַט דער הערלעכער געשטאַלט פון קוטנער דעם קעמפער, אויב נישט עטלעכע פערזענלעכע שטריכן פון קוטנער דעם מענטשן ?

קוטנער איז געווען א פּשוטער, א צוגעלאָזענער, א האַרציקער און א זייער חברישער. ער, דער מאַסן־פירער, דער אייביק־פאַרנומענער געזעלשאַפטלעכער טוער, האָט שטענדיק צייט געהאַט צו זאָרגן פאַרן יחיד, זיך צו אינטערעסירן מיט זיין פּערזענלעך לעבן און אים צו קומען צו הילף. ער האָט פאַר יעדן געהאַט א גוט וואָרט און פאַר אַלע די, מיט וועלכע ער איז געקומען אין א נענטערן קאָנטאַקט, איז ער געווען ווי א טאַטע. קיין וווּנדער נישט,אַז ער איז אומעטום געווען אַזוי באַליבט. אין וואַרשע פלעגט דער נאָמען אהרן סקראָבעק — ווי ער האָט דאָרט געהייסן — זיין אויף די ליפּן פון אַלע יידישע ארבעטער און לעגענדעס זענען ארומגעגאַנגען וועגן זיין גוטסקייט, ערלעכקייט, חברישקייט. ווען ער איז באַפרייט געוואָרן פון קאַרטוז־בערעזע האָבן די פּאָליטישע ארעסטירטע אין דער וואַרשעווער תפיסה פון דאַנילאָוויטשאָווסקע איינגעאָרדנט פון גרויס פרייד א ספּעציעלע פייערונג לכבוד דעם געשעעניש. אויך אין פאַריז איז קוטנער געווען זייער באַליבט און נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן מיט וואָס פאַר א באַגייסטערונג מען האָט גערעדט וועגן אים. קוטנער האָט עס כשר פאַרדינט, פונקט ווי ער האָט כשר פאַרדינט זיין רעפּוטאַציע פון א קעמפער.

עטלעכע וואָכן פאַר זיין ארעסט האָט קוטנער, אין א געשפּרעך צווישן חברים, זיך געהאַט אויסגעדריקט: „מיר לעבן אין א גרויסן פּעריאָד, אָבער ווער ווייסט ווער פון אונז עס וועט זען דעם סוף" . . . קוטנער האָט דאָס גליק נישט געהאַט צו זען דעם סוף. ער האָט אָבער ערלעך און טריי דערפילט זיין חוב. ער איז ביזן סוף געווען אויף דער הויך פון די אויפגאַבן פון אַט דעם גרויסן פּעריאָד, פונקט ווי ער איז זיין גאַנץ לעבן געשטאַנען אויף דער הויך פון די שווערע אויפגאַבן, וואָס דאָס לעבן און זיין עפּאָכע האָבן געשטעלט פאַר אים. ער וועט אויף אייביק פאַרבלייבן פאַר אונדז אַט דער נאָבעלער פריינט און קרישטאָל־ריינער מענטש, אלס ביישפּיל פון גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט פאַרן אידעאַל, אלס מוסטער פון אַן ערלעכן פאָלקס־טוער און פון א מסירות נפשדיקן קאָמפּראָמיסלאָזן קעמפער.

ה. גאָלדפינגער

# דערינערונגען וועגן דוד קוטנער

סוף 1936 קומט קיין פּאַריז, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע פּאָליטישע עמיגראַנטן, דער באַליבטער יידישער אַרבעטער־טוער פון פוילן דוד קוטנער (מענדל סקראַבעק). ער איז נאָר וואָס אַרויס פון טרויעריק־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע.

זיין קרישטאָל־ריינער כאַראַקטער, די איינגעבוירענע האַרציקע גוטסקייט און די נאַטירלעכע באַגאַבונג האָבן אונדזער ליבן מענדלען זייער שנעל פּאָפּולער געמאַכט צווישן די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן אין פּאַריז. אויך אין די קרייזן פון יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן ווערט ער שנעל באַקאַנט אונטער זיין נייעם נאָמען דוד קוטנער.

נישט אַלע פון די נייע פריינט זיינע האָבן אפשר געוווּסט, אַז קומענדיק קיין פּאַריז, האָט שוין דוד קוטנער געהאַט הינטער זיך אַ פאַרגאַנגענהייט פון 20 יאָר מסירת־נפשדיקער טעטיקייט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן. אַלס איינער פון די ווייניק־פאַרבליבענע נאָענטע פריינט פון אונדזער אומפאַרגעסלעכן מאַרטירער, וויל איך אויפפרישן עטלעכע דערינערונגען פון יענער עפּאָכע.



באַקענט האָב איך מענדלען אין די יאָרן 1920־21. דאָס דעמאָלטיקע פוילן פון פּילסודסקין האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן אָפּצוטרייסלען פון דעם קאָשמאַר פון פּראָוואָצירטן קריג קעגן דער יונגער ראַטן־מלוכה. עס וואַקסט צוריק אויף, נאָך אַ לאַנגער הפסקה פון טעראָר און אומלעגאַליטעט, די פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע באַוועגונג. יידישע אַרבעטער און יוגנטלעכע שטראָמען מאַסנווייז אין די זעלבסטבילדונג־קרייזן מכל־המינים. די אַרבעטער־פּאַרטייען וואַקסן אויס פון טאָג צו טאָג. אַ באַזונדערן צופלוס זעט מען אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון נאָדל, לעדער, טעקסטיל, כעמישע א.אַנד. פול מיט יוגנטלעכן ברען און מיט דורשט נאָך וויסן, זענען זיי געקומען אויף די פאַרזאַמלונגען און קרייזן זיך צו באַקענען מיט דער לערע פון אַ בעסערער און שענערער וועלט. אַ גאַנצע גרופּע פון רעפערענטן און יוגנט־פירער האָט אָנגעפירט מיט אָט דער באַוועגונג.

איינער פון די טאַלאַנטפולסטע און איבערצייגנדיקע יוגנט־לערער איז געווען אונדזער ליבער מענדל. הונדערטער יידישע יוגנטלעכע זענען דורך אים דערצויגן געוואָרן. אונטערן צויבער פון זיין פלאַמיק וואָרט זענען זיי אויסגעוואַקסן הייסע, איבערגעגעבענע קעמפער פאַרן סאָציאַליזם. אַליין נאָך כמעט אַ יוגנטלעכער, האָט שוין מענדל אין יענע יאָרן געהאַט הינטער זיך אַ היפּשע דערפאַרונג פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און קאַמף. אַלס סעקרעטאַר פון כעמישן פאַריין, איז ער שוין ברייט באַקאַנט געווען צווישן אַלע אַרבעטער. די פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ער איז אַרויסגעטרעטן, זענען געווען געפּאַקט.

איך דערמאָן זיך גענוי די פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט מענדלען. דאָס איז געווען אַ שבת־נאָכמיטאָג אין לאָקאַל פון נאָדל־פאַריין אויף רימאַרסקע 4-2. געווען זענען מיר אין אַ צאָל פון עטלעכע הונדערט. עס זענען אַרומגערעדט געוואָרן פאַרשידענע פראַגן ביי דער יוגנט־סעקציע. אינמיטן דער פאַרזאַמלונג קומט אַריין אין זאַל אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 20, אָנגעטון אין אַ ברייטן, שוואַרצן מאַנטל, אין אַ רונדיקן הוט, און פאַרנעמט אַן אָרט אין פּרעזידיום. ער נעמט אַרום דעם זאָל מיט אַ וואַרעמען בליק און הויבט אָן צו רעדן.

מיר אַלע, יוגנטלעכע פון 14־12 יאָר, האָבן גלייך דערפילט, אַז עס רעדט צו אונדז אונדזערס אַ פריינט, אַ נאָענטער, ליבער חבר, אַ פאָלקס־מענטש. די פלאַמיקע ווערטער, די קלאָר־איבערצייגנדיקע אַרגומענטן האָבן אין יעדן פון אונדז פאַרשטאַרקט דעם ווילן אָנצושליסן זיך אין דער גרויסער באַוועגונג פון גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו הערן אַ צווייטן פאָרטראָג פון זעלבן רעפערענט, וועלכער האָט זיך מיר שוין דאָסמאָל טיף איינגעקריצט אין זכרון. ס׳איז געווען אַ שבת אין אָוונט, אין לאָקאַל פון יוגנט־קלוב אויף שווענטאָיערסקע 32. מענדל האָט פאַר אונדז גערעדט וועגן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. די מערסטע פון אונדז האָבן געשטאַמט פון פרומע עלטערן, האָבן נאָך טיף געוואָרצלט אין די אַלטע געוווינהייטן און באַגריפן. דאָס וואָרט סאָציאַליזם האָט נאָך דעמאָלט פאַר פיל פון אונדז געקלונגען פרעמד און אָפּשרעקנדיק. די דעמאָלטיקע אַלגעמיינע און יידישע רעאַקציע האָט זיי, די סאָציאַליסטן פאַרגעשטעלט אַלס מורדים, אָדער איינפאַכע לאָבוסעס, וועלכע ווילן פאַרגעמיינשאַפטלעכן אַלץ, אפילו די פרויען... אָנערקענען נישט קיין גאָט און נישט קיין קייסער.

אין אַ פּאָפּולערער שפּראַך האָט דער רעפערענט אונדז אויפגעוויזן ווי שיין און דערהויבן עס איז דער סאָציאַליס־

טישער אידעאַל, ווי גרויס און מעכטיק עס איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג. מיט לעבעדיקע ביישפּילן האָט ער אונדז באַוויזן די נישטיקייט פון די קעגנערישע אַרגומענטן. מיר האָבן געהאַט פאַר זיך אַ חבר, אַ וועגווייזער, וועלכער האָט אונדז באַפרייט פון אַלטע פאָראורטיילן און אונדז דערהויבן צו דער מדרגה פון פרייע מענטשן. פאַר נישט איינעם פון



דוד קוטנער און זיין פאָטער

די צוהערער איז דאָס געווען אַן ענדגילטיקער שטויס נאָכצוטון זיין ביישפּיל און צו באַטרעטן דעם זעלבן וועג.

עס האָט זיך נישט געהאַנדלט אין קיין אַבסטראַקטע טרוימען און סימפּאַטיעס. דאָס לעבן גופא און די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן האָבן אונדז, נאָר וואָס אַריינגעצויגענע אין דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, באַוויזן צו פאַרנעמען אַ קלאָרע פּאָזיציע אין די העפטיקע קאַמפן, וועלכע האָבן זיך אין יענע יאָרן אָפּגעשפּיגלט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג צווישן די עלעמענטן פון רעפאָרמיזם און דער אויפברויזנדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער אָפּקלאַנג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט זיך דערטראָגן צו די אַרבעטער און האַרעפּאַשניקעס פון דער סטאַווקע, ניזקע און סמאָטשע, און די סוטערינעס און בוידעם־שטיבלעך פון באַלוט, אין די איינגעפאַלענע כאַטקעס פון שטעטלעך און דערפער פון פּוילן, אוקראַינע און ליטע. דער וועג אָבער פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט צום גרויסן רעוואָלוציאָנערן שטראָם איז נישט געווען קיין לייכטער.

דער נאָמען פון מענדלען איז אַזוי אַרום אויף שטענדיק פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־און יוגנט־באַוועגונג. נאָכן צוזאַמענשמעלצן זיך פון דער „קאָמצוקונפט” מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטער־יוגנט אין פּוילן, פאַרבלייבט נאָך מענדל לאַנגע יאָרן אין די פאָדערשטע רייען. נישט איינמאָל, ווען די רעפּרעסיע-כוואַליעס פלעגן אַרויסרייסן די בעסטע קעמפער פון אונדזערע רייען, פילט ער אויס דאָס ליידיקע פלאַץ, העלפט צוריק אויפבויען די אָרגאַניזאַציעס און די אָנפירונג. דערביי רייסט ער זיך נישט אָפּ אויף קיין איין מאָמענט פון זיין באַליבטער מאָסן־אַרבעט אין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ער ווערט סעקרעטאַר פון איינעם פון די וויכטיקסטע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין וואַרשע — אין טעקסטיל־פאַריין. דעמדאָזיקן אַמט פאַרלאָזט ער נישט אויף קיין איין מינוט, ביז ער ווערט דורך דער סאַנאַציע־פּאָליציי פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע.

ס'איז אוממעגלעך צו רעדן וועגן דעם טראַגיש־אומגעקומענעם מענדל און נישט דערמאָנען זיין אומגעבראָכענע טריישאַפט צו זיין פּאַרטיי, צו זיין אידעאַל. דאָס האָט אַלץ ביי אים איבערגעוויגן און אים שטענדיק באַוויזן דעם ריכטיקן וועג. אין די שווערע מאָמענטן אין קאַמף קעגן די פיינטלעכע טראָצקיסטישע עלעמענטן. אויך אין אים אַליין זענען אָפטמאָל פאָרגעקומען צווייפלען, אָבער ווי נאָר די טראָצקיסטישע קליקע האָט אויפגעהויבן איר האַנט קעגן דער פּאַרטיי, האָט מענדל אנטשלאָסן דערקלערט : האַלט ! דערמיט האָט ער באַוויזן זיין גרענעצלאָזע איבערגעגעבנקייט.

די דאָזיקע טריישאַפט האָט אים באַגלייט אין בערעזע און אויך אויף דער עמיגראַציע. דער דאָזיקער גייסט האָט אים אויך באַגלייט אין די לעצטע מינוטן פון טראַגישן אומקום אין פאַרניכטונג־לאַגער פון אוישוויץ.

# פון דוד קוטנערס שריפטן

## „מיר גלויבן נישט אין קיין געטער״ !

(ערשטער צוזאמענטרעף צווישן די קאָמוניסטישע און אַנטי־פאַשיסטישע געפאַנגענע אין קארטוז־בערעזע)

זומער 1934. די ערשטע וואָכן אין פוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער : אַ טומל, אַ גערודער. יעדן טאָג ברענגט מען נייע גע־פאַנגענע, געשמידטע אין קייטן, באַוואַקסענע מיט בערד, הונ־געריקע, ברודיקע, פון לאנגע נעכט ארומוואלגערן זיך איבער די שמוציקע אַרעסטן און עטאַפּ־פּונקטן. און צום סוף — אין סחורה־וואַגאָנען געשלעפּט ווי בהמות קיין בערעזע. די מענטשן זענען געווען אין פארשידענעם עלטער, פון פארשידענעם אויסזען. יונגע און אלטע.

מ׳האָט געבראַכט אוקראַינער, ווייסרוסן, פּאָלאַקן, יידן. א גע מיש פון פארשידענע שפּראַכן, פון פארשידענע מינים פון אידע אָלאָגיעס. פון פּראָפעסיעס : ארבעטער, פּויערים, זשורנאַליסטן, אַדוואָקאַטן, שרייבער, פּאָעטן, אינזשיניערן, דאָקטוירים, כעמי־קער, סטודענטן און לערער.

די אַרעסט־פּונקטן אין אלע ווינקלען פון לאַנד זענען געווען פול מיט פּאָליטיש־פאַרדעכטיקטע אַרעסטירטע. פאַר דער רע־גירונג פון פּרעמיער קאָזלאָווסקי איז דער שאָס אויפן אינערן־מיניסטער פּיעראַצקי אויסגענוצט געוואָרן ווי אַ זעלטענע גע־לעגנהייט בלוטיק זיך אָפּצורעכענען מיט די קעגנער, אַדורכצו־פירן „פּאַציפיקאַציעס״ צו פאַרפירן אַ ניי ביסל פּראָצעסן. און הויפּטזעכלעך — צו עפענען דעם טויער פון לאַנג צוגעגרייטן קאָנצענטראַציע-לאַגער.

מ׳האָט געבראַכט קיין בערעזע מענטשן פון וואַרשע און פון קראָקע, פון לעמבערג און פון נאָוואָגרודעק, פון לאָדזש און פון קאָלאָמיי, פון בראָד און פון טשענסטאָכאָוו, פון לוצק און פון פּויזן און פון ווו נישט ?

דער קאָמוניסטישער און אַנטיפאַשיסטישער צוזאַמענשטעל אינעם לאַגער איז געווען אזא אז פון יעדער געגנט אין לאַנד האָט מען געבראַכט צו איינצלנע מענטשן. זעלטן האָט זיך אײנער מיטן צווייטן געקענט. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער שרעקלעכער טעראָר. די שוועריקייטן זיך צו פארשטענ־דיקן אזוי, אז אין די ערשטע וואָכן איז געווען אומעגלעך פעסטצושטעלן ווער און וויפיל קאָמוניסטן און אנטיפאשיסטן געפינען זיך אין בערעזע.

אין די ערשטע וואָכן איז די אדמיניסטראַציע פון לאַגער גע־ווען ווי צעטומלט. די ארבעט איז נאָך נישט געווען אָרגאַני־זירט. מ׳איז געשלאָפן אויף דער נאַקעטער אַספאַלט־פּאָדלאָגע. געגעסן האָט מען אויף דער ערד.

די איינציקע פּראַקטיק פון דער פּאָליציי איז באַשטאַנען אין מוראדיק שלאָגן די געפאַנגענע מיטן גומי־שטעקן.

דער אינספּעקטאָר באַלעסלאַוו גרעפּנער האָט געאַרבעט פון פאַרטאָג ביז אין שפּעטן אָוונט און דערפונדן נייע סאַדיסטישע מעטאָדן, צו קענען וואָס מער און בעסער פּייניקן די געפאַנגע־נע.

דער גייסטיקער פאָטער און הויפּט־קאָמענדאַנט פון לאַגער, פּולקאָווניק קאָסטעק ביערנאַצקי, איז יעדע פאָר טעג געקומען אין לאַגער און קאָנטראָלירט צו דער טעראָר און סאַדיסטישע פּייניקונגען ווערן גוט אַדורכגעפירט . . .

אויף דער 3־טער וואָך האָט גרעפּנער דערקלערט, אַז אַלע זונטיק וועלן אַלע געפאַנגענע מוזן גיין אין קלויסטער.

„דאָ אין בערעזע — האָט גרעפּנער געזאָגט — אָנערקענט מען נישט קיין שום איבערצייגונגען. תפילה טון אין קלויס־טער מוזן אַלע געפאַנגענע אַ חוץ יידן, וועלכע געהערן נישט צום קאַטוילישן גלויבן״.

דערפאַר האָבן די „גאָטלאָזע״ יידן געמוזט אַרבעטן ביים אויפּשטעלן דעם „אַלטאַר״ און ווען די געפאַנגענע האָבן זיך געפונען אין קלויסטער האָט מען די יידן איבערגעגעבן דעם פּאָליציאַנט פּאַסאַוואָסקי („מוכאַ״) וועלכער האָט די גאַנצע צייט פון דער תפילה אויסגעפירט מיט די יידן אַ ספּעציעלע פּייני־קונגס־גימנאַסטיק״.

מיט אַ וואָך שפּעטער, אין אַ זונטיק, פאַרן גיין אין קלויס־טער, האָט גרעפּנער דערקלערט די געפאַנגענע, אַז ווער ס׳וועט זיך מעלדן אַלס „נישט גלױביקער״ וועט באַפרייט ווערן פון צו גיין אין קלויסטער.

דאַמאָלט האָבן די געפאַנגענע, וועלכע זענען געשיקט גע־וואָרן קיין בערעזע פאַר קאָמוניסטישער און אַנטיפאַשיסטי־שער טעטיקייט דערקלערט : „מיר גלויבן נישט אין קיין גע־טער״ ! אַרויסגעטרעטן פון דער אלגעמיינער רייע און זיך גע־שטעלט אין אַ באַזונדערע פריידענקער רייע.

ערשט דאַמאָלט האָט יעדער קאָמוניסט און אַנטיפאַשיסט דערזען ווער ס׳איז זיין חבר. אין דער רייע פון פריידענקער איז געווען אַ געמיש פון אוקראַינער, ווייסרוסן, פּאָלאַקן און יידן, יעדער האָט מיט וואַרעמע בליקן געקוקט אויף זיין ביז איצטיקן אומבאַקאַנטן חבר, וועלכער ליידט פאַר דער זעלבער אידייע. אויפן האַרצן איז געוואָרן לייכטער און מונטערער.

די אַדמיניסטראַציע פון לאַגער האָט די „גאַטלאָזע" געפאַנ־גענע שטאַרקער געפייניקט. אין די זונטיקס האָבן זיי געמוזט אויספירן פאַרשידענע אַרבעטן. אָפטמאָל אין וואָכנדיקע טעג האָבן זיי געמוזט אַרבעטן אָפילו דאַמאָלט ווען די גלויביקע האָבן געפּענדיקט די אַרבעט אָבער קיינער איז צוליב דעם נישט געוואָרן קיין גלויביקער . . .

יעדן זונטיק ווען די נאַצי־אַנאַליסטן זענען אַוועק „גאָט בעטן" איז פאַר דער וואָך פאַליציאַנטן געוואָרן קלאָר אַז די וואָס זענען איבערגעבליבן זענען דאָך „פריידענקער" און במילא קאָמוניסטן.

נו, האָבן זיך אָנגעהויבן נייע פּייניקונגען. שווערע אַרבעטן, און פאַרשידענע פראַגן אויף רעליגיעזע טעמעס.

— דו גלויבסט אין גאָט ?

— ניין, — האָט מיקיטשוק דרייסט געענטפערט.

— טאָ אין וועמען גלייבסטו יאָ ? — האָט דער פאָליציאַנט ווייטער געפרעגט.

— איך גלויב אין מיינע אייגענע כוחות !

— אַזוי ! — האָט דער פאָליציאַנט זיך געוווּנדערט, — דו ביסט אַ קלוגער ! דו גלויבסט אין דיינע אייגענע כוחות ! דאָס הייסט דו האָסט כוח ! טאָ מאַך : „פאַדני" ! „פאָווסטאַן" ! — „פאַלן" ! „אויפשטיין" !

און דער אוקראַינישער פויער מיקיטשוק פון אַ דערפל אין וואָלין איז „געפאַלן", ער איז אָבער אויך אויפגעשטאַנען...

# דער „קאַרצער" און דער „אַרעסט"

צו זיין אַ געפאַנגענער אין בערעזע און צו אויסמיידן קאַר־צער — דאָס איז אַן אומעגלעכע זאַך. „קאַרצער־אַרעסט", דאָס איז גרויס־גהינום אין גהינום.

דער גרעסטער טייל „איינוווינער" פון קאַרצער און אַרעסט זענען די קאָמוניסטן, קעגן וועלכע די אדמיניסטראַציע ווענדעט




אַן דעם שטרענגסטן טעראָר. ווען אַ געפאַנגענער פאַלט אַריין אין קאַרצער, קומט אים נישט אַזוי גרינג אַן פון דאָרט אַרויס־צוגיין. נאָך פאַרן אָפּקומען זיין ערשטע שטראָף, „פאַרדינט" ער זיך אַ צווייטע.

ווי נאָר ער ענדיקט זיינע ערשטע 7 טעג קאַרצער, (די קלענ־סטע שטראָף איז 5 טעג), פאַרבלייבט ער גלייך אויף נאָך 7 טעג. ס'זענען געווען אַזעלכע פאַלן ווען קאָמוניסטן האָבן „שפּאַצירט" פון קאַרצער אין אַרעסט אַריין — אָדער פאַרקערט פון אַרעסט אין קאַרצער אַריין. עס זענען געווען קאָמוניסטן, וועלכע זענען געזעסן אין קאַרצער צו 40, 60, 70 און 80 טעג אין פאַרלויף פון 15 חדשים.

דעם „רעקאָרד" פון זיצן אין קאַרצער האָט געשלאָגן דער פּראָלעטאַרישער געפאַנגענער שמיל קאַפּטור, וועלכער האָט אָפּגעפּינצטערט 103 טעג אין קאַרצער, וואָס באַטרעפט אַ דריטל פון דער צייט וואָס ער האָט זיך געפונען אין בערעזע.

דער פליישער־אַרבעטער פון וואַרשע, לייב פעלדבלום, איז אין משך פון איין יאָר זיך געפינען אין בערעזע, אָפּגעלעגן העכער 70 טעג אין קאַרצער. אַ חוץ קאַרצער האָט אים גרעפּנער באַשטראָפט מיט 5 טעג הונגער פאַר נישט אַרויסזאָגן גענוג דייטלעך דאָס וואָרט „קאַרטוז בערעזע".

דאָס ערשטע האַלבע יאָר האָט זיך דער קאַרצער געפונען אין אַן אָפּגעזונדערטע געביידע, אַרומגעצוימט מיט אַ פאַרקן פון שטעכיקע דראָט און באַוואַכט פון פאָליציי. די געביידע איז געווען אַן אַלטע, אַן אָפּגעלאָזענע, בעת אויפן אָרט פון איצטיקן קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט זיך געפונען מיליטער, איז אַ טייל קאַמערן פון דער געביידע באַנוצט געוואָרן אַלס „מתים־שטיבל" פאַר די פאַרשטאָרבענע סאָלדאַטן. די געביידע איז איינגעגראָבן אין דער ערד. ביים אַריינגאַנג אין די קאַמערן מוז מען אַראָפּ־גיין אויף עטלעכע צעבראָכענע טרעפּ. אין אַ טייל קאַמערן זע־נען אָפילו קיין אַספאַלט־פאָדלאָגעס אויך נישט פאַראַן. די פאָד־לאָגעס באַשטייען פון צעשאָטענע ערד. אין די קאַמערן איז זיי־ער שמוציק, אָנגעשאָטן מיט מיסט, שטויב, צעבראָכענע פלע־שער. די פענצטער זענען פאַרמויערט מיט ציגל — און ס'איז איבערגעלאָזט געוואָרן נאָר אַ קליינע עפענונג, די גרויס פון אַ שעכטעלע זאַפאַלקעס — אַזוי אַז אָפילו ביי טאָג איז גוט פינצ־טער. די טירן ווערן פאַרשלאָסן מיט שווערע, אייזערנע פרענטן און שלעסער.

דעם דאָזיקן „פּאַלאַץ" האָט דאָס קאָסטעק ביערנאַצקי מיט זיין געהילף גרעפּנער, באַשטימט פאַר די „פאַרזינדיקטע" געפאַנגענע אין בערעזער קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אַז מ'האָט געפירט אַ „פאַרזינדיקטן" געפאַנגענעם אין קאַרצער, האָט ער דעם גאַנצן וועג, ביז צו דער געביידע, געמוזט מאַכן „פּאַדני" ! און „פּאָווסטאַן" ! ביים אריינלאָזן אין פינצטערן קאָמער האָט דער פּאָליציאַנט דערלאַנגט עטלעכע גומי־שטעקענס. אָפּטמאָל, אַז ס'האָט זיך דעם וואַך־פּאָליציאַנט פון קאַרצער געלאַנגוויילט, איז ער אריין אין קאָמער און אויפסניי דערלאַנגט קלעפּ.

אין „קאַרצער" איז מען געשלאָפן אויף דער נאַקעטער ערד. טראָגן אויף זיך האָט מען דערלויבט נאָר די מאַרינאַרקע און איין סוועטער ; האָט מען געטראָפן אויף דעם געפאַנגענעם אַ טאָפּלטן סוועטער, איז אַ חוץ וואָס מ'האָט דעם סוועטער אַראָפּגעצויגן, האָט מען אים געשלאָגן אַז ער זאָל אויסזאָגן, ווער פון די געפאַנגענע ס'האָט אים אויסגעבאָרגט דעם סוועטער.

— דאָ, אין בערעזע, וועט איר קיין „מאָפּר" נישט פאַרלייגן ! — האָט גרעפּנער געזאָגט צו די פּראָלעטאַרישע געפאַנגענע.

עסן האָט מען באַקומען יעדן צווייטן טאָג. דעם טאָג וואָס מ'האָט נישט געגעסן, איז דערלויבט געווען אַז דער „קיבעל" (צו דערליידיקן דעם נאַטירלעכן געברויך), זאָל זיך געפינען אין קאָמער. דאַקעגן דעם טאָג וואָס מ'האָט באַקומען עסן—האָט מען ארויסגענומען פון קאָמער דעם „קיבעל"... אין די האַרבסטיקע און ווינטערדיקע טעג איז די קעלט אין דאָזיקן לעבעדיקן קבר געווען אַ מוראדיקע.

נאָכן ערשטן האַלבן יאָר, האָבן אין בערעזע אָנגעהויבן צו בלאָזן „ליבעראַלע" ווינטן. אויפן אָרט פון גרעפּנערן איז באַשטימט געוואָרן דער אינספּעקטאָר יוזעף קאַמאַלאַ, דער אַלטער קאַרצער איז פאַרביטן געוואָרן אויף אַ... נייעם. מיט נאָך פיל ערגערע טאָרטור־סיסטעמען — דערפונדן דורכן נייעם נאַטשעלניק. מיט איין אונטערשיד, וואָס אינעם נייעם קאַרצער האָט מען באַנאַכט אויף צו שלאָפן באַקומען אַ הילצערנע פּריטשע. — דערפאַר האָט יוזעף קאַמאַלאַ איינגעפירט פאַרן „קאַרצער" און „אַרעסט" נייע „היגיעניש" באַדינגונגען, וואָס זענען באַשטאַנען אין אריינגיסן יעדן טאָג צו 3־4 עמערס וואַסער אויף דער אַספאַלט־פּאָדלאָגע, אַזוי אַז אַ גאַנצן טאָג האָט מען געמוזט „שפּאַצירן" אין וואַסער און נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַנידערצולייגן אפילו אויף דער פּאָדלאָגע דעם קערפּער.

אויב אין אַלטן קאַרצער האָט מען געזשאַלעוועט דעם „קיבעל", געפינט זיך אין נייעם קאַרצער דער קיבעל כסדר אין קאָמער. אָבער אַרויסגיסן די אומריינקייטן קען מען נאָר דאָמאָלט, ווען דער „קיבעל" איז פול ביז איבערן ברעג... אַזוי ווי אין קאַרצער זיצט מען נאָר איינצעלווייז — דויערט ביז ס'פילט זיך אָן אַ פולער „קיבעל" 12-10 טעג... במילא ווערט מען אין קאַרצער פאַרסמט פון אייגענעם אָפּפאַלוס....

קאַמאַלאַ האָט אויך איינגעפירט אַ רעפאָרם פון עסן. דעם טאָג וואָס מ'האָט אין קאַרצער עסן, באַקומט מען נאָר אַ העלפט פון דער נאָרמאַלער פּאָרציע, און אָפּטמאָל דאָס אויך נישט.

איינמאָל ווען א חבר איז אָפּגעקומען זיינע „זינד" אין קאַרצער, איז אויסגעפאַלן אויף דעם שרייבער פון די שורות צו זיין דער „פּאָדלאָגע־וואַשער" (וואַסער אָנגיסן) אין קאַרצער. נישט וועלנדיק אָנגיסן קיין וואַסער האָב איך בלויז מיט אַ פייכטער שמאַטע אויסגעווישט די פּאָדלאָגע. דער וואַך־פּאָליציאַנט האָט דערשמעקט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט ער מיטן שטיוול אומגעקערט דעם עמער מיטן וואַסער, און אלס שטראָף געהייסן ברענגען נאָך 2 פולע עמערס מיט וואַסער און זיי אויסגיסן אויף דער פּאָדלאָגע....

אין בערעזע איז פאַראַן אַ „פּרינציפּ", אַז דער „קאַרצער" און דער אַרעסט טאָר קיינמאָל נישט זיין ליידיק.

דער אונטערשיד צווישן „קאַרצער" און „אַרעסט" באַשטייט אין דעם וואָס אין אַרעסט־קאַמער געפינען זיך די באַשטראָפטע צוזאַמען, אַזוי ווי אין בערעזע פעלן קיינמאָל קיין „פאַרזינדיקטע" נישט אויס — במילא איז דער אַרעסט אַלעמאָל פול.

אין „אַרעסט", סיי באַטאָג, סיי באַנאַכט, טוט זיך דאָס פּאָליציאַישע אויג נישט אָפּ. מען טאָר נישט „שפּאַצירן" צוזאמען מיט אַ צווייטן געפאַנגענעם, מ'טאָר נישט אויסרעדן קיין וואָרט, קיין לאַך, קיין ברום, מ'קען זיך נאָר געפינען אויף איין האַלבע זייט פון אַרעסט־קאַמער, בכדי דער פּאָליציאַנט זאָל דורך דער „וויזיטערקע" שטענדיק קענען זען וואָס די געפאַנגענע טוען.

אַמשטאַרקסטן היט אָפּ דער אינספּעקטאָר קאַמאַלאַ דעם קאַרצער און אַרעסט. דאָס זענען זיינע „ליבלינגס־ווערק".

יעדן טאָג קומט ער, באַגלייט פון אַ שטאַב פון באַאַמטע, אויף אַ באַזוך אין קאַרצער און אין אַרעסט אַריין. און קאַמאַלאַ עקזאַמינירט :

— נו, איר וועט נאָך זינדיקן ?

אָבער די געפאַנגענע „בעסערן" זיך קיינמאָל נישט אויס.

— איר וועט זיך אויסבעסערן, צי נישט ?

נאָך איידער זיי פאַרלאָזן דעם אַרעסט האָבן זיי שוין אויפסניי „געזינדיקט" און פאַרדינט אַ נייע שטראָף.



# יאנקל שפאז

געבוירן אין 1910 אין וואַרשע. געלערנט אין חדר. געאַרבעט ביי פאַרשידענע מלאכות. אין 1924 אויסגעוואַנדערט צוזאַמען מיט זיינע עלטערן קיין פּאַלעסטינע. אין יאַנואַר 1931 געוואָרן אַרויסגע־שיקט פון לאַנד פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. צוריקגעקערט זיך קיין פּוילן. אין וואַרשע געאַר־בעט ביי פאַרשידענע פאַכן. מיטגעאַרבעט אין דער „ליטעראַרישע טריבונע". פיל מאָל געזעסן אין תפיסה. אויגוסט 1936 אַוועק קיין פּאַריז. מיט־געאַרבעט אין דער „נייע פּרעסע", „פּאַריזער זשורנאַל". אין 1939 איז דערשינען זיין בוך „אויף שווערן גרונט". אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, געלעבט אין פּאַריז און שפּעטער אין דער אַזוי גערופענער „פרייער זאָנע". דעם 13־טן נאָוועמבער 1943 דעפּאָרטירט געוואָרן.

משה שולשטיין

# יאנקל שפאז

אָנהייב פרילינג 1931 האָט זיך באַוויזן אין וואַרשע, אויף דער דזשיקע גאַס, אַ יונגער בחור, וואָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די דורכגייער. ס׳איז געווען דערפאַר, ווייל סיי זיין הלבשה און סיי זיין אויסזען האָבן זיך שטאַרק אונטערשיידט פון אַלעמענס. ער איז געווען אַ שוואַרצער, אַ לאַנג־האָריקער און שטאַרק־אָפּגעברענטער פון דער זון. גע־טראָגן האָט ער אָריגינעלע העמדלעך, ווי די „רובאַשקעס" פון די אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערן, נאָר ווייסע, מיט קעלנערלעך פאַרמאַכטע ביים האַלדז און אויסגעהאַפטענע מיט קאָלירטע צאַצקעלעך, בלימעלעך און פליטערלעך. ער האָט אויך גע־טראָגן גאַליפע־הויזן און זאָקן ביז איבער די קני.

דאָס איז געווען יאַנקל שפּאַן.

ער איז נאָר־וואָס געהאַט געקומען פון פּאַלעסטינע, אָבער „געקומען" איז אפשר נישט ריכטיק געזאָגט, ווייל ער איז נישט געקומען מיט זיין אייגענעם ווילן. נאָר איז פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, נאָכן אָפּזיצן אַ האַלב יאָר אין דער תפיסה פון עכו, געוואָרן אַרויסגעשיקט פון לאַנד דורך דער ענגלישער מאַכט.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט אים דאָס ערשטע מאָל אין אַ שבתדיקן פאַרמיטאָג דעמזעלבן פרילינג, אין פאַריין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אויף לעשנאָ־גאַס, ווו עס איז פאָרגעקו־מען אַ ליטעראַרישער פרימאָרגן, אין וועלכן אויך איך האָב זיך באַטייליקט. איך האָב דערהערט, ווי מען רופט אויף צום לייענען זיינע שאַפונגען אַ יונגן שרייבער פון פּאַלעסטינע, וואָס איז מיר געווען אומבאַקאַנט סיי פון אויסזען און סיי פון נאָמען. פון זיינע פערזן, וואָס ער האָט געלייענט, האָט אַ קלונג־געטאָן מיט העברעאישע און אַראַבישע נעמען פון מענטשן און ישובים, מיט געזאַנג פון פּאַסטעכער און פע־לאַכן און פון יידישע קאָלאָניסטן.

נאָך אָט־דעם ליטעראַרישן פרימאָרגן איז מיר שוין אויס־געקומען צו באַגעגענען זיך מיט יאַנקל שפּאַן זייער אָפט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, פאַרזאַמלונגען, אַרויסטריטן און צונויפקומען פון אונדזער יידישער יוגנט אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן.

ער איז געקומען פון קאַמף צו קאַמף.

אין פּאַלעסטינע איז ער געווען איינער פון די אַקטיוויסטעטוער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט און באַלד נאָכן אָפּזיצן זיין אורטייל אין דער עכוער פעסטונג און נאָך זיין דעפּאָר־טירט ווערן קיין פּוילן, האָט ער נישט געקענט איינרוען און זיך באַלד אַנגאַזשירט אין געזעלשאַפטלעכן קאַמף. איידער

נאָך די מזרחדיקע זון איז אַראָפּ פון זיין פּנים, איז ער שוין אַראָפּ אין דער אונטערערד, שטעלנדיק זיך אין שפּיץ פון דער קעמפנדיקער יידישער יוגנט. ער האָט צוביסלעך אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפן פון זיך די העמדלעך מיט די בלימעלעך און פליטערלעך, די גאַליפּע־הויזן און די לאַנגע האָר, ווייל דאָס אַלץ, זייענדיק גוטע סימנים פאַר דער פּאַשיסטישער פּאָליציי, האָט אים געקענט לייכט קאָמפּראָמיטירן. אַלנפאַלס, האָט דאָס אַראָפּוואַרפן די גאַליפּע־הויזן און די לאַנגע האָר נישט געשטערט אים ווייטער פאַרצוזעצן שרייבן נאָוועלן און לידער. ער האָט געשריבן, נישט געקוקט אפילו דערויף, וואָס זיין גאַנצע פרייע צייט איז געווען אויסגעפילט מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן האָט שפּאַן אַרויסגעוויזן אין זיין פריסטער יוגנט. צו 14 יאָר שוין, אין 1924, געהערנדיק צו דער רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע „פּועלי אגודת ישראל" אין וואַרשע, איז ער דער סעקרעטאַר פון דער יוגנט־סעקציע ביי דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע. זיין צייט איז אויסגעפילט מיט דינאַמישקייט. מיט אַרבעט און טאַטן. נישט לאַנג צוריק האָט ער פאַרלאָזט דאָס חדר און פאַרענדיקט אַ העברעאישע מיטל־שול. ער לערנט זיך מאַכן דאַמען־טאַשן און אַרבעט אין דער וואַרשעווער קהילה, דערנאָך ווערט ער אַן אָנגעשטעלטער אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אויף דער גענשא גאַס. מען קען זאָגן בוכשטעבלעך, אַז ער האָט געהאַט צענדליקער באַשעפטיקונגען און מלאכות אין זיין לעבן. קומענדיק מיט זיינע עלטערן קיין פּאַלעסטינע אין יאָר 1924, אַרבעט ער אין תל־אביב אַלס שטובן־מאָלער, דערנאָך פאַרנעמט ער זיך מיט ערד־אַרבעט, רעדאַקטירט אַ העפט מיטן נאָמען פון דאָרף, ווו ער וווינט, און אַרבעט ביי שוסטעריי. שפּעטער־צו אין וואַרשע, דערנאָך אין פּאַריז איז די צאָל פון זיינע מלאכות נאָך אַ גרעסערע.

אין 1929 האָט ער צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט זיינס אַ ליד און אַ דערציילונג אין דער העברעאישער צייטונג „בחזית" (אין קאַמף) אָבער זיין וועזנטלעך שאַפן הייבט זיך אָן מיט אַן אַנדערטהאַלבן יאָר שפּעטער, אין דער עכוער פּעסטונג, ווו ער פאַרטראַכט זיין ראָמאַן „אויף שווערן גרונט". ווי ביי אַ סך אָנהייבער זענען שפּאַנס ערשטע שאַפונגען געווען לידער. ער האָט שפּעטער־צו אינגאַנצן רעזיגנירט פון דער פּאָעזיע און זיך פאַרנומען בלויז מיט פּראָזע. די טעמאַטיק זיינע, סיי פון די לידער און סיי פון דער פּראָזע, איז דורכויס געווען אַ פּאַלעסטינער. שוין זייענדיק צוריק אין פּוילן, איז נאָך אַ לענגערער צייט דער באָדן פון ארץ־ישראל געווען פאַר אים דער רעזערוואַר פון ליטעראַרישן שטאָף און טעמאַטיק. ער האָט אַריינגעפירט אין זיינע דערציילונגען דעם יידישן יוגנטלעכן, דעם זוכער פון אידייען און דעם מאָנער פון יושר, דעם פּשוטן מענטש מיט זיינע פּשוטע זאָרגן, מיט זיינע טאָגטעגלעכע דאגות און ראַנגלענישן ; דעם מענטש, וואָס שטייט אויף דער רויער ערד אַריינגעטון אין גשמיות. און נישט צופעליק טראָגן שפּאַנס שאַפונגען אַזעלכע נעמען ווי „ערד", „זאַלץ", „שמידער" און „אויף שווערן גרונט".

אין דער צייט פון יאַנקל שפּאַנס אומקער קיין פּוילן, האָט אין וואַרשע, אויף דזשיקע 46, עקזיסטירט אַ האַלב־לעגאַלע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „פּראָגרעס". פאַר דער מאַכט האָט עס געהייסן, אַז די אָרגאַניזאַציע פאַרנעמט זיך בלויז מיט ספּאָרט, אָבער אין דער אמתן, און דער עיקר, האָט זי זיך חוץ מיט ספּאָרט פאַרנומען אויך מיט דערציען די יידישע יוגנטלעכע אין פּראָגרעסיוו־רעוואָלוציאָנערן גייסט. יאַנקל שפּאַן ווערט צוזאַמען מיט ג. קעניג, וועלכער האָט זיך נאָך דעמאָלט געפונען אין וואַרשע, איינער פון די אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָרן פון „פּראָגרעס". זיין שטים לאָזט זיך הערן אין אַלע צימערלעך, ווו עס רוישן פאַרזאַמלונגען, זיצונגען, באַראַטונגען פון דער פאַרוואַלטונג און פון די קאָמיסיעס. און קאָמיסיעס האָבן דאָרט נישט געפעלט : קולטור־קאָמיסיע, ביבליאָטעק־קאָמיסיע, לייען־זאַל־קאָמיסיע, אָרדנונגס־קאָמיסיע, רעפערענטן־קאָמיסיע און אַנדערע. עס האָט דאָרט גערוישט אומאויפהערלעך אָוונט נאָך אָוונט. אַלע צימערן — פאַרפּאַקט פון ייִנגלעך און מיידלעך, פון יונגער, ברויזנדיקער חברה, אַז אפילו די קאָרידאָרן און די טרעפּ זענען פול געווען מיט איר און איבערגעגאַנגען.

בייטאָג איז אין אָט דעם לאָקאַל געווען עפּעס א רעפאָרמירטע תלמוד־תורה, וואָס איז געווען חצי חדר און חצי שול, מיט וועלכער ס'האָט פאַרוואַלטעט אַ ייד מיט אַ פּראָגרעסיוו־פאַרשוירן בערדל. אָבער דער אמתער פּראָגרעס האָט זיך אָנגעהויבן אין די אָוונטן, ווען דער לאָקאַל, אָפּגעדונגען ביים פאַרוואַלטער, האָט געהערט צום „פּראָגרעס".

אַזוי האָט זיך צוויי מאָל אין מעת לעת געטוישט דער גייסט צווישן אָט־די ווענט. אין אָוונט איז יעדעס צימער געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. אין איינעם — אַ פאָרטראָג וועגן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. אין אַ צווייטן — אַ לעקציע פון יידיש. פון איין צימער אין אַנדערן קרייצן זיך דורך די טירן דער „דאָ רע מי פאָ סאָל לאָ" פון מאַנדאָלין־אָרקעסטער מיט איינגעשטודירטע לידער פון כאָריסטן. שטיל איז בלויז געווען אין לייען־זאַל, ווייל דאָ האָט געמוזט זיין שטיל. דערויף איז געווען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס חוץ זאָרגן פאַרן לייען־מאַטעריאַל, האָט זי אויך געזאָרגט פאַר דער שטילקייט. „פּראָגרעס" האָט פאַרמאָגט אַ פּעריאָדישע וואַנט־צייטונג, וואָס איז רעדאַקטירט געוואָרן פון ג. קעניג און אַנדערע. די צייטונג, פאַרן ווערן אַ וואַנט־צייטונג, ס'הייסט פאַרן ווערן אויפגעהאָנגען אויף דער וואַנט, האָט מען געלייענט אויף א ספּעציעלן אָוונט, איינגעאָרדנט דורכן קלוב פאַר א גרעסערער אוידיטאָריע, ווו די מחברים האָבן געלייענט זייערע שאַפונגען. דאָ האָט דער מחבר פון די שורות געלייענט זיינע ערשטע לידער. ביים אָנקומען אין „פּראָגרעס" איז יאַנקל שפּאַן געוואָרן איינער פון די רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער פון זייער וואַנט־צייטונג. ער האָט דאָ צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט

זײַן דערציילונג „קינדער־שטרייק“, װוּ ער שילדערט די נויט, די אומדערטרעגלעכע לעבנס־באַדינגונגען און דעם בונט פון אַראַבישע אַרבעטער־קינדער. די דערציילונג האָט שטאַרק אויסגענומען און איז נישט לאַנג דערנאָך געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דער „ליטעראַרישער טריבונע“, װוּ שפּאַן איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. זײַן שאַפן איז אַרויס פון די ענגע „פּראָגרעס“-װענט צו דער ברייטער גאַס.

אַרום דער „ליטעראַרישער טריבונע“ האָט זיך דעמאָלט אויסגעבילדעט דער קרייז פון יונגע דיכטער און פּראָזאָאיקער, צו וועלכן עס האָבן געהערט: קלמן ליס, בינעם העלער, מ. א. קנאַפּהייס, א. ל. טאַף, כלאַװנע קאַגאַן, דוד מיצמאַכער, שמואל װאָלמאַן, ב. שלעווין, מרדכי אָלעי, ש. זאַראַמב, י. לעווענשטיין, געלענבערג און אַנדערע. שפּעטער האָבן זיך אויך צו דער גרופּע אָנגעשלאָסן א. ד. ספאַרד, נפתלי הערץ קאָן, הערץ בערגנער. יאַנקל שפּאַן, מיטאַרבעטנדיק אין דער „ליטעראַרישער טריבונע“, ווערט גלייכצייטיק איינער פון די אַקטיווע מיטגלידער און טוער פון אָט־דער שרייבער־גרופּע. זײַנע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, זײַן רירעוודיקייט און דינאַמיזם קומען אים דאָ, און אויך דער גרופּע, שטאַרק צונוץ. צווישן די אויסגערעכנטע שרייבער זענען פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס קומען פון סאָציאַלע שיכטן און סביבות, וועלכע האָבן געשטעקט אין דער צווישנקייט — אין געראַנגל צווישן סאָציאַלן פּראָגרעס און רעאַקציע.

אייניקע פון די דאָזיקע שרייבער איז נאָכגעשט אינגאַנצן נאָענט דער רעוואָלוציאָנערער אויפשוווּנג פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן צו יענער צייט. טייל פילן זיך נאָך אין דער יחוסדיקער ליטעראַרישער סביבה, ווי אין אַ היכל, און ס'דערגייען נאָכנישט צו זיי די השגות, אַספּיראַציעס און שטרעבונגען פון יידישן אַרבעטער און פאָלקס־מענטש, מיט וועמענס לעבן און קאַמף זיי האָבן אויפריכטיק באַשלאָסן צו פאַרבינדן זייער שאַפן. יאַנקל שפּאַן, קומענדיק צו די אָפּטע אומלעגאַלע שרייבער־זיצונגען, איז אַליין געווען ווי אַ שטיק אומלעגאַלקייט, אַ שטיק קאָנספּיראַציע, אַ סימבאָל פון דער אונטערערדישער גאַס, אַ שפּליטער פון יענעם אויפברויז, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע און אָרעמקייט. צווישן די שרייבער איז ער געווען פון די, וואָס אַנשטאָט צו זײַן אין יחוסדיקן ליטעראַרישן היכל, איז ער געווען אין רעוואָלוציאָנערן אונטערערד, און אַנשטאָט צו קומען פון צייט צו צייט פון היכל צו דער גאַס, איז ער פון צייט צו צייט געקומען פון דער גאַס צום היכל.

דער ערשטער גרויסער עפנטלעכער אַרויסטריט פון דער שרייבער־גרופּע איז געווען אַ ליטעראַריש־קינסטלערישער פרימאָרגן אין קינאָ־זאַל „טענטשאַ“, פּושעיאַזד 9, וואָס איז געווען אויסגעפילט מיט אַן ענטוזיאַסטישן, באַגייסטערטן עולם. שפּעטער־צו האָט זי אָפט געהאַט אירע ליטעראַרישע אָוונטן און פרימאָרגנס אין ליטעראַטן־פאַריין, וואָס איז שטענדיק געווען געפּאַקט פון מענטשן. אַ נייער טאָן האָט אָפּגעקלונגען צווישן די מיט גאַבעלינען־באַגילדעטע ווענט פון טלאָמאַצקע 13, וואָס האָבן אויפגעציטערט אין שטוינונג ביי יעדן אויפגערויש פון הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. אַ בייערטאָן און נייע טעמאַטיק האָט אָפּגעקלונגען. אַ שאַפן, וואָס איז נאָענט און אייגן געווען דעם לייענער. די שרייבער־גרופּע איז נישט געווען קיין אָפּגעזונדערטע מסיבה. אַרום איר האָט זיך געשאַפן אַ באַוועגונג פון טויזנטער לייענער, געטרייע מיטהעלפער און מיטווירקער, איבערגעגעבן מיט ליבשאַפט און ענטוזיאַזם. מיר פלעגן זאָגן מענטשן, אַז ווען עס דערשיינט אַ נומער פון דער „ליטעראַרישע טריבונע“, איז ביי זיי אַ יום טוב. אָט־די יום־טובדיקייט, אָט־די ענגע פאַרבינדונג, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן לייענער און שרייבער, האָט באַגייסטערט די גרופּע, זי אינספּירירט צו נייע ליטעראַרישע פאַרמעסטן און אויפטוען.

עס זענען אויך פאָרגעקומען ליטעראַרישע אַרויסטריטן אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, ווו די שרייבער האָבן געלייענט זייערע שאַפונגען און דערנאָך זענען פאָרגעקומען דיסקוסיעס איבער די געלייענטע זאַכן. פון די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פון די אַנוועזנדיקע אַרבעטער האָבן די שרייבער אָפּטמאָל אַ סך געלערנט. דער פאַרדינסט פונעם איינאָרדענען די ליטעראַרישע אַרויסטריטן אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אַרבעטער־קלובן, האָט זייער אָפט געהערט צו יאַנקל שפּאַן, וואָס איז מער פון אַלעמען געווען אויסגעבונדן מיט די פאַריינען, זייערע טוער און אַקטיוויסטן. ער האָט דעריבער לייכטער פון אַלעמען געקענט צונויפברענגען די אַרבעטער־אוידיטאָריע מיטן שרייבער. ער איז אפילו אַ געוויסע צייט געווען סעקרעטאַר פון אונדזער שרייבער־גרופּע, זייענדיק אומעטום דער גייער, דער לויפער, דער פאַרבינדער, דער באַהאַוונטער אין אַלץ און דער שליח פון אַלעמען. אַפילו פון טעכנישן שטאַנדפּונקט גענומען האָט ער שטאַרק גענוצט דער גרופּע, וואָס האָט זיך אַ סך אַרויסגעהאָלפן מיט אים.

די אַרבעטסלאָזיקייט, די נויט און די דעקלאַסירונג צווישן יידן זענען דעמאָלט געווען גרויס און יאַנקל שפּאַנען, ווי אַ צוגעקומענעם, איז נאָך שווערער געווען אַריינצופּאַסן זיך, צו געפינען אַ מקום־מקלט און מעגלעכקייטן פון חיונה. אין זײַן דירה איז דער הונגער געווען אַן אָפטער אײַנגייער, און אָפט גאָר האָט דער הונגער נישט געהאַט אַפילו ווו אַרײַנצוגיין, ווייל שפּאַן האָט לגמרי קיין דירה נישט געהאַט. האָט דער הונגער אים אַזוי באַגלייט אין זײַן נע ונד און וואָגל. גוט איז אים כאָטש געווען, שפּאַנען, וואָס ער האָט געהאַט ברייטע פּלייצעס און ברייטע פאַרמעסטן. צו יעדער פרנסה האָט ער זיך אויסגעטויגט און צו יעדער אַרבעט האָט ער זיך געקענט צופּאַסן. אָט אַרבעט ער ביים פאַנאַנדערקלעפּן אַפישן אין די וואַרשעווער גאַסן, אָט אַרבעט ער אין אַ וואַטע־פאַבריק און אָט אַרבעט ער אַלס קוילן־טרעגער. אָט זעט מען אים אַ פאַרשמירטן פון קלײַ, אַ פאַרוויסטן פון



י. שפּאַן אין וואַרשע אַלס קוילן־טרעגער. (פאָטאָגראַפירט אין 1932 אויף דער מילע־גאַס)

וואַטע און אַט אַ פאַרשוואַרצטן פון קוילן, און דורך אַלץ אַדורך גלאַנצט זיין שווייס, מיט וועלכן ער פאַרדינט זיך ערלעך זיין שטיקל ברויט. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט איז דער אָוונט אויסגעפילט מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אָבער אויך אין די טעג לאָזט מען אים נישט צורו. חברים קומען אַריין אין סקלאַד פון קוילן און האָלץ, אויף מילע גאַס און „פאַרדרייען אים דעם קאָפּ", ווי דער באַלעבאָס זיינער פלעגט זיך אויסדריקן. ווער עס קומט צו אים וועגן רעדאַגירן אַ רעזאָלוציע פאַר אַ פאַרזאַמלונג, און ווער — וועגן אַ סכסוך, אַ קאָנפליקט אין פאַך, און ווער — גלאַט אַזוי כאַפּן אַביסל אַ מוטל. פון זיינע מעת־לעתן איז אים ווייניק געבליבן צייט פאַר זיין שרייבן. אָבער דאָך שרייבט ער פון צייט צו צייט אַ נאָוועלע, וווּ ער פּרוווט אַקטועל־פּאָליטישע פּראָבלעמען געבן אַ קינסטלערישן תיקון, אָבער אָפט האָט ער געלאָזט דעם שטאָף, די טעמע רוי, נישט קענענדיק איר צופּאַסן דעם געהעריקן לבוש. צוליב דער איילקייט און נישט־געזעצטקייט האָט אָפט געפעלט אין שפּאַנס פּרוּוון די קינסטלערישע אויסגעשטאַנענקייט און רייפקייט.

דאָסזעלבע קען אויך אין אַ געוויסער מאָס געזאָגט ווערן וועגן זיין ראָמאַן „אויף שווערן גרונט" (דערשינען אין פּאַריז 1939, פאַרלאַג א. ב. צערעטאַ). הגם דאָ (דער ראָמאַן איז פאַרטראַכט און אויסגעטראָגן אין דער עמיגראַציע), האָט שוין שפּאַן געהאַט צייט און מעגלעכקייטן פאַר אַ געלאַסענעם ישוב־הדעת און באַרעכנטקייט. דער ראָמאַן (אָנגעשריבן נאָך זיין קומען קיין פּוילן), איז אַ פּאָזיטיווע דערגרייכונג פאַר שפּאַנען, ער איז א פּרוּוו פון אַ ברייטערן פאַרמעסט, פון שילדערן אַן אָפּשניט פון פּאַלעסטינער לעבן אין אַ געוויסן פּעריאָד. שפּאַן אַנטפּלעקט אונדז די שוועריקייטן פון די יידישע קאָלאָניסטן ביים איינאָרדענען זייער לעבן אויף די נייע באַדינגונגען, אויפן שטייניקן פּאַלעסטינער באָדן, אויף שווערן גרונט. דער שווערער גרונט איז דאָ שווער סיי אין פּשוטן זין פון וואָרט און סיי אין אַלגעמיינעם. שפּאַן ווייזט אונדז פינצטערע, נישט באַרעכנטע אַקטן פון אונטערצינדן יידישן שכיט מצד פאַרפירטע אַראַבער, וואָס לויערן אין די נעכט, פאַרטייעט אין די בערג. ער ווייזט אונדז אויך דעם געמיינזאַמען קאַמף פון יידישן און אַראַבישן אַרבעטער קעגן געמיינזאַמען שונא, דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. מיט באַשיידענע מיטלען פירט אונדז שפּאַן אַדורך אַ רייכע גאַלעריע פון פּערסאָנאַזשן, און הגם זיי זענען נישט גענוג פאַרשניצט און פּאָלירט, פאַרבלייבן זיי אין זכרון. שפּאַנען געלונגט ערטערווייז איבערצוגעבן אונדז דעם פּאַלעסטינער קאָלאָריט. פון זיינע נאַטור־שילדערונגען טראָגט זיך אָפט אַ ווייכער, לירישער טאָן און אין אַלגעמיין איז „אויף שווערן גרונט" אַן ערנסטער ביישטייער צו דער ליטעראַטור וועגן פּאַלעסטינע. דאָס בוך האָט אָבער געהאַט דאָס אומגליק צו דערשיינען אין זומער 1939, אינעם זומער פון קריגס־אויסברוך, וואָס האָט צעשטערט דאָס פאַרשפּרייטן פון יידישע אויסגאַבעס.

איינִיקע פון שפּאַנס נאָוועלן, וואָס ער האָט געשריבן נאָכן פאַרענדיקן זיין ראָמאַן „אויף שווערן גרונט", זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „ליטעראַרישער טריבונע". ער איז שוין דאַן נישט מער קיין מיטאַרבעטער פון דער וואָנט־צייטונג אין „פּראָגרעס", ווייל — זי איז מער נישטאָ. „פּראָגרעס" גופא איז שוין פונלאַנג פאַרמאַכט דורך דער פּאָליציי. געבליבן איז בלויז פון אים אַן אומלעגאַלע „בערזע" אויף פּלאַץ מוראַנאָוו. פון זיינע טוער איז אַ טייל, וואָס האָט באַוויזן אויסצומיידן די תפיסה, זיך צעלאָפן. ג. קעניג איז דאַן אוועק קיין פּאַריז. יאַנקל שפּאַן איז צו יענער צייט שטאַרק פּאָפּולער. אויף דער גאַס, אויף דער „בערזע", אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין — ווער האָט דען נישט געקענט דעם שוואַרץ־האָריקן, ברוין־הויטיקן יונג מיטן זיכערן טראָט און פולן מויל געלעכטער? עס האָבן געוווּסט פון אים די שטעטלעך אַרום וואַרשע צוליב זיינע רעפעראַטן אין פאַרלעזונגען. עס האָט געוווּסט פון אים און אים גוט געקענט די יידישע אַרבעטער־יוגנט פון זיין טעטיקייט אין „פּראָגרעס" און ס'האָבן אים געקענט די אַרבעטער, ווייל אין משך פון אַ לענגערער צייט איז שפּאַן געווען סעקרעטאַר אין עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין וואַרשע און אין לאָדזש, וווּ ער איז געזעסן אַ יאָר צייט אין תפיסה. עס האָט אים אויך געקענט די וואַרשעווער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך געוואָלט מיט אים „נענטער באַקענען" און אים אַרומגעזוכט. אָפט איז ער

ניִשט געגאַנגען אַליין אין גאַס. נאָך אים האָט זיך נאָכ־געשלייכט אַ „שפּיק״, אָדער צוויי. דער סעקרעטאַר פון ליטעראַטן־פאַריין, מלך ראַוויטש, האָט כּסדר געהאַט אויס־צושטיין צרות פון אים צוליב די נייע „געסט״, די שפּיצלעס, וואָס שפּאַן פלעגט אָפט פאַרשלעפּן אויף טלאָמאַצקע 13. אין יאָר 1936 האָט טאַקע די פּאָליציי ביי שפּאַנען אין דער היים גופא אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. דאָסמאָל איז זי גע־קומען צו אים אין מיטן דער נאַכט, כּדי אָפּצופירן אים אין דעם גרויזאַמען לאַגער פון קאַרטוז־בערעזע. מיט קונצשטיק און נסים געלינגט דעמאָלט שפּאַנען זיך אַרויסצובאַקומען פון שטוב, צו פאַרשליסן די פּאָליציי פון אויסנווייניק און נעלם צו ווערן.

שפּאַן קומט דעמאָלט קיין פּאַריז אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט, האָט אויסצושטיין אַלע שוועריקייטן און צרות, וואָס עס האָבן דעמאָלט געהאַט אויסצושטיין אַלע עמיג־ראַנטן בכלל. פּאַריז לעבט דאַן אונטערן צייכן פון פאָלקס־פראַנט און פון נאָענטן געראַנגל צווישן דער שפּאַנישער רעפּובליק און דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַשיזם. דער פּאָלי־טישער קאַמף איז דאָ אויפן העכסטן פּונקט פון אָנשטרענ־גונג. שפּאַן נעמט אַנטייל אין דער געזעלשאַפטלעכער אַר־בעט, איז אַקטיוו אין דער „קולטור־ליגע״. מ׳זעט אים אויף די זיצונגען פון צענטראַלן קולטור־ראַט. ער אַרבעט אַלס פרעסער און איז אַ מיטגליד פון דער שריי־בער־גרופּע ביים „פּאַריזער זשורנאַל״. ער פאַרנעמט זיך מיטן צוגרייטן צום דרוק זיין בוך „אויף שווערן גרונט״ און מיט צוגרייטן דעם פּלאַן און אויסאַרבעטן די סכעמע פאַר אַ נייעם ראָמאַן וועגן יידישן לעבן אין פּוילן. ער האָט שוין אפילו געהאַט אויסגעאַרבעט די סכעמעס פון די קאַפּיטלען און אייניקע קאַפּיטלען אָנגעשריבן, וואָס זענען אויך געווען ווי סכעמעס, נאָר פאַרגרעסערטע, פאַר־ברייטערטע.

ווען די מלחמה ברעכט אויס, ווערט שפּאַן אַ סאָלדאַט אין „אויסלענדער־לעגיאָן״, וועמענס צייטווייליקער לאַגער האָט זיך געפונען אין באַרקאַרעס, ביי אַ זאַמדיקן ברעג פון מיטללענדישן ים. אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט די פּאַלעסטינער זון, וואָס האָט אים געהאַט געלאָזט אַ פעריאָדישע קראַנקייט אין די אויגן. דאָס האָט אים איצטער געשטערט צו זיין אַ סאָלדאַט. ער קומט צוריק קיין פּאַריז.

בעת דער מלחמה און אָקופּאַציע, אין דער צייט פון די שווערע רדיפות און געיעגן אויף יידן, האָט זיך שפּאַן באַמיט מיט אַלע כּוחות ניִשט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די דייטשן כּדי דערלעבן דעם טאָג פון דער באַפרייונג.

נאָכן טראַגישן 16־טן יולי פאַרלאָזט ער פּאַריז צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד, אַריבערשוואַרצנדיק זיך אין דער „פרייער זאָנע״ און שפּעטער, ווען די דייטשן קומען דאָרט אַריין וואַנדערט ער אויס אין דער אָקופּאַציע־זאָנע פון די איטאַליענער, אין סאַוואָיע. ער אַרבעט אין די בערג אַלס האָלצהעקער און איז אין אַ געוויסער מאָס און צייטוויי־ליק באַשיצט פון דער געפאַר. אין זיינע בריוו צו מיר, וואָס שמוגלען זיך אַדורך געהיימערהייט איז ער האָפערדיק וואָס שייך דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה. ער האַלט פון די איטאַליענער און גלויבט, אַז די יידן, אונטער זייער שוץ, וועלן זיך שוין דערוואַרטן אויפן סוף פון קריג. ער איז ניִשט מסכּים מיט מיין מיינונג, אַז עס קען קומען אַ מאָמענט, ווען די דייטשן זאָלן אַריין אין דער איטאַליע־נישער זאָנע און איינשלינגען די איטאַליענער מיט די יידן צוזאַמען. ער האַלט, אַז אויב ס׳וועט קומען אַזאַ מאָמענט, וועט עס שוין האַלטן ביים סוף, די דייטשן וועלן שוין האָבן דעמאָלט מיט זיך צו טון און ניִשט האָבן די קעפּ צו יידן. ליידער, האָבן די דייטשן שפּאַנען אַנטוישט. ווען זיי זענען אַריין אין דער איטאַליענישער זאָנע, אין אויגוסט 1943, האָבן זיי אָנגעהויבן די ווילדסטע געיעגן אויף יידן. אמת, זיי האָבן שוין געהאַט מיט זיך צו טון, זיי האָבן שוין געהאַט פאַרדרייטע קעפּ, און דאָ, אין די באַרג־געגנטן האָבן פּאַרטיזאַנישע ווידערשטאַנד־ און אָנגריף־אַקטן דערלאַנגט זיי איבער די קעפּ, אָבער די קעפּ צו יידן האָבן זיי נאָך, ליידער, געהאַט. שפּאַן פאַלט אַריין אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ דעם 13־טן נאָוועמבער 1943. אַ צעשלאָגענער און פאַרבלוטיקטער, פירט אים דער צוג אַוועק אין זיין לעצטן וואַנדער, וואָס האָט קיין שום שפּורן ניִשט געלאָזט נאָך אים. ער האָט אים פאַרטראָגן און אים געלאָזט ערגעץ אין פאַרוואָרפענע, אומבאַקאַנטע מקומות, פון וועלכע אַזוי פיל אונדזערע נאָענטע און טייערע האָבן זיך ניִשט אומגעקערט. און אָפט ווען איך דערמאָן זיך אין יאַנקל שפּאַן, ווילט זיך מיר, דורכן נעפּל פון דער פאַרגאַנגענהייט, צוריקבליקן אויף אַ 10־12 יאָר אַהינטער־זיך ,אין דער צייט פון זיין אויפבלי, אין די שיינע יאָרן פון זיין צוויט. אָפט זע איך אים ווי ער גייט מיר אַנטקעגן אויף דער מילע גאַס, שלעפּנדיק אַ וועגעלע געהילץ, אָדער טראָגנדיק אַ קויש קוילן און פון זיין שוואַרץ־פאַריסטן פּנים טראָגט זיך צו מיר זיין העל געלעכטער. אָבער ניִשט די מילע גאַס איז דאָ און ניִשט ער איז דאָ. איך דערמאָן בלויז מיט אַ טרער אין אויג זייער אָנדענק און מיט אַ קללה אין די פויסטן — זייערע אומברענגער.

# פֿון יאַנקל שפּאַנס שריפֿטן

## פּרילינג

ווען מען האָט פאַרענדיקט דעם לעצטן אַקער אויף די קו־קורוזע־פעלדער, איז די ערד שוין געלעגן אַ פאַרהאַרטעוועטע און צעטרוקנטע מיט דורשטיקער דאַרקייט.

די הימלען האָבן זיך אויסגעשפּרייט ריינע און טיף־בלאָע, אַ רחבות — אַ פאַרביקע, האָט געזעטיקט דאָס אויג. די זון האָט מיט וואַרעמקייט געצערטלט, געטרוקנט יעדעס גרעזעלע פון נאַכטיקן טוי באַגאָסענעם און געוואָרנט דעם צעגאָלדיקטן טאָג — כ'וועל אייך נאָך דעם זומער גענוג דערגיין די יאָרן...

די ערד האָט זיך אָנגעטון אין גרינס און דעם פרילינג גע־יום־טובט, באַרג און טאָל באָדן זיך אין גרינע כוואַליעס, פאַרזייעטע מיט בליעכצן פון פאַרשידענע געוויקסן, צעשאָטן זענען אויף די פעלדער און אויף רוקנס פון בערג מיליאָנען בלימעלעך.

פייגל, אַרויסגעריכענע פון זייערע הייל־נעכטן, האָבן זיך צעזעצט אין ניי־געשאַפענע פּאַלאַצלעך. אויף בויגעוודיקע צווייגלעך פון יונגיקע בוימלעך האָבן זיי זייערע נעסטן פאַרלייגט.

די ווינטער ־פעלדער — איבערגעלאָדענע מיט קערנדיקע זאַנגען, שאָקלענדיק זיך אַהין און צוריק — צו מזרח און צו מערב, האָבן געוואַרט אויף זוניקער מתנה — אויף גאָלדענער קרוין און אויף שנייד־מעסער.

די מעוברתדיקע קי האָבן אין די פרימאָרגנס יאָמערדיק אַרויסגעמעקעט פון די שטעלער. זייערע בייכער האָבן שווערוואָגיק זיך געשאָקלט ; צוליב די גרויסע אָנגעבלאָזענע אייטערס, האָבן זיי צעשפּרייט די הינטערשטע פיס ביים גיין און קליינע קינדער האָבן מיט פרייד איינס דאָס אַנדערע אָנגעוויזן:

— זעסט, אונדזער בהמה גייט שוין קעלבן, ס'עט שוין זיין מילך...

די יונגע קאָלאָניסטקעס האָבן געהאַלטן אין איין ברייטערמאַכן די קליידער... זיי האָבן נישט געהאַט ווו צו באַהאַלטן די בייכער, וועלכע זענען געקראָכן אונטער דער נאָז און אַרויסגערופן שעמעוודיקייט אויף זייערע יונג־מיידלשע פּענעמער...

דאָך האָט געיובלט, דאָרף איז פול געווען מיט גרינקייט צייטיקייט און יוגנט־געזאַנגען...

די בערג אַרום האָבן זייער אָפּגעקראָכן קלייד איינגעטוישט אויף אַ נייעם, גרינעם לבוש און ווידער אַמאָל זיך אָוועקגעלייגט אָפּרוען אויף די עלטערע יאָרן...

ס'איז געווען חול־המועד פּסח.

ביי ר' בינעמען איז איצטער געזעסן רב מנחם. די פּנימער אָנגעשטרענגטע, די שטערנס טיף צעקנייטשטע — האָבן זיי די קעפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט:

— ווייסט וואָס כ'וועל דיר זאָגן בינם, אונדזער רבי זכר צדיק לברכה, איז גערעכט געווען, ווען ר'האָט נישט געהייסן פאָרן. הא, וואָס זאָגסטו, מען דאַרף נישט אַליין כאַפּן. כל זמן משיח וועט נישט קומען — וועט גאָרנישט זיין גאָרנישט זיין, גאָרנישט.

— מען האָט דאָך אָבער געמיינט, אַז מען וועט כאָטש קענען מקיים זיין די מצוות התלויות בארץ...

— נו, זעסטו דאָך — האָט ר' מנחם צענומען די באָרד — אַז דאָ זענען פאַראַן נייע צרות. אָט די קלייען, וועלכער ייד האָט אַמאָל געוווסט פון אָפּהיטן זיך פאַר קלאָיען — האָט זיך ר' מנחם אָנגעהויבן היצן — מ'האָט זיך געהיטן פאַר שעטנז, אָבער דאָ קענסטו דאָך רחמנא לצלן נכשל ווערן צווישן אַ יאָ און אַ ניין. ווער וועט אונדז אויסהיטן פאַר מעלקן די קו אום שבת און ווער ווייסט וואָס פאַר אַ נייע נסיונות ס'וועלן אונטערקומען. אַ חוץ די אַלע נסיונות, בינעם, בענקט זיך אַביסל נאָך דער וואַרעמקייט פון אונדזער שטיבל — דער הייסער טאָן טרעט איצטער אַ ביסל אָפּ, מנחמס פּנים צעגייט זיך אין די דינע שמייכלען — זאָג דעם אמת, בינעם, כאָטש דו ביסט געקומען שפּעטער, בענקט זיך דען נישט, האָסט דאָ בלויז קאַלטע מענטשן, געפרוירענע — נישטאָ קיין דבקות, קיין האַרציקייט — אַלץ איז טרוקן...

— כ'האָב עס אויך אין זינען געהאַט, מנחם.

— כ'דערמאָן זיך אָן אַלט ווערטל, דאַכט זיך פון רבין זכר צדיק לברכה, וואָס ליגט אין ארץ־ישראל. אדם — האָט ער געזאָגט — יסודו מעפר וסופו לעפר — אַ מענטש קומט פון ערד און וועט אין דער ערד צוריקגיין. דאַרף מען זיך דאָך אין דער צווישנצייט, בין עפר ואפר — נישט פאַרנעמען מיט קיין ערד, נאָר מיט תורה ומעשים טובים, און דערפאַר טאַקע האָט ער נישט געהייסן פאָרן — און ער איז גערעכט געווען, בינעם, ער איז געווען אַ ייר אַ חכם, יאָ...

— נו, זעסט דאָך אָבער, אַז חסידים מיט רביאים זענען געפאָרן?

— זענען זיי טאַקע קאַלטע חסידים. כ'האָב שטאַרק מורא, בינעם, אַז אונדזער דחקות, דער הונגער פון אונדזערע קינ־דער — איז טאַקע די שטראָף פון כביכול...

— פאַרוואָסזשע ביסטו געפאָרן ?

— כ'האָב געזען אַן עדה יידן, מ'פאָרט, ווערט מען מיט־געשלעפּט — כ'ווייס . . . כ'האָב געמיינט מעט קענען האָבן נחת פון קינדער, אויסגעבן די מיידלעך, טועך עפּעס אַ בכבודיקן שידוך. דאָרטן איז דאָך גאָר געווען אַ גהינם, ס'גאַנצע יונגוואַרג איז דאָך כופר בעיקר. פונדעסטוועגן ציט מיך צוריק, כ'ווייס נאָך נישט צי כ'בלייב דאָ . . . דערוויל גייט לג בעומר און ס'איז דעם רבינס יאָרצייט.

ר' בינעם האָט זיך אַזוי אין שמועס פאַרטראַגן אין יענע אויפגעוועקטע צייטן ; גאָלדענע פּאַסן זון אַדורכגעשלאָגענע דורך די ווענט שפּאַרונעס האָבן זיך געשפּילט מיט די קנייטשן פון זיין פּנים און נישט געלאָזט פאַרטיפן זיך אין זיינע טראַכטענישן, אים אַרויסגעריסן פון זיין וואַכעדיקן חלום. ער האָט כמעט נישט געהערט מנחמס לעצטע ווערטער און ער האָט, ווי אויף אָפּצופטרן, געענטפערט :

—איז וואָס ?

— כ'רעכן צו פאָרן קיין מיראָן און עולה זיין צום רבינס קבר אין צפת.

— זייער גלייך, רעכט אַלדאָס גוטס.

— אפשר וועסטו מיטפאָרן ?

— ניין. כ'בין נישט ביכולת.

דער שמועס איז איינציקוויז אויסגעגאַנגען. זיי זענען אַרויס פון באַראַק. אויפן הויף — באַגאַסענעם מיט זון — האָבן זיך געפאָרעט מענטשן אומבאַקאַנטע.

צוזאַמען מיטן פּרילינג האָט זיך אין דער קאָלאָניע אָנ־געהויבן אַ ניי לעבן.

פון דער שטאָט זענען אינזשעניערן מיט אַרבעטער אָנגע־קומען בויען שטעלער — די ערשטע געמויערטע בנינים — האָט ס'לעבן אָנגעהויבן גיין רוישיקער. דער געמיש פון בעטאָן מיט אייזן, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן אין די הויפן, האָט עס געמאַכט פעסטער, זיכערער, פריידיקער . . .

אויף יעדן הויף זענען קלעצלעך, אויפן אָרט פון די פיר ווינקלען, אַריינגעקלאַפּט געוואָרן — אַ סימן אויף צו גראָבן דעם יסוד פון דער שטאָל.

די אַרבעטער האָבן אויפן בערגל זייערע פּאַלאַטקעס צעשטעלט. אַ מחנה ווייסע געצעלטן, וואָס האָט דערמאָנט אין אַ סאָלדאַטן־לאַגער, וועלכער האָט זיך געשטעלט אינ־מיטן וועג אָפּרוען . . .

די קאָנצעלאַריע פון דער קאָלאָניע איז אַלע נאַכט גע־גאַנגען אויף רעדלעך. קריגערייען האָבן זיך אַרויסגעריסן פון באַראַק און זיך צעטראָגן איבערן בערגל. די קאָלאָניסטן האָבן זיך געריסן איבער דעם, ווער עס זאָל עפענען אַ קיך פאַר די שטאָטישע אַרבעטער. מען האָט געוואוסט : אַ קיך פאַר די אַרבעטער — דאָס איז ברויט פאַר די אייגענע קינ־דער. און אַלע זענען געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ שטיקל ברויט . . .

די קאָלאָניסטן זענען פון דער קאָנצעלאַריע אַרויס פאַר־עקשנטע און צעריסענע צווישן זיך — נישט דורכגעקומענע. צו מאָרגנס — איז יעדער באַראַק געוואָרן אַ קיך פאַר די אַרבעטער און יעדע קיך אַ דלות פאָרן באַלעבאָס. . . .

באַטאָג האָבן די אַרבעטער געהאָרעוועט אין שוויס. געגראָבן גריבער אין האַרטער, פאַרטרוקנטער ערד ; גע־בויגן אייזנס און געמאַכט בעטאָן־מישונגען אויף אויסצוגיסן יסודות. באַנאַכט האָבן זיי אויף דאָרפישע וועגן שפּאַצירט, לידער געזונגען, מיט דאָרפישע מיידלעך צווישן זאַנגען זיך אויסבאַהאַלטן . . .

די נעכט זענען געווען ליכטיקע, ווייסע, מיט מיליאָנען פינקלדיקע שטערן, צווישן וועלכע די לבנה איז אַרומגע־גאַנגען.

אויף די בערג־ביימער זענען גרויסע, שוואַרצע גרילן געזעסן און מיט די שוואַרצע פיס אומדערמידלעך געזעגט די לופט — אויסגעשפּילט קלינגענדיקע נאַכט־סערענאַדעס און וועג־לידער פאַר די מידע בערג . . .

אויף פעלדער האָט אָנגעיאָגט היי־שניט. נייע שנייד־מאַשינען האָבן זיך צוזאַמען מיט זון־אויפגאַנג באַוויזן אויף שטויביקע וועגן צווישן פעלדער. דער היי האָט צעטראָגן אַ פאַרשיכורנדיקן ריח. גרינע, זיסע זאַנגען־קעפּ, פאַרפלאָכ־טענע מיט די זיך וויקלענדיקע בליעכצן פון דער וויקע. די שנייד־מאַשינען האָבן די מעסערס אַראָפּגעלאָזט צופוסנס פון די זאַנגען — וואָס פלאַכער דאָס פעלד אָפּצוגאָלן. שאַרפע צייניקע מעסערס, וואָס האָבן געבלאַנקט אַנטקעגן דער זון, זענען ערטערוויז פאַרגרינט געוואָרן פון היי־זאַפט. גאָלנדיק זאָרגזאַם דאָס פעלד ריי נאָך ריי.

ר' מנחם האָט אַרויסגענומען די דאָלאַרן, וועלכע ער האָט באַקומען פון זיין זון. ער האָט זיי איבערגעציילט, אומגע־דולדיק עפּעס געחשבונט און אַ צופרידענער געזאָגט צום ווייב :

— פרייטיק אם ירצה השם, איז לג בעומר ; עס איז אוי דעם וווּרקער צדיקס יאָרצייט. ע'מיר פאָרן קיין מירון, דעם קבר פון רבי שמעון בן יוחאי און קיין צפת, דעם קבר פון וווּרקער רבין, זכר צדיק לברכה.

— און וואָס עט'זיין מיטן היי — האָט רבקהלע געפרעגט — ווער עט'עס אָפּשניידן און אַהיימפירן ?

— צום אָפּשניידן וועט מען נעמען עטלעכע פועלים און צום אַהיימפירן וועט מען שוין אם ירצה השם זיין צוריק.

דאָנערשטיק פאַרנאַכט האָט זיך רב מנחם מיט רבקהלען אָנגעטון אין די בגדי יום־טוב און אָפּגעפאָרן מיטן אויטאָ קיין צפת.

אין צפת האָט זיך ר' מנחם צוריק געפילט אין די פעדערן. אָנגעטון אין זיינע אַלטע וואַרשעווער בגדי שבת, האָט ער

זיך געזען צוריק אין װאַרשע אין די אַלטע גלאַנציקע צייטן; ער האָט זיך אויפגעפירט רחבותדיק — ווי דאָרטן אַמאָל, געגעבן גרעסערע נדבות און איינגעשטאַנען אין אַ רייכער אכסניה.

די צפֿתער באַלעבאַטים ווייסן ווי אַזוי אויסצונוצן די דאָזיקע טעג, ווען טויזנטער מענטשן זאַמלען זיך אין זייער שטאָט צוליב דער הדלקה*) אין מירון. די האָטעל־אייגנטימער רייסן כפל־שמונהדיקע פרייזן, עסן — איז יקרות.

— מילא, ס׳יונגוואַרג — האָט רבקהלע געטענהט — גיט זיך נאָך אַן עצה, זיי גייען גאַנצע נעכט איבער די גאַסן און

יאַנקל שפאַן

# אויף שווערן גרונט

פּאַלעסטינער ראָמאַן

פאַרלאַג א. ב. צעראַטאַ — פּאַריז, 1939

זינגען. אָבער ביי אונדז אַלטע לייט רייסן זיי לעבעדיקע פּאַסן, אַז איין גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען.

אין צפת זענען די טעג געשטאַנען אָנגעגליטע און דעמפּיקע, און די גאַסן — די שטויביק שרפהדיקע, אַזאַ רעש ווי די גאַנצע שטאָט וואָלט געווען אַ מזרח־יריד. אַראַבער מיט פאַרשידענע קאַלטע געטראַנקען האָבן איינער דעם אַנדערן איבערגעשריגן.

אַן אַראַבער, אַ נידעריקער און קיילעכיק־גראָבער, ווי אַ פּאַס. ביי אים אונטערן אָרעם איז געהאָנגען אַן אָנגעבלאָזענע שעפּסענע פעל מיט קאַלט לאַקריץ־זיס טייטלען־וואַסער. אין האַנט איז ביי אים געווען פאַרנומען מיט אַ דזשיאַז אַזאַ — צוויי גרויסע מעשענע שיסלען, מיט וועלכע ער האָט מרעיש עולם געווען. אין דער צווייטער האַנט — דער פּיסק פון אַן אויפגעבלאָזענער שעפּסענער פעל. אויף יעדן באַפעל איז ער גרייט אַנצוגיסן זיין שוואַרצע זיסקייט, וועלכע ער האָט מיט אַ געדרייט ניגונדל באַזונגען:

— יא טאַמא הינדו, יא טאַמא הינדו!

אַ הויכער אַראַבער מיט אַ קאָפּ אַ פלאַם — מיט רויטע, שעפּסענע האָר, וועלכער שטופּט אַ שיפל אויף רעדער. די „מאַסט־ביימער" מיט פענדלעך באַהאָנגענע דערציילן די מעלות פון געלן אייזיקן געטראַנק. די ׳קוימענס" — טעפּ מיט קאַלטער זיסקייט, ביי וועלכע עס פּאַרעט זיך דער אַראַבער, און נאָך אים, דעם קאַפּיטאַן, אַ גאַנצע אָפּטיילונג קליינע מאַטראָזן, וועלכע העלפן אים אונטער ביים זינגען.

— יא באַראַד, יא באַראַד — יא טאַריפע, יא באַראַד...

ווי אויף להכעיס דעם רויט־האָריקן „קאַפּיטאַן", ווערט זיין „שיף" פאַרהאַלטן דורך אַ גרעסערע „שיף" מיט אַ צאָלרייכערע „מאַנשאַפט", וועלכע טרייבן זייער יאַכט מיט אַן אייזל און צעזינגען זיך מיט האַרציקע טענער:

— יא־בוזאה ב׳כאַליב, יא קויסאה יאַאמאַטלי*).

פונעם כאַר טאַנצט גלייך אַרויס אַ קורץ אַראַבערל מיט ברייטע, ווייסע הויזן, כאַפּט זיך אַרויף אויפן אייזל, שרייט אַלע איבער מיט זיינע געציילטע יידישע ווערטער:

— טרינקע „גלודא" — האַלבע פּיאַסטאַ, גוטע, קאַלטע — טרינקע; אַלע טרינקע — קאַלטע, גוטע.

אַזוי האָבן אין שטויביק־שרפהדיקע גאַסן קולות און טענער זיך געטראָגן און פאַרוואַנדלט די שטאָט, די גאַנצע, אין אַ פאַרביקן מזרח־יריד. סוחרימלעך אין פאַרפּעצטע רויטע פעסקעס, אָנגעשפּאַרט אויף אייגענע פיס, האָבן אָנגעבאָטן אויפן קול זיסקייטן און געטראַנקען; הייליקע ספרים און ברילן מיט טונקעלע גלעזער; זיידענע טיכער און וואָלענע טעפּיכער.

אַ באַרגיקער וועג ליגט צווישן צפת און מירון — דער הייליקער קבר פון ר׳ שמעון בר יוחאי. וועגלעך, שניידן ווי גראָע אָדערן דורך די באַרג; שטעגעלעך, אויסגעהאַקטענע אין דער טיף דורך דינע שעפּסענע פוס־טריט, וועלכע גראָבן זיך איין מיט די קעפּ איינס אין די אַנדערע אין לאַנגן לאַנגן וואָלענעם קראַנץ און שנירן אָרום די באַרג מיט קלינגענדיקע גלעקלעך. אויף אָט די וועגן ציט זיך איצט אַ קייט פון מענטשן, וועלכע פאַרהילכן דאָס מעקן פון ווייסע טשערעדעס, דעם געקלאַנג פון שעפּסענע גלעקלעך און דאָס דינע פלייטל פון האַלב־נאַקעטע, אָפּגעברענטע פּאַסטעכער.

רעשיק און פאַרשידנפאַרביק איז די מענטשן־קייט, וואָס שלענגלט זיך איבער די וועגן קיין מירון.

*) אָנצינדן פייערן.

*) אייז און מילך גוט און דערפרישנדיק.

בוכאַרישע טורבאַנען מיט לאַנגע כאַלאַטן ; רויטע פעסקעס פון וועלכע ס׳קוקן אַרויס דאַרע, אָפּגעברענטע פנימער פון תימנישן יידישן שבט ; פּעטע פרענקישע יידן אין ווייסע זיידענע הויזן ; שוואַרצינקע זיידענע יונגעלייטלעך — אָט, נאָר־וואָס נאָך דער חתונה . . . געהילט אין טונקעלען אַטלאַס, זייט ביי זייט פון אויסגעריבענע, פאַרפּעצטע ריפּסענע זשיפּיצעס פון אַלטע באַלעבאַטים — יורדים, מיט גרויסע ספאַדיקעס אונטער וועלכע ס׳שאָקלען זיך לאַנגע, פאַרבלאָזטע קצבהשע פיאות, און צווישן די אַלע — קורצהויזלדיקע אַרבעטער, חלוצים מיט ווייסע, צעעפנטע בלוזעס, מיט פאַרוואָרפענע הענט איבער די אַקסלען פון שוואַרץ־חנעוודיקע און בלאָנד־האָריקע מיידלעך — זינגענדיק ווילדע מדבר־לידער, אויף וועלכע די בערג האָבן געענטפערט מיט געבייזער.

האָט זיך געדאַכט, אַז אויפן קאָלטנוואַטן באַרג־אַראָפּ, וואָס פאַלט צו די פיס פון ריזיקן עצמון באַרג, האָט זיך אַ געוואַנט אויסגעשפרייט, אַ פאַרביק געוואַנט פון פיינעם וואָל, דורך וועלכן עס ציען זיך אַדורך פעדעם פון האַרטן ערדישן פלאַקס . . .

אַזוי האָט טאַקע ר׳ מנחם געקוקט אויפן געמיש פון מענטשן, אויף דעם כאַאָס פון געזאַנגען, ווען ער האָט, אין געדאַנק, אויף איין מינוט זיך אָפּגעריסן פון זיינע אַטלעסענע חסידים, האָט ער זיך פלוצים דערזעען אַרומגערינגלט פון דער סיטרא־אחרא — פון צעלאָזענע יונגען, וועלכע האָבן זיך געהאַלדזט מיט חצופהדיקע מיידן אויפן וועג צום הייליקן קבר . . .

— פע, ס׳איז חילול השם — האָט ער געמורמלט צו זיך — ס׳איז שעטנז, ווי קומען מיר אַהער . . .

און אַזוי האָט זיך עס אויסגעשפרייט דאָס פאַרביקע שעטנז־געוועב פון די שפּיצן פון צפת ביז די טיפענישן פון עצמון, ווו עס רוען די ביינער פון ר׳ שמעון בר יוחאי.

עס פאַלט צו די נאַכט שנעל און מיטאַמאָל, כמעט אָן אַ בין־השמשות. עס מישן זיך אויס די פאַרבן, עס ווערט איין שוואַרצע מאַסע, וואָס באַוועגט זיך אויף אַראָפּ, וואָס טיפער אין טאָל.

עס איז אַ סוף־חודשדיקע נאַכט, ווען די לבנה איילט זיך נישט אַפּערצוקומען פון הינטערן שפּיץ באַרג, מישט זיך טאַקע אַלץ אויס מיט דער פינצטערניש — דאָס שוואַרצע פון דער חסידישער הלבשה, די ווייסע חלוצישע רובאַשקעס און די פאַרביקע תימנישע און בוכאַרישע כאַלאַטן. בלויז דע שעפּסענע סטאַדעס, וואָס דערשרעקן זיך אַלעמאָל ווען די מענטשן דערנעענטערן זיך צו זיי, רודערן אויף די איינטאָניקייט און טראָגן אונדז אַוועק פון די היינטיקע צייטן, העט, העט אין דער גאָר אַלטער צייט פון ר׳ שמעון בר יוחאי.

— . . . און ס׳איז געווען אין די פינצטערע צייטן פון דער רוימישער הערשאַפט. זענען געזעסן די דריי גרויסע חכמים, ר׳ שמעון און ר׳ יוסי און ר׳ יהודה און האָבן געשמועסט וועגן גורל פון פאָלק און וועגן די מעשים פון די רוימער, האָט ר׳ יהודה גערעדט גוט וועגן די רוימער און ר׳ שמעון האָט זיי געשאָלטן און ר׳ יוסי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַמאָל צו ר׳ שמעון און אַמאָל צו ר׳ יהודה און ער האָט נישט, נישט געבענטשט און נישט געשאָלטן.

זענען צום הערשער פון רוים דערגאַנגען די ווערטער פון די חכמים, האָט ער געטון באַפעלן, אַז ר׳ יהודה זאָל דערהויבן ווערן און דעקאָרירט ווערן מיט די צייכנס פון קייסער . . . און יוסי זאָל פאַרשיקט ווערן אויף קאַטאָרגע . . . און שמעון בר יוחאי זאָל געקעפּט ווערן . . .

— — — איז ר׳ שמעון בר יוחאי אַוועק מיט זיין זון אליעזר אין אַ הייל און געלעבט דאָרט צוועלף יאָר. אין דער הייל — דער פינצטערער, האָט ער זיך געטון דערנערן פון אַ באָקסן־בוים און פון אַ באַהאַלטענעם קוואַל — — —

פון הינטער די עצמון־שפּיצן הייבן זיך אַרויס זילבערנע פעדעם. דאָס האָט די לבנה געשיקט אַנזאָגן, אַז זי קומט אָן. אמת, טאַקע נישט קיין פולע, אָבער אַ גענוג ליכטיקע, און צו חצות וועט זי שוין דעם גאַנצן טאָל באַלייכטן און דעם ריזיקן המון, מיט זילבער אויסשלייערן.

און אָט ווערט שוין ליכטיקער אויף די שיפּועים פון די בערג. ווייס טיילט זיך שוין אָפּ פון שוואַרץ. איז אפשר וועט ער איצטער אויפשטיין ר׳ שמעון — דער מורד, און וועט זיי אַלע פאַרטרייבן פון זיך, ווייל זיי — די וואָס האָבן אַ קייט, אַ פאַרביקע אויסגעפלאָכטן פון די באַרג־שפּיצן ביז צו זיינע פיס —צום קבר, זיי בענטשן אַלע די רוימער פון זייער צייט און זיי זענען בוגד אין די וואָס שעלטן, וואָס פאַרטראָגן נישט די רוימער . . ..

אָבער ניין, ער שטייט נישט אויף. און די מאַסע ווערט געדיכטער, און זייערע פנימער זענען פאַרשיכורט פון דער נאַכט און פון דעם אָפּהילך פון די בערג און פון דעם ר׳ שמעון בר יוחאי, וואָס זיי קומען אים כבוד אָפּגעבן, נישט פון דעם מורד, נאָר פון אַן אַנדערן, פון גאָר אַן אַנדערן . . .

— — — ס׳איז געווען פרילינג איבערן לאַנד. די בערג האָבן זיך צעגרינט און די פייגל האָבן מיטגעזונגען דאָס געזאַנג פון ר׳ שמעון בר יוחאי מיט זיינע צוועלף טויזנט תלמידים, וואָס האָבן טאָג און נאַכט געלערנט אין די שטיינערנע בתי־מדרשים פון צפת און מירון, אין די געצעלטן אויף די בערג שיפּועים און אין די אונטערערדישע היילן — — —

— — — און עס זענען געקומען די טעג פון פסח, זוניקע און ליכטיקע, ווען דורכן טרויער פון דער רוימישער אונטערדריקונג האָט זיך דורכגעריסן די פריד פון דער אמאָליקער אויסלייזונג ; ווען אין דער שטיל איז געברענגט גע־

ווארן פאַר גאָט דער קרבן־פסח און, ווייזט אויס, אַז נישט גענוג אַנגענומען ביי גאָט איז ער געווען דער קרבן, האָט זיך גאָט אַליין אויסגעקליבן אַן אַנדער קרבן, אַז ווי איז געווען צו ישראל און צו זיינע קינדער — — —

— — — גאָט האָט זיך אויסגעקליבן די בכורי העם — די אויסדערוויילטע פון פאָלק, פונקט ווי ער האָט ביי יציאת מצרים געוואָלט די בכורים . . . און אַ מגפה האָט ער אָנגעשיקט אויף די צוועלף טויזנט תלמידים פון ר׳ שמעון בר יוחאי. אַ מגפה, וועלכע האָט דעם ערשטן תלמיד פאַרצוקט אין די פסחדיקע טעג און מיט יעדן טאָג איז זייער צאָל געוואַקסן — — —

האָט ר׳ שמעון תעניתים געהאַלטן בכדי גאָטס צאָרן צו שטילן און ער איז געזעסן, דער גאון, דער תנא און דער נשיא צווישן זיינע אויסשטאַרבנדיקע תלמידים, געבעטן צו גאָט און געוואָרט אויף זיין חסד, געוואָרט און געוואָרט און אויפן אייגענעם טויט זיך דערוואָרט . . .

— — — און זיין פטירה איז געווען אין לג בעומר.

— — — — — — — — — — — — —

בר — יוחאי — בר — יוחאי

בר — יוחאי

בר — יוחאי

האָט זיך געטראָגן דער נאָמען ווי אַ הייליקער שם פון מויל צו מויל דורך אויסגעשריי און דורך געזאַנג, מיט עקסטאַז, מיט ברען, און די בערג זענען נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. פון זיי איז געקומען דער עכאָ:

— באיהאי, באיהאי

— באיהאי

— באיהאי

און וואָס טיפער אין טאָל אַלץ שטאַרקער דאָס געזאַנג, אין וועלכן ס׳האָט זיך אומאויפהערלעך איבערגעחזרט בלויז דער נאָמען בר־יוחאי מיט פאַרשידענע טענער און ניואַנסירונגען.

אין מירון, ביים קבר, זענען די קולות געווען איינגעהאַלטענע, געדעמפטע. זיי האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין דער איינציקער, שטיינערנער וואַנט, וואָס איז געבליבן פון ר׳ שמעונס בית־המדרש, וואָס — לויט די תושבים פון צפת און מירון — ליגט אונטער איר די גאולה — די אויסלייזונג, און וועט זי איינפאַלן, וועט גלייך קומען משיח . . .

אָבער דערווייל פאַלט זי נישט איין . . . אַרום איר איז אויסגעוואַקסן אַ לאַבירינט. אַנטקייגן באַרג טראָגן זיך דעכער, דעכלעך, גלייכע און קרומע, באַלכסנדיקע און פלאַכע; איינס איבערן אַנדערן, איינס אַריינגעשניטן אין די געדערעם פון אַנדערן; קופּאָלן, גרעסערע און קלענערע; ווי אין אַ תהום גייט מען פון איין קאַמער אין צווייטן מיט שיפּועדיקע און קרומע באַלקנס, מיט באַרגיקע און קרומע דילן, מיט טירן אָן אַ צאָל, וואָס פירן קיינמאָל נישט צו קיין אויסגאַנג, נאָר וואָס אַמאָל אַלץ טיפער און טיפער. צו אַלטע אומבאַקאַנטע קברים, באַהאַנגענע מיט נר־תמידס, באַקלעפּטע מיט צעטעלעך, באַשריבענע מיט אָפּגעמעקטע נעמען און באַבערדלטע מיט געדיכטן שפּינוועבס, ווי די פּנימער פון די שמשים וואָס פאַרגעסן נישט צו מאַנען פעטע קצבה פאַר יעדן נר תמידל . . .

די פייערן ווערן אַנגעצונדן אין דרויסן אינמיטן פון די אַלע געצעלטן. עס איז שוין נאָך חצות. די רואיקע מחנה ווערט איינגעהילט אין שטילקייט ווען אין פאַרשידענע ווינקלען ווערן אין שטיינערנע בעקנס אַנגעצונדן זיילן פייער. די הדלקה ווערט געמאַכט מיט געשריי, מיט געזאַנג, מיט ווילדן אַזיאַטישן טאַנץ. און ווידער הערט זיך אומאויפהערלעך דער נאָמען בר יוחאי.

צוזאַמען מיט די געזאַנגען, וואָס גיסן זיך איבער פון מחנה צו מחנה, גיסן זיך טייערע בוימלען אין די בעקנס פון שטיין און אַרום די ברענענדיקע בעקנס פלעכטן זיך דביקותדיק־חסידישע טענץ, מיט חלוציש־הייס התלהבותדיקע הוראַס און פון דעם געפלעכט פאַלן אַלע מאָל צום פייער זיידענע שאַלן און פערסישע טיכער, הייליקע העפטערייען און שטיקערייען פון פערל מיט גאָלדענע פעדעם, אוראַלטע פּרוכתן פון פּורפּור־סאַמעט מיט זילבערנע לייבן — דאָס אַלץ ווערט דורכגעווייקט פון די בוימלען און די פייערן, וואָס טראָגן זיך צום הימל, שפּילן זיך מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן, צעברענען נאָך שטאַרקער דעם ענטוזיאַזם און העכער הויבן זיך די פיס, ווען העלישער צעברענט זיך דער פלאַם און וואַרפט אַ גליענדיקן אָפּשיין אויף די שווייסיק צעיאַכמערטע פּנימער . . .

אַ ברענענדיקער טאָל איז אין העכסטן עקסטאַז, אַרום די פלאַמען אַנגעצונדענע מחנות פון מענטשן, וועלכע ווערן נישט מיד פון טאַנצן, פון זינגען און פון וואַרפן אין די פייערדיקע בעקנס זייד און סאַמעט, ווייבערישע טיכלעך און מענערישע שאַלן, מלבושים און פּרוכתן.

אין אָט דעם כאַאָס איז געשטאַנען רבקהלע — ר׳ מנחמס ווייב — און געשטוינט. מיט ווילד־צעעפנטע אויגן האָט זי געקוקט צום העלישן פייער אויף די קברים. עס זענען איר געווען צום האַרצן די געזאַנגען און די טענץ, אויך דאָס פייער פון די בוימלען האָט געפלאַמט מיט קדושה . . . אָבער צו וואָס אַזוי פיל זיידענע שאַלן און טיכער ? . . .

— וויל דען — האָט זי געטראַכט — דער הייליקער צדיק, ער זאָל זיך מיען — אַז מען זאָל פאַרברענען אַזויפיל יידיש גוטס ? זי האָט דאָס נישט געקענט פאַרשטיין. ווען זי וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט זי צוגעגאַנגען צום פייער און אַרויסגעשלעפּט נאָך נישט פאַרברענטע זיידנס. זי וואָלט דערמיט באַקליידט די גאַנצע שטוב . . . אַ שאָד — האָט זי געטראַכט — אַזויפיל גוטס צו גאַרנישט, אַ שאָד, אַן עבירה פאַר גאָט, בנאמנות . . .

די שמחותדיקע טעג זענען שטיל און נישט-באַמערקט פאַרלאָשן געוואָרן, פונקט ווי די בוימל־שייטערס און די שטיינערנע בעקנס זענען איינגעגאַנגען אַנטקייגן דעם זוניקן טאָג. די שטיינער זענען בלויז געווען מיט שוואַרצע צונגען פון סאַדזע באַדעקט און אַ ריח האָט זיך געטראָגן, ווי פון צעלאָזענעם חלב און פון פאַרברענטע סאָסנע נאָדלען מיט מיסט. די בערג, אָפּגערייניקטע פון מענטשן, האָבן אַנטקעגן טאָג אויסגעזען, ווי אויסגעצופּטע קאַלטענטעס. אומעטום האָבן זיך געוואַלגערט מיסטן, צעקנאָדערטע פּאַפּירן, איבער־בלייבענישן פון עסנוואַרג און אַנדערע אומריינקייט.

פון די קליינע גרופּעס מענטשן, וועלכע זענען נאָך איבער־געבליבן האָט אַראָפּגעקוקט מידקייט. מיד זענען אויך גע־וואָרן די גבאים און שמשים פון נעמען קצבה און גנבנען פאַרשידענע זיידנס — אָפּגעראַטעוועטע פון הייליקן שייטער . . .

ר׳ מנחם מיט רבקהלע האָבן זיך מידע געשאָקלט אין צוריקפאָרנדיקן אויטאָ. דאָס וויגן זיך פון אויטאָ איבער בערג און טאָל, די ווייכע בענק אויף וועלכע זיי זענען גע־זעסן און די מאַטקייט וואָס האָט געשווערט אויף זייערע אויגן, האָבן זיי איינגעוויגט אין אַ טיפן שלאָף.

איז ר׳ מנחמען גוט געווען אין שלאָף. ער געפינט זיך איצטער גאָר ביים רבין אין שטוב, אויף דער דזשעלנע גאַס, אין וואַרשע און דאָס וויגט ער זיך אַזוי נישט אין אויטאָ אויף די וועגן פון הר עצמון, נאָר אין אַ לייכטער חסידישער האָפּקע וועלכע ווערט געטאַנצט מיט צוגעמאַכטע אויגן, מיט דבקות, וואָס צעגייט זיך אין אַלע ביינער און אַלע חסידים ווערן ברידער און אַלע ברידער איין מענטש, וואָס ציט זיך אַרויף, אַרויף צום כבהיכול . . . און אַזוי, אין וויגנדיקן טאַנץ, גייט מען צו צום גרויסן טיש ; דער רבי זעצט זיך אויף זיין שטול און ווען ער דערזעט אים — מנחמען — דערלאַנגט ער אים אַ וואַרעמען שלום עליכם און זעצט אים אַוועק לעבן זיך, ביי דער רעכטער האַנט.

— עפּעס אַ דבר קטן — שעפּטשעט דער רבי צו זיך — אַן ארץ־ישראל־ייד ?... וויל ער אים ענטפערן, דערציילן וועגן דער ירידה, וועגן ארץ־ישראלדיקע נסיונות — קען ער נישט רעדן, ער קען נישט אַרויס פון דער דבקותדיקייט, אין וועלכער ער באָדט זיך, און אַזוי, אין דער מטושטשער פאַרנעפּלטער פרייד, טוט ער אַ שיינעם שידוך ביים רבינס טיש. ער פירט זיין עלטסט מיידל צו דער חופה — דאָס אַלץ קומט פאָר אין שלוותדיקער פאַרגעסנקייט, ביז ער ווערט אויפגעוועקט דורך גרויל־געשרייען פון זיין ווייב . . .

— — — רבקהלע איז נאָך אַלץ געשטאַנען דאָרט ביים שייטערהויפן פון זיידנס. אָט גנבעט זי זיך צו צום פייער, זי שלייכט צווישן עולם, ווי קיינער וואָלט איר נישט געזען און מען טרעט איר דאָך אָפּ דעם וועג. שוין, זי שטייט שוין ביים שטיינערנעם בעקן. דער בוימל קאָכט זיך און שוימט זיך, ס׳פייער הויבט זיך אויף מיט ראָזע פליגלען פון ביידע זייטן, אינדערמיט ציען דורך גרינע און פורפור־רויטע פּאַסן, געלע פעדעמלעך מיניען פאַר די אויגן ווי גאָלדענע שלאַנגען, ציען זיך צום פּיאָלעטן זייל וואָס הייבט זיך אַמ־העכסטן צו די הימלען און דער דאָזיקער פילפאַרביקער פלאַם בייגט זיך און ציטערט אַ טראָט צו טון. אָבער אינעווייניק זאָגט איר ס׳האַרץ, אַז זי מעג . . . זי מעג אָפּראַטעווען גאָטס גאָב פון פאַרציקונג. זי כאַפּט אָן אַ זיידענעם שאַל און לעשט אָפּ דעם עק, וועלכער האָט שוין אָנגעהויבן זענגען. זי רוקט אים אַריין אין בוזעם אַריין. זי פילט, ווי ס׳האַרץ הייבט אָן שטאַרקער צו קלאַפּן, ס׳וואָרנט :

— קוק זיך נאָר אַרום, צי ס׳זעט טאַקע קיינער נישט . . . און רבקהלע קוקט פון אַלע זייטן און הייבט דערווייל אָן צו שלעפּן אַ פערסישן טוך — נאָך אַ גאַנצער — שעפּטשעט זי — דאָס וועט זיין פאַר מלכהלען — איז אין דעם זיידענעם שטיק טוך אַריינגעקומען גאָטס ברכה און זי קען גאָר צום עק נישט דערגיין. זי שלעפּט און שטופּט אין בוזעם, שלעפּט און באַהאַלט. ס׳האַרץ קלאַפּט אַזוי שטאַרק, אַז איר פּעלט אויס אָטעם און ווו צו באַהאַלטן די טיכער האָט זי שוין נישט, זי איז שוין אינגאַנצן אַ קנויל זיידנס, די פיס צונויפ־געצויגן, די הענט פאַרפּלאָנטערט . . . און מענטשן הייבן אָן קוקן . . . פון אַלע זייטן קוקט מען . . . זי זעט נישט מער ווי אויגן . . . בייזע אויגן . . . אַוועקלייגן צוריק קען זי שוין נישט. אי ס׳איז שווער, אי ס׳איז אַ שאָד. זי האָט שוין געזעען אַרום זיך אירע טעכטער אין חופה־מלבושים, אין זיידענע קדושה־קליידער . . . דערווייל ווערט איר דאָס פּנים באַדעקט מיט קאַלטע טראָפּנס, זי ציט דאָס זיידנס און ציט, און מען זעט איר שוין באַלד נישט אַרויס פונעם קנויל. זי איז שוין אינגאַנצן אַדורכגענעצט מיט שווייס און דאָס זיידנס האָט זיך נאָך נישט אָפּגעשיידט פון שייטער, ווי זי — רבקהלע, וואָלט איצטער געווען צונויפגעוואַקסן מיטן הייליקן פייער. האָט זי מורא אַ טראָט צו טון אויף צוריק. און אָט, ס׳דערנענטערט זיך צו איר דער שמש ; זי פּרווט זיך אָפּרוקן, אָבער די פיס זענען צוגעבונדן און זי שלעפּט, דוכט זיך, מיט דעם גאַנצן פלאַם מיט זיך. אַלץ ציטערט אַרום איר און זי פאַלט אַ געבונדענע אין זיידענעם קנויל, הייבט זי זיך אָן קאָלערן אין אַ תהום — אַ פינצטערן אָפּ־גרונט . . . זי זעט גאָרנישט און הייבט אָן שרייען נישט מיט איר קול, אַ מאָווימדיק געשריי . . . זי רייסט דערביי איבער ביים מאַן דעם חלום און געפינט דעם אייגענעם קאָפּ אויף זיין שויס . . .

ווען ר׳ מנחם מיט רבקהלען זענען אַהיימגעקומען, האָבן זיי שוין געטראָפן די היי־פעלדער אָפּגעשניטענע. איבערן גאַנצן דאָרף האָט זיך געטראָגן אַ דערפרישנדיקער ריח פון נאָר-וואָס געשניטענעם היי. די ווינטן האָבן דאָס אָנגעטראָגן די זיסלעכע שיכרות פון די פעלדער, ווו עס זענען אין

גלייכע רייען געלעגן קופּעס פון צוזאַמענגעראַבליעטן שניט . . .

טעג האָבן אָנגעהויבן ווערן וואָס אַמאָל שוועהער און הייסער. דערפאַר אָבער, די נעכט — ליכטיקע און זינגענדיקע. די לבנה האָט שטענדיק גאָלדיק אַרויסגעלויכטן פון צווישן די קליינע זילבערנע וואָלקנדלעך. אין דער אַרומיקער שטילקייט האָט זיך געהערט אַ געזאַנג פון די בערג מיט די טאָלן פון די געצוימטע וואַסערלעך און די ביימער ביי זייערע געשלענגלטע ברעגעס. —

אריה מיט מרימען האָבן שפּאַצירט צום עוקאַליפּטוסוועלדל באַם ברעג פון קישון. זיי האָבן אין שטילע טענער אויסגעזונגען דאָס געזאַנג פון אַרום. זיי האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע ביימער — יונגע צאַפּלדיקע לעבנס, האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט און שושקען זיך ווערטער פון ליבע. זיי קושן זיך — ווילן פאַרברייטערן דעם שטח, פאַרגרעסערן זייער עוקאַליפּט־משפחה . . .

אריה מיט מרימען האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ יונגן זיך הוידנדיקן שטאַם פון אַ בוים. ער האָט געזונגען אין דער נאַכט אַריין און זי האָט געקוקט אויף אים מיט איר שטענדיק פרעגנדיקן בליק. אַריה האָט איבערגעריסן דאָס געזאַנג און אָנגעהויבן רעדן צו איר וועגן דער שיינקייט וואָס איז אויסגעגאָסן אַרום ; ער האָט געוואָלט פאַרטרייבן דעם בייסנדיקן קוק פון אירע אויגן ; ער איז איבערגעגאַנגען אין אַ לייכטן וויציקן טאָן וועגן איר ערנסטקייט.

מרים האָט זיך אויסגעגלייכט, צוגעלייגט איר האַנט צו זיין מויל און נישט געלאָזט אים רעדן. זי האָט דערביי אין איין אָטעם צעוואָרפן אַ קנויל מיט טענות. ווי איר אָנגעזאַמלט ווייטיק וואָלט אַרויס קעגן איר ווילן און אים פאַרגאָסן — איז איר קול געווען מיט היסטעריע, מיט טרערנדיקן ציטער, נישט אַזוי, ווי זי האָט געוואָלט, און פאַרענדיקט האָט זי אָן אָפּגעשוואַכטע :

— גיי, גיי, דו פאַרפייניקסט מיך דו, ביזט אַ שלעכטער, אַזאַ שלעכטער, גיי . . .

און, שטיל —

עס האָט אויסגעזען, ווי אַריה וואָלט איר נאָר וואָס אָפּגעמונטערט פון חלשות. ער האָט געגלעט אירע האָר און צערטלענדיק געשעפּטשעט אין אויער.

— נו שאַ, מרים, באַרויק זיך, באַרויק זיך, איך האָב זיך בלויז געוויצלט.

מרים איז צו זיך געקומען, ווי זי וואָלט נאָך חלשות דערפילט אַ דערלייכטערונג. אין די ווינקלען פון אירע אויגן זענען שטיין געבליבן צוויי גלאַנציקע טרערן, וועלכע זי האָט, ווייזט אויס, שוין נישט געקענט איינהאַלטן. און אינגאַנצן אומדערוואַרטעט האָט זיך אויף איר פּנים אויסגעגאָסן אַ שמייכל, אין וועלכן זי האָט געוואָלט באַהאַלטן די טרערן און אויך אירע רייד זענען געקומען אומדערוואַרטעטע און נישט פאַרשטענדלעכע :

— ווייסט אַריה, ביסט אַ שיינער יאַט — און אויסגעצויגן האָט זי די ווערטער ביז אירע הענט האָבן זיך אַרומגעפלאָכטן אַרום זיין האַלדז : און ווייטער גערעדט, נישט געלאָזט אריהן קומען צו זיך :

—נו, פאַרוואָס שווייגסטו, אריה, דאַכט זיך, אַז דו האָסט מיך גאָרנישט ליב. דיין שווייגן מאַטערט מיך אַזוי שטאַרק, אַזוי שטאַרק — — —

אריה האָט דערביי אַ שפּיציקן שמייכל געטון און אין שמייכל האָט זיך באַהאַלטן די טראַכטעניש אַריהס : „ווי איך וואָלט איר וועגן געזאָגט, אַז כ׳האָב איר ליב״ . . .

אָבער איר פּנים, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אויף זיין אַקסל, האָט מער נישט געקוקט צו אריהן און איר בליק האָט נישט אויפגעכאַפּט זיין שמייכל. זי איז איצטער געווען נאָך מער אויסגעמאַטערט ווי פריער און אריה האָט דערפילט, אַז ער מוז איר איצטער אויפקלערן אַלץ, נישט איבערלאָזן מער קיין אָרט פאַר ספקות :

— הייב אויף דעם קאָפּ, מרים — האָט ער, גלעטנדיק אירע האָר, עטלעכע מאָל איבערגעחזרט — ס׳איז מיר איצטער, פונקט ווי שטענדיק, שווער מיט דיר צו רעדן. ביזט שוין נישט קיין קינד, מרים, און דו האָסט געדאַרפט פאַרשטיין, אַז איך פיל נישט דאָס זעלבע וואָס דו, טאָ צוואָס האָב איך געדאַרפט רעדן, זאָג אַליין, מרים, נו פאַרוואָס הייבסטו נישט אויף דעם קאָפּ ? פאַרוואָס באַהאַלטסטו זיך, מרים, מרים — — —

ער האָט ווייטער נישט גערעדט, נאָר מיט בידע הענט אָפּגעריסן איר קאָפּ פון זיינע אַקסלען. פון איר פּנים האָט אַרויסגעקוקט טרוקענער ווייטיק. זי האָט זיך ביי אים געבעטן :

— נו, פייניק מיך נישט, כ׳בעט דיך, רעד, כ׳הער אַלץ, רעד !

— דאַרפסט זיך נישט פייניקן, מרים. האָסט געדאַרפט פאַרשטיין, אַז כ׳האָב דיך נישט ליב ווי אַ פרוי, אַז כ׳בין פאַר דיר נישט מער ווי אַ גוטער פריינט, כ׳האָב דיך ליב ווי אַ חבר — ווי עליען צום ביישפּיל, פון וועמען כ׳וואָלט זיך נישט געקענט אָפּרייסן, נו פאַרשטיי מיך, מרים, באַרויק זיך, קוק מיך אָן כאָטש איינמאָל. נו, מרים, ביסט אַ קינד, ביסטו.

אָבער אָנשטאָט אויפצוהויבן דעם קאָפּ, האָט זיך מרים נאָך טיפער איינגעגראָבן אין אים. דער קאָפּ איז אַראָפּגעפאַלן פון זיין אַקסל און זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין ברוסט, אין וועלכער זי האָט זיך איינגעגעסן מיט אירע ליפּן, פאַרגיסנדיק אים מיט הייסע טרערן . . .

— — — — — — — — — — — —

צוזאַמענגעפלאָכטענע זענען זיי שטיל געגאַנגען אויף ווייסן זאַמדיקן וועג — אַהיים. פון די באַראַקן האָט אַרויס-

געשנאַרכט מיט מידן שלאָף. פון שאַסיי האָט זיך דערטראָגן דער געקלאַנג פון אַ קעמלען־קאַראַוואַן — ווי ער וואָלט שוין אַזוי טויזנטער יאָרן געקלונגען און די טויזנט־יאָריקע געשיכטע דערציילט דורך דעם מאָנאָטאָנעם דינדלען פון די קעמלישע גלעקער.

מיט דעם געקלאַנג פון די גלעקער איז אויך מיטגעקומען אַ צעצויגן, מעלאַנכאָליש געזאַנג — אַן אויסגעצויגענער מאָטיוו, וואָס דער אַראַבישער קאַראַוואַן־פירער האָט רייטנדיק אויף זיין אייזעלע איינגעוועבט אין דער סודותפולער נאַכט־מוזיק.

צווישן די טעמפּע קאַראַוואַנען־טענער האָט דורכגעפּלאָטערט דאָס צאַפּלדיקע טרילן פון פּאַסטעכס אַ פייפיאַל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעקאָלערט פון די אַרומיקע בערג־שיפּועים.

כישופדיק אויפגעצאַפּלט און שטיל געוואָרן. פאַרהילכט געוואָרן דורך דעם חוצפּהדיק־צעצויגענעם פייף פון נאַדעל דעם דאָרף־שומר, וועלכער האָט צעריסן דאָס סודותדיקע נאַכט־געוועב מיט דעם מאָנאָטאָנעם געזאַנג פון דעם זיך ציענדיקן קאַראַוואַן.

האָבן זיך טעג — חמימהדיקע צעשרפהטע, געשטעלט מיט שווערער פּראַצע אינטער די פּלייצעס פון די קאָלאָניסטן. טעג באַהאָנגענע מיט ט״ף בלויע תכלתן האָבן אַרויפגעוואָרפן אַ פוילע מידקייט איבערן דאָרף. איבער פעלדער האָט זיך געכוואַליעט אַ פייערדיקער שטראָם, וועלכער האָט אויסגעטרוקנט דעם גומען.

די ווייצן האָבן זיך געגאָלדיקט און געצייטיקט. די גרויסע, פייערדיקע זון האָט אָן רחמנות אויסגעטריקנט זאַנג נאָך זאַנג, ווייץ נאָך ווייץ, און זייערע קעפּ געבויגן צו דער ערד. אויף די אָפּגעשניטענע היי־פעלדער איז שוין דאָס היי געלעגן אויסגעטריקנט פון אַלע זייטן — ווי אויסגעבאַקן געבעקס. גרויסע וועגענער זענען געפאָרן פון קופּע צו קופּע; איין קאָלאָנע האָט דערלאַנגט אויף אַרויף שווערע אָנגעלאָדענע היי־גאָפּלען. אויפן וואָגן האָט אַ צווייטער קאָלאָניסט זיך באַמיט אָנצולייגן וואָס אַ גרעסערן און שענערן וואָגן היי — אַ סטויג ווי אַ פּיראַמידע, מיטן שפּיץ אַראָפּ . . .

די פאַרשפּעטיקטע קאָלאָניסטן האָבן איצטער איבערגעדרייט די קופּעס. פון אויבן זענען שוין געווען שוואַרץ פאַרסמאַליעט, פון אונטן — גרין און נאַס און געטראָגן האָט זיך פון זיי אַ ריח פון פוילקייט. ווי נאָר די דאָזיקע פוילקייט האָט דערפילט די זון, האָט זי אָנגעהויבן צו פּאַרען מיט זויערן איבל. די קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן זיך געפּאַרעט ביים פוילנדיקן היי, איז באַפאַלן אַ מידקייט, וואָס איז געקומען נישט פון דער אַרבעט, נאָר פון אַן אינערלעך געפיל, אַז די אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפן, אַז דאָס פוילעניש וואָס פּאַרעט זיך אונטער דער זון, וועט קיין זאַטקייט נישט געבן . . .

הויכע, אָנגעלאָדענע היי־וועגענער זענען טאַנצנדיק אויף וועגן צווישן פעלדער — געפאָרן. צווישן פעלדער, אָפּגעשניטענע און צעכוואַליעטע, האָט זיך געגליטשט אַ רייע מיט איבערגעדרייטע, גרין־ברוינלעכע פּיראַמידעס, פון וועלכע ס׳האָט זיך געטראָגן אַ מזל־ברכהדיקער ריח — אַ געשמאַק פון ברויט. אונטן איז דער וואָגן געווען שמאָל — ווי דער וועג וואָס איז אויסגעביסן אין די פעלדער. אויבן האָט ער זיך רחבותדיק צעשפּרייט, אַז מען האָט דאָרט געקענט צעלייגן אַ קליינעם לאַגער. פון דער רחבותדיקער הויכקייט האָט אַראָפּגעקלונגען מיט לידער פון פּראַצע און פרייד. דאָס האָבן די קאָלאָניסטן דורכגעפלאָכטן זייער געזאַנג מיט דעם פייף פון זייערע בייטשן און מיט זייער שאַרפן וויאָ־וויאָ, מיט וועלכן זיי האָבן אונטערגעטריבן די פרדהס, וועלכע זיי האָבן קוים אַרויסגעזען פון אונטערן היי . . .

מנשהן איז געבליבן אַראָפּצופירן די לעצטע עטלעכע וועגענער היי פון פעלד. דער וואָגן איז געשטאַנען ביי ר׳ מנחמען. ר׳ מנחם האָט גענומען דעם וואָגן אויף אָנפירן פאַר זיך וואַסער. האָט מנשה דערווייל אָנגעהאָנגען אַ בלאַנקענדיקע קאָסע אויפן אַקסל און אַרויס אויף דער שיפּוע פון בערגל, אָפּצושניידן אַביסל ווילד־גראָז פאַר די בהמות. ער האָט פאַרזיכטיק געפירט די קאָסע אַהין און צוריק. רעכטס — אין דער הייך, איבער די גראָזן און לינקס — זיך אַרונטערגעגנבעט צו די וואָרצלען פון ווילד־אָנגעוואַקסענעם היי, מיט אַ פלינקער באַוועגונג פון מעסער אומגעלייגט אַ רייע מיט פעט גרינס, פון וועמענס איבערגעשניטענע וואָרצלען ס׳האָבן זיך געגאָסן ווייסע זאַפטן — ווי מילך. אַזוי האָט ער געשניטן רייע נאָך רייע, הנאה האָבנדיק דערפון, וואָס די בהמות וועלן האָבן וואָס צו פרעסן און אַ דורכגענעצטער זיך צוגעזעצט אָפּרוען.

מנשה האָט זיך אויסגעצויגן אויפן אָפּגעשניטענעם גראָז, מיט ברייט צעעפנטע אויגן זיך איינגעקוקט אין די הימלבלויקייטן. די לופט איז געווען פול מיט צעהיצטן און צעלאָזענעם גאָלד, מיט וועלכן די זון האָט געטריפט פון די הויכן און מיט דעם גאָלדענעם שטויב, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון די צייטיקע ווייצן־פעלדער. די דאָזיקע הייסע ליכטיקייט האָט פאַרבלענדט זיינע אויגן, די שנה־בשבתדיקע שלוה, וואָס האָט אַרומגעשוועבט, האָט צוזאַמענגעפירט אַ ברעם מיט אַ ברעם און איינגעוויגט מנשהן אין טיפן שלאָף צווישן די פאַרשיכורנדיקע ריחות פון די גרעזער.

— — — — — — — — — — — — — — —

ווען מנשה האָט געעפנט די אויגן, איז די זון שוין געשטאַנען אין מיט הימל און נאָך שרעקלעכער געשרפהט. דער קאָפּ האָט אים געהאַקט פון היץ. עס האָט אים אָפּגעריסן פון אָרט — ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף אָפּפירן ס׳היי פון פעלד.

ער האָט צוזאַמענגעלייגט דאָס אָפּגעשניטענע גראָז אין אַ

קופּע און מיט דער קאַסע אויפֿן אַקסל שנעל אַוועק צו ר׳ מנחמען נאָכן וואָגן.

דער שטעכיקער פּלויט אַרום ר׳ נחמנס הויף איז געווען אומגעלייגט, ווי ביי אַ פֿאַרלאָזענערווירטשאַפֿט . . . אין הויף, איז דער אויסגעשפּאַנטער וואָגן געשטאַנען מיטן דישל אין דער טיר פֿון באַראַק. אויפֿן וואָגן — צוויי פּעסלעך וואַסער, אויף וועמענס ראַנדן ס׳האָבן געפּלאַטערט דורשטיקע הינער און געטרונקען פֿון פֿולן פֿאַס. אויפֿן צעקרומטן דעכל פֿון שמוציקן הינער־שטייג, איז געשטאַנען אַ שוואַרצער האָן, אַן אָנגעבלאָזענער מיט כעס, און אַריינגעקרייעט זיין טענה אין הימל אַריין, הלמאַי סע׳גיסט זיך אַזוי פֿיל היץ און בינו לבינו זיך אַ בייזער געטון אויף די הינער — די חצופֿהס, וואָס טרינקען פֿון פֿולן פֿאַס.

פֿון דער אָפֿענער שטאַל־טיר האָבן צוויי אַרויסגעשטעקטע קעלבערישע קעפּלעך, צוגעבונדענע צו אַ שטריק, געמעקעט פֿון דורשטיקייט אין הויף אַריין — געקוקט מיט פֿאַרגאָסענע רחמנות־בעטנדיקע אויגן.

ווען מנשה האָט אָנגעקלאַפּט אין באַראַק, איז רבקהלע אַרויסגעקומען אַ פֿאַרשלאָפֿענע, זיך געקראַצט מיט אַ פֿינגער אונטער דער קופּקע און פֿאַרלאָפֿן מנשהן דעם וועג:

— צ׳ווילט אַוודאי דעם וואָגן, האַ?

— אַוודאי — האָט דער מידער מנשה געוואָלט איינשפּאַרן ווערטער.

— כ׳דאַרף נאָך אַראָפּנעמען ס׳וואַסער — האָט רבקהלע נאָך נישט געענדיקט ס׳קראַצן מיטן פֿינגער אונטער דער קופּקע — און כ׳האָב נישט ווו צו גיסן, ס׳אַזאַ חמימה, אַזאַ היץ . . . און מיין מאַן איז מיר, נישט פֿאַר אייך געדאַכט שלאָף, און דאָ דאַרף מע׳אָנקאָרמען די עופֿות, און דאָ דאַרף מען אָנפּאָיען די קעלבלעך, וואָס וויסן זיי שטימע צינגער, אויף אַלעם מוז מען זיך אומקוקן, א׳ניש גייט אַלץ אונטער . . . און דאָ איז אַזאַ היץ, אַזאַ חמימה . . . איין גאָט זאָל זאך מרחם זיין . . . ס׳שפּריצט דאָך פֿייער פֿון הימל, אוי, אוי, אוי . . .

זי איז רעדנדיק אַריין אין שטאַל, אַ גלעט געטון די מעקנדיקע קעלבלעך, אַרויסגענומען אַן עמער פֿון בהמהשן מיסט און מיט דער צואה איינגעטונקען אין פֿאַס. מיט רעש פֿון די אויסגעשפּרייטע פֿליגלען און מיט אַ פֿילדערנדיק קוואָקען, זענען די הינער אַראָפּגעפֿלויגן פֿון די פּעסער און זי האָט, נישט מיד ווערנדיק צו רעדן, אָנגעטרונקען די קעלבלעך.

מנשה האָט מיט אומגעדולד געהאָלפֿן אַראָפּקאָלערן די פּעסער פֿון וואָגן און שנעל געפֿאַרן אין פֿעלד אַריין.

דוד דיאַמאַנט

# ווי אַזוי עס זענען אָפּגעפונענע געוואָרן די מאַנוסקריפּטן פון די אומגעקומענע

(ביבליאָגראַפישע נאָטיצן)

אַ פאָלק, וואָס פאַרגעסט זיינע טויטע,
איז פאַרמשפט צו ירידה.
(זשיל געד)

מיר ווע̇לן אונדזערע טויטע קיינמאָל נישט פאַרגעסן. זיי לעבן נאָך צווישן אונדז און זיי לעבן אין אונדזערע געדאַנקען.

מיר האָבן דעריבער גלייך נאָך דער באַפרייונג זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיטן צונויפזאַמלען אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום לעבן און שאַפן פון די אומגעקומענע יידישע שרייבער. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט די גרעסטע שוועריקייטן. מען האָט אין אָנהויב נישט געקענט וויסן, וואָס פאַר אַ ליטעראַרישע ירושה יעדער איינציקער האָט איבערגעלאָזן, ווייל נאָך אַלע באַוואָרענישן און באַהאַלטענישן, זענען דאָך אַלע יידישע וווינונגען צעראַבירט געוואָרן דורך די דייטשן. אויב עס זענען פאַרבליבן משפחות פון די אומגעקומענע, ביי וועלכע עס האָבן זיך עווענטועל אָפּגעראַטעוועט מאַנוסקריפּטן, זענען זיי אָבער געווען נע ונד איבער די פאַרשיידענע שטעט און דערפער פון דער פראַנצויזישער פראָווינץ. דאָס אָפּזוכן זייערע אַדרעסן און זייער אומקערן זיך קיין פאַריז האָט גענומען לאַנג. אַפילו די אַרויסגעגעבענע ווערק פון די שרייבער זענען נישט געווען בנמצא און עס האָט זיך געפאָדערט אַ צייט ביז די ביבליאָטעק ביים צענטראַלן קולטור־ראַט, וועלכע איז אויסבאַהאַלטן געוואָרן געניי ווי יעדער לעבן־געבליבענער ייד, איז געברענגט געוואָרן אין אָרדענונג.

עס זענען זיך ביסלעכווייז צוזאַמענגעקומען די לעבן־געבליבענע שרייבער. זיי זענען צוריק גקומען פון די בעהעלטענישן, פון געפאַנגענשאַפט, פון די טויט-לאַגערן. צוזאַמען מיט דער אַרבעט איז אויך אַרויסגעוואַקסן און גערופן געוואָרן צום לעבן אונדזער אינסטיטוציע — דער דאָקומענטאַציע־צענטער. צענטראַליזירן די פאַרשיידענע עלעמענטן, אָפּזוכן די כתב־ידן קלאַסירן זיי, ברענגען זיי אין אָרדענונג, צוציען די געהעריקע מענטשן, שרייבער און נישט־שרייבער — אָט די לאַנגזאַמע און אָנגעשטרענגטע אַרבעט האָט דערמעגלעכט צונויפצוזאַמלען דאָס ביסל, וואָס מיר האָבן ביז איצט באַוויזן אָפּצוראַטעווען.

ס'איז דערביי נייטיק צו באַמערקן די גרויסע ראָל, וואָס עס האָבן געשפּילט פשוטע פאָלקס־מענטשן ביים אָפּהיטן, אָדער אָפּראַטעווען די פאַרבליבענע מאַטעריאַלן.

## אהרן בעקערמאַן

דער פאַריזער יידישער אַרבעטער הערשל, האָט אין יאָר 1943, בעתן גרויזאַמען טעראָר אויף יידן, זיך אויסבאַהאַלטן אינעם שטעטל אָזואַר, נישט ווייט פון פאַריז. איינמאָל, גייענדיק דורכן וואַלד, האָט ער באַמערקט אומוואַלגערן זיך יידישע שמות, יידישע מאַנוסקריפּטן. טראָגן דעמאָלט ביי זיך יידישע אותיות איז געווען נישט וויניקער לעבנס־געפערלעך, ווי רעדן יידיש בקול רם. הערשל האָט אָבער נישט געקענט גובר זיין דעם יצר־הרע, צונויפגענומען וואָס ער האָט נאָר געקענט. ער האָט געקליבן די פאַרגעלטע, צעווייקטע בלעטלעך פון ביכער און העפטן, נאָכפאָלגנדיק די שפּורן, וועלכע האָבן אים דערפירט צו דעם הויז, וווּ ס'האָט פריער געוווינט דער שריפטשטעלער אהרן בעקערמאַן. זעט אויס, אַז דאָס פאַרלאָזענע הייזל האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון גנבים, וואָס צעשלעפנדיק אַלץ, וואָס האָט אַ ווערט פאַר זיי, האָבן זיי נישט ווילנדיק דערפירט צו די שפּורן פון אַ גרויסן טייל פון בעקערמאַנס ליטעראַרישער ירושה.

איז נאָוועמבער 1944, ד. ה. אַ קורצע צייט נאָך דער באַפרייונג פון פאַריז, איז אַ גרופּע חברים אַראָפּגעפאָרן קיין אָזואַר אָפּצוזוכן בעקערמאַנס אַרכיוו. צווישן זיי זענען געווען: משה שולשטיין, מ. זעלדאָוו און גאַנדווערג. ס'איז זיי קוים מיט צרות געלונגען אַרויסצוגראָבן די מאַנוסקריפּטן, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אונטערן הייזל, פאַרפּאַקט אין אַ הילצערנעם קאַסטן, דורכגעפרעסן פון פייכטקייט און ווערעם. אַלץ איז זיך צעפאַלן אונטער די הענט.

ווער עס האָט דערנאָך געזען אין דאָקומענטאַציע־צענטער דעם הויפן צונויפגעמישטע, פאַרגעלבטע בלעטלעך, האָט זיך

נישט געקענט באַפרייען פונעם פײַנלעכן אײַנדרוק. דאָס טרויעריקע בילד פון בעקערמאַנס אַרכיוו איז געווען דער אויסדרוק פונעם חורבן פון יידישער קולטור.

במשך פון ווינטער 1945־1946 האָבן די מיטאַרבעטער און אַקטיוויסטן פון דאָקומענט. ־צענטער אַוועקגעלייגט אַ סך מי צוריקצובברענגען אין אָרדענונג דאָס אָפּגעראַטעוועטע. בעקערמאַנס זכרונות און זײַן טאָג־בוך זענען געווען צונויפגעשמאָלצן אין איין מאַסע. בײַ דער מינדסטער אומפאָרזיכטיקייט האָט אַלץ געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטויב. דאָס אַלץ איז געטון געוואָרן אין אַן ענג בוידעם־שטיבל פון פיר קוואַדראַט מעטער, ווו עס זענען געווען צונויפגעפרעסט דער דאָקומענטאַציע־צענטער, די רעדאַקציע „דרוא ע ליבערטע" און די וואַנט־שאַפעס פון דער ביבליאָטעק. אין אָוונט, נאָך אַן אַרבעטס־טאָג, איז מען צוגעטרעטן צום סאָרטירן די מאַנוסקריפּטן. דער גוטער ווילן איז בײַגעקומען אַלע שוועריקייטן. דורכגעפירט די אַרבעט האָבן די שרײַבער : ב. שלעווין, ק. בענעק, מ. שולשטיין, אברהם ווייק, דער אַרכיוויסט גלעזער, דער דרוקער־אַרב. העלפגאָט, דער אָנגעשטעלטער שטריגלער. נאָך איצט, בײַם קלאַסירן די ליטעראַרישע קאָרעספּאָנדענץ פון בעקערמאַן, אַרבעטן מיט גרויס איבערגעגעבנקייט י. אדראזשינסקי און די שניידערין וואַלדמאַן.

אָבער נישט בלויז אין אָזואַר האָט בעקערמאַן באַהאַלטן זײַנע כתבים. דאָס צווייטע אָרט פון זײַן שאַפן אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע איז געווען עקאַיע, אַ קליין שטעטל אין דעפּאַרטאַמענט ענדר. זײַנע איבערגעגעבענע פרײַנט זענען דאָרט געווען זלמן און חנטשע גאַנדווערג. צו יענער צײַט האָט קיינער נישט געוווּסט, ווער עס וועט אַרויס אַ לעבעדיקער און איינער האָט זיך דעם אַנדערן איבערגעגעבן אַ צוואה בעל פה. בעקערמאַן האָט געבעטן זײַנע פרײַנט, אַז אויב קיינער פון זײַן משפחה וועט נישט פאַרבלײַבן, זאָלן זיי זיך פאַרנעמען מיט אָפּהיטן זײַנע ווערק. בעקערמאַן, זײַן פרוי און זײַן זון זענען אומגעקומען. אויך זלמן איז אומגעקומען, עס איז אָבער פאַרבליבן חנטשע, וועלכע האָט געטריי אויסגעפירט די בקשה פון אהרן בעקערמאַנען. נאָכן אויפזוכן די אַרכיוון אין אָזואַר, האָט זי אין יוני 1946 געבערענגט אין דאָקומענטאַציע־צענטער די רעשט פון בעקערמאַנס ליטעראַרישער קאָרעספּאָנדענץ און דעם 10־טן און 11־טן באַנד פון זײַן טאָג־בוך „אין צײַטן פון אומזין, געשריבן אין עקאַיע, די פאָרזעצונג פון טאָג־בוך, געשריבן פון די לאַגערן: גירס און דראַנסי ביזן לעצטן טאָג פון זײַן דעפּאָרטאַציע, געפינט זיך בײַ חנטשען אין דער פאָרם פון פּריוואַטע בריוו.

נאָך אויף אַ דריט אָרט, ווייסן מיר, געפינען זיך מאַנוסקריפּטן פון אהרן בעקערמאַן. דאָס איז בײַ דעם איידעם פון עמיל זאָלאַ מאָריס לעבלאַן, מיט וועלכן ער איז געשטאַנען אין נאָענטער פרײַנטשאַפט און וועלכער איז אינצווישן צײַט געשטאָרבן און לעבלאַנס זון ווייסט נישט ווו די זאַכן זענען באַהאַלטן געוואָרן.

אָט איז דער סך־הכל פון די ביזאיצטיקע זוכונגען און זאַמלונגען פון אַהרן בעקערמאַנס ליטעראַרישער ירושה :

„לענין", באַנד 1 — 1773 זײַטן (דער מענטש און זײַן ווערק)
„לענין", באַנד 2 — 378 ז.
„לענין", באַנד 3, 650 ז.

דאָס ווערק איז געשריבן געוואָרן אין סאַמע ברען פון מלחמה (זינט 1941). דער ערשטער באַנד איז אין גרויסן פאָרמאַט, די די אַנדערע צוויי אין פאָרמאַט פון אַ שול־העפט.

„דאָס יידישע לעבן און די יידישע ליטעראַטור", באַנד 1. אַרײַנפיר, 131 ז.

באַנד 2, „געזאַנג און אויפגאַנג", 140 זײַטן, געענדיקט אין 1938.

ווײַטער קומט אַ קלענערע, נישט פאַרענדיקטע אַרבעט „אַ מענטש און זײַן צײַט", באַנד 1. (מײַנע זכרונות).

דער כתב־יד פון זײַן מאָנאָגראַפיע „ברוך גלאַזמאַן" (פּראָבלעמען און אידעען אין זײַן שאַפן), וואָס אהרן בעקערמאַן האָט געשריבן אין 1938, אין מלחמה צײַט דערשינען אין אמעריקע.

קלענערע אַרבעטן, „פּאַריז אין לעגענדע און ווירקלעכקייט" און פון מײַן ליטעראַרישן טאָגבוך".

זײַנע טאָג־ביכער באַנד 1, „אין צײַטן פון אומזין" (מײַן טאָג־בוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה), געשריבן אין פּאַריז 1940, 526 זײַטן.

באַנד 10, וועלכער הייבט זיך אָן דעם צוועלפטן יולי און ענדיקט זיך דעם 31־ט דעצעמבער, ווען ער האָט שוין געלעבט אין שטעטל עקאַיע, 689 זײַטן.

באַנד 11, געשריבן אין זעלבן שטעטל, פון 1-טן יאַנואַר 1943 ביזן 22-טן פעברואַר. 200 זײַטן.

ווײַטער האָט ער שוין נישט געקענט שרײַבן. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און זיצנדיק אין לאַגער גירס, שפּעטער אין דראַנסי, האָט ער נאָך פאָרגעזעצט זײַן טאָג־בוך און אַרויסגעשיקט צו חנטשען אין דער פאָרם פון אַ בריוו. אַחוץ דעם געפינען זיך הונדערטער אַרטיקלען פון צײַטונגען, וואָס בעקערמאַן האָט אַליין אויסגעשניטן און זיי אַרײַנגעקלעפּט אין העפטן. צו דער ליטעראַרישער ירושה בעקערמאַנס דאַרף מען אויך צורעכענען זײַן רײַכע קאָרעספּאָנדענץ. אַ גאַנץ קליינע צאָל פּריוואַטע בריוו פון דער מוטער זעלדע (בעקערמאַן האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אונטערן נאָמען אהרן זעלדעס) פון דער שוועסטער, פון קוזין משה געלמאַן (בעקערמאַן האָט אויך געשריבן אונטערן נאָמען י. געלמאַן). די מערסטע בריוו קענען גיכער באַטראַכט ווערן פאַר ליטעראַרישע, ווײַל די פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענץ איז זייער אַ קליינע. בסך־הכל עטלעכע און אַכציק בריוו. דאַקעגן געפינען מיר העכער 1000

בריוו פֿון פֿאַרלעגער, רעדאַקציעס און קאָלעגן. צווישן די שרייבער, וועמענס בריוו מיר טרעפֿן אין דער קאָלעקציע, זענען: דוד בערגערלסאָן, פּ. בימקאָ, אַנרי באַרביס, ברוך גלאַזמאַן, לייב מלאך, לאַטי מלאך, דוד מיצמאַכער, וו. דזשאַלאָווסקי, זישע באַגיש, וו. וועוויאָרקע, ז. דיאַמאַנט, דוד פּליסקין, דר. י. צפּור, ב. ווינאָגוראַ, חנה קאָוואַלסקאַ, עגאָן ערווין קיש, קאָרנהענדלער, זלמן רייזען, ב. שלעווין, מ. שולשטיין. אינטערעסאַנט איז אויך צו דערמאָנען בעקערמאַנס מיטגלידס־קאַרטן און לעגיטימאַציעס: פֿון ייִדישן שרייבער־פֿאַרבאַנד אין פּאַריז, פֿון דער „פּרעסע" אין אַרגענטינע, פֿון וואַרשעווער זשורנאַל „שפּראַצונגען", פֿון „מעזריטשער וואָכנבלאַט", פֿון כעלעמער „אונזער שטימע". צווישן די קאַרטן געפֿינען מיר אויך אַ מיטגליד־קאַרטע פֿון „האַנטווערקער־פֿאַריין פֿון לעדער־און גאַלאַנטערי־בראַנזשע" אין וואַרשע.

## דזשאַלאָווסקי, צענדאָרף, פּליסקין

ווען בעקערמאַן האָט באַהאַלטן זיינע ווערק, האָט ער געהאַלטן פֿאַר וויכטיק צו באַשיצן אויך די ווערק פֿון זיינע חברים. ווערנדיק אויסמיידן די כסדרדיקע אַבלאַוועס, האָט ער געשיקט זיין פֿרוי זי זאָל צוזאַמענעמען די ווערק פֿון דזשאַלאָווסקי, פּליסקין און צענדאָרף.

דזשאַלאָווסקיס לידער האָבן זיך טאַקע קאָנסערווירט אין אַ מער־ווייניק גוטן צושטאַנד. דאָ געפֿינען זיך אַ גאַנצע ריי לידער, וועלכע זענען שוין פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן פֿריער אין זיין בוך „אַ ברויט מיט אַ מעסער". אַ גרעסערע צאָל נישט־פֿאַרעפֿנטלעכטע, צווישן זיי עטלעכע צענדליק לידער אויף סאָציאַלע טעמעס, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס לעבן אונטער דער אָקופּאַציע.

מיט צענדאָרפֿס מאַנוסקריפּטן האָבן מיר געהאַט ווייניקער מזל. אין בעקערמאַנס באַהעלטעניש איז גאָרנישט געפֿונען געוואָרן, הגם מיר האָבן נאָכנישט רעזיגנירט. צענדאָרף האָט נאָך געהאַט באַהאַלטן מאַנוסקריפּטן ביי אַ ייִדישער פֿרוי, וואָס איז דעפּאָרטירט געוואָרן און די דייטשן האָבן אויסגערוימט דאָס הויז. פֿאַרבליבן פֿון צענדאָרפֿן איז איין העפֿט לידער, וועלכע די פֿרוי זיינע האָט דורך דער גרעסטער געפֿאַר אָפּגעראַטעוועט, און געפֿינט זיך אין דאָקומענטאַציע־צענטער. דאָס איז אַ זאַמלונג פֿון אומגעפֿער פֿופֿציק לידער, געשריבן אין לאַגער פֿון פּיטיוויע און וואָס דריקן אויס די איבערלעבונגען דאָרט, ווי אויך דאָס פּערזענלעכע געמיט פֿונעם דיכטער. עס האָבן זיך נאָך אויפֿגעהאַלטן אייניקע לידער צענדאָרפֿס, וועלכע ער האָט געשאַפֿן אין לאַגער און וועלכע האָבן צירקולירט פֿון מויל צו מויל. זיי ווערן איצט פֿאַרנאָטירט. דאָס פּאָפּולערסטע פֿון דידאַזיקע לידער איז „אונדזער מוט איז נישט געבראָכן". דאָס ליד איז נאָכדעם צוזאַמען מיט די דעפּאָרטירטע מיטגעקומען קיין אוישוויץ און איז דאָרט געזונגען געוואָרן. דאָס ליד איז געזונגען דורכן כאָריסט קאַווקאַ אויף דער פֿייערונג אין פּיטיוויע צום אָנדענק פֿון די 15 טויזנט ייִדישע דעפּאָרטירטע פֿון באָן לאַ ראָלאַנד און פּיטיוויע. די אויטענטישע נאָטן פֿון ליד געפֿינען זיך ביי אונדז. געשריבן די מוזיק האָט דער מוזיקער מ. זעמעלמאַן אַן אומצושיידבאַרער פֿריינט פֿון צענדאָרפֿן. זיי האָבן ביידע געטיילט דעם זעלבן גורל.

נאָך ווייניקער גליק האָבן געהאַט די שאַפֿונגען פֿון דוד פּליסקין. עס איז גאָרנישט געפֿונען געוואָרן אין דער באַהעלטעניש. עס איז דעריבער געווען אַ גרויסע פֿרייד צוריקצוגעפֿינען אין דער אָפּגעראַטעוועטער ביבליאָטעק זיינע ביידע אַרויסגעגעבענע לידער־זאַמלונגען „קינדערשע מעלוכע" און „וווּנדערלאַנד".

מער איז שוין קיין האָפֿענונג נישט געווען, אָבער אין גאַנג פֿון די זוכונגען זענען אַנטדעקט געוואָרן נאָך פֿיר לידער אין מאַנוסקריפּט, וועלכע זענען מיט גרויס פּיעטעט באַהאַלטן געוואָרן דורכן אַרטיסט שמעון מירעלס. די לידער זענען: „וועלוול פֿון בעלוויל", „דער האָן אין שפּיגל", (געשריבן אין פּאַריז, נאָוועמבער 1939), „אין אַ זומער טאָג אַ העלן", „אַ בריוו פֿון פֿראָנט", אַ ליד, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס האַרטע סאָלדאַטן־לעבן און דעם טרויער אין די משפּחות.

## ברוך ווינאָגוראַ און חנה קאָוואַלסקאַ

דער קריטיקער ברוך ווינאָגוראַ איז דורך אַ מסירה פֿון אַ פֿאַרעטער אינטערנירט געוואָרן אינעם לאַגער „טורעל", פֿונוואַנען ער איז שפּעטער איבערגעפֿירט געוואָרן צום דערשיסן. זיין פֿרוי, די מאָלערין חנה קאָוואַלסקאַ, איז אומגעקומען אין אוישוויץ און ס'איז בוכשטעבלעך גאָרנישט פֿאַרבליבן פֿון זייערע מאַנוסקריפּטן. אויף וויפֿל עס איז אונדז באַקאַנט, זענען זיינע זאַכן קיינמאָל נישט דערשינען אין בוך־פֿאָרם. ס'איז דעריבער געבליבן דער איינציקער אויסוועג — אָפּזוכן זיינע אַרטיקלען, צעוואָרפֿן איבער פֿאַרשידענע צייטשריפֿטן און דער עיקר, אין דער „נייע פּרעסע" ביז 1939.

דער איינציקער קאָמפּלעט פֿון דער „נייע פּרעסע" געפֿינט זיך אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין פּאַריז, דידאָזיקע נישט לייכטע אויפֿגאַבע האָט אויך זיך גענומען דער שרייבער א. ווייץ. פֿון די אַלטע קאָמפּלעטן האָט ער איבערגעשריבן די עסייען פֿון ב. ווינאָגוראַ איבער מענדעלע מוכר ספֿרים, י. ל. פּרץ, מאָריס ראָזנפֿעלד, אַברהם גאָלדפֿאַדען, איצעק מאַנגער, „ייִדיש אין לאָנדאָן", אַ גרעסערע אַרבעט וועגן ייִדישן סטיל און נאָך אַנדערע אַרבעטן.

די כתבים פונעם שרייבער וו. וועוויאָרקע זענען געראַטעוועט געוואָרן דורך זיין זון. אַחוץ זיינע דערשינענע ווערק „מזרח און מערב", „באַדנלאָזע מענטשן" און אַ גאַנצע ריי עסייען וועגן יידישע שרייבער, האָט ער איבערגעלאָזן אין מאַנוסקריפּט אַ דראַמע און אייניקע דערציילונגען, וועלכע ער האָט געשריבן, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין ניצע.

## מוניע נאַדלער

מוניע נאַדלער איז הויפּטזעכלעך באַקאַנט געווען די ברייטע יידישע מאַסן אין פראַנקרייך אַלס טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט, אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון דער יידישער אינטעליגענץ, אַלס אומדערמידלעכער קעמפער און רעדאַקטאָר פון דער אומלעגאַלער יידישער פּרעסע. מוניע נאַדלער איז אָבער אויך געווען אַ פּאָעט און אַ פּראָזע־שרייבער. זיינע אַרבעטן האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דער „נייע פּרעסע", „ליטעראַרישע בלעטער", „ליטעראַרישע טריבונע", אין די אַגודהשע צייטשריפטן, איידער ער האָט מיט זיי איבערגעווייסן, אין „פּאַריזער זשורנאַל" און אין אַנדערע.

זיין פרוי אײדל, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט די פּאַרטיזאַנען־קאַמפן אין „מאַקי", איז דאָך געלונגען צו ראַטעווען אַ קליינטשיק פּעקעלע מאַנוסקריפּטן, ווי אויך זיין בוך, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע „בעש"ט סימפאָניע", אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג גאָלדער, (וואַרשע 1933, 143 זייטן). צו די אָפּגעראַטעוועטע מאַנוסקריפּטן געהער אויך דאָס געדיכט „מעטראָפּאָליס", די צוואה פון אַ שפּאַנישן קעמפער (געחתמעט : א. פּלאַנער), „סטריכאַוואַליער ליליעס", אָדער דערציילונג פונעם יידיש־אוקראַינישן לעבן, „באַנאַפּאַרט 1", אַ דערציילונג פונעם פאַבריקס־לעבן.

דער באַדייטנדסטער טייל פון זיינע מאַנוסקריפּטן זענען זיכער די 10 קאַפּיטלעך פון זיין ראָמאַן פונעם לעבן אין פראַנקרייך, געשריבן בעת דער מלחמה. דער טיטל פון ראָמאַן איז נישט באַקאַנט, דאַקעגן האָט יעדעס קאַפּיטל זיין נאָמען : „די ראַנדעווו", „שבת", „טאָג־בוך", „קאַרדינאַל", „עוויאַן", „יאַשקע און יונקע", „טשעמבערליין", „דימענזיע", „די לויה", „נאָכן משפּט". צוזאַמען 136 זייטן.

ס׳זענען אויך פאַרבליבן זיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן און לעגיטימאַציעס : פון יידישן ליטעראַטן־פאַריין אין וואַרשע פון יאָר 36־35־1934. זי טראָגט דעם נומער 405, אַ לעגיטימאַציע פון „יידישן טאָגבלאַט", וואַרשע 1930, זיין אידענטיטעטס־קאַרטע פון דער פאַריזער פּרעפעקטור מיטן רויטן שטעמפּל „זשוויף" (ייד), זיין מיליטעריש ביכל פון פוילן, אַרויסגעגעבן אויפן נאָמען : סאַמועל נאַדלער אין זלאָטשעוו.



די ווערק פון יאָסל צוקער האָבן געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן גורל, ווי די פון די אַנדערע אומגעקומענע שרייבער. נאָכדעם ווי מען האָט זיך געגעבן די מי צו קלאַסירן די אַרכיוון פון די אַנדערע שרייבער, נאָכדעם ווי מען האָט באַרירט די פאַרגעלבטע מאַנוסקריפּטן, וועלכע האָבן קוים איבערגעטראָגן די לאַסט פון צייט, היץ, פייכקייט און ווו יעדע שורה דריקט אויס די ליידן פון די מאַרטירער, זענען די מאַנוסקריפּטן פון יאָסל צוקער פּריש, ווייסע, גלאַטיקע בלעטלעך, ציכטיקע העפטן, גלייכע שורות, אַ רעגולערע, אַביסל תמימות דיקע האַנטשריפט. זיי האָבן זיך קאָנסערווירט אויף אַ זעלטענעם אופן און זעען אויס, ווי מען וואָלט זיי נעכטן אָנגעשריבן. זייער מזל איז געווען צו געפינען אַ באַהעלטעניש ביי נאָבעלע פראַנצויזן. צוקערס פרוי, אסתר, ווען זי האָט אין זומער 1942, געפונען שוץ ביי איר פראַנצויזישן פריינט, דעם דערמאָנטן קינסטלער אמבלאַר, האָט זי מיטגענומען מיט זיך צוקערס אַלע ווערק. זייענדיק דאָרט פאַרהעלטעניסמעסיק זיכער, האָט זי זיך גענומען אויך פאַרזיכערן די מאַנוסקריפּטן. אין משך פון וואָכן האָט זי אַלע מאַנוסקריפּטן איבערקאָפּירט און זיי באַהאַלטן אויף צוויי ערטער. איין טייל האָט זי איבערגעלאָזן ביים פריינט אמבלאַר. די אַנדערע טייל כתב ידן, ביכער און קאָפּיעס זענען באַהאַלטן געוואָרן ביי אַן אַנדער פראַנצויזישן פריינדן אליס לעזשעי.

עס זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַלע זאַכן. עס איז דאָ זיין בוך דערציילונגען פונעם יידישן לעבן אין פּאַריז, אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון יידישן פּען־קלוב אין וואַרשע „אַ פרעמד לעבן" (124 זייטן), אַחוץ אַנדערע דערציילונגען און אויך אייניקע פונעם בוך דערציילונגען, געדרוקט אין פאַרשיידענע צייטשריפטן, אין די „ליט. בלעטער", „יונגער דור" א. אנד. זיינע פאַרבליבענע ווערק אין מאַנוסקריפּט באַשטייען פון : „אָרום בעלוויל גאַס", אַ דערציילונג פון 15 דאַקטילאָגראַפירטע זייטן, „יידן אויפן בעלוויל", אַ סקיצע פון 9 זייטן, אָפּגעקלאַפּט אויף אַ שרייב־מאַשין, „דער קאַשמאַר פון אַ סעפּטעמבער־נאַכט", 13 זייטן העפט פאָרמאַט, „דאָס אַנטלויפן פון עליזע שעפּניצעס", 36 זייטן, אַן אַנדער העפט, וואָס אַנטהאַלט צוויי אַנדערע דערציילונגען, „דער לעצטער דאָרפס ייד" (30 זייטן) און „דער פּאָרטרעט פון יאָהאַן סעבאַסטיאַן בורגנער" (38 זייטן).

אַ נייעס וועט זיכער זיין צו דערציילן, אַז צוקער איז אויך געווען אַ פּאָעט. במשך פון די דריי חדשים, וואָס ער איז געזעסן פאַרשפּאַרט אין פּיטיוויע (פון 8־טן פעברואַר ביזן 8־טן מאַי 1942), האָט ער טיף דורכגעליטן זיין געפאַנגענשאַפט. די פיזישע ליידן, הונגער, פאַרפאַלגונג, אינספּירירן יאָסלען צו שרייבן פּערזן. אין די דריי מאָנאַטן אין לאַגער זינגט ער אויס זיין וויי, זיינע געפילן אין 8 לידער : „כ׳געדענק",

„דערוואַרטונג", „סוווענירן", „האַרץ מיינס", „געבעט", „אין קוימען וויינט דער ווינט", און „צו דיר".

שוין האַרט פאַרן איבערגעפירט ווערן קיין קאַמפּיען (8־טער מאַי, פונוואַנען ער ווערט געשיקט קיין דראַנסי און פון דאָרט — אויף דעפּאָרטאַציע, דעם 14־טן און 15־טן יולי) שרייבט ער נאָך אַ דערציילונג „אַ גרויע האָר" און „דער בריוו פון קאָנצענטראַציע־לאַגער". יאָסל צוקער האָט נאָך געהאַט אַנדערע קינסטלערישע פעאיקייטן. ער איז געווען אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער, געענדיקט אַ פאַריזער פאַך־שול אַלס בראָנז־מאָנטער מיט אַ זילבערנעם מעדאַל. ער האָט שטענדיק געזוכט צו פאַרדינען זיין ברויט ביי געזונטער פיזישער אַרבעט, אויף וואָס עס זאָגן עדות זיינע פילצאָליקע באַשטעטיקונגען פון דער עלעקטראָמעכאַנישער פאַבריק אין בורזשע און אַנדערע. ער איז נישט נאָר געווען אַ קינסטלער אין זיין פאַך, נישט נאָר אַ קינסטלער צו דערציילן און צו דיכטן, ער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ באַזונדער טאַלאַנט צו פלאַסטישער קונסט. דער קאָפּ פון דער פרוי און פונעם קינד, וואָס ער האָט געקנאָטן האַרט פאַרן אַרעסט, זענען נישט פאַרענדיקט געוואָרן. דאַקעגן איז פאַרבליבן זיין אייגענער קאָפּ אין גיפּס, וועלכן ער האָט פאַרענדיקט אין 1939. יאָסל צוקערס לעבעדיק פּנים איז ווי פון שטיין אויסגעהאַקט. זיין קאָפּ פון גיפּס איז אַ ווערק, וואָס ברענגט אַרויס די פיינקייט פון זיינע שטריכן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קראַפט פון אויסדרוק.

## כלאַונע קאַגאַן

אין אַ האַרבסטיקן פרימאָרגן בין איך פאַרפאָרן אין יענעם עק פאַריז אויפצוזוכן מיין יוגנט־פריינט אברהם טכאָר. כ'האָב געוווסט, אַז כלאַונע קאַגאַן, מיט וועלכן מיר זענען אַמאָל געגאַנגען צוזאַמען אין שול, זאָל האָבן געשטאַנען מיט אים אין פאַרבינדונג שוין אפילו דעמאָלט, ווען ער איז געווען אינטערנירט אין פּיטיוויע. אַזוי איז עס טאַקע געווען. אַ געוויסן טייל פון זיינע מאַנוסקריפּטן האָט ער ערגעץ געהאַט פאַרשטעקט צוזאַמען מיט די, וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט פון לאַגער. טכאָר האָט מיר געגעבן אַלע האָפענונגען די זאַכן צוריק אָפּצוגעפינען. ער האָט זיי געהאַט פאַרטיילט צווישן די שכנים. כ'האָב געוואַרט עטלעכע שעה, ביז ער איז צוריקגעקומען אַ שטראַלנדיקער, מיט אַ פעקל אין דער האַנט. ער האָט מיר נאָך דערביי אַנטפּלעקט אַ סוד: כלאַונע האָט אין די לעצטע טעג פאַר דער דעפּאָרטאַציע נאָך אַרויסגעשיקט אַן אַנדער אוצר, אַן אוצר, מיט וועלכן ער האָט זיך ביז אין די לעצטע טעג פאַר דער דעפּאָרטאַציע נישט געוואָלט שיידן — אַ יידישע שרייב־מאַשינקע.

טכאָר האָט די שרייב־מאַשינקע פון אומגעקומענעם שרייבער געשענקט דעם דאָקומענטאַציע־צענטער.

## יאַנקל שפּאַן

די געשיכטע ווי אַזוי עס זענען געראַטעוועט געוואָרן די מאַנוסקריפּטן פון יאַנקל שפּאַן איז זייער קורץ. דער פאַרדינסט צו באַהאַלטן זיינע כתבים קומט דעם שרייבער גופא. אין 1942, ווען די לעבנס־געפאַר איז געוואָרן אַלץ ממשותדיקער, האָט י. שפּאַן צוזאַמען מיט זיין פרוי געזוכט ווי אַזוי צו באַשיצן זיינע שריפטן. אין דער קיך פון זיין וווינונג אויף 104 רי וויעי די טאַמפּל האָבן זיי געפונען אַ נישע, וואָס קיינער האָט נישט געוווסט דעם צוועק פון איר עקזיסטענץ. אָט אין דערדאָזיקער הוילקייט האָבן זיי אַריינגעלייגט אַלע זיינע שריפטן און נאָכדעם ווי ער האָט אָנגענומען די געהעריקע שוץ־מיטלען, גוט פאַרמויערט דאָס אָרט, פאַרשמירט מיט אייל־פאַרב ווי די גאַנצע וואַנט. אַזוי זענען די זאַכן געבליבן ביז נאָך דער באַפרייאונג אומבאַרירט.

פון זיינע שוין פאַרעפנטלעכטע ווערק איז קודם־כל געבליבן דער כתב־יד פון זיין גרעסערן ראָמאַן פון פאַלעסטינער לעבן „אויפן שווערן גרונט" (צווייטער וואַריאַנט), וועלכער איז דערשינען אין פאַריז אין יאָר 1938.

פון די קלענערע זאַכן, וועלכע געפינען זיך צעשפּרייט אין פאַרשידענע זשורנאַלן און צייטשריפטן, זענען געבליבן די מאַנוסקריפּטן „ערד", „פאַקטן" (דערציילט פון אַ קוילנטרעגער), „שמידער", אַ סקיצע פון אַראַבישע געסלעך, „קינדער־שטרייק", „זאַלץ", „אויפן לעצטן שטאָק" (שטרייק־עפּיזאָד) און „אבו טיסאַ אַרבאאין" (דער טאַטע פון די ניין און פערציק).

אָבער אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע און פאַרעפנטלעכטע דערציילונגען זענען פאַרבליבן: אַ דראַמע „בראשית" (אין דריי אַקטן און עלף בילדער. — טעמע: עמיגראַציע מעבר לים — 40 זייטן) און אויך אַ גרעסערע צאָל דערציילונגען פון וועלכע אַ היפּשע טייל איז אויף פאַריזער טעמאַטיק.

1) „עובדיה דער שלאָסער".
2) אַ דערציילונג אָן אַ נאָמען.
3) „יידן און זייגערס (6 זייטן).
4) אַן אַנטיהיטלעריסטישע סאַטירע „די וועלט גייט צו אַ נייער ציוויליזאַציע" (7 זייטן).
5) אַן אַנדער אַנטיפאַשיסטישער אַרטיקל „ווען דער פאַשיזם שרעקט זיך פאַר געזאַנג" (5 זייטן).
6) „מוסטאפא" — אַ דערציילונג פון אַראַבישן לעבן אין פאַלעסטינע (6 זייטן).
7) „טורמע־אוניווערזיטעטן" — אַ דערציילונג וועגן פאַריזער יידישן קולטור־לעבן.
8) „אַנאָנסן" (פונעם ציקל אַרבעטסלאָזע) פון פאַריזער לעבן.
9) אַ פאַריזער רעפּאָרטאַזש ווו ער דעקט אויף די גאַנצע שיינקייט פונעם 12־טן אַראָנדיסמאַן (12 זייטן).

10) אַ דערציילונג („ליובטשע״ ? ) פון אַ פּאַריזער „פּאָ־מאַלניק״ (10 זייטן).

11) אַן אַנדער דערציילונג אָן אַ נאָמען, וועגן לעבן פון די אַנטלאָפּענע פּאַלעסטינער אין פּאַריז (10 זייטן).

12) „שטורעם איבערן בעלוויל״ (6 זייטן)

13) „אויף דער נאָטר דאַם בריק״ — סקיצע (9 זייטן).

14) „אַ חוב״ — דערציילונג פון אַ רייזע פון וואַרשע קיין פּאַריז.

15) „די לעצטע רייזע״ — אַ דערציילונג וועגן אַ יידיש־שפּאַנישן מיליציאָנער.

אינעם זעלבן פּעקל כתבים געפינט זיך אַ נייער ראָמאַן, וועלכער האָט געזאָלט הייסן „געבונדענע אָדלער״. אינעם ראָמאַן האָט ער, זעט אויס, געשילדערט „דאָס יידישע לעבן אין וואַרשע אויפן פאָן פון אַ גאַנצער ריי יידישע ישובים אין פּוילן״. דער שריפטשטעלער נעמט זיך פאַר פאַרצושטעלן אַלס די הויפּט־זאַך, דעם מענטשן, דעם לעבע־דיקן, דעם פּאַשעטן פאָלקס־מענטש „מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות״.

דורך די דריי הויפּט־העלדן: בערטשע — זון פון בעל־מלאכה, אברהם — דעם באַלעבאַטישן זון, און גאַוורילוש — דאָס גאָסן־קינד, באַמיט זיך י. שפּאַן צו „פּאַרטיפן אין דער נשמה פון מענטש, אַרויסברענגען זיינע ליידן און פריידן, ברענגען צום אויסדרוק די געזעלשאַפטלעכע קאַמפן, דורך די טאָוונגען פון מענטש, דורך זיינע טראַכטענישן, ראַנגלע־נישן, קאָנפליקטן.

# אינהאלט:


מאַרק שאַגאַל — צייכענונג

הקדמה

ג. קעניג — דער פּאַריזער יידישער שרייבער־פאַרבאַנד ביז דער מלחמה 14

מ. שולשטיין — יידישע שרייבער אין פּאַריז בעתן קריג 17

דר. ח. סלאָוועס — זייער ירושה 24

ב. שלעווין — דאָס לעבן און שאַפן פון אהרן בעקערמאַן 26

ג. קעניג — אהרן בעקערמאַנס טאָג־בוך בעתן קריג 35

אהרן בעקערמאַן — פון זיינע שריפטן 65

מ. ליטווין — דער דיכטער פון אַלטעגלעכער העלדישקייט 74

י. שטאַמפּאַטער — מ. דזשאַלאָווסקי אין וואַרשע און אין פּאַריז 80

יהודית קאַלמאַן — מיט דזשאַלאָווסקי אין דראַנסי 81

מ. דזשאַלאָווסקי — פון זיינע שריפטן 83

חיל אַראָנסאָן — עוזר וואַרשאַווסקי און זיין סביבה 91

י. וואַגמאַן — דער רעאַליזם פון עוזר וואַרשאַווסקי 97

עזר וואַרשאַווסקי — פון זיינע שריפטן 99

י. מאַניטש — ברוך ווינאָגורא — דער ליטעראַטור־קריטיקער 109

ב. וונאָגורא — פון זיינע שריפטן 113

אברהם ווייץ — דער שאַפערישער וועג פון וו. וועוויאָרקע 120

וו. וועוויאָרקע — פון זיינע שריפטן 124

י. ספּערא — פון גאָט צו מענטש (דער וועג פון מוניע נאַדלער) 129

מוניע נאַדלער — פון זיינע שריפטן 137

י. פינער — דער רעפּאָרטאַזשן־שרייבער ט. עלסקי 145

ט. עלסקי — פון זיינע שריפטן 148

ק. בענעק — דער וועג פון דוד פליסקין 154

א. בערן — דער צאַרטער קינדער־דיכטער 159

מ. דלוזשנאָווסקי — דאָס קינדער־מעשהלע איז אויסגעגאַנגען 161

דוד פליסקין — פון זיינע שריפטן 163

י. ספּערא — יאָסל צוקער — דער מענטש און שרייבער 167

י. מאַניטש — דער שאַפונגס־וועג פון יאָסל צוקער 173

יאָסל צוקער — פון זיינע שריפטן — — — — — — — — — — — — — — — — — 177
ב. שלעווין — י. ש. צענדאָרף — ווי איך האָב אים געזען — — — — — — — — — — 183
י. ש. צענדאָרף — פון זיינע שריפטן — — — — — — — — — — — — — — — — 187
לילי בערגער — חנה קאָוואַלסקא — — — — — — — — — — — — — — — — — 192
חיל אַראָנסאָן — באַגעגענישן מיט חנה קאָוואַלסקא — — — — — — — — — — — 198
חנה קאָוואַלסקא — פון אירע שריפטן — — — — — — — — — — — — — 200
ב. שלעווין — דער זוכער פון רעוו. רעאַליזם — — — — — — — — — — — 202
כלאָוינע קאַגאַן — פון זיינע שריפטן — — — — — — — — — — — — — — — 207
ב. יאַקאָבי — דוד קוטנער, דער זשורנאַליסט און געזעלשאַפטלעכער טוער — — — 214
ה. גאָלדפינגער — דערינערונגען וועגן דוד קוטנער — — — — — — — — — — 220
דוד קוטנער — פון זיינע שריפטן — — — — — — — — — — — — — — — — 222
מ. שולשטיין — יאַנקל שפּאַן — — — — — — — — — — — — — — — — — 125
י. שפּאַן — פון זיינע שריפטן — — — — — — — — — — — — — — — — — 230
דוד דיאַמאַנט — ווי אַזוי עס זענען אָפּגעפונען געוואָרן די מאַנוסקריפּטן פון די אומגעקומענע — — — — — — — — — — — — — — 239